# די געשיכטע פון בונד

## ערשטער באַנד

רעדאַקציע: ג. אַראָנסאָן, ס. דובנאָוו־ערליך, י. ש. הערץ,
ע. נאָוואָגרודסקי, ח. ש. קאַזדאַן, דר. ע. שערער

צוגעגרייט צום דרוק — י. ש. הערץ

ניו־יאָרק, 1960

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט פון דער רעדאַקציע

מיר הויבן אָן פאַרווירקלעכן אַ שווערע און וויכטיקע אויפגאַבע — אַרויסגעבן די געשיכטע פון בונד. דעם ערשטן באַנד גיבן מיר איצט איבער אין די הענט פון די לייענער.

מיט זײַנע אידייען און מעשים האָט דער אַלגעמײַנער יידישער אַרבעטער־בונד דערהויבן גייסטיק און מאַטעריעל, פּאָליטיש און קולטורעל די יידישע אַרבעטערשאַפט און די ברייטע פאָלקס־מאַסן. מיטן אויפקום פון בונד האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין יידישן לעבן — די עפּאָכע פון פּאָליטישן קאַמף און פון קולטורעלער פאַרוועלטלעכונג.

דורכן בונד האָבן די יידישע אַרבעטער זיך קאָנסטיטואירט ווי אַ קלאַס מיט אַן אייגן פּנים, מיט אַן אייגענעם וועלט־בליק, און זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט אין דעם פּראָצעס פון דערוואַכונג און רענעסאַנס פון יידישן פאָלק. דורכן בונד איז די יידישע אַרבעטערשאַפט געוואָרן אַ גליד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר אַזאַ ענדערונג פונם וועלט־סדר, אַז אַלע מענטשן און אַלע פעלקער זאָלן קענען לעבן אין פרייהייט, וואוילשטאַנד און שלום. ווי אַ טייל פון דער אונטערדריקטער יידישער נאַציע, און ווי אַ טייל פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס, האָט דער בונד צונויפגעפלאָכטן זיין קאַמף פאַר דער חשיבות פון יידישן אַרבעטער, פאַר די רעכט פון יידישן אַרבעטס־מענטש און פאַר די רעכט פון יידישן פאָלק מיטן אַלגעמיינעם געראַנגל פון אַלע אונטערדריקטע און באַפרייאונג.

אָנגעהויבן אין מזרח־אייראָפּע, אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט די בונדישע באַוועגונג באַלד אַריבערגעשפּרייזט די לאַנד־גרענעצן און משפּיע געווען אומעטום, וואו עס האָבן געלעבט און געקעמפט יידישע אַרבעטער. במשך צענטליקער יאָרן האָבן די בונדישע אידייען און אָרגאַניזאַציעס צעאַקערט און באַפרוכפּערט דאָס יידישע פאָלקס־לעבן. אויך הײַנט ווירקט דער בונד אין כמעט אַלע לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטקייט.

***

צוזאַמען מיט זיין פאַרגעשיכטע האָט דער בונד שוין הינטער זיך דריי דורות. ס׳איז דעריבער די העכסטע צייט צו שרייבן זיין געשיכטע, בפרט, אַז די תקופה נעמט אַרום צייטן מיט פעסט־אָפּגעשלאָסענע פּעריאָדן.

צו דער געשיכטע פון בונד זיינען פאַראַן אַ סך מאַטעריאַלן: זכרונות, מאָנאָגראַפיעס וועגן באַזונדערע פּעריאָדן אָדער צווייגן פון דער באַוועגונג,

אַ שלל ידיעות אין דער פרעסע, פּראָטאָקאָלן און מאַנוסקריפּטן. ביז־איצט איז אָבער נאָך נישט דערשינען אַ ווערק, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע געשיכטע פון בונד, אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער. אַזאַ געשיכטע ווילן מיר צוגרייטן — די ערשטע אַלגעמיינע געשיכטע פון בונד.

די געשיכטע פון בונד וועט געשריבן ווערן אויפן סמך פון מאַטעריאַלן — סיי פון שוין־פאַרעפנטלעכטע ביכער און פרעסע, סיי פון קוואַלן, וואָס געפינען זיך אויסשליסלעך אין דעם בונד־אַרכיוו און זיינען נאָך נישט געוואָרן ביז־איצט אויסגענוצט. אַלץ, וואָס ווערט אַריינגענומען אין דער געשיכטע, שטיצט זיך אויף באַגלויביקע מקורים. די נאָענטקייט פון די מחברים צו דער באַוועגונג פאַרלייכטערט די אויפגאַבע פון אָפּשאַצן און אָפּקלייבן מאַטעריאַלן און מיט דעם פאַרהיטן פון פעלערן, וואָס עס זיינען מסוגל צו מאַכן מענטשן, וועלכע קענען די באַוועגונג בלויז פון דרויסן. אַ דאַנק דעם, האָפן מיר, וועט געלינגען צו געבן אַ ריכטיק און פול בילד וועגן אַלע אַספּעקטן פון דער בונדישער באַוועגונג — אויך אַזעלכע, וואָס ס'איז מעגלעך צו באַמערקן נאָר פון אינעווייניק.

די געשיכטע פון בונד ווערט נישט געשריבן פון איין מחבר. ס'איז אַ ווערק פון אַ קאָלעקטיוו, אין וועלכן ס'זיינען באַטייליקט אַ צאָל מחברים און די רעדאַקציע־קאָלעגיע. די געשיכטע וועט, אָן ספק, זיין גרינטלעכער, ריכטיקער און בעסער, ווען די באַזונדערע פּעריאָדן וועלן שרייבן מחברים, וואָס קענען צום בעסטן די צייט און די באַדינגונגען.

הגם געשריבן פון פיל מחברים, איז עס איין ווערק. די געשיכטע פון בונד איז פאַרטראַכט און ווערט געשריבן ווי איין גאַנצקייט — איינהייטלעך אין פּלאַן, אין סטרוקטור, אין אידייע. וועגן דער איינהייטלעכקייט און גאַנצקייט פון דעם ווערק זאָרגט די רעדאַקציע און איר סעקרעטאַר. די פאַרשידנאַרטיקייט איז געבליבן בלויז אין אינדיווידועלן סטיל פון די באַזונדערע שרייבער.

די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט אויף אַ ריי זיצונגען דורכגעפירט אויספירלעכע און אַלזייטיקע דיסקוסיעס וועגן צוזאַמענשטעל און די באַזונדערע טיילן פון דעם גאַנצן ווערק, וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט שרייבן די געשיכטע. אין רעזולטאַט פון דעם מיינונגס־אויסטויש איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער, דעטאַליזירטער פּלאַן פון דעם גאַנצן ווערק.

לויטן דאָזיקן פּלאַן וועט די געשיכטע פון בונד דערשיינען אין 6 בענדער, וואָס וועלן זיין אַזוי איינגעטיילט:

ערשטער באַנד — ערב־בונד און די ערשטע יאָרן פון בונד ביז 1903.

צווייטער באַנד — פון 1903, די ערשטע רוסלענדער רעוואָלוציע פון 1905 און די צייט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דריטער באַנד — די ערשטע וועלט־מלחמה און די צווייטע רוסלענדער רעוואָלוציע.

פערטער און פינפטער באַנד — צווישןביידע וועלט־מלחמות (1919—1939).

זעקסטער באַנד — די יאָרן פון חורבן און ווידערשטאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און די צייט נאָך איר.

די רעדאַקציע־מיטגלידער — ג. אַראָנסאָן, ס. דובנאָוו־ערליך, י. ש. הערץ, ע. נאָוואָגרודסקי, ח. ש. קאַזדאַן, דר. ע. שערער — האָבן געלייענט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס גייט אַריין אין ערשטן באַנד, אים דעבאַטירט אויף אַ צאָל זיצונגען און געמאַכט פאַרשידענע באַמערקונגען און פאָרשלאָגן. דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע — י. ש. הערץ — האָט נאָכגעזען די מאַטעריאַלן, דערגאַנצט און רעדאַגירט די מאַנוסקריפטן.

***

דאָס אָנשרייבן און אַרויסגעבן די זעקס־בענדיקע געשיכטע פון בונד איז פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. דער ספּעציעלער געשיכטע־קאָמיטעט פאַרנעמט זיך מיט שאַפן דעם נייטיקן פאָנד. ביז־איצט האָבן שוין בייגע־שטייערט: די אָטראַן־פאַונדיישאָן, דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוועס און אַ צאָל ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג, ווי אויך יחידים — בונדיסטן און פריינט פון בונד.

מיר שטייען ערשט ביים אָנהייב. אַ דאַנק די ביז־איצט געשאַפענע מיט־לען זיינען מיר געווען בכוח צו לאָזן אין גאַנג די אַרבעט, אַרויסגעבן דעם ערשטן באַנד און אָנהייבן די אַרבעטן פאַר ווייטערדיקע בענדער. כדי מיר זאָלן קענען דורכפירן די אונטערגענומענע אויפגאַבע ביז אַ דערפאָלגרייכן סוף, מוז געשאַפן ווערן דער נייטיקער פאָנד. ס׳זיינען נאָך פאַראַן פיל פריינט־לעכע אָרגאַניזאַציעס און יחידים — בפרט בונדיסטן — וואָס דאַרפן ביי־שטייערן זייער חלק צום פאָנד און מיט דעם מעגלעך מאַכן צוגרייטן און אַרויסגעבן די ווייטערדיקע בענדער פון דעם גרויסן ווערק. מיר גלויבן, אַז מיט אונז וועלן קאָאָפּערירן אַלע, וואָס האָבן די פליכט מיטצוהעלפן אַרויס־געבן די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אונטער דער פאָן פון בונד.

***

מיר מוזן לסוף דערמאָנען די באַדינגונגען, ביי וועלכע די פיל־בענדיקע געשיכטע ווערט צוגעגרייט און אַרויסגעגעבן. ס׳ווערט 15 יאָר זינט ס׳האָט זיך געענדיקט די צווייטע וועלט־מלחמה, ווען ס׳איז פאַר אַלעמען קלאָר און בולט געוואָרן דער טראַגישער אומקום פונם ווייט־גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אייראָפּע. דער בונד האָט געטיילט דעם גורל פון יידישן פאָלק. דאָס וואָס ער האָט אויפגעטאָן, טאָר אָבער נישט פאַרגעסן ווערן אָדער בלייבן צעשטויבט אין אומצאָליקע שריפטן. זיינע מעשים זיינען

געווען די קאָלעקטיווע טאַט פון דער אויפגעוואַכטער יידישער אַרבעטער־שאַפט, פון ברייטע פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן מיט מסירת־נפש און העראָאיזם געקעמפט פאַר אַ בעסער לעבן און פאַר די העכסטע אַל־מענטשלעכע אי־דעאַלן פון סאָציאַליזם, פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער פרייהייט.

מיטן אַרויסגעבן די געשיכטע פון בונד ווערט אָפגעצאָלט אַ חוב, וואָס מיר אַלע זיינען שולדיק דורות יידישע סאָציאַליסטן. ס'איז אַ חוב צו די העלדן און מאַרטירער, וואָס זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אין די קאַזעמאַטן און האָבן אויסגעהויכט זייערע לעבנס אויף די תליות אין צאַרישן רוסלאַנד; צו די טויזנטער קעמפער, וואָס האָבן געשמאַכט אין די תפיסות און מיט זייער בלוט געצייכנט די לאַנגע עטאַפּ־וועגן — פון די שטעט און שטעטלעך אין תחום־המושב ביז די סיבירער טייגעס און אויך צו אַלע, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי — די קרבנות פון בלוטיקן סטאַלין־רעזשים. און מיט זיי פאַרבונדן אויף לעבן און טויט — דורך אידייען און חברשאַפט, העראָאיזם און קרבנות — זיינען די אומצאָליקע מחנות אַלטע און יונגע חברים און חברטעס, וואָס זיינען אומגעקומען אין די רייען פון אונטערערדישן בונד און אין די ווידערשטאַנדן און אויפשטאַנדן אין די געטאָס, אין די גאַז־אויוונס און טויט־לאַגערן פון דייטשן נאַציזם. ס'איז זייער עפּאָפּייע. זייערע מחשבות און מעשים ווערן פאַרצייכנט אין דער געשיכטע.

אין דער איצטיקער גורל־שווערער צייט פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר אונזער פאָלק בפרט איז די געשיכטע פון בונד נישט בלויז אַ בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך אַ קוואַל פאַר היינטיקע און קומענדיקע דורות צו שעפּן דערמוטיקונג און באַגייסטערונג צום קאַמף פאַר אַ גערעכטן און ערלעכן וועלט־סדר. מיטן אַרויסגעבן די געשיכטע פון בונד ווערט דערפילט אַ חוב לגבי דעם נעכטן, דעם היינט — און אויך דעם מאָרגן.

# אינהאַלט:

# הקדמה

די גרינדונג פון בונד אין 1897 איז אַ וויכטיקער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן ערב דעם 20־טן יאָרהונדערט. אַ נייער סאָציאַלער שיכט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַדאַנק טיפע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענדערונגען אין רוסלאַנד, איז אַרויסגעשוואומען אויף דער היסטאָרישער אויבערפלאַך מיט זיינע אידייען און פאָדערונגען.

דער בונד איז אַרויסגעוואַקסן פון די באַדינגונגען פון יידישן לעבן, אָבער ער איז געקומען אויף דער היסטאָרישער אַרענע מיט געדאַנקען און פאָדערונגען, וואָס זיינען געשטאַנען צו זיי אין שאַרפסטן ווידערשפּרוך.

ווי יעדע אָרגאַנישע סאָציאַלע באַוועגונג זיינען די וואָרצלען פון בונד געוואַקסן במשך אַ פאַרגייענדיקער תקופה. אָנהייבנדיק פון די ערשטע סאָציאַליסטישע קרייזלעך אין דער צווייטער העלפט 70־קער און תחילת 80־קער יאָרן, דרינגען די אידייען, וואָס זיינען דערנאָך געוואָרן אַ טייל פון בונדישן פּראָגראַם, אַלץ טיפער אַריין אינם באַוואוסטזיין פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע.

אַזעלכע לאָזונגען, ווי סאָציאַליזם אַלס די בעסטע פאָרם פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן; נויטווענדיקייט פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג; קאַמף פאַר מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער ווירדע; קאַמף מיט דעם איינגעשטעלטן געזעלשאַפטלעכן סדר און טראַדיציע; חשיבות פאַר יידיש, ווי די שפּראַך פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע — תחילת צוליב פּראַקטישע טעמים פון פירן צווישן איר סאָציאַליסטישע אויפקלערונג, שפּעטער ווי אַ קולטור־ציל פאַר זיך, — אָט די אידייען קאָן מען צום טייל שוין געפינען אין דעם יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק פאַר דער גרינדונג פון בונד. זיי זיינען אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין די מוחות און הערצער פון זיינע פאָרגייער און גרינדער.

דער בונד איז געקומען ווי אַ נאַטירלעכע, רייפע פרוכט אין יידישן לעבן און איז געווען דער לעצטער רינג אין דער קייט פון אַ געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס אירע התחלות גרייכן צו די 70־קער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. די גרינדער פון בונד האָבן דעם דאָזיקן סאָציאַלן פּראָצעס דערפירט צו זיין לעצטער היסטאָרישער און לאָגישער קאָנסעקווענץ. זיי האָבן אים געגעבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם אין געשטאַלט פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי — די ערשטע אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע.

ערשטער קאַפּיטל

# דער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט

## I

## די פּאָליטיש־רעכטלעכע לאַגע:

### 1. די תקופה פון רעפאָרמען (1855 — 1865) בעת אַלעקסאַנדער דעם צווייטן

דער גרויזאַמער רעזשים פון רוסישן צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, וואָס האָט במשך 30 יאָר (1825 — 1855) געהאַלטן אין אייזערנעם קלעם די יידן אין רוסלאַנד, איז אין אַ געוויסער מאָס געמילדערט געוואָרן דורך זיין נאָכפאָלגער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן (1855 — 1881). ס'זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די שרייענדיקסטע גזירות, ווי דער קאַנטאָניסטן־סיסטעם, לויט וועלכן יידישע קינדער און יוגנטלעכע זיינען גענומען געוואָרן צום דינען אין מיליטער 25 יאָר, און דער מאָסקווער געטאָ פאַר צוגערייזטע יידישע סוחרים; ס'איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט דאָס געזעץ וועגן „ראַזבאָרן" פון 1851, וואָס האָט צעטיילט די יידן אויף „נוצלעכע" און „אומנוצלעכע" און האָט געדראָט מיט שווערע עקאָנאָמישע פאָלגן דעם איבערוועגנדיקן רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג. ס'זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן פאַרלייכטערונגען פאַר געוויסע קאַטעגאָריעס יידן, אין הסכם מיט דער רעגירונגס־פּאָליטיק צו באַלוינען „נוצלעכע" און באַשטראָפן „שעדלעכע" טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס געזעץ פון 16־טן מערץ 1859 האָט דערלויבט יידישע סוחרים פון דער ערשטער גילדיע ווי אויך זייערע משפחות מיט אַ באַגרענעצטער צאָל דינערשאַפט און אָנגעשטעלטע זיך צו באַזעצן אין די אינערלעכע רוסישע גובערניעס מיטן תנאי, אַז זיי וועלן ווייטער במשך פון וויניקסטנס 10 יאָר צאָלן די ערשטע גילדיע. מ'האָט דערלויבט „יידן וואָס האָבן דיפּלאָמען אויף דאָקטאָר־מעדיצין, כירורגיע, אָדער אויף דאָקטאָר, מאַגיסטער, קאַנדידאַט פון אַן אַנדער פאַקולטעט, אַז זיי מעגן אָנקומען אויף שטעלעס אין אַלע אַמטן אויך מחוץ דעם יידישן תחום; זיי

מעגן אויף שטענדיק וואוינען אומעטום אין דער אימפעריע און באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און אינדוסטריע". ערשט אין 1879 האָט מען דאָס דאָזיקע וואוינרעכט געשענקט אַלע יידן מיט העכערער בילדונג, אומאָפּהענגיק פון דעם טיפּ דיפּלאָם, בכן אויך דענטיסטן, פעלדשערס, הייבאַמען. די כוונה דערביי איז געווען, אַז דורך דעם וועט די יידישע יוגנט קומען מער אין באַ־רירונג מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און במילא וועט אָפּגעשוואַכט ווערן די „שעדלעכע יידישע אָפּזונדערונג". אין 1865 האָבן באַקומען דאָס רעכט צו וואוינען מחוץ תחום אַלע בעלי־מלאכות און אַלע נידעריקע מילי־טערישע ראַנגעס, וואָס האָבן פאַרענדיקט זייער דינסט.

די געזעצן לטובת גרויסע סוחרים און דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ האָבן אין אָנהייב געהאַט אַ שייכות צו אַ זייער דינעם שיכט פון דער יידישער באַפעלקערונג. געניג אָנצואווייזן, אַז אין יאָר 1859 האָבן זיך אין גאַנצן תחום־המושב געפונען סך־הכל 108 יידישע סוחרים פון דער ערשטער גילדיע. קליין איז אויך געווען די צאָל מיט אוניווערזיטעט־בילדונג. וואָס שייך די האַנט־ווערקער, האָבן זיי צוליב זייער גרויסער אָרימקייט כמעט ווי נישט אויסגענוצט די רעכט, וואָס דאָס געזעץ האָט זיי געגעבן. צו דעם איז נאָך דאָס געזעץ געווען געבונדן מיט אַזוי פיל יורידישע „שטריקלעך", אַז דער יידישער בעל־מלאכה, וואָס האָט אויסגעוואַנדערט אין די גובערניעס מחוץ דעם תחום־המושב, איז געווען אין גאַנצן אָפּהענגיק פון פּאָליצייאישע אויסטייטשונגען פון געזעץ. דאָס האָט אומגעהויער באַשווערט די עקזיסטענץ פון דעם יידישן בעל־מלאכה און זיין פאַמיליע אין נייעם וואוינאָרט. די קליינע צאָל פאַרמעג־לעכע האַנטווערקער האָבן נישט געהאַט קיין סיבה צו פאַרלאָזן דעם תחום־המושב און זיך באַזעצן אין אַ ווילד פרעמדער סביבה.

אין דעם דאָזיקן 10־יעריקן פעריאָד פון „גרויסע רעפאָרמען" איז אויף צוויי געביטן — אויפן געביט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג און געריכט־וועזן — לכל הפחות טעאָרעטיש פעסטגעשטעלט געוואָרן דער פּרינציפּ פון גלייכבאַ־רעכטיקונג פאַר יידן. די דאָזיקע צוויי נייע געזעצן האָבן נישט פאַרויסגעזען קיין שום באַגרענעצונגען פאַר יידן. אייניקע יידן האָבן זיך אַרויסגערוקט אין די „זעמסטוועס", געריכט און פּראָקוראַטור. אין דער אַדוואָקאַטור הייבן אָן יידישע יוריסטן צו פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ, יידן נעמען אויך אָנטייל ווי געשוואוירענע אין די רעפאָרמירטע געריכטן.

מיט די דאָזיקע און אַ פּאָר אַנדערע ברעקלעך, וואָס זיינען אַראָפּגעפאַלן פון רעפאָרם־טיש פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט זיך אויסגעשעפּט די טראָפּנווייז־געשענקטע פאַרלייכטערונג פון דעם רעכטלעכן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע „ליבעראַלע" פּאָליטיק האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין דער צווייטער העלפט פון די 60־קער און אין די 70־קער יאָרן — נאָכן אונטערדריקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863־4 און אין שייכות מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועג־גונג, — האָבן זיך סיי אין דער רעגירונג, סיי אין דער רוסישער געזעלשאַפט פאַרשטאַרקט די רעאַקציאָנערע כוחות. אויפן יידישן אָפּשניט האָט די דאָ־

זיקע ווענדונג באַקומען איר אויסדרוק נישט בלויז אין דעם, וואָס ס'איז לחלוטין פאַרוואָרפן געוואָרן די פריערדיקע פּאָליטיק פון בהדרגהדיקן אָפּ־שאַפן די אויסנאַם־געזעצן, נאָר ס'האָט זיך אויך אַלץ מער פאַרשטאַרקט די טענדענץ פון באַגרענעצן די רעכט, וואָס מען האָט שוין פריער, אין דעם רעפאָרם־פּעריאָד, געהאַט געשענקט (אַן אויסנאַם איז דאָס געזעץ פון 1879, וואָס האָט געגעבן וואוינרעכט אויסערן תחום אַלע יידן מיט העכערער ביל־דונג).

די פריערדיקע מאָטיווירונגען פון דער רעפּרעסיע־פּאָליטיק לגבי יידן בעת דער ממשלה פון ניקאָלאַי דעם ערשטן זיינען געווען: כלומרשטע עקס־פּלואַטאַציע פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַקטיש גע־מיינט ווירטשאַפטלעכע קאָנקורענץ צווישן יידישן און קריסטלעכן סוחר און בעל־מלאכה, און יידישער פאַנאַטיזם — דער פאַקט, וואָס יידן האָבן נישט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אייגנאַרט און זיך „צו־זאַמענגיסן" מיט זייערע קריסטלעכע שכנים. צו דעם איז אין די 70־קער יאָרן צוגעקומען אַ נייער מאָטיוו: די געפאַר פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאַרן הערשנדיקן רעזשים, וואָס דער יידישער אָנטייל אין איר איז בכוונה אויפגעבלאָזן געוואָרן.

אין דעם נייעם געזעץ פון 1870 איז יורידיש סאַנקציאָנירט געוואָרן די נאָרמע פון אײן דריטל פאַר נישט קריסטלעכע ראַטמענער אין די אָרגאַנען פון דער מוניציפּאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג און יידן זיינען אויסגעשלאָסן גע־וואָרן פון דעם רעכט צו פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון בירגערמייסטער. שפּע־טער האָט מען אויך פאַרערגערט, וואָס שייך יידן, די געזעצן וועגן געשוואוירענע ריכטער און מיליטער־דינסט.

אַפילו די איינציקע פּאָזיטיווע ירושה פון די ציַיטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן — דאָס באַגינסטיקן יידישע קאָלאָניזאַציע אין ניי־רוסלאַנד (כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס) — איז פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין אָנהייב פון רעאַקציע־פּעריאָד איבערגעשטראָכן געוואָרן. היות ס'איז שוין נישט געווען קיין נויטווענדיקייט צו סטימולירן קאָלאָניסטן זיך צו באַזעצן אויף די דאָזיקע שטחים, האָט די רעגירונג אין יאָר 1866 אָפּגע־שטעלט דאָס וויטערדיקע באַזעצן זיך פון יידן אין לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָ־לאָניעס. אַ ביסל שפּעטער האָט מען ביי די אַלטע יידישע קאָלאָניסטן צו־גענומען אַ גרויסן טייל פון זייער באָדן און דאָס צעטיילט צווישן די קריסטלעכע פּויערים.

פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון די רעאַקציאָנערע יידן־פיינטלעכע שטימונ־גען אין דער רעגירונג און אין דער רוסישער געזעלשאַפט אין די 70־קער יאָרן זיינען סימפּטאָמאַטיש דער פּאָגראָם אין אָדעס אין 1871 און דער עלילת־דם פּראָצעס אין יאָר 1879 אין קוטאַאיסער גובערניע (קאַווקאַז) — דער ערשטער ריטועלער פּראָצעס אין דעם רעפאָרמירטן געריכט.

## 2. פּאָגראָמען און פאַרשטאַרקטע רעאַקציע אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און ניקאָלאַי דעם צווייטן

דעם 1 (13) מערץ 1881 האָט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ (פאָלקס־ווילן) אויסגעפירט איר טויט־אורטייל אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. דער דאָזיקער הויכפּונקט אין דער כוואַליע פון רעוואָלוציאָנערן טעראָר האָט געעפנט אַלע דאַמבעס פון דער געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע, וואָס האָט זיך מיט ברוטאַלער קראַפט צעגאָסן איבער גאַנץ רוסלאַנד און האָט אַריינגעשלעפּט די יידישע באַפעלקערונג אין תהום פון בלוטיקע פּאָגראָמען, הפקרות און רעכטלאָזיקייט.

פון 15־טן אַפּריל (ערשטער פּאָגראָם אין יעליסאַוועטגראַד) ביזן 22־טן יולי 1881 (פּאָגראָם אין ניעזשין) האָבן געליטן פון די פּאָגראָמשטשיקעס העכער הונדערט יידישע ישובים. די מאַכט האָט זיך אין רוב פאַלן פאַרהאַלטן פּאַסיוו (נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט די פּאָגראָם־אָרגאַניזאַטאָרן), אין בעסטן פאַל וואַקלדיק, וואָס האָט די כוליגאַנעס צוגעגעבן מוט און געהאָלפן פאַר־שפּרייטן צווישן פינצטערן המון דעם קלאַנג וועגן „אַ צאַרישן באַפעל" צו שלאָגן יידן, ווי אַ נקמה־אַקט פאַר דער דערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן דורך יידן (אין דער גרופּע טוער פון נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, וואָס האָט געגרייט דעם אַטענטאַט אויפן צאַר, האָט זיך אויך געפונען די יידישע רע־וואָלוציאָנערין העסיע העלפמאַן).

נאָך אַ קורצער פּויזע האָבן זיך פּסח־צייט 1882 ווידער אָנגעהויבן פּאָגראָמען אין אייניקע שטעטלעך פון פּאָדאָלער און כערסאָנער גובערניעס. דעם בלוטיקן סיגנאַל האָט געגעבן דער אַכזריותדיקער 3־טאָגיקער פּאָגראָם אין פּאָדאָליער שטעטל באַלטע (29־31 מערץ) מיטן דירעקטן אָנטייל פון דער אָרטיקער מאַכט.

די פּאָגראָם־סטיכיע האָט נאָך געבושעוועט במשך דעם יאָר 1883, וואָס האָט געהאַט צו פאַרצייכענען, חוץ קלענערע, די פּאָגראָמען אין ראָסטאָוו (10־טן מאַי), יעקאַטערינאָסלאַוו (20־טן יולי), נאָוואָ־מאָסקאָווסק (4־טן סעפּ־טעמבער) און אין 1884 — אין ניזשני נאָווגאָראָד (7־טן יוני).

די פּאָגראָמען זיינען געווען פריער געפּלאַנט, צוגעגרייט און אָרגאַניזירט. אין פיל פאַלן האָבן די פּאָגראָם־אַקציע אָנגעהויבן ספּעציעלע באַנדעס, וואָס זיינען מיט דער באַן געקומען פון דער פרעמד. די אָרטיקע און אויך די צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געוואוסט ווען דער פּאָגראָם וועט זיך אָנהייבן — זיי האָבן עס געוואוסט פון די אָרגאַניזאַטאָרן גופא. אויך די יידן האָבן עס געוואוסט, ווייל די כוליגאַנישע רעדל־פירער האָבן אין אַ ריי ערטער פריער אָנגעזאָגט די פינצטערע בשורה. די רעגירונג־אָרגאַנען האָבן אומעטום גע־האַט גענוג פּאָליציי און מיליטער נישט צו דערלאָזן אָדער באַלד דערשטיקן די פּאָגראָמען, זיי האָבן עס אָבער נישט געטון. אין אַ צאָל ערטער האָבן זיי נישט געלאָזט די יידישע זעלבסטשוצן שטעלן אַ ווידערשטאַנד. צוקוקנדיק זיך גלייכגילטיק און אָפט מיט סימפּאַטיע צו די הריגות, רויבערייען און צע־

שטערונגען, האָבן פּאָליצײ און מיליטער באַוויזן אַ שטאַרקע האַנט ערשט נאָך דעם, ווי די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן במשך עטלעכע טעג פֿראַנק און פֿרײ געטון זײער פֿאַרברעכערישע מלאכה.

די אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט אָפֿן געהעצט קעגן ייִדן און באַרעכטיקט די פּאָגראָמען, ווי אַן אויסדרוק פֿון „פֿאָלקס־צאָרן". די צאַרישע רעגירונג, וועלכע האָט געטראָגן די הויפּט־פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר די פּאָגראָמען, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען מיט איר וויסן און לויט איר ווילן, האָט געפּרואווט אײַנרײדן, אַז די פּאָגראָמען האָבן געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון אַ „פֿאָלקס־משפּט" איבער דער פֿאַרזינדיקטער ייִדישער באַפֿעלקערונג. זי האָט גע־האָלפֿן שפּייזן די טעאָריע וואָס איז אַנטשטאַנען אויפֿן באָדן פֿון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, אַז ייִדן עקספּלואַטירן די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג און טוען איר אָפּ כלערליי עוולות. און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, די דאָזיקע טעאָריע האָבן אויך לאַנסירט טײלן פֿון דער רעוואָלוציאָנער־טעראָריס־טישער אָרגאַניזאַציע נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ — אויף דעם פּונקט האָבן די טויט־שונאים זיך געגעבן די הענט.

נאָך די בלוטיקע פּאָגראָמען, דורכגעפֿירט מיט די הענט פֿון המון, האָט די רעגירונג זיך גענומען אַליין דורכפֿירן אַ פּראָגראַם פֿון קאַלטע פּאָגראָמען. דער אינערן־מיניסטער איגנאַטיעוו האָט באַשלאָסן נאָך מער צו פֿאַרשמעלערן דעם תחום־המושב מיטן ציל כלומרשט צו פֿאַרהיטן די אָרטיקע קריסטלעכע באַפֿעלקערונג פֿון דער שעדלעכער ייִדישער עקספּלואַטאַציע. די „צײַטווײ־ליקע תקנות", באַשטעטיקט דורכן צאַר דעם 3־טן מאַי 1882, האָבן: 1) פֿאַר־ווערט ייִדן זיך צו באַזעצן אין דערפֿער; 2) פֿאַרווערט אַרויסצוגעבן אויפֿן נאָמען פֿון אַ ייִד קויף־אַקטן און אַרענדע־אָפּמאַכן אויף אומבאַוועגלעכע גיטער מחוץ די שטעט און שטעטלעך, און 3) פֿאַרווערט ייִדן צו האַנדלען זונטאָג און בעת גרעסערע קריסטלעכע חגאות.

די דאָזיקע דראַסטישע תקנות האָבן נישט בלויז פֿאַר דער ייִדישער באַ־פֿעלקערונג, וואָס איז געווען צונויפֿגעקוועטשט אין די שטעט און שטעטלעך פֿון דעם איבערבאַפֿעלקערטן תחום המושב, פֿאַרמאַכט דעם צוטריט צום דאָרף. אַפֿילו פֿאַר די ייִדן, וואָס זײַנען שוין פֿון דורות געזעסן אין די דערפֿער, איז געשאַפֿן געוואָרן אַזאַ סיטואַציע, אַז דורך כלערליי קונציקע יורידישע דריידלעך און ווילקירלעכע אויסטײַטשונגען האָט מען ביי זיי דאָס דאָזיקע רעכט לײַכט געקאָנט צונעמען. אַ ייִד האָט נישט געטאָרט זיך איבערציִען פֿון איין דאָרף אין אַ שכנותדיקן, אַפֿילו פֿון איין הויז אין אַ צווייטן אין דעם זעלביקן דאָרף. די פּאָליציייִשע סאַטראַפּן האָבן דאָס טוישן די דירה אויס־געטײַטשט, ווי אַ „באַזעצן זיך אויפֿסניי", וואָס איז דורך די רעגירונג־תקנות פֿאַרווערט. דאָרפֿישע ייִדן, וואָס האָבן געוואוינט נישט אין אייגענע נאָר אין געדונגענע הייזער, האָבן נישט געקאָנט באַנײַען די קאָנטראַקטן מיט זייערע בעלי־בתים, ווײַל דאָס איז געווען פֿאַרווערט. ס'פֿלעגט טרעפֿן, אַז די פּאָליציי האָט נישט אַרײַנגעלאָזט אין זייערע היימען דאָרפֿישע ייִדן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פֿון אַ נסיעה. דער תירוץ איז געווען, אַז דאָס הייסט זיך „אויפֿס־

ביי באַזעצן". די דאָזיקע ציניִשע שיקאַנעס האָט מען טיילמאָל אויך אָנגעווענדט לגבי ישובניקעס, וואָס האָבן נאָך די ימים־נוראים זיך אומגעקערט פון די שטעטלעך, וואוהין זיי זיינען געפאָרן דאַווענען בציבור. חוץ דעם האָבן די אַדמיניסטראַציע און די יידנפיינטלעכע עלעמענטן אין די דערפער טיילמאָל אָנגעווענדט לגבי יידן דאָס רעכט פון די דאָרפישע געמיינדעס אַרויסצושיקן „פאַרברעכערישע איינוואוינער".

צוליב דער ווילקירלעכער אויסטייטשונג פון די גענוג האַרבע „צייט־ווייליקע תקנות" מצד דער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע זיינען קרוב 10 טויזנט דאָרפישע משפחות בלויז אין פּאָלטאַווער און טשערניגאָווער גובערניעס גע־שטעלט געוואָרן פאַר דער געפאַר פאַרטריבן צו ווערן פון די דערפער.

ס'האָט אויסגעזען, ווי די רעגירונג וויל פאַרטרעטן די בלוטיקע פּאָגראָ־מען פון המון, וואָס זיינען געוואָרן פאַר איר אומבאַקוועם און געדראָט צו אַנאַרכיזירן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן, מיט פּאָגראָמען אין נאָמען פון געזעץ. די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע, וואָס האָט באַקומען איר גייסטיקן פירער אין דער פּערזאָן פון גענעראַל־פּראָקוראָר פון סינאָד קאָנסטאַנטין פּאָביעדאָנאָס־צעוו, האָט זיך פעסט באַזעצט אין זאָטל. פּראַוואָסלאַוויע און אַליינהערשאַפט זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן ווי די הויפּט־זיילן פון רעזשים. און אַ יסוד אין דער פּאָליטיק לגבי יידן איז געוואָרן דער פּרינציפּ פון צוריקגיין צו די אַלטע מאָסקוויטישע טראַדיציעס פון באַטראַכטן יידן ווי פרעמדע און פיינט פון קריסטנטום, נאָך דעם ווי די קורצדויערנדיקע „חסדפולע" פּאָליטיק פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט זיך אין די אויגן פון די צאַרישע מאַכטהאָבער אַרויסגעוויזן פאַר אַ פעלער.

פון אויבן האָט די מלוכה־מאַשין פּראָדוצירט אויסנאַם־געזעצן אין פולער שפע. די שטריק אַרום דעם תחום־המושב האָט זיך אַלץ פעסטער פאַר־צויגן: אין 1887 זיינען די גרויסע דרום־שטעט ראָסטאָוו אויפן דאָן און טאַגאַנראָג אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די גרענעצן פון תחום־המושב און עס איז פאַרווערט געוואָרן יידן זיך אין זיי צו באַזעצן. אין 1890 האָט די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבן, משמעות לויט אַ וואונק פון אויבן, פאַרוואַנדלען פיל־צאָליקע קליינע שטעטלעך אין דערפער, וואָס זיינען אַזוי אַרום געשלאָסן געוואָרן פאַר יידן. גלייכצייטיק איז געמאַכט געוואָרן אַ פרישער פּרוּוו צו פאַרטרייבן יידן פון דער 50־ווערסטיקער גרענעץ־זאָנע לענג־אויס די מערב־גרענעצן פון דער מלוכה.

מ'האָט זיך אויך אַ נעם געטאָן צו די יידן, וואָס האָבן אַדאַנק די פריער־דיקע געזעצן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן באַקומען וואוינרעכט אין די אינערלעכע גובערניעס. אין 1893 האָט דער אינערן־מיניסטער דורנאָוואָ צוריקגעצויגן דעם „אוקאַז" (באַפעל) פון 1880, וואָס האָט לעגאַליזירט די וואוינרעכט מחוצן תחום פאַר די אַלע יידן, וואָס האָבן שוין דאָרט געוואוינט, און די פּאָליציי האָט גענומען שטרענג בודק זיין זייער רעכט צו וואוינען אין די אינערלעכע גובערניעס. די דאָזיקע דערוואָרבענע רעכט זיינען דורך פּאָליציייִשע הפקרות געוואָרן כמעט אילוזאָריש. איבער טויזנטער יידישע

פאַמיליעס איז תמיד געהאַנגען די דאַמאָקלעס־שווערד פון אַ פּאָליציייִשן גירוש. אין די גרויסע צענטרען ווי קיעוו, מאָסקווע, פּעטערבורג האָט מען אַזוי לאַנג אויסגעטייטשט און איינגעטייטשט די געזעצן, ביז מען האָט אין זיי דערהרגעט זייער פּאָזיטיוון זין.

דער טראַגישער עפּילאָג פון דער דאָזיקער סיסטעמאַטישער אַקציע פון כסדרדיקן פאַרשמעלערן דעם באָדן אונטער די פיס פון דער יידישער באַפעל־קערונג איז געווען דער גירוש מאָסקווע (1891 — 1892), וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרויזאַמסטער אומברחמנותדיקייט. דער מאָסקווער גירוש האָט אַריינגעוואָרפן אין איבערבאַפעלקערטן תחום נייע קרוב 20,000 אויס־געוואָרצלטע און רואינירטע יידן (בערך אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין דער שטאָט).

די מלחמה־סטראַטעגיע קעגן יידן האָט נישט אויסגעמיטן קיין שום געביט, וואו מען האָט נאָר געקאָנט דערלאַנגען דעם ייד אַ פילבאַרן קלאַפּ. דער רעאַק־ציאָנערער „סטאַטוט וועגן זעמסקע אינסטיטוציעס" (1890) האָט צוגענומען ביי יידן, הגם זיי האָבן געצאָלט זעמסקע שטייערן, דאָס רעכט צו וויילן ראַט־מענער אין די אָרגאַנען פון דער זעמסקער (טעריטאָריאַלער) זעלבסט־פאַר־וואַלטונג.

דאָס מוניציפּאַלע געזעץ (שטאָט־תקנות) פון 1892, וואָס האָט פאַרניכטעט די עצם־אידייע פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג, האָט ביי יידן צוגענומען דאָס אַק־טיווע און פּאַסיווע וואַל־רעכט אין די שטאָט־דומעס. די לאָקאַלע אַדמיניס־טראַציע־אָרגאַנען האָבן אנשטאָט דעם געהאַט דאָס רעכט צו באַשטימען לויט זייער איינזען אַ געוויסע צאָל יידישע ראַטמענער, וואָס זייער צאָל האָט נישט געטאָרט איבערשטייגן איין צענטל פון דעם גאַנצן ראַטמענער־באַשטאַנד. דערביי האָבן די באַשטימטע יידן־ראַטמענער נישט געהאַט דאָס רעכט צו זיין פאַרטרעטן אין די אויספיר־אָרגאַנען פון דער שטאָט־דומע און אין אַנדערע שטאָט־קאָמיסיעס. אַזוי אַרום האָט מען ביי יידן צוגענומען דאָס רעכט צו האָבן זייערע געוויילטע פאָרשטייער אין די אָרגאַנען פון דער קאָמונאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וואו זיי האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל, הגם זייער צאָל איז אויך לויטן פריערדיקן מוניציפּאַלן געזעץ פון 1870 געווען באַגרע־נעצט צו איין דריטל פון אַלע ראַטמענער און זיי האָבן אויך נישט געטאָרט פאַרנעמען דעם אַמט פון בירגערמייסטער. די שרייענדיקע עוולה פון דעם דאָזיקן געזעץ איז נאָך בולטער, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אין אַ גרויסער צאָל שטעט אין תחום־המושב האָבן יידן געבילדעט אַן איבערוועגנדיקן רוב, און אין אייניקע ערטער 80 פּראָצענט און אַפילו מער. פאַר דעם געלט פון דעם יידישן שטייער־צאָלער האָט מען אויסגעהאַלטן די אַלגעמיינע שטאָטישע אַנשטאַלטן, מיט וועלכע יידן האָבן זיך בדרך כלל נישט באַנוצט און אויף צו באַפרידיקן די הצטרכותן פון די יידישע קהילות האָט מען גענומען פון ספּעציעלע יידישע שטייערן (אָפּצאָל פון פלייש, ליכט־שטייער א.אַ.).

אַ ריי געזעצן פון יענער צייט האָבן געהאַט די אויסשליסלעכע כוונה צו באַליידיקן און דערנידעריקן דעם ייד. דאָס געזעץ „וועגן נעמען" (1893)

האָט פֿאַרגעזען אַ קרימינעלע שטראָף פֿאַר ייִדן, וואָס וועלן זיך אין פּריוואַטן לעבן רופֿן מיט אַנדערע נעמען, ווי זיי זיינען פֿאַרשריבן אין די מעטריקע־ביכער. אין אייניקע ערטער האָט די פּאָליציי פֿאַרפֿירט פּראָצעסן קעגן ייִדן, וואָס האָבן גענוצט קריסטלעכע נעמען אויף וויזיט־קאַרטלעך און שילדן. דער בייער פּאַספּאָרט־געזעץ פֿון 1894 האָט פֿאַראָרדנט אָנצוגעבן אין אַלע ייִדישע פּעסער די פֿיזישע סימנים פֿון דער באַטרעפֿנדער פּערזאָן, אַפֿילו פֿון גע־בילדעטע וואָס קאָנען זיך חתמענען, הגם ביי קריסטן האָט מען דאָס פּראַק־טיצירט נאָר לגבי אַנאַלפֿאַבעטן. אין אייניקע מקומות פֿלעגט די פּאָליציי פֿאַרשרייבן דעם גלויבן פֿון ייִדישן פּאַס־אייגנטימער מיט רויטן טינט, כדי זיין ייִדישקייט זאָל זיך גלייך וואַרפֿן אין די אויגן ביים רעגיסטרירן אין די אַמטן. די דאָזיקע טענדענץ פֿון קוקן אויף דעם ייִד, ווי אויף אַ רעכטלאָזן באַשעפֿעניש פֿון אַ נידעריקער מדרגה, האָט אונטערגעזאָגט אַ ריי גובערנאַ־טאָרן צו פֿאַרעפֿנטלעכן אין די חדשים יוני־אויגוסט 1890 צירקולאַרן, אין וועלכע זיי ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּאָליציי אויף דער חוצפּהדיקער באַנעמונג פֿון ייִדן, וואָס נעמען נישט אַראָפּ די היט ביי באַגעגענען רוסישע באַאַמטע, טרעטן נישט אָפּ זייערע פֿלעצער פֿאַר באַאַמטע אין דער באַן, זאַמלען זיך אין עפֿנטלעכע ערטער און ענלעכע חטאים.

אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל איז אין די לעצטע 2 צענטליק יאָר פֿון 19־טן יאָרהונדערט געווען דער ענין פֿון צולאָזן ייִדן צו מיטעלער און העכערער בילדונג. די אַלטע צאַרישע געזעצן (נאָך פֿון די צייטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן — דער „ייִדן־סטאַטוט” פֿון 1804) האָבן אין דעם פּרט נישט געמאַכט קיין שום אונטערשידן לגבי דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. פֿאַרקערט, האָפֿנדיק אַז דורך וועלטלעכער בילדונג בכלל און דורך צולאָזן ייִדן אין די אַלגעמיינע בילדונג־אַנשטאַלטן בפרט וועט מען אָפּשוואַכן דעם „שעדלעכן ייִדישן סעפּאַראַטיזם”, האָט מען געזוכט ייִדישע קינדער אויף די שול־בענק. מיט דער דאָזיקער כּוונה האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום אין 1871 געשלאָסן אַ סך מלוכה־שולן, וואָס זיינען געווען ספּעציעל פֿאַר ייִדישע קינדער (די א״ג קאַזיאָנע שולן) אין די שטעט, וואו עס האָבן עקזיסטירט אַלגעמיין־שטאָטישע אָדער אויעזדנע אָנפֿאַנג־ און מיטל־שולן. אַ ביסל ייִדישע שולן מיט פּאַרוואַלטערס־ייִדן האָט מען איבערגעלאָזט אין ערטער, וואו קיין אַלגעמיינע שולן זיינען נישט געווען. ייִדן האָבן זיך אָבער תחילת קנאַפּ געריסן אין די מלוכה־שולן, מורא האָבנדיק פֿאַר זייער דענאַציאָנאַליזירנ־דיקער השפּעה אויף דער יוגנט. ביסלעכווייז אָבער איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג און ייִדן האָבן גענומען שיקן זייערע קינדער אין רוסישע גימנאַזיעס. אַזוי, למשל, האָבן זיך אין יאָר 1863 אין אַלע רוסישע גימנאַזיעס שוין גע־לערנט 552 ייִדישע תלמידים אויף דער אַלגעמיינער צאָל פֿון 17,320 (3.5 פּראָצענט).

אַ שטאַרקער סטימול פֿאַר ייִדישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין די מלוכהשע בילדונג־אַנשטאַלטן איז געווען דאָס מיליטער־געזעץ פֿון 1874, וואָס האָט פֿאָראויסגעזען אַ ריי פּריווילעגיעס פֿאַר די, וועלכע האָבן געהאַט מיטעלע און העכערע שול־בילדונג.

די צאָל יידן אין די מיטעלע בילדונג־אַנשטאַלטן איז באַדייטנדיק גע־
וואַקסן. במשך 7 יאָר (1876־1883) האָט די צאָל יידישע תלמידים אין די
מיטל־שולן פון אַלע בילדונגס־קרייזן פון יידישן תחום אַבסאָלוט און אַפילו
רעלאַטיוו זיך פאַרגרעסערט: אין דורכשניט מער ווי אויף 50 פּראָצענט.
אַן ענלעכע דערשיינונג זעען מיר אין די אוניווערזיטעטן: אין 1878 האָבן
אויף 8 רוסישע אוניווערזיטעטן זיך געלערנט 306 יידישע סטודענטן, וואָס
האָבן דעמאָלט באַטראָפן 46 פּראָ מיל פון אַלע סטודענטן, מיט 8 יאָר שפּעטער
— אין 1886 האָט די צאָל יידישע סטודענטן אין די 8 אוניווערזיטעטן שוין
באַטראָפן 1,856, וואָס דאָס האָט דעמאָלט אויסגעמאַכט 145 פּראָ מיל[1],
ד.ה. אַז אַבסאָלוט האָט זיך די צאָל יידישע סטודענטן פאַרגרעסערט בערך 6
מאָל אַזוי פיל און רעלאַטיוו — בערך דריי מאָל אַזוי פיל.

דער דאָזיקער גיכער וואוקס פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ
האָט אַרויסגערופן אַ באַאומרואיקונג אין די רעגירנדיקע קרייזן. מיט הי־
פּאָקריטישע מאָטיוון, אַז די יידישע לערן־יוגנט ווירקט שלעכט אויף אירע
קריסטלעכע חברים אין רעליגיעז־מאָראַלישער הינזיכט און אַז יידישע סטו־
דענטן „שטייען לייכט צו צו די רעוואָלוציאָנערע טוער״ (אין לעצטן פאַל
איז עס אין אַ געוויסער מאָס יאָ געווען אמת), האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער
מיט דער ברכה פון פּאָביעדאָנאָסצעוון, דעם פּרינציפּיעלן פיינט פון בילדונג,
באַפולמעכטיקט דעם בילדונג־מיניסטער איוואַן דעליאַנאָוו אָנצונעמען מיט־
לען אויף צו באַגרענעצן דעם אויפנעם פון יידן אין מיטעלע און העכערע
בילדונג־אַנשטאַלטן. אין יולי 1887 זיינען דערשינען די צוויי טרויעריק־
באַרימטע צירקולאַרן, וואָס האָבן איינגעשטעלט די ווייטערדיקע נאָרמעס פון
אָננעמען יידישע תלמידים אין די מיטל־שולן און אוניווערזיטעטן: אין
תחום־המושב — 10 פּראָצענט פון דער צאָל קריסטלעכע תלמידים, מחוץ
דעם תחום־המושב — 5, אין פּעטערבורג און מאָסקווע — 3. דער דאָזיקער
צאַרישער „נומערוס קלאַוזוס״ איז במשך פון צענטליקער יאָרן געווען אַ קוואַל
פון פיזישן פּיין און דערנידערונג, פון איזדיעקוועון זיך מצד אַנטיסעמיטישע
דירעקטאָרן איבער יידישע עלטערן און קינדער, וואָס פלעגן יאָר־איין יאָר־
אויס קלאַפּן אין די פאַרמאַכטע פאַר זיי טירן פון די גימנאַזיעס און אוני־
ווערזיטעטן. וויפל טרערן פון יידישע עלטערן און קינדער און וויפל צע־
בראָכענע לעבנס האָט גורם געווען די דאָזיקע טרויעריק־באַרימטע „פּראָצענט־
נאָרמע״! ווען אַ יידישער גימנאַזיסט האָט שוין מיט נויט און שווייס דורכ־
געבראָכן די ערשטע באַריערע און פאַרענדיקט די גימנאַזיע, האָט ער נישט
געהאַט קיין שום זיכערקייט, אַז ער וועט קאָנען ווייטער שטודירן אין אַ הע־
כערן לערן־אַנשטאַלט. די עקשנותדיקע עקסטערניקעס, וואָס פלעגן, נישט
געקוקט אויף די דורכפאַלן ביי די עקזאַמענס, ווי אַ רעזולטאַט פון שיקאַנעס
מצד די לערער, במשך יאָרן זיך גרייטן אין דער היים צו ווייטערדיקע עקזאַ־
מענס — אמתע מאַרטירער פון בילדונג — זיינען געוואָרן אַ פאַרשפּרייטער
טיפּ צווישן דער יידישער יוגנט. קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן האָבן
געהאַט אַן אויסוועג — אָנקומען אין אַן אויסלענדישער גימנאַזיע און אַן

אויסלענדישן אוניווערזיטעט. און די אויסלענדישע אוניווערזיטעטן, בעיקר אין דייטשלאַנד און שווייץ, האָבן טאַקע אויפגענומען אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע „מאַרטירער פון בילדונג". פאַר זין און טעכטער פון אומפאַרמעגלעכע עלטערן איז דער וועג צו מיטעלער און העכערער בילדונג געווען, ווי אַ כלל, פאַרמאַכט.

דראַקאָנישע באַגרענעצונגען זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן פאַר יידישע אַדוואָקאַטן, ווי אויך פאַר יידישע דאָקטוירים און פעלדשער אין דער אַרמיי.

אַזאַ איז געווען דער עפנטלעך-רעכטלעכער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד בעת דער הערשאַפט פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

אונטער זיין נאָכפאָלגער, ניקאָלאַי דעם צווייטן (1894־1917), איז די לאַגע פון די יידן ביז דער רעוואָלוציע פון 1905 נישט געוואָרן בעסער. אין כמה היננזיכטן האָט זי זיך אַפילו פאַרערגערט. ס'איז שטאַרקער געוואָרן דער פּאָליציייאישער געיעג אויף יידן אויסערן תחום־המושב. דער פינאַנץ־מיניסטער סערגיי וויטע האָט איינגעפירט אין יאָר 1894 דעם מלוכה־מאָנאָפּאָל אויף געטראַנקען. ביז 1898 האָבן אין די מערב־גובערניעס אַלע פּריוואַטע שענקען אָפּגעטראָטן זייער אָרט „קאַזיאָנע" (מלוכהשע) בראָנפן־קראָמען (די „מאָנאָפּאָלקעס"). צוליב דעם האָבן פאַרלאָרן זייערע פרנסות ביז אַ פערטל מיליאָן יידן. די רואינירטע דאָרף־שענקער האָבן זיך געלאָזט אין די שטעט און שטעטלעך, וואו זיי האָבן געטראָפן די שטאָטישע קרבנות פון דער מאָנאָפּאָל־רעפאָרם און מיט דעם פאַרגרעסערט דעם יידישן שטעטלדיקן דלות.

אין אַזאַ שטיקנדער אַטמאָספער פון גאָר רעכטלאָזיקייט און פּאָליציייאישע רדיפות איז דאָס פינף־מיליאָניקע רוסישע יידנטום צוגעקומען צו דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט.

## 3. די פּאָליטיש־רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן

אויך אין דעם רעכטלעכן מצב פון די פּוילישע יידן האָט די ערשטע ליבעראַלע תקופה פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן געבראַכט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע ענדערונגען. די רעכטלעכע באַגרענעצונגען פון פּריוואַטער און עפנטלעך־יורידישער נאַטור, וואָס זיינען חל געווען אויף די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן, זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן. דאָס געזעץ פון 5־טן יוני 1862, פון מאַרקגראַף אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקי, האָט אָפּגעשאַפט די באַגרענעצונגען פון פרייען וואוינרעכט אויפן שטח פון קאָנגרעס־פּוילן (פון דער צאָל 453 שטעט האָבן יידן געמעגט פריי וואוינען נאָר אין 246, אין 31 שטעט האָבן עקזיסטירט ספּעציעלע יידישע „רעווירן", אין 90 איז דער אויפהאַלט פון יידן געווען לחלוטין פאַרווערט. אחוץ דעם האָבן יידן אויך נישט געטאָרט זיך באַזעצן אין די שטעטלעך פון גרענעץ־פּאַס).

פריער נאָך, דעם 24־טן מאַי 1861 האָבן יידן באַקומען אַקטיוו און פּאַסיוו

וואַל־רעכט אין די אָרגאַנען פון דער שטאָטישער און פּראָווינציאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיך יידן באַטייליקט אין מוניציפּאַלע וואַלן. דורך באַזונדערע צוגאָב־תקנות זיינען שפּעטער באַזייטיקט געוואָרן אַ ריי גזירות, ווי למשל דער פאַרבאָט צו האַלטן אַפּטייקן. יידישע פעלדשער איז דערלויבט געוואָרן זיך אַנצושליסן אין דעם פעלדשער־צעך. די תקנות וועגן אָפּשאַפן די אַנטי־יידישע באַגרענעצונגען אין די צעכן בכלל זיינען מחמת דעם ווידערשטאַנד פון די צעכן געבליבן אויפן פּאַפּיר און אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. יידן האָבן אויך באַקומען רעכט צו קויפן גיטער.

ווי אַ באַלוינונג פאַר דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע האָבן די פּוילישע יידן לויט די כוונות פון מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי, דעם איניציאַטאָר פון די געזעצן פון 1861 און 1862, געדאַרפט אָפּדאַנקען מיט אַסימילירן זיך צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג. מען האָט זיך אָבער נישט פאַרלאָזט אויפן בלויזן דאַנקבאַרקייט־חוב מצד די פּוילישע יידן. דאָס געזעץ פון 1862 האָט פאַרווערט צו באַנוצן העברעאיש און יידיש אין אַקטן, וואָס טראָגן אַ יורידישן כאַראַקטער.

אין 1866 האָבן די פּוילישע יידן באַקומען צוגלייך מיט די רוסישע יידן דאָס רעכט אויף מלוכה־דינסט. אין 1868 איז זיי דערלויבט געוואָרן זיך צו באַזעצן מחוצן תחום־המושב לויט די זעלביקע כללים וואָס די רוסישע יידן. גלייכצייטיק איז די רוסישע יידן דערלויבט געוואָרן זיך צו באַזעצן אין קאָנ־גרעס־פּוילן.

נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863־1864, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די רוסיפיקאַציע־פּאָליטיק אין קאָנגרעס־פּוילן, האָט מען אין די רוסישע קאַנצע־לאַריעס אָנגעהויבן קוקן קרום אויף דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון די פּוילישע יידן. מ׳האָט געהאַלטן, אַז זיי האָבן אַנטוישט די אַסימילאַציע־האָפענונגען, מיט וועלכע די רעגירונג האָט פאַרבונדן דאָס אָפּשאַפן די רעכט־לאָזיקייט־ירושה פון אַמאָל. אויף דעם באַקלאָגן זיך כמעט אַלע רוסישע גובערנאַטאָרן אין קאָנגרעס־פּוילן אין זייערע יערלעכע ראַפּאָרטן צום וואַר־שעווער נאַמיעסטניק. ביסלעכווייז זיינען די פּוילישע יידן אין רעכטלעכן זיינען אויסגעגליכן געוואָרן מיט די רוסישע. און הגם די צייטווייליקע תקנות פון 1882 זיינען אויף די פּוילישע יידן נישט געווען חל, האָט אָבער דער „אוקאַז" פון 11־טן יוני 1891 שטאַרק באַגרענעצט דאָס רעכט פון יידן צו קויפן לאַנד־אייגנטום. דער „אוקאַז" וועגן מיליטער־דינסט פון 1874 האָט אויסגעגליכן די פּוילישע יידן מיט די רוסישע אין דער שווערער פליכט פון מיליטער־דינסט. די רדיפות אויף דער יידישער טראַדיציאָנעלער הלבשה בעת אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָבן אין פּוילן אָנגענומען אַ שאַרפערן כאַראַקטער און האָבן לענגער אָנגעהאַלטן, ווי אין דעם רוסישן טייל פון תחום־המושב.

די רוסישע רעגירונגס־קרייזן אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן אין פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם געזען אַ מיטל אָפּצואווענדן די אַנטי־רוסישע שטימונגען ביים

פוילישן פאָלק און דעם האַס וועגן אין דער ריכטונג פון די יידן. די פּרוכט פון דעם זיווג צווישן דעם אָפיציעלן רוסישן אַנטיסעמיטיזם און דער אַלטער פוילישער יודאָפאָביע איז געווען דער וואַרשעווער פּאָגראָם אין די טעג פון 25־27 דעצעמבער 1881, אין וועלכן רוסישע אויפהעצערס האָבן בלי־ספק גע־שפּילט אַן איניציאַטאָרישע ראָל. די רוסישע רעגירונג האָט אירס דערגרייכט. מיט דעם וואַרשעווער פּאָגראָם האָט זי באַוויזן, אַז די פּאָגראָמען זיינען נישט בלויז אַ רוסישע דערשיינונג, נאָר אַז יידישע „עקספּלואַטאַציע״ רופט אַרויס צו זיך שנאה אומעטום. די פוילישע עפנטלעכע מיינונג האָט אין איר איבער־וועגנדיקער מערהייט פאַראורטיילט דעם וואַרשעווער פּאָגראָם.

דער גירוש מאָסקווע פון 1891־1892 האָט גורם געווען, אַז עטלעכע טויזנט פאַרטריבענע משפחות האָבן זיך באַזעצט אין קאָנגרעס־פוילן, בפרט אין וואַרשע און לאָדזש, וואו זיי האָבן שפּעטער אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אינםווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די פוילישע יידן,

II

# דער עקאָנאָמישער מצב אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט

דאָס באַפרייען די פויערים פון פּאַנשטשיזנע אין 1861 איז געווען אַן איבערבראָך־מאָמענט אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געשיכטע פון צאַרישן רוסלאַנד און במילא אויך אין די סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, אין וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט. ס׳איז שווערער געוואָרן די עקאָנאָמישע פּאָזיציע פון דעם יידישן פאַקטאָר אין דער פּריצישער און אין דער פויערישער ווירטשאַפט. אין די געוועזענע פּוילישע טעריטאָריעס, ווי ווייסרוסלאַנד, ליטע, וואָלין און פּאָדאָליע, האָבן די פּריצים פאַרלוירן זייער בחינומדיקע אָדער שפּאָט־ביליקע אַרבעט־קראַפט און זיינען געוואָרן געצוואונגען פּערזענלעך זיך צו פאַרנעמען מיט דער ווירטשאַפט, איז די ראָל פון יידן ווי אַרענדאַרן און פאַרמיטלער אין דעם פּריצישן האַנדל און לאַנד־ווירטשאַפטלעכער אינדוסטריע קלענער געוואָרן. ווי ווייט די יידישע פּרנסות זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פּריצישער לאַנדווירטשאַפט, זאָגט עדות דער פאַקט, אַז בלויז אין קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער גובערניעס זיינען נאָך אין די 70־קער יאָרן געווען 347 שטאָטישע ישובים, וואָס זיינען געווען דאָס אייגנטום פון פּריצים, צווישן זיי אַזאַ שטאָט ווי בערדיטשעוו. זייער ראָל אין דער לאַנדווירטשאַפט האָט זיך אויך פאַרקלענערט צוליב דער אַנט־וויקלונג פון לאַנד־קרעדיט, וואָס האָט אַרויסגעשטופּט דעם יידישן פאַקטאָר, ווי אַ וויכטיקן פינאַנציעלן אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּריצישער ווירטשאַפט. די פויערים, וואָס זיינען אַליין געוואָרן בעלי־בתים, האָבן זיך אויך ווייניקער ווי פריער געניטיקט אין דעם יידנס הילף.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער יידישער קליינהאַנדל קנאַפּ געוואָסן פון דעם פאַקט, וואָס עס איז צוגעקומען אַ נייער מאַסנהאַפטער פאַרבורויכער — דער באַפרייטער פויער. די פויערים זיינען אויף לאַנגע יאָרן געווען אַזוי שטאַרק באַלאַסטעט מיט זייערע פינאַנציעלע התחייבותן לגבי די פּריצים, אַז ס׳איז זיי שוין ווייניק וואָס געבליבן פאַר קניות אויפן שטאָטישן מאַרק.

דער שטאַרק־אויסגעוואַקסענער אייזנבאַן־פאַרקער אין די 60־קער און 70־קער יאָרן האָט דערלאַנגט אַ שווערן קלאַפּ די בעלי־עגלות, וואָס האָבן פריער געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם סחורות־טראַנספּאָרט, ווי אויך די

יידישע בעלי־בתים פון אַכסניות, איינפאָר־הייזער און פּאָטשטאָווע סטאַנציעס אין די שטעט און אויף די וועגן.

פון דער אַנדערער זייט איז געוואַקסן אַ יידישע גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט אירע אַקומולירטע קאַפּיטאַלן פון דער גרויסער פּריצישער אַרענדע און מסחר אינוועסטירט אין דער אַ״ג „גרינדעריי״ (אייזנבאַן און וועגן־בוי) און אין דער שנעל־וואַקסנדיקער אינדוסטריע. אַזוי, למשל, האָבן, לויט אַ באַריכט פון גענעראַל־גובערנאַטאָר דאָנדוקאָוו־קאָרסאַקאָוו פון 1871, געהערט צו יידישע אינדוסטריעלער אין די קיעווער, וואָלינער און פּאָדאָליער גובער־ניעס „27 צוקער־ראַפינעריעס (פון דער אַלגעמיינער צאָל 105), 619 בראָנפן־דעסטילאַציעס (פון 712), 5,700 מילן (פון 6,353)״[2]. די יערלעכע פּראָדוקציע פון די יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָט באַטראָפן 70 מיליאָן רובל.

אויפן צווייטן סאָציאַלן עק ווערט אָבער די פּאַופּעריזאַציע פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אַלץ ברייטער און טיפער. די שטח־באַגרענעצטקייט און אי־בערבאַפעלקערטקייט פון תחום־המושב, די אוממעגלעכקייט פאַר דער יידישער מאַסע איבערצוּוואַנדערן אין די אינערלעכע רוסישע גובערניעס, די אָפּהענ־גיקייט פון דעם רוב יידישע פּרנסות פון דער דאָרפישער ווירטשאַפט, וואָס מאַכט אַדורך טיפגרייכנדיקע ענדערונגען, די אויסזיכטלאָזיקייט אַז אַ טייל פון דער פּאַראָרימטער און דעקלאַסירטער יידישער מאַסע זאָל ווערן אַריינ־געצויגן אין דער גרויס־אינדוסטריע, די טיילווייזע ליקווידאַציע פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע און דאָס אָפּשליסן דאָס דאָרף (אָנהייבנדיק פון 1882) פאַר דער יידישער באַפעלקערונג — דאָס אַלץ צו־זאַמען האָט געשאַפן אַן אומבאַשרייבלעכן דלות־צושטאַנד צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די 70־קער און 80־קער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט.

## 1. קליינהענדלער

דער פּראָצענט פון די, וואָס האָבן געצויגן חיונה פון קליינהאַנדל, איז געווען אַ זייער הויכער און האָט נישט אַנטשפּראָכן די פּאַקטישע ווירטשאַפט־לעכע באַדערפעניש. לויט דער פאָלקס־ציילונג פון סוף יאָרהונדערט (1897), ווען די דאָזיקע היפּערטראָפיע אין קליינהאַנדל איז געוואָרן אַ ביסל קלענער אין פאַרגלייך מיט יאָרצענטליקער פריער, האָבן יידישע סוחרים (פון אַלע מינים) אין תחום־המושב באַטראָפן 72.8 פּראָצ. פון אַלע סוחרים און צווישן זיי איז דער פּראָצענט קליינהענדלער געווען גאָר אַ הויכער. דער סחורות־ווערט פון אַזאַ יידיש קרעמל פלעגט אָפט באַטרעפן נישט מער ווי אַ פּאָר רובל. די קאָנקורענץ איז געווען אומגעהויער. דער יידישער קליינהענדלער האָט זיך געקאָנט האַלטן אויף דער אויבערפלאַך בלויז פאַרן פרייז פון אַראָפּ־דריקן ביז אַ מינימום זיינע מאַטעריעלע באַדערפענישן און מיט דער הילף פון אויסער־עקאָנאָמישע מיטלען, ווי נישט אויסקויפן פּאַטענטן א. ד. גל..

## 2. האַנטוווערקער

די פּאַקטישע צוגעשמידקייט פון יידישן האַנטוווערקער צום תחום־המושב האָט אויך גורם געווען אַ רעלאַטיווע היפּערטראָפיע אין פאַרשידענע מלאכות. אין די מערב־גובערניעס איז די צאָל בעלי־מלאכות געווען לפי ערך פּילפאַכיק אַ גרעסערע, ווי אין די אינערלעכע רוסישע גובערניעס[3]. אין דער קיעווער גובערניע, למשל, פאַלט אויס 2.06 בעלי־מלאכות אויף יעדע 1,000 איינוואוי־נער, בעת אין דער שכנותדיקער קורסקער גובערניע, וואָס איז אין פּרט פון עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין אַלגעמיין געווען ענלעך צו די תחום־גובערניעס, נאָר 0.8, ד.ה. 2.5 מאָל ווייניקער. לויט דער אויספאָרשונג פון ייק"א האָבן יידישע בעלי־מלאכות אין אַלע 25 גובערניעס פון תחום־המושב באַטראָפן 13.2 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און קרוב 20 פּראָצענט פון אַלע יידן אין אַרבעט־עלטער. אין פיל שטעט פון תחום האָבן אָבער יידישע בעלי־מלאכות באַטראָפן אַ פיל העכערן פּראָצענט ווי דער דורכשניט־לעכער. אין ראַדאָם קרוב 33 פּראָצ., אין סלאָנים — בערך 35 פּראָצ., ווילניצע — 42 פּראָצ.. דער הויכער פּראָצענט פון יידישן אַנטייל אין מלאכה ווערט נאָך בולטער, ווען מיר פאַרגלייכן די צאָל יידישע און ניט־יידישע בעלי־מלאכות. אַזוי אַ שטייגער האָט דער פּראָצענט יידישע בעלי־מלאכות באַטראָפן אין די שטעט פון גראָדנער גובערניע אין 1897 — 80.1 פּראָצענט פון אַלע האַנטוווערקער בשעת די יידישע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט אין גראָדנער גובערניע אין דעם אַנגערופענעם יאָר אויסגעמאַכט נאָר 58.3 פּראָצענט פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג. אין 1893 איז אין קאָוונער גובער־ניע געווען ס"ה 23,769 באַשעפטיקטע אין מלאכה. אין 1897 האָט די צאָל יידישע האַנטוווערקער אַליין באַטראָפן 23,505. קלאָר, אַז נישט־יידישע האַנט־ווערקער זיינען געווען זייער ווייניק.

דער הויכער פּראָצענט פון יידישן אַנטייל אין מלאכה איז נישט קיין דערשיינונג בלויז פון דעם לעצטן יאָרצענטליק פון 19־טן יאָרהונדערט. אויך פריער שטויסן מיר זיך אָן אויף דעם זעלביקן פענאָמען. אַזוי, למשל, האָט מען אין מאָהילעווער גובערניע אָפּגעציילט אין 1880 5,509 בעלי־מלאכות צווישן זיי 4,290 יידן (78 פּראָצ.). אין וויטעבסקער גובערניע האָבן יידישע בעלי־מלאכות אין 1893 באַטראָפן העכער 70 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל האַנטוווערקער[4]. במשך די יאָרן 1887־1898 האָט זיך דער פּראָצענט יידישע בעלי־מלאכות אין אַ ריי גובערניעס פאַרגרעסערט: אין קאָוונער גו־בערניע, למשל, פון 8.4 אויף 11.8 פּראָצענט, אין וואָלינער פון 9.7 אויף 15.3 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

וואָס שייך דער סאָציאַלער גלידערונג פון דער בעל־מלאָכהשער מאַסע, האָט די ייק"א־אויספאָרשונג פעסטגעשטעלט, אַז אין די 25 גובערניעס פון תחום־המושב זיינען פון איבער אַ האַלבן מיליאָן (500,986) יידישע בעלי־מלאכות געווען מייסטערס — 259,396 (52 פּראָצ.), געזעלן — 140,528 (28 פּראָצ.) און לערניינגלעך — 101,052 (20 פּראָצ.).

דער קוואַליטאַטיווער ניוואָ פון דער בעלי־מלאכהשער פּראָדוקציע איז בדרך־כלל געווען אַ נידעריקער, די טעכניק אַ צוריקגעשטאַנענע. די קליינע צאָל האַנטווערקער־שולן אין תחום־המושב — אויף 106 פאַכשולן אין דער גאַנצער אימפּעריע האָבן זיך אין די 25 גובערניעס פון תחום־המושב, וואו ס׳האָט געלעבט בערך אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, געפונען נאָר 12 (11.3 פּראָצ.) — האָט נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט פון פאַך־אויסבילדונג אין אַ ממשותדיקן פאַרנעם. פאַר אַ ייד איז נישט געווען לייכט אָנצוקומען אין די באַזונדערע פאַכשולן אָדער אין די האַנטווערקער־קלאַסן ביי די אַלגעמיינע שולן. יידישע האַנטווערקער־שולן איז געווען ווייניק. זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען אין לעצטן צענטליק פון 19־טן יאָרהונדערט. אין 1884 האָט די רעגירונג אַפילו געשלאָסן די יידישע האַנטווערקער־שול אין זשיטאָמיר (עקזיסטירט פון 1861), מאָטיווירנדיק דעם באַשלוס מיט ברוטאַלער אָפנהאַרציקייט: „היות אין די שטעט און שטעטלעך פון דרום־מערב־קאַנט ליגט די מלאכה אין יידישע הענט און דורך דעם ווערט געשטערט די אַנטוויקלונג פון מלאכה ביי דער שטאַם־באַפעלקערונג פון דער געגנט, איז בכן אַ ספּעציעל־יידישע האַנטערקער־שול אַן איבעריקער כלי־זיין אין יידישע הענט אויף צו עקספּלואַטירן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון דער געגנט, וועלכע פאַרמאָגט נישט אַזעלכע שולן״ [6]. דאָס יידישע לערנ־יינגל האָט געהאַט ווייניק מעגלעכקייטן זיך גרינטלעך אויסצולערנען אַ מלאכה, די מייסטערס גופא האָבן זי באַהערשט נישט פולשטענדיק. די לערנייינגלעך זיינען במשך לאַנגע שעהן פון אַרבעטס־טאָג אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער שטוב־באַלעבאַטישקייט און די באַציאונג צו זיי מצד די מייסטערס און געזעלן איז אָפט געווען אַ ברוטאַלע. מחמת דעם זיינען די לערן־יאָרן ביים מייסטער געווען קנאַפּ מסוגל צו אַנטוויקלען ביי זיי אַ ליבע צום פאַך און אַן אינטערעס צו פאַרפולקאָמען זיך. היות דער אָפּצאָל פאַרן אויסלערנען אַ לערנייינגל איז געווען לפי ערך אַ הויכער, פלעגן טאַטעס־בעלי־מלאָכות אַליין לערנען זייערע קינדער. געוויסע פאַכן זיינען איבערגעגאַנגען בירושה, אַזוי אויך די פאַרעלטערטע אַרבעטס־אופנים.

די אויסאַרבעטונגען פון יידישע בעלי־מלאָכות זיינען געווען אָנגעוויזן אויף דעם געברויך פון דער אָרימער יידישער און פויערשער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען די פּאָפּולערע טאַנדעט־אַרבעט. אויך די קריסטלעכע מלאכה איז אין תחום־המושב נישט געשטאַנען העכער. אַן אויסנאַם זיינען געווען די גרויסע צענטערן. די מאַטעריעלע לאַגע פון די בעלי־מלאָכות איז געווען אַ זייער שווערע. פון זייערע קאַרגע פאַרדינסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אַ הונגער־ניוואָ, זיינען זיי נישט געווען ביכולת זיך איינצוקויפן נייע מאַטעריאַלן. קיין ביליקער קרעדיט האָט נישט עקזיסטירט (די ערשטע גמילות־חסדים קאַסעס, אָנפּראָצענטיקע אָדער מיט אַ קליינעם פּראָצענט זיינען אין תחום אָנטשטאַנען ערשט אין 1898). זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו וואָכער־קרעדיט, וואָס איז געווען זייער טייער און איז אין אייניקע ערטער — אין ראַדאָמער און וואָלינער גובערניעס — דערגאַנגען צו 120 פּראָצענט

יערלעך! וואָס שייך די אָפּזאָץ־פּאָרמען פון דער האַנטווערקערישער פּראָ־
דוקציע, איז געווען זייער פאַרשפּרייט דער אָפּזאַץ אויף יאַרמערק (ירידן),
וואָס זיינען געווען אויסגערעכנט בעיקר אויפן פויערישן קליענט. דאָס האָט
געצוואונגען דעם בעל־מלאָכה מיט זיין משפּחה צו וואַנדערן מיט דער סחורה
אויף נאָנטע און ווייטע יאַרמערק.

אין שייכות מיטן אַריינדרינגען פון גרעסערע קאַפּיטאַלן אין דער האַנט־
ווערקער־אינדוסטריע, האָט אין די לעצטע צוויי יאַרצענטליקער פון 19־טן
יאָרהונדערט אַלץ מער, בפרט אין די גרעסערע צענטרען, זיך אַנטוויקלט די
פאָרם פון הורטאָוניקעס־מאַגאַזינען. דאָס האָט דעם בעל־מלאָכה געמאַכט
אָפּהענגיק פון זיי וואָס שייך פּרייזן, קוואַליטעט און אַנדערע באַדינגונגען.
די דאָזיקע פאָרם איז צום מערסטן געווען פאַרשפּרייט אין קאָנגרעס־פּוילן.
אַזעלכע שטעט ווי בזשעזשין, טורעק, ראַדאָם האָבן אויסגעאַרבעט פאַר די
הורטאָווניקעס מלבושים און שיך אין ווערט פון מיליאָנען רובל. די סחורות
האָט מען עקספּאָרטירט צו די ווייטע רוסישע מערק. אויך אין אייניקע ווייס־
רוסישע און אוקראַינישע שטעט איז דער דאָזיקער סיסטעם געווען פאַר־
וואָרצלט. אַזוי, למשל, זיינען די לעדער־אויסאַרבעטונגען און מעבל־שטיק
פון די וויטעבסקער יידישע האַנטווערקער אין ווערט פון הונדערטער טויזנטער
רובל פאַנאַנדערגעפירט געוואָרן דורך פאַרמיטלער־הורטאָווניקעס איבער ווײַ־
טע מערק פון דער רוסישער אימפּעריע.

נאָך אַ שווערערע פאָרם פון עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט לגבי דעם
אויפקויפער־מאַגאַזינער איז געווען די אין אייניקע גובערניעס פאַרשפּרייטע
„כאַלופּניקעריי" (היים־אַרבעט). טיפּיש איז אין דעם פּרט געווען די אינ־
דוסטריע פון זאָקן־שטריקעריי אין די ליטווישע גובערניעס (ווילנער, קאָוונער
און גראָדנער), וואָס האָט בעיקר באַשעפטיקט מיידלעך. אין דער דאָזיקער
פאָרם פון האַנטווערקעריי איז די עקספּלואַטאַציע און די אָרימקייט געווען די
גרעסטע. ס'איז געגנוג צו באַקענען זיך מיט די פאַרדינסטן פון יידישע
האַנטווערקער (מייסטערס און געזעלן), כדי זיך צו שאַפן אַ בילד פון דער
מוראדיקער אביונישקייט, וואָס האָט בכלל געהערשט ביי דער יידישער
האַנטווערקער־מאַסע.

אין צפון־מערב גובערניעס האָט דער דורכשניטלעכער יערלעכער פאַר־
דינסט פון אַ שניידער־מייסטער באַטראָפן 200 — 250 רובל, אָראָפּפאַלנדיק
אין פיל מקומות צו 80 — 100 רובל. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פאַר
אַ שוסטער־מייסטער האָט באַטראָפן נאָך ווייניקער: 150 — 200 רובל
יערלעך. מאָדיסטקעס — דורכשניטלעך: 100 — 150 רובל. אָבער אין
אַ טייל ערטער האָט זייער יערלעכער פאַרדינסט נישט באַטראָפן מער ווי
50 — 75 רובל.

אָפט האָט אַזאַ בעל־מלאָכהשער אביון געמוזט זיך און זיין משפּחה
ראַטעווען פון הונגער מיט דער הילף פון אַ זייטיקער פּרנסה. אַן אָפטע דער־
שיינונג ביי יידישע בעלי־מלאָכות אין דעם קליינעם שטעטל איז געווען דאָס
דינגען סעדער אויף זומער־צייט. דאָס ווייב פלעגט מסחרן מיט אַ „שטעל"

אויפן מאַרק אָדער אין אַ קלייטל, וואָס דער ווערט פון דער סחורה פלעגט באַטרעפן קוים עטלעכע רובל. די קינדער האָבן שוין פון די פריסטע יאָרן געמוזט צוהעלפן שלעפן דעם שווערן עול־פּרנסה.

אויב אַזעלכע זיינען געווען די פאַרדינסטן און דער עקאָנאָמישער מצב פון דעם איבערוועגנדיקן רוב מייסטערס, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן די אָרימקייט, וואָס האָט געהערשט ביי די געזעלן און לערנייינגלעך. כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם ווערט פון די פאַרדינסטן פון אַ געזעלן אָדער אַ מייסטער אין די פאַרשפּרייטסטע יידישע פאַכן, איז גענוג אָנצואווייזן, אַז לויט אַן אויספאָרשונג פון אַ ייק״א־קאָרעספּאָנדענט אין לאָדזש, האָבן די וועכנטלעכע הוצאות פון אַ געזעלן — אַ בחור ביי אַ לויגוועבער בלויז אויף עסן, באַהייצונג און וועש וואָשן באַטראָפן 3 רובל 26 קאָפּיקעס ביי אַ דורכשניטלעכן וועכנטלעכן פאַרדינסט פון 3 — 4 רובל פאַר אַ 16־14 שעהדיקן אַרבעטסטאָג [6].

מען האָט געאַרבעט 16־14 שעה אַ מעת־לעת, דאָנערשטאָג און פאַר יום־טובים ביז שפּעט אין דער נאַכט. ערשט נאָך דער שטרייק־כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם צפון־מערב־קאַנט אין די 90־קער יאָרן, איז אויסגעקעמפט געוואָרן אַן אַרבעט־טאָג פון 12־10 שעה.

אַנטשפּרעכנדיק צו די דאָזיקע פאַרדינסטן זיינען געווען די וואוין־ און לעבנס־באַדינגונגען. אין פייכטע טונקעלע קעלער־שטובן, אָדער אין בוידעם־שטיבלעך האָבן געלעבט משפּחות פון 8־6 נפשות. געזעלן, בפרט געקומענע פון דער פרעמד, פלעגן שלאָפן אין די ענגע טוכלע ווערקשטאַטן. לערנייינגלעך האָבן על פּי כלל געאַרבעט 4־3 יאָר „אויף דער לער״ פאַרן עסן און שלאָפן. אָפט האָבן זיי נאָך געמוזט צאָלן דעם מייסטער פאַר אויסלערנען די מלאכה.

### 3. שוואַרץ־אַרבעטער און טאָג־לוינער

די גרויסע נויט האָט די יידישע מאַסע שוין פון לאַנג אויסגעלערנט נישט צו בראַקירן קיין שום שווערע פיזישע אַרבעט. יידישע שוואַרץ־ און שווער־אַרבעטער טרעפן מיר אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט סיי אין קאָנגרעס־פּוילן, סיי אין די רוסישע גובערניעס. אין די 20־קער און 30־קער יאָרן האָט מען געקאָנט טרעפן פּוילישע יידן ביי אַזעלכע שווערע פיזישע אַרבעטן ווי וועגנבוי, שטיינהאַקעריי און אין גרובנס [7]. (לויט די ציפערן פון טוגענהאָלד, האָט די צאָל יידישע שוואַרץ־אַרבעטער אין קאָנגרעס־פּוילן באַטראָפן 30 טויזנט אין די פערציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט). יידן פון וויטעבסקער גובערניע האָבן זיך אין די 40־קער און 50־קער יאָרן פאַרנומען מיט גראָבן קאַנאַלן, אויסטריקענען פעלדער און לאָנקעס און אַנדערע פעלד־אַרבעטן ביי פאַרשידענע פריצים פאַר אַן אויסטערליש קליינעם געצאָלט [8].

לויט די ציפערן פון דער ייק״א־אויספאָרשונג האָט די דאָזיקע גרופּע אַרבעטער געציילט אין תחום־המושב ביים סוף פון יאָרהונדערט נישט ווייני־

קער ווי 105,000 פערזאָן, ד.ה. 2 פראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג. צווישן די יידישע שוואַרץ־אַרבעטער האָבן דאָס ערשטע אָרט פאַרנומען טרעגער און טאָג־לוינער — זיי באַטרעפן 1/3 פון אַלע יידישע שוואַרץ־אַרבעטער, דאַן גייען דראָזשקאַזשעס און בעלי־עגלות — אַ קנאַפּ 1/3 — און די רעשט — פעלד־אַרבעטער, וואַסער־טרעגער, וואַלד־אַרבעטער, האָלץ־טרייבער, סמאָלע־ברענער און אַנדערע. זייער קאָנטיק איז געווען די צאָל און די ראָל אין טראַנספּאָרט פון יידישע פּאָרלייט — דראָזשקאַזשעס און בעלי־עגלות. אין אַ ריי שטעט פון תחום־המושב (לאָדזש, לובלין, ביאַליסטאָק) האָבן יידישע דראָזשקאַזשעס פאַרנומען אַ מאָנאָפּאָל־שטעלונג (קריסטלעכע זיינען געווען זייער ווייניק) און אין אייניקע שטעט זיינען זיי געווען די איינציקע. שבת פלעגט זיך אָפּשטעלן יעדער פאַרקער. זעלבשטענדיקע דראָזשקאַזשעס האָבן נאָך ווי עס איז פאַרדינט אויף פּרנסה, דאַקעגן די א. ג. „שמייסער״, ד. ה. אָנגעשטעלטע ביי בעלי־בתים, צו וועלכע עס האָבן געהערט פערד און וואָגן, האָבן שווער געהאָרעוועט און ווייניק פאַרדינט. דעם רוב פאַרדינסט פלעגט צונעמען דער בעלי־הבית (אין אָדעס, אַ שטייגער, 80 פּראָצענט פון פאַרדינסט).

די פאַרשפּרייטונג פון דער אייזנבאַן־נעץ אין די 60־קער און 70־קער יאָרן, האָט, ווי דערמאָנט, אַרונטערגעריסן דעם עקאָנאָמישן מעמד פון די בעלי־עגלות אין פיל ערטער פון תחום־המושב.

וואָס שייך דער צווייטער גרופּע — משא־טרעגער און טאָג־לוינער — זיינען זיי אָמצאָלרייכסטן געווען אין די מער אינדוסטריעלע געגנטן, אין די פּאָרט־שטעט (אָדעס, כערסאָן) און אין גרויסע האַנדלס־צענטרען, (וואַרשע, לאָדזש). ביי דער דאָזיקער גרופּע איז שווערע האָרעוואַניע געגאַנגען געפּאָרט מיט גראָשנדיקע פאַרדינסטן. די מעכאַניזירונג פון דעם לאָדענען אין די מילן און פּאָרטן האָט אַ טייל פון זיי געמאַכט כראָניש אַרבעטסלאָז.

נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פון די טאָג־לוינער, וואָס פלעגן וואַרטן אויף די מערק און פאַר מאַגאַזינען אויף אַ צופעליק פאַרדינסטל, ביי וואָס עס לאָזט זיך. אויף אַזעלכע צופעליקע פאַרדינסטן איז געווען אָנגעוויזן די גאַנצע מאַסע דעקלאַסירטע, אָדער אַרבעטסלאָזע בעלי־מלאכות אין די פּע־ריאָדן פון „טויטע״ סעזאָנען אין זייערע פאַכן.

דעם מצב פון יידישע וואַסער־טרעגער שילדערט אַ ייק״א־קאָרעספּאָנדענט פון ווילקאָמיר (קאָוונער גוב.) אַזוי: „. . . ביי זייער גאַנצער קאַטאָרזשנער אַרבעט, וואָס הערט אַפילו נישט אויף בעת שבתים און יום־טובים, זיינען די וואַסער־טרעגער ניט אימשטאַנד צו פאַרדינען מער ווי 50 קאָפּיקעס טעגלעך. על פּי רוב ענדיקן זיי זייערע יאָרן אין הקדש, אויב די שווערע אַרבעט און אָרימע דערנערונג טרייבט זיי פריער נישט אין קבר אַריין״ [9].

יידישע וואַלד־אַרבעטער און קלעצער־טרייבער („פליסאָקעס״) טרעפט מען אין די וואַלד־רייכע ליטוויש־ווייסרוסישע גובערניעס און אין דער כערסאָנער גובערניע, וואו עס איז געווען קאָנצענטרירט אַ לעבעדיקער האַנדל מיט געהילץ.



אין בוידעם־שטיבל פון דעם הייזל איז פאָרגעקומען דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון בונד.

## דער ערשטער צענטראַל-קאָמיטעט פון בונד



אַרקאַדי קרעמער



וולאַדימיר קאָסאָווסקי



אברהם מוטניק

## 4. יידישע פֿאַבריק־אַרבעטער

התחלות פֿון יידישער פֿאַבריק־אַרבעט טרעפֿן מיר שוין בעת די ערשטע אָנפֿאַנגען פֿון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין אַלטן פּוילן. אַזוי, למשל, זיינען יידן, בפֿרט יידישע פּרויען, געווען באַשעפֿטיקט אין אַנטאָני טיזענהאוס׳ און ווינצענטי פּאָטאָצקיס פֿריצישע געוואַנט־פֿאַבריקן אין גראָדנע און נע־מיראָוו אין די 80־קער און 90־קער יאָרן פֿון 18־טן יאָרהונדערט [10]). (פֿאַראַן אַ סברא, אַז די דאָזיקע אַרבעט אין די פֿריצישע פֿאַבריקן האָט געטראָגן אַ צוואַנג־כאַראַקטער).

אין די אַלקאָהאָל־ברענערייען זיינען יידישע ברויער געווען באַשעפֿטיקט שוין פֿון גאָר אַלטע צייטן. מיר טרעפֿן זיי סיסטעמאַטיש אין די רשימות פֿון דער ציילונג פֿון 1764־65 און פֿון שפּעטערדיקע צייטן. אַן אַלטע יידישע באַשעפֿטיקונג אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען די טליתים־פּראָ־דוקציע. ווען גרעסערע יידישע געוואַנט־פֿאַבריקן דערציילן די מקורים פֿון ערשטן פֿערטל פֿון 19־טן יאָרהונדערט. אין דער גראָדנער גובערניע טרעפֿן מיר אין 1808 צוויי יידישע געוואַנט־פֿאַבריקן מיט 5 און 6 שטולן. אין 1805 — אין פּאָדאָליער גובערניע. אין 1828 אַרבעטן אין טוך־ און טליתים־פֿאַ־בריקן אין 2 ראַיאָנען פֿון גראָדנער און מאָהילעווער גובערניעס 602 יידישע אַרבעטער. אויף אייניקע פֿאַבריקן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטאַט מיט מאַשינען, האָבן געאַרבעט צו עטלעכע הונדערט אַרבעטער. אַרום דער דאָ־זיקער צייט האָט אין יידישער פֿאַבריקאַנט אין וואָלינער גובערניע פֿאַרמאָגט 12 פֿאַבריקלעך מיט 740 אַרבעטער, וואָס צווישן זיי איז געווען אַ געוויסע צאָל יידישע. אין דער גרויסער פֿריצישער טוך־פֿאַבריק אין כאַבנע (קיעווער גוב.) האָבן אין 1844 געאַרבעט 37 יידן אויף דער אַלגעמיינער צאָל 467. אין 1848 האָט אַ ספּעציעלער געזעץ דערלויבט „די יידן פֿון לאַדיזשין (פּאָדאָליער גוב.) צו דינגען פֿאַר זייערע פֿאַבריקן אַרבעטער פֿון יידישן שטאַנד פֿון אַנ־דערע ערטער אין די מיליטערישע קרייזן אין קיעווער און פּאָדאָליער גו־בערניעס און נישט פֿון ישובים, וואָס געהערן צו דער ציווילער אַדמיניס־טראַציע" [11]).

יידישער האַנדלס־קאַפּיטאַל איז פֿאַמעלעך אָבער סיסטעמאַטיש אַריינ־געדרונגען אין דער אינדוסטריע פֿון צאַרישן רוסלאַנד. אין יענע אינדוס־טריעלע אונטערנעמונגען פֿון תחום־המושב, וואָס זיינען נישט געלעגן אין פֿריצישע הענט, איז דער יידישער אָנטייל געווען ביז גאָר קאָנטיק. אויך אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער צוקער־אינדוסטריע האָט דער יידישער האַנדלס־קאַפּיטאַל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל.

צו דער געבורט פֿון יידישן פֿאַבריק־אַרבעטער האָט אין אַ דעצידירנדי־קער מאָס בייגעטראָגן דער טיפֿער פּאופּעריזאַציע־פּראָצעס פֿון דער יידישער פֿאָלקס־מאַסע (אָנהייבנדיק פֿון 18־טן יאָרהונדערט). קודם־כל זיינען אַנט־שטאַנען קאַדרען נישט־קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, וואָס האָבן געפֿונען באַ־שעפֿטיקונג ביי כלערליי שווערער אַרבעט. פֿון זייערע רייען רוקן זיך מיט

דער צייט אַרויס יידישע פֿאַבריק־אַרבעטער. אין שייכות מיט דער גיכער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פֿון רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19־טן י. ה. וואַקסט די צאָל יידישע פֿאַבריקן און ס'פֿאַרגרעסערן זיך גלייכ־צייטיק די רייען פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט. די פֿאַרבינדונג צווישן די דאָ־זיקע ביידע אַנטוויקלונגס־ליניעס — וואוקס פֿון יידישע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען און וואוקס פֿון יידישן פֿאַבריק־פּראָלעטאַריאַט — איז אָבער ניט קיין ריטמיש־גלייכמעסיקע. ווי מיר וועלן ווייטער זען, האָבן יידישע פֿאַבריקאַנטן זייער אומגערן באַשעפֿטיקט אין זייערע פֿאַבריקן יידישע אַר־בעטער.

דעם וואוקס פֿון יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אילוסטרירן בולט די ווייטערדיקע ציפֿערן: אין 1864 האָבן אין 6 גובערניעס פֿון תחום־המושב (מחוץ קאָנגרעס־פּוילן) — ווילנער, מאָהילעווער, וויטעבסקער, וואָלינער, פּאָדאָליער און קיעווער — זיך געפֿונען 221 פֿאַבריקן (אין דער ציפֿער גייען אַריין אויך גרעסערע ווערקשטאַטן).ביים סוף פֿון יאָרהונדערט (1898) זיינען שוין געווען 1,397 — אַ וואוקס אויף מער ווי 6 מאָל אַזוי פֿיל. בעת די צאָל נישט־יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָט זיך אין די דאָזיקע גובערניעס פֿאַרגרעסערט פֿון 782 אויף 2,410 — מער ווי דריי מאָל אַזוי פֿיל. לויט ידיעות פֿון 1887 זיינען אין ביאַליסטאָק אַליין געווען 79 יידישע טעקסטיל־פֿאַבריקן מיט 2,077 אַרבעטער, צווישן זיי 1,268 יידישע, ד. ה. מער פֿון 60 פּראָצענט. אין ביאַליסטאָקער געגנט זיינען געווען 66 יידישע טעקסטיל פֿאַבריקן מיט 957 אַרבעטער, צווישן זיי 769, ד. ה. 80 פּראָצ. יידישע אַרבעטער. די ערשטע יידישע פֿאַבריק־אַרבעטער זיינען על פּי רוב געווען פֿאַרטרעטן אין די טעקסטיל און טאַבאַק אינדוסטריעס.

לויט די ציפֿערן פֿון די ייק"א־קאָרעספּאָנדענטן, זיינען ביים סוף פֿון 19־טן יאָרהונדערט אין די 15 גובערניעס פֿון רוסישן טייל פֿון תחום־המושב געווען 33,126 יידישע פֿאַבריק־אַרבעטער און אין די 10 גובערניעס פֿון קאָנגרעס־פּוילן — 12,380, פֿון וועלכע 11,944 האָבן געאַרבעט אין יידישע פֿאַבריקן און בלויז 436 אין נישט־יידישע. בכן צוזאַמען האָט די צאָל יידישע פֿאַבריק־אַרבעטער אין די 25 גובערניעס באַטראָפֿן 45,506. — עפּעס מער ווי 1.5 פּראָצענט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין אַרבעט־ און פֿאַר־אַרבעט־עלטער, וואָס האָט געציילט בערך 2,924,780 נפֿשות (אַרום 60 פּראָצ. פֿון דער צאָל 4,874,636, וואָס איז געוואָרן פֿעסטגעשטעלט אין דער פֿאָלקס־ציילונג פֿון 1897).

אין רוסישן טייל פֿון תחום־המושב איז דער גרעסטער פּראָצענט אַרבע־טער פֿון די אויסגעפֿאָרשטע אונטערנעמונגען געווען באַשעפֿטיקט אין מילן און אין אַנדערע אונטערנעמונגען פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אינדוסטריע (קאַשע־מילן, אייל־פֿאַבריקן א. אַ.). אויפֿן צווייטן אָרט גייען די אַרבעטער אין אונטערנעמונגען פֿון האָלץ־אינדוסטריע (טאַרטאַקן, מעבל־פֿאַבריקן), אויפֿן דריטן און פֿערטן אָרט מיט כמעט גלייכע צאָלן די אַרבעטער באַשעפֿטיקטע אין דער באַאַרבעטונג פֿון אָרגאַנישע פּראָדוקטן (לעדער, חזיר־האָר

א.אַ.וו.) און אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אויפן פינפטן אָרט לויט זייער צאָל שטייען די אַרבעטער פון דער מינעראַל־אינדוסטריע, אויפן זעקסטן — פּאַפּיר, אויפן זיבעטן — מעטאַל און אויפן סאַמע לעצטן — די באַשעפטיקטע אין דער דערנערונג־אינדוסטריע. 67 פּראָצענט פון אַלע יידישע פאַבריק־אַרבעטער פון די דערמאָנטע 15 גובערניעס זיינען געווען קאָנצענטרירט אין צפון־מערב ראַיאָן. אין צוויי אינדוסטריע־צווייגן — האָלץ און טעקסטיל — זיינען אין צפון־מערב ראַיאָן געווען באַשעפטיקט קנאַפּע 42 פּראָצענט פון אַלע יידישע פאַבריק־אַרבעטער און 80 פּראָצענט פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטער.

ווי אַזוי האָט עס אויסגעזען מיט די יידישע פאַבריק־אַרבעטער אין קאָנגרעס־פּוילן?

יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן שוין אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט געשאַפן מעגלעכקייטן, אַז ס'זאָלן אויפקומען און זיך מערן יידישע פאַבריק־אַרבעטער. אין זלמן פּאָזנערס טוך־פאַבריק אין דאָרף קוכאַרי (פּלאָצקער געגנט) זיינען אין די 30־קער יאָרן געווען באַשעפטיקט אויסשליסלעך יידישע וועבער (צווישן 150־240). קאַליש, לובלין און פּלאָצק האָבן אין די 40־קער יאָרן פאַרמאָגט גרופּעס יידישע טעקסטיל־אַרבעטער (וועבער, שטיקער). 1867 ווערט אין דער וואַרשויער יודישע ציימונג באַשריבן אַ יידישע פאַבריק, וואָס האָט עקזיסטירט זינט 1848 און האָט באַשעפטיקט 200 יידן. אין דער טאַבאַק־פאַבריק פון דער וואַרשעווער פירמע געברידער שאַפּיראָ אין די 60־קער יאָרן האָבן געאַרבעט 120 יידישע אַרבעטער [12]. 1862 זיינען אין לאָדזש אין 41 וועבערייען (קליינע און גרויסע), וואָס האָבן געהערט צו יידן, געווען באַשעפטיקט 255 יידישע אַרבעטער [13]. פון 146 פאַבריקן, וואָס וואַרשע האָט פאַרמאָגט אין 1885, האָבן 33 געהערט צו יידישע אייגנטימער. יידישע פאַבריק־אַרבעטער זיינען געווען 1,465. פון זיי האָבן העכער 80 פּראָצענט געאַרבעט אין יידישע פאַבריקן. גאַנצע 96 פּראָצענט פון אַלע יידישע פאַבריק־אַרבעטער אין וואַרשע האָבן געאַרבעט אין די טאַבאַק־פאַבריקן. אין פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק האָבן געאַרבעט אין דעם יאָר 739 יידישע אַרבעטער און 31 ניט־יידישע [14]. לויט די באַריכטן פון די ייק"א־קאָרעספּאָנדענטן, האָבן אין די 10 גובערניעס פון קאָנגרעס־פּוילן אין 1867 אויסגעפאָרשטע פאַבריקן (1,416 יידישע און 451 נישט־יידישע) געאַרבעט 43,011 אַרבעטער. פון זיי 11,944 יידישע. אויף די נישט־יידישע פאַבריקן איז די צאָל יידישע אַרבעטער געווען אַ מינימאַלע — סך־הכל 436. יידישע פאַבריק־אַרבעטער זיינען אין אַ פיל גרעסערער פּראָפּאָרץ געווען אין פאַבריקן אָן מעכאַנישער קראַפט. אין דורכשניט זיינען אויך די יידישע פאַבריקן געווען קלענערע, ווי די נישט־יידישע. ביי די לעצטע האָט יעדע פאַבריק געציילט דורכשניטלעך 101.8 אַר־בעטער, דאַקעגן אין די יידישע — 30.4 אַרבעטער.

יידישע טעקסטיל־אַרבעטער זיינען געווען קאָנצענטרירט אין די צוויי טעקסטיל־ראַיאָנען: לאָדזשער און ביאַליסטאָקער.

אין די גרויסע יידישע לאָדזשער טעקסטיל־פאַבריקן זיינען דער איבער־

וועגנדיקער רוב אַרבעטער געווען קריסטן. אין ישראל פּאָזנאַנסקיס פֿאַבריקן, וואָס האָבן באַשעפֿטיקט 6,300 אַרבעטער, האָט מען געקאָנט טרעפֿן בלויז אַ פּאָר צענטליק יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפֿן איבער די צאָלרייכע פֿאַבריק־אָפּטיילן. דאָס זעלבע איז געווען אין די גרויסע פֿאַבריקן פֿון ישעיה ראָזענבלאַט (איבער 1,000 אַרבעטער) און מ. זילבערשטיין (קרוב 1,500 אַרבעטער). איינע פֿון די סיבות איז געווען די פֿראַגע פֿון שבת־רו, ביי דעם רוב יידישע אַרבעטער איז עס געווען אַ מניעה, איבער וועלכער זיי האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט אַריבערגיין. ביי אַ גוטן ווילן מצד די יידישע פֿאַבריקאַנטן וואָלט מען די אַרבעט געקאָנט אַזוי איינשטעלן, אַז די פֿראַגע פֿון שבת־רו וואָלט קיין מניעה נישט געווען. דער דאָזיקער ווילן האָט אָבער געפֿעלט. (אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ס'איז אויפֿגעקומען די בונדישע אַחדות־באַוועגונג און מאַסן יידישע אַרבעטער זיינען געווען ווילִיק צו אַרבעטן שבת, האָבן די גרויסע יידישע פֿאַבריקאַנטן געהאַט אַ נייעם תירוץ — יידישע אַרבעטער זיינען אַ רעוואָלוציאָנערער עלעמענט...).

זייער פֿאַרשפּרייט איז אין לאָדזש געווען דער טיפּ לוינוועבער. זיי האָבן אָנגענומען באַשטעלונגען ביי גרעסערע פֿאַבריקאַנטן און זיי אויסגעפֿירט לויט פֿעסטגעשטעלטע מוסטערן. די וועב־שטולן האָבן געהערט צו זיי און זיי האָבן אויך געדונגען די אַרבעטער, אָבער די רוי־שטאָפֿן האָט געגעבן דער באַשטעלער. די רייכערע לוינוועבער האָבן באַשעפֿטיקט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער און די אַרבעט איז אויסגעפֿירט געוואָרן אין אַן אַרענדירטן פֿאַבריק־בנין. חוץ דעם איז געווען דער טיפּ היים־וועבער, וואָס האָט אָנגענומען אַהיים אַרבעט סיי דירעקט פֿון פֿאַבריקאַנטן, סיי פֿון וואָל־פֿאַרקויפֿער („פֿאַבריקאַנטן אָן פֿאַבריקן"). די היים־וועבער האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער לאָדזשער פֿאָרשטאָט באַלוט. זיי האָבן געאַרבעט בלויז מיט די דערוואַקסענע משפּחה־מיטגלידער אָדער מיט 1־2 געזעלן. זייערע באַשטעלונגען האָבן זיי על פּי רוב באַקומען פֿון דער צווייטער האַנט דורך ליפֿעראַנטן. די דאָזיקע פֿאָרם פֿון היים־אַרבעט איז געווען שטאַרק פֿאַרשפּרייט אין לאָדזשער טעקסטיל־ראַיאָן — זדונסקע־וואָלע, פּאַביאַניץ, בעלכאַטאָוו, קאָנסטאַנטין, אַלעקסאַנדער און אַנדערע שטעטלעך. אין אַזאַ „פֿאַבריקל", וואָס איז געווײנלעך באַשטאַנען פֿון 1 צימער מיט עטלעכע וועב־שטולן, האָט די גאַנצע דערוואַקסענע משפּחה שווער געהאָרעוועט. די אַרבעט־צייט איז געווען 14־16 שעה. דער דורכשניטלעכער פֿאַרדינסט פֿון אַ וועבער איז געווען אין בעסטן פֿאַל פֿון 8־10 רובל אַ וואָך, בעת אויף בלויז עסן און דירה פֿאַר זיך און דער פֿאַמיליע (אין דורכשניט 4 קינדער) האָט ער געדאַרפֿט 7 רובל. דער פֿאַרדינסט פֿון זיינע געזעלן איז געווען פֿון 3 ביז 4 רובל אַ וואָך, וואָס האָט זיי קוים געקלעקט אויף די סאַמע נייטיקע הצטרכותן. דאָ זיינען די אַרבעט־באַדינגונגען געווען ערגערע און די עקספּלואַטאַציע אַ גרעסערע ווי אין די פֿאַבריקן. כמעט אויף אַ העלפֿט נידעריקער זיינען געווען די לוינען פֿון די וועבער און געזעלן אין די פֿאַבריק־שטעטלעך פֿון לאָדזשער ראַיאָן. אין די לעצטע יאָרן פֿון 19־טן י. ה. האָבן זיך די אַרבעט־באַדינגונגען פֿון די לוינוועבער נאָך מער

פאַרערגערט. דערפירט צו דעם האָט פון איין זייט דאָס אַרויסשטויסן די האַנט־וועבעריי דורך מעכאַנישער קראַפט. פון דער אַנדערער זייט — דער קריזיס אין דעם דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג.

דער צווייטער טעקסטיל־צענטער, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל יידישע וועבער, איז געווען דער ביאַליסטאָקער ראַיאָן פון טוך־פאַבריקאַציע. אין דעם ראַיאָן זיינען דורך די ייק״א־קאָרעספּאָנדענטן אויסגעפאָרשט געוואָרן 33 מעכאַנישע און 68 נישט־מעכאַנישע טעקסטיל־פאַבריקן. אין די מעכאַנישע פאַבריקן זיינען געווען באַשעפטיקט 2,043 אַרבעטער, פון זיי 1,469 (71.8 פּראָצ.) יידן, אין די נישט־מעכאַנישע 1,820 אַרבעטער, פון זיי 1,416 (77.8 פּראָצ.) יידן. ווי מיר זעען איז דאָ די צאָל יידישע אַרבעטער אין די יידישע פאַבריקן געווען אָן אַן ערך גרעסער ווי אין לאָדזשער ראַיאָן. אויך דאָ איז די צאָל יידישע וועבער אין די נישט־יידישע פאַבריקן אַ מיני־מאַלע — אויף 5,243 אַרבעטער אין 33 פאַבריקן (20 מעכאַנישע) זיינען געווען נאָר 134 יידישע אַרבעטער און אויך דאָ איז געווען די זעלביקע דערשיינונג, אַז אין די גרויסע יידישע מעכאַנישע פאַבריקן ווי הענדלערס, בלאָכס, נאָוויקס (ביי דעם לעצטן 400 אַרבעטער) זיינען געווען באַשעפטיקט ווייניק אָדער לגמרי נישט קיין יידן.

אין ביאַליסטאָקער טעקסטיל־ראַיאָן איז געווען פאַרשפּרייט דער טיפּ לוינקעטניק, ענלעך צום טיפּ לויגוועבער פון לאָדזשער ראַיאָן.

אין דעם רוב יידישע מעכאַנישע פאַבריקן האָט דער אַרבעט־טאָג צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט נאָך די גרויסע שטרייקן פון די יאָרן 1897־1895 באַטראָפן פון עלף אַ האַלב ביז 12 שעה אַ טאָג. אין די קליינע האַנט־וועבערייען איז דער אַרבעט־טאָג כמעט נישט געווען נאָרמירט און מען האָט געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט, בפרט אין די קלענערע שטעטלעך ווי וואַשילקאָוו, האָראָדאָק. אין די קליינשטעטלדיקע פאַבריקלעך האָט מען אויך ברייט באַנוצט אַרבעט פון מינדעריעריקע און קינדער.

די היגיענישע באַדינגונגען זיינען אַפילו אין די מעכאַנישע פאַבריקן געווען קלאָגעדיקע. אין שמאָלע, נידעריקע און שלעכט־באַהייצטע פאַבריק־האַלעס זיינען די וועב־שטולן געשטאַנען ענג צונויפגעדריקט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פּערמאַנענטער געפאַר פאַרן לעבן און געזונט פון אַרבעטער. שטענדיק איז אין די פאַבריק־האַלעס געווען אַ געשטאַנק פון שמירעכצן. די לופט — אָנגעזאַפּט מיט וואָל־שטויב און פאַרשידענע אויס־דאַמפונגען. יאָרן אַרבעט ביי אַזעלכע אויסמאַטערנדיקע און אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען, ביי אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג און הונגער־לוינען, זיינען געווען ביכולת אַרונטערצורייסן דאָס געזונט פון שטאַרקסטן אַרבעטער. אין די פאַבריקן האָט מען אויך געטראָפן אויסגעמאָגערטע און בלייכע מינדעריעריקע מיידלעך (שפּולערינס), כמעט נאָך קינדער. נישט געקוקט אויף די דאָזיקע שוידערלעכע אַרבעט־באַדינגונגען האָט דער אָנבאָט פון אַרבעט־הענט תמיד איבערגעשטיגן דעם נאָכפראַגע און אַרבעטלאָזיקייט איז סיי ביי די פאַבריק־אַרבעטער, סיי ביי די האַנטווערקער

געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. דער פּראָצעס פון אַרויסשטויסן די האַנט־וועבעריי דורך מעכאַנישער קראַפט און די אָפטע קריזיסן האָבן סוף 90־קער יאָרן געשאַפן אין ביאַליסטאָקער טעקסטיל־ראַיאָן אַ לפי־ערך צאָלרייכן יידישן אַרבעטלאָזן פּאַבריק־פּראָלעטאַריאַט.

אויך אין צוויי אַנדערע אינדוסטריע־צווייגן אין תחום־המושב — אין דער לעדער־אינדוסטריע און אין דער אויסאַרבעטונג פון חזיר־האָר, וואָס זיינען אין צפון־מערב ראַיאָן געלעגן בעיקר אין יידישע הענט — איז געווען קאָנצענטרירט אַ לפי ערך צאָלרייכער יידישער פּאַבריק־פּראָלעטאַריאַט.

די צענטראַלע ראַיאָנען פון דער גאַרבעריי־אינדוסטריע זיינען געווען אין ווילנער גובערניע: סמאָרגאָן (27 גאַרבאַרניעס מיט 461 אַרבעטער, פון זיי 258 יידישע), אָשמענע (6 גרויסע גאַרבאַרניעס), אין ווילנע (4); אין גראָדנער גובערניע: גראָדנע, ביאַליסטאָק, וואָלקאָוויסק, קרינעק א. אַ. (67 גאַרבאַר־ניעס מיט 1,103 אַרבעטער, פון זיי 940 יידישע). אין דווינסק איז געווען אַ לעדער־פּאַבריק מיט 170 אַרבעטער און פיל קליינע גאַרבאַרניעס זיינען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן שטח פון תחום־המושב.

צענטרען פון דער גאַרבער־אינדוסטריע אין דרום־מערבדיקן ראַיאָן זיי־נען געווען קיעווער און וואָלינער גובערניעס (אין בערדיטשעוו 5, אין וואָ־סילקאָוו — 6 און 4 אין ביעלאָצערקעוו). אין נאָווגאָראָד־וואָלינסק זיינען גע־ווען 5 גרויסע גאַרבאַרניעס, וואָס האָבן באַזאָרגט מיט גוטע לעדער כמעט דעם גאַנצן ראַיאָן. אין בערעזדאָוו (נאָווגאָראָד־וואָלינסקער פּאָוויאַט) זיינען אין דער פּאַבריק געווען באַשעפטיקט 100 אַרבעטער, צווישן זיי 60 יידישע. אין די 12 קליינע גאַרבאַרניעס אין ראַמאַנאָווקע — 98 יידן.

אויך אין דער לעדער־באַאַרבעטנדיקער אינדוסטריע (שיך, הענטשקעס) איז אין צפון־מערב־ראַיאָן געווען באַשעפטיקט אַן אָנזעעוודיקע צאָל יידישע אַרבעטער. לויט אַן אָפיציעלער סטאַטיסטיק און לויט די ידיעות פון די ייק"א־קאָרעספּאָנדענטן זיינען אין יאָר 1897 געווען אין צפון־מערב־ראַיאָן 30 פּאַרשידענע יידישע פּאַבריקן פון לעדער־אויסאַרבעטונגען (אויף דער אַלגעמיינער צאָל 45) מיט 400 יידישע אַרבעטער אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 482, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין דעם דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג.

וואָס שייך דער בערשטער־אינדוסטריע, האָט זי זיך בעיקר קאָנצענטרירט אין צפון־מערב־ראַיאָן און איז אין 100 פּראָצענט געלעגן אין יידישע הענט. אין 1897 האָבן זיך אין דעם דאָזיקן ראַיאָן געפונען 17 פּאַבריקן מיט 519 אַרבעטער, אַלע יידישע. צענטרען פון דער בערשטער־אינדוסטריע זיינען געווען: ווילקאָווישק, קרעסלאַווקע, קאָוונע, ווערזשבעלאָוו, וויש־טינעץ, ווילנע, מינסק א. אַ. אַ צענטער פון דער חזיר־האָר־אינדוסטריע אין קאָנגרעס־פּוילן איז געווען מעזריטש. די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע. וועגן ווילקאָווישק ווערט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון 1896 דערציילט: „די פּאָמעסצעניעס זיינען קליין, קיין ווענטילאַציעס זיינען ניטאָ, די פּול (שטויב) פון די צעטיינע פּאַלט שטענדיק אויף די לונגען, עסט זיי

אויף און ברענגט די בערשטער די צאכאטקע. כמעט אַ העלפט ווילקאָווישקער בערשטער ליידן אויף לונגען־קראַנקייטן. אויסער דעם פון שטענדיקן שטיין ביי דער אַרבעט באַקומען זיי וואונדן אויף די פיס" [15].

די פלאָג פון די בערשטער־אַרבעטער זיינען געווען די פּאָסרעדניקעס (פאַרמיטלער), וואָס האָבן אָנגענומען אַרבעט ביי די פאַבריקאַנטן און גע־דונגען אַרבעטער. היות זייער פאַרדינסט איז געווען דער אונטערשיד אין פּרייז, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די פאַבריקאַנטן און וואָס זיי האָבן געצאָלט די אַרבעטער, איז די עקספּלואַטאַציע געווען אַ מוראדיקע. ערשט נאָך דער שטרייק־כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם בערשטער־ראַיאָן אין דער ערשטער העלפט פון 1896, האָבן זיך די אַרבעטער אין ווילקאָווישק דערשלאָגן אַ 12־13 שעהדיקן אַרבעט־טאָג און אַ וואָכן־לוין ביז 8 רובל (פריער איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט די אַקאָרד־אַרבעט). מיט אַ יאָר שפּעטער איז שוין אין רוב בערשטער־פאַבריקן געווען איינגעפירט אַ 10־11 שעהדיקער אַרבעט־טאָג, אָבער די לאַגע אין דער בערשטער־אינדוסטריע האָט זיך צוליב דער שטאַרקער קאָנקורענץ מצד די פּרייסישע בערשטער־פאַבריקאַנטן שטאַרק פאַרערגערט און פאַבריקן האָבן זיך געמוזט שליסן.

III

# דאָס גייסטיק־געזעלשאַפטלעכע פּנים פון רוסישן יידנטום אין לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט

צוויי עיקרדיקע סאָציאַלע כוחות האָבן געווירקט אין רוסישן יידנטום, וואָס זיינען געווען די טרעגער פון צוויי קעגנזעצלעכע קולטור־שטרעמונגען: פון איין זייט די פאָלקס־מאַסע מיט אירע גייסטיקע פירער — די רבנים (ביי דער חסידישער מאַסע — רביים). זי איז געווען קאָנסערוואַטיוו און צוגעבונדן צו די אַלטע טראַדיציאָנעלע, רעליגיעז־נאַציאָנאַלע לעבנס־פאָרמען. פון דער צווייטער זייט אַ דינער שיכט פון דער אויפגעקומענער, אויפגעקלערטער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ — יורשים פון די השכלה־אידעאַלן פון די 60־קער און 70־קער יאָרן.

דער פרייער צוטריט צו בילדונג (ביז דעם באַרימטן צירקולאַר פון 1887, וואָס האָט אייגעפירט די פּראָצענט־נאָרמע) האָט ממשותדיק פאַרגרעסערט די קאַדרען פון דער פּראָפעסיאָנעלער יידישער אינטעליגענץ. פאַר די יאָרן 1840־1872 איז די צאָל יידן אין די רוסישע גימנאַזיעס אויסגעוואַקסן פון 48 ביז 2,362; אין יאָר 1886 דערגייט די צאָל יידישע סטודענטן אין די 8 רוסישע אוניווערזיטעטן ביז 1,856.

אין 1856 ווערט דערלויבט די תלמידים פון די ראַבינער־שולן אין ווילנע און זשיטאָמיר אַריינצוטרעטן אין אוניווערזיטעט. די ראַבינער־שולן האָבן זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין בילדונג־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן געגרייט נישט קיין רבנים (די א. ג. „קאַזיאָנע״ רבנים זיינען קיינמאָל נישט געוואָרן קיין גייסטיקע מנהיגים ביי די רוסישע יידן, מען האָט געזען אין זיי צאַרישע טשינאָווניקעס), נאָר קאַדרען פון צוקונפטיקער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. אַ גרויסע ראָל האָט אויך געשפּילט די באַקאַנטע אָדעסער שול פון בצלאל שטערן (געגרינדעט 1826). דאָרט האָבן באַקומען בילדונג שפּעטערע דאָקטוירים, לערערס, בוכהאַלטערס. צווישן דעם דאָזיקן שיכט אינטעליגענץ און דער פאָלקס־מאַסע איז אויסגעוואַקסן אַ תהום. בשעת די פאָלקס־מאַסע האָט געזען אין דער אָפיציעלער „קאַזיאָנער״ בילדונג אַ געפאַר פאַר דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, איז די דאָזיקע ניי־אויפגעקו־מענע אינטעליגענץ בדרך כלל, ביז דעם איבערבראַך־מאָמענט פון די יאָרן 1881־1882, געווען געשטימט אַסימילאַטאָריש־קאָסמאָפּאָליטיש. „איינס מיטן

רוסישן פאָלק" — דאָס איז געווען (מיט ווינציקע אויסנאַמען) די לאָזונג פון דעם ערשטן דור יידישער אינטעליגענץ.

דער זעלביקער נוסח פון אויסטיילן און אָפּטיילן זיך פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע, אויף וועלכער מען האָט געקוקט שיער נישט מיט פאַראַכטונג, האָט נאָך אין יאָר 1859 באַוואויגן אַ הייפל יידישע פלוטאָקראַטן אין פעטער־בורג צו בעטן הכנעהדיק ביים צאַר מען זאָל זיי, די „גוטע קערנער", אויס־טיילן פון דער „פּלעווע" און זיי מזכה זיין מיט געוויסע רעכט. אין דער היינזיכט איז דער דאָזיקער ערשטער דור יידישער אינטעליגענץ געגאַנגען אויף דער ליניע פון דער אָפיציעלער רוסיפיקאַטאָרישער רעגירונגס־פּאָלי־טיק און ממשיך געווען די עלטערע טראַדיציע פון דער רוסישער השכלה, וואָס האָט געוואָלט רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן מיט דער הילף פון צאַ־רישן „חסד". אין איר הומאַניסטישן קאָסמאָפּאָליטיזם האָט דער דאָזיקער דור אינטעליגענץ זיך גייסטיק געשפּייזט פון דער דעמאָלטיקער פּראָגרע־סיווער, אידעאַליסטישער רוסישער ליטעראַטור. אין פולשטענדיקן „צונויפ־שמעלצן" זיך מיטן רוסישן פאָלק האָט זי געזען די ליכטיקע אויסגעטרוימטע צוקונפט. ס'איז געווען די צייט, ווען מען האָט נאָך דעם שרעקלעכן רעזשים פון צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן געקוקט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווי אויף אַן אויסלייזער. יעדע ענדערונג צום בעסערן און יעדן אָנשטענדיק־מענטשלעכן אָפּרוף וועגן יידן אין דער רוסישער פּרעסע האָט מען באַגריסט מיט גרויס התפעלות.

די דאָזיקע אָפּטימיסטיש־פּאַטריאָטישע שטימונג אפילו ביי ברייטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אַרויסגערופן געוואָרן בעיקר דורך די צוויי נייע אויפגעקומענע און איינפלוסרייכע סאָציאַלע שיכטן: די גרויסע גבירים פון נייעם שניט און די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, וואָס האָבן אַדאַנק די ליבעראַלע געזעצן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן לטובת זיי געפילט זיך אין גאַנצן באַפרידיקט און געשאַפן אַן אידעאָלאָגיע פון געטרייער אונטער־טעניקייט און פּאַטריאָטיזם [16].

אין דער דאָזיקער שטימונג פון דער יידישער אינטעליגענץ איז שפּע־טער פאָרגעקומען אַן איבערבראָך. די טויערן פון בילדונג האָבן זיך געעפנט פאַר ברייטערע קרייזן פון יידישן בירגערטום. ס'איז אַנטשטאַנען אַ נייער ייִנגערער שיכט אינטעליגענץ, וואָס האָט צום ענין בילדונג געהאַט אַ ווייני־קער אידעאַליסטישן און מער פּראַקטישן צוגאַנג — בילדונג ווי אַ מיטל פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער עליה. אויף דעם דאָזיקן וועג איז וואָס ווייטער אַלץ שווערער געוואָרן פאַר אַ יידישן פּראָפעסיאָנעלן אינטעליגענט העכער צו שטייגן. פון דער אַנדערער זייט האָט דער שטייגנדיקער אָפיציעלער און געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם אין די 70־קער יאָרן אָנגעהויבן זיין אויס־ניכטערנדיקע ווירקונג צווישן דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך שוין גע־האַט היפּש דערווייטערט פון יידישן פאָלק. איר ראַדיקאַלער פליגל, וואָס איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון רוסישן פאָלקיזם (נאַראָדני־טשעסטוואָ), האָט מיט גרויסן אידעאַליזם שוין געהאַט אַריינגעוואָרפן זיך אין

דער רעוואָלוציאָנער־אויפקלערישער באַוועגונג פון „גיין אין פאָלק" (רו־סישן פאָלק). אויף דעם יידישן פאָלק האָט דער טייל געקוקט, ווי אויף אַ פינצטערער, ווירטשאַפטלעך־פּאַראַזיטירנדיקער רעליגיעזער גרופּע, וואָס פאַרמאָגט נישט דעם וויכטיקסטן פּראָדוצירנדיקן קלאַס — דאָס פּויערטום. דעם איינציקן אויסוועג האָט מען געזען אין אַסימילאַציע. אָבער אויך דער טייל האָט ניט אויסגעמיטן די קלעפּ פון די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן און ס'איז געקומען אַן אויסניכטערונג.

דער נייער, יינגערער שיכט פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געלערנט אין די אַלגעמיינע בילדונג־אַנשטאַלטן און בפרט דער נייער שיכט פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ — עקסטערניקעס, געוועזענע קלויזניקעס, יונגעלייט און מיידלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די אומעטיקע שטעטלעך אין די גרעסערע צענטרען נאָך בילדונג און אַ שטיקל תכלית — איז געשטאַנען פיל נענטער צו דער יידישער פאָלקס־מאַסע, צו איר לעבנסשטייגער. פון דעם שיכט זיינען געקומען די טרעגער פון די נאַ־ציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין רוסישן יידנטום אין די 80־קער און 90־קער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

די פּאָגראָמען אין די יאָרן 1881־1882 זיינען געווען אַן איבערבראָך־מאָמענט אינם גייסטיק־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון רוסישן יידנטום. די דאָזיקע פינצטערע יאָרן האָבן אַ שטאַרקן שטויס געגעבן דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק. זיי האָבן פאַרשאַפט פיל צער און ליידן, אָבער גלייכצייטיק אַרויסגערופן אַ שטאַרקן געדאַנקלעכן פערמענט און אויפלעבונג אין דער יידישער געזעל־שאַפט. ס'האָבן נאַטירלעך נישט געפעלט קיין שטימונגען פון אַנטוישונג. בפרט איז געווען ביטער די אַנטוישונג ביי יענעם טייל פון דער יוגנט, וואָס איז אַוועק פון דער יידישער סביבה און געגומען אַן אַנטייל אין דער רוסיש־פאָלקיסטישער באַוועגונג. דאָס פאָלק, מיט וועלכן מען האָט זיך גע־וואָלט „צונויפשמעלצן", האָט זיך אַנטפּלעקט אין געשטאַלט פון אַ פינצטערן און אין פיל פאַלן פּאָגראָמירנדיקן מוזשיק. ס'הויבן אָן דאָמינירן תשובה־שטימונגען. יידישע סטודענטן און אינטעליגענטן אין פּעטערבורג האָבן זיך צאַלרייך געזאַמלט אין דער שול בעת דער הזכרה נאָך די קרבנות פון די פּאָגראָמען דעם 18־טן יאַנואַר 1882. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אויך אין אַנדערע שטעט. אַ טייל ווערט פאַרכאַפּט פון חיבת־ציון־אידעאַל. פון דעם דאָזיקן קרייז איז אַנטשטאַנען די ביל"ו־באַוועגונג פון די 80־קער יאָרן. ביי דעם טייל, וואָס האָט נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין סאָציאַליזם, האָט זיך די תשובה־שטימונג אויסגעדריקט אין אַ שטרעבונג צו „גיין אין פאָלק", — דאָס מאָל אין אייגענעם — און צווישן דער יידישער פאָלקס־מאַסע פאַר־שפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. אָט דער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפט־לעכער פערמענט שפּיגלט זיך אָפּ אין דער דעמאָלטיקער יידישער פּרעסע — אין דער העברעאישער: המגיד, המליץ, הצפירה; אין דער יידיש־רוסישער: וואָסכאָד, ראַזסוויעט, דיען און אין דער איינציקער יידישער וואָכן־צייטונג יודישעס פאָלקסבלאַט. ס'ווערן דאָרט דיסקוטירט אַזעלכע פּראָבלעמען, ווי

עמיגראַציע, פּאַלעסטינאָפּיליזם (חיבת־ציון), קאָלאָניזאַציע אין די מעבר־לים־לענדער און פּראָדוקטיוויזאַציע. מ׳האָט אויך ליידנשאַפטלעך דעבאַטירט וועגן די שאָטן־זייטן פון יידישן ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער אויפברויז האָט אָבער נישט געפונען פאַר זיך קיין אַנטשפּרעכנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. אין תחום־המושב האָבן פאָרמעל פון 1845 אָן נישט עקזיסטירט קיין רעכטלעך־אָנער־קענטע קהילות (קאָנגרעס־פּוילן איז אין דעם פּרט געווען אין אַן אַנדערער לאַגע, דאָרט האָט די מאַכט אָנערקענט די א. ג. „דאָזאָרי בוזשניטשנע״, ווי יורידישע רעפּרעזענטאַנטן פון די קהילות מיט רעכט פון באַשטייערן און בוד־זשעטירן). די איינציקע, אָפיציעל־אָנערקענטע, יידישע געזעלשאַפטלעכע אָר־גאַניזאַציע איז געווען די חברה מפיצי השכלה (געגרינדעט אין 1863), וואָס האָט זיך געשטעלט שמאָלע בילדונג־צילן אין גייסט פון רוסיפיקאַציע.

אין דעם אויטאָקראַטיש־רעגירטן רוסלאַנד האָבן די ראָל פון פאָרשטייער פון יידישן צבור געשפּילט אָנגעזעענע יחידים פון דער יידישער גבירהקראַטיע אין דער הויפּט־שטאָט פּעטערבורג. בשעת חירום פלעגט מען אויף באַראַ־טונגען פאַרבעטן אויך יידישע נאָטאַבלען פון דער פּראָווינץ. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש די קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּע־טערבורג — אונטערן פרישן איינדרוק פון דעם באַלטער פּאָגראָם — צווישן 18־טן און 27־טן אַפּריל 1882, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען אַרום 25 דעלעגאַטן פון די פּראָווינציעלע קהילות (צווישן זיי דער באַקאַנטער קיעווער אויגן־דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם און ר׳ יצחק אלחנן פון קאָוונע) און 15 פון די פּעטערבורגער פּני (באַראָן האָראַץ גינזבורג, דער פינאַנסיסט ס. פּאָ־ליאַקאָוו, פּראָפ. נ. באַקסט א. אַ.). די טאָן־געבער ביי דער קאָנפערענץ, די קרוינשטאָטישע דעלעגאַטן, האָבן פחדניש געציטערט פאַר יעדן דרייסטערן אויסדרוק, וואָס וואָלט געקאָנט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן אין די רעגירונגס־קרייזן. די קאָנפערענץ האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַן עמיגראַציע, „ווייל דאָס שטייט אין סתירה צו דער ווערדע פון דער רוסישער מלוכה(!) און צו די היסטאָריש־דערוואָרבענע רעכט פון יידן אויף זייער איצטיק פאָטערלאַנד״. די אַסיפה האָט אויך פייערלעך אָפּגעלייקנט, אַז ביי יידן עקזיסטירט אַזאַ זאַך ווי אַ קהילה־אָרגאַניזאַציע [17].

די נאַציאָנאַלע ענערגיע, וואָס איז געלאָזט געוואָרן אין באַוועגונג, האָט געפונען אייגענע, אָפּטמאָל סטיכישע פאָרמען פון אויסלאָדונג. די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן גענומען דעם גורל אין די אייגענע הענט אַריין. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע עמיגראַציע־כוואַליע. פון אָנהייב 80־קער יאָרן ביזן סוף פון יאָרהונדערט זיינען אַוועק מעבר לים איבער אַ האַלבער מיליאָן יידן, ווי אויך צענטליקער טויזנטער אין מערב־אייראָפּעאישע לענדער. אָן אַ זייט פון דעם דאָזיקן גרויסן סטיכישן עמיגראַציע־שטראָם זיינען געפלאָסן צוויי אָן אַן ערך קלענערע אָבער אידייאישע עמיגראַציע־שטראָמלעך: די באַוועגונגען עם־עולם און ביל״ו. ביידע האָבן געזען אין דעם צוריקגיין צו דער ערד (אַן אידייע געירשנט סיי פון דער השכלה, סיי פון דער רוסישער

נאַראָדניטשעסטוואָ) דעם וועג פון רעטונג. אין איינקלאַנג מיט די אידייען פון די אויטאָפּישע סאָציאַליסטן, האָבן די עם־עולם־גרופּעס געפּרוּווט גרינדן אין אַמעריקע אַ נייע גערעכטע געזעלשאַפט אין דער פאָרם פון לאַנדווירטשאַפט־לעכע קאָמונעס, וואָס האָבן געהאַט דעם זעלביקן גורל, ווי פון פריערדיקע אַגראַר־אוטאָפּיסטן אויפן אַמעריקאַנער באָדן — זיי זיינען אונטערגעגאַנגען. די ביל"ו־גרופּעס האָבן דעם דאָזיקן אידעאַל געוואָלט רעאַליזירן אין דעם היסטאָרישן היימלאַנד פון יידישן פאָלק. פּראַקטיש האָבן די ביל"ו'צעס אויך קיין סך נישט דערגרייכט, אָבער זיי האָבן געוויזן אַן אידעאַליסטישן פּרוּוו פון רעאַליזירן דעם רעיון פון חיבת־ציון, וואָס האָט צווישן די בעל־הבתישע שיכטן שוין דעמאָלט געהאַט צאָלרייכע אָנהענגער. אין גרעסערע און קלענערע שטעט פון תחום־המושב אַנטשטייען קרייזלעך פון חובבי־ציון. דער צענטר איז געווען אין אָדעס, וואו עס האָבן געווירקט די אידעאָלאָגן פון דער באַוועגונג דר. לעאָן פּינסקער און מ. ל. ליליענבלום. ביידע זיינען פון פאַרשידענע זייטן געקומען צו חיבת־ציון, דער ערשטער פון אַ פּאָזיציע פון עקסטרעמער אַסימילאַציע, דער צווייטער — פון אַ פּאָזיציע פון מיליטאַנטישער השכלה. די חובבי־ציון־גרופּעס, וואָס זייער סאָציאַלע באַזע איז געווען דער בעל־הבתיש־משכילישער שיכט מיט זיינע סאָציאַל־באַגרענעצטע און קולטורעל־קאָנסערוואַטיווע השגות, האָבן נישט געקאָנט אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלקס־באַוועגונג. צווישן זיי און די ברייטע פאָלקס־מאַסן איז געשטאַנען אַ מחיצה פון סאָציאַלער און קולטורעלער פרעמדקייט. דאָס לעבן פון די פאָלקס־מאַסן איז געפלאָסן אַן אַ זייט פון דער חיבת־ציון־באַוועגונג. געענדערט האָט זיך די לאַגע שפּעטער מיטן אויפקום פון פּאָליטישן ציוניזם.

די סאָציאַליסטישע אידייען האָבן אַלץ מער זיך גענומען פאַרשפּרייטן צווישן יידישע אינטעליגענטן און אויפגעקלערטע אַרבעטער. גלייכצייטיק איז אויך געוואָרן בולטער די סאָציאַלע און קולטורעלע דיפערענצירונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. פון איין זייט די פאָלקס־מאַסע, איבער גרויסע טיילן פון איר הערשט די אָרטאָדאָקסיע אין דער מתנגדישער אָדער חסידישער געשטאַלט, אָבער פון דער מאַסע שיילט זיך ביסלעכווייז אויס אַ קעמפערישער אַרבעטער־שיכט מיט מאָדערנע סאָציאַל־קולטורעלע אידעאַלן. פון דער אַנדערער זייט דאָס יידישע בירגערטום. הגם אויך די יידישע בירגערלעכע עלעמענטן האָבן געליטן פון דער רעכטלאָזיקייט און אַנטי־יידישע גזירות, זיינען זיי דאָך פּאָליטיש געווען פּאַסיוו און דער שפּיץ פון דעם סאָציאַלן שיכט — די גרויס־בורזשואַזיע — האָט זיך אויפגעפירט סערוויליסטיש לגבי דעם צאַרישן רעזשים. אויף דעם קולטור־אָפּשניט האָט די דאָזיקע דיפערענצירונג זיך אויסגעדריקט אין רוסיפיקאַציע — אָדער העברעאיזאַציע־טענדענצן (ביי דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע, פאָלקס־פרעמדער אינטעליגענץ און חובבי־ציון) און צוגעבונדנקייט צו יידיש, ווי צו דער שפּראַך פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע (ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פאָלקס־אינטעליגענץ). אויף דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט

האָט דער סאָציאַל־קולטורעלער דיפערענצירונג־פּראָצעס צווישן די יידן אין דער צאַרישער אימפּעריע שוין אָנגענומען בולט־שאַרפע קאָנטורן. ביי דעם אויסגאַנג פון דעם אָפּגעלאָפענעם יאָרהונדערט זיינען איין און דעם זעל־ביקן יאָר (1897) אַנטשטאַנען צוויי אָרגאַניזירטע צענטרען — דער בונד און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — וואָס האָבן געלייגט זייער שטאַרקן חותם אויף דעם וויטערדיקן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע אין 20־טן יאָר־הונדערט.

צווייטער קאַפּיטל

# אָנהייבן פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג

דער דעמאָקראַטיזירונג־ און ראַדיקאַליזירונג־פּראָצעס פון דער רוסישער אינטעליגענץ אין די 60־קער און 70־קער יאָרן האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם נייעם, דערווייל נאָך זייער דינעם שיכט יידישער אינטעליגענץ אין אַזעלכע צענטערן, ווי אָדעס, ווילנע, זשיטאָמיר, מאָהילעוו, קיעוו א. אַ.. אויף איר ווירקן די זעלביקע אידייען, וואָס האָבן באַקומען זייער אויסדרוק אין דער רוסישער נאַראָדניטשעסטוואָ (פאָלקיזם). זי האָט זיך דערצויגן אויף די טראַדיציעס פון דער הומאַניסטיש־פּראָגרעסיווער רוסישער ליטעראַטור און האָט צוזאַמען מיט דעם ראַדיקאַל־געשטימטן טייל פון דער רוסישער אינטע־ליגענץ אַדורכגעמאַכט די זעלביקע עוואָלוציע פון ליטעראַרישע און געזעל־שאַפטלעכע שטרעמונגען. דער ראַדיקאַלער, אידעאַליסטיש געשטימטער טייל האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער רוסישער פאָלקיסטישער באַוועגונג, אָנגעפירט פריער פון זעמליאַ אי וואָליאַ (ערד און פרייהייט) און שפּע־טער, נאָך דער שפּאַלטונג (אויגוסט 1879)—פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ (פאָלקס־ווילן). אַ קלענערער טייל האָט נאָך דער שפּאַלטונג אויך געהערט צום טשאָרני פּערעדיעל (שוואַרצע חלוקה — פון דער ערד).

שוין אין דער פריאיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 60־קער יאָרן זיינען געווען פאַרמישט אַ ריי יידישע סטודענטן, דער רוב פון פּעטער־בורגער הויך־שולן, ווי יוסף בערמאַן, אַלעקסאַנדער באָרוכאָוויטש, די ברי־דער אַלעקסאַנדער און לעאָן פרענקל, אַנטאָן עטינגער, די ברידער וולאַדימיר און אָסיפּ באַקסט — די זין פון באַקאַנטן לערער פון דער זשיטאָמירער ראַ־בינער־שול יצחק באַקסט. כמעט אַלע זיינען געוואָרן אַרעסטירט פאַר זייער אנטייל אין די סטודענטישע אומרוען. באַטייליקט זיינען אויך געווען אייניקע סטודענטן פון קיעווער אוניווערזיטעט, ווי יונה קאַצען, גריגאָרי ראָזען און יעקב שמולעוויטש. עטלעכע, ווי למשל ניקאָלאַי אוטין, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער רוסישער אויסלענדישער עמיגראַציע. אוטין איז געווען דער פאַרפאַסער פון פּראָגראַם פון דער רוסישער סעקציע פון ערשטן אינ־טערנאַציאָנאַל און געשטיצט מאַרקסן קעגן באַקונינען. (ער איז געווען געשמדט און שפּעטער געוואָרן אַ צאַרישער בעל־תשובהניק).

שוין אין די ערשטע פאָלקיסטישע קרייזלעך פון תחילת 70־קער יאָרן

האָט זיך געפֿונען אַ היפּשע צאָל יידן־רעוואָלוציאָנערן. אייניקע פֿון זיי, ווי פּנחס (פּאַוועל) אַקסעלראָד, אהרן (אַרקאַדי) זונדעלעוויטש, בנימין (וולאַדימיר) יאָכעלסאָן, לייזער צוקערמאַן און אַנדערע, האָבן געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָל. קיין באַזונדערע יידישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך האָבן יענע יידישע נאַראָדניקעס נישט געגרינדעט און געהאַט בדעה צו גרינדן. אין דער יידישער סביבה, צו וועלכער זיי האָבן זיך באַצויגן מיט אומווילן און טייל אַפֿילו מיט פֿאַראַכטונג און ביטול, האָבן זיי נישט געזען פֿאַר זיך קיין פֿעלד פֿון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. פֿאַר די דאָזיקע ערשטע פֿאָלקס־סאָציאַליסטן פֿון יידישער אָפּשטאַמונג איז געשטאַנען די אַלגעמיינע אויפֿגאַבע פֿון „גיין אין פֿאָלק" (אין רוסישן), אים אויפֿקלערן און צוגרייטן צו דער קומענדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

פּאַוועל אַקסעלראָד שרייבט אין זיינע זכרונות, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט איז ביי אים מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אַנטשטאַנען די פֿראַגע פֿון „גרייטן זיך צו אַרבעטן ספּעציעל לטובת דעם יידישן פֿאָלק, כדי אויסצואוואָרצלען ביי אים כּלערליי פֿאַראורטיילן, צו פֿאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די ברייטע מאַסן, פֿאַר באַזייטיקן זייער מצב און בויט און פֿאַר אויסגלייכן זיי אין זייערע רעכט מיט דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג פֿון רוסלאַנד — אָדער זיך ווידמען דער טעטיקייט לטובת דעם גאַנצן רוסישן פֿאָלק" [18]). אונטער דער ווירקונג פֿון לאַסאַלס שריפֿטן איז פּ. א. געקומען צו אַזאַ אויספֿיר: „מיט דער באַפֿרייאונג פֿון פֿערטן שטאַנד, האָב איך מיר געזאָגט, וועט ממילא געלייזט ווערן די יידישע פֿראַגע: און איך האָב באַשלאָסן צו ווידמען מיינע כּוחות דער אַרבעט לטובת דער באַפֿרייאונג פֿון אַלע אָרימע און אונטערדריקטע אין רוסלאַנד". זיין כּלה, דר. קאַמינערס טאָכטער — אַ קלאַסישער טיפּ פֿון אַ „גייערין אין פֿאָלק" — האָט געלעבט אין אַ דאָרף ביי אַ פּויערישער משפּחה און מיט איר אַזוי זיך צונויפֿגעלעבט, אַז זי האָט נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף און זיך אַריבערציען אין אַ קליינער נחלה, וואָס איר פֿאָטער האָט געקויפֿט פֿאַרן פֿאַר־פֿאָלק און וואו מען האָט געהאַט בדעה איינצואָרדענען אַ געהיימע דרוקעריי [19]).

אויך אין דער רעוואָלוציאָנערער סטודענטן־באַוועגונג, די א. ג. טשייקאָווצעס, האָבן יידן געשפּילט אַן אָנזעעוודיקע און פֿירנדיקע ראָל. דער גרינדער פֿון דער פּעטערבורגער גרופּע איז געווען מאַרק נאַטאַנסאָן, אַ זון פֿון אַ סוועגציאַנער סוחר. יידישע סטודענטן אין די גרופּעס טשייקאָווצעס זיינען אויך געווען אין מאָסקווע, קיעוו, אָדעס (סעמיאָן קליאַטשקאָ, סאָלאָמאָן טשודנאָווסקי א. אַ.).

צווישן די גרינדער פֿון דער פּאַרטיי זעמליאַ אי וואָליאַ זיינען געווען יידן. אין דער אָנפֿירונג — דעם גרויסן ראַט פֿון 25 — זיינען געווען די יידן: מאַרק נאַטאַנסאָן, אָסיפּ אַפּטעקמאַן, אַלעקסאַנדער כאַטינסקי און אהרן זונדעלעוויטש. שפּעטער זיינען צוגעקומען פּ. אַקסעלראָד און לעוו דייטש. אין דעם אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ ביי איר גרינדונג זומער 1879 זיינען צווישן די 28 מיטגלידער געווען דריי יידן — אהרן זונדעלעוויטש,

סאוועלי זלאַטאָפּאָלסקי און גריגאָרי גאָלדענבערג. צווישן די אַגענטן פון קאָמיטעט זיינען געווען אייזיק אראנטשיק, העסיע העלפמאַן, לייזער צוקער־מאַן, וולאַדימיר יאָכעלסאָן, גריגאָרי פרידענסאָן און לעוו זלאַטאָפּאָלסקי.

אַהרן זונדעלעוויטש האָט אָנגעפירט מיט דער טעכניק פון דער נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ (שמוגל פון אומלעגאַלער ליטעראַטור און דרוקעריי־איינריכטונ־גען פון אויסלאַנד, אָרגאַניזירן דאָס אַריבערפירן מענטשן דורך דער גרענעץ, שמוגל פון אויפרייס־מאַטעריאַלן א. אַז. וו..). יידן האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די טעראָריסטישע אַקטן. אין די 80־קער יאָרן איז דער פּראָצענט יידן צווישן די טעראָריסטן שטאַרק אויסגעוואַקסן. צווישן 154 פאַרמשפּטע אָנ־געזעענע טעראָריסטן אין די יאָרן 1880־1890 זיינען געווען 22 יידן. אַ היפּ־שער טייל פון זיי האָט געשטאַמט פון תחום־המושב (ווילנער און מינסקער גו־בערניעס). פון די 60־קער ביז די 90־קער יאָרן זיינען אויף דער קאַריער קאַטאָרגע אין סיביר געווען 217 פּאָליטישע, פון זיי 23 יידן. אויף די תליות זיינען אומגעקומען: מ. מלאָדעצקי, אהרן גאָבעט (פּיאָדאָראָוו), ס. וויטענ־בערג, לייב מיידאַנסקי, שמואל ראָזאָווסקי, שאול ליסיאַנסקי. פאַרמשפּט צום טויט זיינען געוואָרן נאָך מער, נאָר אין לעצטן מאָמענט האָט מען זיי פאַרביטן די טויט־שטראָף אויף קאַטאָרגע. אייניקע האָבן זיך גענומען דאָס לעבן אין תפיסה, אַנדערע זיינען אין תפיסה אויסגעגאַנגען. במשך די יאָרן 1884 — 1890 זיינען אין רוסלאַנד געווען 4,307 פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן זיי 579 יידן [20].

דאָס ערשטע יידישע פאָלקס־סאָציאַליסטישע קרייזל איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע צווישן די ווענט פון דער אַמאָליקער ראַבינער־שול, וואָס איז אין 1873 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידישן לערער־אינסטיטוט. פון דעם דאָזיקן קרייזל זיינען אַרויסגעקומען אַ ריי וויכטיקע טוער פון דער נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ, ווי א. זונדעלעוויטש, וו. יאָכעלסאָן, לייב דאַווידאָוויטש. מיט דער גרופּע טשייקאָווצעס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער ווילנערין אַנאַ עפּשטיין. צווישן די פירער פון קרייזל איז אויך געווען אהרן ליבערמאַן. די זשאַנדאַרמעריע איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם קרייזל און אין 1875 איז דאָס קרייזל זיך צעפאַלן. אַ צאָל האָבן עמיגרירט, אַנדערע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה. נישט געקוקט אויף דעם האָט זיך נאָך אין זעלבן יאָר געשאַפן אַ צווייט קרייזל מיט אַ טייל פון פריערדיקע און נייע מיטגלידער (35 פּערזאָן) און איז געוואָרן אָנגעפירט פון לייב דאַווידאָוויטש ביז דעם ענדגילטיקן דורכפאַל אין ווינטער 1876. ידיעות וועגן נייעם קרייזל האָבן געגעבן 2 מוסרים־פּראָוואָקאַטאָרן (אברהם דיסלער און מרדכי גלאַבוס). אין שייכות מיט דעם האָט מען אַרעסטירט 17 פּערזאָן.

חוץ אין ווילנע האָט אַן ענלעך קרייזל אויך עקזיסטירט אין קאָוונע, צו וועלכן עס האָבן געהערט מאָריס ווינטשעווסקי און זיינע חברים פּאָכט, אגוז און מארקוסזאָן. ענלעכע קרייזלעך זיינען אויך געווען אין גראָדנע, דווינסק, מינסק און יעלעץ.

די דאָזיקע קרייזלעך זיינען, נאַטירלעך, נישט געווען צאָלרייך. דעם קערן האָבן געבילדעט 10־8 מיטגלידער, וואָס אַרום זיי האָבן זיך גרופּירט אַ צאָל סימפּאַטיקער און סטודענטן, וואָס זיינען אַהיימגעקומען אויף וואַקאַציעס. בעיקר האָט מען זיך פאַרנומען מיט לייענען פאַרבאָטענע רוסישע ליטעראַטור, וואָס מען פלעגט שמוגלען פון אויסלאַנד: פּיאָטר לאַווראָווס „זשורנאַל וופּעריאָד", די מעשה פון פיר ברידער, די געשיכטע פון אַ פּויער, ווי אויך טשערנישעווסקיס ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט?"

מחמת די אָפטע דורכפאַלן און אַנטלויפן קיין אויסלאַנד האָבן זיך אין דער צווייטער העלפט 70־קער יאָרן געשאַפן אין אַ ריי אייראָפּעאישע צענטערן קאָלאָניעס פון יידישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט (בערלין, ווין, זשענעווע). צווישן די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון די דאָזיקע יידישע רעוואָלוציאָנערן אויף עמיגראַציע געהערט בלי־ספק אהרן שמואל ליבערמאַן.

אהרן ליבערמאַן איז אויפגעוואַקסן אין אידייען־קרייז פון די נאַראָדניקעס און נאַראָדאָוואָלצעס. ער האָט זיך אָבער אונטערגעשיידט פון זיינע יידישע חברים מיט דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די פראַגע פון פירן אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישן יידן נישט בלויז ווי אַ מיטל צו ווערבירן טוער פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר ווי אַ ציל פאַר זיך, בכדי צו וועקן דאָס סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין פון די יידישע פאָלקסמאַסן. אין די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן פון יידישן פאָלק האָט ער געזען אַ וויכטיקן פּראָגרעסיוון פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט.

„צוויי עלעמענטן האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן — אין דעמאָלטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן: דער סאָציאַליסטישער געדאַנק און דאָס נאַציאָנאַלע געפיל. ליבערמאַן האָט פאַרמאָגט ביידע. ער האָט זיך באַמיט צו געפינען אַ סינטעז. צו קיין האַרמאָניע איז ער נישט געקומען. ער האָט נאָר געעפנט דעם וועג פון זוכעניש. און דעריבער איז זייער לייכט צו געפינען אין זיינע שייכע ווערק, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער אויפריכטיקייט און פייערדיקן אידעאַליזם, — נישט איין לאָגישע סתירה" [21]).

נאָך די אַרעסטן און ליקווידאַציע פון דעם ערשטן ווילנער יידישן קרייזל אַנטלויפט ליבערמאַן קיין אויסלאַנד, וואו ער שפּינט ווייטער זיינע פּלענער צו פירן אַ סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן יידן. ער קומט קיין בערלין, שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער דאָרטיקער קאָלאָניע פון יידישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט. אָבער ער געפינט אין דייטשלאַנד נישט קיין באָדן. דאָרט האָט ער תחילת 1876 צוגעגרייט דעם פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט וועגן אָרגאַניזירן אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן פאַרבאַנד צווישן יידן אין רוסלאַנד. פון בערלין עמיגרירט ליבערמאַן קיין לאָנדאָן, וואָס איז שוין אין די 70־קער יאָרן געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון יידישער עמיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע (טיילווייז ווי אַ טראַנזיט־צענטער אויפן וועג קיין אַמעריקע). ווען ליבערמאַן איז געקומען קיין לאָנדאָן, איז שוין דאָרט געווען קאָנצענטרירט אַ פיל־טויזנט־קעפּיקע יידישע בעל־מלאכהשע מאַסע, וואָס האָט געלעבט אין באַדינגונגען פון טרויעריקן שוויץ־שאַפּ־סיסטעם. דאָ האָט ליבערמאַן געהאָפט

צו געפינען אַ באַדן פאַר זיין טעטיקייט. אין לאָנדאָן האָט פּיאַטר לאַווראָוו דעמאָלט אַרויסגעגעבן זיין פאָלקיסטיש־סאָציאַליסטישן זשורנאַל וופּערייאָד. ליבערמאַן האָט מיטגעאַרבעט אין זשורנאַל ווי אַ זשורנאַליסט און ווי אַ שריפטזעצער.

אין דאָזיקן זשורנאַל האָט ליבערמאַן אָפּגעדרוקט עטלעכע קאָרעספּאָנ־דענציעס, אין וועלכע ער שילדערט די שווערע לאַגע פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן. ער ברענגט אין זיי אויך צום אויסדרוק זיין שטעלונג צו די אויפגאַבן פון יידישע סאָציאַליסטן. אין דער קאָרעספּאָנדענץ וועגן ווילנע זאָגט ער:

„... מיר האָבן נישט אויף קיינעם צו האָפן: נישט אויף קיסרים, נישט אויף די אַלע מינים גינזבורגס, פּאָליאַקאָווס, וואַרשאַווסקיס און ענלעכע פּערזאָנען, וועמענס אינטערעסן זיינען דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך צו די אינ־טערעסן פון פאָלק. די איינציקע רעטונג פאַרן פאָלק איז אין אַ סאָציאַלער איבערקערעניש".

„. . . פיל רומרייכע קעמפער האָבן מיר צוגעשטעלט מערב־אייראָפּע. און אין רוסלאַנד זיינען די בעסטע פון אונזער יוגנט געשטאַנען אין די רייען פון די קעמפער פאַר דער פרייהייט פון פאָלק; ס'איז צייט פאַר די איבעריקע. דאָס רוסישע פאָלק ליידט. אים שטיקט די האַנט פון דעם, וואָס טאָפּטשעט אויך אונז מיט די פיס. ווער קען בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ סצענע? צי קען מען רואיק אַראָפּשלינגען דאָס שטיקל ברויט, ווען דו ווייסט, אַז דער קאָרן איז געוואַקסן אויפן באָדן, וואָס איז באַגאָסן געוואָרן מיטן בלוט פון פּויער און איז באַאַרבעט געוואָרן מיט די לעצטע אָנשטרענ־גונגען פון האָרעפּאַשניק, וואָס שטאַרבט פון הונגער! דער רוסישער מוזשיק — איז אונזער ברודער. פאַר אונז, סאָציאַליסטן, עקזיסטירן נישט קיין נאַציאָנאַליטעטן, קיין ראַסן־צעטיילונגען. מיר אַלע, וואָס לעבן אין רוס־לאַנד — זיינען רוסישע. ביי אונז זיינען די זעלביקע אינטערעסן און דער זעלביקער שטייגער. מיר — זיינען רוסישע! לאָמיר זשע זיך פּאַראייניקן אַלע קעגן די שונאים אין נאָמען פון גלייכהייט און ברידערלעכקייט. זאָל זיך פרייען די רוסישע רעגירונג! זי מאַכט שטאַרקע באַמיאונגען אונז צו רוסיפיצירן. מיר ווערן פאַרוסישט, אָבער — נישט אין איר גייסט און זי וועט נישט זיין צופרידן מיט אונזער רוסיפיצירונג" [22]).

גאַנץ אַנדערש קלינגט שוין אַ צווייטע קאָרעספּאָנדענץ — וועגן ביאַ־ליסטאָק:

„אין דער טעטיקייט צווישן יידן דאַרף מען זיך נישט רעכנען מיט די אָנשויאונגען פון יענע סאָציאַליסטן צווישן דער יוגנט פון די הויכשולן, וואָס זיינען געקומען פון דער יידישער סביבה. די באַדייטנדיקע מערהייט פון זיי איז פרי געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון אייגענעם פאָלק. פיל פון זיי האָבן קיינמאָל נישט געלעבט מיטן פאָלקס־לעבן. קינדער פון רייכע משפחות, זיינען זיי פרי געשטעלט געוואָרן אין ענלעכע באַדינגונגען, ווי די יוגנט פון אַנ־דערע נאַציאָנאַליטעטן. זיי קענען נישט זייער שטאַם און האָבן וועגן אים

אַ מיינונג אויפן סמך פון בלאָסע זכרונות פון דער קינדהייט אָדער אויפן סמך פון צופעליקע איינצלנע איינדרוקן, פון וועלכע עפּעס איז געבליבן אין זייער זכרון. אַליין האָבן זיי קיינמאָל נישט געפּרואווט זיך דערנענטערן צום פאָלק. פאַרקערט, ווי נאָר מעגלעך, האָבן זיי שוין אין דער קינדהייט זיך באַמיט צו האַלטן זיך פונדערווייטנס פון פאָלק, כדי מיט דעם גופא אויס־צוזען מער אייראָפּייער און מיט דעם נושא־חן זיין אין די אויגן פון זייערע קריסטלעכע חברים. אין דער זעלבער מאָס האָבן אויך די יידן פון פאָלק זיך דערווייטערט פון זיי און אויף זיי געקוקט ווי אויף פולשטענדיק פרעמדע מענטשן. נישט קוקנדיק אויף דעם, מיינען זיי, אַז זיי קענען אויסגעצייכנט דאָס יידישע פאָלק און מחמת דעם פּרוּאוון זיי קיינמאָל נישט באַקאָנטראָלירן זייער באַגריף וועגן אים. דעריבער קענען זיי נישט זיין קיין פאָלקס־טוער צווישן זייערע פאָלקס־ברידער. זיי געהערן פולשטענדיק צו דער אַלגעמיינער אינטעליגענטער יוגנט, וואָס איז באַרופן אויסצופירן די צוגרייטונגס־אַרבעט, אַריינטראָגן דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן געדאַנק אין די מוחות פון מענטשן וועלכע שטייען מער נאָענט צום פאָלק — און אָפּטרעטן אין הינטערגרונט, ווען ס׳וועלן אויסגעבילדעט ווערן געווענדע רעוואָלוציאָנערע כוחות פון פאָלק גופא. פאַר דער טעטיקייט צווישן דער מאַסע פון יידישן פאָלק דאַרף מען שאַפן אַנ־הענגער פון סאָציאַליזם צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס גופא אָדער צווישן דעם טייל פון דער אינטעליגענטישער יוגנט, וואָס איז נאָענט צו די אַרבעטער און האָט נישט איבערגעריסן די שייכות מיטן פאָלק. די פּראָפּאַגאַנדיסטן דאַרפן פון דער יוגנט ווערבירן קעמפער פאַרן סאָציאַליזם. כ׳בין זיכער, אַז איבערגעגעבנדיק צו סאָציאַליסטישער טעטיקייט, וועט די דאָזיקע יוגנט אַרויסגעבן פון זיך די סאַמע הייסטע קעמפער פאַר דער סאָציאַליסטישער זאַך און וועט די סאָציאַליסטישע בשורה ברענגען צו די אַנדערע פאָלקס־עלעמענטן, צו וועלכע איר גרויסע מערהייט איז געווען נאָענט"[23]).

(די קאָרעספּאָנדענציעס זיינען אַנאָנימע, אָבער געשריבן האָט זיי, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, א. ליבערמאַן).

אין מאַי 1876 איז פון ליבערמאַנס איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין א. ג. אגדת הסציאליסתים העברים בלונדון. במשך דער גאַנצער צייט פון זיין קורצער עקזיסטענץ זיינען אין פאַראיין געווען 35 מיטגלידער, אָבער קיינמאָל נישט מער ווי 19. דער פאַראיין האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל „צו פאַרשפּרייטן די סאָציאַ־ליסטישע אידייען אומעטום צווישן יידן, ווי אויך צווישן אַנדערע פעלקער, צו גרינדן ענלעכע געזעלשאַפטן וואו דער פאַראיין וועט קענען פאַראייניקן די אַרבעטער צום קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקער". ליבערמאַן איז געווען דער מחבר פון זיינע סטאַטוטן געשריבן אין העברעאיש און יידיש. דער פאַראיין האָט אַרויסגעלאָזט אַ געדרוקטן אויפרוף אין יידיש, וואָס מ׳האָט געטיילט אין די לאָנדאָנער גאַסן דעם 19־טן אויגוסט 1876 (דער ערשטער ביז איצט באַקאַנטער אויפרוף צו יידישע אַרבעטער). דער פאַראיין האָט אויך געגרינדעט אַ יידישע שניידער־יוניאָן, וואָס האָט צוגעצויגן קרוב 300 מיטגלידער, אָבער האָט עקזיסטירט נאָר 3 חדשים.

אונטער דער ווירקונג פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין האָבן זיך אויך געגרינדעט יוניאָנס פון טופלעס־מאַכער און היטל־מאַכער. (קיין איינ־פלוס אויף דער טעטיקייט פון די יוניאָנס האָט דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין נישט געהאַט).

ווי עס דערציילן די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון פאַראיין פאַר די 8 חדשים פון זיין עקזיסטענץ, האָט זיך אין אים געפירט אַ קאַמף צווישן ליבערמאַנען מיט אַ גרופּע אָנפירנדיקע מיטגלידער (הירש סאַפער, לייזער גאָלדענבערג — פּאָליטישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד), וואָס זייער איינשטעלונג איז געווען אַ קאָסמאָפּאָליטישע לויט דעם דעמאָלטיקן נוסח פון יידישע רעוואָלוציאָנערן. ליבערמאַן, וואָס האָט געקוקט אויף יידן ווי אויף אַ פאָלק מיט אַ קלאָרן נאַציאָנאַלן חותם, פלעגט נעמען אין אַכט יידישע נאַציאָנאַלע מאָמענטן און אַפילו טראַדיציעס. די לעצטע זיצונג האָט דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין אָפּגעהאַלטן דעם 28־טן דעצעמבער 1876. ער איז זיך פונאַנדערגעפאַלן, ווייל זיינע סאָציאַליסטישע אידייען האָבן נאָך נישט געפונען קיין שטאַרקן אָפקלאַנג צווישן די יידישע אַרבעטער, צוליב אינער־לעכע רייבונגען, ווי אויך צוליב דעם העפטיקן קאַמף פון די כלי־קודש, און פון דער צייטשריפט דזשואיש קראָניקל, וואָס האָבן אים באַשולדיקט אין מיסיאָנערישע כוונות. די מייסטערס, וואָס האָבן אונטערגעכאַפּט אָט דעם בילבול פון לאָנדאָנער אויבער־ראַבינער נתן אדלער, האָבן אויך שטאַרק באַקעמפט די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע.

נאָך דעם דורכפאַל אין לאָנדאָן קומט ליבערמאַן קיין ווין, עסטרייך און אין מאַי 1877 הייבט ער אָן אַרויסגעבן אַ לעגאַלן סאָציאַליסטישן זשורנאַל האמת אין העברעאיש — דער ערשטער פון דעם מין. דער האמת איז געווען באַשטימט פאַר די משכילישע קרייזן פון דער יידישער פאָלקס־אינטעלי־גענץ.

אָבער אויך מיטן האמת האָט ליבערמאַן קיין דערפאָלג נישט געהאַט. דער זשורנאַל האָט נישט בושא־חן געווען ביי די אָנפירנדיקע רוסישע חברים פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג (נישט אָן השפעה מצד די יידישע נאַראָדניקעס), שוין אָפּגערעדט פון דער בירגערלעכער העברעאישער פרעסע, וואָס איז אַרויס קעגן ליבערמאַנען מיט אַ פייַנטלעכער קריטיק. דעם דריטן נומער האָט די רוסישע צענזור קאָנפיסקירט און האָט בכלל פאַרווערט צו פאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל אין רוסלאַנד, און אָן דעם רוסישן לייענער האָט דער האמת נישט געקאָנט עקזיסטירן. ליבערמאַן שטעלט אָפּ די אויסגאַבע. ער וואַרפט זיך דעמאָלט אַריין אין דער געפערלעכער אַרבעט איבערצושיקן פאַרבאָטענע ליטעראַטור פון מערב־אייראָפּע קיין רוסלאַנד. ביי אָט דער אַרבעט ווערט ער פון דער עסטרייכישער פּאָליציי אַנטדעקט און אַרעסטירט. ער האָט געהאַט 2 פּראָצעסן: אין ווין (1878) און בערלין (1879). ער איז געזעסן אַ צייט אין עסטרייכישע און פּרייסישע תפיסות און נאָך דעם געפאָרן קיין לאָנדאָן און פון דאָרט קיין אַמעריקע, וואו ער האָט פריצייטיק פאַרענ־דיקט זיין לעבן (נאָוועמבער 1880).

אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט דער מאַרקסיזם אָנגעהויבן באַהערשן די מוחות פון די רוסלענדער רעוואָלוציאָנערן. נאָך די ערשטע אידייאישע געפעכטן האָט דער מאַרקסיזם אַלץ מער און מער אַרויסגעשטויסן די פריער־הערשנדיקע פאָלקיסטישע, נאַראָדאָוואָלישע און אויך אַנאַרכיסטישע אידעאָלאָגיעס. דער מאַרקסיזם האָט ביי אַ סך יידישע רעוואָלוציאָנערן אויך געענדערט דעם בליק אויף די פערספעקטיוון פון פאַרשפּרייטן סאָציאַליזם צווישן יידן. אין הסכם מיט זייער קוק אויף דעם פּויערים־קלאַס, ווי דעם איינציקן טרעגער פון אַגראַר־סאָציאַליזם, האָבן פריער די נאַראָדניקעס און נאַראָדאָוואָלצעס נישט געזען קיין שום סאָציאַ־ ליסטישע פערספעקטיוו פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד. יידן האָבן נאָר געקענט געניסן פון דער רעוואָלוציע, וואָס אַנדערע — די פּויערים־ מאַסע — וועט מאַכן. דער מאַרקסיזם, וואָס האָט געלייגט דעם עיקר־טראָפּ אויף דעם שטאָטישן אינדוסטריעלן אַרבעטער, האָט געמוזט ברענגען צו דעם, אַז אין די אויגן פון די יידן־רעוואָלוציאָנערן זאָל רעהאַביליטירט ווערן דער שטאָטישער יידישער האַרעפּאַשניק. אַרבעטער פאַרמאָגן דאָך יידן אויך. אין שייכות מיט דעם האָט זיך אויך אָנגעהויבן פּאַמעלעך ענדערן זייער קוק אויף דער שפּראַך, אין וועלכער עס דאַרף געפירט ווערן די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע. יידישע פאָלקס־סאָציאַליסטן, ווי ליבערמאַן און ווינטשעווסקי, האָבן אין זייערע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס געהאַט בעיקר אין אויג דעם יידישן פאָלקס־אינטעליגענט, דעם משכיליזירנדיקן לערנער און ישיבה־בחור. דאָס איז געווען אַ מין עליטאַרער סאָציאַליזם, צו וועלכן עס זיינען מסוגל נאָר יחידים פון דער אינטעליגענץ. דעריבער האָבן זיי זייערע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס געדרוקט אין העברעאיש (האמת, אספת חכמים, 1877 — 1878, אַרויס 8 נומערן). די נייע מאַרקסיסטישע שיטה האָט זיך שוין געשטעלט מיטן פּנים צום שטאָטישן אַרבעטער און געזעלן, צו זיי האָט מען מיטן סאָ־ ציאַליסטישן וואָרט געקאָנט צוקומען נאָר אין איין שפּראַך — אין יידיש.

מיט זייער ווינציקע אויסנאַמען האָבן די יידן נאַראָדניקעס און נאַראָ־ דאָוואָלצעס נישט אָנערקענט דעם נאַציאָנאַלן מהות פון דער יידישער פאָלקס־ מאַסע, איר ווערט ווי אַ באַזונדערע פאָלקישע קולטור־פאָרמאַציע. זיי האָבן זי באַטראַכט בלויז ווי אַ רעליגיעזע גרופּע. היות זיי האָבן צו רעליגיע בכלל געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג און פאַרויסגעזען איר אונטערגאַנג, האָבן זיי אין דער פערספעקטיוו געזען די טאָטאַלע אַסימילאַציע פון יידן מיט די שכנישע פעלקער. די דאָזיקע פערספעקטיוו איז געלעגן אויף דער ליניע פון זייער נאַאיווער קאָסמאָפּאָליטישער איינשטעלונג צו דעם נאַציאָנאַליטעטן־ פּראָבלעם בכלל.

דעם 15 יוני 1880 האָט אַ גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין זשענעוו אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אָפּגעדרוקט אין דער דרוקעריי פון די אוקראַיִנישע סאָציאַליסטן הראָמאַדאַ און באַאַרבעט פון ראַדיקאַלן אוקראַיִנישן שרייבער און טוער מ. דראַגאָמאַנאָוו. אין דעם אויפרוף ווערט אָנגעוויזן אויף דער נויי־ טיקייט צו פירן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין יידיש. אין אים ווערן

קריטיקירט סיי די יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן פאַרגעסן זייער שפּראַך און זייער פאָלק, סיי דער נישט־געלונגענער פּרואוו פון ליבערמאַנען צו פירן סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אין העברעאיש. דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן צו גרינדן אין זשענעוו „די פרייע יידישע דרוקעריי", וואָס זאָל אַרויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש פאַר די יידן אין רוסלאַנד און גאַליציע.

אין דעם אויפרוף שרייבן זיי צווישן אַנדערן: „...אַט דער אויפקום פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און די באַציאונג צו איר מצד די יידישע מאַסן געפינט זיך אין פולן הסכם מיט דעם פאַקט, וואָס אומעטום ווערן געבוירן און לעבן אויף די ליטעראַטורן אין די פשוטע פאָלקס־שפּראַכן, ווי מ'קען עס מערקן די לעצטע צייט אין גאַנץ אייראָפּע. דאָס ווייזט אָן אויף דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט אויך פאַר סאָציאַליסטן צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ מעכטיקן געצייג, ווי די לעבעדיקע שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסן, כדי אַריינצודרינגען אין די סאַמע טיפענישן פון זייער לעבן און זייער פילן"... „אָבער די יידן סאָציאַליסטן האָבן ביז איצט געהאַלטן פאַר איבעריק צו באַשעפטיקן זיך מיט זייער אייגן פאָלק. דאָס דערקלערט זיך הן מיט די פאָראורטיילן בנוגע יידן" („אַז דאָס גאַנצע יידנטום באַשטייט כלומרשט נאָר פון אַ קלאַס בורזשואַ־עקספּלואַטאַטאָרס") „און וועלכע דאָס רוב יידישע יוגנט האָט אויך איבערגענומען, און הן מיט יענע ספּעציעלע תנאים, אין וועלכע די דאָזיקע יוגנט האָט זיך געפונען: אַ יונגערמאַן וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער שטיקנדיקער יידישער אַטמאָספער אין אַ מלוכה־שול און האָט זיך אָנגעטראָפן, הן מצד יידן, אַזוי אויך מצד ניט־יידן, אויף אַ פאַראַכטונג צו 'זשידעס', זעלטענער אָן אָפענע, אָבער אַ באַהאַלטענע כמעט תמיד, — אַזאַ יונגערמאַן האָט געזוכט צו פאַרגעסן די יידישע שפּראַך און אַפילו (ווי אומנאַטירלעך דאָס זאָל ניט זיין) זיין אייגענעם יידישן אָפּשטאַם. וועגן אַ דערנענטערונג צו דער יידישער מאַסע האָט שוין דאָ, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט געקאָנט זיין. אָבער ווען ער איז שוין אַריינגעטרעטן אין די רייען פון די סאָציאַליסטן, האָט ער אויך דאָרט ניט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד צו זיינע ביז גאָר אומפּראַקטישע טענדענצן. אים איז אַפילו ניט איינגעפאַלן, אַז די דערנענטערונג פון די יידישע פּראָלעטאַריער צו די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער, כדי אויסצוקעמפן רעכט אויף אַרבעט קאָן דערגרייכט ווערן דער עיקר דורך מענטשן, וואָס שטאַמען אַליין פון יידן. און דער נאַטירלעכער פועל־יוצא איז געווען, וואָס די סאַמע פּראָגרעסיווע און בעסטע כוחות האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער פאָלק, איבערלאָזנדיק אים אַפילו אין אומוויסן בנוגע דעם עצם עקזיסטענץ פון אַ סאָציאַלער פראַגע"... „מיר, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס שטאַמען פון יידן, פּראָטעסטירן אין נאָמען פון די אינטערעסן פון סאָציאַליזם גופא קעגן דעם, וואָס די יידן סאָציאַליסטן דערווייטערן זיך אַלע פון זייערע מאַסן"... [24]).

דער פּראָיעקט האָט קיין הצלחה נישט געהאַט.

די פּאָגראָמען פון 1881־1882 האָבן ביי פיל פון די אַסימילאַטאָריש גע־

שטימטע סאָציאַליסטן אַרויסגערופן אַן איבערקערעניש אין זייערע בליקן אויף דער פריער צוזאָגנדיקער פּערספּעקטיוו פון צונויפשמעלצן זיך מיטן רו־ סישן פאָלק. בפרט האָט אויף זיי געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק דער טרויעריק־באַרימטער אויפרוף, וואָס אַ טייל מיטגלידער פון אויספיר־ קאָמיטעט פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ האָבן אַרויסגעלאָזט. דער אויפרוף דאַטירט דעם 30־טן אויגוסט 1881 (3 טויזנט עקזעמפּלאַרן) האָט באַרעכטיקט די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען, ווי אַן אויסדרוק פון פּויערים־בונט קעגן עקס־ פּלואַטאַציע מצד פּריצים און יידן און גערופן ווייטער פירן דעם אָנגעהויּ־ בענעם קאַמף. די דאָזיקע שענדלעכע פּראָקלאַמאַציע, וואָס איר מחבר איז געווען דער שפּעטערדיקער שוואַרץ־מאהניק גערעסים ראָמאַנענקאָ, האָט נישט אויסגעדריקט די מיינונג פון דעם גאַנצן אויספיר־קאָמיטעט פון נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, הגם זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין זיין נאָמען (דער אויספיר־קאָ־ מיטעט איז שוין געווען אין אַן אַנדערן צוזאַמענשטעל, נאָך דעם ווי אַ צאָל וויכטיקע מיטגלידער זיינען נאָכן אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן געוואָרן אַרעסטירט אָדער פאַרענדיקט זייערע לעבנס אויף דער תליה). אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו די פּאָגראָמען איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דער פּרעסע פון דער פּאַרטיי. אַנאָנימע פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציעס קעגן יידן מיט אַ שאַרפן סאָציאַלן און אַנטי־רעגירונגס־אינהאַלט זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אייניקע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס (אָדעס, כאַרקאָוו). אויך פון דער צווייטער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי — פון טשאָרני פּערעדיעל זיינען געווען אויפרופן מיט אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צו די פּאָגראָמען, אָבער אין זיי האָט מען שוין גערופן נישט צו ממיתן אָרימע יידן, נאָר רייכע צו־ זאַמען מיט קריסטלעכע עקספּלואַטאַטאָרן.

אַ טייל פון די, וואָס האָבן זיך נישט אַנטוישט אין זייער סאָציאַליסטישן אַני־מאמין און נישט געוואָרן נאַציאָנאַליסטיש, חיבת־ציונדיק געשטימט, האָבן דערפילט, אַז זייער אָרט איז צווישן דער געפּלאָגטער און פּאָגראָמירטער יידישער מאַסע, וואָס זיי האָבן פריער פאַרלאָזט, כדי אויסצולייזן דעם רו־ סישן פּויער. כדי צוצוקומען צו דער יידישער מאַסע מיטן סאָציאַליסטישן וואָרט, האָבן די דאָזיקע האַלב־ אָדער גאַנץ־רוסיפיצירטע אינטעליגענטן גע־ האַט גובר צו זיין אַ שווערע מניעה — די שפּראַך־פראַגע. דער געדאַנק, אַז מען קאָן און מען דאַרף פירן די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין יידיש, האָט זיך שווער און בהדרגה דורכגעשלאָגן אַ וועג אינם באַוואוסטזיין פון די ערשטע יידישע פּראָפּאַגאַנדיסטן. ס'זיינען געווען אָביעקטיווע סיבות. אין די 80־קער יאָרן איז נאָך אין רוסלאַנד קיין סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש נישט געווען. די לאָנדאָנער סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס אין יידיש פון די אַכציקער יאָרן זיינען צום יידישן אַרבעטער נישט דערגאַנגען. ס'איז נאָך דעמאָלט אין יידיש נישט געווען קיין נאַטור־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור. האָט מען אין די קרייזלעך די אויפקלערונג־אַרבעט געפירט אין רוסיש, וואָס האָט שוין יאָ פאַרמאָגט, הגם אַן אָרימע, סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. די אָנ־ פירער פון די ערשטע קרייזלעך האָבן באַטראַכט פאַר זייער עיקרדיקע אויפ־

גאַבע צו עפנען פאַר די צוקונפטיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן אַ צוטריט צו דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין רוסיש, ווי אויך צו אַלגעמיינער בילדונג אין דער זעלבער שפּראַך.

די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידישע אַרבעטער איז געפירט געוואָרן אין מינסק. שוין אין די זיבעציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט האָט דאָרט אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע געפירט צווישן די שלאָסערס דער סטודענט מיכאל ראַבינאָוויטש־טשאַרני. (שפּעטער געווען אַ פּיאָנער און לעקטאָר פון אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע). נאָך זיין אַרעסט און פאַרשיקונג איז אויפן געביט פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סטאָלאַרעס געווען טעטיק דער סטודענט מיכאל וועלער. נאָך אַ צייט האָט ער געמוזט אַנטלויפן, כדי אויסצומיידן אַן אַרעסט. אין 1881 האָט מען פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן שילער אַרעסטירט און פאַרשיקט אין סיביר יצחק הורוויטש.

אין די יאָרן 1883־1884 זיינען שוין געשאַפן געוואָרן קרייזלעך פון יידישע אַרבעטער. דער ערשטער גרינדער איז געווען יעפים בורגין און נאָך אים עמיל אַבראַמאָוויטש. אין 1885 האָט די אָנפירונג פון אַבראַמאָוויטשעס קרייזלעך איבערגענומען יצחק הורוויטש און זיין פרוי העלענאַ, וועלכע האָבן דעמאָלט זיך אומגעקערט פון סיביר. אַבראַמאָוויטשעס קרייזלעך האָבן זיך געטיילט אויף דריי שטופעס: אויף דער ערשטער, נידעריקסטער מדרגה, האָט מען געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. אויף דער צווייטער — נאַטורוויסנשאַפט און אויף דער דריטער מדרגה האָט מען ערשט די צוהערער באַקאַנט מיט סאָציאַליסטישער טעאָריע. דאָ האָט מען אָנגענומען געקליבענע יחידים, וואָס האָבן שוין אַדורכגעמאַכט די ערשטע צווי מדרגות. זיי האָבן אַריינגעצויגן אין זייער ווירקונגס־קרייז יוגנטלעכע אַרבעטער, עלטערע שול־יוגנט. חוץ דעם האָבן די מער אַוואַנסירטע געגעבן אויך אומזיסטע לעקציעס נישט פאַרמעגלעכע יוגנטלעכע און אַפילו דערוואַקסענע, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ חשק צו לערנען. מען האָט זיי טאַקע אין מינסק גערופן מיטן פאַפולערן נאָמען — „די לערער".

די פּאַראַלעל־עקזיסטירנדיקע קרייזלעך האָבן אָנגעהאַלטן צווישן זיך אַ קאָנטאַקט. ס'האָבן עקזיסטירט צווישן זיי געוויסע אידעאָלאָגישע אונטערשיידן. בורגין איז געווען אַ נאַראָדאָוואָלעץ און האָט אין זיין גייסט געפירט די פּראָפּאַגאַנדע. עמיל אַבראַמאָוויטש און איסאַק הורוויטש זיינען געווען מאַרקסיסטן, און געפירט די פּראָפּאַגאַנדע אין זייער גייסט. אָבער די אונטערשיידן האָבן נישט געשטערט אַ געוויסע צוזאַמענאַרבעט. אין די קרייזלעך פוןביידע ריכטונגען זיינען געווען 250 אַרבעטער. מיט געמיינזאַמע כוחות איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק, ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ שבת־שול, וואָס האָט גאָר שנעל פאַרענדיקט איר עקזיסטענץ צוליב מסירות. די מיטגלידער פון בורגינס קרייזלעך האָט מען גערופן יעפּימאָווצעס, פון הורוויטשעס — איסאַקאָווצעס.

דער ערשטער אַרעסט צווישן די איסאַקאָווצעס איז פאָרגעקומען אין

פעברואַר 1887. ס׳איז אַרעסטירט געוואָרן דער דרוקער־אַרבעטער יוסף רעזניק צוליב אַ מסירה פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. פאַרשיקט אין יאַקוטסקער גו־בערניע, איז ער צוריקגעקומען ערשט אין 1892. אין דער צווייטער העלפט פון די אַכציקער יאָרן איז שוין פאַרגעקומען אַ צאָל שטרייקן פון יידישע אַרבעטער. רעזניקס אַרעסט האָט געשטעלט אויף די פיס די זשאַנדאַרמעריע און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות, רעוויזיעס, פאַרהערונגען. אָבער מער ווי אין רעזולטאַט פון פּאָליצייאישע רדיפות זיינען די קרייזלעך אָפּגעשוואַכט געוואָרן מחמת דער שטייגנדיקער עמיגראַציע קיין אַמעריקע. יצחק הורוויטש דריקט זיך אויס אין זיינע זכרונות וועגן די ערשטע מינסקער קרייזלעך, אַז „פּאַקטיש האָבן מיר צוגעגרייט סאָציאַליסטישע אַרבעטער פאַר אַמע־ריקע" [25].

אָנהייב 80־קער יאָרן איז אין ביאַליסטאָק געווען טעטיק אַ קליינער קרייז פון יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע פּראָלעטאַריאַט. (געווען אין פאַרבינדונג מיט נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ). איינער פון זיי, שמואל — אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, איז געווען אַ מיטגליד פון דער רעוואָלוציאָנערער אָר־גאַניזאַציע, וואָס האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט רוסישע אָפיצערן. אין שכנותדיקן פאַבריק־שטעטל כאָראָשטש האָט עקזיסטירט אין אַ טוך־פאַבריק אַ קליינע גרופּע יידישע רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער. ביז זיין אַרעסט איז די גרופּע אָנגעפירט געוואָרן דורך אברהם לובניצקי [26].

אין ווילנע האָט נאָך דער ליקווידאַציע פון סאָציאַליסטישן קרייזל אין 1876 דער רעוואָלוציאָנערער פערמענט צווישן די יידישע אינטעליגענטן אייגנטלעך נישט אויפגעהערט, הגם ער איז פיל שוואַכער געוואָרן. אין יולי 1881 זיינען אין שייכות מיט די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אויסגעקלעפּט געוואָרן אין די בתי־מדרשים פּראָקלאַמאַציעס אין רוסיש, וואָס האָבן אָפּ־געלייקנט די שולד פון די „ניהיליסטן" (לייען סאָציאַליסטן) אין די פּאָגראָ־מען. אונטער דעם אויפרוף איז געווען אונטערגעשריבן אַ רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט [27]. פון 1882 זיינען פאַראַן ידיעות וועגן אַ קרייזל יידישע נאַ־ראָדאָוואָלצעס, אין שייכות מיט אַ פּרואוו אַוועקצושטעלן אין ווילנע אַ געהיימע דרוקעריי.

אין 1884 האָט עקזיסטירט אַ קרייז, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער גרופּע רוסישע סאָציאַליסטן פון אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ. אַדאַנק אים האָט מען אָרגאַניזירט דעם טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור פון אויס־לאַנד, וואָס האָט באַזאָרגט אַזעלכע ווייטע צענטרען ווי מאָסקווע (ווילנע איז נאָך פון זונדעלעוויטשעס צייטן געווען אַ וויכטיקער צענטער פאַר אומלעגאַלן פאַרקער מיט אויסלאַנד). אין די יאָרן 1885־1887 פאַרשטאַרקט זיך די טע־טיקייט פון ווילנער נאַראָדאָוואָלצעס (יונגע נאַראָדאָוואָלצעס). בראש פון דער גרופּע זיינען דעמאָלט געשטאַנען יצחק דעמבאָ און אַנטאָן גנאַטאָווסקי. איינער פון די פּיאָנערן פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען דער סטודענט יעקב באָטקין, וואָס איז אומגעקומען אין יאָר 1889 אין יאַקוטסק (מזרח־

סיביר), בעת פּאָליטיש-פּאַרשיקטע האָבן געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד. בשעת פּאַרברענגען זײַנע וואַקאַציעס אין ווילנע איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט יידישע אַרבעטער, אָרגאַניזירט אַן אַרטעל פון שוסטערס און צוזאַמען מיט מאָטל (פּאָטי) סרעדניצקי און אַנדערע געווען טעטיק צווישן די זאָקן-מאַכערקעס. (אין 1885 איז שוין פּאָרגעקומען דער ערשטער שטרייק פון די זאָקן-מאַכערקעס — ער האָט געדויערט דריי וואָכן). צו דעם דאָזיקן קרייז האָבן אויך געהערט חנן (שארל) ראַפּאָפּאָרט, אננא (אַניוטאַ) לייבאָוויטש, ליובאַ אַקסעלראָד („אָרטאָדאָקס"). אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער גרופּע איז געשטאַנען הירש וואַנעל, וואָס האָט נאָך געהערט צום ערשטן לי־בערמאַן-זונדעלעוויטש קרייזל פון 1875 און איז אין דער ערשטער העלפט 80-קער יאָרן צוריקגעקומען פון פאַרשיקונג אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע און געשטאַנען אונטער פּאָליציי-השגחה. אין אַ זייט פון די אינטעליגענטישע קרייזלעך איז געשטאַנען דער רעוואָלוציאָנער-אויטאָדידאַקט נאָוואָפּליאַנסקי, אָדער נאָוואָפּליאַנטסקי, וואָס האָט אָרגאַניזירט די ערשטע קאַסע פאַר קעגנ־זייטיקער הילף צווישן די ווילנער זאָקן-מאַכערקעס און צוגעצויגן צו דער אַגיטאַציע אויך די מיטגלידער פון אינטעליגענטן-קרייזל. (מעגלעך, אַז ער האָט אויך געשפּילט אַ ראָל ביים אַרויסרופן דעם ערשטן שטרייק מיט 3 יאָר פריער). אין יולי 1887 איז אויך צוגעקומען פון פּאָניעוויעזש צמח קאָפּעל־זאָן (טימאָפיי). אין נאָענטע באַציאונגען צו דעם דאָזיקן קרייז איז געשטאַנען דער שפּעטער באַקאַנטער פירער פון דער ס.ד.ק.פ.ל. לעוו יאָגיכעס (ליאָווקאַ, טישקאָ, גראָזאָווסקי).

אין דעם געפלאַנטן און נישט-געלונגענעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן, דעם 13-טן מערץ 1887, האָט די ווילנער גרופּע געשפּילט אַ וויכ־טיקע ראָל. פון דאַנען איז מיט דער הילף פון דעם יונגן סטראַשון, וואָס האָט געאַרבעט אין אַן אַפּטייק, צוגעשטעלט געוואָרן דער אויפרייס-שטאָף פאַר די באָמבעס, פון ווילנע האָט מען צוגעשיקט געלט. צוליב דעם פּראָוואָקאַטאָר קאַנטשער איז דער אַטענטאַט אין פּעטערבורג דורכגעפאַלן און די איניציאַ־טאָרן האָבן באַצאָלט מיטן לעבן (דעמאָלט איז צווישן אַנדערע אויך אויפגע־האַנגען געוואָרן לעבינס ברודער אַלעקסאַנדער אוליאַנאָוו). ס'איז אויך דורכ־געפאַלן די ווילנער גרופּע. מ'האָט דעמאָלט אַרעסטירט די ברידער בראָ־ניסלאָוו און יוזעף פּילסודסקי. די פירער פון קרייזל דעמבא און גנאַטאָווסקי ווי אויך ליובאַ אַקסעלראָד האָבן זיך געראַטעוועט קיין אויסלאַנד (דעמבא איז אין 1889 אומגעקומען היבטער צירייך ביים עקספּערימענטירן מיט אויפ־רייס-שטאָפן). ראַפּאָפּאָרטן האָט זיך איינגעגעבן לעגאַל אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד. נאָך דעם דורכפאַל האָט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אָנגעפירט אַ דריילינג, וואָס איז באַשטאַנען פון לעוו יאָגיכעס, צמח קאָפּעל־זאָן און וואַצלאָוו שעדליצקי. די דאָזיקע אָנפירונג האָט אָנגעהאַלטן פון האַרבסט 1887 ביז זומער 1888, ווען איינער פון די אַרעסטירטע מיטגלידער, דער סטודענט יעפּים גראַץ, האָט זיך איינגעבראָכן און אָנגעהויבן געבן אינ־פאָרמאַציע.

ס'האָט זיך פאַרענדיקט איין פעריאָד — דער נאַראָדאָוואָלישער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטער — דער מאַרקסיסטישער. דער סאָציאַליסטישער געדאַנק און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט עטלעכע עטאַפּן. אין די אַכציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט האָט די ניי־געשאַפענע גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ (גרופּע פאַר באַפרייען די אַרבעט, אירע גרינדער — ג. פּלעכאַנאָוו, פּ. אַקסעלראָד, וויערא זאַסוליטש, ל. דייטש) אונטער דער פאָן פון מאַרקסיזם אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די הערשנדיקע אידייען פון די נאַראָדניקעס און נאַראָדאָוואָלצעס. פילאָזאָפיש האָבן די מאַרקסיסטן איבערגעקערט די סטרוקטור. וואָס מ'האָט פריער געהאַלטן פאַרן דאַך, האָבן זיי באַצייכנט אַלס פונדאַמענט. דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע, דעם סוביעקטיוון מעטאָד אין דער סאָציאָלאָגיע (אָנגעווענדט דורך פּיאָטר לאַווראָוו) האָבן זיי אַנטקעגנגעשטעלט די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג, וואָס דערקלערט די גייסטיקע געשיכטע פון דער מענטשהייט מיט דער ווירקונג פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַציאונגען. די חלוקי־דעות זיינען געווען אויך וועגן די היסטאָרישע פערספעקטיוון — די מאַרקסיסטן האָבן געהאַלטן, אַז רוסלאַנד וועט אַרויף אויפן וועג פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און נישט געהאַלטן פון דער נאַראָדנישער טעאָריע פון דער „אָבשטשינע" (קהלשן אייגנטום), וואָס וועט גלייך אַריבערגעפירט ווערן אין אַ קאָמוניסטישן סיסטעם. אין פאָדערגרונט איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער אַרבעטער־קלאַס אַלס דער קערן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, בעת לויט דער פריערדיקער טראַדיציאָנעלער איינשטעלונג האָט די באַזע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געזאָלט זיין דאָס פּויערטום. קעגן די נאַראָדאָוואָלישע אידייען פון פאַרכאַפּן די מאַכט דורך אַ פאַרשווערערישער אָרגאַניזאַציע, קעגן דער איבערגעטריבענער ראָל פון שטאַרקע פּערזענלעכקייטן איז אַרויסגערוקט געוואָרן די לאָזונג פון אַ מאַסן־באַוועגונג אין דער פאָרם פון אַ סאָצ. פּאַרטיי. די פראַגן פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף, פון באַנוצן זיך מיט טעראָר (די ערשטע צייט האָבן אויך די רוסישע מאַרקסיסטן אָנערקענט דעם טעראָר אַלס קאַמף־מיטל קעגן דער רעגירונג — פון דעם האָבן זיי זיך באַפרייט ערשט שפּעטער), די ראָל פון דער אינטעליגענץ, פון יחיד און מאַסע אין געשיכטלעכן קאַמף און אַ ריי אַנדערע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע ענינים האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די שייד־ליניע אין רעוואָלוציאָנערן לאַגער. די פּיאָנערן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער יידישער סביבה האָבן אויך דורכגעמאַכט דעם אַנטוויקלונג־וועג — פון נאַראָדאָוואָלישער צו מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע. די אידעאָלאָגישע ספקות און זוכענישן האָבן פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין טראַכטן פון די פּיאָנערן. ענדגילטיק איז דער פּראָצעס געוואָרן פאַרענדיקט, ווען די פירער פון דער באַוועגונג האָבן אַנטשלאָסן זיך געשטעלט קעגן דער „אָפּאָזיציע" אין דער ערשטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן. „דער קאַמף מיט דער 'אָפּאָזיציע', ד. ה. מיט די שטיין־האַרטע חסידים פון קרייזלעריי, איז אין דער זעלביקער צייט געווען אַ קאַמף פון מאַרקסיזם קעגן די אידייען פון די נאַראָדניקעס"[28].

נישט בלויז די אידעאָלאָגיע איז געווען אַ נייע, אויך די אָנפירער, די אָרגאַניזאַציע, די טעטיקייט און צילן. איינער פון די פּיאָנערן דערציילט וועגן דעם נייעם פּעריאָד: „דאָס יאָר 1889 — 1890 דאַרף אַריין אין דער געשיכטע אַלס די צייט פון דער אינטענסיווסטער געזעלשאַפטלעכער איני־ציאַטיוו און פון פּיאָנערן־אָנשטרענגונג אויפן באָדן פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין ווילנע"... „אויסערלעך האָט מען דאָס נישט געקענט אָננעמען פאַר אַ המשך פון דער ביז־דעמאָלטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעט. אַלץ האָט אויסגעזען אַנדערש, ניי: די מענטשן, דער כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, די פאָרם, דער פאַרנעם. פון דעם פריערדיקן דור איז פאַרבליבן איין קאָפּעלזאָן. ס'האָט אויסגעקוקט אַזוי, ווי די נייע כוחות וואָלטן זיך אָנגעזאַמלט אומבאַמערקטערהייט, פּאַמעלעך און ווי פון הימל אַרונטערגעפאַלן. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע ניסים פּאַסירן נישט אין לעבן. דער פּאָטענציעלער מאַטעריאַל האָט עקזיסטירט, אָבער עס האָט געפעלט אַן אָרגאַניזירטער, דיסציפּלינירטער, צענטראַליזירטער קאָלעקטיוו, וואָס זאָל דעם דאָזיקן מאַטעריאַל געבן אַ פאָרם, אַן אינהאַלט, און אַ גוט־אויסגעאַר־בעטע און דורכגעטראַכטע ריכטונג"[29].

ס'איז געווען אַ גאַנץ היפּשע גרופּע אינטעליגענטן און אַנטוויקלטע אַר־בעטער, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר אַ נייער באַוועגונג. די הויפּט־ראָל האָט אין ערשטן יאָר געשפּילט צמח קאָפּעלזאָן, אָבער 1890 — 1891 האָבן זיך שוין אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט אַנדערע. אין 1890 איז אַרקאַדי קרעמער, נאָכן אָפּזיצן 6 חדשים אין דער וואַרשעווער טורמע „פּאַוויאַק", געקומען קיין ווילנע. ער איז גיך געוואָרן די צענטראַלע פיגור אין דער באַנייטער באַוועגונג און פאַרנומען אַזאַ אָרט ביז נאָך דער גרינדונג פון בונד מיט קנאַפּע 8 יאָר שפּעטער.

ס'ווערט אויסגעבילדעט אַ פעסטער אָרגאַניזאַציאָנעלער קערן און ס'ווערט געשאַפן אַ סטאַבילע אָנפירונג. פריער אַ לויזע אָרגאַניזאַציע פון קרייזלעך מיט אַ נישט־קלאָרן פּראָגראַם פון טעטיקייט, טרעט איצט די יונגע באַוועגונג אַרויף אויף אַ נייעם מער זיכערן וועג. פון דעמאָלט אָן איז שוין מער נישטאָ קיין איבעררייס — און דער המשך פירט כסדר באַרג־אַרויף צו ברייטערע האָריזאָנטן און גרעסערע דערגרייכונגען. די ערשטע אָנפירונג — דער ער־שטער צענטער אין אָט דער פּיאָנערן־צייט — איז באַשטאַנען פון אַרקאַדי קרעמער, איסאַי אייזענשטאַט, דזשאָן מילל, צמח קאָפּעלזאָן, שמואל גאָזשאַנ־סקי, פּאַטי סרעדניצקי, ליובע לעווינסאָן. אַלע שוין מיט אַ סטאַזש, די מערהייט פון זיי שוין געזעסן חדשים און יאָרן אין צאַרישע תפיסות. פּאַ־ראַלעל מיט דעם צענטער איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע קערפּער־שאַפט בלויז פון אַרבעטער. צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים זיינען ביידע קערפּערשאַפטן געווען אָפּגעטיילט. אָבער „ווען ס'איז נויטיק געווען צו באַהאַנדלען וויכטיקע ענינים אָדער אויסגלייכן שאַרפע שטרייט־פראַגן, פלעגט מען אָפּהאַלטן געמיינזאַמע זיצונגען"[30]. צו דער צענטראַלער קערפּערשאַפט פון די אַרבעטער האָבן געהערט: גוסטע און בערטע וואָלפסאָן, העלענע

העלפאַנד, פאַניע רעזניק, סאַלאָמאָן מענאַקער, מאָטל מייזעל, ראובן גער־שאָווסקי (יאַקאָוו דער קאַמאַשנמאַכער), ראובן אַלטער (אַ קאַמאַשנמאַכער); שפּעטער — מאַריע זשאַלודסקי, צביה הורוויטש און אַנדערע. ס׳האָט זיך אָנ־געהויבן אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט ביז דער גרינדונג פון בונד פיגורירט אונטער דעם נאָמען — גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד. קרייזלעך, קאַסעס, שטרייקן — אַלץ גרעסערע גרופּעס אַרבע־טער פון פאַרשידענע פאַכן זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג.

איינע פון די וויכטיקסטע געשעענישן איז געווען די פייערונג פון 1־טן מאַי אין יאָר 1892. דער גרינדונג־קאָנגרעס פון צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1889 האָט פּראָקלאַמירט דעם 1־טן מאַי אַלס אינ־טערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־יום־טוב. אין וואַרשע איז שוין אין 1890 ביי אַ גרעסערער צאָל פּוילישע אַרבעטער דער טאָג געווען אַ יום־טוב. אַקעגן די רוסישע אַרבעטער האָבן אים אויך אין די נאָענטסטע פּאָר יאָר נישט גע־פייערט. (אין 1891 איז בלויז אַ קליינע גרופּע פּעטערבורגער אַרבעטער אויף אַ געהיימער פאַרזאַמלונג זיך צונויפגעקומען לכבוד דעם 1־טן מאַי). די יידי־שע אַרבעטער האָבן דעם פּראָלעטאַרישן יום־טוב צום ערשטן מאָל געפייערט אין יאָר 1892 אין ווילנע. ס׳איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין זווערינעצער וואַלד, אין אַ גרויס הויז ביי אַ מיל. דער עולם איז געווען אַ שטרענג צוגעקליבענער — צוליב פאָרזיכטיקייט האָט מען מער ווי הונדערט אַרבעטער און אַרבעטערינס נישט איינגעלאַדן. 6 רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן: 2 פון אינטעליגענטן — אַרקאַדי קרעמער און דזשאָן מילל און 4 — פון 2 אַרבעטערינס (די שניידעריך פאַניע לעווין־רעזניק און העלענע העלפאַנד) און 2 אַרבעטער (דער יוּוועליר מאָטל מייזל און דער קאַמאַשנ־מאַכער ראובן גערשאָווסקי). 5 רעדעס זיינען געווען אין רוסיש, איינע — פון מאָטל מייזל — אין יידיש. די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָבן אויף זיך געצויגן די רעדעס פון די אַרבעטער.

אין איר רעדע האָט פאַניע רעזניק אַרומגערעדט די לאַגע פון די אַרבעטער אין רוסלאַנד און די נויטיקייט פון קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. צווישן אַנדערן האָט זי געזאָגט: „יעדער מענטש דאַרף אָפּשאַצן זיינע כוחות און דאַרף זיך נישט נעמען טון דאָס, וואָס ער איז ניט ביכולת אויסצופירן. מיר ווייסן גוט, אַז איבערמאַכן אַלץ מיט איין מאָל איז אוממעגלעך, דעריבער דאַרפן מיר דערווייל קעמפן מיט אונזערע נאָענטסטע שונאים, וואָס מיט זיי טרעפן מיר זיך יעדן טאָג, היינו — מיט אונזערע בעלי־בתים". העלענע העלפאַנד האָט גערעדט וועגן דער באַוועגונג אין ווילנע און אויספירלעך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע פון דער אַרבעטער־פרוי.

מאָטל מייזל האָט פאַרגליכן דעם טרויעריקן מצב אין רוסלאַנד מיט די באַדינגונגען אין די מערב־לענדער, גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, וועגן אַלגעמיינעם פּראָגרעס, וועגן וועג צום סאָ־ציאַליזם און שטערונגען אויף דעם וועג אין רוסלאַנד. ער האָט אָנגעוויזן, אַז „די ערשטע שטערונג איז דאָס, וואָס מיר האָבן נישט קיין פרייהייט פון

פּרעסע און פֿאַרזאַמלונגען און פֿרייהייט פֿון אָרגאַניזאַציע. דעריבער דאַרף אונזער ערשטער שריט זיין אויסקעמפֿן די קאָנסטיטוציע״. אין שייכות מיטן בייעם יום־טוב, דעם 1־טן מאַי, האָט ער געזאָגט: „אונזערע יום־טובים, וואָס מיר האָבן געירשנט פֿון אונזערע עלטערן, דאַרפֿן סוף־כּל־סוף פֿאַרשווינדן אין איינעם מיט דער אַלטער אָרדענונג. מיר האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז קיין גאָט און קיין שד קען נישט באַפֿרייען די אונטערדריקטע מאַסע פֿונם יאָך, וואָס בייגט זי אַראָפּ צו דער ערד. נאָר בילדונג און אייגענע ענערגיע קענען אַרויספֿירן פֿון דער פֿינצטערניש צום ליכט פֿון לעבן״. זיין רעדע האָט ער פֿאַרענדיקט מיט די ווערטער: „לאָמיר קעמפֿן ווי העלדן פֿאַר אונזער נאַציע און פֿאַר דער מענטשהייט בכלל. לאָמיר הויך אויפֿהייבן די רויטע אַרבעטער־פֿאָן, אויף וועלכער עס זיינען אויפֿגעשריבן די ווערטער, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען איבער דער גאַרער וועלט, פֿון אונזער גרויסן געניאַלן לערער קאַרל מאַרקס, זכרונו לברכה: אַרבעטער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט אייך!״

ראובן גערשאָוסקי האָט אין זיין רעדע, נאָכן באַלייכטן די באַדייטונג פֿון ערשטן מאַי און דעם וועג פֿון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם, ברייט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע פֿון די יידן אין רוסלאַנד. פּאָלעמיזירנדיק מיט די טענות פֿון דער צאַרישער רעגירונג און בכלל מצד די אַנטיסעמיטן קעגן יידן, האָט ער מודה געווען, אַז ביי יידן איז פֿאַראַן אַ „בישטיקער פּראָצענט״, וואָס לעבט פֿון נישט־פּראָדוקטיווע פּרנסות. „דערפֿאַר אָבער וואָס פֿאַר אַן אומגעהייערע צאָל פּראָלעטאַריער פֿאַרמאָגן יידן! די סטאַטיס־טישע ציפֿערן ווייזן גאַנץ בולט, אַז ס׳איז ניטאָ כמעט קיין איין מלאכה, מיט וועלכער יידן זאָלן ניט זיין באַשעפֿטיקט״. ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם געד־דאַנק, אַז „די הויפּט־סיבה פֿון די יידישע צרות — אומעטום, אַזוי אויך אין רוסלאַנד — ליגט אין די עקאָנאָמישע תּנאים״... „כּל־זמן די יידן האָבן אין רוסלאַנד געהאָלפֿן אַנטוויקלען דעם קאַפּיטאַליזם, האָט מען זיי פֿאַרטראָגן. אָבער ווי נאָר זיי זיינען געוואָרן קאָנקורענטן, האָט מען זיי גענומען רודפֿן, ווי די סאַמע געפֿערלעכסטע מענטשן פֿאַר דער מלוכה״. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די באַוועגונג פֿאַר פּאַלעסטינע איז נישט קיין ענטפֿער אויף דער יידן־פֿראַגע און דערביי דערקלערט: „מען וואָלט געקענט מסכים זיין מיט דער אידייע פֿון די ׳פּאַלעסטינצעס׳, אויב עס וואָלט מעגלעך געווען צו באַזעצן אין פּאַלעסטינע אַלע יידן און איינפֿירן צווישן זיי אַלגעמיינע גלייכהייט, ברי־דערלעכקייט און פֿרייהייט אין בוכשטעבלעכן זינען פֿון וואָרט. דעמאָלט וואָלטן מיר געקענט זאָגן, אַז עס וועלן ניט זיין קיין אָרימע לייט, אַז אַלע וועלן גליקלעך לעבן״. די רעדע האָט גערשאָוסקי פֿאַרענדיקט מיט די ווערטער: „מיר, יידן, דאַרפֿן ביי זיך נישט אַראָפּפֿאַלן און דאַרפֿן זיך נישט שעמען, וואָס מיר געהערן צו דער ׳שענדלעכער׳ יידישער ראַסע. די געשיכטע פֿון יידן גיט אונז דערצו רעכט. זי האָט אויך אירע גלאַנץ־בלעטער: אויף דער וועלט איז נאָך נישט געווען אַזאַ נאַציע, וואָס זאָל אַזוי ווי די יידישע קענען מיט אַזאַ עקשנות גיין שטאַרבן אויף קידוש־השם. טאָ לאָמיר — מיר,

דער יונגער דור — אויך נעמען אַ ביישפּיל פון אונזערע אָבות און באַווייזן אונזער עקשנות אינם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט !״

ווען מען נעמט אין אַכט די דעמאָלטיקע צוריקגעשטאַנענקייט פון אַל־געמיינעם פאָלקס־לעבן אין רוסלאַנד און אויף דער יידישער גאַס, האָבן די פיר רעדעס פון די אַרבעטער און אַרבעטערינס באַוויזן ווי הויך די סאָציאַ־ליסטישע אידייען און די יונגע באַוועגונג האָבן במשך אַ קורצער צייט שוין באַוויזן אויפצוהייבן אַ געוויסן שיכט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. די פירער זיינען געווען שטאַרק דערפרייט פון דער איינגעגעבענער ערשטער פייערונג פון 1־טן מאַי. די פיר רעדעס פון די אַרבעטער האָבן זיי געשיקט קיין אויסלאַנד (די צוויי רעדעס פון די אינטעליגענטן — נישט) צום אָנער־קענטן פירער און טעאָרעטיקער פון די רוסישע מאַרקסיסטן ג. פּלעכאַנאָוו. אַזוי ווי קיין דירעקטע פאַרבינדונג מיט אים האָבן זיי נישט געהאַט, האָבן זיי די רעדעס געשיקט צו לעוו יאָגיכעס, אַז ער זאָל עס איבערגעבן פּלעכאַנאָוון. די לעצטע צוויי זיינען אָבער געווען אין קריגס־צושטאַנד, האָט יאָגיכעס זיך מישב געווען און אַליין אָפּגעדרוקט די פיר רעדעס אין אַ בראָשור אין דער רוסישער שפּראַך. די בראָשור, וואָס איז 1893 אַרויס אין זיין פאַרלאַג סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ביבליאָטעק אין זשענעווע, האָט אויך געהאַט אַ לאַנגע הקדמה.

***

תחילת 90־קער יאָרן האָט זיך פאַרשאַרפט און אויסגעברייטערט דער עקאָנאָמישער קאַמף און שטרייקן זיינען געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. שטרייקן זיינען שוין דעמאָלט נישט געווען קיין נייעס אין יידישן תחום־המושב. סטיכישע און אַפילו אָרגאַניזירטע שטרייקן זיינען עלטער, ווי די סאָציאַליס־טישע אויפקלערונג. דער ערשטער באַקאַנטער שטרייק אין ווילנע איז פאָר־געקומען אין דער טאַבאַק־פאַבריק פון די קאַראַאימער שישמאַן און דורונטשא אין נאָוועמבער 1871. ס׳האָבן פאַרשטרייקט 5 אַרבעטער. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט פאַראָרדנט צו פאַרשיקן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע דעם איניציאַטאָר פון שטרייק יאָסל יודעלעוויטש, אַ געקומענעם פון פּאָלטאַווער גובערניע, און די איבעריקע 4 אַרבעטער געבן אַ שטרענגען אויסרייד, דעם קורצן אַרעסט זיי פאַררעכנען ווי אַ שטראָף און באַפרייען [31]). פון די 70־קער יאָרן זיינען נאָך באַקאַנט שטרייקן ביי די טאַבאַק־אַרבעטער אין ביאַליסטאָק, אָדעס און קרעמענטשוג; ביי די טעקסטיל־אַרבעטער אין ביאַ־ליסטאָק און אין אַ ריי שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק (צווישן אַנדערע אין קנישין, סופּראַסל און רוזשאַנאַי) אין שייכות מיט דער אויפלעבונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה (1877־1878). פון 1882 זיינען פאַראַן ידיעות וועגן שטרייקן פון יידישע טאַבאַק־אַרבעטער אין לובלין און וואַרשע. אין די יאָרן 1886־1887 זיינען ווידער געווען קאָנפליקטן און שטרייקן צווישן די יידישע וועבערס מיט די לוינקעטניקעס און פאַ־בריקאַנטן אין ביאַליסטאָק, וואַסילקאָוו. טיילווייזע שטרייקן אין די וועבע־

רייען פון ביאַליסטאָק האָבן זיך געצויגן פון יולי ביז סעפּטעמבער 1887 און די אַרבעטער האָבן געוואונען אַ הוספה. אין 1885 האָבן פאַרשטרייקט, ווי שוין אויבן דערמאָנט, די ווילנער זאָקן־מאַכערקעס, וואָס האָבן שפּעטער געגרינדעט די ערשטע שטרייק־קאַסע. די ווילנער זאָקן־פּראָדוקציע האָט זיך באַזירט אויף היים־אַרבעט און ביי איר זיינען בעיקר געווען באַשעפטיקט יונגע פרויען. די עקספּלואַטאַציע און דער דלות איז געווען אין לשער. דער לוין איז כסדר געפאַלן ביז ער איז דערגאַנגען צו 25 קאָפּיקעס פאַר אַ טוץ זאָקן און 20 פאַר אַ טוץ שקאַרפּעטן. (אויף אַ מאַשין האָט מען געקאָנט אויסשטריקן אַ טאָג נישט מער ווי אַנדערטהאַלבן טוץ זאָקן). דער ריינער פאַרדינסט איז געווען נאָך קלענער. נאָך אַ 3־וואָכיקן שטרייק האָבן די זאָקן־מאַכערקעס אויסגעקעמפט אַ הוספה פון 5 קאָפּיקעס אויף אַ טוץ שקאַרפּעטן און 2 אויף אַ טוץ זאָקן. אין 1888 איז פאָרגעקומען אַ שטרייק פון 30 זעצערס, אָנגעפירט פון לעוו יאָגיכעס, אין סירקינס דרוקעריי. אין 1891 זיינען אין ווילנע אויסגעבראָכן שטרייקן ביי גאָלדשמידן, קאָמאַשנמאַכער און אַנדערע פאַכן.

אַ יאָר שפּעטער איז שוין אין ווילנע געפירט געוואָרן אַ ברייטע אַקציע פאַר אַ 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. די אַקציע האָט זיך געשטיצט אויף אַן אַלטן געזעץ, אַרויסגעגעבן נאָך אין 18טן י. ה. בעת דער ממשלה פון דער צאַרין יעקאַטערינע די 2טע, וואָס לויט אים דאַרפן אַרבעטער ניט זיין ביי דער אַרבעט לענגער ווי 12 שעה מיט אַ 2־שעהדיקן איבעררייס אויף פרישטיק און מיטאָג (געאַרבעט האָט מען על פי כלל 16 שעה. דאָנערשטאָג און פאַר יום־טובים — גאַנצע נעכט). די אַקציע האָט געטראָגן אַ לעגאַלן כאַראַקטער אין דער פאָרם פון אַ גרויסער צאָל ווענדונגען צום פאַבריק־אינספּעקטאָר וועגן אָפּהיטן דעם „פאַרגעסענעם" געזעץ. בעת אינטערווענצן פלעגט דער אינספּעקטאָר אָנער־קענען פאַר די אַרבעטער דאָס רעכט צו פאַרלאָזן דעם אַרבעט־פּלאַץ נאָך 12 שעה, אָבער אַקטיוו לטובת די אַרבעטער איז ער באַטירלעך ניט אַרויסגעטראָטן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע שטרייק־כוואַליע. ס'זיינען אַנטשטאַנען שטרייק־קאַסעס ביי אַ גאַנצער ריי פאַכן און פריערדיקע קאַסעס, וואָס האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון ליי־קאַסעס, האָבן זיך פאַרוואַנדלט „אין קאַ־סעס פון קאַמף מיט די עקספּלואַטאַטאָרן". אין 1896 האָבן שוין עקזיסטירט 32 אַזעלכע קאַסעס צו וועלכע עס האָבן געהערט אַרבעטער פון 27 פאַכן און האָבן אַרומגענומען ביי 1000 אַרבעטער [32]). לשם אילוסטראַציע ברענגען מיר עטלעכע ציטאַטן פון דעם סטאַטוט פון דער ווילנער קאַמף־קאַסע פון שניידערס פון יאָר 1896.

וועגן די צילן פון דער קאַסע ווערט געזאָגט אין סטאַטוט: „קיינער פון די אַרבעטער איז נישט בכוח אַליין צו פירן אַ קאַמף מיט זיין בעל־הבית, כדי כאָטש וויפל נישט איז צו פאַרבעסערן זיין ביטערן לעבן. קיינער פון אונז קאָן נישט מיט זיינע אייגענע כוחות אַליין זיך דערשלאָגן צו פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג און צו העכערן דעם לוין פאַר זיין שווערער אַרבעט. דעריבער פאַראייניקן מיר זיך, כדי צו שטיין איינער פאַרן צווייטן און איינער דעם

## דעלעגאַטן אויפן גרינדונג-צוזאַמענפאָר



דזשאַן (יוסף) מילל



דוד קאַץ



פּאַוועל בערמאַן



הלל קאַץ-בלום

## פיאָנערן פון בונד



איסאַי אייזענשטאַט



שמואל גאָזשאַנסקי



סענדער זעלדאָוו



צמח קאָפּעלזאָן

צווייטן אונטערצוהאַלטן. נאָר דעמאָלט, ווען יעדער פון אונז וועט זאָרגן וועגן אַלע זײַנע איבעריקע ברידער און שוועסטער — אַרבעטער און אַרבעטערינס; ווען אַלע וועלן מיר זאָרגן און זיך אָננעמען פאַר יעדן איינעם, — נאָר דעמאָלט קאָנען מיר זײַן זיכער, אַז אונז וועט זיך אײַנגעבן צו פאַרבעסערן אונזער לאַגע: פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג, פאַרגרעסערן דעם אַרבעטס־לוין, פאַרלענגערן דעם סעזאָן"... „פאַרבעסערן די באַציאונגען צווישן די אַרבעטער און אַרבעטערינס". ווייטער ווערט אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט זיך גרייטן צו שטרייקן. „דעריבער אָרגאַניזירן מיר אַ קאַסע, אין וועלכער יעדער פון אונז צאָלט וועכנטלעך וויפיל ער קאָן". „אַחוץ דעם, אַז מיר פאַראייניקן זיך אין אַ קאַסע וועלן מיר זיך אָפט צוזאַמענקומען, שמועסן וועגן אונזערע אינטערעסן" — „וועגן דעם, ווי צו פאַרבעסערן אונזער לעבן און העלפן אונזערע ברידער און שוועסטער אינם קאַמף מיט זייערע בעלי־בתים". „אין קאַסע נעמט מען אָן נאָר אָן אָרנטלעכן מענטש, אַזעלכן וואָס וועט נישט גיין אויף אַ צווייטנס פלאַץ, נישט אָנפרעגנדיק ביי אים; וואָס וועט צושטיין צו אַ שטרייק, ווען די מערהייט קאַסע־מיטגלידער וועלן עס האַלטן פאַר נייטיק; וואָס איז נישט קיין פלאַפלער, נישט קיין צבועק; אַזעלכן וואָס וועט נישט איבערגעבן וועגן וואָס מ׳רעדט אויף די קאַסע־פאַר־זאַמלונגען". ס׳זײַנען געווען צוויי באַזונדערע „קאַסע־פאַרזאַמלונגען" — איינע פון מענער און די צווייטע פון פרויען. „אַ נייער מענטש ווערט אָנגענומען", „ווען בײדע פאַרזאַמלונגען באַשליסן, אַז מ׳קען אים אָננעמען"... „אַז אַ מיטגליד פון קאַסע עפּנט אָן אייגענעם ווערקשטאַט און דינגט אַרבעטער, קאָן ער מער נישט בלייבן אין קאַסע". ס׳ווערט אויך פאַרלאַנגט, אַז די אַרבעטער און אַרבעטערינס זאָלן זיך באַציִען ערלעך און מענטשלעך איינער צום אַנדערן. „אַלע דאַרפן האַלטן בסוד אַלץ, וואָס קומט פאַר צווישן זיי און קיין שום זייטיקן מענטש נישט דערציילן וועגן דעם". די פאַרשטייער ווערן געוויילט נאָר אויף אַ האַלב יאָר. אַזוי אויך דער קאַסירער און קאָנט־ראָלער.

אין 1893, ווען נאָך די צוויי יאָר הונגער און ווירטשאַפטלעכער דעפּרעסיע איז אײַנגעטראָטן אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין דער אינדוסטריע, האָט זיך די שטרייק־כוואַליע שוין צעגאָסן איבער אַ גאַנצע ריי שטעט פון תּחום־המושב: אין ווילנע, וואַרשע, לאָדזש, גראָדנע, דווינסק און אַנדערע ערטער. אין וואַרשע האָבן נאָך אין 1891 געשטרייקט 300 יידישע און קריסטלעכע וויים־גאַרבער, וואָס האָבן געוואונען אַ פאַרקירצונג פון אַרבעטס־טאָג אויף אַ שעה און אַ הוספה אַ האַלבן רובל אַ וואָך. ס׳האָבן געשטרייקט די אַרבע־טער אין פּאָליאַקעוויטשעס גרויסער טאַבאַק־פאַבריק, ווייל דער פאַבריקאַנט האָט געוואָלט פאַרקלענערן די שכירות. ווען די אַרבעטער האָבן נישט גע־וואָלט מסכים זײַן, האָט ער אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט 150 יידישע אַרבעטער און אָנגענומען אויף זייער אָרט קריסטלעכע אַרבעטער. דער שטרייק האָט זיך בעצויגן אַ לאַנגע צייט און איז געפירט געוואָרן מיט עקשנות [33]). אין 1893

איז אין ווילנע אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק ביי די שניידערס, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 7 וואָכן און די בעלי־בתים האָבן זיך אונטערגעגעבן, איינגייענדיק אויף דער פאָדערונג פון אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און הע־כערן דעם געצאָלט פון אַ שטיק אויף אַ האַלבן רובל. אין 1894 איז אויסגע־בראָכן אַ שטרייק ביי די שלאָסער, און אין 7 ווערקשטאַטן (פון 12) איז איינגעפירט געוואָרן אַ 12־שעהדיקער אַרבעט־טאָג און אַ העכערונג פון אַרבעט־לוין. אויך די שטעפּער און די הענטשקע־מאַכער האָבן זיך אין דעם אָנגערופענעם יאָר דערשלאָגן דורך שטרייקן אַ קירצערן אַרבעט־טאָג [34].

## דריטער קאַפּיטל

# ערב דער גרינדונג פון „בונד"

אין די ווייטערדיקע יאָרן איז פאָרגעקומען אַ שנעלער וואוקס פון דער אינדוסטריע אין רוסלאַנד. די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד איז געגאַנגען מיט ריזן־שריט באַרג־אַרויף. ס'איז געוואַקסן אַ צאָלרייכער פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט ענדגילטיק צע־טרייסלט די טעאָרעטישע יסודות פון דער נאַראָדאָוואָלישער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט גערעדט וועגן אַ באַזונדערן נישט־קאַפּיטאַליסטישן וועג פון דער רוסישער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. די אָריענטאַציע פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג איז נישט מער אויף דעם אָפּגעשטאַנענעם רוסישן פּויער נאָר בעיקר אויף דעם אויפגעקומענעם שטאָטישן אינדוסטריעלן אַרבעטער. די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

די דאָזיקע שנעלע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג אין דעם לעצטן יאָר־צענטליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט אויך געהאַט איר השפּעה אויף די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן אינעם תּחום־המושב. ס'אַנטשטייט אַ גרעסערע צאָל אינדוסטריע־ווערקשטאַטן און פאַבריקלעך. ס'קומען אויך אויף גרויסע פאַבריקן. פיל קליינע ווערקשטאַטן גייען אונטער און זייערע בעלי־בתּים פּראָלעטאַריזירן זיך, אָדער — די מער פאַרמעגלעכע — באַמיען זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך דורך פאַרגרעסערן און מאָדערניזירן זייערע אונטערנעמונגען. די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין תּחום־המושב האָט זיך פאַרבעסערט און די צאָל יידישע אינדוסטריע־אַרבעטער — פאַר־גרעסערט. דאָס באַווייזט אויך דאָס פאַלן פון דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע: אין 1892 האָבן קיין אַמעריקע אויסגעוואַנדערט 76,417 יידישע נפשות און אין יאָר 1897 — 28,750 נפשות, אַ פאַרקלענערונג אויף קנאַפּע צוויי דריטל. אַ געוויסע השפּעה אויף דער פאַרקלענערונג פון דער עמיגראַציע האָט אויך געהאַט דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין די 90־קער יאָרן, וואָס האָט אַפילו גורם געווען אַ רעעמיגראַציע פון אַמעריקע. די ערשטע העלפט פון די 90־קער יאָרן האָט געוויזן, אַז דער יידישער בעל־מלאכה און פאַבריק־אַרבעטער הייבן אָן ווערן קעמפערישער און פאָדערן זייער רעכט אויף אַ גרעסערן טייל אין דעם פּראָדוקט פון זייער אַרבעט. דער ווירט־

שאַפּטלעכער אויפשטייג האָט געעפנט נייע פּערספּעקטיוון פאַר דעם עקאָנאָ־
מישן קאַמף פון די אַרבעטער.

גלייכצייטיק מיט דער דאָזיקער אַנטוויקלונג קומט פאָר אַ ראַדיקאַלע
ענדערונג אין די פאָרמען פון דער סאָציאַליסטישער אויפקלערונג צווישן
די יידישע פאָלקס־מאַסן. די ביז־איצטיקע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין
די קרייזלעך האָט געהאַט און געקאָנט האָבן נאָר אַ קליינע השפּעה אויף דער
אַרבעטער־מאַסע. איר ציל איז געווען גרייטן אַגיטאַטאָרס, וואָס זאָלן טראָגן
דאָס סאָציאַליסטישע וואָרט צווישן דער פאָלקס־מאַסע. די רעזולטאַטן פון
דער דאָזיקער טעטיקייט זיינען פון שטאַנדפּונקט פון פּאַנאַנדערוויגן אַ ברייטע
סאָציאַליסטישע באַוועגונג געווען מינימאַלע און אַפילו בפירוש נעגאַטיווע.
דער מיטל האָט זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרזיכיקן ציל צו
דערציען „די קריטיש־דענקענדיקע פּערזענלעכקייט". די צוקונפטיקע אויפ־
קלערער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין אַרבעטער־עליטע, וואָס האָט זיך
אידייאיש אָפּגעריסן פון דער אַרבעטער־מאַסע. זיי האָבן אָנגעהויבן קוקן
אויף דעם שווערן לעבן פון די אַרבעטער נישט ווי אויף אַ סאָציאַלן בייז,
מיט וועלכן מען דאַרף אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן קעמפן און באַמיען זיך
שאַפן בעסערע סאָציאַלע באַדינגונגען פאַר אַלע אַרבעטער אַלס כלל, נאָר ווי
אויף אַ פאַטאַלע קללה, פון וועלכער יעדער דאַרף שטרעבן זיך צו באַפרייען.
די עלעמענטאַרע בילדונג און די סאָציאַליסטישע אויפקלערונג, וואָס זיי
האָבן באַקומען אין די קרייזלעך, האָט זיי אין זייערע אויגן געשטעלט העכער
פון דער דערשלאָגענער און רויער אַרבעטער־מאַסע. אַ גרויסער טייל פון זיי
האָט פאַרלוירן דעם אינטערעס צו די טאָג־טעגלעכע נויטן און באַדערפע־
נישן פון דער אַרבעטער־מאַסע און גייסטיק זיך ביסלעכווייז פון איר דער־
ווייטערט.

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג בכלל און די שטרייק־כוואַליע פון די ערשטע
90־קער יאָרן בפרט האָבן געפאָדערט אַ נייע טאַקטיק — אַ טאַקטיק פון ברייט־
טערער מאַסן־אַקציע, פון דירעקטער אַגיטאַציע אין דער טיפעניש פון דער
אַרבעטערשאַפט. דאָס איז אָבער געווען מעגלעך נישט אויפן באָדן פון אַב־
סטראַקטער סאָציאַל־פּאָליטישער אויפקלערונג פון אויסדערוויילטע יחידים,
נאָר אויפן באָדן פון די קאָנקרעטע טאָג־טעגלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן
פון דער אַרבעטערשאַפט. ערשט אויפן יסוד פון די דאָזיקע אינטערעסן לאָזט
זיך בהדרגה אַריבערוואַרפן אַ בריק צו פּאָליטישער אויפקלערונג און פּאָלי־
טישן קאַמף. דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער קרייזלעריי איז געוואָרן אַ נויט־
ווענדיקייט.

אָט וואָס עס שרייבט וועגן דער פראַגע דער גייסטיקער פירער פון דער
ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע אַלעקסאַנדער קרעמער אין זיין בראָ־
שור וועגן אַגיטאַציע: „די בעסטע עלעמענטן פון פּראָלעטאַריאַט האָבן באַ־
שאַפן אַ באַזונדערע גרופּע מענטשן מיט אַלע סימנים, וואָס כאַראַקטעריזירן
אונזער רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, וואָס זי איז פאַרמשפּט אויף אייביק
אויף אַ קרייזלדיקן לעבן און טעטיקייט מיט די אַלע רעזולטאַטן, וואָס דרינ־

געגן דערפון אַרויס... געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַרויספישן יחידים פון דער מאַסע ווערט אַלץ שווערער (און אַזאַ מאָמענט מוז אומבאַדינגט קו־מען) בלייבן די אַרבעטער־אינטעליגענטן אין פאַרלעגנהייט. זיי פאַרטראַכטן זיך איבער די סיבות פון דער שוועריקייט און געוויינטלעך זיינען זיי אָדער נוטה צו טראַכטן, אַז די סיבה וואָס זייער אַרבעט האָט נישט קיין פעולה, שטעקט אין דעם וואָס זיי אַליין זיינען נישט גענוג אַנטוויקלט, אָדער זיי קומען צום אויספיר, אַז ביי אונז זיינען נאָך נישט צייטיק געוואָרן די באַדינגונגען פאַר אַן אַרבעטער־באַוועגונג. אין ערשטן פאַל באַשליסן זיי, אַז מען דאַרף לערנען און לערנען און ערשט (שפעטער) גיין איבערגעבן די אייגענע קוקן דער מאַסע. אין צווייטן פאַל — אויב זיי ענדיקן ניט מיט אַ פולקומער אַנ־טוישונג, מיט שלום מאַכן מיט דערווירקלעכקייט — פאַרשליסן זיי זיך אַלץ פעסטער אין זייערע קרייזלעך, פאַרנעמען זיי זיך מיט אַליין־פאַרפול־קומונג האַרט ביז יענער מינוט, ווען פון זיך אַליין, אָן זייער מיטווירקונג, וועט זיך הייבן דער קולטור־ניוואָ פון דער מאַסע, וואָס דאָס דאַרף דאָך קומען, און זי מאַכן מסוגל צו פאַרשטיין דאָס, וואָס זיי פרעדיקן. סיי אין ערשטן, סיי אין צווייטן פאַל זיינען אַזוינע רעזולטאַטן פון דער פּראָפּאַגאַנדע אַ בפירושער מינוס פאַר דער זאַך פון הייבן דעם קלאַסנדיקן אַליין־באַוואוסטזיין פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט. וואָס מער עס וועלן זיך פאַרפולקומען אין גייסטיקן און מאָראַלישן זינען די אַרבעטער־סאָציאַליסטן, אַלץ מער וועלן זיי זיך דערוויי־טערן פון דער אַרבעטער־מאַסע, אַלץ מער וועט די ווירקלעכקייט זיך אַרויס־גליטשן ביי זיי פון אונטער די פיס און אין דעצידירנדיקן מאָמענט, ווען די אָדער יענע געשעעניש וועט ברענגען אין באַוועגונג די אַרבעטער־מאַסע, וועט זי (די מאַסע) און די אַרבעטער־סאָציאַליסטן שטיין פרעמד איינע צו די אַנדערע, אַפילו פיינטלעך איינע צו די אַנדערע" [35].

אויף אַ מער פּאָפּולערן אופן און מער צוגעפּאַסט צו די אַרטיקע ווילנער פאַרהעלטענישן אין דער יידישער סביבה האָט די בויטוועגדיקייט פון איבער־גיין פון פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך צו מאַסן־אַגיטאַציע אַנטוויקלט שמואל גאַ־זשאַנסקי אין זיין אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן, וואָס איז לויט דער באַהויפּטונג פון מחבר גופא לכתחילה אָנגעשריבן געוואָרן אין יידיש (וואַרשיינלעך סוף 1893), האָט זיך אָבער אָפּגעהיט אין אַ רוסישן טעקסט [36]. ער סומירט ביים סוף פון בריוו זיינע אויספירן אין די פאָלגנדיקע לאַפּידאַרע שורות: „פריער איז געווען אונזער ערשטער ציל — זיך סטאַרען, אַז ביי די אינטעליגענטן זאָלן זיך לערנען וואָס מער אַרבעטער; צו דעם צוועק זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן קאַסעס, שבתדיקע פאַרלעזונגען, באַקאַנטשאַפט־פאַרבינדונגען מיט אַרבע־טער און שמועסן מיט זיי. דער ציל פון אונזער איצטיקער אַרבעט איז: פאַר־בעסערן דעם מצב פון דער היגער יידישער אַרבעטער־מאַסע. צו דעם צוועק דאַרף מען אַגיטירן צווישן דער אַרבעטער־מאַסע — באַנוצן דערצו די שבת־דיקע פאַרזאַמלונגען און די 'זאַניאַטיעס' ביי די אינטעליגענטן. דער פריער־דיקער ציל און דער איצטיקער לאָזן זיך ניט פאַראייניקן".

קעגן דער דאָזיקער ראַדיקאַלער ענדערונג איז אין די יאָרן 1892־1894

אויפגעקומען אין ווילנע אַן אָפּאָזיציע, וואָס איר אָנפירער און טעאָרעטיקער איז געווען דער שניצער אברהם גאָרדאָן (רעזטשיק). די אָפּאָזיציע, צו וועלכער ס'איז אַריבער אַ גרויסער טייל מיטגלידער פון די אַרבעטער־קרייזן־לעך, האָט זיך שאַרף קעגנגעשטעלט דער נייער ווענדונג. אויפן געדאַנקען־גאַנג פון גאָרדאָנען און זיינע אָנהענגער האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה לאַוור־ראָווס היסטאָרישע בריוו און נ. מיכאַילאָווסקיס פּובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס האָבן שטאַרק אַקצענטירט די ראָל פון יחיד אין דער געשיכטע, פון דער קריטיש־דענקענדיקער פּערזענלעכקייט, וואָס הגם זיי זיינען אין אַ קליי־נער מינדערהייט, קענען זיי אַדאַנק זייער איניציאַטיוו און מסירת־נפש ענ־דערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע. אין זיין קעגנערשאַפט צו דער נייער טאַקטיק האָט ער זיך געשטיצט אויף לאַווראָווס היסטאָרישע בריוו און זיי אַלע מאָל ציטירט [37]. איבערחזרנדיק דעם אַמאָליקן פאָרוואורף פון די רוסי־שע נאַראָדניקעס צו די באַזיצנדיקע און געבילדעטע קלאַסן, אַז זיי האָבן אַ חוב פון בילדונג לגבי דעם רוסישן פויער, האָבן די אָפּאָזיציאָנערן פאָרגע־וואָרפן דער אינטעליגענץ, אַז זי מאָנאָפּאָליזירט די בילדונג פאַר זיך, כדי צו קענען הערשן איבער דעם אַרבעטער. אין זייער קעגנערשאַפט צו דער אָנפירנדיקער אינטעליגענטן־גרופּע איז אויך געווען אַ ווידערקול פון דער אַנאַרכיסטישער פּאָלעמיק קעגן דער אינטעליגענץ און פון דער שלעכט־פאַר־שטאַנענער מאַרקסיסטישער לאָזונג, אַז די באַפרייאונג פון די אַרבעטער איז די זאַך פון די אַרבעטער גופא. מיט אַנאָנימע בריוו, פאַמפלעטן, געשריבענע פלוג־בלעטלעך, האָט די אָפּאָזיציע אַרויסגערופן אַן אויפרודערונג צווישן די אַרבעטער בעיקר אין ווילנע. די אָפּאָזיציע האָט זיך אויך קעגנגעשטעלט דעם איבערגאַנג אין דער אַגיטאַציע צו יידיש. זי האָט געטענהט, אַז דאָס מאַכט אוממעגלעך די גייסטיק־פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון אַרבעטער, היות ביי דעם דעמאָלטיקן אָרימען מצב פון וועלטלעכער ליטעראַטור אין יידיש, איז די „ראַזוויטיע" (אַנטוויקלונג) אָנגעוויזן נאָר אויף דער אויפקלערישער ליטעראַטור אין רוסיש. לויט דער מיינונג פון אַ דעמאָלטיקן טוער האָט די אָפּאָזיציע געזען אין דער נייער טאַקטיק אַ פּרואוו אָפּצורייסן די פּאַרטיי־אַרבעט „פון יענעם פּראָצעס פון קולטור־אַסימילאַציע, וואָס איז אין די גרעסערע שטעט אין ליטע (און אין דרום נאָך מער) פאָרגעקומען ביי אַ באַ־שטימטן שיכט פון דעם יידישן האַנדלס־ און אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט, און וואָס האָט פאַר דעם שיכט געהאַט, אַחוץ אַנדערע מאָטיוון, אַן אומגעהויערע באַדייטונג, ווי אַ געוועזער אין דעם קאַמף פאַרן קיום"... „דעריבער איז דער ווידערשטאַנד צו 'פאַריידישן' אונזער פּאַרטיי־אַרבעט געווען זייער אַ האַרט־נעקיקער און שטורמישער" [38]. חוץ גאָרדאָנען איז אין שפּיץ פון דער וויל־נער אָפּאָזיציע געשטאַנען אברהם סקאַפּאַווקער (אַ יואוועליר), דרעזל (אַ שניי־דערין), ראובן פרידמאַן (פּאַפּיראָסן־מאַכער), די ברידער משה (אַ זעצער) און מיכאל לוריע. דער ערשטער אָפיציעלער אַרויסטריט פון דער אָפּאָזיציע איז געווען אברהם גאָרדאָנס רעדע אויף דער 1־טער מאַי־פאַרזאַמלונג אין

1892, נאָך דעם ווי זי האָט זיך געהאַט פאַרענדיקט. ער האָט שאַרף אָנגעגריפן די אינטעליגענטן צוליב דער נייער טאַקטיק.

די חלוקי־דעות האָבן זיך אויסגעווירקט אויך אויפן געביט פון עקאָנאָמישן קאַמף. דער אומצוטרוי פון דער אָפּאָזיציע צו דער אַרבעטער־מאַסע האָט אויך געפונען איר אויסדרוק, ווען די אַרבעטערשאַפט איז קאָלעקטיוו אַרויסגעטרעטן פאַר פאַרבעסערן אירע אַרבעט־ און לעבנס־באַדינגונגען. למשל, אין יאָר 1893 איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ פאַרביסענער שטרייק פון איבער 200 שניידער וועגן העכערן דעם לוין און קירצן דעם אַרבעטס־טאָג. אין אַ באַריכט ווערט וועגן דעם דערציילט: „דער דאָזיקער שטרייק, וואָס האָט אין סך־הכל אָפּגעקאָסט 1100־1200 רובל, האָט דעמאָלט אין שטאָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג. און הגם די אַרבעטער זיינען אין איין טייל פון זייערע פאָדערונגען באַפרידיקט געוואָרן, האָבן זיי אָבער נישט געקענט אויסנוצן זייער טיילווייזן נצחון מחמת אַזאַ סיבה: די לעצטע צייט פון שטרייק האָבן זיך אין אים אַריינגעמישט אַרבעטער, וואָס האָבן זיך פיינטלעך באַצויגן צו דער אַגיטאַציע אין דער אַרבעטער־סביבה. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז אין איצטיקער צייט דאַרף מען אין דער דאָזיקער סביבה פאַרנעמען זיך נאָר מיט פראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן זיך באַמיט צו דערווייזן די אָנפירער פון דעם שטרייק און די אַנדערע אָנטיילנעמער פון אים, אַז דער שטרייק איז קינסטלעך אַרויסגערופן געוואָרן; זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דעם שאָדן, וואָס דער שטרייק וועט ברענגען די אַרבעטער, אויף די אַרעסטן און אויף דעם, וואָס די אַרבעטער פעלט באַוואוסטזיניקייט. מיט איין וואָרט: זיי האָבן מיט אַלע מיטלען געפּרוּווט שטערן דעם שטרייק. אַרויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, האָבן זיי געלייקנט דעם באַטייט פון די קאַמף־קאַסעס, האַלטנדיק זיי פאַר אַ דורכאויס אומפּרוכטבאַרע אינ־סטיטוציע. די דאָזיקע מיינונגען האָבן געפונען אַ פאַסיקן באָדן. די קאַמף־קאַסע איז נאָכן שטרייק גיך זיך צעפאַלן. די אַרבעטער האָבן נישט געקענט אויסנוצן דעם טיילווייזן נצחון, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן איבער די באַ־לעבאַטים. אפילו אין אָט דעם פּרט איז דער שטרייק פאַר זיי דורכגעגאַנגען אָן קיין שום שפּורן. די סיבה פון דעם זעט מען אין דעם אַריינמישן זיך פון די פּראָפּאַגאַנדיסטן" [39].

די אָפּאָזיציע האָט אָנגעהאַלטן אין ווילנע ביז סוף 1894. וועגן סוף פון דער אָפּאָזיציע דערציילט איינער, וואָס איז געווען אַקטיוו אין איר: ס'איז געקומען אַ מאָמענט ווען ביי ביידע צדדים איז אַנטשטאַנען אַ פאַרלאַנג צו געפינען אַן אויסגלייך און ס'האָבן זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען. „אין די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך באַטייליקט אַלעקסאַנדער (קרעמער) און 'כראָמאָי' (דער הינקעדיקער — מאַרטאָוו) פון איין זייט און די מיטגלידער פון דער כאַרקאָווער גרופּע (סטודענטן, וואָס זיינען געקומען פון כאַרקאָוו אויף וואַ־קאַציע) — פון דער צווייטער. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט זייערע נעמען: אַראָן לוריע פון פינסק, דר. פיינבערג — אַ שאַוולער אָדער אַ פּאָנעוועזשער און דר. ראָם — אַ ווילנער"... „אין גיכן איז כמעט די גאַנצע

'אָפּאָזיציע' צוריק אַריין אין דער באַוועגונג, אויסער 'רעזשטשיקן'; ער איז פאַרבליבן אין אָפּאָזיציע אויף שטענדיק. אייניקע פון דער 'אָפּאָזיציע' זיינען אַריין דערנאָך אין די דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען וגם אני בתוכם" [40]). די אָפּאָ־זיציאָנערן האָבן זיך געשטעלט אויפן באָדן פון דער נייער טאַקטיק. בלויז אין איין פּרט האָט מען נאָכגעגעבן דער אָפּאָזיציע: „ס'איז פאַרבליבן, אַז די קרייזן וועלן נישט פאַנאַנדערגעלאָזט ווערן. די מער אַנטוויקלטע אַרבע־טער וועלן ווערן אויסגעטיילט און צוגעגרייט פאַר אַגיטאַטאָרן־אַרבעט. יענע אָבער דאַרף ווערן געפירט אין דער ברייט פון דער מאַסע. אין יעדן פאַך דאַרפן ווערן אָרגאַניזירט קאַמף־קאַסעס פאַר שטיצן די שטרייקנדיקע. ס'דאַרף ווערן געפירט אַ קאַמף פאַרן אויסבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער און זיי ביסלעכוויז אַריינציען אויך אין דער פּאָליטישער אַגיטאַ־ציע" [41]).

די אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען זיינען אויך פאַרטראָגן געוואָרן קיין ביאַ־ליסטאָק און גראָדנע. אייניקע פון די אָפּאָזיציאָנערן ווי משה און מיכאל לוריע, ראובן פרידמאַן, דרעזל זיינען שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק און צוזאַמען מיט אַן אינטעליגענטן־גרופּע פון גראָדנע געשאַפן אַ באַזונדערע אָר־גאַניזאַציע די אַרבעטער־פּאַן. די גרופּע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּ.פּ.ס. אין קאָנגרעס־פּוילן. דער פירער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער גראָדנער סטודענט פּיאָטר שומאָוו (נישט קיין ייד, אין די יידישע קרייזן האָט מען אים גערופן פּסח, פּרץ). אויפן ביאַליסטאָקער באָדן, וואו דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז געווען מער צוגעפּאַסט צו דער נייער אַגי־טאַציע־טאַקטיק (גרויסער אָנטייל פון יידישע אַרבעטער אין דער וועבער־אינדוסטריע), האָט די אָפּאָזיציע נישט געקאָנט געפינען קיין פעסטן באָדן פאַר זיך. ליקווידירט געוואָרן איז די דאָזיקע גרופּע אין 1898, ווען מען האָט אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק איר דרוקעריי, וואו עס האָבן געאַרבעט ר. פריד־מאַן און מיכאל לוריע [42]).

חוץ דער דאָזיקער אָפּאָזיציע, וואָס איז אין תוך געווען אַסימילאַטאָריש און עליטאַריש, איז אין מינסק אין דער זעלביקער צייט געקומען צום אויס־דרוק אַן אָפּאָזיציע פון אַ פאַרקערטן כאַראַקטער, מיט נאַציאָנאַלע טענדענצן, וואָס איר וואָרטזאָגער איז געווען אברהם וואַלט (ליעסין). „ער האָט גע־האַלטן, אַז רעכטלאָזיקייט שאַפט ביי יידן אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג, אַז דער קאַמף קעגן יידישער רעכטלאָזיקייט, אויסער דעם וואָס ער איז וויכטיק פאַר זיך אַליין, ברענגט ער אַ שטאַרקן שטראָם רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, העלפט ער מיט צו מאַכן די יידישע מאַסן פאַר סאָציאַליסטן. ער האָט גערופן זיך מער אַריינצוטאָן אין יידישע אינטערעסן און יידישער שאַפונג"... „ליע־סין האָט געשאַפן אַ גרופּע תלמידים, וואַלטאָוועצעס, ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופן" [43]). ליעסינען האָט נישט באַפרידיקט בלויז סאָציאַליסטישע אַרבעט, ער האָט אַקצענטירט דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג און איז ניט געווען צופרידן פון דער דעמאָלט אינדי־

פערענטער באַציאונג פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו ספּעציפיש־יידי־
שע נאַציאָנאַלע פּאָדערונגען, ווי אַקטועלע קאַמף־פּאָסטולאַטן.

אין ווילנע האָט דאָס יאָר 1893 געהאַט צו פאַרצייכענען אַ ברייטע שטרייק־
באַוועגונג און אַנדערע דערפאָלגן. אין דער 1־טער מאַי־פייערונג האָבן זיך
באַטייליקט נאָך אַמאָל אַזוי פיל אַרבעטער ווי אַ יאָר פריער.

אין 1894 ווערט געמאַכט אַן ערנסטער פּרואוו אידעאָלאָגיש קלאָר צו
מאַכן דאָס פּנים פון דער באַוועגונג. אין חודש אויגוסט איז אין ווילנע אָפּ־
געהאַלטן געוואָרן אַ צווייטאָגיקע קאָנפערענץ, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַ־
טייליקט אַרקאַדי קרעמער, פּאַטי סרעדניצקי, ליובע לעווינסאָן, איסאַי איי־
זענשטאַט, דזשאָן מילל, אברהם מוטניק, יולי צעדערבוים־מאַרטאָוו, דר. יעקב
ליאַכאָווסקי, מאַקס טאָביאַש, לעאָן גאָלדמאַן, שמואל גאָזשאַנסקי, שלמה מע־
נאַקער, וו. קאָסאָווסקי און נאָך דריי אַנטיילנעמער (אַרבעטער). מ׳האָט באַ־
האַנדלט פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. אין צענטער פון די דעבאַטן
איז געווען די יידישע פראַגע. וועגן איר האָט רעפערירט יעקב ליאַכאָווסקי.
אַן אַנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ האָט וועגן דעם דערציילט: „דאָס איז
געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר האָבן אַזוי קלאָר, אָן אַ וועלכע־נישט־איז
צוויי־דייטיקייט, מיט דער פולסטער אַנטשלאָסנקייט דערקלערט אונזער
שטעלונג אין דער יידן־פראַגע: אַז די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד ליידן
נישט בלויז אַלס אַרבעטער, נאָר אויך אַלס יידן; אַז מען מוז אין דער אַגי־
טאַציע מער און מער אונטערשטרייכן אַלע פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער
אונטערדריקונג; אַז צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן
קאַמף מוז דער קאַמף פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג זיין איינע פון
אונזערע תיכפדיקסטע אויפגאַבן און אַז אַזאַ קאַמף קען מיטן בעסטן דערפאָלג
געפירט ווערן פון די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער זעלבסט... אַן ענגערע
צוזאַמענאַרבעט מיט יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעט
מוז אויף אַזאַ אופן זיין דער לאָגישער נאָענטסטער שריט אונזערער". בלויז
איין קעגנער פון דער שטעלונג איז געווען — לעאָן גאָלדמאַן [44].

ווינטער 1894־95 זיינען פאָרגעקומען פיל שטרייקן פון די יידישע אַרבע־
טער אין ווילנע, מינסק און אַנדערע שטעט. זיי זיינען אַדורך מיט דערפאָלג
און אַריינגעטראָגן אַ גרויסע אויפלעבונג אין דער אַרבעט, וואָס האָט זיך
שוין געשטיצט אויף די מעטאָדן פון דער נייער טאַקטיק.

אין אַ געהויבענער און קאַמפּסלוסטיקער שטימונג איז געפייערט געוואָרן
דער 1־טער מאַי פון 1895. אין ווילנע זיינען פאָרגעקומען צוויי גרויסע פאַר־
זאַמלונגען אין וואַלד, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט קרוב 500 אַרבע־
טער און אַרבעטערינס. חוץ די דאָזיקע מאַסן־פאַרזאַמלונגען איז אויך פאָר־
געקומען אַ געשלאָסענע פאַרזאַמלונג פון אַגיטאַטאָרן (40 פּערזאָן), אויף וועל־
כער מאַרטאָוו האָט געלייענט אַן אָנגעשריבענעם רעפעראַט א. ב. וועגן די
טעאָרעטישע און פּראַקטישע דערפאָלגן פון דער באַוועגונג במשך דעם לעצטן
יאָר. אין דער דאָזיקער רעדע, וואָס האָט אייגנטלעך אויסגעדריקט דעם
שטאַנדפּונקט פון דער גאַנצער אָנפירנדער גרופּע, האָט דער רעפערענט באַ־

גרינדעט דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

ער האָט כאַראַקטעריזירט דעם דורכגעגאַנגענעם עטאַפּ פון דער באַ־וועגונג און וואָס זי האָט דערגרייכט. „די ענדערונגען, וואָס אונזער יונגע באַוועגונג האָט איבערגעלעבט אין דער לעצטער צייט, זיינען ענדערונגען אין דער ריכטונג פון אונזער גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט", האָט ער געזאָגט. די באַוועגונג איז געוואָרן מער דעמאָקראַטיש און מער מאַטעריאַליסטיש אין דעם זין, וואָס זי האָט צוגעפּאַסט איר פּראָגראַם, טאַקטיק און קאַמף צו די באַדערפעניש פון די ברייטע מאַסן אַנשטאָט צו פאַרנעמען זיך מיט פּראָ־פּאַגאַנדע אין קליינע גרופּעס. די אידייען און טעאָריעס זיינען אַ פּועל־יוצא פון די פאָדערונגען און מאַטעריעלע באַדערפענישן פון די מאַסן. ער האָט אָנגעוויזן אויף די העכערקייט פון דער לערע פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס לגבי די בורזשואַזע אידייען, לגבי דער אידעאַליסטישער וועלט־אַנשוי־אונג בכלל און אירע אויסווירקונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט.

און אויף נאָך אַ געביט, האָט מאַרטאָוו אָנגעוויזן, האָט די באַוועגונג גע־מאַכט אַ שריט פאָרויס: „אויף אונז, אויפן יידישן פּראָלעטאַריאַט, איז אויס־געפאַלן דער ניט־אָנגענעמער גורל צו ווערן עקספּלואַטירט פון דער נידע־ריקסטער, פון דער אומפאַרשעמטסטער בורזשואַזיע אין דער וועלט. זייענדיק באַרויבט נישט בלויז פון פּאָליטישע רעכט, ווי ס'איז גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אויך פון בירגערלעכע רעכט, זוכט נישט אונזער בורזשואַזיע קיין מיטלען צו פאַרבעסערן איר לאַגע און דערוואַרט אַלץ פשוט פון דעם חסד פון דער רוסישער רעגירונג. אונזער בורזשואַזער אינטעליגענץ קומט אַפילו נישט אויפן זינען, אַז בלויז דורך אַן ענערגישער זעלבסט־טעטיקייט קען דער ייד דערוואַרטן אַ פאַרבעסערונג פון זיין לאַגע"... „די מיינונגען פון דער דאָזיקער בורזשואַזער אינטעליגענץ האָבן טאַקע געשפּילט אַ שעדלעכע ראָל אין אונזער באַוועגונג, וואָס האָט אין דער ערשטער צייט געליטן פון איר נאַציאָנאַלער פּאַסיוויטעט און גלייכגילטיקייט". אין די ערשטע יאָרן האָט מען די רעטונג דערוואַרט פון רוסישן אַרבעטער־קלאַס און אויף זיך אַליין האָט מען געקוקט, ווי אויף אַ צוגאָב צו דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אויף אַ בייזאַך. מ'האָט זיך באַנוצט מיט דער רוסישער שפּראַך, אַנשטאָט מיט דער יידישער. דאָס איז געענדערט געוואָרן: „דורך דעם, וואָס מיר האָבן אין צענטער פון אונזער פּראָגראַם אַוועקגעשטעלט די מאַסן־באַוועגונג, האָבן מיר געמוזט זען, אַז אונזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו די מאַסן, דאָס הייסט זיי מאַכן מער יידיש"... מען דאַרף געדענקען, „אַז אונזער דעמאָקראַ־טישער דעוויז — 'אַלץ דורכן פאָלק' — דאַרף אונז נישט דערלויבן צו דערוואַרטן די באַפרייאונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — די באַפרייאונג פון זיין עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און בירגערלעכער קנעכטשאַפט — נישט פון דער רוסישער, נישט דורך דער פּוילישער באַוועגונג. דער יידישער אַר־בעטער־קלאַס איז גענוג גרויס, אַז ער זאָל אָרגאַניזירטערהייט קענען באַ־וויזן זיין שטאַרקע ווירקנדיקע קראַפט. די דאָזיקע קראַפט איז אָבער נישט

געגוג, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זאָל מיט איר אַליין זיך קענען דער־שלאָגן די באַפרייאונג. און דאָ איז טאַקע די סיבה, וואָס פאַרבינדט אונז פעסט מיט דער רוסישער און פּוילישער באַוועגונג". אָבער קודם־כל דאַרף מען זיך שטיצן אויף די אייגענע כוחות, ווייל „יענער קלאַס, וואָס קען זיך אַליין נישט דערשלאָגן קיין פרייהייט, איז נישט ווערט צו האָבן די פרייהייט". ער קומט דעריבער צום אויספיר, אַז די יידישע אַקטיווע סאָציאַל־דעמאָקראַטן דאַרפן באַשאַפן „אַ ספּעציעלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל ווערן די פירערין און דערציערין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער, בירגערלעכער און פּאָליטישער באַפרייאונג".

ער וואַרפט אָפּ די מעגלעכע באַשולדיקונג אין נאַציאָנאַליזם און פרעגט: „קען דען באמת אַן אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז נישט אומצופרידן און קעמפט נישט קעגן דעם מצב פון אַ נידריקסטן שטאַם, גאָר קלערן צו קעמפן קעגן מצב פון אַ נידעריקן קלאַס? דעריבער שטערט טאַקע די נאַציאָנאַלע גלייכ־גילטיקייט פון דער יידישער מאַסע אויפצואוועקן ביי איר דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין. אונזער אויפגאַבע דאַרף זיין אויפצואוועקן זי אי פון איר נאַ־ציאָנאַלער, אי פון איר קלאַסן־גלייכגילטיקייט" [45].

אַזוי האָט די אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטי־שער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אַדורכגעמאַכט במשך פון אַ פּאָר יאָר דעם וועג פון אַ שטרעבונג צו אַסימילאַציע מיט דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט און רוסישער קולטור ביז צו אַקצענטירן דעם באַזונדערן נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און די נויטווענדיקייט פון אַ ספּעציע־לער יידישער אָרגאַניזאַציע.

די צייט און באַדינגונגען זיינען אַלץ רייפער געוואָרן פאַר אַן ענגערער צוזאַמענאַרבעט פון דער ווילנער אָנפירנדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָר־גאַניזאַציע מיט ס.ד. גרופּעס פון אַנדערע שטעט (מינסק, וויטעבסק, בריסק, קאָוונע, ביאַליסטאָק א. אַ.), פאַר אַ קאָנסאָלידאַציע פון די צעשפּליטערטע כוחות. אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער טענדענץ איז געווען די מינסקער קאָנפערענץ יוני 1895. פון אָנהייב 1895 איז די פראַגע וועגן אַ פאַראייניקונג דעבאַטירט געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע פון ווילנע. די נויטווענדיקייט פון אַ פאַראייניקונג האָט מען באַגרינדעט מיט פּרינציפּיעלע און פּאָליטישע טעמים און דאָס איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין מאַרטאָווס רעפעראַט צום 1־טן מאַי 1895. ס'איז אויך געווען אַ פּראַקטישער מאָטיוו. אין יענער צייט זיינען אין עטלעכע שטעט געווען שטרייקן פון יידישע אַרבעטער אין אַ ריי פאַכן. די באַלעבאַטים האָבן זיך באַנוצט מיט שטרייק־ברעכער. אין מינסק האָבן די מייסטער זיך פאַראייניקט און געשאַפן אַ קאַסע, כדי אין פאַל פון שטרייקן קענען מיט געמיינזאַמע כוחות ברענגען שטרייק־ברעכער פון אַנדערע שטעט. האָט די מינסקער ס.ד. אָרגאַניזאַציע שטאַרק משפיע געווען, אַז מ'זאָל וואָס גיכער צונויפרופן אַ קאָנפערענץ פון אַ צאָל שטעט, כדי אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב צו קאָנען אָרגאַניזירן דעם קאַמף קעגן דער דאָזיקער דערשיינונג. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן

אַן אָנהויב מיט צוויי שטעט — ווילנע און מינסק. ס׳איז געווען פאַרטראַכט, אַז אינגיכן נאָך דעם זאָל מען רופן אַ ברייטערע קאָנפערענץ פון אַ ריי שטעט.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין מינסק. פון ווילנע זיינען געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַטן 2 אַרבעטער. דאָס איז געטון געוואָרן מיט אַ קלאָ־רער כוונה. די הויפּט־פירער פון דער באַוועגונג, די אינטעליגענטן, האָבן געשטרעבט אַרויסצורוקן אַלס טוער די שוין באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. די ווילנער דעלעגאַטן זיינען געווען שלמה מענאַקער — אַ קצב, וואָס האָט נאָך אין די אַכציקער יאָרן זיך באַטייליקט אין די קרייזלעך פון די נאַראָ־דאָוואָלצעס און איז אין די ניינציקער יאָרן געווען זייער אַקטיוו אין דער אויפגעקומענער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — און מ. נ. דושקאַן („מיכאל דער איינבינדער") — שפּעטער אַן אָנגעזעענער טוער אין בונד. די מינס־קער אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרטרעטן דורך איר פּאַקטישן פירער פּאַוועל בערמאַן און עטלעכע אַרבעטער, צווישן וועלכע ס׳איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע אַגיטאַטאָרן — משה דער זייגערמאַכער. די זיצונגען זיינען פאָרגעקומען אין די דירות פון ליובע יוזעפאָוויטש און פּאַוועל בערמאַן (ליובע יוזעפאָוויטש, אַ שניידערין איז פריער געווען טעטיק אין ווילנע און פון 1894 געווען באַשעפטקט ווי אַ לערערין אין דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער שול אין מינסק. איר דירה איז געווען אין בנין פון דער שול). די לעצטע זיצונג איז פאָרגעקומען אין וואַלד מיט 25־30 אָנטיילנעמער פון מינסקער אַקטיוו: די בערשטער מ. ב. מונוועז („כאַטשע"), אָרע פוטער, די זאָקן־מאַכערין געניע רייכעלשטיין, בענציע לעווין, משה דער זייגערמאַכער, שפרה יוזעפאָוויטש, די שניידערין מינע פייגע און אַנדערע.

פון דער קאָנפערענץ זיינען נישט פאַרבליבן קיין שום פּראָטאָקאָלן. אויפן סדר־היום זיינען געשטאַנען פּראַקטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, ווי אויסטויש פון אינפאָרמאַציע און אומלעגאַלע אויסגאַבעס, העלפן זיך מיט אַגיטאַטאָרן א. אַז. וו.. ס׳איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון אַ געמיינ־זאַמען אָרגאַן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן: 1) צו טוישן זיך מיט אינפאָרמאַציע וועגן דער שטרייק־באַוועגונג אין פאַרשידענע שטעט, כדי קעגנצוואווירקן דער טאַקטיק פון די באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירטערהייט אָנגעהויבן באַנוצן מיט שטרייק־ברעכער. 2) צו פאַראייניקן די אַרבעט ביים אַרויסגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור (אין מינסק האָט אין דער צייט אָנגעהויבן, ווי עס גיט איבער מ. דושקאַן, אַרויסגיין אַ העקטאָגראַפירט אינפאָרמאַציע־בלעטל א. נ. מינסקער פלוגבלאַט, און אין ווילנע — אַ העקטאָגראַפירטע אַגיטאַציע־בראָשור, אין 1894 האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַ געשריבענע צייטונג נייעס אויס רוסלאַנד). זייער לעבעדיק איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון אַרויסגעבן אַ געדרוקטן אָרגאַן — אָבער וועגן דעם איז קיין באַשלוס נישט אָנגענומען געוואָרן. ס׳איז אויך נישט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשלוס אין דער פראַגע פון שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע־צענטער. דיביידע פראַגן זיינען אָפּ־געלייגט געוואָרן צו אַ צווייטער קאָנפערענץ, צו וועלכער מען האָט געזאָלט

צוציען אויך אַנדערע שטעט. דער דורכפאַל פון דער ביאַליסטאָקער אָר־
גאַניזאַציע אין פעברואַר 1896 און די אַרעסטן אין ביאַליסטאָק, ווילנע, אָדעס
האָבן אָפּגעהאַלטן דערוויל דעם פאַראייניקונגס־פּראָצעס. דער צענטר איז
ווייטער פאַקטיש פאַרבליבן ווילנע [46].

וועגן אַ קאָנפערענץ אין יאָר 1895 דערציילט דער בונדישער פּיאָ־
נער א. מוטניק. זי זאָל האָבן פאָרגעקומען אין ווילנע במשך דריי טעג.
ס'זיינען געווען דעלעגאַטן פון אַ צאָל שטעט, בעיקר פון ווילנע גופא. אויף
דער קאָנפערענץ איז שוין קלאָר פאָרמולירט געוואָרן די נויטווענדיקייט
פון אַ פאַראייניקטער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. אָט וואָס ער
זאָגט וועגן דעם: „דער מיינונג־אויסטויש האָט פעסטגעשטעלט די פולע
איינשטימיקייט אין דער פראַגע וועגן דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט
פון אַ ספּעציעלער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פאַר
דער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן און סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין פון די
יידישע אַרבעטער, ווי אויך אין דער פראַגע וועגן דער אומבאַדינגטער
נויטווענדיקייט באַזונדערס אונטערצושטרייכן אין פּראָגראַם פון דער יידי־
שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכ־
טיקונג פאַר יידן" [47].

***

צו אַ קורץ־דויערנדיקער קאָנסאָלידאַציע פון גרופּעס יידישע סאָציאַ־
ליסטן, וואָס האָבן געווירקט איזאָלירט איינע פון די אַנדערע, איז אויך גע־
קומען אין וואַרשע.

אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט איז וואַרשע געוואָרן
איינער פון די וויכטיקסטע אינדוסטריע־ און האַנדלס־צענטרען אין קאָנגרעס־
פּוילן. דער יידישער אָנטייל אין אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָצעס פון קאָנגרעס־
פּוילן איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקער. אָבער יידישע פאַבריק־אַרבעטער
האָבן באַטראָפן גאָר אַ קליינעם פּראָצענט פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע,
וואָס איז אין איר איבערוועגנדיקן רוב געווען בעיקר אַ האַנטווערקער־פּראָ־
לעטאַריאַט.

די יידישע ווערקשטאַטן זיינען בדרך־כלל געווען קליינע, אָן מאַטאָרן און
און מיט אַ קליינער צאָל אַרבעטער. לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1897
האָבן קנאַפּע 40 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע גע־
לעבט פון מלאכה און אינדוסטריע. די גרעסטע צאָל בעלי־מלאָכות איז
געווען באַשעפטיקט אין דער באַקלייד־אינדוסטריע (צוזאַמען מיט די משפחות
בערך 30,000 נפשות). אַ סך יידן זיינען געווען באַשעפטיקט אין סטאָלעריי,
בעקעריי, שיך און לעדער־גאַלאַנטעריע, (וואָס איז געווען באַהערשט פון
כמעט בלויז יידישע בעלי־מלאָכות). יידן האָבן אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַר־
צווייגטע און פאַרשידנאַרטיקע לייכטע אינדוסטריע, אין וועלכער יידישע
אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט. ס'איז אויך געווען אַ גרויסע מאַסע
יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. די גרויסע פאַבריקן זיינען פאַר יידישע

אַרבעטער געווען על פּי כּלל נישט צופֿריטלעך, אַפֿילו ווען זייערע בעלי־בתּים זיינען געווען יידן און די אַרבעטער האָבן מסכּים געווען צו אַרבעטן שבת. די צאָל קליינע ווערקשטאַטן האָט זיך כּסדר פֿאַרגרעסערט. אַפֿילו געוועזענע קליינע קרעמער, פֿאַראָרימטע צוליב די אָפּטע ווירטשאַפֿטלעכע קריזיסן, האָבן זיך גענומען צו מלאָכה. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך צו קוואַליפֿיצירן, האָט מען זיך גענומען צו פֿאַבריצירן אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס האָבן נישט געפֿאָדערט קיין לאַנגע צוגרייטונג, (קראַוואַטן, שטעקנס און ענלעכע אַרטיקלען). דאָס האָט געשאַפֿן אַ היפּערטראָפֿיע פֿון ווייניק־קוואַליפֿיצירטע און שלעכט־באַצאָלטע יידישע אַרבעטער. דעם בעל־מלאָכה האָט זיך געלעבט גאָר שווער: אַ לאַנגער 14־16־שעהדיקער און שלעכט־באַצאָלטער אַרבעט־טאָג. פֿרויען־ און קינדער־אַרבעט איז שטאַרק עקספּלואַטירט געוואָרן. פֿיל אַרבעטער פֿלעגן שלאָפֿן אין די קליינע ווערקשטאַטן. לערנייִנגלעך האָבן נאָך אין אַ סך פֿאַלן געמוזט צוצאָלן די מייסטערס. דער דלות איז געווען אין לשער. עקאָנאָמיש היִנטערשטעליק אין פֿאַרגלייך מיטן פּוילישן פֿאַבריק־אַרבעטער און קוואַליפֿיצירטן האַנטווערקער, איז אָבער דער יידישער פּראָלעטאַריאַט געווען אויפֿנאַם־פֿעאיק פֿאַר די סאָציאַליסטישע אידייען און לאָזונגען.

די ערשטע שפּראָצונגען פֿון סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן יידן אין וואַרשע דאַרף מען גראָד זוכן נישט צווישן דער אַרבעטער־מאַסע, נאָר צווישן דער אונטערוואַקסנדיקער יידישער אינטעליגענץ אין אַסימילירטע רייכע היימען, וואו עס זיינען נאָך געווען לעבעדיק די רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע טראַדיציעס פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון יאָר 1863. אָבער סוף 70־קער יאָרן פֿאַרלירן די דאָזיקע טראַדיציעס זייער פּויליש־נאַציאָנאַלן פּאַטאָס און באַקומען אַ סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע באַאַרבונג. די דעקלאַראַציע פֿון דעם ערשטן קרייז פּוילישע סאָציאַליסטן פֿון אָקטאָבער 1878, וואָס האָט פּראָקלאַמירט, אַז דער סאָציאַליזם וויל קעמפֿן „פֿאַר פֿולער סאָציאַלער גלייכהייט פֿון אַלע בירגער, אָן אונטערשיד פֿון געשלעכט, ראַסע און נאַציאָנאַליטעט״, האָט ביי דער דאָזיקער פּאַרפּוילישטער יידישער אינטעליגענץ אַרויסגערופֿן גרויס באַגייסטערונג.

צו די ערשטע יידן־סאָציאַליסטן אויפֿן וואַרשעווער באָדן האָבן געהערט זיגמונד הערינג, שמעון דיקשטיין (פּסעוודאָנים יאַן מלאָט), מחבר פֿון דער זייער פּאָפּולערער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע־בראָשור פֿון וואָס איינער לעבט (אין פּויליש, יידישע איבערזעצונג פֿון שמואל ראַבינאָוויטש, לאָנדאָן, 1887), סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, פֿעליקס קאָן און אַנדערע. זיי אַלע האָבן געשטאַמט פֿון שטאַרק אַסימילירטע בירגערלעכע היימען.

אין די פּראָצעסן פֿון דער פּוילישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פּראָלעטאַריאַט אין 1882, זיינען אויף 190 געמשפּטע געווען 16 יידן. אין די דאָזיקע פּראָצעסן פֿיגורירן שוין אויך זין פֿון בעלי־בתּישע פֿרומע היימען (די אולריכס און אַנדערע) און אַ טאָכטער פֿון דער וואַרשעווער פּאָלקס־מאַסע

— די שניידערקע חוה ברעסלער (געבוירן 1862. דעם 27־טן אָקטאָבער 1885 האָט זי זיך אויפגעהאָנגען אין וואַרשעווער ציטאַדעל).

אין די יאָרן 1885־1887 האָט אין וואַרשע עקזיסטירט אַ רעוואָלוציאָנערער קרייזל (דער „צענטראַלער קרייז פון דער שטודירנדיקער יוגנט אין וואַרשע"), געגרינדעט דורך דעם אויבן דערמאָנטן שמואל ראַבינאָוויטש (זון פון דעם היסטאָריקער שאול פּנחס ראַבינאָוויטש), וואָלף ליבין און אברהם קאָטיק, צו וועלכן ס'האָבן געהערט גימנאַזיסטן, וואָס האָבן על פּי רוב געשטאַמט פון ליטע. דער קרייז האָט זיך געפונען אונטער דער אידעאָלאָגישער השפּעה פון די נאַראָדאָוואָלצעס און געהאַט אונטער זיין ווירקונג אַנדערע קרייזן און אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַנדערע שטעט. זיין הויפּט־עובדא — פאַר־שפּרייטן בילדונג צווישן דער יידישער אַרבעטער־מאַסע [48]. מיט געהיימע קורסן פאַר יידישע אַרבעטער האָבן אָנגעפירט אברהם קאָטיק און שמואל ראַבינאָוויטש (דער גרינדער). אין יאָר 1887 איז זיך דער קרייז צעפאַלן צוליב אַרעסט פון דעם רוב מיטגלידער.

אין 1888 איז אַנטשטאַנען אַ בילדונגס־קרייז א. ב. געזעלשאַפט פאַר וויסן און קונסט פון יידישן פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן א. ג. צווייטן פּראָלעטאַריאַט (אַ פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אַנטשטאַנען אין 1887). די מיטגלידער האָבן זיך רעקרוטירט פון יידישע האַנדלס־אָנגע־שטעלטע פון דעם שטאַרק אַסימילירטן פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון משה רבינוס גלויבן, איינעם פון די עלטסטע פּראָפ. פאַראיינען אין וואַרשע (געגרינדעט אין 1867, באַקאַנט שפּעטער אונטער דעם פּאָפּולערן נאָמען קאַמי־פאַראיין). פאַר איר עיקר אויפגאַבע האָט די געזעלשאַפט באַטראַכט דאָס דערנענטערן די יידישע „פינצטערע" מאַסע צו דער פּוילישער קולטור און האָט זיך באַנוצט אין איר אויפקלערונג־אַרבעט מיט דעמאָקראַטישע לאָ־זונגען. אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט זיינען געווען טעטיק די ברידער פאַ־טערסאָן פון פּראָלעטאַריאַט און באַזונדערס מאַקסימיליאַן האַלפערן, וואָס איז זינט 1891 געשטאַנען בראש פון דער יידישער האַנטווערקער־שול ביי דער וואַרשעווער קהילה (געגרינדעט אין 1886). די דאָזיקע שול, וואָס אירע תלמידים זיינען ס'רוב באַשטאַנען פון האָרעפּאַשנע יידישע קינדער פון וואַרשע און פּראָווינץ, איז געווען אַ גינציקער באָדן פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין אַסימילאַטאָרישן גייסט. פון דער דאָזיקער גרופּע איז שפּע־טער אַרויסגעקומען די יידישע סעקציע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

אין דער ערשטער העלפט 90־קער יאָרן האָט געפירט סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און געשאַפן זעלבסט־בילדונג־קרייזלעך יצחק מרדכי פּסחזאָן [49]. דעם ערשטן יידישן (העקטאָגראַפירטן) 1־טן־מאַי־אויפרוף אין וואַרשע האָט דער דאָזיקער קרייז פאַרשפּרייט אין 1892 אָדער 1893 (פאַרפאַסט אויף פּויליש דורך איזידאָר פּאַטערסאָן). די קרייזלעך זיינען אין אָנהייב באַשטאַנען פון תלמידים פון דער האַנטווערקער־שול, שפּעטער — פון אַרבעטער.

אַ קורצע צייט האָט עקזיסטירט אַ סאָציאַליסטישע גרופּע פון סטודענטן

פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, וואָס זיינען געקומען פון ווילנע אַרום 1890־91: ישראל פּעסקין, יאַשע וויטקינד, אַלבערט זאַלקינד, יונה אַנטאָקאָלסקי און צוויי אַרבעטערינס העלענאַ גערשאַנאָוויטש און אַנאַ נאָוואָפּלאַנסקאַ. אָפּגע־ריסן פון אַרטיקן לעבן, און אַ צוטריט צו די יידישע אַרבעטער (זיי האָבן גע־רעדט נאָר רוסיש), האָבן זיי נישט געקאָנט האָבן קיין דערפאָלג. איבעריקנס האָט מען זיי אַלעמען באַלד אַרעסטירט. סוף אַכציקער און אָנהייב ניינצי־קער יאָרן זיינען געווען טעטיק נאָך עטלעכע גרופּעס פון יידן־סאָציאַליסטן — אָרטיקע און צוגעפאָרענע, — זיי האָבן אָבער קיין גרויסע הצלחה נישט גע־האָט און געליטן פון אַרעסטן.

נאָך אַ שפּראָץ פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן אין וואַרשע איז געווען די יידישע גרופּע ביי פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). הגם זי האָט ביי די פּאַרטיי־אָנפירער געפונען ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר ספּעציעלער אַרבעט צווישן יידן (די פּ.פּ.ס. האָט דעמאָלט נאָך געהאַלטן די יידישע פאָלקס־מאַסע פאַר אַ קליינהענדלערישן רעאַקציאָנערן עלעמענט און נישט געגלויבט אין דער רעוואָלוציאָנערער קראַפט פון יידישן אַרבעטער), פונדעסטוועגן האָט זי באַוויזן אַריינצוציען אין איר ווירקונגס־קרייז אַ געוויסע צאָל יידישע אַרבעטער. די גרופּע איז געשטאַנען אויפן באָדן פון פּעפּעסישן פּראָגראַם, וואו דער צענטראַלער פּונקט איז געווען קאַמף פאַר אַן אומאָפּ־הענגיק פוילן.

אין די יאָרן 1894־1895 הויבט אָן די גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד אויך אויסשפּרייטן איר השפּעה אין וואַרשע. אין 1894 באַזעצט זיך אין וואַרשע צביה הורוויטש, אַ זעמשערקע פון ווילנע, וועלכע איז פריער געווען אַקטיוו אין דער דאָרטיקער באַוועגונג. זי האָט אין וואַרשע געשאַפן אַ קליינע גרופּע פון יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס. אַ יאָר שפּעטער, אין 1895, נאָכן צוריקקומען פון דער שווייץ, האָט אין וואַרשע אָנגעהויבן ווערן טעטיק דזשאַן (יוסף) מילל. ער האָט איינגיכן אַראָפּגעבראַכט פון ווילנע נאָך עטלעכע אַקטיווע טוער — דעם שלאָסער לעאָן גאָלדמאַן און די נייטאָרינס מאַריע זשאַלודסקי און מערעלע גינזבורג. די ווילנער טוער מיט מיללן בראש האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די גרופּעס פון פּסחזאָן און צביה הורוויטש. וועגן אָט דעם אָנהייב דערציילט דזשאַן מילל:

„מיט די דאָזיקע פאַרבינדונגען הייבט זיך אָן דאָס, וואָס מען קען אָנרופן אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע. אין אַ קורצער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אַ פּאָר הונדערט פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע אַרבעטער און עטלעכע געהיימע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס מיט הונדערטער מיטגלידער. דאָס פאַרשפּרייטן אויפרופן און בראָשורן אין אַ גרויסער צאָל איז געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג. יידישע פּראָקלאַמאַציעס מיט אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן אינהאַלט — דאָס איז געווען אין גאַנצן אַ נייעס אויף דער יידישער גאַס און זיי האָבן אַרויסגערופן אַן אומבאַשרייבלעכן אינטערעס. אומעטום צווישן די אַרבעטער און סתם צווישן איינוואוינער פון דער יידישער געגנט האָט מען זייער פיל גערעדט וועגן זיי. די אַלגעמיינע מיינונג פון יענער צייט, וואָס

האָט געהערשט אין די יידישע סאָציאַליסטישע רייען, אַז אַ ריין פּאָליטישע אַגיטאַציע וועט אָפּשרעקן די מאַסן, האָט באַזונדערס דאָ זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק, דער עיקר בנוגע וואַרשע. אַדרבא, עס האָט זיך באַשטעטיקט די מיינונג, אַז ס'איז נישט נויטיק גראָד דורכצוגיין די סטאַדיע פון 'עקאָנאָמיזם', כדי צו געפינען אַ פאַרשטענדעניש פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע און אַ ווילן פאַרן פּאָליטישן קאַמף. כאָטש קולטורעל זיינען די וואַרשעווער פאָלקס־מענטשן געשטאַנען נידעריקער פאַר די פאָלקס־מענטשן פון ווילנע, זיינען זיי אָבער פּאָליטיש געווען אַ סך־אַ סך צוגענגלעכער. אפשר דאָס גרויס־שטאָטישע לעבן און אפשר די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון וואַרשע האָבן דאָ געהאַט וואָס צו זאָגן" [50]). מילל האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט געוויסע קרייזן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. די אָרגאַניזאַציע איז שנעל געוואַקסן. איר ווירקונג האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ ריי פאַכן. ס'האָט אויסגעזען, ווי די צעשאָטענע יידישע אַרבעטער־מאַסע פון וואַרשע האָט בלויז געוואַרט מ'זאָל קומען זי צונויפנעמען, אויפמונטערן און צעמענטירן. דער דעמאָלטיקער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע דערציילט: „דער גיכער און גרינגלעכער דערפאָלג אונזערער ביי דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטערשאַפט האָט אַריבערגעשטיגן די אָפּטימיסטישסטע דערוואַרטונגען. די כוחות, וואָס אונזער אַרבעט האָט אַרויסגערופן, האָבן איבערגעוואַקסן די מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן אַלע נויטן פון דער אָרגאַניזאַציע. אונזער השפעה איז געוואַקסן ממש מיט יעדער שעה. שניידער און שניידערינס, פּודעלקע־מאַכער, בייטל־מאַכער, בעקערס, סטאָליאַרעס, קונסטבלומען־אַרבעטער, שוסטער, געגריוועטע שוסטער, קופּערשמידן, הוט־מאַכער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, פיינקינדס און אַראָנאָוויטשעס פאַבריקן, פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, פלייטערס בלעטער־פאַבריק, בראָנעכעס' קאַמאַשן־פאַבריק — אומעטום זיינען מיר אַריינגעדרונגען, אומעטום האָבן זיך געבילדעט אַרבעטער־גרופּעס. אַפילו חסידישע אַרבעטער — אין זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט די קליינע היטלעך — זיינען צוגעשטאַנען צו אונזערע קרייזן. אין מיינעם אַ פּראָפּאַגאַנדע קרייז האָב איך געהאַט צוויי אַזעלכע אַרבעטער, וועלכע פלעגן נעמען אויף זיך די געפערלעכסטע שליחותן און זיינען געווען די בראַווסטע פאַרשפּרייטער פון אונזערע אויפרופן. אויך מענטשן נישט פון דער אַרבעטער־סביבה האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער באַוועגונג און מיט גרויס אינטערעס געזוכט זיך צו באַקענען מיט אירע פירער. אַזוי איז דאָס געווען מיטן פּאַרוואַלטער פון דער האַנטווערקערשול. ער האָט באַמערקט אין יענע פון זיינע שילער, וועלכע זיינען געשטאַנען מיט אונז אין פאַרבינדונג, אַ גרויסע פאַרבעסערונג אין זייערע באַנעמונגען און אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג, און ער האָט זיך מיט אונז פאַראינטערעסירט. אַזוי איז דאָס געווען מיט (י. ל.) פּרצן. ער האָט געבעטן דעם פּ.פּ.ס.ניק שאול דעגענפיש אונז צוזאַמענברענגען. איך האָב זיך טאַקע געזען מיט אים — איין איינציק מאָל. מיט צופרידנקייט האָט ער פאַרצייכנט דעם פאַקט, אַז זינט מיר, די ווילנער, האָבן אויפגערודערט די יידישע אַרבעטער

אין וואַרשע, איז דער נאָכפרעג אויף זיינע ביכלעך, און ספּעציעל אויף די ,יום־טוב בלעטלעך', אומגעהויער געשטיגן. אין דער אמתן איז דאָס טאַקע געווען אונזער פֿאַרדינסט אַז די ספּאָנטאַנע פֿאַראייניקטערעסירונג פון די יידישע מאַסן מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור" [51]).

די טוער, וואָס זיינען געקומען פון ווילנע און זיך געהאַט קאָנסטיטואירט ווי אַ יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע, האָבן שפּעטער געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע א. ג. דער אידישער אַרבייטער פערעיין אין ווארשאַ.

אין דעצעמבער 1895 האָט די גרופּע יידישע מיטגלידער פון פּ.פּ.ס. אין וואַרשע זיך געווענדט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער טעטיקייט פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און קעגן אירע כוונות צו שאַפן אַ יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי פֿאַר גאַנץ רוסלאַנד (אויך פוילן). כדי צו קאָנען פירן אַ דערפאָלגרייכן קאַמף מיט די יידישע ס.ד., האָבן די יידישע פּעפּעסאָווצעס פאַרלאַנגט פון זייער צ.ק.: א) צושטעלן „זשאַרגאָנישע" ליטעראַטור, ב) שאַפן ביי פּ.פּ.ס. אַ סעקציע פֿאַר יידישע ענינים, ג) אין דער פּאַרטיי־פּרעסע זאָלן באַהאַנדלט ווערן געוויסע פּראַגן, וואָס זיינען נוגע די יידישע אַרבעטער. דער צ.ק. האָט אָבער גאָר־נישט געטון, כדי צו באַפרידיקן די דאָזיקע פאַרלאַנגען.

אין דער דאָזיקער ווענדונג ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „צוליב דער פינצטערניש פון דער יידישער מאַסע איז כמעט אוממעגלעך אין אָנהייב זיך צו ווענדן צו איר און פירן אַ טעטיקייט אין פויליש (דרוק־זאַכן). דרוק־זאַכן אין זשאַרגאָן, וואָס ציט נישט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער זשאַנדאַרמעריע, זיינען אַמבאַקוועמסטן צו פאַרשפּרייטן צווישן דער מאַסע, וואָס איז נישט צוגעוואוינט צו פאַרזיכטיקייט. די פּ.פּ.ס. גיט נישט אַרויס פֿאַר יידן קיין שום צייטונג אָדער גאַזעטע, אויך נישט קיין ביכלעך, אין זשאַרגאָן, וואָס ווערן געדרוקט אין אויסלאַנד אין אייראָפּע (גאַליציע, לאָנדאָן) אָדער אין אַמעריקע. אין וואַרשע האָבן זיך באַוויזן יחידים (פרעמדע) און אויסנוצנדיק דעם פריער־דערמאָנטן מצב, פירן זיי צווישן די באַוואוסטזיניקע היגע אַרבעטער־יידן אַן אַגיטאַציע פֿאַר איבערגרייסן מיטן פּראָגראַם פון פּ.פּ.ס. און פאַראייניקן זיך צו דער באַזונדערער ,אַרבעטער־פּאַרטיי', וואָס שטייט אויפן נאַציאָנאַל־יידישן יסוד און נעמט אַרום גאַנץ רוסלאַנד (ד.ה. אויך פוילן און ליטע)". די יידישע פּעפּעסאָווצעס וואָרנען, אַז אויב מ'וועט נישט קעגנווירקן, וועט דער דאָזיקער פּאַרטיי זיך איינגעבן „צו פאַרזייען וואָרצלען אויפן היגן באָדן", און קען אין דער צוקונפט שעדלעך משפּיע זיין אויף דער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין אין דער יידישער מאַסע, און זי „ברענגען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דער טעטיקייט און פּראָגראַם פון פּ.פּ.ס.. דאָס אַלץ — וואָרנען די יידישע פּעפּעסאָווצעס — קען גורם זיין אַ שטאַרק שעדלעכן אַנטי־סעמיטיזם ביי אונזער אַרבעטער־קלאַס" [52]).

אין אַ בריוו צום צ.ק. (סעפּטעמבער 1896) באַקלאָגן זיך די יידישע פּע־פּעסאָווצעס פון וואַרשע אויף דעם, וואָס זייער פריערדיקע ווענדונג האָט קיין פּעולה נישט געהאַט. דערביי אַטאַקירן זיי שאַרף דעם יידישן אַרבעטער־פּאַראיין אין וואַרשע, וואַרפן אים פֿאַר פאַרשידענע חטאים און דערציילן וועגן

זיין אינטענסיווער טעטיקייט און וואַקסנדיקער השפעה. זיי פאַרלאַנגען דעריבער הילף, אַגיטאַציע־מאַטעריאַל אין יידיש און דאָס שאַפן ביי פ.פ.ס. אַ יידישע סעקציע, כדי צו קענען זיך אַנטקעגנשטעלן דעם יידישן אַרבעטער־פאַראיין [53].

דער גרויסער דערפאָלג פון יידישן אַרבעטער־פאַראיין און די אומצופרידנקייט מיט דער קאַלטער באַציאונג פון פ.פ.ס. צו דער טעטיקייט פון די יידישע פּעפּעסאָווצעס האָבן ביי דער פּעפּעסישער גרופּע געשאַפן אַ דראַנג צו אַ פאַראייניקונג מיט דער אַנדערער אָרגאַניזאַציע פון יידישע סאָציאַליסטן. נאָך אונטערהאַנדלונגען איז מען געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. לויטן אָפּמאַך האָבן די יידישע פּעפּעסאָווצעס געהאַט „רעכט צו פאַרטיידיקן די אידייע פון אומאָפּהענגיקן פוילן אין זייערע פּראָפּאַגאַנדע־גרופּעס, אָבער אַבסאָלוט נישט אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אין דער מאַסן־אַגיטאַציע אָדער אין דער ליטעראַטור" [54].

אין יאַנואַר 1897 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון די דריי טיילן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין וואַרשע: דער אידישער אַרבייטער פעראיין אין וואַרשא, פּסחזאָנס גרופּע און די גרופּע יידישע פּעפּעסאָווצעס. דער נאָמען פון דער נייער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער אידישער אַרבייטער בונד אין פוילען. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אויפרופן, בראָשורן, צווישן זיי אַן אויפרוף צום 1־טן מאַי 1897.

דעמאָלט איז אויך פאָרגעקומען צום ערשטן מאָל אַ געהיימע 1־טע מאַי־פאַרזאַמלונג פון יידישע אַרבעטער. זי איז פאָרגעקומען אין אַ וואַלד, נאָענט פון וואַרשע, אין איר האָבן זיך באַטייליקט בערך 200 פּערזאָן — מער־ווייניקער די צאָל אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. די רעדנער האָבן אַרויסגערוקט די פאָדערונגען פון פּאָליטישע רעכט און פרייהייט און גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר יידן. אַן אָנטיילנעמער האָט וועגן יענער פאַרזאַמלונג געשריבן: „דאָס איז געווען די ערשטע מאַי־פאַרזאַמלונג פון יידישע אַרבעטער אין וואַרשע, אויף וועלכער ס׳איז געווען די מאַסע. דאָס איז געווען די ערשטע פּאָליטישע פאַרזאַמלונג פון יידן אין פוילן. די קינדער פון טויזנט־יאָריקע קנעכט האָבן געשוואוירן ביי דער עדות פון דער פרייער נאַטור צו פאַרבייטן די פּאָליטיק פון הכנעה אויף מוטיקן שטרייט, צו קעמפן פאַר זיך און פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק" [55].

די פאַראייניקונג האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער קאָמפּראָמיס האָט נישט אויסגעהאַלטן די פּראָבע. דער דערמאָנטער אויפרוף צום 1־טן מאַי האָט געבראַכט צום אויפרייס פון דער פאַראייניקונג. די גרופּע פּעפּעסאָווצעס האָט „געפאָדערט, אַז אין יעדער פּאָליטישער פּראָקלאַמאַציע זאָל אָנגעוויזן ווערן אויף דעם פּונקט, אַז די יידישע אַרבעטער מוזן גיין האַנט ביי האַנט מיט די קריסטלעכע אַרבעטער פון פוילן און נאָר פון פוילן. זי איז געווען אומצופרידן מיט דעם מאַי־אויפרוף נאָר צוליב דעם, ווייל דאָרט רופט מען די יידישע אַרבייטער צו גיין האַנט ביי האַנט מיט די קריסטלעכע אַרבעטער אָן דעם צולייג ׳פון פוילן׳. די גרופּע פלעגט אימער זיך אויסדריקן, אַז זי אינטערעסירט זיך מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג פון רוסלאַנד פּונקט אַזוי פיל, ווי פון אויסטראַליע" [56].

אויף אַ פֿאַרזאַמלונג האָט די מערהייט געשטעלט די פּעפּעסאָווצעס אַן אולטימאַטום: אָדער זיי אָנערקענען, אַז די נאַנטססטע אויפֿגאַבע אויפֿן פּאָליטישן געביט איז קאַמף פֿאַר אַלגעמיינער פּאָליטישער פֿרייהייט און גלייכע בירגערלעכע רעכט און נישט פֿאַר אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן אָדער מען מוז זיך פֿאַנאַנדערגיין. די פּעפּעסאָווצעס מיט זייער פֿירער קאַזשימיעזש אַנאַסטאַזי רוג בראָש (אַן אַסימילירטער ייִד, אַ באַנק־אָנגעשטעלטער) האָבן פֿאַרלאָזט די פֿאַרזאַמלונג. געבליבן אין דער אָרגאַניזאַציע זיינען די מיטגלידער פֿון פֿריערדיקן יידישן אַרבעטער־פֿאַראיין און פּסחזאָנס גרופּע. נאָך דער שפּאַלטונג האָט די אָרגאַניזאַציע געטראָגן דעם נאָמען — דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער־בונד אין וואַרשאַ.

אין דעם דאָזיקן ערבֿ־בונד־פּעריאָד קענען שוין וואַרשעווער יידישע אַרבעטער די פֿאָרם פֿון פּראָלעטאַרישן שטרייק־קאַמף. די ערשטע אָרגאַניזאַציע־קעמערלעך פֿאַר שטרייק־אַקציעס זיינען אויך דאָ געווען די קאַסעס. די ערשטע קאַסע האָט געציילט 60 אַרבעטערינס. אין 1894 זיינען אין וואַרשע שוין געווען 13 אַזעלכע קאַסעס. אין די יאָרן 1895־1897 איז אין וואַרשע אויסגעבראָכן אַ גרויסע צאָל שטרייקן. אין לעצטן יאָר האָבן אין וואַרשע געשטרייקט 14 פֿאַרשידענע פֿאַכן. די שטרייקן האָבן דעמאָלט אָנגענומען כמעט אַ סטיכישע פֿאָרם.

***

בכלל צייכענען זיך אויס די יאָרן 1895־1897 מיט אַ נייער אָן אַן ערך ברייטערער שטרייק־כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט נישט בלויז גרויסע צענטרען, נאָר אויך פֿיל קלענערע שטעט און שטעטלעך.

זומער 1895 איז אין ביאַליסטאָק און אַרומיקע שטעטלעך אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק פֿון די טעקסטיל־אַרבעטער, וואָס האָט געצאָלט אַרומנעמען בערך 26,000 אַרבעטער צווישן זיי 3,000 יידישע. דער שטרייק האָט זיך געפֿירט קעגן איינפֿירן אָפּרעכנונג־ביכלעך און איינשטעלן אַ השגחה פֿון פֿאַבריק־אינספּעקטאָרן. די אַרבעטער האָבן זיך קעגן דעם געווערט, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די מאַכט וועט זיך מישן אין די באַציאונגען צווישן די אַרבעטער און די באַלעבאַטים. (די פֿריער־דערמאָנטע צאָל שטרייקער איז געווען אָנגעגעבן אין די אָפּגעדרוקטע באַריכטן אין דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־פּרעסע, שפּעטער האָט מען קוועסטיאָנירט די צאָל, ווייל מ׳האָט זי געהאַלטן פֿאַר צו הויך).

אין דעם זעלביקן יאָר 1895 איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אויף עדעלשטיינס פּאַפּיראָסן־פֿאַבריק אין ווילנע (ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם פּרוּוו פֿון פֿאַבריקאַנט צו פֿאַרבייטן מענער־אַרבעט אויף ביליקערע פֿרויען־אַרבעט), וואָס האָט געדויערט 2 וואָכן און דער פֿאַבריקאַנט האָט זיך אונטערגעגעבן. אָבער דער באַזיגטער עדעלשטיין האָט געטאָן אַלע תחבולות, כדי צו דערגרייכן דאָס זייניקע. (אין 1896 האָט ער געבראַכט 50 קריסטלעכע מיידלעך אַזש פֿון פּעטערבורג). בעת דעם שטרייק האָט דער ווילנער שטאָט־מגיד הירש ראַ־

בינאָוויטש געהאַלטן אין בית־המדרש אַ דרשה קעגן די שטרייקערס און ס׳איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל מצד די פאַרזאַמלטע אַרבעטער, וואָס האָט אויפגערודערט די שטאָט. אין שייכות מיטן שטרייק האָט די ווילנער ס.ד.־גרופּע אַרויסגעלאָזט אַ העקטאָגראַפירטע בראָשור דער שטאָט מגיד (1897 אַרויס אַ געדרוקטע).

וועגן מצב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע אין די יאָרן 1895־96 גיט אַ קלאָר בילד דער שוין־דערמאָנטער אויספירלעכער באַריכט, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן אין יאָר 1896. ס׳ווערט דאָרט דערציילט: אין יאָר 1895 זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די פּראָפעסיאָנעלע קאַסעס 500 אַרבעטער און אַרבעטערינס פון 16 פאַכן. אין 1896 האָט זיך די צאָל אָרגאַניזירטע כמעט פאַרטאָפּלט — 962 אין 27 פאַכן. דאָס האָט אויסגעמאַכט בערך 30 פּראָצענט פון די אַרבעטער אין די דאָזיקע פאַכן.

וועגן שנעלן וואוקס במשך פון דעם יאָר זאָגט דער באַריכט: „איר דאַרפט געמען אין אַכט, אַז די 500 מענטשן, וואָס זיינען געווען אין די קאַסעס דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, זיינען די פּרוכט פון לאַנג־יאָריקע אָנשטרענגונגען. דאָס איינע יאָר איצט האָט צוגעגעבן צו די פאַראַיאָריקע נייע 500 קאַסע־מיטגלידער״.

נישט בלויז אין צאָל זיינען די פּראָפעסיאָנעלע קאַסעס געשטיגן, נאָר אויך אין קוואַליטעט. ס׳האָט זיך געביטן זייער כאַראַקטער. אין די ערשטע יאָרן זיינען טייל געווען הילף־ און ליי־קאַסעס. „איצט זיינען אַלע 32 קאַסעס, צו וועלכע עס געהערן די אַרבעטער פון די דערמאָנטע 27 פאַכן, קאַסעס פון קאַמף מיט די עקספּלואַטאַטאָרן. דאָס באַווייזט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ביי אונז אין שטאָט״.

די קאַסעס האָבן אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט. דער קאַמף פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג, פאַר העכערע לוינען אָדער גאָר פאַר מענטשלעכע באַציאונגען האָט גורם געווען אַ כוואַליע פון שטרייקן און רעפּרעסיעס מצד דער פּאָליציי. די קאַסעס, וואָס האָבן זיך אַלץ מער און מער פאַרוואַנדלט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (אומלעגאַלע), האָבן אויך געזאָרגט צו באַפרידיקן דעם דאָרשט פון די אַרבעטער נאָך גייסטיקער דערהויבונג. וועגן דעם דערציילט דער באַריכט:

„ביי אונז זיינען נישטאָ קיין זונטאָג־שולן, נישט קיין פאָלקס־ביבליאָטעקן. ס׳זיינען אַפילו נישטאָ יענע קליינע מיטלען, מיט וועלכע מען קעמפט כאָטש וויפל נישט איז קעגן דעם אַנאַלפאַבעטיזם פון די מאַסן אין אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד. די געזעלשאַפט טוט גאָרנישט. און אפשר קען זי טאַקע גאָרנישט אויפטאָן אין אונזער דערשלאָגענעם קאַנט פאַר דער אויפקלערונג פון דער מאַסע. די יידישע אַרבעטער־מאַסע — אַ באַדייטנדיקער טייל פון איר — קען נישט לייענען קיין רוסיש, קוים־קוים וואָס זי רעדט אויף דער שפּראַך״.

ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קראַנקן־קאַסע. לויטן סטאַטוט האָט אַ מיטגליד פון דער קראַנקן־קאַסע געקענט זיין „נאָר אַ מיטגליד פון אַ קאַמף־

פאַראיין. דער חודשלעכער מיטגליד־אָפּצאָל איז 10 — 25 קאָפּיקעס. אַ מיט־גליד פון דער קראַנקן־קאַסע איז מחויב צו פאָלגן די אויסגעוויילטע פאַר־שטייער, אויב זיי באַשטימען אים צו דיזשורירן ביי אַ חבר״... „אַ קראַנק־געוואָרענער מיטגליד פון דער קראַנקן־קאַסע ווערט געגעבן הילף מיט אַלץ — געלט, רפואות א. אַ. אַן אַרבעטער, וואָס איז בלויז אַ מיטגליד פון קאַמף־פאַראיין, ווערט אויך געגעבן מעגלעכע הילף, אָבער נישט קיין געלט״.

אויפן סמך פון דעם, וואָס די קאַמף־קאַסעס טוען פאַר די אַרבעטער, קומט דער באַריכט צום אויספיר: „ביי אונזערע באַדינגונגען איז די פּראָ־פעסיאָנעלע קאַסע אַלץ פאַר דעם אַרבעטער. מחוץ איר — איז ער גאָר־נישט״ [67].

די פאַרשטאַרקטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע האָט משפּיע געווען אויף אַרומיקע שטעטלעך, וואו די אַרבעטער האָבן זיך אויך גענומען אָרגאַניזירן און אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר פאַרבעסערן די אַרבעטס־ און לעבנס־באַדינגונגען.

וועגן אַ צווייטן גרעסערן צענטר פון דער אויפוואַכנדיקער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג — וועגן מינסק — דערציילט אַ באַריכט, וואָס איז לכתחילה אויך געווען צוגעגרייט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן און איז נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן. ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער איז ער מיט געוויסע הוספות געשיקט געוואָרן צום דעלעגאַט פון פּעטערבורגער קאַמף־פאַרבאַנד פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס און פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע, וועלכער האָט געדאַרפט פאַרטרעטן ביידע אָרגאַניזאַציעס אויפן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פאַר אַר־בעט־שוץ־געזעצן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די טעג פון 23־29 אויגוסט 1897 אין ציריך (שווייץ). דער דאָזיקער דעלעגאַט איז געווען אַרקאַדי קרעמער.

אין דעם באַריכט ווערט געזאָגט, אַז דער אָנהייב פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אין מינסק געווען אין 1894, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע פאַר אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג (אַרבעטער־באַוועגונג מיט עקאָ־נאָמישע קאַמפן צום אונטערשייד פון אַ פריערדיקן פעריאָד פון קרייזלעך). פריער האָט מען געאַרבעט 16־18 שעה אַ מעת־לעת. דער אַרבעטס־טאָג איז אַדאַנק די שטרייקן פאַרקלענערט געוואָרן אויף 14 שעה. אויך דאָ זיינען געגרינדעט געוואָרן קאַסעס. די באַלעבאַטים האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט, כדי צו באַקעמפן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. וועגן דעם דערציילט דער באַריכט:

„די סטאַטוטן פון די באַלעבאַטישע פאַראייניגן הענגען איבער די אַר־בעטער, ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד, וואָס איז גרייט צו דערשטיקן זיי אין דעם מאָמענט, ווי נאָר זייער אָרגאַניזאַציע ווערט אָפּגעשוואַכט״. אין זייערע סטאַטוטן איז געווען פעסטגעשטעלט: א) אַ באַלעבאָס, ביי וועמען עס קומט פאָר אַ שטרייק, באַקומט פון זיין פאַראיין אַ געלט־הילף. ב) קיינער

פון די מיטגלידער פון באַלעבאַטישן פאַראיין האָט נישט קיין רעכט צוצונעמען צו זיך אין ווערקשטאַט אַן אַרבעטער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אַ שטרייק.

די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן די אַרבעטער און דער באַ־ריכט באַשולדיקט, אַז זי איז אונטערגעקויפט געוואָרן דורך די באַלעבאַטים. די אַרבעטער, וואָס פלעגן פריער האָבן אָפענע פאַרזאַמלונגען, האָבן איצט געמוזט זיך צונויפקומען געהיים. זיי האָבן געשאַפן אַ צענטראַלע קאַסע. די באַזונדערע פאַראיינען (קאַסעס) גיבן אַראָפּ 10 פּראָצענט פון זייער הכנסה פאַר דער צענטראַלער קאַסע, וואו יעדער פאַראיין האָט אַ פאָרשטייער — די גאַנצע אָנפירונג איז אַ קאָנספּיראַטיווע. די קאַסעס האָבן אויך איינגעאָרדנט קולטור־אַגיטאַציע־אָוונטן מיט רעדעס און געזאַנג. די לידער האָט געזונגען אַ כאָר פון אַרבעטער. די פאַרלעזונגען האָבן באַזוכט פון 120 ביז 155 מענטשן. 2 געהיימע ביבליאָטעקן האָבן עקזיסטירט — אַ יידישע און אַ רוסישע. זיי האָבן באַדינט 130 מענטשן בעת בעלנים זיינען געווען פיל מער — 307, אָבער מער האָט מען נישט געקענט באַדינען. אין 1896 זיינען געווען 24 פאַראיינען מיט 1,188 מיטגלידער. אין רוב פאַראיינען האָט די צאָל אָרגאַניזירטע זיך געוואַקלט צווישן 75 און 100 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער אין די געגעבענע פאַכן.

דער באַריכט דערציילט, אַז „די פאַראיינען פון די באַלעבאַטים האָבן אָפּט אונטערגענומען אַן אָנגריף־קאַמף מיטן ציל צו צעשטערן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אויסנוצנדיק די שטילע צייט אין דער אַרבעט, פלעגן די באַלעבאַטים אָפּזאָגן די אַרבעטער, כדי צו צווינגען זיי אַרויסצוטרעטן פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע". די העברעאישע פרעסע און דער קאַזיאָנער רב האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים און אַזוי אויך דער צאַרישער מאַכט־אַפּאַראַט. אָבער דאָס האָט די אַרבעטער נישט אַראָפּגעשלאָגן פון מוט. אַ שטרייק פון שוסטער האָט געדויערט 40 טעג און די אַרבעטער האָבן דעם שטרייק געוואונען. די רימערס האָבן נאָך לענגער אויסגעהאַלטן אַ שטרייק — במשך 70 טעג. וועגן דעם ווערט דערציילט: „די נויט פון די אַרבעטער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די יום־טובדיקע קליידער און די זאַכן, וואָס האָבן עפּעס אַ ווערט, זיינען פאַרקויפט אָדער פאַרמשכנט געוואָרן. פיל שטרייקער האָבן געהונגערט און האָבן געטראָגן שיך, פון וואַנען מ'האָט אַרויסגעזעהן די באָרוועסע פיס. דעם שטרייק האָבן זיי געוואונען".

במשך 2 יאָר קאַמף איז דער אַרבעטס־טאָג רעדוצירט געוואָרן פון 16־18 שעה ביז 12־13. די לוינען זיינען געהעכערט געוואָרן פון 20 ביז 40 פּראָצענט. במשך די עטלעכע יאָר האָבן די אַרבעטער זיך שטאַרק געענדערט. זיי שיצן זייער כבוד און לאָזן זיך מער נישט באַליידיקן פון קיינעם — נישט פון די באַלעבאַטים און נישט פון די צאַרישע טשינאָווניקעס און פּאָליציי. וועגן די פאַרפאָלגונגען אין 1897 זאָגט דער באַריכט: „פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים זיינען פאָרגעקומען מאַסן־רעוויזיעס. איצט זיצן אין טורמע און ווערן געפּאָרשט 10 אַרבעטער. וועגן זייער ענין האָט מען געפּאָרשט 200 אַרבעטער. כדי אויסצומיידן רעפּרעסיעס, זיינען פיל אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד" [58]).

סוף 1896 און די ערשטע העלפט פון 1897 איז ביאַליסטאָק ווידער אַן אַרענע פון גרויסע שטרייקן, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע פאַכן. דער קאַמף האָט זיך בעיקר געפירט וועגן אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג. נאָך אַ פאַרזאַמלונג שבועות (1897) אין וואַלד מיט בערך 800 באַטייליקטע האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג אין אַלע מלאכות. „פונקט ווי אַ מגפה וואָלט פאַרכאַפּט אַלע בעלי־מלאָכות: שוסטער, שניידער, בלעכער, סטאָליאַ־רעס און אַ סך אַנדערע האָבן אָנגעהויבן איינע נאָך די אַנדערע איינצופירן דעם 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג". אין יוני איז ביי די וועבער אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק (ער איז געווען געווענדט קעגן די לוינקעטניקעס) מיט דער פאָדערונג פון אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג און העכערן די שכירות. אין שטרייק האָבן זיך באַטייליקט 1,500 וועבער. פּאָליציי האָט זיך אַריינגע־מישט. נאָך אַ וואָך האָבן זיך די לוינקעטניקעס אונטערגעגעבן. בעת דעם וועבער־שטרייק זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן מאַסנהאַפטע פאַרזאַמלונגען (מיט 1,000 און 2,000 אַרבעטער יידן און קריסטן). די פּאָליציי האָט געפּרואווט „פּאַטערלעך" צו איינטערוועניר ן. אָבער די פעסטע האַלטונג פון דער וועבער־מאַסע האָט זי אָפּגעהאַלטן פון רעפּרעסיעס און געבראַכן דעם אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד פון די לוינקעטניקעס [59]). אין יולי 1896 איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, וואָס האָט זיך אויך פאַרענדיקט, צוליב דער סאָלידאַרער און דרייסטער האַלטונג פון אַלע קאַטעגאָריעס פּאַ־פּיראָסן־מאַכערקעס, דערפאָלגרייך (זיי האָבן באַקומען אַ העכערן לוין פאַר אויסאַרבעטן די נייע סאָרטן פּאַפּיראָסן). [60]).

די שטרייק־כוואַליע אין 1896 האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם בער־שטעטער־ראַיאָן. אין ווילקאָווישק (סואוואַלקער גוב.) זיינען געווען 5 פאַבריקן מיט בערך 300 אַרבעטער. ס'האָט דאָרט געהערשט אַן עקספּלואַטאַציע פון אַ „פּאַטריאַרכאַלן" כאַראַקטער: אַ 14 — און אַפילו 16־18 שעהדיקער אַרבעט־טאָג, אָפטע קראַנקייטס־פאַלן צוליב דער שעדלעכער אַרבעט ביי חזיר־האָר, פּרימיטיווע, אַנטי־היגיענישע אַרבעט־באַדינגונגען, אַ דערשלאָגענע אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט אין זיך נישט געפונען דעם מוט צו פּראָטעסטירן און איז אויף אַ ברוטאַלן אופן אויסגענוצט געוואָרן פון די פאַרמיטלער. זומער איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק, וואָס האָט געדויערט 10 טעג. נישט געקוקט אויפן אַרעסט פון די אַקטיווסטע בערשטער, האָט ער זיך געענדיקט מיט איינפירן אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג, וואָס איז שפּעטער אונטערן סאָלידאַרן דרוק פון די בעלי־בתים פאַרגרעסערט געוואָרן אויף אַ 13־שעהדיקן. היות ווילקאָווישק האָט געשפּילט אַ צענטראַלע ראָל אין דער בערשטער־אינדוסטריע פון דעם ראַיאָן, איז נאָכן געלונגענעם שטרייק פון די ווילקאָווישקער בערשטער גע־לונגען אויסצוקעמפן אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג אויך אין ווישטינעץ, וויערזשבעלאָוו און קאָוונע [61]).

דער גאַרבער־ראַיאָן (קרינעק, סמאָרגאָן) האָט זיך אַ ריר געטאָן אין יאָר 1897. אין קרינעק (בערך 6־7 הונדערט גאַרבערס) האָט זיך די גאַרבער־אינדוסטריע איינגעשטעלט סוף 80־קער יאָרן. (דער רוב גאַרבערס איז באַ־

שטאַנען פון געוועזענע פּאַראָרימטע קרעמערס און סתם דעקלאַסירטע לופּט־מענטשן). די איסנוצונג און די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען געווען אויס־טערלישע. ביי די אַ. ג. נאָסע אַרבעטער זיינען ווינטער די הענט צוגע־פרוירן געוואָרן צו די אייזנס (דער בעל־הבית האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן האָלץ), ביי די אַ. ג. טרוקענע אין די טריקן־קאַמערן איז ווידער די היץ גע־ווען אומדערטרעגלעך — מען האָט געאַרבעט אין די העמדער און דער שווייס האָט זיך אומאויפהער געגאָסן פון פּנים און לייב. צווישן די אַרבעטער איז געווען פאַרשפּרייט די שטערבלעכע קראַנקייט שקאַרבאָנקע (געשווירן—מכות). בלויז ווינטער 97־1896 זיינען פון דעם געשטאָרבן בערך 15 אַרבעטער. פּראָ־טעסטירנדיקע „בונטאָוושטשיקעס" פלעגט מען ממיתן און אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט. די ידיעה, אַז אין אַנדערע שטעט האָבן זיך די אַרבעטער דער־שלאָגן צו אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג, איז אויך דערגאַנגען קיין קרינעק און די גאַרבער האָבן באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ קאַמף. אויף אַ פאַרזאַמלונג (ביז 300 מאַן) „האָט מען זיך געשוואוירן ביי אַ פּאָר תפילין יעדער דאָס מען זאָל שטיין שטייף און היטן אַלעס, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט און מען האָט געזונגען די שבועה. אייניקע האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און האָבן געוויינט פאַר פרייד, אָדער פאַר צער...". דער שטרייק איז געווען פול מיט דראַמאַטישע מאָמענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן בולט די שטרייק־אַטמאָספער און די קאַמף־מיטלען אין אַ יידיש שטעטל אין די 90־קער יאָרן. אַזוי האָבן די בעלי־בתים געפועלט ביי דער פּאָליציי מען זאָל פאַרחתמענען דעם גאַרבאַרסקן בית־המדרש, וואו עס האָבן געדאַוונט די אַרבעטער גאַרבערס. דערפאַר האָבן די גאַרבערס פאַרכאַפּט אַ שבת די מזרח־שטעט אין דעם גרויסן בית־המדרש, וואו עס האָבן געדאַוונט די בעלי־בתים און זיך געטיילט „פעטע" עליות. נאָכן דאַוונען האָבן זיי פאַרשלאָסן דעם בית־המדרש. די פּאָליציי האָט אינטערווענירט לטובת די גאַרבער־אייגנטימער און ס׳זיינען פאַרגעקומען אַרעסטן. ס׳האָט זיך אַריינגעמישט דער רב און דער פאַבריק־אינספּעקטאָר. מען האָט מיט אַלע מיטלען און דראָאונגען געפּרואווט אי־בערצייגן די גאַרבערס צוריקצוגיין צו דער אַרבעט אויף די אַלטע באַדינגונ־גען, אָבער אָן דערפאָלג. די אַרבעטער האָבן לסוף אויסגעפירט: עס איז גע־בליבן אַז אַרבעטן זאָל מען פון 7 ביז 7 און אַלע וואָך אויסצאָלן די לוינען. „דאַן זיינען אַרויס די אַרבעטער אויפן גאַס זינגענדיק און פּאַטשנדיק מיט די הענט: פון 7 ביז 7 און אַלע וואָך געלט" [62].

אויך אין אַנדערע גאַרבעריי־צענטרען, אין סמאָרגאָן (22 גאַרבאַרניעס מיט 600 אַרבעטער, פון זיי 400 יידן) און אין אָשמענע (6 גאַרבאַרניעס מיט בערך 300 אַרבעטער, פון זיי 100 יידן) האָבן געהערשט די זעלביקע באַ־דינגונגען פון אויסטערלישער עקספּלואַטאַציע, מורא פאַרן פאַבריקאַנט און נאַטשאַלסטווע (בעת באַזוכן פון פאַבריק־אינספּעקטאָר האָבן די אַרבעטער צוליב מורא פאַרן פאַבריקאַנט אָנגעגעבן ליגנערישע פאַקטן וועגן לענג פון אַרבעט־טאָג א.אַז.וו.; די קינדער האָט מען בעת דער רעוויזיע אויסבאַ־האַלטן) און קראַנקייטן (שקאַרבאָנקע — אין 1896 זיינען אין סמאָרגאָן געווען

10 פּאַלן, פון וועלכע 6 האָבן זיך געענדיקט מיט טויט). די שווערע לאַגע האָט געשטויסן די אַרבעטער צום קאַמף. אין יאָר 1896 זיינען פאָרגעקומען אָפטע שטרייקן. אין סמאָרגאָן זיינען במשך 1896 געווען 30(!) שטרייקן — 25 ביי די גאַרבערס און 5 ביי די וואַלקערס. אין אָשמענע 6 שטרייקן, וואָס האָבן געדויערט ביז 2 וואָכן.

אין רעזולטאַט פון די אַלע שטרייקן האָבן די אַרבעטער אויסגעקעמפט אַ קירצערן אַרבעט־טאָג: אין אָשמענע 14 שעה (פריער 15־16). אין סמאָר־גאָן האָבן די אַרבעטער זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די ביכלעך, קעמפנדיק ווייטער פאַר אַ 12־שעהדיקן אַרבעט־טאָג און ביז אַ רובל אַ וואָך אַ הוספה צו די שכירות. (פריער איז די געוויינלעכע שכירות פון אַן אַרבעטער געווען פון 3.50 ביז 4 רובל אַ וואָך).

אונטערצייענדיק אַ סך־הכל פון דער שטרייק־באַוועגונג אין די יאָרן 1895 — 1897 דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז זי צייכנט זיך אויס מיט איר גרויסן שטחדיקן פאַרנעם (די שטרייק־כוואַליע האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרעסערע צאָל ערטער אין צפון־מערב ראַיאָן), מיט דער פעסטער און דרייסטער האַל־טונג פון דער קעמפנדיקער אַרבעטער־מאַסע, נישט געקוקט אויף דעם שטאַרקן פיזישן און מאָראַלישן דרוק פון די באַלעבאַטים און די מאַכט־אָר־גאַנען, און מיט אַ הויכן גראַד פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט.

***

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף האָט זיך אויך געמערט די צאָל רעפּרעסיעס און אַרעסטן. דער גרעסטער אַרעסט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט, איז געווען אין גרויסן יידישן אַרבעטער־צענטר ביאַליסטאָק. אין פעברואַר 1896 האָט מען אַרעסטירט די וויכטיקסטע טוער פון דער באַוועגונג, צווישן זיי אַ טייל, וועלכע זיינען פריער געווען טעטיק אין ווילנע און זיינען דורך דער אָנפירונג פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג געשיקט געוואָרן אָנצופירן מיט דער אַרבעט אין ביאַליסטאָק. מ׳האָט זיי געהאַלטן אין גראָדנער טורמע. זיי זיינען געווען: ליובע לעווענסאָן־אייזענשטאַט, שמואל גאָזשאַנסקי, אַלבערט זאַלקינד, מינאַ זאַלקינד, ראָזאַ זאַלקינד, זעליג סעגאַל, נחום ליפשיץ, משה דושקאָן, שלאָס־בערג, סטירל וואָלק, אהרן זאַלקינד, אָגוז, לחם, משה וואָלק און צביה הור־וויטש. אין יוני 1897 האָט מען זיי פאַרמשפּט אויף פאַרשידענע שטראָפן. די העכסטע איז געווען 5 יאָר פאַרשיקונג אין מזרח־סיביר.

אין מיטן די ניינציקער יאָרן איז אויך אָנגעקניפּט געוואָרן די ערשטע פאַרבינדונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד מיט דער אינטערנאַציאָ־נאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. אין 1895 איז אין ווילנע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ טרויער־פאַרזאַמלונג נאָכן טויט פון פרידריך ענגעלס. ס׳איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ מיטגעפיל־אַדרעס צום „פאָרשטאַנד" פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין נאָמען פון 1000 אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער. אין זעלבן

יאָר איז אויך געשיקט געוואָרן אַ באַגריסונג צום צוזאַמענפאָר פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין ברעסלוי.

אין 1895 איז צום יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע געלייגט געוואָרן אַ קראַנץ אויפן בית־עולם ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט מיט אַן אויפשריפט: „די געפאַלענע קאָמונאַרן — פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאָרשטייער פון 32 יידישע אַרבעטער־פאַראייניגן. נידער מיט דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט! זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע!".

צום לאָנדאָנער קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין 1896 האָט די „גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד" צוגעשיקט אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דעם מצב און דעם קאַמף פון דער יידישער אַר־בעטערשאַפט. מ'האָט אויך צוגעשיקט פיר מאַנדאַטן צו די פירער פון דער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ אין אויסלאַנד, זיי זאָלן פאַרטרעטן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד. אויף פריערדיקע קאָנגרעסן פון אינ־טערנאַציאָנאַל איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געווען רעפּרעזענטירט דורך דעלעגאַטן פון ניו־יאָרק און לאָנדאָן. לואי מילער און יוסף באַרסקי פון ניו־יאָרק און פיליפ קראַנץ פון לאָנדאָן זיינען געווען אויפן ערשטן קאָנגרעס אין יאָר 1889 אין פּאַריז; אַב. קאַהאַן פון ניו־יאָרק איז געווען אַ דעלעגאַט אויף די קאָנגרעסן אין בריסל (1891) און ציריך (1893). די דריי יידישע דעלעגאַטן אויפן ערשטן קאָנגרעס אין פּאַריז (1889), הגם זיי זיינען געווען פאַרטרעטער פון ניו־יאָרק און לאָנדאָן, זיינען אָפיציעל געווען אַ טייל פון דער רוסלענדער דעלעגאַציע. סיי די רוסן, סיי די יידן האָט מען דעמאָלט באַטראַכט ווי עמיגראַנטישע גרופּעס פון רוסלאַנד. די 4 מאַנדאַטן אין 1896 זיינען געווען: פונם וואַרשעווער יידישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַראיין פאַר פּאַוועל אַקסעלראָד, פון יידישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַראיין אין סמאָרגאָן פאַר וויעראַ זאַסוליטש, און פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאָרשטייער פון לערך טויזנט אַרבעטער פון דער שטאָט מינסק פאַר ראָזאַליאַ פּלעכאַנאָוו (פּלעכאַנאָווס פרוי). פון טויזנט יידישע אַרבעטער פון ווילנע האָט געהאַט אַ מאַנדאַט געאָרגי פּלעכאַנאָוו.

אויפן דאָזיקן (פערטן) קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אין יולי 1896 פאָרגעקומען אין לאָנדאָן, זיינען צום ערשטן מאָל געווען דירעקטע פאַרטרעטער פון אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד. אין באַריכט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דעלעגאַציע איז וועגן די יידישע אַרבעטער געזאָגט געוואָרן: „איבערגייענדיק צו מערב־רוסלאַנד, ווייזן מיר אָן אונזערע אויסלענדישע חברים מיט באַזונדערער באַפרידיקונג אויף די דערפאָלגן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידן, וועלכע בילדן אַ גאַנץ באַדייטנדיקן און טיילמאָל אַן איבערוועגנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך פון דאָזיקן לאַנד. אין די ערטער איז די פאַבריק־אינדוסטריע שוואַך אַנטוויקלט. דעם אויבנאָן פאַרנעמט דאָרט די קליין־האַנטווערקערשע אַרבעט. אויף דעם באָדן אַנט־

שטייען אייגנאַרטיקע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע. ביי דער אַרבעט זייַנען באַשעפטיקט בעיקר אָרימע יידן. די דאָזיקע פּאַריער פון דער רוסישער ערד, וועלכע האָבן נישט אַפילו די נעבעכדיקע רעכט, וואָס עס האָבן יאָ די קריסטלעכע ׳בירגער׳ פון רוסלאַנד, האָבן אין קאַמף מיט זייערע עקספּלואַ־טאַטאָרן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פעסטקייט און אַזאַ גוטן חוש אין פאַרשטיין די סאָציאַל־פּאָליטישע אויפגאַבן פון דער היינט־צייטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז אין אַ געוויסן זין קען מען זיי באַטראַכטן פאַרן אַוואַנגאַרד פון דער אַרבע־טער־אַרמיי אין רוסלאַנד. ווי ווייט קלאָר ס׳איז דער באַוואוסטזיין פון די פּאָרט־געשריטענע פאָרשטייער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַ־וועגונג, וועלן ווייזן עטלעכע שורות, וואָס מיר האָבן אַרויסגענומען פון אַ בראָשור. די בראָשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שייכות מיט אַ שטרייק אין אַ טאַבאַק־פאַבריק אין איינער פון די מערב־רוסישע שטעט:

׳נישטאָ קיין איינהייטלעך יידיש פאָלק. ס׳איז צעטיילט אין צוויי פעלקער, צוויי פיינטלעכע קלאַסן. און דער קאַמף פון די קלאַסן איז דערגאַנגען צו אַזעלכע מדרגות, אַז אים קען שוין נישט אויסלעשן נישט דער דרך־ארץ צו דער שוהל און כלי־קודש, נישט די שרעקלעכע מאַכט פון נאַטשאַלסטווע׳. און ווייטער: ׳דאַרפן מיר צוליב דעם דאגהן? דאַרפן מיר זיך באַמיען דאָס צו שטערן? האָבן מיר דאָך ערשט אין דעם קאַמף מיט די קאַפּיטאַליסטן זיך דערפילט ווי מענטשן, ערשט פון דאָזיקן קאַמף האָבן מיר געלערנט צו פאַרשטיין אונזערע אינטערעסן, ערשט אין דער שנאה צום קאַפּיטאַל האָבן מיר אַנטוויקלט אין זיך די ליבע און דאָס ברידערלעכע געפיל צו אונזערע אחים לצרה. ערשט פון דער דאָזיקער שפּאַלטונג צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט איז דאָך געקומען אונזער באַוואוסטזיין, אין דאָזיקן קאַמף האָט ער זיך אַנטוויקלט און געפעסטיקט. צי דאַרפן מיר בענקען נאָך יענע אַלטע צייטן, ווען די אומוויסנדיקע, מיט פאַראַכטונג און שנאה אַרומגערינגלטע, אונטערשטע יידישע שיכטן, וואָס זייַנען באַשפּיגן און אונטערדריקט געוואָרן פון די פּני, האָבן געפירט אַ לעבן פון ווילדע, אין אייביקער ציטערניש פאַר זייער נעבעכדיקער עקזיסטענץ, אין אייביקער דערוואַרטונג פון שרעק? צי דאַרפן מיר דאגהן פאַרוואָס ס׳איז פאַרלוירן געגאַנגען די פאַרבינדונג צווישן יידישן אָרימאַן און דעם יידישן מאַגנאַט, ווען מיר האָבן אויף איר אָרט זיך דערוואָרבן די פאַר־בינדונג, וואָס פאַראייניקט אונז מיטן רוסישן, פּוילישן, ליטווישן אַרבעטער, מיט די אַרבעטער פון אַלע לענדער? די צוקונפט וועט אונז ברענגען די פאַרשטאַרקונג פון דער דאָזיקער פאַרבינדונג, דעם וואוקס פון אונזער כוח און אונזער באַוואוסט־זיין, — וואָס־זשע דאַרפן מיר זשאַלעווען די פינצטערע פאַרגאַנגענהייט אָן קאַמף, אָן שפּאַלטונג, אָבער דערפאַר אויך אָן לעבן?׳

די דאָזיקע שורות נויטיקן זיך נישט אין פירושים" [63]).

די לאַנג־יאָריקע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין די קרייזלעך, די נייע פאָרמען פון מאַסן־אַגיטאַציע און די געלונגענע שטרייקן האָבן אַרויסגערופן אַ טיפע גייסטיקע רעוואָלוציע אין דער דערשלאָגענער יידישער אַרבעטער־מאַסע. די אויפקלערונג און דער עקאָנאָמישער קאַמף האָבן אויסגעגליכן איר איינ־געבויגענעם רוקן, האָבן אין איר אַריינגעבלאָזן אַ נייעם גייסט פון מענטשן־

ווירדע. אונטער דער השפעה פון די נייע אידייען האָבן זיך אויך געענדערט דער לעבנס־שטייגער און די מאָראַלישע באַגריפן פון די אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. זיי האָבן זיך גערופן „באַ־קאַנטע". די דאָזיקע ענדערונג כאַראַקטעריזירט איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויפן פאָלגנדיקן אופן: „זיי זיינען געוואָרן אַנדערש ווי זיי זיינען געווען פריער. עפּעס ווי פון זיך אַליין האָבן זיך ביי זיי אַנטוויקלט נייע, שענערע געוואוינהייטן"... „זיי האָבן אָנגעהויבן זיך אַנדערש אויפצופירן אין דער פאַבריק אָדער אין דעם וואַרשטאַט"... „'באַ־קאַנטע' זיינען קודם־כל דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט, מיט ברידערלעכע געפילן און ענגער פאַרבינדונג צווישן מענטש און מענטש, וואָס איז פריער ניט געווען בנמצא"... „אַלע וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג זיינען געוואָרן 'באַקאַנטע', 'אונזערע', 'אונזערע', 'מיר' האָט געמיינט אַ גרויסע משפחה פון פריינט. ס'איז געוואָרן אַ הייליקע פליכט צו באַדינען אַ קראַנקן חבר. 'באַקאַנטע' האָבן זיך ניט אַרומגעריסן צווישן זיך, וואָס איז געווען אַ זייער אָפטע דערשיינונג אין דער יידישער קליינביר־גערלעכער סביבה"... „אונזערע אַרבעטערינס האָבן אַליין אויסגעקליבן חתנים און נישט געלאָזן זיך מער 'אויסגעבן', ווי עס איז געווען דער מנהג. די באַ־ציאונגען צווישן מאַן און פרוי זיינען ביי די 'באַקאַנטע' געווען איידעלער, ווי ביי סתם אַרבעטער"... „גלייכהייט אין די באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי איז געווען אין הסכם מיטן גלייכן אָרט, וואָס די אַרבעטערינס האָבן פאַרנומען אין דער באַוועגונג"... „די 'באַקאַנטע' האָבן געהאַט העכערע גייס־טיקע באַדערפעניש, אַ שטרעבן צו פרייהייט און גערעכטיקייט, אַ קאַמפּס־גרייטקייט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פון זייער אַרום. דער קרייז 'באַקאַנטע' האָט זיך אַליץ מער פאַנאַנדערגעוואַקסן און אָנגעהויבן משפיע צו זיין די אַטמאָספער, דאָס לעבן פון דער מאַסע" [64]).

דער שווער־אויסגעקעמפטער קירצערער אַרבעט־טאָג האָט דעם אַרבעטער איבערגעלאָזט מער פרייע צייט פאַר אַ בוך, אַ זשורנאַל און אַ צייטונג. ס'זיינען געוואַקסן זיינע גייסטיקע באַדערפעניש. דאָס שטילן דעם פיזישן הונגער באַפרידיקט אים שוין מער נישט. אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ נייע לייענער־אוידיטאָריע, וואָס איר האָבן שוין שמר"ס און בלאָשטיינס „האַרצרייסנדיקע" שונד־ראָמאַנען מער נישט געקאָנט צופרידנשטעלן. צו דעם דאָזיקן נייעם אַרבעטער־לייענער האָבן טיף אַפּעלירט די שאַפונגען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור וואָס לעבט איבער אין דער ערשטער העלפט פון די 90־קער יאָרן אַן אויפשוואונג (פּרצעס יודישע ביבליאָטעק, 3—1 1891), זיין זאַמלבוך ליטעראַטור און לעבן (1894). דאָס איז געווען אַ ליטעראַטור מיט אַן אָריענ־טאַציע אויף סאָציאַלע, אפילו סאָציאַליסטישע מאָטיוון. בפרט האָבן גע־רעדט צום האַרצן פון יידישן אַרבעטער־עולם פּרצעס יום־טוב־בלעטלעך, וואָס זיינען דערשינען פון פּסח 1894 ביז יולי 1896, מיט זייערע סאָציאַלע טעמעס און ראַדיקאַלן טאָן (סך־הכל דערשינען 17 נומערן). זיי זיינען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן אין וואַרשע, ווילנע און אַנדערע שטעט. יידישע אַרבע־

טער האָבן נישט בלויז געלייענט און געקוויקט זיך מיט די שאַרפע סאָציאַלע סאַטירעס פון די יום־טוב־בלעטלעך, זיי זיינען אויך געווען זייערע ענטוזיאַס־טישע פאַרשפרייטער. „ביי אונז, יונגע האַלב־אינטעליגענטן, דורכגעווייקטע אין יידישקייט, זיינען די נעמען פרץ און פינסקי געווען הייליק. די יום־טוב־בלעטלעך זיינען געווען 'אונזערע בלעטלעך', צעגלאַנע 1 — אונזער גייס־טיקער צענטר... פאַרשפרייטן די בלעטלעך איז געווען אונזער שמחה" [65]. די יום־טוב־בלעטלעך האָבן אין זייער צייט געשפּילט די ראָל פון „לעגאַלער, צענזורירטער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע".

דער נאָכפרעג אויף דעם בעסערן, ערנסטן יידישן בוך איז געוואַקסן, ווען צו דער באַוועגונג איז צוגעשטאַנען אַ נייער שיכט, די א. ג. האַלבע אינ־טעליגענטן, וואָס זייער גאַנצע אויסבילדונג איז געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי ביי די אינטעליגענטן אָדער פּראָפּאַגאַנדירטע אַרבעטער. דאָס זיינען געווען געוועזענע ישיבה־בחורים אָדער בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען געקומען קיין ווילנע אָדער וואַרשע זוכן בילדונג און תכלית. קודם־כל איז יידיש געווען זייער גערעדטע שפּראַך. די געוועזענע קלויזניקעס זיינען געקומען מיט אַ באַגאַזש פון יידיש־טראַדיציאָנעלן וויסן. זיי זיינען אויך לויט זייער לעבנס־שטייגער געשטאַנען נענטער צו דער יידישער מאַסע. מיט זיי האָט זיך פאַרשטאַרקט דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער עלעמענט אין דער באַוועגונג. צו די וויכטיקסטע טוער פון דער דאָזיקער גרופּע געהערן, חוץ דעם מינסקער אברהם וואַלט (א. ליעסין), סענדער זעלדאָוו־(ניעמאַנסקי), חיים יאַנקל העל־פאַנד (א. ליטוואַק), מאַקס טאָביאַש, אליהו ראָזענבערג, אברהם באַסקין, צעמאַכאָוויטש, שוועץ, לעאָן בערנשטיין, טייבעטשקע אָשמיאַנסקי (זעל־דאָוו) א. אַ. [66].

אין יאָר 1893 האָט א. ליטוואַק צוזאַמען מיט נאָך דריי חברים געגרינ־דעט אין ווילנע אַ יידיש ביבליאָטעקל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ דירה פון אַ באַקאַנטער פריילין, אַ טאָכטער פון אַ שפּייז־קרעמער. די לייענערס זיינען באַשטאַנען פון אַ מאַן 12־15 — סטאָלאַרעס, קאָנווערטן־מאַכערקעס, זאָקן־שטריקערקעס און אַנדערע פון די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך. זיי איז שווער געווען צו לייענען רוסיש און זיי האָבן גערן גענומען צום לייענען דאָס ביסל יידישע ביכלעך, וואָס דאָס ביבליאָטעקל האָט פאַרמאָגט [67]. אין דעם שוין ציטירטן ווילנער באַריכט פון 1896 ווערט דערציילט, אַז די ס.ד.־גרופּע האָט געשאַפן פאַר די אַרבעטער ביבליאָטעקן, פאַרשטייט זיך אומלעגאַלע — אַ רוסישע מיט 600 ביכלעך און אַ „זשאַרגאָנישע" מיט 250 ביכלעך, און די צאָל לייענער האָט באַטראָפן 300 אַרבעטער. „נאָך דעם דאָזיקן ציפער וואָלט מען געקאָנט פאַרדרייפאַכן, ווען די אַרבעטער וואָלטן געהאַט מער מיטלען אויף צו פאַרגרעסערן די ביבליאָטעקן".

אַרום תשעה־באב 1895 איז דוד פּינסקי געקומען קיין ווילנע און אָפּ־געהאַלטן אין אַ פּאָר הייזער פון אינטעליגענטן אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון דער יונגער אינטעליגענץ און אויפגעקלערטע אַרבעטער. אויף אַ פאַרזאַמלונג מיט פּינסקין איז געגרינדעט געוואָרן אַ זשאַרגאָנישער

קאָמיטעט. זיין ציל איז געווען פאַרשפּרייטן גוטע ליטעראַטור צווישן יידישע אַרבעטער, גרינדן יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעקן אין דער פּראָווינץ און אַרויסגעבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ביכער אין יידיש. בראש פון ווילנער זשאַרגאָנישן קאָמיטעט זיינען געשטאַנען פּאַוועל ראָזענטאַל, חנה העלער (שפּעטער באַקאַנט ווי אַנע ראָזענטאַל), צילע קליס (שפּעטער גאָזשאַנסקיס פרוי), צמח קאָפּעלזאָן, באַריס לעווינסאָן און זיין שוועסטער בערטאַ. מיט זיי זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג אַרקאַדי קרעמער, איסאַי אייזענשטאַט און ליובע לעווינסאָן.

כמעט אַלע טוער פון זשאַרגאָנישן קאָמיטעט, חוץ א. ראָזענבערגן און איניקע האַלב־אינטעליגענטן, זיינען געווען אַסימילירט, האָבן שלעכט גערעדט און כמעט נישט געקאָנט לייענען קיין יידיש. זיי האָבן געקוקט אויף דער נייער יידישער ליטעראַטור ווי אויף אַ מיטל פאַר סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, און איניקע פון זיי האָבן זיך שטאַרק באַמיט אויסצולערנען יידיש. „אין דעם וואָרט זשאַרגאָן, אין דעם נאָמען זשאַרגאָנישער קאָמיטעט איז דעמאָלט ניט געלעגן קיין באַוואוסטזיניקע פאַראַכטונג. פּשוט, קיינעם פון אונז איז נאָך דעמאָלט ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס, וואָס די יידישע מאַסע רעדט, איז אַ שפּראַך". יידיש האָט עס דעמאָלט גערופן נאָר דאָס פאָלק. ווער ס'האָט פאַרמאָגט אַ שיין פון בילדונג, האָט עס גערופן זשאַרגאָן [68]).

דער ווילנער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין מינסק, ביאַליסטאָק און אין עטלעכע קלענערע שטעט. די געלט־מיטלען פון די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן זיינען געווען לפי ערך קליין. זיי זיינען באַשטאַנען פון מיטגליד־אָפּצאָלן און הכנסות פון אָוונטן, אויף וועלכע מען פלעגט לייענען פּרצעס און פּינסקיס זאַכן. דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט צונויפגעשטעלט קליינע יידישע ביבליאָטעקלעך אין דער פּראָווינץ (אין אָשמענע, סמאָרגאָן, לידע), וואו די אַרבעטער־באַוועגונג האָט ערשט אָנגעהויבן צו שפּראָצן. זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָט ער געלייגט אויף פאַרלעגערישער אַרבעט, מיט וועלכער ס'האָט זיך בעיקר פאַרנומען פּ. ראָזענטאַל. מיט דער פאַרשפּרייטונג האָבן אָנגעפירט צילע קליס און א. ראָזענבערג. (דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אין קליינע ביכלעך פּרצעס שטריימל און פּינסקיס חיים משרת. פּרצעס באַנציע שוויג האָט שוין די צענזור נישט אַדורכגעלאָזט). דער קאָמיטעט האָט זיך פאַרבונדן מיטן פאַרלאַג פון א. קאַטיק אין וואַרשע און אין דעם דאָזיקן פאַרלאַג זיינען דערשינען די אויסגאַבעס פון קאָמיטעט. פון 1896 זיינען געווען טעטיק אין זשאַרגאָנישן קאָמיטעט אויך אברהם אַמסטערדאַם און כאַצקל אוסישקין.

זיין בוך־פּראָדוקציע איז בעיקר באַשטאַנען אין איבערזעצונגען, אין קאָמפּילאַטיווע פּאָפּולאַריזירונגען פון רוסישע און פּוילישע נאַטור־וויסנשאַפט־לעכע בראָשורן (איניקע מיט צייכענונגען אין טעקסט). די וויכטיקסטע אויס־גאַבע פון זשאַרגאָנישן קאָמיטעט זיינען די ביכלעך ווינטער אָבענדען, פּאָפּו־לערע וויסנשאַפטלעכע געשפּרעכן באַאַרבעט נאָך פאַרשידענע קוועלן פון חיה זעלדעס (א. ליטוואַק). זיי האָבן זיך דערוואָרבן אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט

צוליב זייער פֿאָלקסטימלעכער שפּראַך און גוטער הסברה און זיינען עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. פּאָפּולער איז אויך געווען אַ צווייטע בראָשור אַרבייט און קאַפּיטאַל אָדער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איבערזעצט פון א. ברעס־לער, דערשינען אין 1895. אין דעם זעלביקן פאַרלאַג זיינען נאָך דערשינען אַ ריי איבערזעצטע פּאָפּולערע וויסנשאַפטלעכע בראָשורן ווי וועגן לופט (1895), אדם הראשונס דורות אָדער די פאַרהיסטאָרישע צייט (1896), סאָ־קראַטעס, דער גריכישער פילאָזאָף, איין היסטאָרישע ערצעהלונג (1896) א.אַ.

די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן זיינען אויך געווען אָפּנעמער און פאַרשפּריי־טער פון די אויסגאַבעס פון דעם פאַרלאַג צייט־גייסט, וואָס דוד פינסקי האָט אין צווייטער העלפט פון די 90־קער יאָרן צוזאַמען מיט אַ קרייז סטודענטן געגרינדעט אין בערלין. אין דעם דאָזיקן פאַרלאַג זיינען דערשינען פינסקיס איניקע דערציילונגען, און י. דאַווידזאָנס פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע קאָמפּי־לאַציעס.

די דאָזיקע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור — די ערשטע פון דעם מין אין יידיש — האָט פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער פאָלקס־מאַסע עלע־מענטאַרע קענטעניש פון נאַטור־וויסנשאַפט און פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אין דעם שטעקט איר היסטאָרישער פאַרדינסט.

די אויסגאַבעס פון זשאַרגאָנישן קאָמיטעט זיינען געווען לעגאַלע, אָבער פּאַקטיש האָבן זיי זיך נישט געלאָזט אָפּגרענעצן פון דער אומלעגאַלער אַגי־טאַציע־ליטעראַטור, היות מיט זייער פאַרשפּרייטונג האָבן זיך פאַרנומען סאָציאַליסטן. אָפט פלעגט מען די ביידע מינים ליטעראַטור אָפּשיקן אויף די זעלביקע אַדרעסן, אַפילו אין איין פּעקל. דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע איז פאַרדעכטיק געוואָרן דער פאַקט, וואָס בעת רעוויזיעס ביי אַרבעטער געפינט מען כמעט שטענדיק לעגאַלע יידישע ביכלעך פון אַ געוויסן מין. זי האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט דעם און ס'איז דערגאַנגען צו אַרעסטן. אין דעצעמבער 1896 האָט מען אַרעסטירט אַ צאָל אַקטיווע טוער. די אַרעסטן האָבן אָבער נישט אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן, וואָס האָבן עקזיסטירט ביז 1898.

***

אָן אַן ערך אַ גרעסערע השפּעה אויף דער פאַרשפּרייטונג פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק האָט געהאַט די אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איר פּראָדוקציע ווערט אין די 90־קער יאָרן זייער אינטענסיוו [69].

די עלטסטע אומלעגאַלע ליטעראַטור איז אַ געשריבענע. דאָס זיינען געווען סטאַטוטן פון קאַסעס, באַשרייבונגען פון שטרייקן, פאָרמולירונגען פון פאָדערונגען צו בעלי־בתים. מען האָט לכתחילה בכוונה אויסגעמיטן דעם העקטאָגראַף, כדי בעת אַ מעגלעכן דורכפאַל זאָל זיך נישט וועקן דער חשד פון אַן אָרגאַניזאַציע. אין האַנטשריפט האָבן קורסירט גרעסערע זאַכן, ווי למשל די דערינערונגען פון אַ פּאַפּיראָסן־מאַכערקע, די אַגיטאַציע־שריפט איין

## פיאָנערן פון בונד



פאַטי קרעמער



זשעניע הורוויטש



א. ליטוואַק



יצחק מרדכי פסחזאָן

# פיאָנערן פון בונד



יקותיאל פאָרטנעי (נח)



דר. פאַוועל ראָזענטאַל



צביה הורוויטש



אַנאַ ראָזענטאַל

אַסיפה פון פערדלעך. (איר מחבר זאָל זיין אַ ווילנער בחור באַבראַוו אָדער איינער הורוויטש). פאַרשפרייט איז אויך געוועזן ווי פירט זיך די מלוכה אין דייטשלאַנד (איר מחבר זאָל זיין א. זעלדאַוו־ניעמאַנסקי), אין פאָרם פון אַ לעקציע פאַר אַן אַרבעטער־קרייזל מיט 25 יאָר צוריק (וועגן דער פאַריזער קאָמונע) און אַנדערע.

אַפילו גאַנצע בראָשורן ווי, למשל, אַרקאַדי קרעמערס וועגן אַגיטאַציע, שמואל גאָזשאַנסקיס אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן, האָבן צירקולירט אין האַנט־שריפט, איידער זיי זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דרוק. די טראַדיציע פון געשריבענעם וואָרט האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַפילו דעמאָלט, ווען מען איז שוין איבערגעגאַנגען צום העקטאָגראַף און דרוק. נאָך אַזוי שפּעט ווי אין 1895 איז אין ווילנע דערשינען אַ געשריבן בלעטל, נייעס אויס רוסלאַנד, אָדער וואָס הערט מען אין רוסלאַנד, וואָס איז געווען באַשטימט, ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין ווילנער באַריכט פון 1896, פאַר גאָר ווייניק אַנטוויקלטע אַרבע־טער. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון אַרקאַדי קרעמער, מאַקס טאָביאַש און שוועץ. אַן ענלעך בלעטל אין רוסיש האָט צונויפגעשטעלט וולאַדימיר קאָסאָווסקי.

פון די העקטאָגראַפירטע בראָשורן זיינען געווען זייער פּאָפּולער: ווי דער מיניסטער באַזאָרגט זיך וועגן די אַרבעטער — אַן איבערזעצונג פון אַ רוסישער בראָשור; דער 19טער פעוראַל, וועגן דער פּויערים־באַפרייאונג אין רוסלאַנד (מסתמא אָנהייב 1896); די אַרבייטער רעוואָלוציאָן, העקטאָגראַ־פירט אין מינסק אין 1897; אַן ערקלערונג וועגן שטראָפן, אַן איבערזעצונג פון לעגינס אַ בראָשור און נאָך אַ צאָל אַנדערע. אין מינסק זיינען דערשינען שוין ביים סוף פון דער באַהאַנדלטער תקופה אין 1897 די העקטאָגראַפירטע בראָשורן אַ סבאָרניק אפין 1־טען מאַרט 1881 יאָהר מיט ביאָגראַפיעס פון די אומגעקומענע פירערס פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ און בילד פון סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ אויפן שער־בלאַט; דאָקלאַד פון דיא רוסישע דעלעגאַציע דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון 1896 יאָהר אין לאָנדאָן — אַן איבער־זעצונג פון רוסישן באַריכט, וואָס איז אַרויס אין 1897 (די וויכטיקסטע טוערס פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין מינסק זיינען אין די ניינציקער יאָרן געווען זשעניע הורוויטש, פּאַוועל בערמאַן, באָריס פרומקין).

דעם 14־טן מערץ 1897 האָט אין מינסק אָנגעהויבן דערשיינען אַ העק־טאָגראַפירטע פעריאָדישע צייטונג אַרבייטער בלעטל, וואָס פלעגט דערשיי־נען אין 70־80 עקזעמפּלאַרן. די צייטונג האָט געהאַלטן 11־13 זייטן מיט אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענציעס, ידיעות וועגן דער יידישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. רעדאַקטאָר פון דעם אַרבייטער בלעטל איז געווען באָריס פרומקין און טעכניש אַרויסגעהאָלפן האָט פּאַוועל בערמאַן. פון מערץ ביז אויגוסט 1897 זיינען אַרויס 9 נומערן. דאָס אַרבייטער בלעטל איז געווען אַן אויסדרוק פון דער כסדר וואַקסנדיקער באַדערפעניש פון אַ צייטונג, וואָס זאָל נאָכקומען די פאַראינטערעסירונגען פון דעם אַרבעטער־לייענער.

די ערשטע געדרוקטע בראָשורן פון דער ווילנער יידישער ס. ד.־אָרגאַ־

ניזאַציע זייַנען דערשינען אין לעמבערג, וואו עס איז שוין דעמאָלט אַרויס־
געגאַנגען די צייטשריפט דער אַרבייטער, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע
פּאַרטיי אין גאַליציע האָט אַרויסגעגעבן. מיט דער לעמבערגער דרוקערײַ האָט
די ווילנער יידישע ס. ד.־טוער פאַרבונדן דער דעמאָלטיקער טוער פון פּ.פּ.ס.
(פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) יוזעף פּילסודסקי. אין 1894 האָט ער
אויך געברענגט פאַר זיי אַ מימעאָגראַף, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט צו פאַר־
פילפאַכן די געשריבענע זאַכן. די בראָשורן פלעגן דערשיינען מיט אַ פאַלשן
שער־בלאַט פון דער ווילנער דרוקערײַ ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער מיט
אַ כלומרשטער דערלויבעניש פון דער רוסישער צענזור. דער רוב אונטן
אויסגערעכנטע געדרוקטע בראָשורן האָבן פריער צירקולירט העקטאָגראַפירט.

צו די ערשטע געדרוקטע בראָשורן געהערן: גוט יום טוב — וועגן ערשטן
מאַי (1895) — איר מחבר איז אומבאַקאַנט; אַ ויכוח וועגן מזל, אָנגעשריבן אין
אַ פאָלקסטימלעכן טאָן און איר מחבר איז געווען דער גוטער פּאָפּולאַרי־
זאַטאָר שמואל גאָזשאַנסקי; לאַנג און מאָגער, אויסגעהאַלטן עטלעכע אויפ־
לאַגעס — אַ בראָשור וועגן אַרבעטס־טאָג, (1897 איבערזעצט געוואָרן אין
רוסיש), איר מחבר — פּאַטי סרעדניצקי־קרעמער; דיא אידען פראַגע אין
רוסלאַנד פאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטטען (1896), אויך באַקאַנט מיטן נאָמען
פון דעם אונטערקעפּל אַ הספד — איר מחבר ש. גאָזשאַנסקי. ער איז אויך
דער מחבר פון דער בראָשור — דיא גליקען פון ראובן דעם בערדיצעווער (1896)
— וועגן שכירות, מיטבאַטייליקט אין צונויפשטעלן די בראָשור זייַנען אויך
געווען פּאַטי סרעדניצקי־קרעמער און ליובע לעווינסאָן־אייזענשטאַט; אַ רעדע
אויף פּורים (1897) און אַנדערע. ווי די בראָשור אַ הספד פאַרמאָגט אויך די
רעדע אויף פּורים אַ פּאָליטישן כאַראַקטער — אין איר ווערט באַהאַנדלט דער
מצב פון יידן אין צאַרישן רוסלאַנד; דער שטאדט מגיד (1897). די בראָשור
איז געוואָרן פאַרפאַסט באַלד נאָכן שטרייק אין עדעלשטיינס פּאַפּיראָסן־
פאַבריק, זומער 1895, און איז, ווי אַ ריי אַנדערע בראָשורן, פריער פאַר־
שפרייט געוואָרן העקטאָגראַפירט. די זעלבע בראָשור איז אויך אַרויס אין
רוסיש. ס'זייַנען דערשינען נאָך עטלעכע בראָשורן.

די ווילנער געדרוקטע בראָשורן, ווי אויך דאָס מינסקער העקטאָגראַפירטע
אַרבייטער בלעטל האָבן נישט געקאָנט פאַרטרעטן דאָס אָרט פון אַ רעגולער־
דערשייַנענדיקער צייטונג, וואָס רופט זיך אָפּ אויף די טאָג־טעגלעכע געשעע־
נישן און באַלייכט זיי פון אַ שטאַנדפּונקט, וואָס איז נאָנט דעם יידישן אַר־
בעטער־לייענער. די באַדערפעניש אין אַן אָרגאַן, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די
שטרעבונגען פון די יידישע אַרבעטער, און וואו זיי זאָלן קאָנען אַרויסווייזן
זייערע סאָלידאַריטעט־געפילן מיט די רוסישע, פּוילישע, ליטווישע אַרבעטער
און מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַנדערע לענדער איז געוואָרן אַלץ
דרינגענדיקער. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען דער אידישער
אַרבייטער, אָרגאַן פיר די אינטערעססען דער אידישען אַרבייטער־באַוועגונג
אין רוסלאַנד, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשייַנען אין דעצעמבער 1896. ביז דער
גרינדונג פון בונד איז דער זשורנאַל דערשינען 3 מאָל — די נומערן 1, 2־3,

4־5. דער נומער 1 איז דערשינען אין בערלין, 2־3 אין לאָנדאָן, 4־5 אין פּרעסבורג, די ווייטערדיקע אין זשענעוו. דער מאַטעריאַל פאַר די דערמאָנטע נומערן איז געשריבן געוואָרן אין ווילנע, בעיקר פון וולאַדימיר קאָסאָווסקי; פון נומער 6 איז דער זשורנאַל שוין צונויפגעשטעלט געוואָרן אין אויסלאַנד, אייניקע יאָר דורך דזשאָן מילל. אין 1896 האָט די ווילנער אָרגאַניזאַציע פאַרשפּרייט 6,400 בראָשורן, ווי אויך די צייטשריפט דער אידישער אַרבייטער, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין 1,000 עקזעמפּלאַרן. אין 1897 זיינען פאַר־שפּרייט געוואָרן 11,400 בראָשורן און צוויי טאָפּל־נומערן פון דער צייטשריפט אין 2,000 עקזעמפּלאַרן.

דער זשורנאַל דער אידישער אַרבייטער האָט געדאַרפט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און צוזאַמען מיט דעם די רעוואָלוציאָ־נערע באַוועגונג אין רוסלאַנד און אויסלאַנד. דאָס איז געווען נישט קיין לייכטע אויפגאַבע, היות ער איז אַרויסגעגאַנגען אין אויסלאַנד. די לייענער האָבן אים באַקומען אין אַ צייט אַרום, ווי ער איז געוואָרן אָפּגעדרוקט. די ידיעות און די אַרטיקלען פלעגן שוין אויסקוקן פאַרעלטערט. די צייטונג האָט זיך דע־ריבער געפונען אין אַ סתירה צו איר אייגנטלעכער אויפגאַבע — צו זיין אַ וועגווייזער פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די וואַקסנדיקע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געפאָדערט אַן אָרגאַן, וואָס זאָל טאַקע זיין פאַר איר אַ וועגווייזער און זאָל קענען פאַרענטפערן און באַלייכטן די געשעענישן אין דעם מאָמענט, ווען זיי קומען פאָר, וואָס זאָל איר זיין נאָענט אין צייט און אָרט [70].

אַזאַ אָרגאַן איז געווען דיא אַרבייטער שטימע, וואָס האָט אָנגעהויבן דער־שיינען אומלעגאַל מיט אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער, אין אויגוסט 1897. די איני־ציאַטיוו־גרופּע פון דער צייטונג דיא אַרבייטער שטימע איז באַשטאַנען פון: משה דושקאַן, ישראל מיכל קאַפּלינסקי און סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי. אַ חבר, אַ זעצער האָט אַרויסגענומען ביסלעכווייז פון אַ רוסישער דרוקעריי אַלטע יידישע שריפט. ביי שווערע טעכנישע באַדינגונגען (אין אַ געדונ־גענעם צימער, וואו מען האָט זיך געמוזט היטן פאַר די בעלי־בתים; אַ סך אותיות זיינען שוין געווען אָפּגעריבן און עס איז אויך נישט געווען קיין גענוגנדיקע צאָל שריפט) האָט מען אָרגאַניזירט די געהיימע דרוקעריי. צו די טעכניקער האָט אויך געהערט דער סטאָליער הירש וואָלף סאָראָקאָ („גרישע דער הובל" [71]). דער ערשטער נומער, וואָס איז אַרויס אין 400 עקזעמפּלאַרן, איז דערשינען אָן דעם וויסן פון דעם אָנפירנדיקן צענטער. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ס. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי און י. מ. קאַפּלינסקי (די גאַנצע ליטעראַרישע אַרבעט האָט אויסגעפירט זעלדאָוו). פון צווייטן נומער איז די צייטונג געוואָרן דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ווילנער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער אָרגאַניזאַציע. אין רעדאַקציע זיינען דעמאָלט אַריין וולאַדימיר קאָסאָווסקי און אברהם מוטניק. ביז סוף 1897 זיינען אַרויס 4 נומערן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אויך באַטייליקט א. ליטוואַק, הלל קאַץ־בלום (קאָרעס־

פּאַנדענט פון ביאַליסטאָק, זיין קאָרעספּאָנדענץ געפינט זיך שוין אין ערשטן נומער).

צו דער געדרוקטער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויפן יידישן אַרבעטער־עולם אין רוסלאַנד, דאַרף מען אויך פאַררעכענען די יידישע אויסלענדישע סאָציאַליסטישע בראָשורן און צייטשריפטן: ווינטשעווסקיס יהי אור, (ערשטע אויסגאַבע — לאָנדאָן 1884); שמעון דיקשטיינס פון וואָס איינער לעבט (לאָנדאָן, 1887); דער לאָנדאָנער אַרבייטער פריינד (אָנגעהויבן דערשיינען אין 1885); די ניו־יאָרקער יודישע פאָלקס־צייטונג (פון יוני 1886); דיא צוקונפט (אָנגעהויבן דערשיינען אין ניו־יאָרק 1892); די פרייע וועלט (לאָנדאָן 2־1891); בנימין פייגענבוימס דאָס גן־עדן התחתון מיט אַ פאַלשן שער־בלאַט, אויף וועלכן עס איז אָנגעגעבן די וואַרשעווער דרוקעריי נ. ד. זיסבערג און דאָס יאָר 1875 (פאַקטיש ניו־יאָרק, 1896) און אַ צאָל אַנדערע בראָשורן. ס׳זיינען אויך געווען באַקאַנט די אַמעריקאַנער אויסגאַבעס: קאַרל מאַרקס׳ לוינאַרבעט און קאַפּיטאַל און פערדינאַנד לאַסאַלס אַרבייטער פּראָגראַם, ווי אויך פּיאָטר לאַווראָווס רעדע צו די יידישע אַרבעטער (די רעדע געהאַלטן דעם 1־טן מאַי 1886 אין פּאַריז, אָפּגעדרוקט 1887 אין לאָנדאָן).

ב. פייגענבוים, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט פּ.פּ.ס. און 1896 גע־האָלפן שאַפן די יידיש־סאָציאַליסטישע פּאָסט פון אַמעריקע קיין רוסלאַנד, האָט זיך באַמיט דורכצופירן די פּעפּעסישע טענדענץ בנוגע דער יידן־פראַגע, להיפך צו דער שטעלונג פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד. אין דער הקדמה צו דער בראָשור דאָס גן־עדן התחתון — די איינ־ציקע, וואָס די פּאָסט האָט אַרויסגעגעבן — ווערט געזאָגט, אַז דער הויפּט־צוועק איז נישט דווקא, אַז די יידן אין רוסלאַנד זאָלן אָנטייל נעמען אין דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר זיי זאָלן וויניקסטנס וויסן וואָס די דאָרטיקע סאָציאַליסטן ווילן און פאַרהיטן זיי פון ווערן שטרייק־ברעכער. אין דעם איז געקומען צום אויסדרוק די שטעלונג פון פּ.פּ.ס. און פון די פּרינציפּיעלע אַסימילאַטאָרן צווישן יידן־סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען געווען קעגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט גענומען שטאַרק פאַרשפּרייטן אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד.

אין הויבן דעם געמיט, אין באַגייסטערן די יידישע אַרבעטער אָנטייל־צונעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות און קרבנות, האָבן נישט קיין קליינע ראָל געשפּילט די רעוואָלו־ציאָנערע לידער. מ׳האָט געזונגען און דעקלאַמירט די ראַדיקאַלע לידער פון י. ל. פּרץ און פון מינסקער פּאָעט אברהם וואַלט (ליעסין), די לידער וואָס זיינען געקומען פון לאָנדאָן און ניו־יאָרק — פון דוד עדעלשטאַט, מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד און אַנדערע. ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער יידישער רעוואָלוציאָנערער הימן — די שבועה (די אַלטע), וואָס איז געזונגען געוואָרן ביז 1902, ווען זי איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך דער נייער שבועה (מחבר ש. אַנ—סקי), וואָס ווערט נאָך געזונגען עד־היום.

די יידישע אַרבעטער, די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן שוין פון זיך גע־
האַט אויסגעטיילט אַ היפשן באַוואוסטזיניקן אַוואַנגאַרד, וואָס האָט געהאַט
אַ קלאָרן ציל פאַר די אויגן: פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער
אַרבעטערשאַפט, באַהעפטן זיך צום אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן
אַבסאָלוטיסטישן צאַרישן רעזשים, אָפּשאַפן די ספּעציעלע באַגרענעצונגען
פאַר יידן, איבערייסן מיט די אַלטע פאַראורטיילן און רעליגיעזן לעבנס־
שטייגער, ווערן אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג,
וואָס קעמפט פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג. אין אַן ענגער קאַמף־חברשאַפט
מיט גרופּעס פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ האָט דער אויפ־
געקלערטער טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט געשאַפן זיינע אָרגאַני־
זאַציעס אין אַ צאָל שטעט. צונויפנעמען און באַהעפטן זיי צוזאַמען — איז
געוואָרן אַ דרינגענדער געבאָט. ס'ווערט געשאַפן דער אַלגעמיינער יידישער
אַרבעטער־בונד. דער פּעריאָד פון די ערשטע שפּראָצונגען, פון דער פאָר־
געשיכטע ווערט פאַרענדיקט.

# מקורים

1) Юлий Гессен: История еврейского народа в России, т. II, стр. 230, Ленинград, 1927.

2) שמעון דובנאָוו: די וועלט-געשיכטע פון יידישן פאָלק, ב. 9 ז. 327, בוענאָס איירעס-ניו-יאָרק, 1955.

3) דער סטאַטיסטישער מאַטעריאַל וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער גלידערונג פון די אַרבעטנדיקע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג שטיצט זיך בעיקר אויף די ציפערן פון דער רוסישער פאָלקס-ציילונג פון 1897 (די באַאַרבעטונג איז נישט קיין צופרידנשטעלנדיקע, היות ס'ווערט נישט געוויזן די סאָציאַלע גלידערונג אין די גרענעצן פון יעדער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע — באַלעבאַטים, אָנגעשטעלטע און אַרבעטער ווערן פאַררעכנט צו איין פאַך-גרופּע) און אויף די רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג (לײדער נישט קיין פולשטענדיקע), וואָס יק"א (יידישע קאָלאָניזאַציע-אָרגאַניזאַציע) האָט אדורכגעפירט אין יאָר 1897 און פאַרעפנטלעכט אין:
Сборникъ матеріаловъ объ экономическомъ положеніи евреевъ в Россіи, томъ II, С. Петербургъ, 1904.

4) יעקב לעשצינסקי: יידן אין וויטעבסק און וויטעבסקער גובערניע, (וויטעבסק אַמאָל), ניו-יאָרק, 1956, ז. 87.

5) ש. דובנאָוו: דצ"וו, ב. 10, ז. 139.

6) ייק"א-מאַטעריאַלן, ב. 2, זז. 162-163.

7) י. שאַצקי: די יידן אין פּוילן פון 1772 ביז 1914, אין זאַמלבוך „די יידן אין פּוילן", ניו-יאָרק 1946 זז. 518-525.

8) ישעיה טרונק: געשיכטע פון יידן אין וויטעבסק (וויטעבסק אַמאָל), ניו-יאָרק 1956, ז. 42.

9) ייק"א-מאַטעריאַלן, ב. 1, ז. 408.

10) Dr. E. Ringelblum: Projekty i próby przewarstwowienia Żydów w epoce stanisławowskiej, str. 29-30, Warszawa, 1934.

(פאַראַן אַ סברא, אַז די דאָזיקע אַרבעט אין די פּריציסע פאַבריקן האָט געטראָגן אַ צוואַנג-כאַראַקטער).

11) א. מאַרגאָלים: געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד, ב. 1, זז. 66-70, מאָסקווע 1930.

12) י. שאַצקי: דצ"וו, ז. 635.

13) Dr. F. Friedman: Dzieje Żydów w Łodzi od początków osadnictwa do roku 1863, str. 239, Łodż, 1935.

14) י. שאצקי: דצ"וו, ז. 672.
15) דער אידישער אַרבייטער נומ. 1. קאָרעספּאָנדענץ פון סעפּטעמבער 1896.
16) א. טשעריקאָווער: יידן רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד אין די 60-ער און 70-ער יאָרן (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", היסטאָרישע שריפטן דריטער באַנד, ייוואָ, ווילנע-פּאַריז 1939).
17) ש. דהבנאָוו: דצ"וו, ב. 10, זז. 126-8.

18) П. Б. Аксельрод: Пережитое и Передуманное, I Берлин 1923, стр. 69, 73.

19) דאָרט זז. 123-4.
20) א. טשעריקאָווער: דצ"וו.
21) וו. מ. (וולאַדימיר מעדעם): אהרן ליבערמאַן (אַרבייטער-לוח, וואַרשע, 1921).

22) Впередъ! № 16, 1875, стр. 505, London.

23) דצ"וו, נומ. 27 1876, זז. 83-4.
24) יידישע איבערזעצונג פון רוסישן טעקסט אין היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, ב. 3, זז. 568-573.

25) И. Гурвичъ: Первые еврейскіе рабочіе кружки «Былое» № 6, 1907, стр. 75, Петербургъ.

26) Ф. Кон: Мои первые встречи с еврейскими рабочими. (Революционное движение среди евреев, I, Москва 1930, стр. 26—28).

27) א. מענעס: די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד פון אָנהייב 70-ער ביזן סוף 90-ער יאָרן, היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, דריטער באַנד, ז. 26, ווילנע-פּאַריז 1939.
28) וו. קאָסאָווסקי: זובאַטאָוו „ליקווידירט דעם בונד", (אַרקאַדי, זאַמלבוך, ז. 181, ניו-יאָרק 1942).
29) דזשאָן מילל: פּיאָנערן און בויער, ערשטער באַנד, ז. 59, ניו-יאָרק 1946.
30) דזשאָן מילל: דצ"וו, ערשטער באַנד, ז. 81.
31) א. מענעס: דצ"וו, זז. 10-11.
32) פון באַריכט געלייענט אויף דער מאַי-פייערונג אין 1896-טן יאָר אין ווילנע און איז צוגעשיקט געוואָרן צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן (1896). דער באַריכט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון אברהם מוטניק (גליעב). דער טעקסט פון באַריכט געפינט זיך אין אַרכיוו פון „בונד".
33) הצפירה, נומ. 286, 1891.
34) דער ציטירטער ווילנער באַריכט פון 1896.
35) אַרקאַדי, זאַמלבוך צום אָנדענק פון אַרקאַדי קרעמער, ניו-יאָרק 1942, זז. 314-15.
36) אַ יידישע איבערזעצונג אין היסטאָרישע שריפטן ב. 3, ייוואָ, זז. 626-648.
37) לעאָן בערנשטיין: ערשטע שפּראָצונגען, בוענאָס איירעס 1956, זז. 153-154.

38) Ю. Мартов: Записки социал-демократа, Берлин 1922, стр. 231.

39) דער פריער ציטירטער ווילנער באַריכט פון 1896.

40) הלל כץ בלום : זכרונות פון אַ בונדיסט, ז. 39, ניו-יאָרק 1940.

41) ב. מיכאַלעוויטש : ערב-בונד (רויטער פנקס, ערשטער זאַמלבוך, ז. 38, וואַרשע 1921).

42) ב. מיכאַלעוויטש : דאָרט, ז. 38.

43) אַ. ליטוואַק : געזאַמלטע שריפטן, מינסק און די מינסקער, ז. 200, ניו-יאָרק, 1945.

44) דזשאַן מילל : דצ"וו, ערשטער באַנד, זז. 215-16.

45) אין אַ בראָשור-פאָרם איז די דאָזיקע רעדע אַרויס (רוסיש) אַנאָנים אין 1900 אין זשענעוו. אין יידיש איז די דאָזיקע רעדע אויך אַנאָנים אָפּגעדרוקט אינם זשורנאַל דער אידישער אַרבייטער נומ. 9, 1900 אונטערן נאָמען : די נייע עפּאָכע אין דער אידישער אַרבייטער-באַוועגונג. אין דעם יאָר אויך אין אַ סע-פּאַראַט בראָשור. אין רוסיש טראָגט די בראָשור דאָס קעפּל :

Поворотный пунктъ въ исторіи еврейскаго рабочаго движенія.

(אַ ווענד-פּונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג).

46) М. Н. Душкан: Минская конференция 1895 года. (Революционное движение среди евреев стр. 238—243, Москва 1930.)

47) Г. Я.: Бундъ (Жизнь № 2, 1902, Лондонъ)

(ג. יאַ. איז אַ פּסעוודאָנים פון א. מוטניק).

48) אברהם קאַטיק : דאָס לעבן פון אַ אידישן אינטעליגענט, ניו-יאָרק 1925, זז. 147, 161.

49) געבוירן אין שקלאָוו 1876. זון פון אַ מורה-הוראה אין וואַרשע. צוזאַ-מען מיט זיין פרוי סאָניע שפּעטער געווען וויכטיקע בונדישע טוערס אין וואַרשע, לאָדזש, פּינסק און אַנדערע שטעט. צווישן ביידע וועלט-מלחמות אַקטיוו אין בענדין. אומגעקומען אין בענדין זומער 1943. ער האָט גערופן די פאַר-זאַמלטע יידן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד בעת די דייטשע נאַציס האָבן זיי געהאַלטן ביים אַוועקפירן צום אומברענגען. אַ דייטש האָט אים ביי די וואַגאָנעס דערשאָסן.

50) דזשאַן מילל : דצ"וו, ערשטער באַנד, זז. 238-9.

51) דזשאַן מילל : דצ"וו, ערשטער באַנד, זז. 251-2.

52) Materyały do historyi P.P.S. Tom 1, str. 161-2, Warszawa, 1907

53) מאַטעריאַלן זז. 218-21.

54) דזשאַן מילל : דצ"וו, ערשטער באַנד, ז. 255.

55) אַנ-אַלטער בעקאַנטער (פּסעוודאָנים פון מ. י. פּסחזאָן) : דער אָנפאַנג פון דער יידישער אַרבייטער בעוועגונג אין וואַרשאַו (דער אידישער אַרבייטער נומ. 10, 1900).

56) דערקלערונג פון דער אָרגאַניזאַציע דער אידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבייטער-בונד אין װאַרשאַ, דאַטירט 14 יוני 1897. (דער אידישער אַרבייטער, 5-4, נאָװעמבער 1897, פּרעסבורג).

57) מאַנוסקריפּט אין אַרכיװ פון בונד.

58) ש. (ס.) אגורסקי: די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אױף יידיש, זז. 36-16. מינסק 1935.

59) דער אידישער אַרבייטער, 5-4, נאָװעמבער 1897.

60) דער אידישער אַרבייטער נומ. 1, דעצעמבער 1896.

61) דער אידישער אַרבייטער נומ. 1, 1896.

62) דער אידישער אַרבייטער נומ. 5-4.

63) Докладъ представленный делегаціей русск. соціальдемократовъ международному рабочему соціалистическому конгрессу въ Лондонѣ въ 1896 году, Женева, 1896.

64) לעאָן בערנשטײן: דצ"וו, זז. 27-24.

65) א. ליטװאַק: די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן (רויטער פּנקס, ערשטער זאַמל-בוך, ז. 13, װאַרשע 1921).

66) י. פּעסקין: די װילנער גרופּע און אַרקאַדי קרעמער, (אַרקאַדי-בוך, זז. 120-1).

67) א. ליטװאַק: דצ"וו, ז. 7.

68) א. ליטװאַק: דצ"וו, ז. 20.

69) דער מאַטעריאַל װערט דאָ געבראַכט על פּי רוב לויט א. טשעריקאָװערס אָפּהאַנדלונג די אָנהייבן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין יידיש, היסטאָרישע שריפטן, ייװאָ, דריטער באַנד.

70) אַרטיקל פון א. ג. (א. מוטניק) װעגן דער אומלעגאַלער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד אין יובל-נומער פון דיא אַרבייטער שטימע, אָקטאָבער 1901.

71) А. Н.: Возникновеніе «Arbeiterstimme», «Пережитое», томъ I, 1908, стр. 264-275, С. Петербургъ.

# אינהאַלט:

# 1. פאַראייניקונג — דער געבאָט פון דער שעה

אַלץ איז געווען גרייט צו דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש — צו דער גרינדונג פון בונד.

די באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט האָט אויסגעאַרבעט אירע אייגענע פאָרמען: שטרייק־קאַסעס, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון איין זייט; קרייזלעך פאַר בילדונג און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אויפקלע־רונג פון דער אַנדערער זייט. די באַוועגונג האָט שוין אַפילו דורכגעמאַכט אַ שאַרפע תקופה פון אינערלעכע קאַמפן — די „אָפּאָזיציע" אין ווילנע, מינסק און אַנדערשוואו, און ס'איז געקומען אַ ווענדפּונקט אין דער גאַנצער באַוועגונג — דער איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך צו מאַסן־אַגיטאַציע. ס'אַנט־וויקלט זיך צו ביסלעך אַ זעלבשטענדיקע אַגיטאַציע־ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך. די באַוועגונג איז ניט קיין לאָקאַלע דערשיינונג, זי נעמט אַרום ווילנע, וואַרשע, מינסק, ביאַליסטאָק, גראָדנע, קאָוונע, וויטעבסק, האָמעל, בריסק, סמאָרגאָן, אָשמענע, פּאָניעוועזש און אַנדערע ערטער. אַרום דער באַוועגונג און אין איר שטייען אַרבעטער, אינטעליגענטן און א. ג. „האַלב־אינטעליגענטן". נאָך מער, די יונגע באַוועגונג באַקומט אַן אָפּקלאַנג אויך אין ווייטערע קרייזן פון דער אינטעליגענץ און געזעלשאַפט. דער פּאָליטישער און סאָציאַליסטישער באַוואוסטזיין דערוואַכט אין אַלץ גרעסערע קרייזן פון דער אַרבעטערשאַפט.

די אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער זיינען געווען „גאַנץ סאָלידע, גוט דיסציפּלינירטע", מיט אַ „צאָלרייכער מיטגלידערשאַפט",[1]) לויט דער כאַ־ראַקטעריסטיק פון דזשאַן (יוסף) מילל. זיי זיינען געווען ווייט ניט קיין אי־זאָלירטע, אָפּגעזונדערטע איינע פון דער צווייטער. צווישן זיי איז פאָרגע־קומען אַ כסדרדיקער אויסטויש פון מענטשן, פון ליטעראַטור, פון דערפאַ־רונגען און אינפאָרמאַציע. מען האָט געפילט בחוש, אַז אַלע צוזאַמען האָבן זיי געמיינזאַמע פּראָבלעמען — פּראַקטישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע, סאָציאַל־פּאָ־ליטישע און יידיש־נאַציאָנאַלע. דאָס אַלץ האָט געשטויסן צום געדאַנק: שאַפן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַרבינדן אַלעמען אין פּראַקטיק און טעאָריע, זאָל די גאַנצע טעטיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פאַראיינהייטלעכן, סיסטעמאַטיזירן, אָרגאַניזירן, זאָל העלפן אויסברייטערן די אַרבעט און שאַפן נייע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

„צום סוף פון די 90־קער יאָרן — שרייבט אַ היסטאָריקער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — צו דער צייט פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון

בונד (1897) האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געהאַט הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסע דערפאַרונג, די אַרבעטער־מאַסע האָט אין אַ געגנגדיקער מאָס אַרויסגעוויזן איר פעאיקייט צו אָרגאַ־ניזאַציע און קאַמף; די באַוועגונג האָט אַדורכגעמאַכט אַ גאַנצע ריי עוואָלו־ציעס, וואָס האָבן אויסגעמאָדולירט איר טענדענץ; ענדלעך האָט זיך צו ביסלעך אויסגעבילדעט אַן אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט. די דירעקטיוון פון דער ווילנער גרופּע זיינען דורך פאַרטרויאונגס־מענער איבערגעגעבן געוואָרן און זיינען אומעטום דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. די פאַרבינדונג צווישן די שטעט האָט עקזיסטירט ניט בלויז אַדאַנק דער אָפּיציעלער קאָרעספּאָנדענץ פון די קאָמיטעטן, נאָר אויך אַדאַנק דער קעגנזייטיקער הילף פון די שטעט און אַדאַנק דעם, וואָס אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן אַלץ אָפטער אַריבערפאָרן פון איין שטאָט אין אַ צווייטער. ס'איז שוין אויך געווען אַ התחלה פון אַ נייער פּאָליטישער און קינסטלערישער ליטעראַטור, ס'האָט שוין אָנגעהויבן פונק־ציאָנירן דער ערשטער אין רוסלאַנד אומלעגאַלער יידישער דרוק־געשטעל. די פירער פון דער באַוועגונג האָבן פּראַקטיש גענומען פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן צו שאַפן אַ רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי" [2]).

דאָס אַלץ האָט אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג צו דער גרינדונג פון בונד. די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן געזען אַלע קאָמ־פּליקאַציעס, מיט וועלכע אָט דער ציל איז פאַרבונדן. זיי זיינען געגאַנגען צום ציל, ווי עס דערציילט איינער פון די פּיאָנערן, „זייער פאָרזיכטיק, אויס־רעכענענדיק יעדן שריט; מען האָט טויזנט מאָל אונטערזוכט אַלע שוועריק־קייטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן וועג; מען האָט זיך צייטנווייז געקווענקלט, אָבער מען איז פעסט געגאַנגען אין דער ריכטונג פון בילדן דעם בונד. נאָר דעמאָלט ווען עס איז שוין ניט געווען קיין ספק, אַז אַלע פאָרבאַדינגונגען פאַר אַ פּאַרטיי עקזיסטירן שוין, אַז דער באָדן איז אַ סאָלידער, אַז קיינע בייזע ווינטן וועלן שוין נישט אימשטאַנד זיין חרוב צו מאַכן די אָנשטרענגונגען, אַז די עקזיסטענץ פון דער פּאַרטיי קאָן זיין פאַרזיכערט און זי וועט נישט בלויז זיין אַ כלומרשטדיקע, ווי דאָס פלעגט אייביק פּאַסירן מיט פאַרשידענע רוסישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פלעגן אַנטשטיין, געבן וועגן זיך אַ סימן און באַלד פאַרשווינדן און נישט איבערלאָזן נאָך זיך קיין זכר, — נאָר דאַן האָבן אונזערע אָרגאַניזאַציעס זיך אַנטשלאָסן אויפצושטעלן דעם בנין פון בונד" [3]).

פּאַקטיש איז ווילנע שוין לאַנג געווען אַזאַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע. הגם דער נאָמען פון אָט דער ווילנער אָרגאַניזאַציע איז געווען זייער אַ באַ־שיידענער — גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן — איז אָבער איר אויטאָריטעט געווען גרויס. ווילנע האָט באַזאָרגט אומלעגאַלע ליטעראַטור און מענטשן, ווילנע האָט געגעבן די לאָזונגען פאַר דער אַרבעט. אַפילו אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי די ביאַליסטאָקער און וואַרשעווער האָבן זיך געגרינדעט און אַנטוויקלט אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק די טוערס, וואָס ווילנע האָט באַ־זאָרגט; אין ביאַליסטאָק זיינען עס געווען באַריס באַנעוואָר, אברהם באַס־

קין, שמואל גאָזשאַנסקי, ליובע אייזענשטאַט, נחום ליפשיץ, אַלבערט זאַלקינד, שיינע רייזל סעגאַל; אין וואַרשע זיינען עס געווען: דזשאַן מילל, צביה הורוויטש, לעאָן גאָלדמאַן, מערע זשאַלודסקי, מערע גינזבורג. די טוערס פון ווילנער צענטער — די פּיאָנערן פון בונד — זיינען דעם ענגערן עולם פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס געווען באַקאַנט און מיט זייערע מיינונגען האָט מען זיך גערעכנט. זיי זיינען געווען: אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי קרעמער), גליעב (אברהם מוטניק, מוטניקאָוויטש), וולאַדימיר (נחום מענדל לעווינסאָן־קאָסאָווסקי), פּאַטי (מאַטל סרעדניצקי), ליובע לעווינסאָן־אייזענשטאַט, טימאָפיי (צמח קאָפּעלזאָן), איסאַי אייזענשטאַט (יודין־וויטאַלי), דזשאַן מילל, ש. גאָזשאַנסקי און אַנדערע.

אין 1896 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען דער פערטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס. די גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ווילנע האָט צוגעגרייט אַ באַריכט וועגן איר טעטיקייט און באַריכטן וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַנדערע שטעט פאַר די יאָרן 1892 — 1896. אַליין צו שיקן דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס איז פאַר די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן דעמאָלט נישט געווען מעגלעך. האָבן זיי דעריבער די באַריכטן און מאַנדאַטן פון 4 שטעט געשיקט קיין אויסלאַנד צו דער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ, און אונטערן שטאַרקן איינדרוק פון די באַריכטן האָט די דעלעגאַציע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין איר באַריכט צום קאָנגרעס דערקלערט, אַז די יידישע אַרבעטער בילדן דעם אַוואַנגאַרד פון דער אַרבעטער־אַרמיי אין רוסלאַנד.

אָבער די טוערס פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג האָבן געוואָלט נישט נאָר זיין אַן אַוואַנגאַרד און אַ צוגאָב צו דער אַלגעמיינער באַוועגונג, זיי האָבן געוואָלט פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע אויספאָרמירן און אויסשמידן אַ פאַראייניקטן כוח. זיי האָבן געזען פאַר זיך גרויסע אויפגאַבן — אַלגעמיינע און ספּעציעל יידישע. זיי האָבן געטרוימט וועגן אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס, וועגן דער דערוואַכונג פון יידישן פּראָלעטאַריער צום קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג. דערגרייכן אָט דאָס אַלץ האָט מען געקענט נאָר דורך צונויפרופן אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס, דורך גרינדן און פּראָקלאַמירן אַ צענטראַליזירטע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע.

## 2. דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון „בונד"

די פראַגע וועגן רופן דעם צוזאַמענפאָר און וועלכע פּראָבלעמען ער זאָל באַהאַנדלען — איז באַטראַכט געוואָרן אויף עטלעכע זיצונגען פונם ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אויף דער מיליאָנען־גאַס אין דער וואוינונג פון שמערל גאָרעליק. דער צוזאַמענפאָר איז שפּעטער פאָרגעקומען טאַקע אין ווילנע, אין דעם טייל שטאָט, וואָס מ'האָט גערופן לוקישקעס, נישט ווייט פון טורמע, אין דער וואוינונג פון יעקב ראָזענטאַל, אַן אָנגעשטעלטער אין ב. סעגאַלס אַפּטייק־געשעפט. ראָזענטאַל האָט ספּעציעל געדונגען פאַר דעם צוועק די וואוינונג. מ'האָט אויסגעקליבן גראָד יענע געגנט, ווייל דאָרט האָט די אָרגאַניזאַציע פריער נישט געהאַלטן קיין קאָנספּיראַטיווע דירות, דעריבער איז דאָ געווען קלענער די געפאַר פון פּאָליציייאישער אָבסערוואַציע.

דער ווילנער צענטער האָט פאַראַנדערגעשיקט צו אַ טייל אָרטיקע אָר־גאַניזאַציעס אַ צאָל פראַגן און געבעטן זיי באַהאַנדלען. איינגעלאַדן האָט מען נאָר אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט אין זייער שטאָט אַ היפּשע באַוועגונג און זייערע אָנפירער זיינען פערזענלעך געווען באַקאַנט די אָר־גאַניזאַטאָרן פון צוזאַמענפאָר. צוליב די דעמאָלטיקע אַרעסטן אין ווילנע האָט מען די צאָל איינגעלאַדענע שטעט באַגרענעצט.

צווישן די פראַגן, וואָס זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן דעם צוזאַמענפאָר צום באַטראַכטן, זיינען — לויטן באַריכט פון דער אַרבייטער שטימע — צווישן אַנדערע געווען אַזעלכע: „1) צי איז נייטיק אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. 2) וואָס פאַר אַ נאָמען זאָל מען געבן דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע. 3) וועגן דעם קאָמיטעט פון דער אַלגעמיינער אָרגאַני־זאַציע און וואָסערע פליכטן זאָל האָבן דער קאָמיטעט. 4) ווי זאָל מען זיך אונטערשרייבן אויף די אַרויסגעבונגען (אויסגאַבעס) פון יעדער שטאָט באַזונדער, אַז ס'וועט זיין איין אָרגאַניזאַציע מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען. 5) וועגן שייכות וואָס דאַרף זיין צווישן דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע מיט די רעוואָלוציאָנערע גרופּעס (ניט־יידישע), וועלכע עקזיס־טירן אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד. 6) וועגן דעם כאַראַקטער און וועגן דעם אינהאַלט פון דער זשאַרגאָנישער אומלעגאַלער ליטעראַטור. אַלע אי־בעריקע פראַגן זיינען קאָנספּיראַטיוו; זיי דאַרפן בלייבן בסוד" [4].

ווי אַזוי זיינען געפירט געוואָרן די זיצונגען פונם דאָזיקן צוזאַמענפאָר? ווי גרויס איז ער געווען? ווער זיינען געווען זיינע אָנטיילנעמער?

דרייצן זיינען זיי געווען אין צאָל [5]). פון די ווילנער אָרגאַניזאַציעס (צענטער, אָרטיקער קאָמיטעט, אַרבייטער שטימע) זיינען געקומען צום צו־זאַמענפאָר זעקס פאָרשטייער: אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי קרעמער), גליעב (אברהם מוטניק), וולאַדימיר (קאָסאָווסקי), טאַראַס (ד. קאַץ, אַ זעמשער), ישראל מיכל קאַפּלינסקי, גרישע דער סטאָלער (הירש סאָראָקאַ). פון וואַרשע זיינען געקומען דריי: דזשאַן מילל, לעאָן גאָלדמאַן און מערע זשאַלודסקי (אַ ניי־טאָרין); פון ביאַליסטאָק — צוויי: הלל קאַץ־בלום („דער פאַרבער") און ראָזע גרינבלאַט (סאָניע); פון מינסק — פּאַוועל בערמאַן; פון וויטעבסק — אידל אַבראַמאָוו. פון די דרייצן זיינען 8 געווען אַרבעטער.

פון די פּיאָנערן און ראשונים פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן אויפן צוזאַמענפאָר געפעלט אַ צאָל וויכטיקע טוערס: ליובע און איסאַי אייזענשטאַט, שמואל גאָזשאַנסקי, מאַקס טאָביאַש, צמח קאָפּעלזאָן, פּאַטי סרעדניצקי־קרעמער, יקותיאל פּאָרטנאָי (נח), סענדער זעלדאָוו און אַנדערע. די ערשטע דריי זיינען שוין דעמאָלט געווען פאַרשיקט אין סיביר; נח און פּאַטי זיינען געווען אַרעסטירט; קאָפּעלזאָן האָט זיך געפונען אין דער שווייץ, — ער איז געווען דער פאָרשטייער פון דער ווילנער גרופּע אין אויסלענדישן פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. בכלל גענומען האָט מען שטאַרק באַגרענעצט די צאָל דעלעגאַטן — צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים: ס'איז געווען אַן אומרואיקע צייט אין ווילנע. זינט פּאַטי איז אַרעסטירט גע־וואָרן בעת די צוגרייטונגען צום צוזאַמענפאָר, זיינען אין ווילנע פאָרגעקומען כסדרדיקע אַרעסטן צווישן די מיטגלידער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער אָרגאַניזאַציע און פּויליש־ליטווישע טוער. אַלע גאַסן אין ווילנע זיינען געווען פול מיט שפּיאָנען. אַרקאַדי און גליעב זיינען צוליב אָט דער סיבה געווען אַפילו נוטה אָפּצולייגן דעם צוזאַמענפאָר אויף אַ געוויסער צייט. דזשאַן מילל, ווי דער פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, האָט אויס־געאיבט אַ שטאַרקן דרוק נישט אָפּצולייגן דעם צוזאַמענפאָר. צוליב דעם שאַרפן קאַמף מיט פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) איז די עקזיסטענץ פון אַ פאָרמעל פאַראייניקטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד־מאַס־שטאַב געווען אַ לעבנס־פראַגע פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. צוליבן אַרעסט פון פּאַטי, וועלכע איז געווען די סעקרעטאַרין פון צענטער און זיך פאַרנומען מיט שיקן די איינלאַדונגען, איז קאָווגע נישט געווען פאַרטרעטן.

דער לאָקאַל פון דעם צוזאַמענפאָר איז ניט געווען צו באַקוועם. ס'איז געווען אַ צימערל אַ שאַלקע (אויבערשטיבל) פון אַ קליין הייזקעלע, פּוסט, אָרים; כמעט אָן מעבל; אַ בעט אין איין ווינקל, אַ קאַסטן אין אַ צווייטן, אַ גרויסער טיש אין מיטן פון צימער, אַ פּאָר שטולן. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ פּאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס, געצייכנט מיט אַ בלייפעדער. קאָנספּיראַטיוו און אויסבאַהאַלטן איז געווען דער פּלאַץ, יעדער דעלעגאַט האָט זיך אַריינגע־שלייכט אין דער וואוינונג שטיל, פאָרזיכטיק, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן צי ער שלעפּט ניט מיט, חלילה, קיין שפּיאָנען. אָבער יעדער דעלעגאַט האָט געפילט די גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג פון אָט דעם צוזאַמענקום.

יעדער פון זיי איז געווען געניג פּאָליטיש און סאָציאַליסטיש געבילדעט, געזעלשאַפטלעך דערפאַרן צו פאַרשטיין, אַז דער באַשלוס צו שאַפן אַ פּאַר־אייניקטע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע איז אַ ווענדפּונקט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז אַ געשעעניש פון גרויסן פאַרנעם און היסטאָרישער באַדייטונג.

דריי טעג האָט געדויערט דער צוזאַמענפאָר (סעפּטעמבער 25 — 27 לויטן אַלטן סטיל און 7 — 9 אָקטאָבער 1897 לויטן נייעם). דער דריטער טאָג איז געווען אָפּגעגעבן דער עיקר אויף איינצושטעלן אַלע פאַרבינדונגען צווישן ביי־אויסגעקליבענעם צענטראַל־קאָמיטעט און די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס: אַד־רעסן, יאַווקעס, שיפער, פּערזענלעכע קאָנטאַקטן א.ד.ג.. אויף דער ערשטער זיצונג האָט דעם פאָרזיץ געפירט אַרקאַדי קרעמער. וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט געמאַכט די בויטיקע נאָטיצן אויפן גרונט פון וועלכע מ׳האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם באַריכט וועגן צוזאַמענפאָר אין נומ. 6 די אַרבייטער שטימע (דער טיטל פון באַריכט איז געווען אַזאַ: דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צוזאַמענפאָר (סיעזד) אין רוסלאַנד, סעפּטעמבער אין 1897 יאָר). דעם צוזאַ־מענפאָר האָט געעפנט מיט אַ רעדע אַרקאַדי. ער האָט אָנגעוויזן פאַרוואָס ס׳איז נייטיק געוואָרן צו גרינדן אַן אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. מיר גיבן איבער זיין רעדע — אין דער באַשרייבונג פון דער אַרבייטער־שטימע, וואָס פאַרמאָגט אַ סך אוממיטלבאַרקייט און דעם חן פון דער צייט:

„די אַלגעמיינע טאַקטיק — האָט געזאָגט דער פאָרזיצער — דער גאַנג מיט וועלכן מיר גייען אין אונזער באַוועגונג — דאָס איז דאָס ערשטע וואָס עס פאַרבינדט די אַלע שטעט וואו נאָר עס איז דאָ אַ באַוועגונג אין דער אַרבעטער־מאַסע. אומעטום פירט מען אַן אַגיטאַציע וועגן די בייטיקסטע אינטערעסן פון דער אַרבעטער־מאַסע. אומעטום ווערן אויפגעהאַלטן, אַנט־וויקלען זיך און ווערן געגרינדעט פראָפעסיאָנס־פאַראיינען. אומעטום האַלט מען זיך ביי דער מיינונג, אַז דער עקאָנאָמישער שטרייט, וועלכן די אַרבעטער פירן, אַנטוויקלט זיי אויך פּאָליטיש, ווייל דורך דעם שטרייט קומט זיי אויס צו האָבן אַלערליי מינים צוזאַמענשטויסונגען מיט דער רעגירונגס־מאַכט און אומעטום וואו נאָר די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון דער מאַסע שטייט אויף אַ געוויסער מדרגה, שטעלט מען אַרויס געוויסע פּאָליטישע פאָדערונגען. נאָר דאָס איז נאָך ניט גאָר. חוץ די דאָזיקע גייסטיקע פאַרבינדונג איז פאַראַן נאָך איינע גאָר אַ פּראָסטע, אַ מאַטעריאַלישע. די אַלע שטעט זיינען שוין פון לאַנג מאַטעריאַליש פאַרבונדן. און וואָס ווייטער עס אַנטוויקלט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג, אַלץ מער פאַרברייטערט זיך און פאַרשטאַרקט זיך די דאָזיקע מאַטעריאַלישע פאַרבינדונג. די שטעט האָבן גאַנץ אָפטע און לעבהאַפטע אויפטראָגן איינע מיט די אַנדערע: זיי בייטן זיך מיט מענטשן, מיט ליטעראַטור, העלפן זיך איינע די אַנדערע מיט געלט אויף וואָס דאָס געלט זאָל ניט גיין — אויף ביכער אַרויסצוגעבן, אויף די אַרעסטירטע צו העלפן אָדער אויף דעם שטרייט פון די אַרבעטער מיט זייערע בעלי־בתים אונטער־צוהאַלטן. אַלזאָ, זעען מיר, אַז פאַקטיש זיינען שוין די שטעט פאַרבונדן.

עס איז געבליבן מער ניט איין זאַך — די דאָזיקע פּאַקטישע פאַראייניקונג אַריינגיסן אין אַ פאָרם, זי זאָל האָבן אַ געוויסע געשטאַלט, אָנטאָן די פאַר־אייניקונג אין הויט און אין ביינער. דאָס איז איצט נייטיק, נייטיק איז אָט פאַרוואָס. ערשטנס דערפאַר, ווייל די לעצטע צייט איז די רעגירונג אַרויסגעטרעטן קעגן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט איר גאַנצער פיינט־שאַפט, וואָס זי פילט צו אים און מיט אַלע אירע קרעפטן וואָס זי האָט נאָר קעגן אים. אומעטום, וואו נאָר די יידישע אַרבעטער נעמען שטרייטן קעגן זייערע בעלי־בתים, איז גענוג מער ניט אַ שטיקל חשד צו האָבן אויף אַ מענטשן, אַזוי גלייך נעמט מען אים צו. צענטליקער מענטשן ווערן צוגענומען, ווערן אַריינגעוואָרפן אין די טורמעס און פוילן דאָרט חדשימווייז. די אָנרחמנותדיקע מערדערישע פּאָליציייסקע פאַרפאָלגונגען וואַרפן זיך אַרויף מיט זייער גאַנ־צער קראַפט איבערהויפּט אויף די יעניקע אַרבעטער, וועלכע זיינען די פירער פון דער באַוועגונג. און איבער דעם ווייל זיי ליידן מער ווי אַנדערע, קאָן צעריסן ווערן די פאַרבינדונג צווישן די שטעט. דעריבער אויב מיר וועלן קיין זאַך ניט טאָן קעגן דעם, קאָן זיך מאַכן, אַז גאָר אין קורצן וועלן די שטעט אָפּגעזונדערט ווערן איינע פון די אַנדערע און יעדערע וועט זיך פירן ווי זי פאַרשטייט אַליין, אָן הילף פון אַנדערשוואו. קעגן דעם איז פאַראַנען איין מיטל — אַ צענטראַלע צווישנשטעטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. ניט נעמענ־דיק אָן אוממיטלבאַרן אָנטייל אין דער אַרבעט צווישן דער מאַסע, וועט די אָרגאַניזאַציע דערמיט זיך אַ היפּשל ביסל פאַרזיכערן פון די פּאָליציייסקע פאַרפאָלגונגען און וועט דורך דעם האָבן די מעגלעכקייט אויפצוהאַלטן אין אירע הענט אַלע פעדימלעך, אַלע שנירלעך, וועלכע פאַרבינדן באַזונדערע גרופּעס פונם שטרייטנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

חוץ דעם ציל איז פאַראַנען נאָך: די באַוועגונג צווישן דער יידישער אַרבעטער־מאַסע האָט די לעצטע צייט געמאַכט זייער גרויסע פאָרשריט. איצט, אַז זי האָט זיך אַזוי פאַרשטאַרקט, איז שוין נייטיק אַרויסצוגיין מיט אַזעלכע זאַכן, אין וועלכע עס זאָלן אַרויסטרעטן ניט נאָר די אָדער יענע אָרגאַניזאַציע, נאָר דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט אין איינעם, אַלע שטעט צוזאַמען. ס'איז נייטיק אַרויסצושטעלן אומעטום די זעלביקע גלייכע פּאָלי־טישע פאָדערונגען. ס'איז נייטיק אויפצואווייזן, שטענדיק צו דערמאָנען און אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר אַלע יידן, און דערצו דאַרף מען נאָך האָבן דאָס אַלץ זאָל געטאָן ווערן מיט אַ סך מער אָרדענונג ווי פריער און אַ סך ענערגישער. איצט אַפילו האָבן אויך די שטעט זיך אויפגעטראָגן איינע מיט די אַנדערע, גייען — און מוזן אַזוי גיין, אַנדערש קאָן דאָס ניט זיין — גאָר אָן אַ שום אָרדענונג. און וויבאַלד אַזוי, קאָן מען ניט פאָדערן די אַלע באַזונדערע גרופּעס זאָלן זיין איינשטימיק און איינוויליק אין זייער טון. כדי אַלע גרופּעס זאָלן זיין אייניק אין זייער ווירקונג און טון, מוז מען דערצו האָבן אַ מיטלפּונקט, וועלכער זאָל פירן די גאַנצע באַוועגונג. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן נאָך אַ זאַך: אַ פאָדערונג, מיט וועלכער מען ווענדט זיך צו דער רעגירונג פון דעם גאַנצן פאַראייניקטן פּראָלעטאַריאַט, האָט אַ סך

מער באַדייטונג, מער ווערדע און קראַפט, ווי אַ פאָדערונג פון אַן איינציקער גרופע. פאַר אַן איינציקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע שרעקט זיך ניט די רעגירונג און צו אירער אַ פאָדערונג הערט זי זיך קנאַפ וואָס צו. פאַרקערט, אַ פאָדערונג וועלכע גייט פון אַ פאַראייניקטן פראָלעטאַריאַט דורך זיין הויפט־אָרגאַן, איז אַ קראַפט און פאַר אַזאַ קראַפט האָט מען בושה.

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ ניט גאָר. ס'איז פאַראַנען נאָך אַ זאַך פאַרוואָס ס'איז איצט נייטיק אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע. ס'דערנענטערט זיך ערשט די צייט, ווען ס'וועט געגרינדעט ווערן אַן אַלגעמיינע רוסישע אַרבעטער־פאַרטיי. אין דער פאַרטיי וועט געוויס דער יידישער פראָלעטאַריאַט פאַרנעמען אַ געוויסן אָרט. נאָר אַריינטרעטן אין דער פאַרטיי וועט ער ניט קאָנען, זייענדיק צעריסן אויף אָפּגעזונדערטע, זעלבשטענדיקע גרופעס. אָט דאָס זיינען די רעיונות, די געדאַנקען, וועלכע ווייזן אונז דעם גרונט: אַן אַלגעמיינע יידישע אָרגאַניזאַציע איז אַן אויפגאַבע פון דער איצטיקער צייט".

ריידנדיק וועגן די פריינטלעכע באַציאונגען מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט אַרקאַדי זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם איינציקן אויסנאַם. ער האָט אויסגעדריקט דעם פאַרדרוס צוליב דער באַציאונג פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט דערמאָנט דעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס די פ.פ.ס. פירט קעגן דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע און וואָסערע אומדערלאָזבאַרע און משונהדיקע באַשולדיקונגען זי באַנוצט קעגן דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

איבער אַרקאַדיס רעדע איז כמעט קיין שום דעבאַטע ניט פאָרגעקומען. די געדאַנקען זיינען געווען פולשטענדיק רייף אין די מוחות פון אַלע אַנוועזנדיקע, און די גרינדונג פון אַ פאַראייניקטן בונד פון די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס איז שוין געווען רייף צום באַשליסן.

אַלע אָנטיילנעמער פון צוזאַמענפאָר האָבן אָנערקענט, אַז ס'איז די ספּעציפישע אויפגאַבע פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע צו פירן דעם קאַמף פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. ס'איז אויך געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט צווישן דעם יידישן פראָלעטאַריאַט דאַרף געפירט ווערן אויף יידיש, אויף דער איינציקער שפּראַך, וואָס איז צוגענגלעך פאַר דער יידישער מאַסע.

דער צוזאַמענפאָר האָט געדאַרפט באַשליסן וואָס פאַר אַ נאָמען זאָל מען געבן דער נייער אָרגאַניזאַציע. עטלעכע נעמען זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן. לויטן דערמאָנטן באַריכט פון נומ. 6 אַרבייטער־שטימע, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי נעמען:

„1) דער בונד פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס אין רוסלאַנד.

2) דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד.

דעם ערשטן האָט דער צוזאַמענפאָר ניט אָנגענומען. די מעשה דערפון איז אַזוי: אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע באַדייט אַ הייפל איינציקע מענטשן, וועלכע האַלטן די פּרינציפּן (די הויפּט־פּונקטן) פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע,

און פירן די אַרבעטער־באַוועגונג פון דער אָדער יענער שטאָט. אַ בונד פון אַזעלכע גרופּעס וואָלט געווען אַ בונד פון די וואָס שטייען אויבן, פון די איי־ניקע פירער פון אַרבעטער־קלאַס. פאַר דער גאַנצער מאַסע אַרבעטער וואָלט דאָרט קיין אָרט ניט געווען און דאָס טויג ניט, ווייל אַ בונד קאָן האָבן נאָר דאַן אַ קראַפט, אַ מאַכט אין זיך, ווען אין אים גייען אַריין די גאַנצע מאַסע שטרייטנדיקע אַרבעטער, ניט נאָר איר הייפּעלע פירער, און ווען יעדער אַרבעטער, וועלכער שטרייט פאַר זיינע אַלטעגלעכע אינטערעסן, ווייסט און פילט, אַז ער איז אַ מיטגליד פון דעם דאָזיקן בונד. דערפאַר האָט דער צו־זאַמענפאָר ניט אָנגענומען דעם ערשטן נאָמען און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן צווייטן, ווייל דער צווייטער פּאַסט אַ סך בעסער צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע דער צוזאַמענפאָר האָט געוואָלט גרינדן — ׳אַן אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד׳. נאָך דעם געדאַנק, וואָס ליגט אין די ווערטער, איז אַזאַ בונד, וועלכער נעמט אַריין אין זיך דעם גאַנצן יידישן שטרייטנדן פּראָלע־טאַריאַט און עפנט אויף ברייט זיינע טירן פאַר יעטוועדן אַרבעטער ווער ס׳שטייט נאָר צו צו דעם שטרייט, וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט פירט פאַר אַ בעסערן לעבן. כל דיכפין, ווער עס איז נאָר דורשטיק צו שטרייטן, כל דיצריך, ווער נאָר עס דאַרף שטרייטן, ויאכל, זאָל קומען, ער וועט ווערן אַ גלייכער, אַ פולקאָמער מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע.

דער נאָמען איז אָבער נאָך ניט אין גאַנצן ריכטיק און דעריבער האָבן אייניקע אויפגעוויזן, אַז מען דאַרף אים אויסבעסערן. איין מיינונג האָט גע־האַלטן, אַז נאָך די ווערטער ׳אין רוסלאַנד׳ דאַרף מען צולייגן ׳און אין פּוילן׳. און די מיינונג האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען איבער די פאָלגנדע מאָטיוון: אין רוסיש פּוילן איז מען איינגעוואוינט אונטערן וואָרט ׳רוסלאַנד׳, צו פאַרשטיין די גאַנצע רוסישע מלוכה אויסער די פּוילישע גובערניעס. דערי־בער, אַז מען זאָל צו דעם נאָמען ניט צולייגן ׳און אין פּוילן׳, וועט דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע זיין ניט ריכטיק. ווייל ער וועט נאָכן נאָמען נאָך ניט אַריינגעמען אין זיך די פּוילישע אַרבעטער, און דער יידיש־פּוי־לישער אַרבעטער, קוקנדיק אויפן נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, וועט זיך ניט רעכענען פאַר אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע. אויף אַזאַ אופן האָט דער צוזאַמענפאָר געגעבן דער געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע דעם נאָמען: ׳דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד אין רוסלאַנד און פּוילן׳.״

די פאָרשלאַגן וועגן נאָמען זיינען געקומען פון אַרקאַדי קרעמער און דזשאַן מילל. דער ערשטער האָט פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען — דער אַלגע־מיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד; דער צווייטער — די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד און פּוילן. צוליב די פריער־דערמאָנ־טע טעמים האָבן די דעלעגאַטן — אַחוץ דער וואַרשעווער דעלעגאַציע — געשטימט פאַר אַרקאַדיס פאָרשלאַג מיט דזשאַן מיללס אַ צוגאָב — און פּוילן. דער צוזאַמענפאָר האָט אָבער אויך געמאַכט אַ קאָנצעסיע צום נאָמען — סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אויפרופן, וואָס די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס וועלן אַרויסלאָזן, זאָלן אַחוץ דעם אַלגעמיינעם נאָ־

מען פון בונד אויך האָבן די אונטערשריפטן פון די שטאָטישע קאָמיטעטן און דאָרט זאָל עס הייסן — סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָמיטעט (מיטן נאָמען פון דער שטאָט).

אויפן צוזאַמענפאָר איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן די באַציאונגען מיט די עקזיסטירנדיקע ניט־יידישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאָמיטעטן, וואָס זיינען געווען טעטיק אין אַ צאָל רוסישע שטעט, זיינען די טוער פון ווילנער צענטער, געווען אין קאָנטאַקט און זיי געהאָלפן אויף פאַרשידענע אופנים. ס'איז געוואָרן רייף די אויפגאַבע צו שאַפן צוזאַמען מיט זיי אַ געמיינזאַמע פאַרטיי. ס'איז אויך געווען נייטיק אַ כסדרדיקע פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, וואו ס'זיינען געווען אַקטיוו סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופעס פון רוסלאַנד. דעמאָלט האָט עקזיסטירט אַ פאַראייניקונג פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס האָט אַרומגענומען אי די אַלטע, אי די נייע פּאָליטישע עמיגראַנטן — אי די פּיאָנערן פון מאַרקסיזם אין רוסלאַנד, אי די ערשטע בויער פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס — און געטראָגן דעם נאָמען: פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דער פאַרבאַנד איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, זיי געהאָלפן מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור און אויף אַנדערע אופנים און אויך זיי רעפּרעזענטירט אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן.

פאַרן צוזאַמענפאָר איז געשטאַנען די פראַגע, וואָס דאַרף געטאָן ווערן, כדי די אינטערעסן פון דער נייער אָרגאַניזאַציע זאָלן ווי געהעריק זיין פאַרטרעטן און באַזאָרגט אין אויסלאַנד. דער באַריכט אין אַרבייטער־שטימע פאָרמולירט אַזוי די אויפגאַבן פון אַזאַ אויסלענדישער רעפּרעזענטאַנץ:

„מען דאַרף האָבן פאַרשטייער אויף די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־קאָנגרעסן, וועלכע ווערן אין אויסלאַנד צונויפגערופן פון צייט צו צייט צו באַטראַכטן די פראַגן, וואָס זיינען נוגע די אַרבעטער פון אַלע לענדער; צוזאַמענפאַסן פאַר די קאָנגרעסן באַריכטן וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך די מאַטעריאַלן נאָך, וואָס ווערן צוגעשיקט פון דאַנען; פאַרשפּרייטן אין דער אויסלענדישער פרעסע ידיעות וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן יידן, כדי באַקאַנט צו מאַכן אונזערע אויסלענדישע ברידער אַרבעטער מיט דער לאַגע פון דעם יידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד און מיט זיין שטרייט; איבערגעבן באַגריסונגען די צוזאַמענפאָרן פון דער אָדער יענער אויסלענדישער אַרבעטער־פּאַרטיי; דרוקן אומלעגאַלע ביכער, צושטעלן פון אויסלאַנד ליטעראַטור; פאַרפאַסן בראָשורן וועגן אַלערליי פראַגן, דהיינו וועגן דער היסטאָריע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אויסלאַנד, און נאָך און נאָך — אָט דאָס איז די אַרבעט צוליב וועלכער מען דאַרף האָבן מענטשן אין אויסלאַנד זיי זאָלן דאָס אַלץ אויפטון“.

דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, אַז דער פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָל פאַרטרעטן דעם בונד אין אויסלאַנד.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז אייגנטלעך האָט שוין צו יענער צייט די

יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע געהאַט אירן אַ פאָרשטייער אין אויסלאַנד. דאָס איז געווען צמח קאָפּעלזאָן, און ער האָט פאַקטיש אויסגע־פילט דאָרט די פונקציעס, וואָס זיינען פריער אויסגערעכנט. שפּעטער איז די אַרבעט אין אויסלאַנד געוואָרן אויסגעברייטערט און פאַרצווייגט. צמח קאָפּעלזאָן איז געווען זייער אַקטיוו אין דעם פאַרבאַנד. (אויפן צוזאַמענפאָר פון פאַרבאַנד אין 1898 איז קאָפּעלזאָן אויסגעוויילט געוואָרן סעקרעטאַר און דזשאָן מילל קאַסירער פון דער אָרגאַניזאַציע).

וועגן אַ געוויסער צאָל פראַגן, וואָס זיינען געוואָרן באַהאַנדלט און באַ־שלאָסן, האָט מען נישט באַריכטעט אַפילו אין דער אומלעגאַלער פּרעסע. דאָס איז געטון געוואָרן, כדי נישט צו ציען אויף זיי די אויפמערקזאַמקייט פון דער צאַרישער אָכראַנע. איינע פון די דאָזיקע פראַגן איז געווען וועגן שאַפן אַן אַלגעמיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אין דער אַרבייטער־שטימע איז בלויז געזאָגט געוואָרן, אַז מ׳האָט באַשלאָסן זיך דערנענטערן צו די אַנדערע ס. ד.־אָרגאַניזאַציעס. אַן אָנטיילנעמער פון גרינדונגס־צוזאַ־מענפאָר האָט שפּעטער וועגן דעם איבערגעגעבן:

„דער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע וועגן אַריינגיין אין דער פּאַרטיי און וועגן דעם אָרט, וואָס דער בונד דאַרף פאַרנעמען אין דער פּאַרטיי. ס׳איז בפירוש באַשטימט געוואָרן, אַז דער בונד גייט אַריין נישט מיט באַזונדערע קאָמיטעטישע איינסן, נאָר גייט אַריין, ווי אַ מין גאַנצ־קייט, ווי אַן ׳אויטאָנאָמער׳ פאַרבאַנד פון אָרגאַניזאַציעס״ [6]).

דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, אַז די אַרבייטער שטימע ווערט דער אָפיציעלער אָרגאַן פון בונד. אויך דער אידישער אַרבייטער, וואָס איז דער־שיינען אין אויסלאַנד, איז דערקלערט געוואָרן פאַרן אָרגאַן פון בונד.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון ניי־געשאַפענעם בונד איז באַשטאַנען פון 3 פּערזאָן: אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי און אברהם מוטניק. אַזוי ווי אין ווילנע זיינען די קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען געוואָרן אַלץ שווע־רער און די אַרעסטן האָבן ניט אויפגעהערט, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבער־צוטראָגן דעם צ.ק. קיין מינסק. בלויז וולאַדימיר קאָסאָווסקי איז אַ פּאָר חדשים געבליבן אין ווילנע. איינע פון די הויפּט־פליכטן, וואָס איז אַרויפ־געלייגט געוואָרן אויפן צ.ק., איז געווען דאָס אַרויסגעבן ליטעראַטור און צייטשריפטן. אין דעם פּרט זיינען זייער שטאַרק באַהילפיק געווען דעם צ.ק. אַ צאָל ווילנער טוער, וואָס האָבן געקענט איבערזעצן און שרייבן. אין דער ווילנער גרופּע זיינען געווען עטלעכע יידיש־קענער און זיי האָבן אויסגע־פירט די גאַנצע ליטעראַרישע אַרבעט אויף יידיש.

מיט פרייד האָבן די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער אויפגענומען די בשורה וועגן דער גרינדונג פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילן. מיט שטאָלץ האָט די ניי־געגרינדעטע פאַראייניקטע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע געמאָלדן דער וועלט וועגן איר עקזיסטענץ און וועגן איר קאַמף מיטן רוסישן אַבסאָלוטיזם פאַר די בויטן און רעכט פון די יידישע

אַרבעטס־מענטשן, פאַר די צילן פון סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם. אין טיפן גלויבן אין די כוחות און רעוואָלוציאָנערן קאַמפּסלוסט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, האָט דער ניי־געשאַפענער בונד געגומען שפּאַנען צו זיין היסטאָרישער מיסיע מיטן באַוואוסטזיין פון זיין ראָל אַלס דער „אַוואַנגאַרד פון דער רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג".

מיט 10 יאָר שפּעטער האָט אברהם מוטניק, אַ מיטגליד פון ערשטן צענ־טראַל־קאָמיטעט, געשילדערט די דעמאָלטיקע שטימונגען ביי די טוערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין זיינע זכרונות דערציילט ער, אַז אין זייערע רעדעס האָבן די דעלעגאַטן אויפן צוזאַמענפאָר אָנגעוויזן: „מיר וועלן בלי ספק אַריינטרעטן אין דער צוקונפטיקער רוסישער ס.ד. פאַרטיי. אָבער מיר דאַרפן אין איר אַריינטרעטן ניט אַלס צעברעקלטע, אָפּגעזונדער־טע גרופּן, נאָר אַלס אַ פאַראייניקטע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע. ניט בלויז צוליב דעם וואָס נאָר אַלס אַזעלכע וועט אונזער אָרגאַניזאַציע קענען מיט דערפאָלג דערפילן אירע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן צווישן דעם יידישן פּראָ־לעטאַריאַט, נאָר דער עיקר צוליב דעם וואָס די דאָזיקע אויפגאַבן זיינען פאַר די קרעפטן בלויז פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז היסטאָריש אויסגע־וואַקסן אין דעם פּראָצעס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער, וויסט זייערע באַדערפענישן, פּסיכאָלאָגיע, זייער לעבן און מצב. די דאָזיקע אַלע רעדעס האָבן זיך געדרייט אַרום איין צענטראַלן פּונקט — דאָס איז די יידישע רעכטלאָזיקייט, דער ספּעציעלער יאָך אונטער וועלכן עס קרעכצט דאָס יידישע פאָלק און פון וועלכן עס ליידט מער פון אַלעמען דער יידישער פּראָלעטאַריאַט. דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דאָזיקן יאָך דאַרף זיין דער צענטראַלער פּונקט פון אונזער רעוואָלוציאָ־נערער טעטיקייט" [7]).

מיט 25 יאָר שפּעטער, אַרויסברענגענדיק זיינע זכרונות וועגן דעם גרינ־דונג־צוזאַמענפאָר פון בונד, האָט דזשאַן מילל געשריבן: „מען שטעלט זיך אָפט די פראַגע, צי האָבן די אָנטיילנעמער פון ערשטן צוזאַמענפאָר פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַן אומגעהויערע גרויסע ראָל די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע וועט שפּילן, וואָס פאַר אַן איינפלוס אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַנדערע לענדער זי וועט שפּעטער האָבן. קיין נביאים זיינען מיר נישט געווען. געוויס נישט. אָבער די זאַכלעכקייט פון די פאַרהאַנדלונגען, די ערנסטע פנימער און די פרייד, די ענדלאָזע פרייד נאָכן צוזאַמענפאָר זיינען דאָך אינטערעסאַנטע סימנים. ווי מיר האָבן מורא געהאַט, אַז ער, דער בונד, זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערן, זאָל נישט ליידן פון די קלעפּ פון דער רוסישער רעגירונג! אַז זיינע יונגע בלעטלעך און בלומען זאָלן נישט פאַרוועלקט ווערן פון די קאַלטע און בייזע ווינטן... מיר האָבן אַזוי האָלט געהאַט דעם אָקאָרשט געבוירענעם 'בונד'. ער איז געווען אונזער האָפענונג, אונזער פרייד, אונזער טרייסט. מיר זיינען געווען אַזוי שטאָלץ מיט אים! לייענט אַלץ וואָס און ווי מיר האָבן געשריבן וועגן אים די ערשטע צייט. צאַרטע ווערטער, פול מיט ליבע. אַזוי רעדט אַ ליבנדע מוטער וועגן איר איין־און־איינציק קינד. מיר האָבן

נישט געזען קיין פעלערן אין אים, מיר האָבן נישט געוואָלט זען. אונזערע
קעגנער האָבן צוליב דעם געקוקט קרום אויף אונז; זיי פלעגן אונז אָפט
אויסלאַכן. אָבער דאָס ווייזט בלויז, אַז זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען אונזער
פסיכאָלאָגיע. ס'איז ווירקלעך געווען אַ נאַטירלעכער, אַ טרייער, אַן אמתער
אויסדרוק פון אונזערע געפילן" [8]).

די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער האָבן דערפילט און פאַרשטאַנען
די גרויסע באַדייטונג פון דער קליינער געהיימער פאַרזאַמלונג אין ווילנער
בוידעם־שטיבל. זייערע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען
זאַמל־פונקטן פון אידעאַליזם און מסירת־נפש, זיינען אָפיציעל אַריין אין
ניי־געשאַפענעם בונד. „די שטעט — דערציילט א. מוטניק — וואָס האָבן נישט
גענומען קיין אָנטייל אין צוזאַמענפאָר, האָבן איינע נאָך דער אַנדערער זיך
געווענדט צום צ.ק., אַז ער זאָל זיי פאַראייניקן מיטן בונד. אַלע יידישע אַר־
בעטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען פשוט געוואָרן חשובער אין די אייגענע אויגן,
ווען זיי האָבן זיך דערפילט ווי טיילן פון אַ יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי" [9]).

אין דער צייט, ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער בונד, איז אין האַמ־
בורג פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטי־
שער פּאַרטיי. דער בונד האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע מיט אַזאַ אינהאַלט:

„דער ניי־געשאַפענער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוס־
לאַנד און פוילן באַגריסט דעם צוזאַמענפאָר פון דער דייטשער סאָציאַל־דע־
מאָקראַטישער פּאַרטיי און ווינטשט די בעסטע דערפאָלגן אין זיינע אַרבעטן.
נידער מיט דער רוסישער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

אין שייכות מיט דער טעלעגראַמע איז אין „פאָרווערטס", דעם אָרגאַן
פון דער דייטשער ס.ד., געווען די נאָטיץ:

„שוין עטלעכע יאָר, ווי אונזערע יידישע חברים אַרבעטן מיט נישט־
אָפּגעשוואַכטער ענערגיע, נישט געקוקט אויף די שטאַרקע שטערונגען, ביים
שאַפן און אויסברייטערן געהיימע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין רוב שטעט
פון מערב־רוסלאַנד. ביז־איצט זיינען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס פון פאַר־
שידענע שטעט געווען צופעליק פאַרבונדן איינע מיט דער אַנדערער. איצט
אָבער, משמעות, ווי מ'קען דרינגען פון דער באַגריסונג־טעלעגראַמע פון
אונזערע יידישע חברים אין רוסלאַנד, האָבן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס שוין
זיך פאַרפעסטיקט אויף אַזוי פיל, אַז ס'איז געוואָרן מעגלעך צו פאַראייניקן
פיל פון זיי אין איין אַלגעמיינעם בונד. ס'זיינען פאַראַן עטלעכע סיבות פאַר־
וואָס ביים יידישן פראָלעטאַריאַט האָט זיך דער פּאָליטישער און קלאַסן־
זעלבסטבאַוואוסטזיין אויפגעוועקט פריער, ווי ביים רוסישן. צווישן די דאָזיקע
סיבות דאַרף מען אויך פאַרצייכנען די נאָענטקייט פון מערב־אייראָפּע. פון
דעם דרינגט אויך, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן פריער פון זייערע רוסישע
חברים געדאַרפט זיך פאַראייניקן אין אַן אַלגעמיינעם בונד, וואָס שפּרייט
אַריבער די גרענעצן פון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. אָבער די יידישע אַרבעטער,
ווי ס'איז געווען אָנגעוויזן אין באַריכט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־

טיע אויפן לאַנדאַנער סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, זיינען אין אַ געוויסן זין דער אַוואַנגאַרד פון אַלרוסישן פּראָלעטאַריאַט. דעריבער וועט דאָס אַלץ, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן אין דער איצטיקער צייט דערגרייכט, אויך אָן ספק דערגרייכט ווערן דורך די אַנדערע רוסלענדער אַרבעטער. מיט גרויס פרייד באַגריסן מיר דעם ניי־געשאַפענעם יידישן אַרבעטער־בונד. אין זיין אַנטשטייאונג זעען מיר דעם ערשטן טריט צום שאַפן אַ בונד פון אַלרוסישן פּראָלעטאַריאַט, אַן אַלרוסישע אַרבעטער־פּאַרטיי״.

די פּראָוויסזעאונג איז געווען אַ ריכטיקע.

דער ערשטער צענטראַל־קאָמיטעט איז צוגעטרעטן צו זיין אַרבעט. באַשרייבנדיק די אַרבעט פון בונד אין פּעריאָד 1897־1898, דערציילט וול. קאָסאָווסקי:

„דער צענטער האָט געהאַט אויף זיך געוואַלטיקע פּרינציפּיעלע און טאַק־טישע אויפגאַבעס: מען האָט געמוזט אויפקלערן די ספּעציעלע פאָדערונגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, דורכפירנדיק אַ שאַרפע פּרינציפּיעלע גרענעץ צווישן בונד און דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם אויף דער יידישער גאַס, און איינשטעלן אַ קלאָרע באַציאונג צו דער האַרבער פראַגע וועגן ׳בירגערלעכער׳ און ׳נאַציאָנאַלער׳ גלייכבאַרעכטיקונג. מען האָט געמוזט פאַרפירן אַ קאַמ־פּאַניע קעגן פּ.פּ.ס. און אַרויסרייסן פון אונטער איר השפּעה די יידישע אַר־בעטער, וועלכע זי האָט געפירט אין אירע ׳יידישע סעקציעס׳. דער קאַמף איז געווען ניט קיין לייכטער שוין דערפאַר אַליין, וואָס די פּ.פּ.ס. איז געפאַלן אויף אַ טייוולאָנישער המצאה צו באַשולדיקן דעם בונד אין פירן אַ רוסיפי־קאַטאָרישע פּאָליטיק צוגלייך מיט די צאַרישע סאַטראַפּן און די פּעדאַגאָגן אין די רוסישע שולן. ווייטער האָט מען געמוזט מער אַרויסרוקן דעם פּאָליטישן מאָמענט פון קאַמף, נישט אַרויסלאָזנדיק אין דער זעלבער צייט פון אויג די ריכטיקע שייכות צווישן פּאָליטיק און עקאָנאָמיק אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג און אויסמיידנדיק יעדע באַרירונג מיטן פּאָליטישן אַוואַנטוריזם״ [10].

איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אַרבעטן פון צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען אַרום דער גרינדונג פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וואָס זאָל אַרומנעמען די ס. ד. אָרגאַניזאַציעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

## 3. דער „בונד" און די אַנטשטייאונג פון דער ר.ס.ד.א.פּ. — די קאַטאַסטראָפע פון 26 יולי 1898

אין אַ צאָל שטעט און אינדוסטריעלע צענטרען פון רוסלאַנד זיינען געווען טעטיק סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אונטער פאַרשידענע נעמען, על פי רוב אונטערן נאָמען קאַמף־פאַרבאַנד פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך געפונען אין אַנהייב־סטאַדיע. די רוסישע אַרבעטערשאַפט האָט געשטעלט אירע ערשטע טריט אין קאַמף פאַר בעסערע לעבנס־ און אַרבעטס־באַדינגונגען. בלויז יחידים און קליינע גרופּעס אַרבעטער האָבן זיך געפונען אונטער סאָ־ציאַליסטישער השפּעה. פון צייט צו צייט זיינען אין איינצלנע ערטער אויס־געבראָכן גרעסערע און קלענערע שטרייקן פאַר העכערן דעם לוין, קירצן דעם אַרבעטסטאָג און ענלעכע פאָדערונגען. ס'האָט אָבער געפעלט אַ פאַר־איייניקטע פאַרטיי מיט אַ קלאָר פּראָגראַם, מיט אַ צענטראַלער אָנפירונג און פאַראייינהייטלעכטער טאַקטיק. דאָס שאַפן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי איז געוואָרן אַ לעבנס־נויטווענדיקייט.

דער געדאַנק וועגן שאַפן די פאַרטיי איז אויפגעקומען אין אייניקע אָר־טיקע אָרגאַניזאַציעס און צווישן די פּאָליטישע עמיגראַנטן אין אויסלאַנד. פאַרשטייער פון וויכטיקערע שטעט האָבן אַ פּאָר מאָל זיך באַראַטן וועגן דעם, ס'איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען. די שוואַכקייט פון די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, די פאַרפאָלגונגען און אַרעסטן, די שוועריקייטן ביים אָרגאַ־ניזירן אַ געהיימען צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד און די סכנה פון אַ דורכפאַל — האָבן גורם געווען, אַז די זאַך זאָל אָפּגעשלעפּט ווערן אַ פּאָר יאָר.

אין פאַרגלייך מיט די צעשטויבטע רוסישע אָרגאַניזאַציעס, איז די יידישע באַוועגונג געווען שטאַרקער, צענטראַליזירטער, דערפאַרענער, מיט אַ גאַנץ גוטן אַפּאַראַט און טעכניק. ניט בלויז אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד האָבן די רוסישע אָרגאַניזאַציעס באַקומען דורך דער ערב־בונדישער צענ־טראַלער גרופּע, אַפילו רוסישע שריפט פאַר דער קיעווער ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ [11]). אַרקאַדי קרעמערס בראָשור וועגן אַגיטאַציע איז אין אַ געשרי־בענער און אין אַ העקטאָגראַפישער פאָרם פאַרשפּרייט געוואָרן אין די רו־סישע אָרגאַניזאַציעס פון פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע ערטער. אַ ריי אָרטיקע רוסישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זייער טע־טיקייט געפירט אין הסכם מיט די אָנווייזונגען און כללים פון אַרקאַדיס בראָשור.

ווען דער גרויסער ראָל, וואָס קרעמערס בראָשור האָט אין די ערשטע יאָרן געשפּילט אין אויספאָרמירן דאָס פּנים פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע אָרגאַניזאַציעס, דערציילט איינער פון די פּיאָנערן — ל. גאָלדמאַן. די בראָשור ווענן אַגיטאַציע האָט, וואָס שייך דער אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַק־טיק, געהאַט די אומגעהויערסטע השפּעה „אויף אַלע רוסישע אָרגאַניזאַציעס. איך ווייס, אַז נאָך לאַנג פאַרן צוזאַמענפאָר פון בונד האָבן אַ ריי אָרגאַניזאַציעס אויפגענומען די בראָשור, ווי אַ נײַ פּראָגראַם, וואָס רוקט אַרויס אַ נייע טאַקטיק אין דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. און דער פאַקט, וואָס אין אַלע אָרגאַניזאַציעס איז געווען באַוואוסט די אָפּשטאַמונג פון דער בראָשור, אַז זי איז צוזאַמענגעשטעלט אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע — האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערן אויטאָריטעט און באַדייטונג דער ווילנער אָרגאַניזאַציע, דער־פאַר האָט מען זיך מיט איר אַזוי גערעכנט״ [12].

די יידישע פּיאָנערן־גרופּע האָט ניט גערוט און כּסדר געשטעלט די פראַגע וועגן שאַפן אַ גאַנצרוסלענדישע — גאַנציניקטע רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. זי האָט געוועקט, געגעבן איניציאַטיוו, זיך אַליין געשטעלט צו דינסט דער דאָזיקער אידייע. די פּיאָנערן־גרופּע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די פּעטערבורגער, מאָסקווער און קיעווער קאָמיטעטן. זי האָט געשיקט איסאַי אייזענשטאַט קיין קיעוו און אָדעס (1895־1896). אין 1895 איז געפאָרן צו אַ באַראַטונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער אין פּעטערבורג צמח קאָפּעל־זאָן. אויף די באַראַטונגען האָט מען באַהאַנדלט די פראַגן פון פאַרבינדן זיך, איינשטעלן אַ קאָנטאַקט צווישן די אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד און מיט אויסלאַנד, אַרויסגעבן אַ צייטונג, בראָשורן א.אַ.וו..

אַרקאַדי קרעמער דערציילט וועגן דעם: „די אידייע וועגן אַזאַ צוזאַ־מענפאָר איז אַרויסגעגאַנגען גלייכצייטיק פון ׳בונד׳ און פון קיעווער ׳פאַרבאַנד צום קאַמף פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס׳. די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן געפירט סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע נישט בלויז צווישן יידן, נאָר אויך צווישן פּאָליאַקן און ליטווינער. די שפּראַך איז געווען רוסיש. טימאָפיי (צמח קאָפּעלזאָן) און איך האָבן געפירט קרייזלעך פון רוסישע אָפּיצערן און פּוילישע אַרבעטער (שוסטער). מיר זיינען געווען פאַרבונדן מיט רוסישע שטעט, איבערהויפּט מיט פּעטערבורג. איז אונז איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוס־לאַנד פאַרבינדן אין איין פּאַרטיי, פּונקט ווי דער בונד האָט פאַרבונדן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער זעלביקער צייט איז די דאָזיקע אידייע געבוירן געוואָרן אויך אין קיעוו״ [13].

די באַמיאונגען זיינען סוף־כּל־סוף געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. ווען ס׳איז געגרינדעט געוואָרן דער בונד, האָט זיין צענטראַל־קאָמיטעט אָנ־געהויבן אַ גרויסע אַרבעט צו אָרגאַניזירן דעם צוזאַמענפאָר פון דער אַלגע־מיינער פּאַרטיי. אַרקאַדי קרעמער האָט אין פּעטערבורג און קיעוו אַרומגע־רעדט די זאַך מיט די דאָרטיקע טוער. דער צ.ק. פון בונד האָט אויף זיך גע־נומען די אָרגאַניזאַציאָנעלע צוגרייטונגען, וואָס ס׳האָט בעיקר געטאָן אַרקאַדי.

איִם האָט צוגעהאָלפֿן די בונדישע פּיאָנערין זשעניע הורוויטש, וועלכע האָט געשאַפֿן די דירה. דער צוזאַמענפֿאָר איז גערופֿן געוואָרן טאַקע אין דער רעזידענץ פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד, אין מינסק. דער צוזאַמענפֿאָר האָט זיך געעפֿנט דעם ערשטן מערץ 1898 און געדויערט דריי טעג. (1־3 מערץ לויטן אַלטן, 13־15 לויטן נייעם סטיל). די זיצונגען זיינען פֿאָרגעקומען אין הויז פֿון רוסישן באַאַמטן פּיאָטר רומיאַנצעוו, 137 זאַכאַראַווער גאַס. בעת אין גרינדונגס־צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד האָבן זיך באַטייליקט 13 דעלעגאַטן, איז אינם רוסלענדער צוזאַמענפֿאָר געווען נאָך ווייניקער: סך־הכל 9 דעלע־גאַטן, צווישן זיי דריי פֿאָרשטייער פֿון בונד. די רוסישע דעלעגאַטן זיינען געווען: סטעפֿאַן ראַדטשענקא פֿון פּעטערבורג, באָריס איידעלמאַן און נאַטאַן וויגדאָרטשיק פֿון ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ (קיעוו), פּאַוועל טוטשאַפּסקי פֿון קיע־ווער אָרגאַניזאַציע, קאַזימיעזש פּעטרוסעוויטש פֿון יעקאַטערינאָסלאַוו, אַלעק־סאַנדער וואַנאַווסקי פֿון מאָסקווע. דעם בונד האָבן פֿאַרטרעטן: אַרקאַדי קרעמער, אברהם מוטניק און דער אַרבעטער שמואל קאַץ (שמואל דער שוואַר־צער). אויך אויף דעם צוזאַמענפֿאָר איז געווען ווייניק דיסקוסיעס און אַ סך זאַכלעכקייט. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי: ס. ראַדטשענקאָ, ב. איידעלמאַן און אַ. קרעמער. אָנגערופֿן געוואָרן איז די פּאַרטיי מיטן נאָמען רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי...

דעם בונד האָט דער צוזאַמענפֿאָר אָנערקענט ווי אַן אויטאָנאָמע אָרגאַני־זאַציע, וואָס איז זעלבשטענדיק אין יידישע פֿראַגן. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דעם גענויער און איבערגעבן וועגן די באַציאונגען, וואָס דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי האָט איינגעשטעלט מיטן בונד. וועגן דעם האָט איבערגעגעבן די אַרבייטער שטימע, וואָס האָט אָפּגעדרוקט אין נומ. 9־10, יולי 1898, אַ גרויסן אַרטיקל א. נ. אונזערע צילן און דאָ דער־ציילט וועגן אָט די באַציאונגען (אַלע עקזעמפּלאַרן פֿון אָט דעם טאָפּלט־נומער זיינען פֿאַרכאַפּט געוואָרן אין דער אונטערערדישער דרוק־קעריי אין באָברויסק בעת די אַרעסטן פֿון זומער 1898. דער אַרטיקל איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין נומ. 11 אַרבייטער שטימע). אין אים ווערט געזאָגט:

„ווי די ׳פּאַרטיי׳ פֿאַרהאַלט זיך צו די אָרגאַניזאַציעס פֿון אַ גאַנצער נאַציע זעט מען דייטלעך אין ׳מאַניפֿעסט׳, וואו עס רעדט זיך וועגן די באַ־דינגונגען, אויף וועלכע דער ׳יידישער אַרבעטער בונד׳ טרעט אַריין אין דער ׳פּאַרטיי׳: ׳דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילן׳ גייט אַריין אין דער ׳פּאַרטיי׳ ווי אַן אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז זעלבשטענדיק נאָר אין אַזוינע פֿראַגן, וועלכע זיינען נוגע דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָדער אַנדערש אויסגעדריקט שטייט דאָרטן אָט וואָס: די לאַגע פֿון די יידן אין רוסלאַנד, די פּאָליטיק פֿון דער צאַרישער רעגירונג קעגן זיי און אַנדערע באַזונדערהייטן (ווי צ.ב. די באַזונדערע שפּראַך) האָבן באַשאַפֿן ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט ספּעציעלע אינטערעסן, וועלכע פֿאָדערן מען זאָל זיי פֿאַרטיידיקן. צו פֿאַרטיידיקן אָט די באַזונדערע יידישע אינטערעסן קען

אויף זיך נעמען נאָר אַ באַזונדערע יידישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פול־שטענדיק פריי צו פירן זיי ווי זי פאַרשטייט און די 'פּאַרטיי' מישט זיך ניט אין דער טעטיקייט פון דעם דאָזיקן 'בונד'. די אינטערעסן, וואָס זיינען אָבער בוגע דעם גאַנצן רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט אָן אונטערשיד פון רעליגיע און נאַציע, איז דער 'יידישער בונד', ווי אַ גליד (טייל) פון דער 'פּאַרטיי', מחויב צו פאָלגן דעם 'צענטראַלן קאָמיטעט'. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער 'יידישער בונד' האָט ניט קיין באַזונדערע פּריווילעגיעס (זכיות) אין דער 'פּאַרטיי'. די 'פּאַרטיי' פאַרהאַלט זיך צו דעם 'יידישן אַרבעטער בונד', ווי זי פאַרהאַלט זיך צו יעדער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרטיידיקט די ספּעציעלע אינטערעסן פון די אַרבעטער פון אַ גאַנצער נאַציע. אָט די פּאָליטיק פון דער 'פּאַרטיי' איז קלוג און פּראַקטיש. די 'פּאַרטיי' וויל ניט, אַז אַלע 'בונדן' זאָלן ניט אַנדערש, ווי פירן זיך נאָך איין שנירל".

הגם די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אַפילו די ברייטערע קרייזן אירע האָבן גוט געוואוסט, אַז די ניי־פּראָקלאַמירטע רוס־לענדער פּאַרטיי איז מער אַ זאַך פון דער צוקונפט, אַז דערווייל שטעלט זי פּאָר נאָר קליינע באַשיידענע גרופּעס, וואָס האָבן נאָך דערצו געפירט צווישן זיך טעאָרעטישע מחלוקתן, — פונדעסטוועגן איז די באַפרידיקונג געווען זייער גרויס. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך מער ניט געפילט איינזאַם, איזאָלירט. די אַרבייטער שטימע האָט די דאָזיקע באַציאונג געבראַכט צום אויסדרוק אין די ווייטערדיקע ווערטער פון זעלבן אַרטיקל:

„מיר באַגריסן מיט פרייד די גרינדונג פון דער 'פּאַרטיי' און מיר האָפן, אַז זי וועט ברענגען איינקייט און פּלאַנמעסיקייט אין דער טעטיקייט פון דעם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט אין זיין עקאָנאָמישן קאַמף, אַז זי וועט אָנ־ווענדן אַלע מיטלען צו וועקן זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין, כדי צו דערפירן זיין הויפּט־אויפגאַבע — אַראָפּצוּוואַרפן דעם יאָך פון דער רוסישער זעלבסט־הערשונג און צו דערשלאָגן זיך פּאָליטישע פרייהייט".

צום באַדויערן, איז די גרינדונג פון דער 'פּאַרטיי' ניט געווען מזלדיק. די רוסישע דעלעגאַטן זיינען ניט געווען גענוג דערפאַרן און אָפּגעהיט אין הלכות קאָנספּיראַציע, דער מאָסקווער און די קיעווער דעלעגאַטן האָבן פאַר־שלעפּט נאָך זיך קיין מינסק אַ נעץ פון שפּיאָנען. ווען דער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די דעלעגאַטן. שוין אין דער נאַכט פון 11־טן אויפן 12־טן מערץ (לויטן אַלטן סטיל) זיינען עטלעכע אָנטיילנעמער פון צוזאַמענפאָר אַרעסטירט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט, און צוזאַמען מיט דעם זיינען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן אין אַ צאָל שטעט. סך־הכל האָט מען אַרעסטירט ביז 500 פּערזאָן, בלויז אין קיעוו האָט דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע גענעראַל נאָוויצקי געלאָזט אַרעס־טירן 176 מענטשן. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען דער מיטגליד פון צ.ק. — ב. איידעלמאַן. אין מאָסקווע האָט מען אַרעסטירט עטלעכע און פופציק, צווישן זיי אויך דעם דעלעגאַט. דער מיטגליד פון צ.ק. ראַדטשענקא האָט זיך באַ־האַלטן. דער פאַקטישער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רוסלענדער ס.ד. אַרבע־

טער־פּאַרטיי איז במשך עטלעכע חדשים באַשטאַנען בלויז פון אַרקאַדי קרעמער. אַ פּאַרטיי־אַפּאַראַט האָט מען נאָך גאָרנישט באַוויזן צו שאַפן. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, אַז די ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ זאָל ווערן דער צענטראַל־אָרגאַן, אָבער די געהיימע דרוקעריי מיטן אויסגעזעצטן נומער 3 איז דעם 11־טן מערץ פאַרכאַפּט געוואָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו. דער צ.ק. פון בונד האָט איבערגענומען אויף זיך די צענטראַלע פונקציעס פון דער פּאַרטיי. דער מאַ־ניפעסט פון דער פּאַרטיי, אָנגעשריבן דורך פּיאָטר סטרוּווע פון פּעטערבורגער אָרגאַניזאַציע, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דורכן בונד אין זיין געהיימער דרוקע־ריי אין באָברויסק אויף רוסיש און אויף יידיש. דער בונד האָט אויך אָפּגע־דרוקט פאַרשידענע מאַי־פּראָקלאַמאַציעס פון די אָרטיקע ס. ד. קאָמיטעטן און זיי צוגעשטעלט אין די רוסישע שטעט. נאָך די אַרעסטן צווישן די רוסישע טוערס און דעלעגאַטן פון ערשטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר זיינען פאָרגעקומען פיל אַרעסטן אויך אין בונד.

געווען איז דאָס די אַרבעט פונם פירער פון דער מאָסקווער „אָכראַנע" (זיכערהייט־פּאָליציי) ס. זובאַטאָוו. ווי זובאַטאָוו האָט אַליין דערקלערט, איז די גרויסע נאָכשפּיאָנירונג נאָכן בונד געקומען אין שייכות מיטן מינסקער צו־זאַמענפאָר און דער גרינדונג פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. 3־4 חדשים האָט דער בונד פּאָקטיש געאַרבעט אונטער דער אומאויפהערלעכער אָבסערוואַציע פון זו־באַטאָווס אַגענטן. די בונדישע טוערס האָבן באַמערקט דעם שפּיאָנאַזש נאָך זיי און געפּרואווט ראַטעווען זיך אַליין און דער עיקר די באָברויסקער דרוקעריי. אַ טייל פון דער דרוקעריי האָט מען שוין געהאַט אַריבערגעפירט קיין גראָדנע, אַ טייל פון שריפט און מכשירים איז געווען איינגעפּאַקט און גרייט צום אַרי־בערשיקן קיין גראָדנע. אָבער די אַלע פאָרזיכט־מיטלען האָבן ניט געהאָלפן. דעם 26 יולי האָט די אָכראַנע אַרעסטירט אין פאַרשידענע שטעט אַרום 70 בונדיסטן: אין מינסק, וואַרשע, לאָדזש, באָברויסק, ווילנע, באַראַנאָוויטש, גראָדנע. אַרקאַדי קרעמער איז אַרעסטירט געוואָרן אין בריאַנסק אויפן וואָק־זאַל. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען אַלע דריי מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט. אין באָברויסק איז פאַרנומען געוואָרן די בונדישע דרוקעריי מיטן אָקאָרשט אָפּגעדרוקטן נומער 9־10 פון דער אַרבייטער שטימע. אויך אין מינסק איז געווען אַ געהיימע בונדישע דרוקעריי און בעת מען האָט זי פאַר־כאַפּט, האָט מען דאָרט געפונען אָפּגעדרוקטע פּראָקלאַמאַציעס פאַר דער פּעטערבורגער אָרגאַניזאַציע.

זובאַטאָוו האָט זיך זייער שנעל אָריענטירט אין אָפּשאַצן די באַדייטונג פון בונד. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז עס וואַקסט אַ נייע רעוואָלוציאָנערע קראַפט אויף דער יידישער גאַס. ער האָט באַוואונדערט די אַקטיוויקייט און אינטעג־סיווקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פון איר ניי־געשאַפענער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, דעם בונד. ער האָט געוואוסט וועגן דער ווירקונג פון די בונדישע טוערס צווישן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ער האָט געוואוסט וועגן דעם, ווי אַזוי דער בונדישער אַפּאַראַט באַדינט די אַלגע־מיינע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד. ער האָט דעריבער אָנגעווענדט

אַ סך כוחות צו „ליקווידירן" דעם בונד. זובאַטאָוו האָט אַוועקגעשטעלט זיין אייגענע, אומאָפּהענגיקע פון דער אָרטיקער מאַכט, שפּיאָנאַזש־אַרבעט אין ראַיאָן פון בונד. און דער 26 יולי 1898 איז געקומען, ווי דער הויכפּונקט פון דער גאַנצער אויסשפּיר־טעטיקייט.

אַ מבול שפּיאָנען האָט זובאַטאָוו אַראָפּגעלאָזט אויפן ראַיאָן פון בונד. זייערע באַאָבאַכטונגען און אינפאָרמאַציעס זיינען געגאַנגען דירעקט צו זו־באַטאָוון קיין מאָסקווע. זובאַטאָווס אַגענטן האָבן געאַרבעט אין מינסק, באָב־רויסק, סוועגציאַן, באַראַנאָוויטש, לאָדזש, וואַרשע, ביאַליסטאָק, דווינסק, קאָוונע, ווילנע, קיעוו, אָדעס, גראָדנע. די טוערס פון בונד האָבן שוין אין מערץ 1898 דערזען די סימנים פון דעם שפּיאָנאַזש. דער צ.ק. האָט אַרויסגע־לאָזט אַ ספּעציעל בלעטל אונטערן נאָמען „וואָרנונג", וואו ער האָט דערציילט וועגן גרויסן שפּיאָנאַזש אין די בונדישע שטעט. דער צ.ק. רעקאָמענדירט אין דעם אויפרוף, אַז די אָרגאַניזאַציעס און די מיטגלידער זייערע זאָלן פאַרשטאַרקן די קאָנספּיראַציע־מיטלען. אינם בלעטל זיינען אָנגעגעבן געוואָרן פאַרשידענע פּרטים וועגן דעם אויפפּיר פון זובאַטאָווס אַגענטן, די נעמען פון די האָטעלן וואו זיי שטייען איין. אָבער דאָס אַלץ האָט קיין פּעולה נישט געהאַט, די קאַטאַסטראָפע איז געווען אומפאַרמיידלעך.

זובאַטאָווס שפּיאָנען האָבן געהאַט אויסשפּיאָנירט אייניקע בונדישע טוערס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן טראַנספּאָרט פון ליטעראַטור. זיי האָבן אויך אויסגעפונען, אַז הירש סאָראָקאָ האָט פון האָמעל געבראַכט 4 פּוד פּאַפּיר. אַזוי אַרום זיינען זיי געפאַלן אויף די שפּורן פון דער אומלעגאַלער דרוקעריי. אין סך־הכל האָבן זיך ביי זובאַטאָוון אָנגעקליבן ידיעות וועגן אַ גרויסער צאָל פּערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער פולער זיכערקייט, אַז ער איז איצט בכוח צו ליקווידירן דעם בונד מיט איין קלאַפּ, האָט ער דורכגעפירט די גרויסע אַרעסטן אין דער נאַכט פון 25־26 יולי.

„אין חודש מאַי — דערציילט וו. קאָסאָווסקי — האָט זובאַטאָוון מיט אַ מאָל אָפּגעגליקט. עס איז אָנגעקומען נייע שריפט פאַר דער אַרבייטער שטימע, וואָס איז באַשטעלט געוואָרן אין דייטשלאַנד. די שריפט איז אַריבער־געשוואַרצט געוואָרן קיין סואוואַלק, און פון דאָרט האָבן אים עטלעכע חברים (בתוכם אברהם דער בערשטער) געבראַכט אויף זיך קיין מינסק מיט גרויס מאַטערניש און אָפּקלערעניש און מיט נאָך גרעסערער פרייד. מיר האָבן זיך געזעגן מיט די סואוואַלקער מיט דער גרעסטער געוואָרנטקייט, ערגעץ־וואו הינטער דער שטאָט, דוכט זיך עפּעס אין אַ וועלדל אָדער אין אַן ענלעכן אָרט"... „די שריפט האָט מען דערווייל באַהאַלטן. אָבער נאָך איר האָט מען געמוזט קומען פון באָברויסק גופא. קיין אַנדער מיטל זי אַהין צוצושטעלן איז ניט געווען. פון באָברויסקער דרוק זיינען געקומען קיין מינסק עטלעכע חברים"... קרעמער און קאָסאָווסקי האָבן געבראַכט צו זיי „די פליטקעס שריפט. זובאַטאָווס אַגענטן וואָלטן געוועזן די גרעסטע טיפּשים, אויב זיי וואָלטן דאָס נישט באַמערקט. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די באָברויסקער זיינען

## אין די ערשטע קאַמף־יאָרן



מאַרק ליבער



בייניש מיכאַלעוויטש



הירש לעקערט



אַבראַם דער טאַטע
(לייב בלעכמאַן)

# טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם



קאַרל מאַרקס



קאַרל קאַוטסקי



געאָרגי פלעכאַנאָוו



ל. מאַרטאָוו

נאָכגעפּאָרן שפּיקעס און אַזוי אַרום געפֿאַלן אויף דער שפּור פֿון דרוק"[14]).

אין זיין געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ברענגט נ. א. בוכבינדער אַ פֿולע רשימה פֿון 67 אַרעסטירטע און באַשולדיקטע פּערזאָנען (זז. 6־85). ער ציטירט פֿון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, וואָס מ'האָט געפֿונען אין צאַרישן פּאָליציי־דעפּאַרטמענט: בשעת די רעוויזיעס האָט מען אין מינסק ביי יואל דוד שערמאַן געפֿונען אַ דרוקעריי מיט יידישן שריפֿט, אַ טאָפּלטן קאָמפּלעט מכשירים און אַן אויסגעזעצטע פּראָקלאַמאַציע. ביי די אַנדערע אַרעסטירטע אין מינסק האָט מען געפֿונען אומלעגאַלע ליטעראַטור, מאַנוס־קריפּטן, אַדרעסן, שיפֿרירטע צעטלעך, אַ גרויסע צאָל פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי ביי שערמאַנען. אין איינעם פֿון די באַריכטן צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט ווערט געגעבן אַ גענויע באַשריי־בונג פֿון דער בונדישער דרוקעריי אין באָברויסק:

ישראל מיכל קאָפּלינסקי און מערע קריגעל האָבן „פֿאַרנומען אַ דירה פֿון דריי צימערן מיט אַ קיך. דער ערשטער צימער האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער, ווי מען וואָלט דאָרט געוואוינט און קיין שום זייטיקע זאַכן זיינען דאָרט ניט געווען. אין דעם צווייטן צימער איז געשטאַנען אַ לענגלעכער טיש, די דעק פֿון דעם טיש האָט זיך געקענט פֿאַנאַנדערדרוקן אין דער לענג פֿון טיש; אונ־טער דער דעק איז געווען אַ קעסטל אין דער לענג פֿונם גאַנצן טיש, צוויי ווערשקעס די טיף. אין אָט דער פּאַרטיפֿונג האָט זיך געפֿונען דער דרוק־אַפּאַראַט מיט אַלע מכשירים צום דרוקן. דאָ האָט זיך אויך געפֿונען אַ הילצער־נער שנייד־וווערקשטאַט, צוואָרפֿענע בויגנס פֿון אָפּגעדרוקטע פּאַפּיר, ריין דרוק־פּאַפּיר און פֿאַרשידענע פּאַפּיר־אָפּשניטן. דער דאָזיקער צימער איז, הפּנים, געווען דער וווערקשטאַט. אין דעם דריטן צימער זיינען ביי די ווענט געלעגן פּעקלעך פֿון אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן פֿון דעם נומ. 9 פֿון דער אומלעגאַלער יידישער צייטונג 'אַרבייטער שטימע' מיט דער דאַטע פֿון 10־טן יולי 1898. בסך־הכל זיינען דאָרט געפֿונען געוואָרן בערך 600 עקזעמפּלאַרן. יעדער זשורנאַל האָט געהאַט 24 זייטן. דאָ זיינען אויך אויף דער פּאָדלאָגע געלעגן עטלעכע פּעקלעך שריפֿט, איינגעוויקלט אין פּאַפּיר, און אויסגעזעצטע עמודים. ביי איין וואַנט איז געשטאַנען אַ גרויסער פֿירקאַנטיקער קאָמאָד (אין אַרשין 6 ווערשקעס די ברייט און אַנדערטהאַלבן אַרשין די לענג און די הייך), אין די אונטערשטע צוויי שופֿלאָדן איז געלעגן מעגער־ און פּרויען־וועש און אין דעם אייבערשטן — לעגאַלע און אומלעגאַלע אויסגאַבן און קאָלירטע פּאַפּיר אויף הילעס. די דעק פֿון דעם קאָמאָד איז געווען איינגעג־אָרדנט פּונקט אַזוי, ווי די דעק פֿון דעם לענגלעכן טיש, און האָט זיך פֿאַנאַנ־דערגערוקט, אונטער דער דאָזיקער דעק האָבן זיך געפֿונען אַכט קאַסעס מיט יידישער שריפֿט, אַ קאַסע מיט אַראַבישע ציפֿער, 5 גראַס צייכנס, בערך 2 פּוד שפּאַנעס, שפּייצן וכדומה, דריי ווערסטאַטקעס און צוויי שפּיגלען, איינער פֿאַר דער ראַם און דער צווייטער אויף פֿאַרב"[15]).

די איינאָרדענונג פֿון דער דרוקעריי און אַלע אירע קאָנספּיראַטיווע איינפֿאַלן — דאָס איז געווען דער אויפֿטו פֿון ישראל מיכל קאָפּלינסקי. לויט

דעם מוסטער זײַנען שפּעטער אײַנגעאָרדנט געוואָרן די בונדישע געהײמע דרוקערײַען אין ווילנע, וואַרשע און אַנדערע שטעט. די טעטיקייט פון די דאָזיקע דרוקערײַען איז געווען אַ גרויסע עפּאָפּייע פון רעוואָלוציאָנערער מסירת־נפש, עקשנות און פּסיכישער אויסהאַלטעוודיקייט. אָט די אונטערערדישע פּאַרקאָנספּירירטע אַרבעטער האָבן געהערט צו די געטרײַסטע זעלנער פון דער רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, צו די געטרײַסטע זין און טעכטער פון בונד.

„אין דער אומלעגאַלער דרוקערײַ אין באָברויסק — דערציילט שלום לעווין — זײַנען אַרעסטירט געוואָרן: ישראל מיכל מיט זײַן פרוי מערל און גרישע סאָראָקאַ מיט זײַן פרוי מערל (סירקין). דער אײנציקער וואָס איז ניט אַרעסטירט געוואָרן איז געווען מאַרק ווילטער"... „שפרה ווילטער איז אַרעסטירט געוואָרן אין גראָדנע, וואוהין מ'האָט געוואָלט אַריבערפירן די באָברויסקער דרוקערײַ" [16].

אַלע וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן בעת זובאַטאָווס געיעג אויף בונדישע טוער, האָט מען געבראַכט קיין מאָסקווע. מ'האָט זיי אַרײַנגעזעצט אין אײנצלנע קאַמערן. אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון זובאַטאָוון האָט מען זיי אָנגעהויבן פאָרשן און פאַרהערן.

זובאַטאָוו האָט טריאומפירט: אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט דערגרייכט די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון בונד.

„די שמחה ביי די צאַרישע אָכראַניקעס — דערציילט וו. קאָסאָווסקי — איז געווען גרויס. דעם צאַר ניקאָלאַי איז תיכף צוגעשטעלט געוואָרן אַ געניער ראַפּאָרט וועגן דער 'ליקווידאַציע' פון בונד. צווישן די הויכע שררות, וועלכע זײַנען אין מאָסקווע געקומען אויפן וואָקזאַל צום צוג, וואָס האָט געבראַכט די פירער פון בונד, איז געווען אויך דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון מאָסקווע. די לייט האָבן געוואָלט אַ קוק טאָן, ווי אַזוי עס זעען אויס די 'רעדלפירערס' פון דעם סודותדיקן בונד, וואָס עקזיסטירט נאָך אַפילו ניט קיין יאָר און ס'גייען שוין וועגן אים אַרום לעגענדעס. אין דער מאָסקווער מיטישטשענסקער ('גובערניאַלער') טורמע איז אַראָפּגעקומען דער יוסטיץ־מיניסטער מוראַוויאָוו זען מיט די אײגענע אויגן די אַרעסטירטע 'פּאָ דיעלו בונדאַ'. זיי האָבן זיך אָבער אומזיסט געפרייט" [17].

ביי די פאַרהערן פון די אַרעסטירטע האָט זובאַטאָוו געפּרואווט „כאַפּן נשמות" צווישן זיי. ער האָט מיט זיי געפירט לאַנגע „פאָטערלעכע" שמועסן וועגן דעם אומזין פון אַן אומלעגאַלער באַוועגונג, וועגן דער שעדלעכקייט פון „פּאָליטיק" פאַר די אַרבעטער א.אַ.וו.. זובאַטאָוו, וואָס האָט אַליין אָנגעהויבן זײַן קאַריערע מיט אַרויסגעבן אַ רעוואָלוציאָנערן קרייז, צו וועלכן ער האָט יונגערהייט געהערט, האָט געגלויבט, אַז אים וועט זיך אײַנגעבן צו געווינען צווישן די אַרעסטירטע אַזעלכע שוואַכע כאַראַקטערן, וועלכע וועלן זיך לאָזן אויפן וועג פון פאַראַט און פּראָוואָקאַציע. דער פאַקט איז אָבער, אַז בעת

דער גאַנצער אויספאָרשונג איז ניט געשען קיין איין וויכטיקער נייער אַרעסט, ד.ה. אַז קיינער פון די אַרעסטירטע האָט קיינעם ניט פאַראַטן. די אויספאָרשונג האָט זיך געצויגן זייער פאַמעלעך — מיט דער כוונה אויסצומאַטערן די אַרעסטירטע, צווינגען זיי צו געבן דערקלערונגען און אָנרופן נעמען. דער איינציקער, וואָס איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין די לאַפּעס פון זובאַטאָוון, איז געווען ישראל מיכל קאַפּלינסקי, וועלכער איז געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר. דעם 11־טן אַפּריל 1901 איז דער גאַנצער אַרעסטירטע בונדיסטן דערליידיקט געוואָרן אין אַזאַ פאָרם: צום פאַרשיקן אין מזרח־סיביר אויף דריי־פיר יאָר זיינען פאַרמשפּט געוואָרן 4 פּערזאָן, צווישן זיי באָריס באַנע־וואור; אונטער פּאָליציי־אויפזיכט אין שטעט, וואָס די באַשולדיקטע וועלן זיך אַליין אויסקלייבן צום וואוינען, זיינען פאַרשיקט געוואָרן: קאַפּלינסקי אויף 4 יאָר; 9 פּערזאָן אויף 3 יאָר, צווישן זיי אברהם מוטניק, יואל דוד שערמאַן, יצחק מרדכי פּסחזאָן, גרישע און מערע סאַראָקאַ; אויף 2 יאָר — 9 פּערזאָן; אויף 1 יאָר — 4 פּערזאָן. בנוגע אַ היפּשער צאָל פון די אַרעסטירטע איז דער גאַנצער פּראָצעס אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דעם 8 אַפּריל 1900 איז אַרקאַדי קרעמער צוזאַמען מיט קאָסאָווסקין אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי ביזן אורטייל. זיי זיינען געקומען קיין ווילנע, וואו זיי זיינען געווען אונטער פּאָליציי־השגחה. אין עטלעכע חדשים אַרום האָט זובאַטאָוו דעפּעשירט אַרקאַדין, ער זאָל קומען צו אים קיין מאָסקווע זיך אַדורכשמועסן וועגן אַ געוויסן ענין. קרעמער האָט אויף זובאַטאָווס איינלאַדונג זיך ניט אָפּגערופן. צוזאַמען מיט קאָסאָווסקין איז ער דעם 6 אויגוסט 1900 אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. קיין אויסלאַנד זיינען אויך אַנטלאָפן עטלעכע אַנדערע טוער.

די צאַרישע רעגירונג האָט פאַרבונדן גרויסע האָפענונגען מיט די אַרעסטן פון זומער 1898. זי האָט זיך איינגערעדט אַז מיט דעם וועט זי ליק־ווידירן דעם בונד.

„די ליקווידאַציע פון 26 יולי — באַרימען זיך די באַריכטן פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט — האָט מיט זיך אַוועקגעטראָגן אַלץ, וואָס איז נאָר געווען פעאיק, ענערגיש און שטאַרק. ס'איז געוואָרן (אין בונד) טויט־שטיל. די פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט אַלע אָנהענגער פון דער באַוועגונג און צונישט געמאַכט די מינדסטע איניציאַטיוו"... „דעם 'בונד' איז אין יולי 1898 געגעבן געוואָרן אַ זייער געלונגענער און געוואַלטיקער קלאַפּ. די שעפער פון דער באַוועגונג, איר נשמה, אירע באַגייסטערער זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. די באַוועגונג איז אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק און איז אָפּגעשטאָרבן".

אָבער די פרייד פון זובאַטאָוון איז געווען אומזיסט... ער האָט ניט פאַר־שטאַנען, אַז די אַלע אַרעסטן האָבן אָנגערירט נאָר די שפּיצן פון דער באַוועגונג. די הויפּט־מאַסע פון די רעוואָלוציאָנערע טוערס איז געבליבן גאַנץ.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז שוין געווען צופיל פאַרוואָרצלט און גע־
האַט אַזוי פיל געטרייע אָנהענגער צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט און
אינטעליגענץ, אַז זובאַטאָווס אַרעסטן זיינען ניט געווען ביכולת זי צו פאַר־
ניכטן, אומברענגען אין גאַנצן. גאָר אין גיכן איז די גאַנצע בונדישע באַוועג־
גונג געקומען צו זיך און די צאָל קעמפער־יחידים און אָרגאַניזאַציעס איז
כסדר געוואַקסן.

## 4. דער צווייטער צוזאַמענפאַר פון „בונד"

ווילנע האָט ווייניקער געליטן פון זובאַטאָווס אָנפאַל. בעת אין מינסק זיינען אַרעסטירט געוואָרן 17 מאַן, אין וואַרשע און לאָדזש — צו 10 מאַן, האָט מען אין ווילנע פאַרנומען בלויז 7 מענטשן. געווען אויך אַ פּאָר שטעט, וואָס האָבן אין גאַנצן ניט געליטן, צווישן זיי קאָוונע. און דאָס איז געווען אַ גליק פאַר דער באַוועגונג. די ווילנער טוערס האָבן פּערזענלעך געקענט די טוערס פון די באַזונדערע שטעט און זיי האָבן באַלד נאָך דער אַרעסטן־כוואַליע איינגעשטעלט די פאַרבינדונגען מיט זיי. ס'זיינען אויך איינגע־שטעלט געוואָרן נייע פאַרבינדונגען פאַרן טראַנספּאָרט. און דער עיקר: דער ווילנער קאָמיטעט האָט זומער 1898 אָרגאַניזירט אַן אייגענע דרוקעריי. דער ווילנער קאָמיטעט האָט געהאַט באַשלאָסן צו דרוקן אין זיין דרוקעריי זיין אייגענעם אָרגאַן דער קלאַססען־קאַמפּף. אָט די דרוקעריי, וואו ס'האָבן געאַרבעט שמואל קאַץ און מערעלע גינזבורג, האָט איצט שטאַרק אַרויסגע־האָלפן ביים צוריק איינשטעלן די צענטראַלע אַרבעט. אמת, זי איז נאָך ניט געווען פולשטענדיק איינגעאָרדנט, אָבער זי האָט געאַרבעט צופרידנ־שטעלנדיק.

דער גאַנצער צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען אַרעסטירט, די צענטראַלע דרוקעריי איז דורכגעפאַלן. דזשאַן מילל האָט באַוויזן אָפּצופאָרן קיין אויס־לאַנד. זאָל מען פּרואוון באַנייען דעם צענטראַל־אָרגאַן, די אַרבייטער שטימע, איז ניטאָ ווער עס זאָל שרייבן: דער איינציקער פון די פאַרבליבענע בונ־דישע טוערס „מיט אַ פּען אין האַנט" — איז געווען סענדער זעלדאָוו־ניע־מאַנסקי. ער און זיין פרוי טייבעטשקע זיינען פאַרבליבן אין ווילנע און ווייטער געשפּילט אַ ראָל אין דער באַוועגונג. געבליבן ניט־אַרעסטירט איז נאָך דוד קאַץ (טאַראַס), אַ מענטש מיט אומגעהויערער ענערגיע און אַ סך איניציאַטיוו. ער האָט גוט געקענט די גאַנצע באַוועגונג, איז געווען אויסגעבונדן מיט צענטליקער טוערס פון די ערטער. ניט אַרעסטירט געוואָרן זיינען אויך מאַריע זשאַלודסקי, צביה הורוויטש, אַלטער דער בערשטער און זיין פרוי ליזע, אברהם דער בערשטער (אברהם וואָלף אַלעקסאַנדריסקי), אורטשיק (גערצאָוו). אין קאָוונע איז אויך געווען לעאָן בערנשטיין, אָבער ער איז געווען „פּאַד נאַדזאָראָם", ד.ה. אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, געדאַרפט צו איר זיך מעלדן יעדע וואָך און ניט געטאָרט אַרויספאָרן פון קאָוונע אָן אַ דערלויבעניש פון דער זשאַנדאַרמעריע. ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין קאָוונע, וואו ער איז געוואָרן טעטיק אין דער אָרטיקער באַ־

וועגונג און גלייכצייטיק געווען אַ מיטגליד פון צענטראַלן קאָמיטעט פון בערשטער בונד. צוזאַמען מיט אברהם וואָלף אַלעקסאַנדריסקי האָט ער שפּע־טער געגרינדעט די אומלעגאַלע צייטונג פון די בערשטער, דער וועקער.

אויך אַנדערע בונדישע טוערס פון די ניט־געליטענע שטעט האָבן גע־טראַכט וועגן צוריק־אויפשטעלן דעם צענטראַלן פּאַרטיי־אַפּאַראַט פון בונד. ביניש מיכאַלעוויטש, וועלכער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין ביאַליסטאָק, דערציילט:

„מיר, פאַרבליבענע, האָבן זיך אָבער גענומען ענערגיש צוריק צונויפ־שטעלן די צעפאַלענע פאַרבינדונגען צווישן די שטעט, האָבן באַשלאָסן צו־נויפצורופן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי און צוריק איינשטעלן די צענטראַלע אַרבעט" [18]). קיין שום ספק, אַז די הויפטראָל האָבן דערביי געשפּילט דוד קאַץ (טאַראַס) און לעאָן בערנשטיין, וועלכע האָבן אויסגע־אַרבעט די קאָנקרעטע פּלענער וועגן צונויפרופן וואָס שנעלער דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון בונד און לאָזן וויסן דער עפנטלעכקייט, אַז דער בונד לעבט ווייטער און איז טעטיק! נאָכן באַטראַכטן אַלע מעגלעכקייטן האָבן זיי באַ־שלאָסן צו מאַכן דעם צוזאַמענפאָר אין קאָוונע, און טאַקע אין דער וואוינונג פון לעאָן בערנשטיין. ס'האָט אויסגעזען אוואַנטוריסטיש און ריזיקאַליש צו מאַכן אַן אומלעגאַלן צוזאַמענפאָר אין דער וואוינונג פון אַ „פּאָדנאַד־זאָרנעם", אָבער קיין בעסערע ברירה האָבן זיי ניט געהאַט.

„מען האָט ניט געקענט צוטראַכטן קיין מער באַקוועמען מענטשן — שרייבט ל. בערנשטיין וועגן טאַראַסן, — פאַר דער ראָל פון אַ פאַרבינדונגס־אַגענט, פאַר כסדרדיקן אַרומפאָרן און פאַר האָבן באַציאונגען מיט אַ סך מענטשן. מעגלעך, אַז די דאָזיקע ראָל איז דודן ניט אַזוי איבערגעגעבן גע־וואָרן, ווי זי איז אַריינגעפאַלן צו אים פון זיך אַליין, אַזוי ווי זי וואָלט אים געקומען לויט זיין כאַראַקטער און זיינע פעאיקייטן. נאָך מער, ער האָט פיזיש געקענט אַ סך פאַרטראָגן, איז געווען פלינק אויף צו געבן אַן ענטפער, אַן אַרגומענט און האָט זיך געקענט אַרויספּלאָנטערן פון אַן אומאָנגענעמער לאַגע. דער גוטער זכרון האָט אים געדינט, אַז ער זאָל נישט אַלץ דאַרפן פאַרשרייבן און אַנדערע זאַכן בכלל נישט פאַרשרייבן, און דאָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסע באַקוועמלעכקייט אין די קאָנספּיראַטיווע באַציאונגען. וואָס אַן אמת, ער איז געווען איינער פון די דרייצן אַנטיילנעמער פון צו־זאַמענפאָר, וואָס האָבן געגרינדעט דעם 'בונד'." [19]).

טאַראַס האָט זיך פאַרשטענדיקט וועגן דעם פּלאַן צונויפצורופן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר — מיט ס. זעלדאָוו, מיט ליזען און מיט נאָך אַנדערע און מיט זייער אַלעמענס הסכם איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן די זאַך. און סוכות (אָקטאָבער) 1898 איז טאַקע דער צוזאַמענפאָר פאָרגעקומען אין קאָוונע, אין דער וואוינונג פון לעאָן בערנשטיין. ער האָט פאַרנומען אַ צימער אין דער דירה פון אַן אַלטער פּוילישער פרוי, וואָס איז געווען אַ זיכערע „אויסבאַהאַלטערין" און האָט פון גאַנצן האַרצן געהאַסט די רוסישע זשאַנ־דאַרמען. ס'איז געווען אַ קליין צימערל, וואָס אַ דריטל פון אים האָט פאַרנו־

מען דאָס בעט. ס׳האָט אָפּגעגליקט. דער צוזאַמענפֿאָר איז אַריבער בשלום, ווייל קאָוונע איז געווען ריין פֿון זובאַטאָווס געהיים־אַגענטן.

ווענן פֿערזענלעכן צוזאַמענשטעל פֿון די דעלעגאַטן אויפֿן צווייטן צו־זאַמענפֿאָר האָבן מיר ידיעות פֿון זיינע צוויי אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטייל־נעמער — דוד קאַץ [20] און לעאָן בערנשטיין. צווישןביידע רשימות זיינען פֿאַראַן אונטערשידן, אָבער די נעמען פֿון זיבן גיבן אָן ביידע. זיי זיינען: דוד קאַץ און סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי (ביידע פֿון ווילנע), צביה הורוויטש און מערע זשאַלודסקי (ביידע פֿון וואַרשע), לעאָן בערנשטיין און ליזע די שניידערקע (עפּשטיין), פּרוי פֿון אַלטער דעם בערשטער (ביידע פֿון קאָוונע), אברהם וואָלף אַלעקסאַנדריסקי־אַבראַם דער בערשטער (פֿון בערשטער־בונד). דוד קאַץ רעכנט נאָך אויס: אבראַם בערנאַדיק, אַן איינבינדער (פֿון ווילנע), כאַטשע מונוועז, אַ וועבער (פֿון ביאַליסטאָק), שיינע רייזל סעגאַל, אַ שניי־דערין (פֿון לאָדזש), און ס׳דוכט זיך אים, אַז פֿון מינסק איז געווען בענציע לעווין. סך־הכל 11 מענטשן און נאָך עטלעכע, וועמענס נעמען ער געדענקט נישט. ל. בערנשטיין, וואָס געדענקט סך־הכל 10 נעמען, דערמאָנט אויך טייבעטשקע זעלדאָוו, אַלטער דעם בערשטער און בייניש מיכאַלעוויטש.

דער ביבליאָגראַף מ. יעווזעראָוו גיט אָן אין זיינע דאַטן [21] אויך די נעמען יחיאל פֿעדער (ביאַליסטאָק), לעאָן גאָלדמאַן, פּאַטי קרעמער, שמואל קאַץ (דער שוואַרצער — פֿון דער דרוקעריי). לעאָן גאָלדמאַן איז זיכער נישט געווען, הגם צו די צוגרייטונגען האָט ער יאָ געהאַט אַ געוויסע שייכות. דער אָנטייל פֿון אַבראַם בערנאַדיק, כאַטשע מונוועז, בייניש מיכאַלעוויטש און שיינע רייזל סעגאַל ווערט אויך באַשטעטיקט דורך דזשאַן מילל [22]). וואָס שייך פּאַטי סרעדניצקי (קרעמער), איז אַ ספק צי זי איז טאַקע געווען אויפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר. ס׳גלייבט זיך נישט, אַז סיי דוד קאַץ, סיי לעאָן בערנשטיין זאָלן פֿאַרגעסן וועגן אָנטייל פֿון אַזאַ אָנגעזעענע טוערין. דאַקעגן דערמאָנט יאָ דוד קאַץ וועגן איר אָנטייל אין דריטן צוזאַמענפֿאָר און גיט אויך די סיבה — אַ סיבה, וואָס האָט געקענט זיין בלויז ביים דריטן צוזאַמענפֿאָר. צווישן די דעלעגאַטן פֿון דריטן צוזאַמענפֿאָר דערמאָנט נישט יעווזעראָוו פּאַטין. משמעות, אַז ער האָט זי על פּי טעות אַריינגעשטעלט אין דער רשימה פֿון צווייטן צוזאַמענפֿאָר (פֿון 1897 איז פּאַטי געווען פֿאַרשיקט אין טשאַוסי, מאָהילעווער גובערניע, פֿון וואַנען זי איז אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד אין 1902).

די דעלעגאַטן זיינען אין בערנשטיינס צימער געזעסן אַ גאַנצן טאָג. געשלאָפֿן זיינען זיי ביי די חברים פֿון דער אָרגאַניזאַציע. ס׳איז געווען ענג, ס׳האָבן אויסגעפֿעלט שטולן. אין אָוונט איז דאָס פּענצטער געווען פֿאַר־האָנגען. אין צימער איז געווען אָנגערויכערט, געגעסן האָט מען אויפֿן אָרט, אַלע האָבן געטרונקען וועגן אַ גלעזל טיי... „אָט, ווען ס׳איז דאָ אַ גלעזל טיי" — האָט אַן אומעטיקער געטרונקען ב. מיכאַלעוויטש. אַזוי איז אַריבער דער ערשטער טאָג. אויפֿן צווייטן טאָג האָט לעאָן בערנשטיין באַקומען אַ סך אַ באַקוועמערן לאָקאַל פֿאַר די זיצונגען. דאָס איז געווען אין אַ פּריוואַטער פֿרויען־שול, וואו די פֿאַרוואַלטערין איז געווען אַנאַ סעמיאָנאָוונאַ רוביג־

שטיין (שפּעטער איז איר פֿאַמיליע־נאָמען געווען מאַטיס). זי האָט דאָ געהאַט איר אייגענע דירה. צוליב די יידישע יום־טובים איז די שול געווען גע־שלאָסן. אַנאַ סעמיאָנאָוונאַ — אַ ראַדיקאַלע אינטעליגענטקע — האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז פֿאַר אַ צוזאַמענקום, אָבער זי האָט די דערלויבעניש געגעבן צו באַנוצן זיך מיטן לאָקאַל און דאָ אין שול איז דער צוזאַמענפֿאָר פֿאַרענדיקט געוואָרן. די גוטע באַלעבאָסטע האָט אַפּילו באַזאָרגט פֿאַר די דעלעגאַטן געבעקס און אַ קאָכיקן סאַמאָוואַר.

דער סדר־היום פֿון צוזאַמענפֿאָר איז געווען: באַריכטן פֿון צענטראַל־קאָמיטעט און פֿון די באַזונדערע שטעט, וועגן עקאָנאָמישן קאַמף און פּאָ־ליטישער אַגיטאַציע, וועגן אומלעגאַלער ליטעראַטור און וועגן בערשטער־בונד, וועגן העלפֿן פּאָליטישע אַרעסטירטע און פֿאַרשיקטע, די פֿאַרשאַרפֿטע באַציאונגען מיט פּ.פּ.ס., וועגן דער אַ.ג. רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (איר אָרגאַן ראַבאָטשעיע זנאַמיא), וואַלן פֿון אַ צענטראַל־קאָמיטעט, אינערלעך־קאָנספּיראַטיווע ענינים.

די אויסגעהערטע באַריכטן האָבן געגעבן אַ בילד פֿונם צושטאַנד פֿון דער באַוועגונג. כמעט אין אַלע גרויסע שטעט מיט אַ יידישער באַפֿעלקערונג עקזיסטירן בונדישע אָרגאַניזאַציעס, לעצטנס זיינען צוגעקומען נאָך אייניקע נייע אָרגאַניזאַציעס אין קלענערע פּונקטן. אין נומער 11 אַרבייטער שטימע, דעצעמבער 1898, איז אָפּגעדרוקט אַ גרויסער באַריכט א. נ. אונזער צווייטער צוזאַמענפֿאָר אין סעפּטעמבער 1898. דאָרט ווערט דערציילט: פֿון די באַ־ריכטן איז צו זען, אַז „אין אַלע שטעט האָט זיך מערקבאַר אויפֿגעהויבן דער פֿאַרשטאַנד און פּאָליטישער באַוואוסטזיין פֿון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע; דאָס קאָן מען זען דערפֿון, וואָס די צאָל פֿון די אַרבעטער וועלכע לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור, איז אויסגעוואַקסן ביז 2־3 מאָל ווי פֿאַראַ־יאָרן. די רעפּעראַטן אין אַלגעמיין האָבן געגעבן זייער פֿיל פֿאַקטן, וועלכע זיינען געווען זייער וויכטיק צום באַטראַכטן די ווייטערדיקע פֿראַגן”.

די ידיעות וועגן דעם, אַז די אָרגאַניזאַציעס זיינען פּאָליטיש אויסגע־וואַקסן, האָבן שטאַרק געמוטיקט, אָבער זיי האָבן אויך געשטעלט נייע שווערע פּראָבלעמען: דער דוחק אין אינטעליגענטן — פּראָפּאַגאַנדיסטן און לי־טעראַטן — איז געווען זייער גרויס. אומגעהויער שווער איז געווען דאָס פּראָבלעם וועגן סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור און וויסנשאַפֿט־לעך־מאַרקסיסטישע ווערק.

„פֿון די רעפּעראַטן — דערציילט ווייטער דער באַריכט פֿון דער אַרביי־טער שטימע — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער עקאָנאָמישער שטרייט נעמט אַרום אַלץ מער קרייזן פֿון דער אַרבעטער־מאַסע, אַז די צאָל ניט־אָרגאַ־ניזירטע סטרייקנדע וואַקסט און שטייגט איבער די צאָל סטרייקנדע מיט־גלידער פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. נאָר דער עקאָנאָמישער שטרייט פֿאַרפֿערטיקט אַ באָדן, אויף וועלכן מען קען אַנטוויקלען דעם קלאַסנבאַוואוסטזיין ביי די אַרבעטער און זיי אויפֿווייזן אויף זייערע עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע אינטערעסן. צוליב דער מאַסן־באַוועגונג פֿאַרלירן די

פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זייער פריערדיקע באַדייטונג און הערן אויף צו דינען אַלס דער איינציקער מיטל צו פאַראייניקן די אַרבעטער און צו אַנטוויקלען ביי זיי דעם פאַרשטאַנד פון זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן. די אָרגאַניזאַציעס קענען ניט אַרומנעמען די ברייטע אַרבעטער־מאַסע, ווייל זיי זיינען געהיים, און די פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג און די בעלי־בתים באַגרענעצן זיי נאָך מער. אָבער די זעלבע פאַרפאָלגונגען און איבערהויפּט די רעזולטאַטן פון געהיימען צירקולאַר פון אינערן־מיניסטער גיבן אונז די מעגלעכקייט צו פאַרשפּרייטן די פּאָליטישע אַגיטאַציע. כמעט אין אַלע יידישע שטעט זיינען פאָרגעקומען די לעצטע צייט פיל אַרעסטן; מען האָט אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט פיל אַרבעטער פון פאַרשידענע פראָפעסיעס פאַרן אָנטיילנעמען אין אַ סטרייק און אַ קאַסע, פאַרן לעזן און האַלטן אומלעגאַלע ביכלעך א.אַ.וו.. דאָס אַלץ גיט צו פאַרשטיין און ווייזט אויף דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע ווי נויטיק עס איז פריי סטרייקן, פאַרזאַמלען, פרייע אָרגאַניזאַציעס, דרוק און רעדן. אָט די פאָדערונגען צו דערקלערן דער מאַסע קען מען פיל בעסער מיט פראָקלאַמאַציעס".

„צוליב דעם אַלעם האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זיינען ניט אימשטאַנד אַליין צו אַנטוויקלען אין דער גאַנצער מאַסע דעם קלאַסן־ און פּאָליטישן באַוואוסטזיין, נאָר עס איז נייטיק צו פאַרשפּרייטן פראָקלאַמאַציעס מיט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. דערפאַר דאַרף מען זיך באַנוצן מיט יעדן צופאַל, וואָס עס קומט פאָר אין דעם שטרייט פון די אַרבעטער מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרן און דער רעגירונג. מען דאַרף וואָס מער פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור. די זעלבע פראַגע האָט אַרויסגערופן עטלעכע באַשטימונגען, וועלכע מיר קענען ניט איבערגעבן צוליב די קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען".

ווי שוין געזאָגט, האָט דעם צוזאַמענפאָר זייער שטאַרק באַשעפטיקט די פראַגע וועגן פּאָסיקער ליטעראַטור. דער צוזאַמענפאָר האָט דעריבער באַשלאָסן אַז מען דאַרף אַרויסגעבן אויף יידיש דאָס ערפורטער פּראָגראַם פון קאַרל קאַוטסקי; דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס, און ענלעכע ווערק, ווי אויך באַשרייבונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. ס'איז אויך פאָרגעקומען אַ דעבאַטע וועגן דעם אָרגאַן פון בונד — דער אידישער אַרבייטער, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אויסלאַנד. צוליב דער אַרבייטער שטימע, האָט מען אָנגעוויזן, האָט דער אידישער אַרבייטער פאַרלאָרן זיין באַדייטונג, ווייל ער קען ניט איבערגעבן די פאַקטן, וועלכע קומען פאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און געבן אַרטיקלען וועגן די פראַגן, וועלכע אינטערעסירן אַלעמען, אין דער געהעריקער צייט. דעריבער האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז דער אידישער אַרבייטער זאָל טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל. ער זאָל געבן אַרטיקלען וועגן די אויסלענדישע רעגירונג־ סיסטעמען, באַקאַנט מאַכן מיטן פּאַקטישן לעבן פון רוסלאַנד און מיטן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, אויף

זאָל ער געבן די כראָניק פון קאַמף פאַר אַ באַשטימטער פאַרגאַנגענער צייט.

דער צוזאַמענפאָר האָט קאָנסטאַטירט, אַז אין אייניקע פוילישע און ליט־ווישע שטעט איז דאָ אַ נויטווענדיקייט בעת געוויסע אַקציעס צו דרוקן די פּראָקלאַמאַציעס אויף יידיש און פויליש, כדי צו אַפּעלירן אויך צו די ניט־יידישע אַרבעטער.

אויף דער פּערטער זיצונג, דערציילט וויטער די אַרבייטער שטימע, האָט מען אויסגעהערט אַ באַריכט וועגן בערשטער־בונד. איינער פון די חברים האָט פאָרגעלייגט אַרויסצוגעבן אַ באַזונדערן אָרגאַן פאַר די בערשטער. צוליב די פאָלגנדע סיבות האָט מען אויפגעוויזן די נויטווענדיקייט פון דעם דאָזיקן אָרגאַן: „אַזוי ווי די בערשטער געפינען זיך צום מערסטן אין פאַר־שידענע קליינע שטעטלעך, וועלכע זיינען אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנ־דערע, קען פאַר זיי בלייבן אומבאַוואוסט זייער פיל פאַקטן, אויף וועלכע עס איז וויכטיק אויפצואווייזן די אַרבעטער. די אַרבייטער שטימע, ווי אַן אָרגאַן פון גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט, קען זיך פיל ניט פאַרנעמען מיט די אינ־טערעסן פון איין פּראָפעסיע, דעריבער איז וויכטיק אַרויסצוגעבן אַ באַזונדערן אָרגאַן פאַר די בערשטער. דער צוזאַמענפאָר האָט איבערגעגעבן דעם פאַר־שטייער פון בערשטער־אַרבעטער־בונד פאַרצולייגן דעם פּראָיעקט אויף זייער קומענדיקן צוזאַמענפאָר".

די פראַגע וועגן עקאָנאָמישן קאַמף איז אויפן צוזאַמענפאָר באַהאַנדלט געוואָרן אין אַזאַ פאַלאַך: אין די יאָרן 1896—1897 האָט זיך דער עקאָנאָמישער קאַמף שטאַרק פאַרשפּרייט. אין ראַיאָן פון בונד פלעגן זיך טרעפן „סטיכישע" סטרייקן, אָפט אויסער די ראַמען פון אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפירונג, אָפט אויך מיט עקסצעסן קעגן סטרייק־ברעכער און איינגעשפּאַרטע בעלי־בתים. אין 1898 איז די עקאָנאָמישע קאָניוקטור געווען אַ שלעכטע און די סטרייקן פלעגן זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל. ס'האָבן אויך געפעלט די מאַטעריעלע מיטלען צו העלפן די סטרייקערס. די בעלי־בתים אָרגאַניזירן זיך, וואַרפן אַרויס די בונטאָווטשיקעס און גיבן זיי איבער צו דער פּאָליציי. האָבן דע־ריבער אַרבעטער אָפט אָנגעווענדט געוואַלט־מיטלען לגבי די קעגנער. אויפן צוזאַמענפאָר איז ניט געווען קיין איין שטימע פאַר עקאָנאָמישן טעראָר. צוליבן אָנקומענדיקן קריזיס האָט דער צוזאַמענפאָר רעקאָמענדירט די מאַסן זיך אָפּצוהאַלטן ווי ווייט מעגלעך פון עקאָנאָמישע אַרויסטרעטונגען, ער האָט גערופן די אָרגאַניזאַציעס צו זיין זייער פאָרזיכטיק ביים דערקלערן סטרייקן.

גאָר שאַרף איז געשטאַנען די פראַגע וועגן מאַטעריעלער הילף פאַר די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע. מען האָט באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן אומעטום די אָרגאַניזאַציע פון רויטן קרייץ. דער צוזאַמענפאָר האָט דערביי באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן געזעלשאַפטן פון רויטן קרייץ, צוזאַמען מיט די אַנדערע רעוואָלו־ציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, אויך צו שטיצן די פּאָליטישע אַרעסטירטע און פאַרשיקטע אָן אונטערשייד פון נאַציע און פּאַרטיי.

די פראַגע וועגן די באַציאונגען צווישן בונד און פ.פ.ס. האָט אויך שטאַרק באַשעפטיקט דעם צוזאַמענפאָר. באַלד נאָך דער גרינדונג פון בונד איז פאָרגעקומען דער 4־טער צוזאַמענפאָר פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (פ.פ.ס.). דער פּפּעסישער צוזאַמענפאָר (נאָוועמבער 1897) האָט אָנ־גענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע, אין וועלכער ער האָט פאַקטיש אָפּגעפרעגט די עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון בונד און די רעכט פון די יידישע אַרבעטער צו האָבן אייגענע אויפגאַבן. די באַגרינדונג איז געווען, אַז „דער יידישער פראָלעטאַריאַט קען האָבן אויפגאַבן בלויז געמיינזאַמע מיט דעם פראָלעטאַ־ריאַט פון דעם פאָלק, צווישן וועלכן ער וואוינט". די טעטיקייט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס — פון בונד, איז געזאָגט געוואָרן, טראָגט אַ שעדלעכן כאַראַקטער פאַר דער פוילישער אַרבעטער־באַוועגונג און שטעלט אים אָפּט אין אַ פיינטלעכער לאַגע צו איר. לסוף באַשולדיקט די רעזאָלוציע, אַז דער בונד איז נישט סאָלידאַר אין קאַמף פון פוילישן און ליטווישן פראָלעטאַריאַט, אין קאַמף פאַר באַפרייען זיך פון דער ממשלה פון דער רוסישער אָקופּאַציע[23].

די פּפּעסישע צייטונגען ראַבאָטניק און פשעדשוויט האָבן אָפּגעדרוקט אַרטיקלען פול מיט העסלעכע אָנפאַלן. זיי האָבן באַשולדיקט דעם בונד אין רוסיפיקאַציע, נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, נאָכשלעפּן זיך נאָך דער יידישער בורזשואַזיע און טון אַרבעט פאַר איר. ס'האָט אַפילו נישט געפעלט די דראָאונג, אַז דאָס וועט גורם זיין צווישן די פוילישע אַרבעטער אַן אַנטי־סעמיטיזם צוליב פאָליטישע טעמים.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ בראָשור, וואָס איז אַרויס יולי 1898 און געטראָגן דעם נאָמען די מלחמה פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי קעגן דעם יידישן אַרבעטער־בונד. די בראָשור איז געווען געשריבן אין זייער אַ שאַרפן טאָן. אַ טייל טוער, וועלכע האָבן נישט געקענט די פוילישע שפּראַך און נישט געלייענט די אַרטיקלען פון ראַבאָטניק און פשעדשוויט, זיינען געווען אומצופרידן מיטן טאָן פון דער בראָשור. די פראַגע וועגן די באַציאונגען צווישן בונד און פ.פ.ס. איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן צווייטן בונדישן צוזאַמענפאָר מיט דער האָפענונג, אַז ס'וועט געפונען ווערן אַ וועג אייַנצושטעלן בעסערע באַציאונ־גען. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די דעלעגאַטן זיינען ווייניק באַהאַוונט אין די פראַגן, וואָס האָבן פאַנאַנדערגעטיילטביידע באַוועגונגען. דער צוזאַמענ־פאָר האָט באַשטימט נישט אָנצונעמען קיין באַשלוסן אין תוך פון דער פראַגע, נאָר עפענען אַ דיסקוסיע אין דער אָרגאַניזאַציע און די ניי־גע־גרינדעטע רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פאַרטיי זאָל קלאָר מאַכן איר באַציאונג צו פ.פ.ס..

די לעצטע איז נישט געווען פריינטלעך געשטימט אויך צו דער רוס־לענדער פאַרטיי. דאַקעגן איז זי געווען אין קאָנטאַקט מיט דער גרופּע פון דער צייטונג ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ (אַרבעטער־פאָן), וואָס האָט אין 1898 גע־גרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי. דאָס איז געווען אַ גרופּע, וואָס האָט געהאַט אָנהענגער אין עטלעכע

שטעט. צווישן אירע טוער זיינען געווען אייניקע, וואָס זיינען אין פעריאָד פון ערב־בונד געווען טעטיק אין ווילנע און ביאַליסטאָק און זיך באַטייליקט אין דער אָפּאָזיציע קעגן דער נייער טאַקטיק פון מאַסן־טעטיקייט. אין רוס־לאַנד זיינען געווען טעטיק נאָך עטלעכע גרופּעס, וואָס זיינען געשטאַנען מחוץ דער ר.ס.ד.א.פּ.. ביי אַ צאָל טוער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג האָט דעמאָלט בכלל געהערשט אַן אומקלאָרקייט וועגן די קאָנ־קרעטע אויפגאַבן און קאַמף־מעטאָדן. אין בונד האָט מען די צעשפּליטערטקייט געהאַלטן פאַר אַ נישט געזונטע דערשיינונג. וועגן דער גרופּע ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ האָט דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון בונד אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „זייענדיק איבערצייגט, אַז וואָס פעסטער ס׳וועלן זיך פאַרבינדן אַלע רע־וואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין רוסלאַנד, אַלץ אַ גרעסערע מאַכט וועט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט קענען אַרויסשטעלן אין זיין בלוטיקן קאַמף מיט דער רוסישער זעלבסטהערשונג און אַלץ גיכער וועט זיין זיין זיג — לייגט דער יידישער אַרבעטער־בונד פאַר דער רוסלענדער פּאַרטיי זיך שטעלן אין נעענטערע באַציאונגען מיט דער רוסישער ס.ד. פּאַרטיי (ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ) מיטן צוועק צו פאַראייניקן ביידע פּאַרטייען צוזאַמען" (די דאָזיקע גרופּירונג איז גיך אַראָפּ פון דער סצענע — אירע מיטגלידער זיינען אַריין אין די אַנ־דערע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַ גרויסער טייל איז אַריבער צו די ס.ר. — סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. פון דער צייטונג ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ זיינען דערשינען בלויז 3 נומערן).

דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעקליבן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון 3 מענטשן: דוד קאַץ, צביה הורוויטש און סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי. ס׳האָט געזאָלט אויך אַריינגענומען ווערן פּאַוועל בערמאַן, וועלכער איז געקומען קיין קאָוונע ערשט נאָכן צוזאַמענפאָר, אָבער ער האָט געמאָלדן, אַז ער פאָרט אַוועק קיין אויסלאַנד. איין מיטגליד פון צ. ק., סענדער זעלדאָוו, איז פאַר־בליבן אין ווילנע; דוד קאַץ און צביה הורוויטש זיינען אַריבערגעפאָרן קיין דווינסק.

מ׳האָט געפּרוּווט איינשטעלן די קאָנטאַקטן און צוריק אָוועקשטעלן די אַרבעט פון צ.ק.. די גאַנצע אַרבעט איז אָבער ניט געגאַנגען ווי געהעריק. דער טראַנספּאָרט איז ניט געווען איינגעאָרדנט, געלט האָט געפעלט. האָט מען דעריבער אין יאַנואַר 1899 צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ אין דווינסק אויף צו באַטראַכטן די פראַגע: וואָס טוט מען ווייטער? ס׳זיינען איינגע־לאַדן געוואָרן פערזענלעך, אַחוץ די דריי מיטגלידער פון צ.ק., טאַטיאַנאַ אַשמיאַנסקי (טייבעטשקע, די פרוי פון זעלדאָוו) פון ווילנע, אַלבערט זאַל־קינד פון מינסק, מאַריע זשאַלודסקי פון וואַרשע. די קאָנפערענץ האָט באַ־שלאָסן אַריבערטראָגן דעם צענטער קיין וואַרשע און דאָרט קאָנצענטרירן די רעדאַקציע און די טעכניק. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן אַהין די דרוקעריי פון ווילנע, וועלכע איז, ווי דערציילט, געווען איינגעאָרדנט דורכן ווילנער קאָמיטעט און אין וועלכער ס׳זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט די נומערן 1 און 2 פון ווילנער אָרגאַן קלאַסן־קאַמף. סענדער זעלדאָוו און מאַקס

טאָביאַש האָבן זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט רעדאַגירן די אַרבייטער שטימע, דוד קאַץ האָט געדאַרפט אָנהאַלטן די פאַרבינדונג מיט די שטעט, אַרומפאָרן און טון די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. צביה הורוויטש איז אַרויס פון צ.ק.. ס'האָט ווידער נישט געקלאַפּט. זעלדאָוו איז צוריק אַוועק קיין ווילנע — ער האָט נישט געוואָלט לעבן אויפן פּאַרטיי־חשבון. ביים צוגרייטן די מאַטע־ריאַלן און אַרטיקלען פאַר דער אַרבייטער שטימע האָבן געהאָלפן אַלבערט זאַלקינד אין מינסק, בייניש מיכאַלעוויטש אין ביאַליסטאָק און נאָך ווער. מיטן רעדאַגירן און אַרויסגעבן די צייטונג האָבן זיך פאַרנומען מאַקס טאָ־ביאַש און דוד קאַץ. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט מען אַרויסגעגעבן די נומערן 11, 12 און 13 פון דער אַרבייטער שטימע. די דירה פון דער דרוקעריי איז געווען אין וואַרשע אויף נאָוואָליפּיע גאַס, די באַלעבאַטים זיינען געווען אַלטער דער בערשטער און זיין פרוי ליזע, וועלכע זיינען געקומען פון קאָוונע. מען האָט דאָ איינגעאָרדנט אַ בערשטער־וואַרשטאַט, אַלטער האָט אויסגעאַרבעט בערשטלעך און יעדן טאָג זיי אַרויסגעטראָגן אין אַ קוישל. אונטער די בערשטלעך איז געלעגן אָפּגעדרוקטע ליטעראַטור. אין דער דרוקעריי האָבן געאַרבעט שמואל קאַץ און מערעלע גינזבורג. נאָך 7־8 חדשים האָבן די „באַלעבאַטים" געבעטן מען זאָל זיי באַפרייען פון דער אַרבעט און אין גיכן זיינען אַלטער און ליזע אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. די דרוקעריי האָט מען געמוזט פאַרמאַכן.

ס'זיינען אויך געווען אַ סך רעדאַקציאָנעלע שוועריקייטן. איז דעמאָלט געקומען אַ פאָרשלאַג פון דזשאַן מילל אַרויסצוגעבן די אַרבייטער שטימע אין אויסלאַנד. דעם פאָרשלאַג האָט מען אָנגענומען. שמואל קאַץ איז צוליב דעם אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד און דער 14־טער נומער איז דאָרט אָפּגע־דרוקט געוואָרן. אויך אין אויסלאַנד איז די אַרבעט ניט צוגעגאַנגען גלאַט, און מען האָט באַשלאָסן ווידער אַרויסגעבן די צייטונג אין רוסלאַנד. מ'האָט אָרגאַניזירט אַ נייע דרוקעריי, דאָס מאָל אין לאָדזש. שמואל קאַץ איז צו־ריקגעקומען פון אויסלאַנד און צוזאַמען מיט מערעלע גינזבורג ווייטער געזעצט און געדרוקט די צייטונג אין רוסלאַנד.

מיטן אַריבערפאָרן פון דזשאַן מילל קיין אויסלאַנד (1898) האָט זיך שטאַרק פאַרבעסערט דער ענין טראַנספּאָרט פון ליטעראַטור. אויך דער אָרגאַן פונם בערשטער־בונד דער וועקער האָט זיך גענומען דרוקן אין אויסלאַנד און די בערשטער האָבן אים געשמוגלט איבער דער גרענעץ. דער טראַנספּאָרט פון ליטעראַטור בכלל איז געגאַנגען דורך די שטעטלעך פון סואוואַלקער גו־בערניע — ווילקאָווישק, ווישטיניעץ, וויערזשבעלאָוו, ווי אויך דורך אַ צווייטער גרענעץ פון קאַליש. אַחוץ גרויסע טראַנספּאָרטן, וואָס קאָנטראַ־באַנדיסטן האָבן אַריבערגעברענגט, פלעגן קלענערע ברענגען סטודענטן אין טשעמאָדאַנעס מיט טאָפּלטע דעקן בעת זייערע נסיעות אַהיים פון די אויסלענדישע אוניווערזיטעטן. דער בונד האָט אויך איינגעשטעלט דעם לי־טעראַטור־שמוגל פאַר די רוסישע אָרגאַניזאַציעס. דורך די גרענעץ־שטעטלעך

אין סאוואַלקער גובערניע האָבן בונדיסטן „געשוואָרצט" די גרענעץ הין און צוריק, זיי האָבן אויך באַזאָרגט דאָס אַריבערפירן רוסישע ס. ד. טוער.

***

די ר.ס.ד.אַ.פּ. איז דעמאָלט געווען מער אַ סימבאָל, איידער אַ פּאַקטישע אָרגאַניזאַציע אין דער פּראַקטיק פון פּאָליטישן קאַמף אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד. און יידישע אַרבעטער האָבן זיך ווייטער געפילט איזאָלירט פון אַרומיקן לאַנד־פּראָלעטאַריאַט.

כדי צו פאַרשטאַרקן די אייגענע באַוועגונג, האָבן די פירערס פון בונד זיך באַמיט צו פאַרטיפן אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט דעם באַוואוסט־זיין אַז „די ספּעציעלע אינטערעסן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט" פּאָדערן אַ „באַזונדערע יידישע אָרגאַניזאַציע", און די יידישע אַרבעטער „זאָלן קלאָר פאַרשטיין דעם פּלאַץ, וועלכן דער יידישער בונד פאַרנעמט אין דער פּאַרטיי". די ווערטער וואָס זיינען דאָ געבראַכט אין ציטיר־צייכנס געהערן דעם אַרטיקל אונזערע צילן אין דער אַרבייטער שטימע, וועלכן מיר האָבן שוין אויבן דער־מאָנט. אינם דאָזיקן ברייט־פאַרמאָסטענעם אַרטיקל ווערן באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, וועלכע מאַכן נויטיק אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע און אויף וועלכע די לעצטע דאַרף געבן אַ קלאָרן ענטפער.

פריער פון אַלץ ווייזט אָן דער אַרטיקל די באַזונדערע פּאָליטישע לאַגע פון אַרבעטער און פון די יידישע אַרבעטער, וואָס ליידן פון אַ טאָפּלטן יאָך: אונטער דעם יאָך פון די געזעצן, וועלכע העלפן דער בורזשואַזיע עקספּלואַטירן די אַרבע־טער און אונטער דעם יאָך פון די ספּעציעלע געזעצן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן קעגן יידן. די יידישע אַרבעטער — לייענען מיר אין דעם אַרטיקל — פעלט איינע פון די וויכטיקסטע רעכט, דורך וועלכע דער לוין־אַרבעטער אונטער־שיידט זיך פון שקלאַף: זיי פעלט דאָס רעכט פריי צו פאָרן אומעטום וואוהין זיי ווילן, פריי צו וואוינען אומעטום אָדער ריכטיקער געזאָגט — זיי האָבן דאָס רעכט, אָבער נאָר אויף אַ קליינעם פּלאַץ — אין 'טשערטאַ אָסעדלאָסטי', (תחום המושב), וואו די צאַרישע רעגירונג האָט מיט גוואַלט פאַרשפּאַרט מיליאָנען יידן. אָט די צוניפשטיקעניש פון אַלע יידן אין עטלעכע גובערניעס מאַכט ממילא דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אוממעגלעך צו אַרבעטן וואו און וואָס ער וויל. נאָר אויסער דעם אַפילו אין דער 'טשערטאַ אָסעדלאָסטי' גופא האָט ניט דער יידישער אַרבעטער דאָס רעכט צו אַרבעטן וואו ער וויל: מען נעמט זיי ניט צו אויף קאַזיאָנע זאַוואָדן, אין די אייזנבאַן־ווערק־שטאַטן, א.אַ.וו.. מיט איין וואָרט, אַפילו אין דער 'טשערטאַ אָסעדלאָסטי' גופא איז פאַר דעם יידישן אַרבעטער פאַרשלאָסן אַ סך וועגן, וואו ער וואָלט קאָנען פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. אַחוץ דעם, די שנאה פון דער קריסטלע־כער באַפעלקערונג צו די יידן — ווי פון די באַלעבאַטים אַזוי פון די קריסט־לעכע אַרבעטער, די שנאה, וועלכע די פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגי־רונג בלאָזט פאַנאַנדער — די שנאה ברענגט דערצו, אַז מען נעמט זייער ניט

גערן צו די יידישע אַרבעטער אין די קריסטלעכע ווערקשטאַטן, וואָס דאָס מאַכט נאָך שווערער דעם יידישן אַרבעטער צו קריגן אַרבעט".

אָפּשטעלנדיק זיך גענויער אויף דעם, אַז די אויסנאַם־געזעצן קעגן יידן שלאָגן אויך דעם רוסישן אַרבעטער, ווייל די יידישע אַרבעטער זיינען גע־צוואונגען איינצוגיין אויף נידעריקע לוינען און אַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג און דאָס ווירקט, אַז אויך די רוסישע אַרבעטער זאָל שווערער אָנקומען דאָס דערשלאָגן זיך עקאָנאָמישע פֿאַרבעסערונגען, — באַטאָנט דער אַרטיקל, אַז „די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פֿון דער צאַרישער רעגירונג, וועלכע דערוועקט די נאַציאָנאַלע פֿיינטשאַפֿט צווישן קריסטן און יידן, מאַכט אַ סך שווערער דעם קריסטלעכן און יידישן פּראָלעטאַריאַט זיך צו פֿאַראייניקן אין גאַנצן, אין איינעם צום קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע און רוסישן דעספּאָטיזם". ווייטער ווייזט אָן דער אַרטיקל, אַז די פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג, וואָס רופֿט אַרויס נאַציאָנאַלע פֿיינטשאַפֿט, פֿאַרטונקלט דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פֿון רוסישן פּראָלעטאַריאַט. „די רעגירונג זעט, אַז די פֿאָלקס־מאַסע, וואָס קרעכצט אונטער דעם שווערן יאָך פֿון אָרימקייט און פֿון דער זעלבסטהערשונג, הייבט אָן צו פֿאַרלירן די געדולד, נעמט זי זיך פֿאַר איר טייערן מיטל און שטעלט אַרויס די באַקאַנטע 'פֿאָלקס־פּאָליטיק': זי רייצט אָן די קריסטלעכע באַפֿעל־קערונג אויף דער יידישער, איינשמועסנדיק איר דורך אירע באַהעלפֿער, אַז דער ייד איז שולדיק אין איר אָרימקייט און עלנט. אָט אויף אַזאַ אופֿן גרייט זי צו די פּאָגראָמען און אָנשטאָט זיך מאַכט זי דעם יידן פֿאַרן כּפּרה־הינדל פֿון דעם צאָרן פֿון דעם אונטערדריקטן פֿאָלק. דערפֿון זעען מיר, אַז אי דער יידישער אי דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריאַט זיינען פֿאַראינטערע־סירט צו פֿאַרניכטן די רעכטלאָזיקייט פֿון די יידן".

אָנווייזנדיק וואָס פֿאַר אַ גרויסע און שווערע אַלגעמיינע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אָרגאַניזאַציאָנעל־פּאַרטייאישע אויפֿגאַבן עס ליגט אויף דער ר.ס.ד.א.פּ., שטעלט דער אַרטיקל די פֿראַגע: צי איז די פּאַרטיי אַליין, ניט אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ באַזונדערער יידישער אָרגאַניזאַציע, בכוח ביי דעם אַלעמען צו פֿאַרנעמען זיך, צו פֿאַרטיידיקן און צו לייזן די ספּעציעלע אינ־טערעסן פֿון די יידישע אַרבעטער. אויף דער פֿראַגע ענטפֿערט דער אַרטיקל מיט אַ קלאָרן „ניין".

די „פּאַרטיי" קאָן ניט צושטעלן די יידישע אַרבעטער „צו דער צייט ליטעראַטור אויף זייער מוטער־שפּראַך, זי קאָן זיי ניט העלפֿן ווי עס דאַרף צו זיין מיט געלט און מענטשן, זי איז ניט בכוח צו וויסן שטענדיק ריכטיק ווי עס פֿירט זיך דער קאַמף פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט און ממילא קאָן זי ניט ריכטיק פֿאַרשטיין און פֿאָרמולירן זיין נויט און זיינע פֿאָדערונגען. דאָס שענד־לעכע באַגיין זיך פֿון דער צאַרישער רעגירונג קעגן יידן קען זי ניט אין גאַנצן באַנוצן צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פֿון בירגערלעכער גלייכהייט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. און ענדלעך — און דאָס איז זייער וויכטיק — אין דעם אָנטשיידענעם מאָמענט, אַז עס וועט קומען די שוין לאַנג דער־וואַרטעטע און געווינטשטע צייט, וועט די 'פּאַרטיי' ניט קענען שטיין

פאַר די ספּעציעלע אינטערעסן פון דער יידישער מאַסע מיט גענוג ענערגיע און קראַפט, ווי פאַר די אַלגעמיינע אינטערעסן פונם גאַנצן רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט, וועלכע זי דאַרף פריער פאַר אַלץ זען צו באַזאָרגן און פאַר־טיידיקן. נאָר אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ביי וועלכער איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן איז גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר איר נאַציע, קען אין אַזאַ צייט אַרבעטן גענוג ענערגיש צו דערשלאָגן זיך די רעכט. מיר זעען אַלזאָ, אַז נאָר אַ ספּעציעלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע קען באַזאָרגן גענוג קרעפטן און מיטלען אויף צו פירן מיט דערפאָלג דעם קאַמף פון דעם יידישן פּראָלע־טאַריאַט. נאָר זי אַליין קען צו דער רעכטער צייט און ריכטיק באַקאַנען זיך מיט זיין בויט, און מיט גענוג ענערגיע שטיין פאַר זיינע פאָדערונגען; נאָר זי אַליין קאָן צו דער רעכטער צייט באַקענען די רוסישע אַרבעטער מיט דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַוועגונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט דורך די אַרטיקלען אין דעם אָרגאַן פון דער 'פּאַרטיי' און העלפן דערמיט צו אַנטוויקלען ביי דעם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט די סאָלידאַריטעט פון די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע אייגענע אינטערעסן".

נאָך דעם גייט דער אַרטיקל איבער צו אַ דירעקטער פּאָלעמיק מיט דער פ.פ.ס., וועלכע האָט „אין אַזאַ שענדלעכער און נאַרישער פאָרם" אַוועקגע־שטעלט די פראַגע וועגן בונד.

„מען ווייסט ביט אויף וואָס זאָל מען זיך מער וואונדערן: צי אויף דער אומוויסנהייט פון די פירער פון דער 'פּוילישער פּאַרטיי' אָדער אויף דער פרעכהייט און לייכטזיניקייט, מיט וועלכע מען שליידערט אין געזיכט דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַ גאַנצער נאַציע די שולד, אַז ער איז אָפּגעזונדערט און פאַרשלאָסן פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, — אַ שולד, וועלכע ווערט באַוויזן מיט קינדערישע ראיות". דער מחבר ענטפערט אויף די באַשולדיקונגען מצד פ.פ.ס. אַז דער בונד זונדערט אָפּ דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פונם קריסטלעכן, אַז דער בונד „איז דורכגעדרונגען מיט בורזשואַזע שטרעבונגען" און ער איז „נוצלעך דער רוסישער רעגירונג". דער מחבר ברענגט אַ סך ביישפּילן פון סאָלידאַריטעט פון יידישע אַרבעטער מיט די ליטווישע און פּוילישע אַרבע־טער — בעת שטרייקן, אַרבעטער־יום־טובים א.אַ.וו.. ער ווייזט אויך אָן אויפן פאַקט, וואָס דער בונד האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין דער רוסלענדער ר.ס.ד.אַ.פּ., אַז דער בונד האָט געשיקט צוזאַמען מיט די רוסישע אַרבעטער די זעלבע דעלעגאַטן צו די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־קאָנגרעסן אין לאָנדאָן און ציריך. צוליב די אַלע פאַקטן, האַלט דער מחבר, „ווערן אַפילו די הערן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן שוין לאַנג אָנגעוואָרן די חרפה און בושה, זיך מוזן שעמען פאַר זייערע ווילדע אָנפאַלן אויפן יידישן פּראָלעטאַריאַט". אויף דעם פאָרוואורף, אַז מיטן אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון גלייכע בירגערלעכע רעכט און מיט אָרגאַניזירן באַזונדער דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צוליב אָט דעם קאַמף — „מאַכט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אַ טריט אויף רעכטס צו זיינע עקספּלואַטאָרס, ער פאַרבינדט

זיינע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע״, — ענטפערט דער אַרטיקל :

„פריער פון אַלץ דאַרף מען געדענקען, אַז די פאָדערונגען פון גלייכע בירגערלעכע רעכט איז אַ ריין־פּראָלעטאַרישע פאָדערונג, ווייל פון די אויסנאַם־געזעצן ליידן מער פון אַלעמען און פריער פון אַלעמען די יידישע פּראָלעטאַריער ; די יידישע בורזשואַזיע, אַדאַנק די רוסישע באַאַמטע, ביי וועמען מען קען אַלץ מאַכן מיטן קערבל, איז ניט אַזוי שטאַרק געדריקט פון די אויסנאַם־געזעצן. אדרבה, אָפּט האָט זי נאָך אַ טובה פון די געזעצן״... „כאָטש דער יידישער בורזשואַזיע איז אויך נוגע צו באַקומען גלייכע בירגערלעכע רעכט, נאָר ערשטנס איז זי אַזוי פיל אָנגעשראָקן פאַר אירע אַרבעטער, זי איז אַזוי פיל צערייצט מיט דעם קאַמף פון די אַרבעטער, אַז זי וועט זיך בשום אופן ניט באַשליסן צו גיין האַנט אין האַנט מיט זיי. צווייטנס, איז די בורזשואַזיע צו פיל דערשלאָגן, שרעקנדיק, אומוויסנד, פּאָליטיש אומאַנט־וויקלט און דעריבער איז זי ניט פעאיק צו פירן נאָך זיך די אַרבעטער־מאַסע״... „מען דאַרף זיין אָדער צו תמעוואַטע אָדער צו אומפאַרשעמט, ווי די ׳פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי׳, צו זאָגן, אַז אָט די דאָזיקע בורזשואַזיע האָט אַ ׳מוראַדיקע ווירקונג׳ אויף די יידישע אַרבעטער, און אַז דער ׳יידישער פּראָלעטאַריאַט טאַנצט ווי די בורזשואַזיע שפּילט׳...״ ס׳איז „לעכערלעך צו באַשולדיקן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַז ער שטעלט זיך בורזשואַזע צילן, ווייל ער פאָדערט גלייכע בירגערלעכע רעכט, וועלכע די בורזשואַזיע וועט אויך באַנוצן״.

צום שלוס קערט זיך דער אַרטיקל אום נאָך אַמאָל צו דער לאַגע פון בונד אין דער ר.ס.ד.אַ.פּ.. „אַ באַזונדערע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע — לייענען מיר — איז געוואונטשן און נויטיק פאַר די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָ־לעטאַריאַט, ווי פאַר דעם קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט. נאָר אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז נאַטירלעך אויסגעוואַקסן פון דעם קאַמף פון דעם יידישן פּראָלע־טאַריאַט און וועלכע איז מיט טויזנט פעדים פאַרבונדן מיט אים, קאָן פאַרהיטן זיינע אינטערעסן און ענערגיש שטיין פאַר זיי״... די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע „האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר ביי אַזוינע באַדינגונגען קען איר אַרבעט האָבן אַ דערפאָלג ; זי איז גענוג פּאָליטיש קלוג צו לאָזן דער יידישער אָרגאַניזאַציע זיין ביז אַ געוויסער גרענעץ אומאָפּהענגיק״.

*
**

ס׳איז געווען אַ שווערע איבערגאַנגס־צייט, פול מיט סכנות פאַר דער יונגער בונדישער באַוועגונג. די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט פון צ. ק. איז פּאַקטיש געלעגן אויף איין מענטשן — אויף טאַראַסן. אָבער די מאַסע אַרטיקע טוערס, די ניי־צוגעקומענע יונגע קרעפטן האָבן מיט באַזונדערער

ענערגיע געטאָן זייער פליכט. דער בונד האָט אַרויסגעוויזן אַ וואונדערלעכע פעאיקייט בייצוקומען די געפערלעכע לאַגע. פרישע זאַפטן האָבן זיך כסדר אַריינגעגאָסן — די וואונד, וואָס דער אָכראַנע־שעף זובאַטאָוו האָט געמאַכט, איז גיך פאַרהיילט געוואָרן. די באַוועגונג איז געקומען צו זיך, די רעוואָלו־ציאָנערע שטימונגען זיינען געוואַקסן, דער בונד האָט זיך אַלץ טיפער איינ־געוואָרצלט אין די שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב.

## 5. דער דריטער צוזאַמענפֿאָר

אין דעצעמבער 1899 איז אין קאָוונע, אין אַ ספּעציעל געדונגענער דירה אויף דער בריק־גאַס, פֿאָרגעקומען דער דריטער צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד. אין אָפֿיציעלן באַריכט אין אַרבייטער שטימע, נומער 16 איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען סוף יאַנואַר 1900, אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרן, כּדי אָפּצונאַרן די אָכראַנע און איר באַשווערן צו געפֿינען די שפּורן פֿונם צוזאַמענפֿאָר. די אָנטיילנעמער פֿון דעם צוזאַמענפֿאָר זיינען געווען וואַרשיינלעך אין אַזאַ צוזאַמענשטעל: דוד קאַץ־טאַראַס און סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי פֿון צ.ק., דזשאַן מילל פֿון אויסלענדישן קאָמיטעט, אַלבערט זאַלקינד (מינסק), דר. פּאַוועל ראָזענטאַל, בענצע לעווין (ביידע פֿון ביאַליסטאָק), שמעון קלעוואַנסקי (קאָוונע), אהרן ווינשטיין (ירחמיאל), חיים זאַקאָן (ביידע פֿון וואַרשע), שמאי וויסענבלום (לאָדזש), צביה הורוויטש, סינאַי יאַקאָבי (ביידע האָבן געקענט זיין פֿון וואַרשע אָדער לאָדזש), באָריס צייטלין (באַטורסקי — פֿון וויטעבסק), זלמן זינגער (פֿון בערשטער־בונד), פּאַטי סרעד־ניצקי (קרעמער — זי איז געקומען פֿון איר פֿאַרשיקונג־אָרט אין שייכות מיט אַ פּלאַן איר איבערצוגעבן רעדאַקציע־אַרבעט פֿאַר דער אַרבייטער שטימע). די רשימה פֿון די אויסגערעכנטע 15 דעלעגאַטן האָבן מיר צונויפֿ־געשטעלט פֿון פֿאַרשידענע קוועלן — אָפּגעדרוקטע זכרונות פֿון דזשאַן מילל, פּ. אַנ—מאַן (פּסעוודאָנים פֿון דר. פּאַוועל ראָזענטאַל), בייניש מיכאַלעוויטש, דוד קאַץ, דאַטן פֿון מ. יעווזעראָוו און אינפֿאָרמאַציע פֿון אַבראַם דער טאַטע. ס׳ווייזט אויס, אַז דאָס איז נישט קיין פֿולע רשימה. פּ. אַנ—מאַן און יעווזעראָוו זאָגן, אַז ס׳זיינען געווען 15 דעלעגאַטן, אָבער דזשאַן מילל גיט אַ העכערע ציפֿער: 20 דעלעגאַטן פֿון 9 גרויסע שטעט און 2 פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַני־זאַציעס — בערשטער־בונד און גאַרבער־בונד. אין דער פֿריער געבראַכטער רשימה געפֿינען זיך בלויז 6 שטעט. וואָס שייך דעם גאַרבער־בונד, זאָגן פּ. אַנ—מאַן און יעווזעראָוו, אַז זיין פֿאָרשטייער איז געווען אַבראַם דער טאַטע, אָבער דער לעצטער דערקלערט, אַז ער איז נישט געווען. וואַרשיינלעך איז דער גאַרבער־בונד בכלל נישט געווען פֿאַרטרעטן, ווייל אין דער אינפֿאָרמאַציע, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין אידישען אַרבייטער באַלד נאָכן 3־טן צוזאַ־מענפֿאָר, ווערט דער גאַרבער־בונד נישט דערמאָנט, בעת אַלע אַנדערע ווערן אויסגערעכנט. לויט די ידיעות אין אידישען אַרבייטער נומער 8, וואָס ס׳האָט געקענט געבן נישט קיין אַנדערער ווי דזשאַן מילל, זיינען געווען 20 דעלעגאַטן: פֿון צ.ק., אויסלענדישן קאָמיטעט, בערשטער־בונד און פֿון די אָרגאַניזאַציעס

אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, מינסק, קאָוונע, וויטעבסק, ווילנע, גראָדנע, דווינסק. ס׳קומט אויס, אַז די 5 דעלעגאַטן, וואָס פעלן אין דער פריערדיקער רשימה, זײַנען געווען פון די לעצטע דריי שטעט.

דריי טעג האָט געדויערט דער צוזאַמענפאָר און ער האָט באַהאַנדלט אַ גרויסע צאָל פראַגן:

1) באַריכטן פון די אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאָמיטעטן: א) וועגן דעם עקאָנאָמישן קאַמף אין יעדער שטאָט; ב) וועגן אָנטייל פון די אָרטיקע ס. ד. קאָמיטעטן אינם דאָזיקן קאַמף און אין וואָס דער דאָזיקער אָנטייל האָט זיך אויסגעדריקט; ג) וועגן די מיטלען, מיט וועלכע יעדער ס. ד. קאָמיטעט באַנוצט זיך צו פאַרשפּרייטן דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין אין דער אַרבעטער־מאַסע; ד) וועגן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אײַנריכטונגען פון יעדער שטאָט און די באַציאונגען צווישן זיי; ה) וועגן רויטן קרייז פון יעדער שטאָט און זײַן אָרגאַניזאַציע.

2) באַריכטן פון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון בונד.

3) באַריכטן פון צענטראַלן קאָמיטעט פון בונד.

4) דער עקאָנאָמישער קאַמף און די שטרייט־קאַסעס.

5) דער 1־טער מאַי.

6) דער נאַציאָנאַלער פּונקט אין אונזער פּראָגראַם און אונזערע ספּעציעלע פאָדערונגען אַלס יידן.

7) אונזערע באַציאונגען צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

8) די פאַרבינדונג פון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע מיט דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד.

9) דער כאַראַקטער פון די זשורנאַלן אַרבייטער־שטימע און אידישער אַרבייטער.

10) וועגן אָרטיקע אָרגאַנען.

11) וועגן קומענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז.

12) די אָרגאַניזאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט און די געלטמיטלען פאַר אים.

13) וואַלן פון צענטראַל־קאָמיטעט.

די באַריכטן פון די דעלעגאַטן פון די לאָקאַלע קאָמיטעטן האָבן געשאַפן אַ בילד פון גרויסער אינטענסיווער טעטיקייט אויף אַלע געביטן. לויטן באַריכט אין דער אַרבייטער שטימע, נומער 16, האָבן די דאָזיקע קאָמיטעטן „גענומען אַן אָנטייל אין יעדער מאַסן־באַוועגונג פאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, און דער דאָזיקער אָנטייל האָט זיך אויסגעדריקט אויף צוויי אופנים: זיי האָבן געשטיצט די שטרייקנדע סיי מיט געלט, סיי מיט מענטשן, וועלכע פלעגן אַגיטירן אין דער אויפגערעגטער מאַסע, כדי זי צו דיסציפּלינירן און קלאָר מאַכן פאַר איר אירע אייגענע פאָדערונגען. וואו עס איז געווען מעגלעך, איז געוואָרן פאַנאַנדערגעוואָרפן פּראָקלאַמאַציעס צו דער אַרבעטער־

מאַסע אָדער זי אַרויסצורופן אויף אַ שטרייק, אָדער צו פאָרמולירן און מאַכן פּאָפּולער די פאָדערונגען, אויב אַ שטרייק איז שוין אויסגעבראָכן.

צווישן די גרויסע שטרייקן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין משך פונם צווייטן צוזאַמענפאָר ביזן דריטן (15 חדשים), מיט דער ווירקונג אָדער אָנטייל פון די אָרטיקע קאָמיטעטן, ווענדן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט די פאָלגנ־דע: אין ווילנע — ביז 1,000 זאָקנמאַכערקעס און מאַליאַרעס; אין וואַרשע — אייניקע טויזנט מאַן בעקער, קאָמאַשנמאַכער, פּאַפּיראָסן־מאַכערקעס אויף פּאָליאַקעוויטשעס פאַבריק; גראָדנע — 800 מאַן ביי שערעשעווסקין אויף דער טאַבאַק־פאַבריק; דווינסק — 800 מאַן אויף זאַקס׳ שוועבל־פאַבריק; קאָוונע און געגנטן — 600 מאַן קאָנזשאָרטניקעס. די אַלע שטרייקן און פיל אַנדערע קלענערע האָבן די קאָמיטעטן געשטיצט מיט געלט־מיטלען און מיט אַגיטאַטאָרן, וועלכע פלעגן מאַכן פאַרזאַמלונגען, כדי בעסער צו אַנטוויקלען אין דער אַרבעטער־מאַסע דעם פאַרשטאַנד פון אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

פון די רעפעראַטן און באַריכטן זעט מען, אַז כדי צו פאַרשפרייטן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין אין דער מאַסע, באַנוצט זיך יעדער אָרטיקער קאָמיטעט מיט פאַרשידענע מיטלען: ער גרינדעט, ערשטנס, צירקלען, קרייזן, (קרוזשקי) און לעזונגען; פאַרשפרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור און פראָקלאַמאַציעס אין דער אַרבעטער־מאַסע; אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס, (וואַרשע, ווילנע, ווי־טעבסק, ביאַליסטאָק). אייניקע קאָמיטעטן גיבן אַרויס אָרטיקע צייטונגען: וועקער, וואַרשעווער אַרבייטער, ביאַליסטאָקער אַרבייטער, און ׳פלוגבלעטלעך׳ פון ביאַליסטאָקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט. די אַלע מיטלען האָבן זייער פיל געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון קלאַסן־באַוואוסטזיין אין דער אַרבעטער־מאַסע, האָבן אויפגעהויבן אויף אַ העכערער שטופע איר קולטור־צושטאַנד, האָבן אַריינגעטראָגן אין איר די ליכטיקע שטראַלן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לערע, האָבן פאַרגרעסערט די שטרעבונגען צו פּאָליטישער פרייהייט און צו פאַרשטאַנד און אַנטוויקלונג. די לעצטע שטרעבונג איז אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז קיין אָרטיקער קאָמיטעט איז כמעט נישט אימשטאַנד גענוג צו באַפרידיקן די נאָכפראַגע פאַר אומלעגאַלער ליטעראַטור. אויסער דעם איז אויסגעוואַקסן בכלל די באַדערפעניש אין אַ געדרוקט וואָרט, אין אַ ביכל, און די עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־ביבליאָטעקן זיינען אויך ניט בכוח אַרויס־צוגעבן אַזוי פיל ביכער וויפל די מאַסע פאָדערט".

גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט פאַרנומען אויפן צוזאַמענפאָר דער באַ־ריכט וועגן רויטן קרייז. די צאָל אַרעסטירטע און פאַרשיקטע חברים פון בונד איז כסדר געוואַקסן. מען האָט זיי געמוזט שטיצן מיט געלט און קליידונג, מיט אָרגאַניזירטע „זעאונגען" אין די תפיסות און מיט קאָרעספּאָנדענץ. די אָרטיקע קאָמיטעטן פון רויטן קרייז האָבן געהאַט פאַר זיך גרויסע און קאָמ־פּליצירטע אויפגאַבן. זייער אַרבעט האָט אויך געהאַט אַ פּאָליטישע און אידיי־איש־מאָראַלישע באַדייטונג. דער רויטער קרייז האָט זיך באַמיט צו געווינען פאַר אָט דער אַרבעט סימפּאַטיקער אויך צווישן די ניט־פּאַרטייאישע קרייזן. די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע איז געטאָן געוואָרן מיט ערנסט און פאַראַנטוואָרט־

לעכקייט, האָט זייער אַ סך דערגרייכט לטובת דער באַוועגונג און לטובת די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע פּערזענלעך.

אינטערעסאַנט איז געווען דער באַריכט פון דער אויסלענדישער אָר־גאַניזאַציע פון בונד. דער פאָרשטייער פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד האָט דערציילט וועגן דער טעטיקייט אין אויסלאַנד לטובת דעם בונד. די אַרבעט האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ סך פאָרמען (מיר גיבן עס איבער אין די ווערטער פון דעם באַריכט־אָפּגעבער לויט דער אַרבייטער שטימע):

1) „אַרויסגעבן דעם אידישען אַרבייטער, די רעדאַקציע פון וועלכן דער 2־טער צוזאַמענפאָר האָט אונז איבערגעגעבן. 2) אַרויסגעבן אַגיטאַציע און וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור. 3) שטיצן סטרייקן. 4) שטיצע פאַר אַרעסטירטע. אַלס פאָרשטייער פון בונד אין אויסלאַנד האָט זי (די אויסלענדישע אָרגאַני־זאַציע) אָנגעווענדעט מי צו מאַכן אים פּאָפּולער פאַר אונזערע אויסלענדישע גענאָסן און מאַכן זיי באַקאַנט מיט זיינע צילן און פאָדערונגען״.

אַחוץ דעם אידישען אַרבייטער (נומערן 6, 7) האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אַ צאָל בראָשורן. כדי צו קענען וואָס מער אַרויסגעבן אויף יידיש סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ליטעראַטור, האָט די אויסלענדישע אָר־גאַניזאַציע געעפנט אַן אייגענע דרוקערײַ. צוליב דעם האָט זי זיך אויך פאַרבונדן מיטן „אַמעריקאַנישן רעוואָלוציאָן־שטיץ־ליטעראַטור־פאַראיין״. אַלס פאָרשטייער פון בונד גייט אַריין דער אויסלענדישער קאָמיטעט אין דעם פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד.

דער באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט דערציילט וויפל אומלעגאַלע ליטעראַטור ער האָט באַקומען פון אויסלאַנד פאַרן פעריאָד צווישן 2־טן און 3־טן צוזאַמענפאָר און ווי אַזוי די דאָזיקע ליטעראַטור איז פאַנאַנ־דערגעטיילט געוואָרן צווישן די שטעט. דער צ.ק. האָט זיך באַמיט צו האַלטן ביי די דירעקטיוון פון 2־טן צוזאַמענפאָר, אַז די אַרבייטער שטימע, ווי דער אָרגאַן פון גאַנצן בונד, זאָל דרוקן אַרטיקלען, וואָס זיינען צוגעפּאַסט סיי פאַר מער אַנטוויקלטע אַזוי אויך פאַר ווייניקער אַנטוויקלטע אַרבעטער. „דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָנגעווענדעט זיין מי די דאָזיקע באַשטימונג צו דער־פילן. אין די נומערן אַרבייטער שטימע, וועלכע זיינען דערשינען פון 2־טן ביזן 3־טן צוזאַמענפאָר (11, 12, 14, 15) געפינען זיך לייט־אַרטיקלען, באַ־שטימטע פאַר מער אַנטוויקלטע אַרבעטער און קאָרעספּאָנדענציעס ׳וואָס הערט זיך אין אויסלאַנד׳, ווי אויך אַנדערע פעליעטאָנען, באַשטימטע פאַר אַ ווײַ־ניקער אַנטוויקלטער מאַסע. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אויסער דעם געפונען פאַר נייטיק אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן פּאָפּולערן נומער צום ערשטן מאַי (13־טער נומער), כדי צו פאַרשפּרייטן אין גרויסע מאַסן (3,500 עקזעמ־פּלאַרן) דעם געדאַנק וועגן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. אין דער זעלבער צייט איז אין דרוקעריי פון ׳בונד׳ אָפּגעדרוקט געוואָרן 13,000 עקזעמפּלאַרן פּראָקלאַמאַציעס פאַר אָרטיקע קאָמיטעטן, 2,300 עקז. אין פויליש, אויסער 4,000 עקזעמפּלאַרן אַלגעמיינע מאַי־פּראָקלאַמאַציעס און 8,800 עקז. מאַי־פּראָקלאַמאַציעס פאַר אָרטיקע קאָמיטעטן, 2,300 עקז. אין פויליש, אויסער

2 נומערן 'פלוג־בלעטלעך' (צו טויזנט עקז.) פאַרן ביאַליסטאָקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט".

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אויסגעדריקט זיין באַדויער, וואָס איניקע שטעט האָבן ווייניק אָנגעווענדט זייער אויפמערקזאַמקייט אויף געלט־שטיצע פאַר דעם בונד, וואָס עס האָט אים פיל געשטערט אין זיין טעטיקייט.

אַ סך צייט איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער פראַגע וועגן עקאָנאָמישן קאַמף — אַ סך מער ווי אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר. אין דער פראַגע האָבן זיך אָנגעצייכנט געוויסע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. וועגן דעם, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער בעסטער און צוועקמאָסיקסטער מיטל אויסצובעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס, זיינען ביי קיינעם ניט געווען קיין ספקות. אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן און קלאַסן־באַוואוסטזיין איז דער עקאָנאָמישער קאַמף אַ וויכטיקער פאַקטאָר, אָבער ניט דער איינציקער. צו דעם צוועק דאַרף מען אָנווענדן נאָך אַנדערע מיטלען: אויפקלערונג דורך אומלעגאַלער ליטעראַטור, פּראָקלאַמאַציעס, קרייזלעך א.אַ.וו.. דער צוזאַמענפאָר האָט דעריבער אָנגענומען וועגן עקאָנאָמישן קאַמף אַזאַ רעזאָלוציע: „דער צוזאַמענפאָר באַטראַכט דעם עקאָנאָמישן קאַמף ווי איינעם פון די מיטלען אויף צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן און קלאַסן־באַוואוסטזיין פון דער אַרבעטער־מאַסע". וואָס שייך די קאַמף־קאַסעס, זיינען די מיינונגען געווען גאָר פאַרשידן צווישן די דעלעגאַטן. „איניקע האָבן אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג — דערציילט דער באַריכט — קעגן קאַסעס, איניקע פאַר קאַסעס. די קעגנער האָבן געזאָגט, אויב זיי זיינען נוציק דערמיט, וואָס זיי פאַרבינדן די אַרבעטער און מאַכן מעגלעך זיך אָפטער צו טרעפן און זיך דורכצורײדן וועגן זייערע אינטערעסן, האָבן די קאַסעס אין זיך די חסרונות, וואָס זיי זונדערן אָפּ די קאַסאָווע מיטגלידער פון דער איבעריקער מאַסע און אַנטוויקלען אויף אַזאַ אופן צווישן די קאַסאָווע אַרבעטער גופא אַן אַריסטאָקראַטיזם קעגן די איבעריקע ניט־קאַסאָווע אַרבעטער. די שטרייט־קאַסעס, אויסער דעם, זיינען ניט אימשטאַנד צו דערפילן זייער אויפגאַבע אין דער צייט פון אַ גרויסער מאַסן־באַוועגונג, אין דער צייט פון אַ גרויסן שטרייק. ווייל די דאָזיקע געלט־מיטלען זיינען צו קליין, כדי צו שטיצן אַלע שטרייקנדע, און שטיצן נאָר די קאַסאָווע מיטגלידער איז אוממעגלעך, ווייל די האַלטונג פון די ניט־קאַסאָווע האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם רעזולטאַט פון שטרייק. מאַכן שטרייט־קאַסעס פאַר דער גאַנצער מאַסע — האָבן זיי ווייטער געזאָגט — איז אוממעגלעך צוליב פּאָליצייאישע באַדינגונגען. די רעדנער, וועלכע האָבן גערעדט פאַר קאַסעס, זייענדיק איינשטימיק מיט די חסרונות פון קליינע שטרייט־קאַסעס, האָבן דערוויזן, אַז עס איז ניט אוממעגלעך צו אָרגאַניזירן מאַסאָווע שטרייט־קאַסעס, וועלכע זאָלן אין זיך אַריינציען כמעט אַלע אַרבעטער פון איין פאַך. דערביי האָבן זיי געוויזן אַזאַ פאָרם, אין וועלכער די דאָזיקע קאַסעס קענען אָרגאַניזירט ווערן — אַ פאָרם, וועלכע קען פיל פאַראַליזירן די פאַרפאָלגונגען פון פּאָליציי. דערצו,

האָבן געזאָגט די רעדנער, אַזעלכע קאַסעס ברענגען פיל נוצן, ווייל דורך זיי קען מען לייכט האָבן אַ ווירקונג אויף דער גאַנצער מאַסע".

די באַריכטן פון די אָרטיקע קאָמיטעטן האָבן דערציילט, אַז „דער פּראָצענט פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין יעדן פאַך איז גרעסער, וואָס ווינציקער מענטשן זיינען אין אים פאַרנומען און אין אַזעלכע פאַכן איז לייכטער צו אָרגאַניזירן שטרייט־קאַסעס. ווידער זעט מען, אַז דער זעלבער פאַך אין פאַרשידענע שטעט שטעלט פאָר פאַרשידענע באַדינגונגען און ניט אומעטום גיט ער די זעלבע צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער"... „אויף דער צאָל פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין יעדער צייט ווירקט די ענערגיע, מיט וועלכער עס ווערט געפירט דאָן דער עקאָנאָמישער קאַמף. דער עקאָנאָמישער קאַמף גייט ניט שטענדיק גלייכמאָסיק, צייטנווייז פירט ער זיך לעבהאַפטיקער און דאַן אָרגאַניזירט ער אין די שטרייט־קאַסעס מער מיטגלידער, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט אומאויפהעריקן קאַמף שוואַכט זיך אָפּ די ענערגיע ביי די קעמפער און דאַן לאָזט זיך באַמערקן, אַז די צאָל פון די קאַסאָווע מיטגלידער פאַלט אָפּ און מיט קיינע מיטלען קען מען זיי ניט איינהאַלטן".

נאָך די דאָזיקע דעבאַטן אין אָנגענומען געוואָרן די פאָלגנדע קורצע רעזאָלוציע: „דער צוזאַמענפאָר קען ניט אָננעמען וועגן שטרייט־קאַסעס קיין אַלגעמיינע באַשטימונג פאַר אַלע פּראָפעסיעס און שטעט".

ביידע רעזאָלוציעס וועגן עקאָנאָמישן קאַמף האָבן ניט באַפרידיקט, וואָרעם גראָד איז דעמאָלט געווען אַ צייט, ווען עקאָנאָמישער אַרבעטער־באַיקאָט קעגן די פאַבריקאַנטן און עקאָנאָמישער טעראָר לגבי שטרייקברעכער האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען אַן אָרט אין דער פּראַקטיק פון איניקע אָרגאַניזאַציעס. פון דער אַנדערער זייט איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן „עקאָנאָמיזם" און „שטרייקיזם". די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט דאָס אַלץ ניט אָפּגעשפּיגלט, ווי אויך ניט די ברענענדיקע פראַגע וועגן די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף. פּאַ־וועל ראָזענטאַל (אַנ־מאַן), וועלכער האָט גענומען אָנטייל אינם צוזאַמענפאָר, דריקט אויס אַן אַלגעמיינע אומבאַפרידיקטקייט. „מ'האָט ניט געזען — שרייבט ער — קיין צוגרייטונגס־אַרבעט פאַר זיין צוזאַמענרופן. די פראַגן פון טאָג־אָרדענונג האָט מען ניט גענוג באַטראַכט אויף די ערטער. מ'האָט ניט צוגעגרייט קיין שום פּראָיעקטן פון רעזאָלוציעס. אויפן צוזאַמענפאָר גופא, ביי די באַדינגונגען פון דרינגענדיקער אומלעגאַלער באַהאַנדלונג, איז אוממעגלעך געווען צוניפצושטעלן אויף וויפל ניט איז דורכגעטראַכטע רעזאָלוציעס, וועלכע זאָלן געבן די גלייכגעוויכט־ליניע פון די דעבאַטן. דעריבער האָבן, למשל, די דעבאַטן וועגן עקאָנאָמישן קאַמף געגעבן אַזאַ מין רעזולטאַט: מ'האָט אויסגעהערט אַ ריי ניט־געלונגענע רעזאָלוציעס, וועלכע מ'האָט דאָ אויפן אָרט געשאַפן, דערנאָך איז אָנגענומען געוואָרן די אינהאַלטס־אָרימע פאָרמול, וואָס טאַראַס האָט פאָרגעלייגט" [21]).

ביי דעם פּונקט וועגן פייערן דעם 1־טן מאַי זיינען קיין מיינונגס־פאַרשידנהייטן ניט געווען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע פון צוזאַמענפאָר זאָגט אַזוי:

„לאָזן יעדע שטאָט פרייַ אויסקלייבן די פאָרם און דעם אופן, ווי צו פייערן דעם 1־טן מאַי. דער צענטראַל־קאָמיטעט לאָזט אַרויס אין נאָמען פון 'בונד' אויפרופן צום 1־טן מאַי. די פאָדערונגען אין זיי זאָלן ווערן אַרויסגעשטעלט: אַן 8 שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, פּאָליטישע פרייהייט, גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר יידן און די פאַרניכטונג פון פּאָליציייאישן ווילקיר.

אויב די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי וועט פאַרשפּרייטן אַן אַלגעמיינעם אויפרוף, מוז דער 'בונד' אויך פאַרשפּרייטן דעם זעלבן אויפרוף, איבערזעצט אויף יידיש. אויב ער וועט האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצולאָזן אַ ספּעציעלן נומער אַרבייטער שטימע, געפינט ניט דער צוזאַמענפאָר פאַר נויטיק אַרויסצולאָזן אַ באַזונדערע בראָשור צום 1־טן מאַי. אין די אָרטיקע מאַי־אויפרופן דאַרף צווישן אַנדערע פאָדערונגען אויך זיין די פאָדערונג פון פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג ביז 10 שעה", (דער ציל — אַן 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג). „יענע שטעט, וועלכע פאַרשפּרייטן אייגענע מאַי־פּראָקלאַמאַציעס, מוזן אויך פאַרשפּרייטן די פּראָקלאַמאַציעס פון 'בונד' אויף אַן אופן, וואָס זיי געפינען פאַר מעגלעך".

*
**

מיר גייען איבער צום 6־טן פונקט — וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין בונדס פּראָגראַם. דעם דאָזיקן פונקט האָבן די מיטגלידער פון צוזאַמענפאָר איינגעפונען פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע און האָבן דעריבער אים געשענקט זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. רעפערענט איבער דער פראַגע איז געווען דזשאַן מילל. זיין שטעלונג איז לויטן באַריכט פון דער אַרבייטער שטימע געווען אַזאַ: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, אויסער דער פאָדערונג פון גלייכע בירגערלעכע רעכט, דאַרף אויך פאָדערן גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט. בירגערלעכע רעכט — האָט דער דאָזיקער גענאָסע געזאָגט — קען נאָך ניט זיין גענוג פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט צו באַשיצן זיינע אינטערעסן. מיר זעען, אַז אין דייטשלאַנד האָבן אַלע אונטערטאַנען נאָכן געזעץ גלייכע בירגערלעכע רעכט, אָבער דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט קען זיך מיט זיי פונדעסטוועגן ניט באַנוצן אַזוי ווי דער דייטשער. דער פּוילישער אַרבעטער האָט דאָס רעכט, גלייך ווי דער דייטשער, צו מאַכן פאַרזאַמלונגען, אָבער אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען מוז גערעדט ווערן נאָר אויף דייטש, ד.ה. אַז פאַקטיש ווערט צוגענומען דאָס רעכט צו נעמען אַן אָנטייל אין פאַרזאַמלונגען פון פילע, וועלכע קענען בישט אויסדריקן זייערע געדאַנקען אין דער דייטשער שפּראַך. אויב דאָס איז מעגלעך מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט אין דייטשלאַנד, קען דאָס געוויס זיין מעגלעך מיטן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד. וואָס פאַר אַ נוצן, פרעגט זיך, וועט דאַן ברענגען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט די פרייהייט צו מאַכן פאַרזאַמלונגען, אַז אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען וועט מוזן גערעדט ווערן אויף רוסיש, ד.ה. אויף אַזאַ שפּראַך, וועלכע איז ניט פאַרשטענדלעך דעם גרעסטן טייל יידישע אַרבעטער; די

פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען וועט זיין פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט נאָר אַ שיינע פראַזע און ניט מער, אויב די יידישע שפּראַך וועט ניט האָבן קיין גלייכע רעכט מיט דער רוסישער"... „מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז דער 'בונד' איז ניט קיין אָרגאַניזאַציע אויף אַ קורצער צייט, ניט קיין אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט אויף אַ ווײַלע. מעגלעך, אַז די באַדינגונגען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן דעם יידישן 'בונד' וועלן נאָך עקזיסטירן זייער לאַנג און נאָך זייער לאַנג וועט די עקזיסטענץ פון 'בונד' זיין נויטיק פאַרן יידישן פּראָלע־טאַריאַט. מיר דאַרפן אויך אַרויסשטעלן אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע וועלן זיין נויטיק פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ צייט אַרום, גלייך ווי יעדע פּאַרטיי שטעלט אַרויס אין איר פּראָגראַם, אַפילו אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע קענען ניט באַפרידיקט ווערן אין איצטיקן מאָמענט".

דזשאַן מילל, וואָס האָט אַזוי קלאָר און דייטלעך אַוועקגעשטעלט די נאַ־ציאָנאַלע פראַגע אויפן דריטן צוזאַמענפאָר, איז ניט געווען דער אייב־ציקער אין בונד, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געפילט די נאַציאָנאַלע דער־וואַכונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, מיטן גלייכצייטיקן וואוקס פון דער נייער ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך. פאַר פיל טוער איז דאָס אָבער געווען אַ נייע, נאָך נישט גענוג אויפגעקלערטע פראַגע. איז דערי־בער ניט קיין וואונדער, אַז מיללס רייד האָבן ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אויפן צוזאַמענפאָר.

שוין אין פעריאָד, ווען דזשאַן מילל האָט געאַרבעט אין וואַרשע, האָט די נאַציאָנאַלע פראַגע אים שטאַרק באַשעפטיקט, סיי טעאָרעטיש סיי פּראַקטיש. מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, אין זיינע מעמואַרן, האָט דזשאַן מילל געשילדערט דעם וועג, וועלכן ער האָט דורכגעמאַכט ביזן באַוואוסט־זיין פון דער נויטיקייט, אַז אין בונדישן פּראָגראַם דאַרף אַריינגענומען ווערן די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

„אַ לאַנגע צייט — דערציילט ער — האָבן די יידישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן געזען אין דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג די גרענעץ פון זייערע ספּעציעל־יידישע פאָדערונגען"... „אַרום 1898 באַווייזן זיך, הויפּט־זעכלעך אין וואַרשע, סימנים, נאָך שוואַכע, ניט גאַנץ קלאָרע, וואָס זאָגן אָן, אַז די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג באַפרידיקט שוין מער ניט, אַז אונזער נאַציאָנאַלע פּראָבלעם נויטיקט זיך אין אַ טיפערן אַנאַליז און אין אַ ברייטערער גרינטלעכער לייזונג. דער פאַרביטערטער קאַמף, וואָס די פּ.פּ.ס. האָט ניט אויפגעהערט צו פירן מיטן 'בונד', איז געווען ווי אויל אויפן פייער"... „עס האָט זיך געפילט, אַז די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, אַזוי ווי דער 'בונד' האָט זי אַרויסגעשטעלט, איז טאַקע ניט געווען צוגעפּאַסט צו די פּוילישע באַדינגונגען. מיר האָבן געזוכט אַן אויסוועג. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז געוואָרן אַן אייביקע טעמע אויף כמעט אַלע צוזאַמענקונפטן, אויף אַלע בונדישע פאַרזאַמלונגען און דעבאַטן. מיר זיינען געווען קעגן די היסטאָריש־טעריטאָריאַלע שטרעבונגען פון דער פּ.פּ.ס., אָבער אין דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג און אין דעם זעלבסט־

באַשטימונגס־רעכט פון נאַציעס (וואָס דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. האָט פּראָקלאַמירט — ח. ש. ק.) האָבן מיר אויך ניט געקענט זען דעם ריכטיקן ענטפער"[25].

זינט דזשאַן מילל האָט אָנהייב 1898 זיך באַקענט מיט קאַרל קאַוטסקיס אַרטיקל אינעם דייטשן זשורנאַל „נויע צייט" — א.ג. דער קאַמף פון די נאַציאָנען אין עסטרייך, איז מיללס שטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע נאָך מער פּאַרפעסטיקט געוואָרן. קאַוטסקי איז אינעם אָנגערופענעם אַרטיקל אַרויסגעטרעטן קעגן דעם היסטאָריש־טעריטאָריאַלן פּרינציפּ אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. פאַר געוויסע בונדיסטן פון יענער צייט איז דאָס אַלץ געווען „אַ שפּרונג אין נאַציאָנאַליזם". איז טאַקע ניט קיין וואונדער, וואָס דער גרעסטער טייל דעלעגאַטן אויפן צוזאַמענפאָר האָט אַרויסגעוויזן אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום פּאָרשלאַג און צו די אידייען פון מיללס רעפעראַט.

דזשאַן מילל שילדערט אַזוי די אַרויסטרעטונגען פונם דאָזיקן קעגנערישן צד: „די אַלטע ריכטונג, וואָס לויט איר האָבן מיר געדאַרפט קעמפן אין רוסלאַנד בלויז פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג און ניט פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, האָט געהאַט אַלס וואָרטזאָגער פינאַיען (ראָזענטאַל), ירחמיאלן און טאַראַסן. די נייע טענדענצן, די טענדענצן פון 'אידישען אַרבייטער' און פון אויסלענדישן קאָמיטעט, זיינען געווען פאַרגעטראָגן און פאַרטיידיקט פון מיר. דערביי בין איך געווען אונטערשטיצט דורך אַ פּאָר אַרבעטער, — איינער סינאַי — ער איז געשטאָרבן אין 1905 אין זשענעוו פון טובערקולאָז — און נאָך פון עמעצן. די דעבאַטן זיינען געווען היציקע, אויפגערעגטע. אַ קליינע מינאָריטעט — דאַכט זיך אַ צוויי אָדער דריי דעלעגאַטן — האָבן ניט נאָר ניט געוואָלט הערן און וויסן וועגן וועלכע עס איז ענדערונגען אין אונזער שטעלונג צו דער יידישער פּראַגע, נאָר זיי האָבן אַפילו מורא געהאַט די יידישע פּראַגע צו דערמאָנען. אַלץ וואָס האָט כאָטש עטוואָס געשמעקט מיט נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, איז געווען פאַר זיי טריף. זיי האָבן געזען אַ נאַציאָנאַליסטישע געפאַר אַפילו אין דעם איינפאַכן אָפּגעבן צו פיל אָרט פאַר אַרטיקלען וועגן יידיש לעבן אָדער בכלל פאַר אַרטיקלען מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט"... „אָבער, ווי שוין געזאָגט, האָבן די מענטשן מיט אַזאַ צוגאַנג פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גאַר קליינע מינדערהייט. די מערהייט איז באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך נאָך אַפילו געהאַלטן פאַרן אַלטן שטאַנדפּונקט, דאָס הייסט, אַז מיר פאָדערן בלויז גלייכע בירגערלעכע רעכט און נישט נאַציאָנאַלע, אָבער זיי האָבן פונדעסטוועגן געזוכט בעסער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די נייע טענדענצן און צו געפינען אַ ריכטיקן סאָציאַליסטישן אויסוועג"[26].

די אַרבייטער שטימע (נומער 16) גיט איבער די „ווידערלייגונגען" קעגן דזשאַנס טעזיסן מצד די קעגנערישע דעלעגאַטן — אין אַזעלכע ווערטער:

„די דאָזיקע אָראַטאָרס האָבן אויפגעוויזן, אַז מיר, סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד, דאַרפן זען אויסצומיידן אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע קענען אָפּציען דעם פּראָלעטאַריאַטס אויפמערקזאַמקייט פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן

פאַר דעם נוץ פון זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. מיר האָבן דערווייל נעני־טערע אויפגאַבן, אין וועלכע עס דאַרף זיין פאַראינטערעסירט דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד גאָר אָן אַן אונטערשייד, צו וועלכער נאַציע ער געהערט. דאָס איז די אויפגאַבע צו דערשלאָגן זיך פּאָליטישע פרייהייט. מיר טאָרן דעריבער ניט צעברעקלען אונזערע קרעפטן, דורך וועלכע מיר קענען דערוועבן די דאָזיקע פּאָליטישע פרייהייט, אויף נאַציאָנאַלע פאָדע־רונגען, — פאָדערונגען וועלכע מאַכן שווערער צו דערגרייכן אונזער נאָנטסטן ציל — די פאַרניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג. איבערגייענדיק ווייטער צו דעם פּונקט פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן און אויסדריקנדיק אַ גרויסן צווייפל וועגן דעם צי אַזאַ גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן וועט האָבן ווען עס איז אין דער צוקונפט אַ פעסטן באָדן פאַר זיך, האָבן אייניקע פון די דאָזיקע רעדנערס באַמערקט, אַז דערביישפּיל, וועלכן געגאָסע א. האָט געבראַכט פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט אין פּויזן, באַווייזט אין גרונט מער ניט, אַז די דייטשע קאָנסטיטוציע איז ווייניק דעמאָקראַטיש, ווייל נאָך דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע האָט דער רעגירונגס־קאָמיסאַר דאָס רעכט פעסט צו מאַכן יעדע פאַרזאַמלונג, אויב די רעדעס פון די אָראַטאָרן געפעלן אים ניט. אויפן גרונט פון דעם דאָזיקן פּונקט פאָדערט דער קאָמיסאַר, אַז מען זאָל ריידן אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס ער פאַרשטייט. אַזעלכע צופאַלן קומען ניט פאָר, למשל, אין ענגלאַנד און אַמעריקע. דער דאָזיקער ביישפּיל, אַלזאָ, באַווייזט ניט מער, אַז מיר דאַרפן פאָדערן אַ קאָנסטיטוציע אַ מער דעמאָקראַ־טישע, ווי אין דייטשלאַנד".

נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „דער 'בונד', צווישן זיינע פּאָליטישע פאָדערונגען, שטעלט אַרויס נאָר ביר־גערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און ניט נאַציאָנאַלע. און כדי צו געבן די מעגלעכקייט אונזערע גענאָסן אויסצושפּרעכן זייערע מיינונגען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, זאָל מען עפענען אין אידישען אַרבייטער אַן אָפּטיילונג, אונטערן נאָמען 'דיסקוסיע', וואו עס וועט זיך דעבאַטירן די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יעדן אויטאָר".

דאָס איז געווען דער סך־הכל פון דער גרויסער דיסקוסיע אויפן דריטן צוזאַמענפאָר, אָבער מען טאָר ניט בשום אופן אונטערשעצן דעם ווערט פון אָט דער דיסקוסיע. „עס איז קלאָר געווען פון סאַמע אָנהייב אָן — שרייבט דזשאַן מילל — אַז קיינע פראָגראַם־ענדערונגען וועט מען דערווייל ניט מאַכן. אייגנטלעך האָב איך דאָס אַליין אויך ניט דערוואַרט. צו יונג איז געווען די פראַגע, צו פרעמד איז זי געווען ביז גאָרניט לאַנג צוריק, צו ווייניק האָט מען נאָך וועגן איר גערעדט ניט בלויז אין אונזער פרעסע, נאָר אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור בכלל. אַ צו ראַדיקאַלע ווענדונג וואָלט דאָס געווען אין דער גאַנצער וועלט־אָנשויאונג פון ס'רוב פון די דעמאָלטיקע בונדיסטן"... „די רעזאָלוציע פון דריטן צוזאַמענפאָר האָט דאַן אָפּגעשפּיגלט אָט דעם גייסטיקן צושטאַנד פון די דעלעגאַטן, זייערע ספקות און אומאַנט־שלאָסנקייט. מען האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ פרייע דיסקוסיע וועגן דער

יידישער און, אין פֿאַרבינדונג מיט דעם, וועגן דער פּוילישער פֿראַגע. דאָס איז געווען דער מאַקסימום, וואָס מען האָט געקענט דערוואַרטן פֿון צוזאַמענ־פֿאָר. יעדנפֿאַלס, דער ערשטער וויכטיקער שריט צו דער שפּעטערדיקער מאָדיפֿיקאַציע פֿון דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם איז געמאַכט געוואָרן. עס האָט זיך אין ‚בונד‘ געעפֿנט אַ טיר פֿאַר אַ נייעם צוגאַנג צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע" [27]).

***

וועגן די באַציאונגען צו פּ.פּ.ס. און צו איר טאַקטיק לגבי דעם בונד האָט דער צוזאַמענפֿאָר באַשטימט: „עפֿענען אין אידישען אַרבייטער אַ פֿרייע דיסקוסיע, אויף דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון יעדן אויטאָר, וועגן דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן. און אַזוי ווי די עקזיסטירונג פֿון ‚בונד‘ איז בויט־ווענדיק פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון קלאַסנבאַוואוסטזיין פֿון יידישן פּראָלע־טאַריאַט, אַזוי ווי די פּ.פּ.ס. מיינט מיט אירע אָנפֿאַלונגען אויפֿן ‚בונד‘ אָפּ־צושוואַכן זיין זעלבשטענדיקייט און עקזיסטענץ, האָט דער צוזאַמענפֿאָר באַ־שטימט צו קעמפֿן קעגן דער דאָזיקער טאַקטיק פֿון דער פּוילישער פּאַרטיי מיט אַלע פּאַסנדע מיטלען".

וועגן די באַציאונגען צווישן דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע און דעם צענטראַלן קאָמיטעט פֿון בונד האָט דער צוזאַמענפֿאָר באַשטימט, אַז די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע בלייבט, ווי ביז איצט, דעם בונדס פֿאָרשטייער אין אויסלאַנד און גיט אַרויס דעם אידישען אַרבייטער אין נאָמען פֿון בונד. אויף דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע לייגט דער צוזאַמענפֿאָר אַרויף די פֿליכט אויסצוקלייבן אַ דעלעגאַציע פֿון בונד צו דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־קאָנגרעס אין פּאַריז. דערביי האָט דער צוזאַמענ־פֿאָר אויסגעדריקט זיין וואונטש, אַז עס זאָל אָפּגעדרוקט ווערן אַ באַריכט צום קאָנגרעס לויט די באַריכטן פֿון די אָרטיקע פֿאָרשטייער און לויט די מאַטעריאַלן, וועלכע וועלן צוגעשיקט ווערן.

***

דער דריטער צוזאַמענפֿאָר האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט דער אָפּשאַצונג פֿון די צוויי אָרגאַנען פֿון בונד — די אַרבייטער שטימע און דער אידישער אַרבייטער. אייניקע אָנטיילנעמער אין דער דיסקוסיע האָבן אָנגעוויזן, אַז ביידע אָרגאַנען זיינען ניט אימשטאַנד צו באַפֿרידיקן די פֿאָדערונגען פֿון יידישן אַרבעטער אין אַן אַרבעטער־צייטונג; אייניקע אָפּטיילונגען געפֿינען זיך אי אין אַרבייטער שטימע אי אין אידישען אַרבייטער. פֿאַרקערט, די אויסלענדישע אָפּטיילונג איז אין ביידע אָרגאַנען צו קליין און אָרים און גיט דעם יידישן אַרבעטער אַ קליינע פֿאָרשטעלונג וועגן לעבן פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט אין אויסלאַנד; עס ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז עס איז נויטיק צו געבן מער וויסנ־

שאַפּטלעכע אַרטיקלען, אויף וועלכע עס וואַקסט די נאָכפראַגע פון טאָג צו טאָג. דער צוזאַמענפאַר האָט באַשטימט:

„דער כאַראַקטער פון דער אַרבייטער שטימע זאָל בלייבן כמעט דער זעלבער, וועלכן זי טראָגט איצט. די אָפּטיילונג 'וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד' אין אידישען אַרבייטער געפינט דער צוזאַמענפאַר פאַר ניט נויטיק. דער אידישער אַרבייטער זאָל אָנווענדן זיינע געדאַנקען איבערהויפּט אויף וויסנ־שאַפּטלעכע אַרטיקלען און אויפן אויסלענדישן לעבן. קאָרעספּאָנדענציעס פון רוסלאַנד וועגן אַלטעגלעכן רעוואָלוציאָנעם לעבן געפינט דער צוזאַמענפאַר פאַר איבעריק. כדי צו באַפרידיקן די באַדערפעניש אין אַגיטאַציע־צייטונגען, רעקאָמענדירט דער צוזאַמענפאַר די אָרטיקע קאָמיטעטן אַרויסצוגעבן אָרטיקע אָרגאַנען".

„אַרויסצוגעבן אָרטיקע אָרגאַנען האָט מען שוין באַשטימט אויפן פריער־דיקן צוזאַמענפאַר, נאָר צוליב קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען איז ניט געווען מעגלעך אָפיציעל מודיע צו זיין דעם באַשלוס, אָבער די דאָזיקע באַשטימונג איז דערפילט געוואָרן: במשך דער צייט זיינען דערשינען 3 נומערן 'וועקער', צוויי נומערן 'וואַרשעווער אַרבייטער', 1 נומער 'ביאַליסטאָקער אַרבייטער' און צוויי 'פלוג־בלעטלעך' פון ביאַליסטאָקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָ־מיטעט. איצט האָט דער צוזאַמענפאַר דערלויבט דעם ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דעם 'קלאַסן־קאַמף' אין זיין אייגענעם נאָמען. די דאָזיקע אָרגאַנען דאַרפן זיך פאַרנעמען נאָר מיט די אָרטיקע אינטערעסן פון די אַרבעטער און מיט אַזעלכע פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צום לעבן פון דער אָרטיקער אַרבעטער־מאַסע.

ענדיקנדיק מיט די דאָזיקע פראַגן און אויסקלייבנדיק דעם צענטראַלן קאָמיטעט, האָט זיך דער צוזאַמענפאַר געשלאָסן".

אין נייעם צ.ק. זיינען אַריין דוד קאַץ (טאַראַס), ס. זעלדאָוו און נאָך איי־נער. זעלדאָוו איז אין גיכן אַריבערגעפאָרן קיין פעטערבורג, און זיך באַ־טייליקט אין דער דאָרטיקער באַוועגונג. אין פעטערבורג איז זעלדאָוו געוואָרן איינער פון די פירער פון דער אָרטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַ־ניזאַציע. צווישן אַנדערן האָט ער אין וואַרשע, אויף גזשיבאָווסקע גאַס נומער 11, געהאָלפן איינאָרדענען אַ רוסישע געהיימע דרוקעריי, וואו מ'האָט געדרוקט די אויסגאַבעס פון דער פעטערבורגער אָרגאַניזאַציע. דאָס זאָל האָבן געווען אַ בשותפותדיקע דרוקעריי פון בונד און דער פעטערבורגער ס.ד.־אָרגאַניזאַציע. לויט בייניש מיכאַלעוויטשן, האָט די פעטערבורגער אָר־גאַניזאַציע געגעבן דעם צ.ק. פון בונד צושטייער געלט צו שאַפן רוסישע שריפט פאַר דער בונדישער דרוקעריי אין וואַרשע און דאָרט האָט מען גע־דרוקט די רוסישע בראָשורן און אַנדערע אויסגאַבעס פון פעטערבורג [28]. אויך פאַוועל ראַזענטאַל באַשטעטיקט, אַז „די דרוקעריי פון 'בונד' האָט זיך באַזאָרגט מיט רוסישן זאַץ און פלעגט דרוקן ליטעראַטור פאַר פעטערבורג". „לויט אַן אָפּמאַך מיטן פעטערבורגער 'קאַמפּס־בונד' האָבן מיר געהאַט דאָס רעכט צו באַנוצן דעם רוסישן זאַץ פאַר זיך" (ד.ה. אויך פאַרן בונד) [29].

פאַקטיש איז טאַראַס אַליין געווען דער צ.ק.. מען האָט געוואָלט אויסקלייבן אין צ.ק. אויך פּאַוועל ראָזענטאַלן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. אין האַרבסט 1899 איז אָנגעקומען בשלום אין יידישן תחום נאָך זיין געלונגענעם אַנט־לויפן פון פאַרשיקונג אין סיביר נח (פּאָרטנעי), ער איז גיך קאָאָפּטירט געוואָרן דורך טאַראַסן אין צענטראַל־קאָמיטעט. פּאַוועל ראָזענטאַל דערציילט: אַרום סעפּטעמבער 1900 האָט אים נח מיטגעטיילט, אַז מ׳האָט אים, ראָזענטאַלן, „קאָאָפּטירט אין צ.ק.„ וועלכער באַשטייט אויף אַזאַ אופן פון 3 מאַן. טאַראַס וועט פאַרוואַלטן מיט דער טעכניק און וועט אַרומפאָרן איבער די ערטער, און מיר אין צווייען וועלן וואוינען אין ביאַליסטאָק. פון דעם מאָמענט אָן איז ביאַליסטאָק אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָר געווען די רע־זידענץ פון צ.ק., און אונזער דירה (פון די ראָזענטאַלס — פּאַוועל און אַנע — ה. ש. ק.) ווערט דער צענטער פון דער רעזידענץ"[30]).

***

דער דריטער צוזאַמענפאָר האָט בכן געעפנט דעם וועג פאַר דער ווייטער־דיקער אַנטוויקלונג פון בונד. ער האָט געמאַכט אָרדענונג אין דער בונדישער „ווירטשאַפט" און צעמענטירט די כוחות, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אי־בער צענטליקער שטעט און שטעטלעך; פאַרבונדן די באַוועגונג מיט די טוערס פון אויסלענדישן קאָמיטעט; געמאַכט דעם ערשטן שריט צו דער שפּעטערדיקער פאָרמול פון נאַציאָנאַלע רעכט; דיסקאָנטירט די אויפטועו און פאַרמעסטן פון די עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס און געמוטיקט צו שאַפן נייע, האָט פּראַקטיש און פאַקטיש געפעסטיקט די יסודות פון דער אָרגאַניזאַציע פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

זייער בולט איז געקומען צום אויסדרוק אָט דער באַוואוסטזיין פונם וואוקס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם אויפרוף פון אויס־לענדישן קאָמיטעט פון בונד, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אידישען אַרבייטער נומ. 8, דעצעמבער 1899. אין פאַריז האָט געדאַרפט זיך צוזאַמענ־קומען אין 1900 דער 5־טער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, דער אויסלענדישער קאָמיטעט האָט אויפגעהויבן די פראַגע, אַז דאָס מאָל דאַרף די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָבן אויפן קאָנגרעס אַן אייגענע זעלבשטענדיקע דעלעגאַציע. אינעם אויפרוף ווערט געזאָגט:

„דער יידישער אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאַט האָט אין די לעצטע עטלעכע יאָרן זיך פעסט געשטעלט אויף די פיס, אונזער אַרבעטער־באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן, אונזער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן שטאַרקער. מיר זיינען גע־וואָרן אַ כוח, וועלכער שפּילט אין דעם רעוואָלוציאָנערן לעבן אין רוסלאַנד גאָר ניט קיין קליינע ראָל. מיר האָבן דעריבער רעכט אויף אַ גרויסער דע־פּוטאַציע, אויף אַ דעפּוטאַציע וואָס זאָל אויסדריקן און אַנטשפּרעכן אונזער כוח, אונזער טעטיקייט, אונזערווירקלעכע באַדייטונג".

דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד איז געווען אַ נייער וויכטיקער עטאַפּ אין אָט דער פּראָגרעסירנדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג, אין דער אַנטוויקלונג פון בונד.

# 6. דער אויסלענדישער קאָמיטעט

ווען דזשאַן מילל האָט בשעת די גרויסע זובאַטאָווישע אַרעסטן פֿון 26 יולי 1898 פֿאַרלאָזט רוסלאַנד, איז ביי אים רייף געוואָרן אַ פּראָיעקט וועגן אַוועקשטעלן אין זשענעוו אַ בונדישע דרוקעריי, וואָס זאָל באַזאָרגן די יונגע באַוועגונג מיט דער אַזוי נויטיקער ליטעראַטור. פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָט ער אַרומגערעדט די פֿראַגע מיט אַרקאַדי קרעמער און וולאַדימיר קאָסאָווסקי. מען האָט זיך קלאָר געמאַכט אַלע שוועריקייטן פֿון אַזאַ אונטערנעמונג, אָבער דער יונגער ענערגישער דזשאַן האָט געגלויבט אין זיינע כוחות און פֿאַרבינדונגען, און איז געווען פֿול מיט האָפֿענונגען.

אין דער שווייץ האָט זיך געפֿונען איינער פֿון די פּיאָנערן פֿון בונד, צמח קאָפּעלזאָן (טימאָפֿיי, גרישין), וועלכער איז פֿריער דאָ געווען דער פֿאַרטרעטער פֿון דער ווילנער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און איר פֿאַרבינדער מיט די ניט־יידישע סאָציאַליסטישע גרופּעס אין אויסלאַנד. אָט די צוויי, דזשאַן און טימאָפֿיי, האָבן באַלד נאָך די גרויסע אַרעסטן גענומען בויען אַ שטאַרקע פּאָזיציע פֿאַרן בונד אין אויסלאַנד. זיי האָבן איינגעשטעלט פֿאַרבינדונגען מיט די צאָלרייכע גרופּעס אין די סטודענטישע קאָלאָניעס אין שווייץ און דייטשלאַנד, זיי האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, זיי האָבן זיך באַלד געשטעלט אין סיסטעמאַטישער פֿאַרבינדונג מיט טאַראַסן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער איינציקער אויספֿירער פֿון די אַרבעטן פֿונם צענטראַל־קאָמיטעט. ס׳האָט זיך אויך דערנענטערט דער מאָמענט פֿון פֿאַרווירקלעכן דעם אַלטן פּראָיעקט פֿון אַוועקשטעלן אַן אייגענע דרוקעריי און אויסבויען אַ בראָשורן־ און ביכער־פֿאַרלאַג אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב. און אין דעצעמבער 1898 איז געשאַפֿן געוואָרן דער אויסלענדישער קאָמיטעט פֿון בונד.

די גרינדונג פֿון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון בונד איז געמאָלדן געוואָרן דער עפֿנטלעכקייט יאַנואַר 1899 אין אַן אויפֿרוף „צו די יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס וואוינען אין אויסלאַנד״; דער אויפֿרוף איז איבערגעדרוקט אין זעקסטן נומער דער אידישער אַרבייטער (מערץ 1899). ס׳ווערט דאָ דערציילט וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד, וועגן איר אַריבערגיין פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, וועגן דעם ווי אַזוי די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג און צום באַוואוסטזיין, אַז כדי „אַריינצופֿירן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין אין דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט לאַנג און ברייט, כדי בעסער צו פֿאַרהיטן זיינע קלאַסן־אינטערעסן,



ТОВАРИЩИ, РАСПРОСТРАНЯЙТЕ „ARBEITERSTIMME“

№ 25

DIE Arbeiterstimme

(РАБОЧІЙ ГОЛОСЪ)

Социальдемократическая Рабочая Газета.

ОРГАНЪ

всеобщаго еврейскаго рабочаго союза въ Литвѣ, Польшѣ и Россіи.

Рабочіе всѣхъ странъ, соединяйтесь.

Сила рабочихъ въ единеніи.

По рѣшенію 4-го съѣзда Бунда этотъ номеръ изданъ юбилейнымъ.

Декабрь 1901 г.

Годъ V.

Печать вольная и подневольная.

Towarzysze, rozpowszechniajcie „Arbeiterstimme“!

No. 25.

Die Arbeiterstimme

(Głos Robotniczy)

Socyaldemokratyczne pismo robotnicze.

Organ Ogólno-żydowskiego Związku Robotniczego na Litwie, w Polsce i Rosyi.

Grudzień

ROK V.

1901.

Jedność — to potęga robotników.

Robotnicy wszystkich krajów, łączcie się!

Numer niniejszy wydany został, jako jubileuszowy, na mocy postanowienia czwartego zjazdu „Bundu“.

Prasa legalna

№ 25

די ארבייטער שטיממע

א סאציאלדעמאקראטישע ארבייטער צייטונג

1901

די פרייע און פערשקלאפטע פרעסע

די אַרבייטער־שטימע — דער אונטערערדישער צענטראַל־אָרגאַן פון בונד. דער 25־טער יובּילײ־נומער איז דערשינען אין דריי שפּראַכן: יידיש, רוסיש, פּויליש.




אַרטיקע אונטערערדישע אָרגאַנען פון בונד: ווילנער, מינסקער, ביאַליסטאָקער, וואַרשעווער — געדרוקט אין די געהיימע בונדישע דרוקערייען.

מוז מען האָבן ניט אַנדערש אַ ליטעראַטור אויף אַזאַ שפּראַך, אויף וועלכער עס פּאַרשטייט און רעדט די גאַנצע יידישע מאַסע, ד.ה. אויף דעם יידישן זשאַרגאָן".

ווייטער שילדערט דער אויפרוף די אַלגעמיינע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון יידישן אַרבעטער־קלאַס אין צאַרישן רוס־לאַנד:

„די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט דייטלעך דערזען, אַז די יידישע שלעכטע פּאָליטישע לאַגע האָט זייער אַ גרויסן חלק אין דעם ניט גוט פון דעם יידישן פּראָלעטאַריער. איבער דעם שרעקלעכן 'גלות' ווערט ער ביי זיך אַליין אָן דעם מהות מענטש, ווערט שטאַרק פּאַראַרימט, באַקומט זייער וויניק באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט, בלייבט אומגעבילדעט און פאַנאַטיש. בעת דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריער ליידט ווי אַ פּראָלעטאַריער בכלל פון די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בלוט־זויגער, ליידט דער יידישער פּראָלע־טאַריער נאָך פאַר זיין שרעקלעכן חטא וואָס ער איז אַ ייד. פון אַלע אויסנאַמס־געזעצן אָדער, ווי דער ייד רופט זיי אויף זיין גלות־לשון, קורץ און שאַרף 'גזירות', ליידן כמעט נאָר די פּראָלעטאַריער (די בורזשואַזיע זייער זעלטן). בירגערלעכע אומגלייכקייט ('יידישע פּראַוועס'), די באַרימטע 'טשערטאַ אָסיעדלאָסטי', די צוזאַמענגעפּרעסטע יידישע מאַסע אין די שטעט, פון די אַרויסגעטריבענע פון די דערפער און הייפן, דאָס זיינען די אורזאַכן, וואָס מאַכן אַלץ גרעסער די מחנה פון דעם לומפּנפּראָלעטאַריאַט, מאַכן אָן קאָנ־קורענץ צווישן די אַרבייטער גופא און שטערן דערמיט זיך אַליין אין זייער קאַמף מיט דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע פון די יידישע קאַפּיטאַליסטן. איבער די צוויי אורזאַכן וויל מען האָט געמוזט אייננפירן אַ מינדלעכע און שריפטלעכע אַגיטאַציע דווקא אין זשאַרגאָן, און וויל מען איז דערגאַנגען ווי נייטיק עס איז צו קעמפן פאַר די ספּעציעלע יידישע רעכט, איז אַריין דער רעיון צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן פּראָלע־טאַריאַט. אָט אַזוי איז געוואָרן 'דער אַלגעמיינער יידישער אַרבייטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילן'."

דער אויפרוף דערציילט וועגן דער טעטיקייט פון בונד פאַר די פאַרלאָ־פענע יאָר און ער שילדערט די פאַרפאָלגונגען מצד דער רעגירונג און אירע אָרגאַנען:

„אַזאַ ענערגישע אַרבייט פון דעם 'אידישן אַרבייטער־בונד' האָט, פאַר־שטייט זיך, אַרויסגערופן מוראדיקע רדיפות פון דער רוסישער רעגירונג. עס זיינען אויסגעוואַקסן שפּיאָנען ווי ווערים ווי פון אונטער דער ערד אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך; אין איין יאָר האָט מען אַרעסטירט הונדערטער יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן, מען האָט געפונען 2 יידישע געהיימע דרוקערייען א.א.וו.. אָבער די אַלע שרעקלעכע רדיפות האָבן ניט אָפּגע־שטעלט די באַוועגונג, ניט צעשטערט די אָרגאַניזאַציע, ניט אָפּגעהאַלטן דאָס וואַקסן פון דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין אין דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ער גייט מיט מוט און מיט שטאָלץ אַלץ ווייטער און ווערט שטאַרקער

און שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. אָבער ערשטנס רייסן אַרויס זייער אָפּט די רדיפות פון דער רוסישער רעגירונג טרייע, נוצלעכע און טאַלאַנטפולע מיטגלידער פון דעם „יידישן בונד" און שטערן דערמיט דאָס סיסטעמאַטישע אַרויסגעבן פון ליטעראַטור גופא אין רוסלאַנד. צווייטנס פאָדערט דער יידישער פראָלעטאַריאַט וואָס ווייטער אַלץ מער ליטעראַטור און ניט דווקא אַגיטאַציאָנע, נאָר אויך וויסנשאַפטלעכע פון פּראָפּאַגאַנדישן כאַראַקטער, מיט וועלכע אונזערע פּראַקטיש־טעטיקע גענאָסן אין רוסלאַנד קאָנען זיך ניט פאַרנעמען. די צוויי אורזאַכן האָבן געבראַכט דערצו, אַז עס האָט זיך געמוזט בילדן אין אויסלאַנד אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז מיט דער טעטיקייט פון „בונד" מסכים. און אַזוי האָט זיך ניט לאַנג געבילדעט די „אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע פון דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילן", וועלכע איז אַן אויטאָנאָמער טייל פון דעם אויסלענדישן רוסישן סאָציאַל־דע־מאָקראַטישן בונד" (פאַרבאַנד).

צום שלוס האָט דער אויפרוף אויפגעפאָדערט אַלע סימפּאַטיקער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג צו קומען צו הילף און אונטערשטיצן דעם בונד אין זיין שווערער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט.

דעם דאָזיקן אויסלענדישן קאָמיטעט איז באַשערט געוואָרן צו שפּילן אַ גאַר גרויסע ראָל אין לעבן פון בונד. ער האָט אַנטוויקלט אַ פילזייטיקע טעטיקייט — אַ פאַרלעגערישע און ליטעראַרישע, אַ פינאַנציעלע און אידעאָלאָגישע. מיט דער צייט האָט זיך דער אויסלענדישער קאָמיטעט כמעט ווי פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציע צום צענטראַל־קאָמיטעט. „זיין רעאַגירן אויף פּראָבלעמען פון טאָג, זיין שטעלונג וועגן פראַגן פון פּרינציפּ און טאַקטיק, זיין איניציאַטיוו אין אָרגאַניזאַציע־פראַגן, זיין האַנדלונג אין אינטערפּאַרטייאישע באַציאונגען האָבן געהאַט אָפטמאָל נישט קיין קלענערן ווערט און אויטאָריטעט, ווי די באַשלוסן און שטעלונג פון צענטראַל־קאָמיטעט גופא. פאַקטיש האָט דער צ.ק. זעלטן וועגן אָנגענומען באַשלוסן אָן דעם וויסן און אָן אַ פאַרשטענדיקונג מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט. מ'קען זאָגן, אַזביידע אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן אַזוי פאַרקניפּט, אַז זיי האָבן געבילדעט אין סאָלידע „פאַמיליע" און געשאַפן אַ מין געשלאָסענע איינהייט, געבונדן אַפילו דורכן פערזאָנען־צוזאַמענשטעל" [31].

ביזן אָנקומען פון אַרקאַדי קרעמער און וולאַדימיר קאָסאָווסקי קיין אויסלאַנד (אויגוסט 1900) איז פאַקטיש די גאַנצע אַרבעט פונם אויסלענדישן קאָמיטעט געלעגן אויף די פּלייצעס פון דזשאָן מילל. ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין אויסלאַנד, האָבן זיי איבערגענומען די רעדאַקציע פון אידישען אַרבייטער. (ביז נומער 6 האָט דעם זשורנאַל רעדאַגירט קאָסאָווסקי, פון 6 ביז 11 — דזשאָן מילל). זיי האָבן אויך איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דער דרוקעריי און פאַרלאַג. די גאַנצע איבעריקע אַרבעט — קאָנספּיראַטיווע פאַרבינדונגען מיט די אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, פינאַנציעלע ענינים און דער עיקר די אָרגאַניזאַציע פון טראַנספּאָרטירן די אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, איז ווייטער געלעגן אין די הענט פון דזשאָן מילל.

אין די יאָרן נאָך זיין קומען קיין אויסלאַנד האָט דזשאַן מילל באַזוכט די שטעט, וואו ס׳זיינען געווען גרויסע סטודענטישע קאָלאָניעס, און ער האָט דאָרט געגרינדעט בונדישע גרופּעס. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען די אוני־ווערזיטעט־שטעט פון מערב־און צענטראַל־אייראָפּע געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטער נעץ פון הילפס־גרופּעס פון בונד. סוף דעצעמבער 1901 איז אין בערן (שווייץ) גערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די אַלע גרופּעס און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַל־ביוראָ, וואָס האָט פאַרבונדן די אויסלענדישע בונדישע גרופּעס און אַרבעטער־פאַראייניגן און געפירט אַ פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייט.

די יידישע סטודענטנשאַפט אין אויסלאַנד איז געווען אַ מערקווירדיקער שיכט אינטעליגענץ. זיי זיינען געווען פאַרביטערט קעגן דער צאַרישער רע־גירונג, וועלכע האָט זיי ניט צוגעלאָזט צו העכערער בילדונג און אינטע־ליגענטע פּראָפעסיעס, זיי געצוואונגען צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זוכן בילדונג אין די פרייע לענדער פון מערב־ און צענטראַל־אייראָפּע. הגם אַ סך פון אָט די סטודענטן זיינען געווען אַסימילירט אָדער אַסימילאַ־טאָריש־געשטימט, מיט די באַקאַנטע פּאַראורטיילן לגבי דער יידישער שפּראַך, זיינען זיי דאָך געווען אַ דאַנקבאַרער עלעמענט פאַר דער בונדישער פּראָ־פּאַגאַנדע. די שטאָט בערן גופא האָט שוין לאַנג פאַרמאָגט אַ סטודענטישע גרופּע, וואָס האָט געהאָלפן דעם בונד: איינער פון זיי, י. בלומשטיין, האָט אָנ־געשריבן די באַקאַנטע בראָשור אַ מעשה פון פיר ברידער, ער און אויך אַנדערע האָבן מיטגעאַרבעט אין אידישען אַרבייטער. די בערנער גרופּע האָט אויך איבערגעזעצט אויף יידיש דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, און אַדאַנק איר הילף האָט עס דער אויסלענדישער קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אין 1899. דאָ אין בערן זיינען צום ערשטן מאָל אויפגעטרעטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען די שפּעטער באַקאַנט־געוואָרענע אין בונד מ. ליבער און וו. מעדעם. פון האַרבסט 1900 איז בערן אַ צייט געווען דער זיץ־אָרט פונם אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד. אַרקאַדי קרעמער, וו. קאָ־סאָווסקי און שפּעטער אויך א. מוטניק (געקומען סוף דעצעמבער 1900) האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט.

די אָפיציעלע עפענונג פון דער בערנער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 2 יאַנואַר 1902. פאָרזיצער איז געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי, באַטיי־ליקט האָבן זיך 33 מענטשן. ח׳ קאָסאָווסקי האָט געהאַט דעם ערשטן רע־פעראַט: צו דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און איבערבוי פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אויף פע־דעראַטיווע יסודות. שפּעטער איז דער רעפעראַט אַרויס ווי אַ באַזונדערע בראָשור מיט דער אונטערשריפט פון צ.ק., דער רעפעראַט האָט באַגרינדעט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון בונד (דאָס איז געווען בערך אַ האַלב יאָר נאָכן פערטן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע). דער רעפעראַט האָט אַרויסגערופן אַ לעבהאַפטע דיסקו־סיע, אָבער קיין שום רעזאָלוציע איז ניט אָפּגעשטימט געוואָרן אין דער

פראַגע. דער עיקר אויפטו פון דער קאָנפערענץ איז געווען די גרינדונג פון
דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון בונד אין דער פאָרם פון אַ פאַראייני־
קונג פון די איינצלנע גרופּעס. די דאָזיקע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע איז
געווען טעטיק אַלע ווייטערדיקע יאָרן און זי איז געשטאַנען אין דירעקטער
פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן,
אַז „די גרופּעס פאַרנעמען זיך מיט אונטערשטיצן, דורכן אויסלענדישן קאָ־
מיטעט, די טעטיקייט פון 'בונד' אין רוסלאַנד. זיי מוזן שאַפן מאַטעריעלע
מיטלען און מיטהעלפן אויך אויפן ליטעראַרישן געביט: פּראָפּאַגאַנדירן די
אידייען פון 'בונד' צווישן דער אויסלענדישער סטודענטישער יוגנט (פון
רוסלאַנד און פוילן) און צווישן די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן איינגע־
וואַנדערט פון דאָרטן; צוגרייטן טוער פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַ־
וועגונג אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד; אינפאָרמירן די מערב־אייראָפּעאישע
עפנטלעכע מיינונג וועגן דעם קאַמף פון 'בונד' און אַרויסרופן צו אים
אינטערעס"... „די 'אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע', ווי מיר האָבן זי די גאַנצע
צייט אָנגערופן, איז באַשטאַנען נאָר פון בונדישע גרופּעס און בונדישע אַר־
בעטער־פאַראיינען אין אייראָפּע. די צאָל מיטגלידער אין די אַלע גרופּעס
און פאַראיינען איז אין געוויסע צייטן דערגאַנגען ביז טויזנט" [32]).

בראש פון די פאַראייניקטע אויסלענדישע גרופּעס איז געשטאַנען אַ
צענטראַל־ביוראָ, אין וועלכן ס'איז אויך אַריין אַ פאָרשטייער פון אויסלענדישן
קאָמיטעט און וואָס האָט געהאַט דאָס זיץ־אָרט אין בערן. דער ערשטער
סעקרעטאַר פון צענטראַל־ביוראָ איז געווען וולאַדימיר מעדעם, וואָס איז נאָך
זיין אַרעסט אין מינסק אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. נאָך מעדעמען איז סעקרעטאַר
געווען פאַוועל בערמאַן (שפּעטער געווען דער פאַרבינדונג־מאַן פון אויס־
לענדישן קאָמיטעט אין בערלין) און אַ ריי אַנדערע. נאָך בערן איז פון
זומער 1906 דער זיץ־אָרט פון צענטראַל־ביוראָ געווען אין זשענעוו.

די גרופּעס האָבן כמעט יעדן יאָר געהאַט זייער צוזאַמענפאָר. אין
יאַנואַר 1907 איז פאָרגעקומען דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון די גרופּעס,
און עס זיינען דאָ געווען דעלעגאַטן פון 15 גרופּעס, ס"ה 48 מאַן. אויגוסט
1906 האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט דעלעגירט פראַנץ קורסקין אין
צענטראַל־ביוראָ און אַזעלכער איז ער דאָ פאַרבליבן ביזן סוף (1917). דער
לעצטער צוזאַמענפאָר פון די גרופּעס, דער אַכטער, איז פאָרגעקומען אין
דעצעמבער 1913. מיטגלידער פון צענטראַל־ביוראָ זיינען פאַר די אַלע יאָרן
געווען צענטליקער בונדיסטן, וואָס זיינען שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי
וויכטיקע צענטראַלע אָדער אָרטיקע בונדישע טוערס. פאַר הונדערטער
מיטגלידער איז די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע געווען אַ גוטע פּאַרטיי־שול.
דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד.
דורך אים זיינען אַדורך צענטליקער פון די אָנגעזעענסטע פירער און שריי־
בער פון בונד, זיינע בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן און רעדנער. פיל מיטגלידער
פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט זיינען במשך פון די יאָרן אַ קירצערע
אָדער לענגערע צייט געווען מיטגלידער פון אויסלענדישן קאָמיטעט, און

פאַרקערט: פיל מיטגלידער פון אויסלענדישן קאָמיטעט זיינען אין דעם אָדער יענעם פעריאָד געווען מיטגלידער פון צענטראַלן קאָמיטעט.

די פונקציעס פונם אויסלענדישן קאָמיטעט זיינען געווען פאַרשידנאַרטיק: ער האָט רעפּרעזענטירט דעם בונד פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פאַרן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל; ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט איינצלנע בונדיסטן און מיט בונדישע גרופּעס איבער דער גאַנצער וועלט; ער האָט געשאַפן אין אויסלאַנד געלט-מיטלען פאַרן בונד; ער האָט געדרוקט און אַרויסגעגעבן די נויטיקע ליטעראַטור פאַר רוסלאַנד און געהאַלטן אין זיינע הענט דעם טראַנספּאָרט-שמוגל איבער די גרענעצן. די דאָזיקע אַרבעט פון טראַנספּאָרט האָט צייטנווייז דערגרייכט אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם. לויטן באַריכט וואָס דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד האָט אָנגעגעבן סוף 1902 צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ[33] האָט זיך די טראַנספּאָרט-אַרבעט אויסגעדריקט אין אַזעלכע ציפערן: פון אויגוסט 1898 ביז סעפּטעמבער 1900 איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין רוסלאַנד 100 פוד ליטעראַטור און 5 פוד שריפט. פון אָקטאָבער 1901 ביז יאַנואַר 1902 האָט דער טראַנספּאָרט אויסגעמאַכט צו 7.5 פוד חודשלעך. אין 1902 איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן איבער 77 פוד ליטעראַטור און 3.5 פוד שריפט.

אין אַפּריל 1901 האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אויף רוסיש זיין אינפאָרמאַציע-בלאַט פּאָסליעדניאַ איזוויעסטיאַ. די ערשטע 43 נומערן זיינען געווען געשריבן מיט דער האַנט און מימעאָגראַפירט. די ווייטערדיקע נומערן זיינען שוין געדרוקט — פריער אין דער דרוקעריי פון בונד אין לאָנדאָן, שפּעטער אין זשענעוו. די ערשטע דריי נומערן טראָגן ניט קיין דאַטע, דער נומער 4 האָט שוין אַ דאַטע: 23-טער אַפּריל 1901. דער לעצטער נומער (256) איז אַרויס אין יאַנואַר 1906. די צאָל זייטן פון יעדן נומער איז לכתחילה געווען נישט מער ווי צוויי. אָבער וואָס ווייטער ווערט דער פאָרמאַט אַלץ גרעסער און ער דערגייט ביז 16 זייטן. די פּאָסליעדניאַ איזוויעסטיאַ איז געווען זייער אַ לעבעדיקע אויסגאַבע, וועלכע האָט געבראַכט קאָרעספּאָנדענצן און באַריכטן וועגן די פּאָליטישע געשעענישן אין רוסלאַנד און וועגן דער טעטיקייט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין ערן לאַנד. ס'זיינען דאָ אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן פּראָקלאַמאַציעס פונם צענטראַל-קאָמיטעט; פון צייט צו צייט זיינען דאָ אויך געווען געדרוקט אַרטיקלען, געהיימע צירקולאַרן פון דער רעגירונג, א.אַ. די דאָזיקע צייטשריפט איז געוואָרן דער וויכטיקסטער קוואַל פון ידיעות וועגן דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מזרח-איראָפּע.

גלייכצייטיק מיט פּאָסליעדניאַ איזוויעסטיאַ איז אויך אַרויס אויף יידיש מיטן אידענטישן אינהאַלט די לעצטע נאַכריכטען. די נומערן 1 און 2 האָבן געהאַט דעם טיטל נייעסטע נאַכריכטען און די לעצטע נומערן האָבן זיך גערופן די לעטצטע נאַכריכטען אויס רוסלאַנד. ביז דעם נומער 43 איז די אויסגאַבע דערשינען — געשריבן מיט דער האַנט און מימעאָגראַפירט. דעם

26־טן נאָוועמבער 1901 איז אַרויס דער נומער 44־45, שוין געדרוקט, אין לאָנדאָן, אין צוויי זייטן. דעם 19־טן דעצעמבער 1901 איז אַרויס דער נו־מער 46־47, און מער איז שוין די יידישע אויסגאַבע ניט דערשינען. 7 נומערן זייגען אויך אַרויס אין פויליש.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט איז אויך געווען דער איניציאַטאָר און גרינדער פון בונדישן אַרכיוו, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אוצר פון רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור און דאָקומענטן. אָנהויב 1904 האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די צייטשריפטן וויעסטניק בונדאַ (רוסיש) און מאַי 1904 דעם גלאָס בונדו (פויליש).

אין 1900 איז אין פּאַריז פאָרגעקומען דער 5־טער קאָנגרעס פון סאָ־ציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער אויסלענדישער קאָמיטעט האָט אָרגאַ־ניזירט די פאַרטרעטערשאַפט פון בונד, אַלס אויטאָנאָמער טייל פון דער רוס־לענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דעלעגאַציע, אויפן דאָזיקן קאָנגרעס. ער האָט אָפּגעדרוקט אויף דייטש און פראַנצייזיש אַ באַריכט וועגן דער טע־טיקייט פון בונד — לויט די באַריכטן פון צענטראַל־קאָמיטעט און די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. די דעלעגאַציע פון בונד האָט געהאַט 12 מאַנדאַטן און 11 מיטגלידער. די מאַנדאַטן זייגען געווען פון ווילנע, וואַרשע, מינסק, ביאַ־ליסטאָק, לאָדזש, קאָוונע, האָמעל, דווינסק, בערשטער־בונד, צענטראַל־קאָ־מיטעט פון בונד, פון אויסלענדישן קאָמיטעט און פון דער בונדישער אָרגאַ־ניזאַציע אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען דער בונד איז דערשינען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע. אַ סך פערזענלעכע פריינט האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט געוואונען צווישן די פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ביי איר ערשטן אָנטייל אין אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן האָט די בונדישע דעלעגאַציע געהאַט אַ מיכשול און פאַר דעם איז זי עפּנטלעך געטאַדלט גע־וואָרן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. אין אַ קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פון אינטערנאַציאָנאַלן מיליטאַריזם און אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמייען, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס פּראָטעסטירט קעגן אונטערדריקן דאָס פינישע פאָלק און דאָס פוילישע פאָלק אין צאַרישן רוסלאַנד. בונדישע דעלעגאַטן זייגען אין דער קאָמיסיע נישט געווען און קיינער האָט נישט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס אַממערסטן אונטערדריקט פאָלק אין צאַרישן רוסלאַנד איז דאָס יידישע. דערוואוסט זיך פון דעם האָט די בונדישע דעלעגאַציע ערשט, ווען דער פאָרזיצער פון קאָנ־גרעס האָט פאָרגעלייגט דעם פלענום אָנצונעמען די רעזאָלוציע. ביי אַן ענערגישער האַנדלונג וואָלט מען געקענט אין דער לעצטער רגע אַריינטראָגן אַ צוגאָב צו דער רעזאָלוציע, אָבער די דעלעגאַציע האָט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט. דערציילנדיק וועגן דעם, האָט די רעדאַקציע פון בונדישן צענטראַל־אָרגאַן — די אַרבייטער שטימע (נומ׳ 20) — דערקלערט, אַז זי האַלט דאָס „פאַר אַ גרויסן חסרון און מיר מיינען, אַז אונזער דעלעגאַציע האָט ניט מקיים געווען איר אויפגאַבע אין דער פראַגע״.

די רעזאָלוציע פון צ.ק. וועגן דעם ענין זאָגט: „דער צענטראַל־קאָמי־טעט פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילן, אויס־הערנדיק דעם באַריכט פון דער דעלעגאַציע פון ׳בונד׳ אויף דעם אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, שטעלט־פעסט, אַז הגם די דעלעגאַציע האָט בכלל דערפילט איר אויפגאַבע, מוז ער דאָך אויסדריקן זיין באַדויערן צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט געמאַכט אויפמערקזאַם דעם קאָנ־גרעס אויף דער שרעקלעכער אונטערדריקונג, אונטער וועלכער עס געפינט זיך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, בעת דער קאָנגרעס האָט אָנ־גענומען די רעזאָלוציע ׳וועגן רוסישן צאַריזם׳ און מיט דעם אויסגעדריקט די העכסטע פאַראַכטונג צו דער ווילדער, דעספּאָטישער אונטערדריקונג־פּאָליטיק קעגן אייניקע נאַציעס אין רוסלאַנד״.

אין דער ענדגילטיקער און קלאָרער פאָרמולירונג פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָל. אין די יאָרן פון פּאָגראָמען, ווען דער בונד האָט געשאַפן זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציעס, האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט אויסגעפירט די וויכטיקע שליחות פון באַזאָרגן דאָס נויטיקע געווער. א. מוטניק איז אין אויפטראָג פון אויסלענדישן קאָמיטעט ספּעציעל געפאָרן קיין ליעזש, בעלגיע, וואו ער האָט איינגעקויפט אַ גרויסע צאָל רעוואָלווערן, און אַ טראַנס־פּאָרט ברויני־נגס איז אַריבערגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד.

די ראָל און באַדייטונג פונם אויסלענדישן קאָמיטעט אין די יאָרן ערב און בעת דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע, ווי אויך נאָך איר — זיינען געווען גרויס און וויכטיק.

ביזן 3־טן צוזאַמענפאָר פון פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן (הערבסט 1901) איז דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד געווען אַן אויטאָנאָמער טייל פון אים. אויפן 3־טן צוזאַמענפאָר איז די דאָזיקע פאַרהעל־טעניש געביטן געוואָרן. אין הסכם מיטן באַשלוס פון 4־טן צוזאַמענפאָר פון בונד וועגן איבערבויען די רוסלענדער ס. ד. אַרבעטער פּאַרטיי אויף פעדע־ראַטיווע יסודות, האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פאָרגעשלאָגן דעם זעלבן פּרינציפּ איינפירן אויך אין אויסלאַנד. דער צווייטער צד האָט מסכים געווען אויפן פאָרשלאָג. ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער פּראָיעקט פון דער נייער פעדעראַטיווער פאָרם, וואָס דער 3־טער צוזאַמענפאָר פון פאַרבאַנד האָט באַשטעטיקט. ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן געדאַרפט זיין פאַר־איי־ניקט דורך אַ ספּעציעלן ראַט. זיין אָפיציעלער נאָמען איז געווען: פעדעראַ־טיווער ראַט פון פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פון אויס־לענדישן קאָמיטעט פון בונד. אַ צייט האָבן מיטגלידער פון אויסלענדישן קאָ־מיטעט פון בונד פאַרנומען וויכטיקע אַמטן אין פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן: צמח קאָפּעלזאָן איז געווען דער סעקרעטאַר און דזשאָן מילל — קאַסירער. דער פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד האָט עקזיסטירט אין די יאָרן 1894 — 1903, און געטון וויכטיקע אַרבעט, באַזונדערס אויפן געביט פון צושטעלן רעוואָלוציאָנערע אויפרופן און בראָשורן, פאַר די ס.ד. אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד.

## 7. דער פערטער צוזאַמענפאָר

אין די טעג פון 24 — 28 מאַי 1901 איז פאָרגעקומען דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד. (אויך דאָס מאָל האָט מען אין שפּעטערדיקן באַריכט אין נומ. 24 אַרבייטער שטימע, אויגוסט 1901, און אין אַנדערע אויסגאַבעס צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים אָנגעגעבן דעם טערמין פון צוזאַמענפאָר פאַלש: „ענדע אַפּריל פון היינטיקן יאָר"). פאָרגעקומען איז דער צוזאַמענפאָר אין ביאַליסטאָק, וואָס איז דעמאָלט געווען די רעזידענץ פון בונד, אין אַ ספּעציעל געדונגענער דירה אין אַ געסל אויף כאַנייקעס. דער באַלעבאָס פון דער דירה איז געווען דער שניידער יעקב שלמה ראָזענקראַנץ, וועלכער האָט דאָרט איינגעאָרדנט אַ כלומרשטן שניידער־ווערקשטאָט.

דער צוזאַמענפאָר האָט געדויערט 5 טעג, אַזוי ווי אַ טייל דעלעגאַטן האָבן געמוזט אָוועקפאָרן, איז דער לעצטער טאָג פון צוזאַמענפאָר דערקלערט געוואָרן ווי די 4־טע קאָנפערענץ פון בונד. אָבער אויך די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ זיינען געווען אָבליגאַטאָריש, פונקט ווי די רעזאָלוציעס פון צוזאַמענפאָר.

ס'זיינען געווען 24 דעלעגאַטן — פון 12 שטעט, צ.ק., אונטערערדישער דרוקעריי און 2 פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. אַבראַם דער טאַטע, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט טעכניש אָרגאַניזירן דעם צוזאַמענפאָר און איז אַליין געווען אַ דעלעגאַט, רעכנט אויס די דאָזיקע 20 נעמען, וואָס זיינען געבליבן אין זיין זכרון: אַנאַ ראָזענטאַל און בענציע לעווין פון ביאַליסטאָק, שיינע עלקע הובאר און חיים זאַקאָן — וואַרשע, מאַרק ליבער — לאָדזש, ירחמיאל וויינשטיין און מנוחה הורוויטש — ווילנע, ישראל מיכל קאַפּלינסקי — דווינסק, ליזאַ אַמסטערדאַם פון דער דרוקעריי, הירש באַטווינִיק — גראָדנע, נתן געזענצוויי — האָמעל, אַלטער עפּשטיין — בערדיטשעוו, איסאַק מיצקון — זשיטאָמיר, פייוול דער שטעפּער — קאָוונע, אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן) פון גאַרבער־בונד, זלמן זינגער פון בערשטער־בונד, נח, פּאַוועל ראָזענטאַל און דוד קאַץ פון צענטראַל־קאָמיטעט, ווי אויך ס. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי [34].

ווער זיינען געווען די פיר, וואָס זיינען אין דער פריערדיקער רשימה נישט דערמאָנט? פּ. ראָזענטאַל שרייבט, אַז פון האָמעל זיינען געווען 2 דעלעגאַטן און איינער פון זיי איז געווען אבעסהויז, ווי אויך דעלעגאַטן פון מינסק און וויטעבסק, אָבער ער געדענקט נישט זייערע נעמען [35].

אין דער 4־טער קאָנפערענץ האָבן אָנטייל גענומען 16 דעלעגאַטן.

דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט 21 פּונקטן אין זיין סדר־היום. דער

בונד האָט באַטראַכט דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר און די אָנגענומענע באַשלוסן פאַר גאָר וויכטיק. דעם באַריכט וועגן דעם 4־טן צוזאַמענפאָר האָט מען אָפּ־געדרוקט אין דריי באַזונדערע אויסגאַבעס: אויף יידיש, רוסיש און פויליש.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט גענומען אונטער זיין דירעקטער השגחה ז'אָס אָרגאַניזירן און פאַרקאָנספּירירן דעם צוזאַמענפאָר. ער האָט אויך באַ־צייטנס צוגעגרייט אַ היפּשן טייל פּראָיעקטן פון די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען שפּעטער אָנגענומען געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר: די רעזאָלוציעס וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וועגן דער באַציאונג פון בונד צו דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און וועגן ציוניזם — האָבן צו־געגרייט נח און פּאַוועל אינצווייען; די דערקלערונגען צו די רעזאָלוציעס וועגן עקאָנאָמישן טעראָר, וועגן די מיטלען קעגן די געוואַלט־מעשים פון דער פּאָליציי און וועגן דעמאָנסטראַציעס — האָט אָנגעשריבן נח; די איבעריקע — פּ. ראָזענטאַל.ביים אויסאַרבעטן געוויסע רעזאָלוציעס האָט אויך צוגעהאָלפן ס. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי, וועלכער איז געקומען פון פּעטערבורג. סומירנדיק די רעזולטאַטן פון די פאַרהאַנדלונגען אויפן צוזאַמענפאָר, שרייבט די אַרביי־טער שטימע (נומ. 24) אין אַן אַרטיקל וואָס האָט אונז געגעבן דער 4־טער צוזאַמענפאָר:

„באַטראַכטנדיק די רעזאָלוציעס און באַשטימונגען פון דעם צוזאַמענ־פאָר, זעען מיר, אַז מיר קענען זיי איינטיילן אין עטלעכע טיילן: אייניקע באַשטעטיקן (זיינען מסכים) דאָס, וואָס עס האָט זיך שוין פּראַקטיקירט אין לעבן. אַנדערע מאַכן מער אָדער קלענער וויכטיקע פאַרענדערונגען; און אַנ־דערע גיבן באַשטימטע תשובות אויף אַזוינע פראַגן, וועלכע זיינען ביז איצט ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרן און זיינען ניט באַטראַכט געוואָרן אויף די צו־זאַמענפאָרן פון אונזער 'בונד'."

מיר וועלן דאָ איבערגעבן דעם פאַרלויף פון צוזאַמענפאָר, זיינע דעבאַטן און באַשלוסן.

קודם־כל האָט מען אָפּגעגעבן באַריכטן פון אַלע פאַרטרעטענע שטעט, פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון אויס־לענדישן קאָמיטעט (זיינס אַ פאַרשטייער איז צוליב אומאָפּהענגיקע סיבות נישט געקומען). די באַריכטן, וואָס זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיטן גרעסטן אינטערעס, האָבן דערציילט וועגן דער צאָל פאַבריקן און ווערקשטאַטן, וועגן זייער כאַראַקטער און צאָל באַשעפטיקטע — יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער, וועגן לענג פון אַרבעטס־טאָג און הויך פון די לוינען, וועגן די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וועגן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן, שטרייקן, באָיקאָטן, דעמאָנסטראַציעס, אומלעגאַלע אויפרופן און אָרטיקע בונ־דישע צייטונגען א. אַ. וו.. די באַריכטן האָבן געוויזן, אַז פאַר דער צייט פון 3־טן ביזן 4־טן צוזאַמענפאָר האָט די באַוועגונג אָנגענומען אַ נאָך מער ברייטערן מאַסן־כאַראַקטער, האָט זיך פאַרשפּרייט אויף נייע גרויסע שטחים, האָט פאַרכאַפּט נאָך פיל שטעט און שטעטלעך (צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים זיינען צו די צוזאַמענפאָרן איינגעלאַדן געוואָרן דעלעגאַטן נישט פון אַלע

שטעט, זייער צאָל האָט געמוזט זיין שטאַרק באַגרענעצט). די באַריכטן האָבן איבערגעגעבן, אַז דער פּאָליטישער באַוואוסטזיין ביי די יידישע אַרבעטער איז געשטיגן. מ׳קען פשוט נישט באַפרידיקן דעם גרויסן פאַרלאַנג נאָך אומלעגאַלער ליטעראַטור. עקאָנאָמישע קאַמפן האָבן געפירט די בערשטער, לעדער־אַרבעטער, וועבער, שניידער, טאַבאַק־אַרבעטער און אַנדערע. פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשע, ווילנע, מינסק, ביאַליסטאָק, דווינסק, האָמעל, סמאָרגאָן, קרעסלאַווקע.

די פאַרשידענע פונקטן פון טאָג־אָרדנונג זיינען רעפערירט און דעבאַטירט געוואָרן און דער צוזאַמענפאָר האָט וועגן זיי אָנגענומען רעזאָלוציעס.

די אָנגענומענע רעזאָלוציעס וועגן שטרייקן און וועגן עקאָנאָמישן טעראָר זיינען, צום אונטערשיד פון די רעזאָלוציעס פונם דריטן צוזאַמענפאָר, קלאָר און אויסדריקלעך, זיי זיינען טעאָרעטיש באַגרינדעט און מיט פּראַקטישע אויספירן. דער שטרייק ווערט ווי פריער אָנערקענט „פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע מיטלען צו אַנטוויקלען דעם פּאָליטישן און קלאַסן־באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער־מאַסן און צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע". פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט רעקאָמענדירט דער צוזאַמענפאָר אַזעלכע פּרינציפּן: א) „ווענדן דעם הויפּט־שטראָם פון דער שטרייק־באַוועגונג אין יענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וועלכע זיינען נאָך ניט פאַרכאַפּט פון דער באַוועגונג אָדער וואו די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען לפי ערך אָפּגעשטאַנען. ב) אין די פאַלן, ווען די באַלעבאַטים פּרואוון פאַרערגערן די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען אָדער בטל מאַכן די אויסגעקעמפטע פאַרבעסערונגען, דאַרף מען קעגן דעם אַרויסטרעטן מיט דער גאַנצער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט. ג) אין יענע פאַלן, וואו מ׳האָט דורך שטרייקן לויט די באַדינגונגען פון דער שטאָט און דער צייט דערגרייכט דעם מאַקסימאַלן רעזולטאַט אין זין פון פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען און אַ געוויסע שטופע פון פּאָליטישן און קלאַסן־באַוואוסטזיין, דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק מיט אָרגאַניזירן נייע שטרייקן". פּונקט אַזוי דייטלעך איז אויך די רעזאָלוציע וועגן עקאָנאָמישן טעראָר. דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן דעם עקאָנאָמישן טעראָר סיי בנוגע באַלעבאַטים, סיי בנוגע שטרייק־ברעכער. די רעזאָלוציע דערקלערט, אַז אַזאַ טאַקטיק אין עקאָנאָמישן קאַמף „פאַרטונקלט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער, נידעריקט אַראָפּ זייער מאָראַלישן ניוואָ און דיסקרעדיטירט די אַרבעטער־באַוועגונג".

אין דער רעזאָלוציע וועגן די מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף קערט זיך דער צוזאַמענפאָר אום נאָך אַמאָל צו די שייכותן צווישן דעם פּאָליטישן און דעם עקאָנאָמישן קאַמף, און ער זאָגט דאָ: „דער בעסטער מיטל אַריינצוציען די ברייטע מאַסן אין דער באַוועגונג איז דער עקאָנאָמישער קאַמף, אויפן באָדן פון וועלכן מ׳דאַרף אַנטוויקלען די פּאָליטישע אַגיטאַציע, אויסברייטערנדיק זי אויסער די ראַמען פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף. ס׳איז אָבער ניט דווקא נויטיק צו פירן פון סאַמע אָנהייב די פּאָליטישע אַגיטאַציע בלויז אויפן עקאָנאָמישן באָדן".

די דאָזיקע רעזאָלוציעס פון פערטן צוזאַמענפאָר זיינען דער סך־הכל פון די דערפאַרונגען מיטן פּראַקטישן עקאָנאָמיזם פון ערשטן פעריאָד פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז שטענדיק געווען פּראַקטיש. זי האָט זיך תמיד שטאַרק אינטערעסירט מיט די עקאָנאָמישע נויטן און פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער. אָבער דאָס איז ניט געווען פּרינציפּיעלער „עקאָנאָמיזם", ווי אַן אַנטקעגנשטעלונג צום פּאָליטישן קאַמף, ווי אַ באַגרענעצונג פון די נאָנטע און ווייטע צילן פון אַרבעטער־קלאַס. די פירערשאַפט פון בונד איז קיינמאָל ניט געווען אין דעם זינען „עקאָנאָמיסטיש".

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אין דעם פּרט געווען אַנדערש ווי די רוסישע אין יענע יאָרן. „די פּעטערבורגער 'ראַבאָטשאַיאַ מיסל' (אַרבע־טער־געדאַנק) — דערציילט ל. מאַרטאָוו — איז ניט נאָר באַשטאַנען אויף דער נויטיקייט צו קאָנצענטרירן אַלע כוחות אויף דעם פּראָפעסיאָנעל־עקאָנאָמישן קאַמף; זי האָט אויך דעם דאָזיקן קאַמף, ווי אַ 'ריין אַרבעטערישע' קלאַסן־באַוועגונג אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּאָליטישן קאַמף, וואָס איז דירעקט גע־ווענדט קעגן דער זעלבסטהערשאַפט; די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע באַ־וועגונג, האָט זי געהאַלטן, גייט ניט אַריין אין די אויפגאַבן פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. אין אַנדערע שטעט האָט די דאָזיקע 'עקאָנאָמיסטישע' (אַזוי האָט מען זי געגומען רופן) ריכטונג געזיגט אין מער איינגעהאַלטענע פאָרמען, אָבער זי האָט געהאַט געגוג השפעה און פּאַקטיש באַהערשט דעם ווירקלעכן גאַנג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעט" [36]).

„אין בונד, שרייבט ב. מיכאַלעוויטש, איז דער 'עקאָנאָמיזם' קיינמאָל נישט אַרויסגעטרעטן אין זיין טעאָרעטישער פאָרם. קיינער האָט נישט רעקאָמענ־דירט אַזאַ פּרינציפּיעלע ליניע. אדרבא, יעדע אַגיטאַציע איז געווען דורכגע־פלאָכטן אויך מיט פּאָליטיק און יעדער אויפגעקלערטער אַרבעטער האָט זייער גוט פאַרשטאַנען דעם ענגן צוזאַמענהאַנג צווישן 'עקאָנאָמיק' און 'פּאָ־ליטיק'...". „מער ניט דער פּראַקטישער צושטאַנד האָט ביז דעם דערמאָנטן יאָר (1902 — 1903) געצוואונגען צו באַגרענעצן זיך מיט שטענדיקער עקאָ־נאָמישער פּראַקטיק און פּאָליטישער טעאָריע"...[37]).

ווי אַ מאַסאָווע באַוועגונג האָט דער בונד, ווען נויטיק און מעגלעך, גע־שטעלט אין צענטער פון קאַמף די דירעקטע פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָ־מישער לאַגע פון יידישן אַרבעטער. און אין דעם פּרט איז אַ סך דערגרייכט געוואָרן: שכירות זיינען געהעכערט געוואָרן, דער אַרבעטס־טאָג — קירצער, די באַהאַנדלונג פון די אַרבעטער — מענטשלעכער. און אַדאַנק דעם איז טאַקע געקומען דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און קולטורעלער אויפשטייג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אָבער די עקאָנאָמיק האָט געשטעלט גרע־נעצן, וועלכע ס'איז געווען אוממעגלעך אַריבערצושטייגן. דער פּראַקטישער עקאָנאָמיזם פון ערשטן פעריאָד אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז ממילא אויסגעלעבט געוואָרן, פאַרלוירן זיין אימפּעט, און די בונדישע באַ־וועגונג האָט זיך אַלץ מער און אויסדריקלעכער קאָנצענטרירט אויפן פּאָלי־טישן קאַמף.

דער צוזאַמענפאַר האָט דעריבער דורכגעפירט אַ שאַרפן אונטערשיד צווישן אוממעגלעכן און מעגלעכן, צווישן אַנגריף־שטרייקן און פאַרטיידיקונג־שטרייקן. אין דעם ערשטן מין שטרייקן האָט ער אַריינגעטראָגן אַן עלעמענט פון באַגרענעצונג.

קאָמענטירנדיק די רעזאָלוציעס וועגן עקאָנאָמישן קאַמף, שרייבט די אַרבייטער שטימע אינם אויבן ציטירטן אַרטיקל:

„... פון דעם קען מען ניט אַרויסנעמען, אַז דער צוזאַמענפאַר האָט גע־ביטן די מיינונגען וועגן עקאָנאָמישן קאַמף בכלל. יעדע אָרגאַניזאַציע פון ׳בונד׳ איז כבימי קדם מחויב אונטערצוהאַלטן און צו דערוועקן דעם עקאָ־נאָמישן קאַמף. נאָר כדי ער זאָל פאַרכאַפּן גרעסערע מאַסן, כדי ער זאָל מער פּרוכטבאַר זיין, דאַרף מען אים זען צו אַנטוויקלען אין די פאַכן און ראַיאָנען, וועלכע זיינען ביז אַהער געבליבן אָפּגעשטאַנען. אָבער אין די פאַכן, וואו דער דער עקאָנאָמישער קאַמף פירט זיך לאַנג, וואו מען האָט זיך דורך שטרייקן שוין דערשלאָגן אַלץ וואָס מעגלעך, — דאָרט דאַרף מען זיך מער ניט אַזוי איבערגעבן צו שטרייקן, וועלכע נעמען אָפּט אָפּ צו פיל קרעפטן ביי די אַגיטאַ־טאָרן און לאָזט זיי קנאַפּ צייט צו פירן אַ פּאָליטישע אַגיטאַציע און פּראָ־פּאַגאַנדע. ביידע לעצטע דאַרפן פון איצט פאַרנעמען אַ גרעסערן אָרט אין דער טעטיקייט פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס. מען דאַרף אָפטער אַרויסלאָזן פּאָליטישע פּראָקלאַמאַציעס, מאַכן פּאָליטישע פייערטעג א.ד.גל.. די אָרטיקע אָרגאַנען דאַרפן אויך אָננעמען אַ מער פּאָליטישן כאַראַקטער. זיי דאַרפן וועקן אין די ברייטע מאַסן די געפילן פון מענטשלעכער ערן־ווירדע, דערציען און איינוואָרצלען אין זיי דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט, אַ האַס צו די באַדריקער, דעם הייליקן פייער פון פּראָטעסט און ווידערשטאַנד. די נידערטרעכטיקע, גרויזאַמע געוואַלט־טאַטן פון דער פּאָליציי, זייער איזדיעקעווען זיך איבערן גוף און נשמה פונם אַרבעטער און אַנדערע אָרימע קלאַסן, דאַרפן באַגעגענען אַ שטענדיקן, אומפאַרמיידלעכן, סיסטעמאַטישן פּאַראַייניקטן ווידערשטאַנד.״

די רעזאָלוציע וועגן די מיטלען קעגן געוואַלט פון דער פּאָליציי רעקאָ־מענדירט צווישן אַנדערע זאַכן מ׳זאָל זיך באַקלאָגן אויפן געזעצלעכן אופן, פּובליקירן די פאַקטן פון פּאָליצייאישע געוואַלט־מעשים אין דער אויסלענדי־שער און אינלענדישער פּרעסע, אַרויסלאָזן פּראָקלאַמאַציעס צו דער אַרבעטער־שאַפט און צו דער געזעלשאַפט, און „אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן פון באַ־נוצן געוואַלט איינאָרדענען פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס״.

רעקאָמענדירנדיק די לעגאַלע אָנקלאַגעס, דורך דער פּראָקוראַטור, אויף די געוואַלט־אַקטן פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט אַלץ אָפטער געניצט קעגן די אַרבעטער פיזישע קלעפּ, נאַהאַיקעס און פייניקונגען, איז דער צוזאַמענ־פאָר אויסן געווען בעיקר מאַסן־פּראָטעסטן, מאַסאָווע אָנקלאַגעס. דער צוזאַ־מענפאָר האָט געהאַלטן, אַז אַזעלכע אָנקלאַגעס, וואָס קומען אָן פון גרויסע צאָלן יחידים, זיינען ניט סותר די פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף; פאַרקערט, זיי וועלן הייבן די פּערזענלעכע חשיבות ביים אַרבעטער, אים לערנען צו פאַרטיידיקן זיינע בירגער־רעכט, צו פאָדערן ביי דער מאַכט

דרך־ארץ צום יחיד. דאָס איז איינער פון די וועגן ווי אַזוי צו הייבן דעם באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער.

די טעראָר־אַקטן פון דער רעגירונג און פון אירע אָרטיקע אַגענטן האָבן פון זייער זייט אַרויסגערופן ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן שטימונגען פון נקמה און אַנגרייפערישן טעראָר. אויפן צוזאַמענפאָר זיינען וועגן דעם געווען פאַרשידענע מיינונגען: איינע האָבן געהאַלטן, אַז די אָנווענדונג פון פּאָלי־טישן טעראָר וועט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ברענגען נאָר שאָדן און שטערן דער אַנטוויקלונג פון אַ מאַסן־באַוועגונג. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז פּאָליטישער טעראָר קען זיין בלויז די זאַך פון באַזונדערע גרופּעס — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע וועט בלויז אויסנוצן די צושטאַנד־געקומענע טעראָריסטישע אַקטן. די דריטע האָבן געמאַכט אַן אונטערשיד צווישן פאַרשידענע מינים טעראָר: דער פּאַרטיידיקונגס־טעראָר, אָנגעווענדט לגבי פּראָוואָקאַטאָרן און שפּיאָנען, איז עפּעס אַנדערש ווי דער סיסטעמאַטי־שער פּאָליטישער טעראָר, אָנגעווענדט לגבי די העכערע פאַרשטייער פון דער רעגירונג מיטן ציל צו צווינגען די לעצטע צו גיין אויף פּאָליטישע הנחות; דער פּאַרטיידיקונגס־טעראָר וועט פאַקטיש פּראַקטיצירט דורך יחידים אין בונדישן ראַיאָן. דער צוזאַמענפאָר האָט זיך אָבער אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן אַלע פאָרמען פון טעראָר ווי אַ מיטל אין פּאָליטישן קאַמף: „די אָרגאַ־ניזאַציעס דאַרפן ניט אָנווענדן דעם פּאַרטיידיקונגס־טעראָר אויף אָפּצוראַ־מען פּראָוואָקאַטאָרן און באַזונדערס שעדלעכע שפּיאָנען; דער אָנגרייפנדיקער פּאָליטישער טעראָר, ווי אַ מיטל פון פּאָליטישן קאַמף, וועָרט אָנערקענט פאַר ניט צייטמעסיק". אין דער פּראַקטישער אַרבעט רעקאָמענדירט דער צו־זאַמענפאָר אַ מער אינטענסיווע פּאָליטישע אַגיטאַציע דורך: „א) צוגעבן די אָרטיקע פּרעסע־אָרגאַנען אַ מער פּאָליטישן כאַראַקטער; ב) אויב עס וועלן זיך איבערחזרן טעראָריסטישע אַקטן, דאַרף מען זיך מיט זיי באַנוצן אויף צו אַנטוויקלען דורך פּראָקלאַמאַציעס דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין; ג) אָפּרופן זיך מיט אָרטיקע פּראָקלאַמאַציעס אויף אַלגעמיינע געשעענישן, וואָס קענען אויסגענוצט ווערן אויף פּאָליטישער אַגיטאַציע, אויב דער צ.ק. וועט ניט אָנערקענען די געשעעניש אויף אַזוי פיל וויכטיק זיך אַליין אָפּצורופן מיט אַן אַלגעמיינער פּראָקלאַמאַציע; ד) אָפּטער איינאָרדענען פּאָליטישע פייערונ־גען און זען, אַז די פּאָליטישע קאַסעס זאָלן זיך פאַרגרעסערן; ה) באַקענען אין אַ גרעסערער מאָס מיט די עקזיסטירנדיקע מלוכהשע און געזעלשאַפט־לעכע אַנשטאַלטן און מיט זייערע חסרונות".

דער צוזאַמענפאָר האָט פּראָקלאַמירט ווי די מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף: א) שריפטלעכע און מינדלעכע פּאָליטישע אַגיטאַציע; ב) פּאָליטישע דעמאָנ־סטראַציעס; ג) 1־מאַי־שטרייקן מיט אַרויסגעשטעלטע פּאָליטישע פאָדע־רונגען.

אַ באַזונדערע רעזאָלוציע באַהאַנדלט דעם ענין פּאָליטישע דעמאָנסטראַ־ציעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַלץ אַ גרעסערע ראָל אין דער באַווע־גונג. דער 4־טער צוזאַמענפאָר אָנערקענט „די גרויסע באַדייטונג פון דע־

מאָנסטראַציעס" און רעקאָמענדירט ווייטער „זיך צו באַנוצן מיט זיי אַלס קאַמפּס־מיטל" און זיי „שטענדיק אָרגאַניזירן". גלייכצייטיק וויל דער צו־זאַמענפאָר פאַרהיטן די באַוועגונג פון צופעליקע סטיכישע, ניט דורכן בונד אָרגאַניזירטע און ריזיקאַלישע אַקטן; ער רעקאָמענדירט אויך אויסמיידן די אָפּטע און קליינצאָליקע דעמאָנסטראַציעס. דער צוזאַמענפאָר לייגט דעריבער פאָר: 1) „צוגעוואוינען די מאַסע צו קומען אויף דעמאָנסטראַציעס אין די פאַלן, ווען די אָרגאַניזאַציע רופט זיי; 2) אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן איינ־אָרדענען דעמאָנסטראַציעס, אומאָפּהענגיק פון דעם הסכם פון די קריסטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אָבער רופן אויף זיי אויך די קריסטלעכע אַרבעטער".

די אַלע רעזאָלוציעס און באַשלוסן האָבן געלערנט ווי אַזוי איבערצושמידן די בונדישע פּרינציפּן אין טאָג־טעגלעכן קאַמף. זיי האָבן געוועקט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און זייערע טוערס צו אינטענסיווע און אַחריותפולע פּאָליטישע פּאַרמעסטונגען. זיי האָבן אויסגעגליכן דעם כאַראַקטער פון די אָרגאַניזאַציעס, זייער פאַראייניקייטלעכט אין דער טאַקטיק און אין די לאָזונגען.

„אונזער באַוועגונג — זאָגט אין זעלבן אַרטיקל די אַרבייטער שטימע — וועלכע זינט דער בונד עקזיסטירט, טראָגט אויף זיך דעם כאַראַקטער פון אַ מאַסאַווער באַוועגונג, דאַרף אויף ווייטער אין דעם פּרט בלייבן אומגעענ־דערט. נאָך מער, די אויפגאַבע פון בונד איז זי נאָך ברייטער צו אַנטוויקלען. אַלס אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע קען דער בונד דערגרייכן, ווי די נאָנטסטע זיינע אַזוי די ווייטסטע צילן, נאָר אָפּלייגנדיק זיך אויף דעם אַנטוויקלטן קלאַסן־ און פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון דעם גאַנצן יידישן פּראָ־לעטאַריאַט (זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַ ברידערלעכער פאַרבינדונג מיט דעם גאַנצן איבעריקן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט), אָבער ניט פון אַ קליין קופּקעלע מער אַנטוויקלטע יידישע אַרבעטער. דער פּאָליטישער באַ־וואוסטזיין, וועלכער איז אַזוי נויטיק אין קאַמף מיט דעם ווילדן צאַריזם, קען זיך לייכטער פון אַלץ אַנטוויקלען ביי די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך איבערגעקאָכט, ווי מיר וועלן זיך אויסדריקן, אין קעסל פון עקאָנאָמישן קאַמף. נאָר דאָס הייסט ניט אין קיין פאַל, אַז פירן אַ פּאָליטישע אַגיטאַציע ביי די שרעקלעכע רוסישע פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע שטעכן אַליין אויס די אויגן פון יעדן, ווער עס וויל זיי נאָר ניט פאַרמאַכן, איז אוממעגלעך אָן אַן עקאָנאָמישן קאַמף. די רעזאָלוציע וועגן פּאָליטישן קאַמף האָט אַ טיפע באַ־דייטונג, ווייל זי פאַרפליכטעט יעדן קאָמיטעט צו פירן אַ פּאָליטישע אַגי־טאַציע אין די פאַכן, אין די שיכטן אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָך אַפילו נישט איבערגעלעבט אַן עקאָנאָמישן קאַמף".

***

אַ צאָל רעזאָלוציעס וועגן פאַרשידענע ענינים האָבן ניט אַרויסגערופן קיין באַזונדערע חלוקי־דעות:

דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן דעם נומ. 25 אַרבייטער־שטימע ווי אַ יובליי־נומער.

אַלע אָרגאַניזאַציעס האָט מען גערופן צו געבן דעם יונגן גאַרבער־פאַראיין די נויטיקע מיטהילף, העלפן אויסבילדן אַגיטאַטאָרן צווישן די גאַר־בער און פירן ווייטער אין אַרבייטער שטימע די רובריק וואָס הערט זיך ביי די גאַרבער אין זעלבן פאַרנעם (דער דעלעגאַט אַבראַם דער טאַטע האָט פאָר־געשלאָגן אויסצוברייטערן די רובריק).

כדי צו געווינען דעם מיטגעפיל פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַרויס־לאָזן אַ ספּעציעלן אויפרוף צו איר אין רוסיש און פויליש; אין געוויסע פאַלן אַרויסלאָזן אויפרופן צו דער אינטעליגענץ אויף יידיש, רוסיש און פויליש; אַרויסלאָזן דעם באַריכט פון צוזאַמענפאָר אין אַלע דריי שפּראַכן; פירן אַן אינטענסיווע מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער אינטעליגענץ און אויס־שרייבן פאַר איר אומלעגאַלע ליטעראַטור.

דער צוזאַמענפאָר האָט באַפולמעכטיקט דעם צ.ק., ווי ווייט מעגלעך, צו באַפרידיקן די באַדערפעענישן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דרום־רוסלאַנד. אין יענע שטעט, וואו ס׳עקזיסטירן בלויז יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, זאָל מען מיט זייער הסכם גרינדן קאָמיטעטן פון בונד. אָבער „אין די שטעט, וואו די יידישע אָרגאַניזאַציעס גייען אַריין אין די פּאַרטיי־קאָמיטעטן און וואו זייערע באַדערפעענישן קאָנען אינגאַנצן ווערן באַפרידיקט ניט אָפּטיילנדיק זיך פון אָט די קאָמיטעטן, און דאָס אָפּטיילן זיי קאָן זיך שעדלעך אָפּרופן אויף די דערפאָלגן פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג, דאַרף מען ניט בילדן קיין באַזונדערע קאָמיטעטן פון בונד״.

דער 4־טער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעשאַפט דעם באַשלוס פון דריטן צוזאַמענפאָר וועגן דעם באַגרענעצטן אינהאַלט פון די אָרטיקע פּרעסע־אָרגאַנען. ער האָט זיי דערלויבט אויף ווייטער דרוקן אויך אַרטיקלען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אָבער בעיקר דאַרפן זיי באַהאַנדלען אָרטיקע פראַגן. קאָרעספּאָנדענציעס מעגן זיי ברענגען בלויז פון זייערע אייגענע ראַיאָנען.

דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַלטן, אַז די אַרבייטער שטימע „באַפרידיקט אינגאַנצן די באַדערפעענישן פון די לייענער, פאַר וועלכע זי איז באַשטימט״, ער האָט אָבער אָנגעוויזן אויף אייניקע נויטיקע אויסבעסערונגען: איינפירן אַן אָפּטיילונג פון אויסלענדישער כראָניק; איינפירן אַ ביבליאָגראַפישע אָפּ־טיילונג מיט קורצע רעצענזיעס וועגן אַלע אומלעגאַלע אויסגאַבעס; איינפירן אַן אָפּטיילונג וועגן דער טעטיקייט פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַ־ציעס אין לאַנד; „צווישן די אַרטיקלען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס צילן צו אַנטוויקלען דעם באַוואוסטזיין פון בירגערלעכקייט, דאַרף מען אָפטער ווי ביז איצט דרוקן אַרטיקלען וועגן דעם יידישן לעבן״.

וועגן דעם צווייטן אָרגאַן פון בונד, דער אידישער אַרבייטער, האָט דער צוזאַמענפאָר איינגעפונען, אַז ער „באַפרידיקט ניט גענוג אין דער איצטיקער געשטאַלט די באַדערפעענישן פון דעם שיכט לייענער, פאַר וועלכן ער איז באַשטימט״. מחמת דעם האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז ס׳זאָלן גע־מאַכט ווערן אַזעלכע ענדערונגען: א) „מאַכן אים לויטן אינהאַלט, כאַראַקטער און שפּראַך פון די אַרטיקלען מער צוטריטלעך; ב) פאַרעפנטלעכן אין אים

אַרטיקלען וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און מלוכה־איינאָרדענונג פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער און וויסנשאַפטלעך באַהאַנדלען די פראַגן פון לעבן אין דער רוסישער מלוכה; ג) אַרויסלאָזן אים אָפּטער און אין אַ קלע־נערן פאַרנעם".

דער צוזאַמענפאָר האָט אויך געענדערט דעם נאָמען פון בונד — ער זאָל הייסן: „אַלגעמיינער יידישער אַרבייטער־בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד".

עטלעכע באַשלוסן האָט מען צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים נישט פאַר־עפנטלעכט. וועגן דעם דערציילט פ. ראָזענטאַל: „אין איינער פון אַזוינע דריי פראַגעס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער נויטיקייט צו אַרבעטן צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער, ווייל זייער אָפּגעשטאַנענקייט האָט אויפן שטאַרקסטן אופן געשטערט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער רעזאָלוציע וועגן דער אַרבעט פון בונד אין דרום־רוסלאַנד האָט דער פאַרשוויגענער פונקט ב) גערעדט וועגן דער נויטיקייט צו מאַכן אַ רייזע איבער די דרום־שטעט, כדי זיי אויסצופאָרשן און איינ־שטעלן פאַרבינדונגען"[38].

צוליב געוויסע טעמים האָט מען אַ צייט אויך נישט פאַרעפנטלעכט דעם באַשלוס וועגן די גאַרבער. דער באַשלוס איז געווען, אַז די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע גאַרבער זאָל שאַפן אַ געמיינזאַמען פאַראיין מיט די נישט־יידישע גאַרבער אויף פעדעראַטיווע יסודות.

⁂

אַ צענטראַל־אָרט האָט אויף דעם 4־טן צוזאַמענפאָר פאַרנומען די נאַ־ציאָנאַלע פראַגע.

נאָך דעם ווי דער 3־טער צוזאַמענפאָר פון בונד האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ דיסקוסיע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, האָבן די אַרטיקע קאָ־מיטעטן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט איר. ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן, האָט קיין איינהייטלעכע מיינונג וועגן דעם נישט געקענט זיין. מחמת דעם האָט אין דעלעגאַט פאַרגעשלאָגן, אַז אויך דער 4־טער צוזאַמענפאָר זאָל נישט פאַרנעמען קיין שטעלונג און אָפּלייגן די פראַגע. אָבער קיינער פון די דעלעגאַטן האָט אים נישט אונטערגעהאַלטן. דער צוזאַמענפאָר איז צוגע־טרעטן מיט פולן ערנסט צו באַהאַנדלען די פראַגע.

איבער 12 שעה האָט דער צוזאַמענפאָר אָפּגעגעבן דער דעבאַטע. כמעט אַלע דעלעגאַטן האָבן זיך אין איר באַטייליקט, אַ טייל אַפילו עטלעכע מאָל. אַ סך פונקטן האָבן נישט אַרויסגערופן קיין חלוקי־דעות און זיינען שפּעטער ביים אָפּשטימען די רעזאָלוציע איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. אַלע האָבן אָנערקענט אַז דער בונד, טאַקע אין גייסט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דאַרף קעמפן נישט בלויז קעגן דער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט און ווירטשאַפט־לעכער דיסקרימינאַציע פון די יידישע מאַסן, נישט בלויז קעגן זייער קלאַסן־

עקספּלואַטאַציע, נאָר אויך קעגן זייער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג; ער דאַרף קעמפן ניט בלויז פאַר זייער פּאָליטישער פרייהייט און בירגערלעכער גלייכ־באַרעכטיקונג, נאָר אויך פאַר זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, פאַר זייער פרייהייט אין פרט פון שפּראַך, מנהגים, לעבנס־שטייגער און קולטור. ס'איז אויך געווען דער הסכם פון אַלע דעלעגאַטן, אַז דער קורצער פונקט אינם מאַניפעסט פון דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער פּאַרטיי (1898), וואָס זאָגט, אַז „יעדע נאַציע האָט רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג", זאָגט זייער ווייניק און פאָדערט אַ דעטאַלירטע אויסטייטשונג. אַזאַ לאַנד, ווי רוסלאַנד, דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פעדעראַציע פון פעלקער און אין אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו שפּראַך, בילדונג, קונסט וכד', דאַרף יעדע נאַציע האָבן פולע אויטאָנאָמיע. די טעריטאָריאַלע לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, די צעטיילונג לויט די היסטאָרישע גרענעצן, האָט אויפן צוזאַמענ־פאַר קיין אָנהענגער ניט געהאַט. אָט די אַלגעמיינע פּרינציפּן דאַרפן אויך זיין חל לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

בכן, אין דער פּרינציפּיעל־טעאָרעטישער אָוועקשטעלונג פון דער פראַגע בנוגע דער אַלגעמיינער לייזונג פון נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, איז אויפן צו־זאַמענפאָר געווען פולע איינשטימיקייט. חלוקי־דעות האָבן זיך אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען מען האָט געשטעלט די פראַגע פּראַקטיש: וואָס פאַר אַ ראָל און פּלאַץ דאַרף די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרנעמען אין דער פּראָפּאַגאַנדע און אין די פאָדערונגען פון בונד. די ראָל, וואָס דזשאָן מילל האָט געשפּילט אויפן דריטן צוזאַמענפאָר, האָט איצט אויסגעפירט מאַרק ליבער (מיכאל גאָלדמאַן), זיין שטאַנדפּונקט איז געווען אַזאַ:

מיר דאַרפן זיין קאָנסעקווענט. וויבאַלד מיר אָנערקענען, אַז יעדע נאַציע האָט רעכט אויף אויטאָנאָמיע, וויבאַלד מיר האַלטן אויך יידן פאַר אַ נאַציע, דאַרף דער בונד אומבאַדינגט אַרויסרוקן די פאָדערונג פון נאַציאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן, און זיך בשום אופן ניט צופרידנשטעלן, אַזוי ווי ביז־איצט, מיט די פאָדערונגען פון פּאָליטישער און בירגערלעכער גלייכ־באַרעכטיקונג. ס'קאָן גרייליך געמאָלט זיין, אַז דאָס לעצטע וועט מען יאָ דערגרייכן, אָבער יידן וועלן פונדעסטוועגן ווייטער ליידן ווי אַ נאַציע.

ווי מיט אַ נאָנטסטן מינימום, קאָן מען זיך באַפרידיקן מיט בירגערלעכער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער ווי אַ מאַקסימום מוז מען אומ־באַדינגט אַרויסשטעלן אויך די פאָדערונג פון יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָ־נאָמיע... אונזער אויפגאַבע, וואָס איז שוין לאַנג צייטיק געוואָרן און איז צום באַדויערן ביז היינט געהאַלטן אין שאָטן, איז צוצוגרייטן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צו דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, צו אַנטוויקלען אין אים דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. ביז איצט זיינען מיר אין אַ גרויסער מאָס געווען קאָסמאָפּאָליטן. — מיר דאַרפן ווערן נאַציאָנאַל. מורא האָבן פאַר אָט דעם וואָרט איז נישטאָ וואָס. נאַציאָנאַל הייסט ניט נאַציאָנאַליסטיש. ווען אַ געוויסער קלאַס אָנערקענט זיין צוגעהעריקייט צו אַ באַשטימטער נאַציע, ווערט ער נאַציאָנאַל... נאַציאָנאַליסטיש מיינט אחדות פון אַלע קלאַסן

אָדער די הערשאַפט פון איין נאַציע איבער אַ צווייטער... דער בונד דאַרף סיי מינדלעך, סיי אין דער ליטעראַטור פירן אַ פאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַלע אַגיטאַציע און מער אונטערשטרייכן די באַזונדערע, אונטערדריקטע לאַגע פון דער יידישער נאַציע און הויך פּראָטעסטירן קעגן אָט דער אונטער־דריקונג... צוזאַמען מיט דער אַגיטאַציע אויפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן באָדן, דאַרף מען די אַגיטאַציע ברייט פירן אויך אויף דעם נאַציאָנאַלן. אַזאַ אַגיטאַציע קען בלויז אויפהייבן דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין און וועט אויף אַ האָר ניט שטערן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין, זי וועט אויך ניט ברענגען קיין אָפּגעזונדערטקייט.

די פּראַקטיקער זיינען פּאַרזיכטיק צוגעגאַנגען צו דער פראַגע. איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אויפן פערטן צוזאַמענפאָר איז מאַרק ליבער געווען דער איין און איינציקער, וואָס האָט פאַרטיידיקט די ראַדיקאַלע פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

אַ קעגנזעצלעכע שטעלונג האָט פאַרנומען די גרופּע, צו וועלכער עס האָבן געהערט פּאַוועל און אַנאַ ראָזענטאַל, בענציע לעווין, אַבראַם דער טאַטע און אַנדערע. זייער אַרגומענטאַציע איז געווען אַזאַ: אין קעגנזאַץ צו די, וועלכע האָבן פאַרזיכערט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע ווערט אויפגע־הויבן און אַרויסגערוקט דורך דער יידישער אַרבעטער־מאַסע גופא, אַדאַנק דער ניט־נאָרמאַלער לאַגע פונם יידישן פאָלק, האָבן זיי אָנגעוויזן, אַז די פּרוואון אָנצוואוואַרפן אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג דעם נאַציאָנאַלן שטראָם שטאַמט פון אויסלאַנד, דאָרט איז די פראַגע טאַקע אַ ברענענדיקע און אַן אַקטועלע, בעת ביי אונז איז זי ביים איצטיקן מאָמענט פרעמד דער מאַסע, און די שטרעבונג קינסטלעך און פריצייטיק זי אַרויסצורופן — וועט בלויז ברענגען שאָדן.

געווען נאָך אַזעלכע מיינונגען צווישן דער דאָזיקער ריכטונג: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אינטערנאַציאָנאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע ציט אָפּ דעם יידישן אַרבעטער פון זיין גערירשנטן וועג פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, ער געוואוינט זיך צו גלויבן און פילן, אַז אַלע פּראָלעטאַריער, אָן אונטערשיד פון נאַציע און רעליגיע, זיינען ברידער. דאָס פאַרהיט אים, אַגב, פונם פּע־סימיזם פון די ציוניסטן, וועלכע פאַרזיכערן, אַז אַנטיסעמיטיזם וועט אייביק עקזיסטירן און אַז ראַטעווען זיך פון אים קאָן מען נאָר אין אַן אייגן לאַנד. וועלן מיר פאָלגן דעם ח׳ ליבער און אָננעמען זיין פאָרשלאַג, וועלן מיר נאָר אַריינטראָגן אַ צעמישעניש אין די מוחות פון יידישע אַרבעטער. דער מאַסע איז שווער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די ניואַנסן פון דער טערמינאָ־לאָגיע און אונטערצושיידן דעם „נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין" פון גע־וויינלעכן „בורזשואַזן" באַנעם. מע דאַרף ניט קאָמפּליצירן די איצטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידישע אַרבעטער מיטן נאַציאָנאַלן עלעמענט. ס'איז אַ גליטשיקער וועג. דאָס קאָן צוגעבן דעם בונד אַן אומגע־וואונטשענעם כאַראַקטער פון איזאָלירטקייט, זעלבסט־איינגעשלאָסנקייט — און אתה־בחרתנודיקייט, בעת עס פאָדערט זיך, פאַרקערט, אַ חברישע צוזאַ־

מענאַרבעט מיטן קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט און מיט די ניט־יידישע פּאַר־טייען.

צווישן אָט די צוויי ריכטונגען איז אויך געווען אַ צענטריסטישע ריכ־טונג, צו וועלכער עס האָבן געהערט נח (יקותיאל פּאָרטנאָי), ירחמיאל (אהרן ווײַנשטיין), חיים זאַקאָן און אַנדערע. די רעדנער פון דער ריכטונג האָבן געלייקנט די פאָרוואורפן, אַז דער גאַנצער ענין איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון אויסלאַנד. זאָל זיין, אַז די איניציאַטיוו אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע שטאַמט פון דאָרטן, אָבער דער באַדן גופא פאַר אָט דער פּראַגע איז געשאַפן געוואָרן אַדאַנק די באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, אַדאַנק זיין רעכטלעכער און געזעלשאַפטלעכער לאַגע. די אומ־שטענדן, וועלכע האָבן אין רוסלאַנד אַרויסגערופן דעם ציוניזם און געשאַפן די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָבן פריער אָדער שפּעטער געמוזט שטעלן אויך אויף דעם סדר־היום פון בונד די יידישע נאַ־ציאָנאַלע פראַגע. דאָס וואָס מען ווייזט אָן, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז פרעמד דער מאַסע, איז ניט מער ווי אַ בויך־סברא און קאָן קיינעם ניט אי־בערצייגן. פאַרקערט, די מאַסע, ווי עס האָט גאַנץ ריכטיק אָנגעוויזן איינער פון די רעדנער פון אַנדערן צד, איז אַפילו צו נאַציאָנאַליסטיש געשטימט, און די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אויפצוקלערן, אַז אמתער נאַציאָנאַליזם איז ניט שאָוויניזם און ניט נאַציאָנאַלע איינגעשלאָסנקייט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד ליידט ניט בלויז אַלס פּראָלעטאַריאַט בכלל, נאָר אויך אַלס יידישער, ווייל ער געהערט צו אַ נאַציע, וואָס ווערט אין רוסלאַנד פאַרפאָלגט. פון זיין נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג וועט ער ערשט דעמאָלט פטור ווערן, ווען ער וועט זיך דערוויסן די סיבות פון דעם. און אונזער דירעקטער חוב איז צו העלפן אויסצואַרבעטן אָט דעם באַוואוסטזיין, דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. מיט דעם־אָ טערמין מיסברויכט מען אָפט, אַריינלייגנדיק אין אים אַ ריין־בורזשואַזן זינען. אַדאַנק דעם איז זייער לייכט צו דערווייזן, אַז די אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין ווירקט שעדלעך אויפן קלאַסן־באַוואוסטזיין. בנוגע דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, דאַרף מען אונטער דעם פאַרשטיין: באַוואוסטזיין פון דעם, אַז דער יידישער אַר־בעטער־קלאַס געהערט צו אָט דער נאַציע, באַוואוסטזיין פון דער אונטערדרי־קונג וואָס נעמט זיך פון אָט דעם פאַקט, און דאָס באַוואוסטזיניקע שטרעבן צו באַזייטיקן די אונטערדריקונג און אויסקעמפן אַזעלכע פּאָליטישע רעכט, ביי וועלכע די אַלזייטיקע אַנטוויקלונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט אָנטרעפן אויף קיין שום שטערונגען. אויף אַזאַ אופן געפינט זיך נישט די אַנטוויקלונג פון אַזאַ זעלבסטבאַוואוסטזיין אין קיין שום סתירה מיט דער אַנט־וויקלונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַוואוסטזיין בכלל. פאַרקערט, דאָס לעצטע איז ניט מעגלעך אָן דעם ערשטן. אַרבעטנדיק פאַר דער פאַרשפריי־טונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען און פּראָטעסטירנדיק קעגן דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, ווי קעגן איינעם פון די מינים אונטערדריקונג אין דער איצטיקער בורזשואַזער געזעלשאַפט, אַרבעטן מיר אין דער זעלבער

צייט אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פונם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. מער אין דער ריכטונג קאָנען מיר ניט און דאַרפן ניט טאָן, אויב מיר ווילן באמת ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין נאַציאָנאַליסטן [39]).

נח און פּאַוועל ראָזענטאַל האָבן פאַרגעלייגט דעם צוזאַמענפאַר אַ רעזאָלוציע, וואָס איז געווען אַ פשרה צווישן ביידע ריכטונגען, וואָס זיי האָבן פאַרטרעטן. „די פשרה, דערציילט פ. ראָזענטאַל, איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: די רעזאָלוציע האָט אַנטהאַלטן צוויי טיילן — איינעם אַ פּראָגראַמאַטישן און דעם צווייטן אַ פּראַקטישן, אַן אַקטועלן. דער דריטער צוזאַמענפאַר האָט מיט אַ גרויסער מערהייט אָפּגעוואָרפן דזשאַנס פאָרשלאַג אַרויסצוטרעטן גלייך מיט דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. די זעלבע פּאָזיציע איז אינגאַנצן געבליבן אין דער רעזאָלוציע פון פערטן צוזאַמענפאַר. נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג ווערט דאָ אויך ניט אַרויסגעשטעלט, ווי אַן אַקטועלע פאָדערונג. אָבער אין דער זעלביקער צייט פּרואווט די רעזאָלוציע אין דעם ערשטן טייל געבן אַ פּראָגראַם-ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע ניט אין זינען פון נאַציאָנאַל-טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, נאָר פון פּערסאָנאַלער, קולטורעלער. די דאָזיקע אויסגלייכונג האָט באַפרידיקט ביידע ריכטונגען, זי האָט אָבער, פאַרשטייט זיך, ניט באַפרידיקט ליבערן, וועלכער האָט געפאָדערט, מ׳זאָל גלייך אַרויסשטעלן די נאַציאָנאַלע פאָדערונג״ [40]).

די קאָמפּראָמיס-רעזאָלוציע איז אָפּגעשטימט געוואָרן פּונקטנווייז. עס זיינען אַריינגעקומען 18 אויסבעסערונגען און דערגאַנצונגען, 15 פון זיי האָבן זיך באַצויגן צום פּראַקטישן טייל פון דער רעזאָלוציע (כמעט אַלע האָבן געשטאַמט פון ח׳ ליבער און פון עטלעכע דעלעגאַטן פון צענטר). אַלע אויסבעסערונגען זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן, אַחוץ איינער, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום טעאָרעטישן טייל פון דער רעזאָלוציע. ווייטער ברענגען מיר דעם פולן טעקסט פון דער רעזאָלוציע, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין דער בונדישער שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע:

„דער צוזאַמענפאַר אָנערקענט, אַז לויטן זין פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּראָגראַם קאָן ניט געמאָלט זיין קיין שום אונטערדריקונג ניט בלויז פון איין קלאַס בנוגע דעם צווייטן, ניט בלויז פון רעגירונגען בנוגע די בירגער, נאָר אויך פון איין נאַציע בנוגע דער אַנדערער, די הערשאַפט פון איין שפּראַך איבער דער אַנדערער.

דער צוזאַמענפאַר אָנערקענט, אַז אַזאַ מלוכה ווי רוסלאַנד, וואָס באַשטייט פון אַ מענגע פאַרשידענע מינים נאַציאָנאַליטעטן, דאַרף זיך אין דער צוקונפט פאַרוואַנדלען אין אַ פעדעראַציע פון נאַציאָנאַליטעטן מיט פולער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יעדערער פון זיי, אומאָפּהענגיק פון דער טעריטאָריע, אויף וועלכער זי וואוינט.

דער צוזאַמענפאַר אָנערקענט, אַז דער באַגריף ׳נאַציאָנאַליטעט׳ איז צום באַנוצן אויך בנוגע דעם יידישן פאָלק.

האַלטנדיק דאָך פאַר פריצייטיק ביי די איצטיקע באַדינגונגען אַרויס-

צושטעלן די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן, געפינט דער צוזאַמענפאָר פאַר געװנונגדיק איצט צו קעמפן פאַרן אָפּשאַפן די אַלע אויס־נאַם־געזעצן קעגן יידן, אָנווייזן און פּראָטעסטירן קעגן דער אונטערדריקונג פון דער יידישער נאַציע, אויסמיידנדיק דאָס פאַנאַנדערבלאָזן פון נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס קאָן בלויז פאַרטונקלען דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט און פירן אים צום שאָוויניזם".

***

דער 4־טער צוזאַמענפאָר האָט אויך באַטראַכט די פּראַגע וועגן דער באַציאונג צווישן בונד און דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי. איייניקע מאַטיוון האָבן באַוואויגן אַוועקצושטעלן די פּראַגע און געפינען פאַר איר אַ נייע לייזונג. דער בונד איז געווען אַן אויטאָנאָמער טייל פון דער אַל־געמיינער פּאַרטיי. טיילמאָל האָט ער זיך צוליב דעם געפילט געבונדן. נאָך גרעסערע שוועריקייטן האָבן זיך פאָראויסגעזען צוליב דער מעגלעכקייט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פוילן און ליטע און אַנדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיך באַהעפטן מיט דער ר.ס.ד.אַ.פּ. אויף פעדעראַטיווע יסודות. אַחוץ דעם איז נאָכן אָננעמען די רעזאָלוציע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע געווען גאַנץ לאָגיש צו ענדערן די פאַרהעלטעניש צווישן בונד און דער פּאַרטיי. דער פעדעראַטיווער בוי פון דער פּאַרטיי וואָלט געגעבן דעם בונד און די אַנדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס אַ בעסערע מעגלעכקייט פאַר זייער טעטיקייט און וואָלט פאַרלייכטערט די באַציאונגען צווישן זיי. די בונדישע באַוועגונג, וועלכע איז שטאַרק זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן און באַקומען אַ גרויסן שוואונג, האָט געוואוסט די נייע טענדענצן אין דער רו־סישער ס.ד. באַוועגונג אין שייכות מיטן אויפקומען פון דער איסקרא־פראַקציע, און זי האָט זיך געוואָלט באַוואָרענען פאַר מיספאַרשטענדענישן און אומגע־רעכטער באַהאַנדלונג. דעריבער האָט דער פערטער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אין דעם פּרט אַ דעצידירנדיקע שטעלונג. די אָנגענומענע רעזאָלוציע איז געווען אַזאַ:

„פאַרשטעלנדיק זיך די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי ווי אַ פעדעראַטיווע פאַראייניקונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פון אַלע נאַציעס, וואָס לעבן אין דער רוסלענדישער מלוכה, באַ־שליסט דער צוזאַמענפאָר, אַז דער בונד, אַלס פאַרשטייער פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, זאָל אַריינטרעטן אין איר אַלס פעדעראַטיווער טייל, און באַפולמעכטיקט דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד דורכצופירן דעם דאָזיקן באַשלוס אין לעבן".

קאָמענטירנדיק די דאָזיקע רעזאָלוציע צוזאַמען מיט דער רעזאָלוציע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע, שרייבט די אַרבייטער־שטימע (נומ. 24):

„דער בונד, ווי פריער, טרעט אויך ווייטער אַרויס אַלס אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע שעצט די רעכט פון פרעמדע און פאָדערט, אַז מען זאָל אים צאָלן

מיט דער זעלבער מטבע. אָננעמענדיק די כללים, אַז עס דאַרף ניט עקזיסטירן אַפילו קיין שום רמז פון אונטערדריקונג פון איין נאַציע איבער דער צווייטער, אַז יעדע נאַציע דאַרף זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט דער אַנדערער, אַז אויך יידן זיינען אַ נאַציע, האָט דער צוזאַמענפאָר גלייך די פרינציפּן דורכגעפירט אין זיינע רעזאָלוציעס וועגן די באַציאונגען פון ׳בונד׳ צו אַנדערע נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. די באַציאונגען דאַרפן זיין גלייכע און געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ פון פעדעראַציע. ווייטער, אַלע יידישע אַרבעטער, וואו נאָר זיי זאָלן ניט וואוינען אין רוסלאַנד, קענען אַריינטרעטן אַלס מיטגלידער אין ׳בונד׳, אויב נאָר זיי ווילן דאָס. פון דעם אַלץ איז אָבער ניט געדרונגען, אַז דער ׳בונד׳ שטרעבט זיך אָפּצוזונדערן, באַגנוגענען מיט זיך אַליין, מאַכן זיך, ווי מען זאָגט, ׳פאַר זיך׳, פאַרקערט, אָפּגעזונדערטקייט, אתה־בחרתנושאַפט („סעפּאַראַטיזם״ בל״עז) — די געפילן זיינען אומבאַקאַנט די מיטגלידער פון ׳בונד׳. אַנטזאַגנדיק זיך פון אַריינמישן זיך אין דעם אינערלעכן לעבן פון אַנדערע פּאַרטייען און גרופּן, לאָזט דער ׳בונד׳ קיינמאָל ניט אַרויס פון זינען די אַלגעמיינע אינטערעסן פון גאַנצן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע ער האָט שטענדיק גערעכנט און רעכנט אויך איצט פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן. אויף דעם היינטיקן צוזאַמענפאָר האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין פיל רעזאָלוציעס, פון וועלכע מיר קענען אָנווייזן אויף דער רעזאָלוציע וועגן דער טעטיקייט פון בונד אין דרום־רוסלאַנד. די רעזאָלוציע בעמט אָן די גרינדונג פון באַזונדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין דרום־רוסלענדישע שטעט און זייער פאַרבינדונג מיטן ׳בונד׳ — נאָר מיט דעם תנאי, ווען דאָס דאָזיקע קען בישט שעדלעך ווירקן אויף דער אָרטיקער רוסישער באַוועגונג״.

***

גלייכצייטיק מיט דער שטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט געמוזט קומען אויך אַ קלאָר און אַנטשיידן וואָרט וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אַלץ מער אויסגעשפּרייט אויף דער יידישער גאַס. די ערשטע צוזאַמענפאָרן פון בונד האָבן ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט דעם ציוניזם, און אין דעם פּרט איז ניט געווען קיין שום חלוקי־דעות אין די בונדישע רייען. דער אַרטיקל פון ח. זשיטלאָווסקי (בן־אהוד) אין זעקסטן נומער אידישער אַרבייטער האָט אַרויסגעבראַכט אַ קלאָרע נעגאַטיווע שטעלונג צום ציוניזם — אין זיין אַרטיקל „ציוניזם אָדער סאָציאַליזם?״ דעם ציוניזם באַטראַכט ער ווי די באַוועגונג פון דער יידישער בורזשואַזיע, ווייל דער ציוניזם מאַכט אָפּהענטיק דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין זיין קאַמף פאַר אַ בעסערער לאַגע אין גלות, ער פאַרדרייט דעם קאָפּ דער יוגנט מיט זיינע פאַנטאַסטישע פראָיעקטן, דער ציוניזם איז אַ חלום וואָס וועט קיינמאָל ניט מקוים ווערן און עס „איז שווער צו געפינען אַן ערגערן פיינט פון דעם יידישן פאָלק, איידער דער ציוניזם״.

די רעזאָלוציע פון פערטן צוזאַמענפאָר וועגן דער באַציאונג פון בונד צו דער ציוניסטישער באַוועגונג פאָרמולירט אַזוי די שטעלונג פון בונד צום ציוניזם:

„דער צוזאַמענפאָר באַטראַכט דעם ציוניזם ווי אַ רעאַקציע פון די בורזשואַזע קלאַסן קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און דער אומנאָרמאַלער רעכטלעכער לאַגע פון דעם יידישן פאָלק.

דער צוזאַמענפאָר האַלט, אַז דער ענדציל פון דעם פּאָליטישן ציוניזם — דאָס שאַפן אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק, אויף וויפל זי וועט קאָנען אויפנעמען נאָר אַ קליינעם טייל פון דעם פאָלק — איז אַן ענין, וואָס האָט ניט קיין גרויסע באַדייטונג און קאָן נישט פאַרענטפערן די ׳יידן־פראַגע׳, און אויך וויפל ער פרעטענדירט צו קאָנצענטרירן אויף איר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, אָדער לכל הפחות אַ באַדייטנדיקן טייל — האַלט עס דער צוזאַמענפאָר פאַר אַן אוטאָפּיע, וואָס קאָן ניט פאַרווירקלעכט ווערן.

דער צוזאַמענפאָר האַלט, אַז די אַגיטאַציע פון די ציוניסטן בלאָזט פאַנאַנדער דעם נאַציאָנאַלן געפיל און קאָן שטערן די אַנטוויקלונג פון דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין.

וואָס שייך דער קולטורעלער טעטיקייט פון איניקע ציוניסטישע גרופעס, באַציט זיך דער צוזאַמענפאָר צו זיי, פונקט אַזוי ווי צו יעדער לעגאַלער טעטיקייט.

סיי אין די עקאָנאָמישע, סיי אין די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אונזערע דאַרפן די ציוניסטן בשום אופן ניט צוגעלאָזט ווערן".

***

אין פוילן זיינען געווען טעטיק דריי פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען: די ס.ד.פּ. (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פוילן און ליטע), די פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", די פּ.פּ.ס. (פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי). די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען און אַמאָל מיטאַרבעטן מיט די דאָזיקע דריי פאַרטייען. זייערע פּראָגראַמען און זייער טאַקטיק זיינען געווען פאַרשידן, און דער בונד האָט געדאַרפט קלאָר מאַכן זיין באַציאונג צו יעדער פון זיי. פּ.פּ.ס. ווידער האָט ניט אויפגעהערט אָנצופאַלן אויפן בונד. דער פערטער צוזאַמענפאָר האָט זיין שטעלונג צו יעדערער פון די דריי פאַרטייען קלאָר געמאַכט אין דער ווייטערדיקער אָנגענומענער רעזאָלוציע:

„1) אַזוי ווי די ׳סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין פוילן און ליטע׳ איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי פון איינער פון די נאַציעס, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון דער רוסלענדער מלוכה, האַלט דער צוזאַמענפאָר פאַר מעגלעך אַז דער בונד זאָל מיט איר אַריינטרעטן אין פעדעראַטיווע באַציאונגען.

2) פאַנאַנדערגייענדיק זיך מיט דער פאַרטיי ׳פּראָלעטאַריאַט׳ אין איינִיקע טאַקטישע פראַגן, ווי למשל וועגן טעראָר, דעמאָנסטראַציעס, געפינט

דאָך דער צוזאַמענפּאַר פֿאַר נויטיק אונטערצוהאַלטן מיט איר פּריינטלעכע באַציאונגען, אַזוי ווי מיט יעדער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער אָר־גאַניזאַציע.

3) וואָס שייך דער ,פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי' (פּ.פּ.ס.) האָט דער צוזאַמענפּאַר באַשלאָסן, צוליב דעם ווייל די באַדינגונגען האָבן זיך ניט געענדערט, צו לאָזן אין קראַפט די רעזאָלוציע פון פריערדיקן דריטן צו־זאַמענפּאַר".

ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע פון סאָלידאַריטעט מיט די רוסישע אַרבעטער און סטודענטן. די רעזאָלוציע זאָגט: „דער צוזאַמענפּאַר דריקט אויס די סאָלידאַריטעט פון גאַנצן אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט אונזערע רוסישע חברים אין זייער קאַמף קעגן דער פּאָליטישער רעכט־לאָזיקייט פון די מאַסן, וואָס מאַניפעסטירט זיך באַזונדערס אינטענסיוו במשך די לעצטע חדשים אין פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע שטעט. אַחוץ דעם דריקט אויס דער צוזאַמענפּאַר זיינע סימפּאַטיעס דער גאַנצער סטודענטנשאַפט, וואָס קעמפט פאַר אַקאַדעמישער פרייהייט און קעגן פּאָליציייאישן ווילקיר".

***

פון פאַרשידענע זייטן זיינען געקומען די אָנרעגונגען, אַז דער בונד זאָל פעסטשטעלן זיין פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע. פּנים אל פּנים מיט דער יידישער ווירקלעכקייט, ווירקנדיק אין דער געדיכטעניש פון יידישן מאַסן־לעבן, האָבן די בונדישע טוער געמוזט איינזען, אַז די אויסשליסלעך פּראָלעטאַרישע אויפגאַבן פאַרענטפערן נאָך נישט אַלץ, אַפילו ווען זיי האָבן אַ צוגאָב די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן. דער געדאַנק האָט געזוכט און געאַרבעט: אין די שווערע באַדינגונגען פון צאַרישן רוסלאַנד — ביחידות אָדער אויף געהיימע זיצונגען פון קליינע קאָמיטעטן, אין פרייען אויסלאַנד — אויף גרעסערע צוזאַמענקונפטן און אין דער פּרעסע.

דער אויספיר, צו וועלכן אַלע זיינען געקומען — ווער מיט פאַמעלעכע און ווער מיט שנעלערע טריט — איז געווען אַזאַ: אַ סאָציאַליסטישע לייזונג פאַרן פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן באַשטייט נישט אין אויטאָנאָמיע פון טעריטאָריעס, נאָר אין נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, אומאָפּהענגיק פון טעריטאָריע. ווייל די נאַציאָנאַלע אונטערשידן פון פעלקער אין איין לאַנד דריקן זיך בעיקר אויס אין די אונטערשידן פון זייערע קולטורן. מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז די באַזונדערע קולטורן זאָלן ווערן באַעוולהט און אונטער־דריקט און מ'דאַרף די פעלקער געבן די רעכט פון זעלבסט־טעטיקייט און זעלבסט־פאַרוואַלטונג אויף דעם געביט.

די פראַגע איז געוואָרן אַקטועל נישט בלויז ביי יידן, נאָר אויך ביי אַ ריי אַנדערע פעלקער פון רוסלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן און אַנדערע מלוכות, וואו אויף איין שטח האָבן געלעבט מערערע פעלקער. באַזונדערס שאַרף

איז די פראַגע געשטאַנען אין עסטרייך, וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך מיט דעם ענין פאַרנומען און געגעבן אַן ענטפער. אויפן קאָנגרעס פון דער עסטרייכישער ס.ד. פּאַרטיי, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1899 אין ברין, איז פאָרמולירט געוואָרן דער סאָציאַליסטישער ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל — די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף דעם קאָנגרעס אין ברין — האָט דער בונדישער אָרגאַן אין אויסלאַנד, דער אידישער אַרבייטער נומ. 8 (דעצעמבער 1899) אַזוי געשריבן: „צוויי גרויסע געדאַנקען זיינען אויסגעשפּראָכן געוואָרן אין דעם ענטפער, וועלכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געגעבן אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ערשטנס, האָט זי דערקלערט, אַז די נאַציעס זיינען גלייכבאַרעכטיקט און דער פּראָלעטאַריאַט איז פאַראינטערעסירט, אַז זיין נאַציאָנאַלע קולטור, שפּראַך און ליטעראַטור זאָלן זיך אַנטוויקלען. צווייטנס, מאַכט זי אַ גרויסן חילוק צווישן לאַנד און פאָלק, און האַלט נישט, אַז נאָר דאָס פאָלק, וואָס האָט אַ לאַנד, דאַרף זיך רעכענען פאַר אַ פאָלק און קען פאָדערן נאַציאָנאַלע רעכט. נאָך דער רעזאָלוציע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז אנשטאָט דעם אַלטן כלל, אַז דאָס פאָלק איז זיין לאַנד, געוואָרן אַן אַנדער כלל, אַז דאָס פאָלק איז זיין קולטור". (ס'ווערט אויך אויסגעדריקט די פאַרוואונדערונג פאַרוואָס ס'איז נישטאָ קיין אָפּטיילונג פון יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין גאַליציע און בוקאָווינע).

דעם דאָזיקן נייעם כלל האָט אויך דער בונד פּראָקלאַמירט אויף זיין פערטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז געהיים אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף כאַנייקעס, אין דער געדיכטעניש פון די יידישע וועבער אין ביאַליסטאָק.

ווי אַזוי האָבן די טוערס פון בונד אָפּגעשאַצט דעם באַטייט און די דערגרייכונגען פונם פערטן צוזאַמענפאָר?

דר. פּ. ראָזענטאַל שאַצט אָפּ דעם 4־טן צוזאַמענפאָר ווי אַ געלונגענעם:
„דער צוזאַמענפאָר איז אינערלעך דורכגעגאַנגען אויסגעצייכנט, די פיל פראַגן זיינען געלייזט געוואָרן בשלום; דער צוזאַמענפאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ באַדייטנדיקער שריט פאָרויס אין פאַרגלייך מיטן פאָריקן צוזאַמענפאָר. די אָנטיילנעמער זיינען זיך פאַנאַנדערגעפאָרן, כדי מיט נייעם מוט צו פירן די אַרבעטער־באַוועגונג צו דער קומענדיקער רעוואָלוציע" [40א].

אַ צווייטער פּיאָנער פון דער בונדישער באַוועגונג האָט שפּעטער אָפּגעשאַצט, אַז די באַשלוסן פון פערטן צוזאַמענפאָר „שטעלן פאַר דעם צווייטן עטאַפּ אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס דער 'בונד' האָט דורכגעמאַכט. פון זיין פריערדיקער נעגאַטיווער באַציאונג צו דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן האָט ער זיך אַנטזאָגט. טעאָרעטיש, פּרינציפּיעל האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. אָבער אין דער פּראַקטיק איז זיין פּראָגראַם דערוויל געבליבן נעגאַטיוו ווי פריער. דעם ראַדיקאַלן שריט פאָרויס האָט ער געמאַכט פאַרזיכטיק, כמעט מיט מורא. די שווערע פאָלגן פון אַ שפּרונג פון אַ נעגאַטיוון צו אַ פּאָזיטיוון נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, די געפאַר פון אַ מעגלעכן קאָנפליקט מיט דער 'רוסלענדער סאָציאַל־

דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי׳, די מורא פאַר אומצופרידנקייט ביי די אַסימילאַטאָריש־געשטימטע בונדיסטן — דאָס אַלץ איז ווי אַ דאַמאָקלעס שווערד געהאָנגען איבער דעם דעמאָלטיקן ׳בונד׳. און דאָס האָט טאַקע אַרויפגעלייגט אַ כאַראַקטעריסטישן שטעמפּל אויף די רעזאָלוציעס פון פערטן צוזאַמענפאָר און זיי האָבן געטראָגן אַ כאַראַקטער פון ״נישט־דערזאָגטקייט״ [41].

דער קאָנפליקט מיט דער ׳רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי׳ איז טאַקע באַלד געקומען. די צייטונג איסקרא (ערשטער נומער אַרויס אין דעצעמבער 1900) האָט אינגיכן אָנגעהויבן אַ שאַרפע אַטאַקע אויף די רעזאָלוציעס פון 4־טן צוזאַמענפאָר. אומבאַרעכטיקטע באַשולדיקונ־גען און ליידנשאַפטלעכע אָנפאַלן האָבן זיך געשאָטן אויפן בונד. אין די רייען פון די בונדיסטן האָט דאָס אָבער געוועקט אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. די בראָשור פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד (איר מחבר איז געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי) צו דער פראַגע וועגן נאַציאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע און איבערבוי פון דער פּאַרטיי אויף פעדעראַטיווע יסודות האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. אַ ווייטערדיקער צוזאַמענפאָר האָט אַריינגענומען אין פּראָגראַם פון בונד די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטו־רעלער אויטאָנאָמיע ניט בלויז פּרינציפּיעל, נאָר אויך ווי אַ פּראַקטישע לאָזונג.

די אַרבייטער שטימע, (נומער 24), דער צענטראַל־אָרגאַן פון בונד, האָט דעם באַריכט וועגן דעם צוזאַמענפאָר פאַרענדיקט מיט אַזעלכע פייערלעכע ווערטער:

„גלייך, ניט פאַרנעמענדיק זיך ניט רעכטס און ניט לינקס, אָן שפּריב־גערײַ און שאַקלערײַ, שטענדיק פאָרווערטס אַנטוויקלט זיך אונזער באַוועגונג. זי איז נאָך יונג, נאָר דער נסיון פון דער קליינער שטרעקע איז אַזוי גרויס, אַזוי רייך! אַזוי וויניק געלעבט און אַזוי פּיל איבערגעלעבט! — קענען מיר זאָגן. מוטיק און דרייסט קוקן מיר דעם עתיד אין די אויגן. אַזוי ווי אַ רייזנדער נאָך אַ לאַנגן און שווערן, פול מיט דערנער באַדעקטן וועג זעצט זיך אַוועק אָפּרוען, כדי צו פאַרשטאַרקן זיינע קרעפטן, אַרומקוקן זיך, אַ טראַכט טאָן וועגן ווייטערדיקן דרך, — אַזוי אויך האָבן מיר פאַרשטאַרקט אונזערע קרעפטן אויף אונזער צוזאַמענפאָר און מיט נייע אָפּגעפרישטע כוחות לאָזן מיר זיך ווידער אין וועג. זאָל דער ענטוזיאַזם, וואָס האָט אָנגעפילט די הער־צער פון אַלע מיטגלידער פון צוזאַמענפאָר, וועלכע זיינען זיך פאַנאַנדערגע־פאָרן אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון אונזער בונד, זיך איבערגעבן די וואָס זיינען אויף אים ניט געווען! זאָל די הייליקע, ריינע באַגייסטערונג, די פּאַרטיקייט צו זעלבסטאָפּפערונג פאַר דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל שטענ־דיק ביי אייך הערשן, ברידער קעמפער!״

## 8. זובאַטאָוו און די אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי

ווען דער פּראָצעס פון די אַרעסטירטע בונדיסטן אין 1898 איז שוין געווען ליקווידירט און דער אָכראַנע־שעף זובאַטאָוו האָט זיך איבערצייגט, אַז בחינם האָט ער טריאומפירט — דער בונד איז נישט פאַרניכטעט, האָט ער גענומען אַרבעטן אויף אַ נייעם פלאַן ווי אַזוי צו באַזיגן דעם בונד.

אין דער צווייטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן האָט ער אַדורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן צווישן די מאָסקווער אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אויפגעקומענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. שפּעטער — אין 1900 האָט ער אַדורכגעפירט גרויסע אַרעסטן צווישן די אָנטיילנעמער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מינסק. צווישן אָט די אַרעסטירטע האָט ער גענומען פירן זיין פּראָפּאַגאַנדע פון „מאָנאַרכיסטישן סאָציאַליזם": דער צאַריזם — הייסט עס — האָט גאָרנישט קעגן דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער, אויך ביים צאַריזם קענען זיי דערגרייכן אויסבעסערונגען פון זייער לעבן; דאַקעגן איז פּאָליטישע פרייהייט נישט קיין ענין פאַר די אַרבעטער, נאָר פאַר דער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע; „די גוט פאַרשטאַנענע מאָנאַרכיסטישע אידייע איז ביכולת צו געבן דעם לאַנד אַלץ וואָס נויטיק און די געזעלשאַפטלעכע כוחות זאָלן פאַנאַנדערגעבונדן ווערן, אָן בלוט־פאַרגיסונג און אָן די אַנדערע פּאָסקודסטוועס".

אין אַ באַריכט צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט זובאַטאָוו איבערגעגעבן וועגן זיין נייעם אויפטו: „אין דער רוסישער באַוועגונג, און אַ סברא אויך אין דער יידישער — באַרימט ער זיך — רייד איך איין מיט דערפאָלג דעם עולם, אַז אַרבעטער־באַוועגונג איז איינס און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָרט שטייט אַ ציל — די קאָפּיקע, דאָ — אַן אידעאָלאָגישע טעאָריע. דער אַרבעטער דאַרף שטרעבן צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג מיט די אַזוי גערופענע 'פּריווילעגירטע' קלאַסן (דאָס פּאָדערט לחלוטין נישט קיין סאָציאַליזם און נישט קיין פּאָליטישע פרייהייט, ווי אויך נישט קיין שכל, נישט קיין וויסן, נישט קיין זעלבסט־טעטיקייט); די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָבער איגנאָרירן זיינע דירעקטע אינטערעסן, זיי רופן אים ער זאָל העלפן די פּריווילעגירטע קלאַסן דערגרייכן זייערע אינטערעסן (מאַכן אַ רעוואָלוציע) צוזאָגנדיק אים אויף דערנאָך כלערליי גליקן. ווי עס שיינט, זיינען די אַרבעטער בלויז צוליב זייער גראָבקייט און נאַרישקייט ביז פּעאיק צו באַמערקן דעם דאָזיקן שווינדל און אין קעגנזאַץ צום שכל הישר וואַרפן זיי אַוועק די קאָפּיקע פון האַנט און יאָגן זיך נאָכן טעלערל פון הימל".

זובאַטאָווס פּראָפּאַגאַנדע האָט אין מאָסקווע באַקומען געוויסע אָנהענגער צווישן די אַרעסטירטע, און מיט דער הילף פון זיי און פון געדונגענע אָדער פּרייוויליקע אַגענטן פון דער „אָכראַנע" (געהיים־פּאָליציי) האָט זיך צווישן די מאָסקווער אַרבעטער אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן לעגאַלע גע־זעלשאַפטן פאַר קעגנזייטיקער הילף. דאָס זעלבע האָט ער אָנגעהויבן טון צווישן די יידישע אַרבעטער. ער האָט זיך גענומען, הגם אָן הצלחה, צו די אַרעסטירטע פון יולי 1898 און געפּרוּווט ביי זיי איינפּלאַנצן די אידייע פון אַ „לעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג", צוזאָגנדיק, אַז עס וועט זיך לאָזן אויף אַ געזעצלעכן אופן אויסבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער, זאָלן זיי זיך נאָר אָפּזאָגן פון פּאָליטיק. פאַרגלייכנדיק די דאָזיקע אויפגאַבן צווישן יידישע אַרבעטער מיט די קריסטלעכע אין מאָסקווע, האָט זובאַטאָוו געשריבן: „אין דער יידישער פראַגע איז אויך די זעלבע געשיכטע, זי איז בלויז קאָמ־פּליצירטער אַדאַנק די נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע און אַנדערע אייגנאַרטיקייטן. אָבער נאָך דעם, ווי דאָס אַלץ ווערט דערקלערט, ביי אַן עפנטלעכער, אַפילו האַרציקער באַציאונג צו זיי, גיבן זיך די אַרעסטירטע אונטער און גייען אַפילו איבער אויף דעם אַקטיוון באַדן לטובת דער רעגירונג"... „מען דאַרף די יידן אַ גלעט טאָן. נאָך דעם קאָן מען פון זיי אַפילו דרייען שטריק".

אָט אין דער טאַקטיק פון „אַ גלעט טאָן" און אַרויסווייזן „האַרציקע באַ־ציאונג" — איז באַשטאַנען די גאַנצע ווייטערדיקע אַרבעט פון זובאַטאָוון. פאַרן צענטראַלן פּונקט פון זיין נייער טעטיקייט האָט ער אויסגעקליבן די שטאָט מינסק, וועלכע איז געווען באַקאַנט מיט אירע פאַרשידענע רעוואָלו־ציאָנערע גרופּעס און מיט דער לאַנגיאָריקער פּראָפּאַגאַנדע פון די אידייען פון די אַמאָליקע נאַראָדניקעס.

סוף 1899 אָדער אָנהייב 1900 האָט זיך אין מינסק באַזעצט אַ זשאַנדאַר־מען־אָפיציר (גערארדי), וואָס איז קאָמאַנדירט געוואָרן ספּעציעל דורך דער מאָסקווער זיכערהייטס־אָפּטיילונג. אין דער ערשטער העלפט פון 1900 האָט ער דורכגעפירט אַ גרויסע צאָל אַרעסטן. די כוונה איז געווען — צושטעלן זובאַטאָוון וואָס מער מענטשן, כדי זיי צו געווינען פאַר זיינע פּלענער. פאַרן אָפּשיקן קיין מאָסקווע האָט מען די אַרעסטירטע געהאַלטן אין פאַרשידענע טורמעס, זיי געמאַטערט און זייערע נערוון אָנגעשפּיצט ביז גאָר. איינע פון די מינסקער טוערינס, מאַניע ווילבושעוויטש, איז געווען צווישן די אַרעס־טירטע. זובאַטאָוו האָט זי באַהאַנדלט זייער איידל און אַפילו אָפּגעלאָזט אַמאָל צו גיין אין טעאַטער „אויף אַן ערנוואָרט". דאָס אַלץ האָט אויף דער יונגער עקזאַלטירטער, היסטערישער ווילבושעוויטש געהאַט אַ ווירקונג. אַנדערע אַרעסטירטע, איבערהויפּט די, וואָס זיינען געווען ניי אין דער באַוועגונג, האָבן אויפריכטיק דיסקוטירט מיט זובאַטאָוון און פאַרטיידיקט זייערע איבער־צייגונגען.

יוני 1900 האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן פון מאָסקווע די באַפרייטע און זיי האָבן גענומען דערציילן ניסים־ונפלאות וועגן זובאַטאָוון. טייל האָבן פאַרשטאַנען די זאַך און אָנגעוויזן אויף דער סכנה, וואָס דראָט מצד זובאַטאָוון

פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אַז מען דאַרף ענערגיש קעמפן קעגן איר. געווען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען דערדריקטע און זיך געהאַלטן אין אַ זייט פון דער אָרגאַניזאַציע. אין די מוחות פון אַנדערע ווידער איז שטאַרק אַריין דער געדאַנק וועגן דער לעגאַליזאַציע פון דער באַוועגונג. זיי האָבן קריטיקירט די פּאָליטישע און אונטערערדישע טעטיקייט פון בונד און זיי האָבן אָנגעהויבן רופן די אַרבעטער צום לעגאַלן קאַמף „פאַר ברויט און וויסן".

איניגיכן האָבן די אַרבעטער באַקומען אַ מעגלעכקייט אויסצופּרואוון זובאַטאָווס נייעם קורס אין דער פּראַקטיק. אין קרעסלאָווקע איז פאָרגעקומען אַן עקאָנאָמישער שטרייק פון די בערשטער און זובאַטאָווס אָנהענגער האָבן געוואָלט זיך באַנוצן מיט זיין הילף, כדי צו צווינגען די באַלעבאַטים נאָכ־צוגעבן די אַרבעטער. זובאַטאָוו האָט טאַקע געבעטן דעם פּאָליציי־דעפּאַרט־מענט צו אינטערווענירן אין אָט דעם קאָנפליקט און העלפן „שטאַרקן דעם גלויבן צווישן די אַרבעטער אין דער אָביעקטיווקייט פון דער רעגירונג". אָבער דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט זיך ניט אָפּגערופן אויף דער ווענדונג פון זובאַטאָוון, ער האָט זיך ניט געקענט באַשליסן צו סאַנקציאָנירן דעם נייעם קורס פון „פּאָליצייאישן סאָציאַליזם". דאָך האָט זובאַטאָוו עפּעס דער־גרייכט צווישן די בערשטער: אייניקע זייערע טוערס זיינען געווען פאַר דעם, אַז מען זאָל דעם בערשטער־בונד לעגאַליזירן — דאָס איז געווען דער פאָרשלאַג פון זובאַטאָוון. ער האָט אויך צוגעזאָגט 20,000 רובל אויף דער אַרבעט פון אַ לעגאַלן בערשטער־בונד.

אין אויגוסט 1900 פאַרעפנטלעכט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אַ שאַרפן אויפרוף קעגן זובאַטאָוון און זיין טאַקטיק: יעדער רעוואָלוציאָנער — לייענען מיר דאָ — וואָס האָט „באַציאונגען מיט זובאַטאָוון אָדער אַנדערע שפּיאָנען פון זיינס גלייכן, ברענגט נאָר שאָדן די אַרבעטער־אינטערעסן און פאַרלירט דאָס רעכט צו טראָגן דעם נאָמען 'רעוואָלוציאָנער'...". „קיין מיט־גליד פון 'אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילן' האָט ניט קיין רעכט צו האָבן וועלכע ס'איז פאַרבינדונגען מיט זובאַטאָוון אָדער מיט אַן אַנדער צאַרישן שפּיאָן. ווער ס'וועט דאָס ניט דערפילן, וועט ווערן באַטראַכט פאַר אַ פאַררעטער, פּראָוואָקאַטאָר און זיין נאָמען וועט ווערן פאַר־עפנטלעכט אין אונזער 'אַרבייטער שטימע', 'וואַרשאווער אַרבייטער', 'ביאַ־ליסטאָקער אַרבייטער', 'דער קלאַסן־קאַמפּף'. אונזערע אָרטיקע קאָמיטעטן זיינען מיט דעם פאַרפליכטעט באַלד מיטצוטיילן דעם צ.ק. פון 'בונד' וועגן אַזעלכע מענטשן". זובאַטאָוו גופא ווערט אינם אויפרוף כאַראַקטעריזירט מיט די שאַרפסטע ווערטער: „אָט דער מענטשן־אויסוואורף, דער מנובל", „נידערטרעכטיקער מענטש", „אַרבעטער־פרעסער". דער אויפרוף שילדערט זובאַטאָווס פּרואוון „צו פאַראַליזירן און פאַרניכטן די אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד בכלל און אונזער יידישע באַוועגונג בפרט". „דאָרט וואו עס הייבט זיך אָן זובאַטאָווס גוטפריינטשאַפט, דאָרט ענדיקט זיך די רעוואָלו־ציאָנערע איבערגעגעבנקייט" [42].

זומער 1901 האָבן די זובאַטאָווצעס באַשלאָסן צו שאַפן אַן אייגענע פּאַרטיי. בראש פון דער נייער פּאַרטיי זיינען געשטאַנען: מאַניע ווילבושעוויטש, יהודה וואָלין, סאַשאַ טשעמעריסקי, גאָלדבערג און אַנדערע.

די הויפּט־פיגור אין דער נייער באַוועגונג איז געווען מאַניע ווילבושעוויטש. אַרעסטירט געוואָרן אין מינסק דעם 7־טן מערץ 1900, איז דאָס דאַזיקע יונגע 19־יאָריקע מיידל אין טורמע אַרונטערגעפאַלן אונטער זובאַטאָווס השפּעה. בעת די פאַרהערן האָט זי געגעבן גענויע דערקלערונגען. זובאַטאָוו איז געווען אַנטציקט פון איר. „זייער אַ ליבע פּערזאָן איז אָט די מאַניעטשקע ווילבושעוויטש — שרייבט זובאַטאָוו אין איין באַריכט: אין אַ געשפּרעך מיט מיר האָט זי מיר דערציילט זייער פיל וועגן חיימען . . . ער איז אַ הייסער אַנהענגער פון טעראָר און אַ דם־שונא פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן . . . ער לעבט שטענדיק אומלעגאַל און אין פאַרשידענע שטעט אונטער פאַרשידענע פאַמיליעס. ער איז געווען אי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אי אין טאַמבאָוו, אי אין מינסק, אי אין באָברויסק" . . . אַן אַנדערש מאָל, ווי עס ווייזן די אַרכיוון פון אָכראַנע, שרייבט זובאַטאָוו: . . . „נעכטן האָט מאַניטשקע ווילבושעוויטש (דאָס איז גאַנץ געהיים) דערקלערט מינדלעך אַלץ וועגן דער מינסקער ליקווידאַציע . . . זי האָט דערקלערט, אַז מען האָט בלויז פאַרנומען די אַרבעטער, און די אינטעליגענטן האָט מען ניט אָנגערירט. איך וועל זיך באַמיען זי איבערצייגן, זי זאָל אָנרופן אָט די נעמען . . . זי איז זיך משתדל פאַר די אַרבעטער (דערהויפּט די יונגע), וועלכע זיינען פאַרפירט געוואָרן דורך די אַנפירער, און בעט מען זאָל זיי ניט אַרעסטירן, און דער־פאַר רופט זי אָן די אמתע שולדיקע" . . . „מאַניעטשקען האָב איך באַאַרבעט אין אַזאַ מאָס, אַז זי איז געוואָרן אַן איבערצייגטע מאָנאַרכיסטין" . . . אין אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט מען געפונען קאָפּיעס פון בריוו, וואָס ווילבושעוויטש האָט געשריבן צו זובאַטאָוון. מ. ווילבושעוויטשעס בריוו באַווייזן, אַז זי איז געווען אַ טיכטיקע, הגם קאָן זיין אומאייגננוציקע מיטאַר־בעטערין פון דער „אָכראַנע", און לויט אירע אָנווייזונגען זיינען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אייניקע אָנגעזעענע בונדיסטן . . . וויל־בושעוויטש ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַריינגעצויגן אין פאַררעט. אירע בריוו זיינען איבערפולט מיט אָנווייזונגען וועגן די נעמען פון רעוואָלוציאָנערן. זי גיט אָן גענויע אַדרעסן, גיט סימנים, דעקט אויף די קאָנספּיראַטיווע „ביי־נעמען". זי דינט בלב ונפש דער זיכערהייט־אָפּטיילונג.

אין איר בריוו צו זובאַטאָוון פון 2־טן אויגוסט 1900 האָט מאַניע וויל־בושעוויטש אָנגערופן בפירוש אַ צאָל נעמען. זי האָט געשריבן: „די אי־בעריקע רופן זיך אָפּ וועגן אייך מיט אַן אומגעווינלעכער שנאה, איבער־הויפּט זשעניע הורוויטש, דער קליינטשינקער באָריס פּרומקין, זיין שוועס־טער, גרישע רודערמאַן, גרישע גערשוני און נאָך זיי אַלע" . . . זי דערציילט וועגן אירע שמועסן מיט גערשונין, זיינע פּלענער פון אומלעגאַלער אַרבעט, א.אַז. וו. [43].

***

די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגערופן מיטן נאָמען יידישע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי. זי האָט פאַרעפנטלעכט אַ „מאַניפעסט" און פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי (אין דער רוסישער שפּראַך). מיר ברענגען איי־ניקע אויסצוגן פוןביידע דאָקומענטן:

„דער יידישער אַרבעטער־קלאַס פאָדערט אין דעם איצטיקן מאָמענט ברויט און וויסן, און די דאָזיקע פאָדערונגען דאַרפן באַפרידיקט ווערן; ס'איז אַ פאַרברעך צו ברענגען אַלס קרבן די מאַטעריעלע אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס פאַר אַזעלכע פּאָליטישע צילן, וועלכע זיינען אים אין איצטיקן מאָ־מענט פרעמד" . . .

„מיר האַלטן פאַר ניט נאָרמאַל די איצטיקע לאַגע, ביי וועלכער די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס געפינען זיך אונטער דער אָנפירערשאַפט פון 'בונד', וואָס איז לויט זיין הויפּט־מהות און צילן אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. די עקאָנאָמישע טעטיקייט איז פאַר דעם 'בונד' הויפּטזעכלעך אַ מיטל צו רעוואָלוציאָניזירן די אַרבעטער־מאַסן, און דעריבער איגנאָרירט בכיוון דער 'בונד' אין זיין עקאָנאָמישער טעטיקייט זייער פיל מיטלען, וועלכע זיינען דורכאויס נוצלעך פאַר דער אַרבעטער־מאַסע" . . .

„די יידישע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי שטעלט זיך פאַר אַ ציל אויפצוהייבן דעם מאַטעריעלן און קולטורעלן ניוואָ פון דעם יידישן פּראָ־לעטאַריאַט מיט דער הילף פון קולטורעלע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, אומלעגאַלע און לעגאַלע, אויף וויפל דאָס וועט מעגלעך זיין. אין דער פּראַק־טיק ווערט דער דאָזיקער ציל דערפירט: א) צו אַנטוויקלען ברייטע עקאָנאָ־מישע אָרגאַניזאַציעס (פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קאַסעס, קלובן, אַסאָציאַ־ציעס), ב) צו אַנטוויקלען אין דעם אַרבעטער־קלאַס וויסנשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע בילדונג און צו דערציִען אים פאַר דעם קאָלעקטיוון לעבן.

די פּאַרטיי אַלס גאַנצע שטעלט זיך ניט קיין שום פּאָליטישע צילן און פאַרנעמט זיך מיט פּאָליטישע פראַגן אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיי באַרירן די אַלטעגלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער"...

אינם אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט מען אויך געפונען אַ מעמאָראַנדום וואָס הייסט: „די יידישע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי, איר פּראָגראַם, איר געשיכטע און באַדייטונג פאַר דער נאַציאָנאַלער אויפ־לעבונג פונם יידישן פאָלק". דאָ זיינען איבערגעחזרט די זעלבע געדאַנקען וואָס אין מאַניפעסט און פּראָגראַם. שטרייקן „דאַרפן זיין ניט קיין ציל נאָר אַ לית־ברירה־מיטל אויפן לעצטן פאַל", דער עיקר אָבער דאַרפן יידישע אַרבעטער האָבן „געזעלשאַפטן פון קעגנזייטיקער הילף אויפן פאַל פון אַר־בעטסלאָזיקייט און קראַנקייט"... „די יידישע אַרבעטער נויטיקן זיך אין אַר־בעטס־ביוראָען, פּראָפעסיאָנעלע קורסן, כדי אימשטאַנד זיין צו קאָנקורירן מיטן קריסטלעכן אַרבעטער". די קולטור־עקאָנאָמישע אַרבעטער־פאַראיינען דאַרף מען אָפּטיילן פונם בונד, דעמאָלט וועט די רעגירונג צוביסלעך לעגאַ־ליזירן די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען.

דער אויבן געבראַכטער אויסדרוק פון מעמאָראַנדום וועגן דער באַדייטונג פון דער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי „פאַר דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פונם יידישן פאָלק" — איז ניט קיין צופעליקער. זיי האָבן שטאַרק געקלעפּט צו די ציוניסטן. אין אַ בריוו צו זובאַטאָוון פון אַן „אומאָפּהענגיקן" לייענען מיר:

„איר קאָנט מיר אָפּגעבן מזל־טוב מיט אַ גרויסן נצחון... דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן קעמפן מיטן ‚בונד'. די רעדע פון איינעם אַ ציוניסט אַ... געוועזענעם מיטגליד פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון ‚בונד'... וועט אָפּגעדרוקט ווערן אין 35 טויזנט עקז. און וועט דערנאָך פאַרשפּרייט ווערן אומזיסט איבער אַלע יידישע שטעט"... (באַמערקונג: קיין שום מיטגליד פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד איז נישט אַריבער צו די ציוניסטן — ח.ש. ק.). „ענדלעך האָבן די ציוניסטן... שטאָלץ דערקלערט אים (דעם ‚בונד') אַ קאַמף. און דאָס האָבן אויפגעטאָן די אַרבעטער־ציוניסטן. די דערפאַרונג זאָגט מיר, אַז מיט פרידלעכע אַרבעטער־פּראָפעסיאָנאַלן קען מען קעגן ‚בונד' ניט קעמפן, ווייל מיר זיינען נייטראַל, און קעמפן מיט זיי מוז מען. מיין אויסוואַל איז געפאַלן אויף די ציוניסטן. זיי וועלן דאָס מוזן טאָן. דורך אַ גוואַלטיקער ענערגישער אָנשטרענגונג האָט זיך איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך דערצו. דער צוזאַמענפאָר פון אַלע ציוניסטישע אַרבעטער־קרייזלעך פון רוסלאַנד, וועלכער איז פאָרגעקומען אין מינסק מיט 6 וואָכן צוריק, האָט באַשלאָסן: ערשטנס, קעמפן קעגן ‚בונד' דורך אַ שריפטלעכער און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע... צווייטנס, אַריינטרעטן אַלס מיטגלידער אין דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי אין די שטעט, וואו אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס זיינען פאַראַן, און דאָרט וואו אַזעלכע זיינען ניטאָ — פאַרשפּרייטן די אידייען פון דער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי און גרינדן אָרגאַניזאַציעס" [44]).

צווישן די אומאָפּהענגיקע זיינען געווען עטלעכע, וואָס זיינען געווען ביז דעמאָלט ציוניסטן. שאַיעוויטש איז געווען אַן אַקטיווער ציוניסט; גאָלדבערג איז געווען אַ פּועלי־ציוניסט. מאַניע ווילבושעוויטש אַליין האָט זיך אויך שטאַרק אַריינגעלאָזן אין ציוניזם, און שפּעטער מיט יאָרן איז זי אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע, וואו זי איז געוואָרן טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

„דורך דער פּראָטעקציע פון מאַניע ווילבושעוויטש — דערציילט ב. מיכאַלעוויטש — איז אין מינסק אין יאָר 1902 לעגאַליזירט געוואָרן דער צוזאַמענפאָר פון די רוסישע ציוניסטן, וועלכן דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים האָט געעפנט מיט די ווערטער: מיר זיינען מער ווי לאָיאַל. בכלל זיינען די מינסקער ציוניסטן איין צייט געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט מיט די זובאַטאָווצעס, ווייל די לעצטע זיינען אויך געווען שטאַרק נאַציאָנאַל געשטימט. צו יענער צייט האָט זיך אין מינסק געבילדעט צום ערשטן מאָל אַ גרופּע אַרבעטער־ציוניסטן (פּועלי־ציון), וועלכע האָט אויך געפּרעדיקט צווישן די אַרבעטער גלייכגילטיקייט צו דעם פּאָליטישן גורל פון רוסלאַנד




אויסלענדישע צייטשריפטן פון בונד: דער אידישער אַרבייטער, אָנגעהויבן דערשיינען אין 1896 —
זשורנאַל פאַר טעאָרעטישע און וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען; פּאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ (רוסיש) —
אַ רייכער אינפאָרמאַציע־קוואַל פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

און זיי געדופן זיך אָרגאַניזירן בלויז אויפן עקאָנאָמישן באָדן. די דאָזיקע אַגיטאַציע איז געווען אין פולן איינקלאַנג מיט דער ׳טעאָריע׳ פון די ׳זובאַ־טאָווצעס׳ ״ [45]).

אין דער צאָל לעקטאָרן אויף די פּאַרזאַמלונגען, וואָס דער מינסקער זשאַנדאַרמעריע־שעף וואַסיליעוו האָט דערלויבט איינצואָרדענען, „געפינען זיך געוועזענע און איצטיקע ציוניסטן״, — ווערט דערציילט אין פּאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ נומ. 43 (8 נאָוועמבער 1901).

אין דער גרויסער ביאָגראַפיע פון מאַניע ווילבושעוויטש, וואָס געפינט זיך אין דער תל־אביבער אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניו (באַנד 2, 846־849), ווערט פאַרגעשטעלט איר „טעטיקייט״ אַזוי, אַז ביט זובאַטאָוו האָט זי אַריינגעצויגן, נאָר פאַרקערט: „זי האָט אים פאַרגעלייגט אַ מין הסכם צווישן דער אַרבעטערשאַפט און דער רעגירונג, — די אַרבעטער זאָלן זיך פאַר־נעמען נאָר מיט פאַך־אָרגאַניזירונג, כדי צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישן מצב און צו דערגרייכן מאַכט (שלטון) אויפן עוואָלוציע־וועג אין די גרענעצן פון געזעץ, ניט אונטערגראָבנדיק די קרוינשטול פון צאַר. איר פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן און 60 אַרעסטירטע, וואָס האָבן מסכים געווען אונטער־צושרייבן אַ דעקלאַראַציע פון דעם כאַראַקטער, זיינען באַפרייט געוואָרן, און אויך זי איז באַפרייט געוואָרן״. וועגן ווילבושעוויטשעס וויטערדיקער „לעגאַליסטישער״ טעטיקייט שרייבט די ענציקלאָפּעדיע: „די רעוואָלוציאָ־נערן און דער בונד האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט איר באַוועגונג, אָבער די ׳פּועלי־ציון׳ און סתם יידישע אַרבעטער זיינען צו איר צוגעשטאַנען מאַסנ־ווייז״.

***

די אַרבעט פון די „אומאָפּהענגיקע״ אין מינסק איז געווען אינטענסיוו. זיי האָבן פאַרעפנטלעכט פאַרשידענע מינים אַגיטאַציע־ליטעראַטור און פּראָ־קלאַמאַציעס. אין זייער בריף צו אידישע אָרגאַניזירטע אַרבייטער, נומער 1, ריידן זיי אַרום די נויטן פונם יידישן אַרבעטער. זיי באַשולדיקן דעם בונד, אַז ער וויל תיכף אַריבערשפּרינגען „אין דער מלוכה פון גלייכהייט און פריי־הייט״ און דערפאַר פאַרנאַכלעסיקט ער די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער. מען דאַרף שאַפן, שרייבן זיי, אָרגאַניזאַציעס „אָן די הויכע צילן״, ווייל „די אידעאַלן גיבן ניט קיין ברויט״. אין זייער צווייטן בריוו ריידן זיי ווייטער וועגן דער נויטיקייט פון דער לעגאַלער באַוועגונג: „די מאַסע וויל ניט צו פיל ריזיקירן, זי איילט זיך ניט. אין דער מאַסע איז פאַראַן וויניק אידעאַליזם און די מאַסן־באַוועגונג ווערט טאַקע וויניקער העַ־ראָאיש, וויניקער פּאָעטיזירט, אָבער דערפאַר מער נוצלעך און פּראַקטיש״... „אַ קאַסע פון קעגנזייטיקער הילף איז לייכטער און זיכערער צו שאַפן לעגאַל. פרעגט זיך, פאַרוואָס זאָל דער יידישער אַרבעטער ניט טאָן אַזוי ווי אים איז באַקוועמער, נאָר ער זאָל זיך רעכענען מיט דעם וואָס פאַר דער פּאַרטיי איז באַקוועמער״ [46]).

אָנקומענדיק צו דער הילף פון דער מאָסקווער זיכערהייטס־אָפּטיילונג און פון די אָרטיקע זשאַנדאַרם־פאַרוואַלטונגען, זיינען די „אומאָפּהענגיקע" אין זייער פּראַקטיק פּאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּשוט געווער פון די רעגירונגס־אָרגאַנען. זייער גאַנצע פּראַקטישע אַרבעט האָבן זיי געטאָן אין הסכם און לויט די אָנווייזונגען פונם מינסקער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו. אונטערן איינפלוס פון דער אַגיטאַציע פון די „אומאָפּהענגיקע" האָט זיך אויפגעהויבן אַ כוואַליע שטרייקן. די „פּאַרטיי" האָט דורך אירע „ראַטן" און קאָמיסיעס כלומרשט אָנגעפירט מיט די שטרייקן, אין דער אמתן אָבער האָט מען אָן וואַסיליעוון גאָרניט אָנגעהויבן צו טון. זובאַטאָוו האָט געהאַלטן אָן אויג איבער אָט דער גאַנצער אַרבעט. ווי זובאַטאָוו שרייבט אין איינעם אַ בריוו, האָט זיך ביי די מינסקער אַרבעטער „אַנטוויקלט אַזאַ חשק צו לויפן צו דעם פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו, ווי די רעוואָלוציאָנערן דריקן זיך אויס, נאָך אַ נדבהלע, אַז עס קומט אויס זיי איינצוהאַלטן מיט גוואַלט".

ווען ביי די מינסקער פּריקאַזטשיקעס האָט זיך פאָרויסגעזען די מעג־לעכקייט פון אַ שטרייק, האָט וואַסיליעוו איינגעלאַדן צו זיך די פּריקאַזטשיקעס (האַנדלס־אָנגעשטעלטע) און גערופן אין זאַל „פּאַריז" אַ פאַרזאַמלונג (11 יוני 1901) „אויף צו באַהאַנדלען אייניקע פראַגן, וואָס זיינען נוגע די אָנגע־שטעלטע פון דער שטאָט מינסק". 400 מאַן זיינען געקומען צו דער פאַר־זאַמלונג — דאָס זיינען אַלץ געווען, ווי זובאַטאָוו דריקט זיך אויס, מענטשן „פון דער פרידלעכער גרופּע"; וואָס שייך ווידער די אָרגאַניזירטע, איז — „אונטערן איינפלוס פון די אַגיטאַטאָרן", קיינער פון זיי ניט געקומען.

דער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַן דער מינסקער אַרבייטער, נומער 4 (נאָוועמבער 1901) שילדערט אַזוי די דאָזיקע פאַרזאַמלונג: וואַסיליעוו „האָט גערעדט זייער ווייך, געגעבן עצות, מען זאָל ניט הערן די פאַרפלוכטע אַגיטאַטאָרן, נאָר אים, וואַסיליעוון, וועלכער וועט אין דער אמתן טאַקע פאַרבעסערן זייער לאַגע. נאָר טאָמער וועלן זיי אים ניט פאָלגן און נאָכגיין נאָך די רעוואָלוציאָנערן, וועט ער דאַן קעגן זיי עפנען אַ גאַנצן גיהנום און וועט אויף זיי אויסשיטן אַ מבול מיט צרות. אָבער אויף די פּריקאַזטשיקעס האָט וואַסיליעווס רעדע קיין טיפן איינדרוק ניט געמאַכט. זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן דאָ צו טון מיט דעם פאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פון די בעלי־בתים, וועלכער מאַכט אָנשטעלן צו דערשטיקן זייער באַוועגונג. אַז וואַסיליעוו האָט גערעדט צו די פּריקאַזטשיקעס ניט אויס גוטהערציקייט, נאָר ווייל די העכערע זשאַנדאַרמען האָבן אים געהייסן אַזוי ריידן — האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פון דעם געשפּרעך, וואָס דער באַרימטער מאָסקווער זשאַנדאַרם זובאַטאָוו האָט געהאַלטן מיט איינעם אַ מינסקער פּריקאַזטשיק. זובאַטאָוו האָט אים איבערגעחזרט וואַסיליעווס רייד און געפרעגט פאַרוואָס פאָלגן אים נישט די פּריקאַזטשיקעס... אָבער די פּריקאַזטשיקעס קענען אים ניט פאָלגן. זיי זעען ווי פון די גאַנצע הרים וגבעות, וואָס וואַסיליעוו און זובאַטאָוו זאָגן צו, לאָזט זיך גאָר נישט אויס און פאַרשטייען די פּאַסטקע, אין וועלכע די זשאַנדאַרמען ווילן זיי אריינכאַפּן. דעריבער לאַכן זיי זיך אויס

פון אַזעלכע רעדעס, עצות און פאַרשפּרעכונגען, און גייען פאָרויס אויף דעם וועג פון קאַמף".

אַזעלכע פאַרזאַמלונגען האָבן די „אומאָפּהענגיקע" איינגעאָרדנט גאַנץ אָפט — די פּאָליציי איז דאָ נישט געווען אָנוועזנדיק. חוץ דעם האָבן זיי געשאַפן „פרייע אַרבעטער־אוידיטאָריעס", וואו מען האָט געהאַלטן לעקציעס אויף יידיש איבער דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, איבער געשיכטע און אַנדערע. כאַראַקטעריזירנדיק די ליטעראַטור פון די „אומאָפּהענגיקע", זאָגט ב. פרומקין: זייערע „אַלגעמיינע פּאָלעמישע און אַגיטאַציע־בלעטלעך זיינען זייער וואולגאַרע און אינהאַלטסלאָזע. דער גאַנצער טעמפּעראַמענט פון די אַגיטאַטאָרן, זייער גאַנצער צאָרן קעגן זייערע קעגנערס געפינט זייער אויסדרוק כמעט אויסשליסלעך אין זידלערייען און אין היסטערישע משוגענע געשרייען".[47])

ביי דער „פּאַרטיי" האָט אויך עקזיסטירט אַ געהיימע ביוראָ אויף אָנצו־האַלטן די באַציאונגען מיט די העכערע פּאָליציייִשע קרייזן. די דאָזיקע ביוראָ איז געווען שטאַרק פאַרקאָנספּירירט. „מען קען זאָגן מיט זיכערקייט, שרייבט ב. פרומקין, אַז די דאָזיקע באַציאונגען האָט סוף־כל־סוף אָנגע־האַלטן פערזענלעך מ. ווילבושעוויטש".

אָפיציעל איז די אָרגאַניזאַציע פון די „אומאָפּהענגיקע" ניט געווען לעגאַל און זייערע פּרוּוון צו לעגאַליזירן זי און באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אַרבעטער־קלובן — האָט ניט געהאַט קיין פּעולה. די בונדיסטן האָבן געפּרוּווט אויסנוצן זייערע פאַרזאַמלונגען. זיי האָבן דאָרט קריטיקירט די „אומאָפּהענגיקע" און פאַרטיידיקט דאָס בונדישע רעוואָלוציאָנערע פּראָ־גראַם. אָבער שטענדיק פלעגט זיך עס ענדיקן מיט דעם, אַז אין אַ טאָג־צוויי אַרום האָט מען די רעדנער אַרעסטירט און שפּעטער פאַרשיקט קיין סיביר. די בונדיסטן האָבן דעריבער קוואַליפיצירט די „אומאָפּהענגיקע", ווי פּראָוואָקאַטאָרן.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט אַלע מיטלען באַקעמפט די „אומ־אָפּהענגיקע" סיי דורך פאַרזאַמלונגען און סיי דורך ליטעראַטור. דער בונד האָט אויפגעקלערט דעם אמתן כאַראַקטער פון דער „ליבשאַפט" צו די אַרבעטער, וואָס האָט זיך פלוצלונג צעפלאַקערט ביי זובאַטאָוו און וואַסיליעוו.

אין נומער 25 אַרבייטער שטימע (אָקטאָבער 1901) איז פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען די אומאָפּהענגיקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי. ס'ווערט גאַנץ קלאָר געזאָגט, אַז דאָס פּראָגראַם פון די „אומאָפּהענגיקע" — „אונטערשיידט זיך כמעט מיט גאָרניט פון זובאַטאָוו־וואַסיליעווס פּאָליטיק". דער אַרטיקל אַנאַליזירט די הויפּט־פּרינציפּן פון דעם פּראָגראַם, ווי אויך פונם בריף צו די יידישע פאַראייניקטע אַרבעטער. מיר ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דעם אַרטיקל פון אַרבייטער שטימע:

„די פּאַרטיי פאַרקלערט זיך ניט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ אורזאַכן ברענגען דערצו, אַז אין היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מוז דער אַרבעטער־קלאַס פאַרנעמען אַזאַ לאַגע, וועלכע פאַראורטיילט אים צו ליידן

פון עקספּלואַטאַציע, אָרימקייט און פינצטערניש. די פּאַרטיי גיט זיך ניט אַריין אין טיפע חקירות, פון טעאָריע האַלט זי ניט"...

„די פּאַרטיי טרעט ניט אַרויס פּיינטלעך קעגן דער איצטיקער קאַפּי־טאַליסטישער, געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, קעגן דעם סיסטעם פון פּריוואַט־אייגנטום און לוין־אַרבעט, קעגן דער פּאָליטישער הערשונג פון איין קליין הייפעלע מענטשן איבער דעם גאַנצן אַרבעטער־פאָלק בכלל און קעגן דער שענדלעכער רוסישער זעלבסטהערשונג בפרט! פון 'גלייכהייט, פרייהייט און ברידערשאַפט' — לאַכט זי זיך אויס... דער בריף לייגט (זאָגט ליגן) גראָב עזותדיק, ווען ער זאָגט, אַז מיט די אַלטעגלעכע בויטן האָט זיך די (בונדישע) באַוועגונג ווייניק וואָס באַשעפטיקט"... „אונזער אויפגאַבע באַשטייט אין דעם צו אַנטוויקלען אין דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט דעם קלאַסן־און פּאָליטישן באַוואוסטזיין, צו פאַרבינדן דעם אַלטעגלעכן קאַמף פאַר זיינע קליינע אויס־בעסערונגען מיט דעם קאַמף פאַר זיין גענצלעכער באַפרייאונג פון עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן יאָך, מיט דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם"...

„די ('אומאָפּהענגיקע') פּאַרטיי זאָרגט ניט וועגן גשמיות אַליין, זי האַלט פון רוחניות אויך: 'ברויט און וויסנשאַפט'..." „פריי זיך אַנטוויקלען איז מעגלעך נאָר אין אַזאַ לאַנד, וואו אויף דער וויסנשאַפט ליגט ניט קיין שווערע קייטן, וואו די פּרעסע איז ניט געשטיקט, וואו צענזור דערווערגט ניט יעדעס פרייע וואָרט, וואו דער שפּיאָנישער גייסט וואַכט ניט איבער די געדאַנקען פון די געלערנטע"... זובאַטאָווס „מיין איז לייכט צו פאַרשטיין. ווען די זאַך וועט זיך טאָן לעגאַל, וועט מען קענען השגחה געבן, קאָנ־טראָלירן"...

„וואָס ס'איז שייך צו די מיינונגען פון דער פּאַרטיי וועגן אונזער בונד, האַלטן מיר פאַר איבעריק וואָס עס איז אויף דעם צו ענטפערן"... „די מיינונגען זיינען אַזוי קינדעריש אומוויסנד און גראָב פאַלש, אַז יעדער ווער נאָר עס האָט אפילו אַ קליינעם באַגריף וועגן דער טעטיקייט פון 'בונד', וועט עס קענען אַרויסזען".

דערביי ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז די „אומאָפּהענגיקע" האָבן דעם 20־טן אָקטאָבער (1901) איינגעאָרדנט אין מינסק אַ „וואָקאַל־מוזיקאַלן אָוונט פאַר אַרבעטער" און צווישן זייערע געסט זיינען אויך געווען דער זשאַנדערמעריע־פּולקאָווניק וואַסיליעוו און דער פּאָליצמייסטער.

וואָס ווייטער זיינען די באַציאונגען צווישן די בונדיסטן און „אומאָפּ־הענגיקע" אין מינסק געוואָרן אַלץ שאַרפער און פאַרביטערטער. צייטנווייז האָבן די קעגנזייטיקע שנאה און די אַרויסטרעטונגען אויף פאַרזאַמלונגען געשאַפן אַן אמתן גיהנום.

אידעאישן קאַמף צו פירן אויף די פאַרזאַמלונגען איז, ווי געזאָגט, געווען אוממעגלעך פאַר די בונדיסטן: אויף די פאַרזאַמלונגען זיינען שטענדיק בייגעווען „צאַרישע אויגן און אויערן". איז געבליבן איין מיטל — אַראָפּ־צורייסן די פאַרזאַמלונגען.

אָנפאַנג 1902 האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין איר נאָמען און אין נאָמען פון די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין מינסק דער־קלערט אַ באָיקאָט אויף די „אומאָפּהענגיקע״. אין זיין אויפרוף האָט דער מינסקער קאָמיטעט פון בונד אויפגעפאָדערט אַלע אָנשטענדיקע מענטשן איבערצוריייסן וועלכע ס׳איז באַציאונגען מיט די פערזאָנען, וואָס געהערן צו דער יידישער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי: 1) ניט אָנטיילנעמען אין זייערע פאַרזאַמלונגען, ניט אַלס לעקטאָרן און ניט ווי פּשוטע באַזוכער, מעג זיין אפילו צוליב נייגעריקייט; 2) ניט געבן זיי און ניט נעמען ביי זיי קיין ליטעראַטור; 3) איבעררייסן אַלע פּערזענלעכע באַציאונגען. „וואָס שייך די חברים מיטגלידער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, איז דאָס אָפּהיטן די אויבן־אָנגעוויזענע פּונקטן פאַרפליכטנדיק פאַר זיי אָן שום באַ־דינגונגען, און אויב עמעצער וועט דאָס ניט אויספאָלגן, וועט דאָס פירן צום תיכּפדיקן אויסשליסן פון די רייען פון אונזער אָרגאַניזאַציע״.

די „אומאָפּהענגיקע״ האָבן אויף דעם געענטפערט מיט אַ בלעטל און האָבן באַליידיקט פּערזענלעך עפנטלעך איינעם פון די אָנגעזעענסטע בונדיסטן. דעמאָלט האָבן 36 פערזאָן פון דער בעסטער אָרטיקער אינטעליגענץ פאַר־עפנטלעכט אַ בריוו, אַז זיי שטייען צו צום באָיקאָט און אַז זיי האָבן איבער־געריסן אַלע באַציאונגען מיט די „אומאָפּהענגיקע״.

צוביסלעך איז אויך קאַליע געוואָרן די מערכה פון די „אומאָפּהענגיקע״ אין די אָפיציעל־אַדמיניסטראַטיווע קרייזן. די בעלי־בתים (פריער די שניידער, שפּעטער אויך אַנדערע) האָבן זיך גענומען קלאָגן פאַרן גובער־נאַטאָר, אַז „די עקאָנאָמישע טעטיקייט״ פון די „אומאָפּהענגיקע״ רואינירט זיי. אַזוי ווי ביים מינסקער גובערנאַטאָר האָבן די דאָזיקע ווענדונגען פון די בעלי־בתים געפונען אונטערשטיצונג, זיינען די לעצטע געוואָרן דערמוטיקט און זיך געווענדט צום אינערן־מיניסטער און דער עיקר צום פינאַנץ־מיניסטער מיט די זעלבע אָנקלאַגעס. אין פּעטערבורג האָט זיך טאַקע געשאַפן אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג צו דער פּאָליטיק פון זובאַטאָוון און פון דער „אומאָפּהענגיקער״ פּאַרטיי.

אין מאַי 1902 איז מאַניע ווילבושעוויטש אַרויסגערופן געוואָרן קיין פּעטערבורג, כדי צו באַקענען דעם אינערן־מיניסטער פּלעווע מיט דער טעטיקייט פון דער יידישער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי.

אַ קאָנקרעטער פּועל־יוצא פון ווילבושעוויטשעס באַזוך ביי פּלעווען איז געווען, וואָס זי איז באַפולמעכטיקט געוואָרן צו קאָמאַנדירן אירע וויכטיקסטע טוער קיין ווילנע, כדי דאָרט אַוועקצושטעלן אַ געהעריקע אָרגאַניזאַציע פון דער „אומאָפּהענגיקער״ פּאַרטיי. אין ווילנע האָט אָבער די „אומאָפּהענגיקע״ און זייערע רעגירונגס־פּראָטעקטאָרס דערוואַרט אַ גאָר ביטערע אַנטוישונג.

אין אַ בלעטל פון סעפּטעמבער 1902 האָבן די „אומאָפּהענגיקע״ אויס־געדריקט זייער שטאַרקע האָפענונג, אַז די בלוטיקע געשעענישן אין ווילנע און דאָס שמייסן די אַרבעטער (אַרעסטירטע ביי דער 1־טער מאַי דעמאָנ־

סטראַציע) וועט העלפן, אַז די מאַסע זאָל אַוועק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ס׳וועלן זיך עפענען מעגלעכקייטן פאַר לעגאַלער טעטיקייט. זיי האָבן קיין ווילנע דעלעגירט טשעמעריסקין, וואָס האָט געטאָן אַלץ צו געווינען די ווילנער אַרבעטער. זייער פּרואוו אַוועקצושטעלן אַן אָרגאַניזאַציע אין ווילנע איז איינגאַנצן דורכגעפאַלן. זיי האָבן דאָ געליטן אַ פולקאָמע מפּלה. דעם 5־טן פעברואַר 1903 האָבן זיי געמאָלדן אין אַ יידישן אויפרוף, אַז זיי פאַרלאָזן ווילנע, ווייל ניט געקוקט, וואָס אין ווילנע פירט זיך שוין 15־16 יאָר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעט „איז אָבער די דאָרטיקע אַרבעטער־מאַסע אויף אַזוי פיל פינצטער, אומווּסנדיק, קאָנסערוואַטיוו, טעמפּ, אומפעאיק צו קריטיק״, אַז זי האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם בונד, וועלכער האַלט זי אין איין שרעק.

אַן אָרגאַניזאַציע פון די „אומאָפּהענגיקע״ האָט אויך עקזיסטירט אין אָדעס, וואו זי איז אין 1903 געווען באַטייליקט אין אַ שטורמישער שטרייק־אַקציע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פאַרדרוס אין די רעגירונגס־קרייזן. די אונטער־נעמער זיינען נישט געווען צופרידן וואָס מלוכה־אָרגאַנען באַשיצן עקאָנאָמישע אַקציעס פון די אַרבעטער. זייער דרוק אין די הויכע רעגירונגס־קרייזן איז געוואָרן שטאַרקער.

אין דער רעגירונג האָט גענומען די איבערהאַנט די מיינונג, אַז מ׳דאַרף זיך אָפּזאָגן פון דעם עקספּערימענט און ליקווידירן די לעגאַלע אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. פון דער צווייטער זייט האָבן די רייד פון די „אומאָפּהענגיקע״ וועגן לאָיאַלקייט צום צאַרישן רעזשים נישט גע־פונען מער קיין אָפּקלאַנג. זייער לאַגע איז געוואָרן גאָר אומבאַקוועם נאָכן קישיניעווער פּאָגראָם (1903). זיי האָבן שוין ניט ריזיקירט צו ריידן וועגן דער מעגלעכקייט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער רעגירונג. די אַרבעטער האָבן זיך אַלץ מער אַנטוישט אין די „אומאָפּהענגיקע״, אין זייערע פאַר־איינען און אַנדערע אונטערנעמונגען. ענדלעך איז אויך געקומען פון אינערן־מיניסטער פּלעווע אַ דירעקטער באַפעל, וואָס איז דורך זובאַטאָוון איבער־געגעבן געוואָרן די „אומאָפּהענגיקע״, איינגאַנצן אָפּצושטעלן די לעגאַלע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. אין יולי 1903 האָט דער קאָמיטעט פון דער „אומאָפּהענגיקער״ פאַרטיי געמאָלדן, אַז די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי ווערט אָפּגעשטעלט. זיי שטעלן פאַר די ליקווידאַציע ווי אַ באַשלוס פון זייער צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען 3־6 יוני.

זיי האָבן אָנגעגעבן פאַרשידענע אויפקלערונגען פאַרוואָס זיי שטעלן אָפּ זייער אַרבעט. צווישן אַנדערן האָבן זיי געזאָגט: „לויט אַ געהיימען צירקולאַר פון אינערן־מיניסטעריום, וואָס איז שוין די טעג פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו די גובערנאַטאָרן, גראַדאָנאַטשאַלניקעס א. אַ. וו., איז דער ציוניזם אין רוסלאַנד פאַקטיש פאַרבאָטן. נאָך ראַדיקאַלערע רעפּרעסיעס, קען מען דענקען, וועלן אויף זיך לאַנג ניט לאָזן וואַרטן. דער דאָזיקער צירקולאַר באַווייזט, אַז אין דער רעגירונגס־פּאָליטיק איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זין פון פאַרפאָלגן די יידישע געזעלשאַפטלעכע ניט־רעוואָלוציאָנערע

באַוועגונגען, דערדריקן אַלץ וואָס איז יידיש נאַציאָנאַל. מ׳קאָן פאַרשטיין ווי אַזוי די דאָזיקע רעפּרעסיע, וועלכע רירט אָן די גייסטיקע און אַלע אַנדערע אינטערעסן פון די פאַרשידענע שיכטן פונם יידישן פאָלק, קאָן זיך אָפּ־רופן אויף דעם גאַנצן רוסישן יידנטום און אויף זיין געזעלשאַפטלעכער מיינונג. און אָט אויף דעם פּאָן פון אַלגעמיינער אונטערדריקונג פון יעדן לעבעדיקן אָטעם אין דעם יידנטום, וואַלטן די לעגאַלע פאַרמען (פאַרזאַמ־לונגען, לעגאַלע קוואַרטירן א. ד. גל.) פון וועלכער ניט איז אַרבעטער־באַוועגונג געקאָנט זיין ניט מער ווי אַ שאַרפער, אומזיניקער און חוצפּהדיקער דיסאָנאַנס״...

אַרויסבאַגלייטנדיק די „אומאָפּהענגיקע״ אויפן עולם־האמת האָט דער מינסקער קאָמיטעט פון בונד פאַרעפנטלעכט אַ פּראָקלאַמאַציע „צו די אַרבע־טער—געכטיקע מיטגלידער פון פאַראיין״. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די בונדישע נביאות וועגן דעם גורל פון די „אומאָפּהענגיקע״ זיינען מקוים געוואָרן און ער האָט גערופן די אַרבעטער זיך אומקערן צוריק אין די רייען פון בונד. אין נומער 35 אַרבייטער שטימע איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן דער ליקווידאַציע פון דער „אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי״ (מי לחיים ומי למות).

די זובאַטאָווישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען סיי אין מינסק, סיי אין מאָסקווע געשאַפן געוואָרן אין 1901. אויף דער יידישער גאַס האָבן זיי עקזיסטירט 2 יאָר צייט און זיינען ענדגילטיק אַראָפּ פון דער סצענע אין 1903. צווישן די מאָסקווער אַרבעטער האָבן זיי נאָך ווייטער געווירקט, הגם זייער השפּעה איז שטאַרק געפאַלן און זייער טעטיקייט איז געווען אַ זייער מאָגערע (אָרגאַניזאַציעס פון אַן ענלעכן כאַראַקטער זיינען שפּעטער אויפגעקומען אין פּעטערבורג אונטער דער אָנפירונג פון גלח גאַפּאָן). וואָס שייך דעם קאַמף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג קעגן דער זובאַטאָוושטשינע, שטעלט פעסט דער סאָוועטישער היסטאָריקער ס. איינזאַפּט (די זובאַטאָווישע און גאַפּאָנישע באַוועגונגען, מינסק 1926), אַז דער בונד האָט געפירט אַן „ענערגישן און סיסטעמאַטישן קאַמף״ און אין מאָסקווע „איז דער קאַמף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט דער זובאַטאָוושטשינע געווען אַ זייער שוואַכער״.

## 9. דער וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנער־פּאָליטישער אַקטיווקייט פון די יידישע ארבעטער

זינט 1897 גייט די בונדישע באַוועגונג מיט אַלץ גרעסערער זיכערקייט פאָרויס. אַ וויכטיקע ראָל אין דער באַוועגונג שפּילן אויך איצט די שטרייט־קאַסעס (קאַמפּס־קאַסעס) — דאָס זיינען די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון די יידישע אַרבעטער. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער ווערט גאַנץ גרויס: ביאַליסטאָק — 1,000; ווילנע — 1,400; האָמעל — 360; מינסק — ביי 1,000; גאַרבער — 700; בערשטער — 800; דווינסק — 400. אין וואַרשע זיינען זומער 1899 געוועזן פאַרזאַמלונגען מיט 200, 300, 600 און 700 אַרבע־טער אויף יעדערער. די ראָל פון די קאַסעס ווערט וואָס וויטער קאָמפּלי־צירטער, זייער פאַרבינדונג מיט דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון בונד ווערט אַלץ ענגער. אָפט איז שווער פעסטצושטעלן, וואו ס'ענדיקט זיך די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע און וואו ס'הייבט זיך אָן די פּאָליטישע.

די שטרייט־קאַסע איז די באַזע פון דער באַוועגונג: איר עיקר־אויפגאַבע איז עקאָנאָמישער קאַמף, אָבער זי ווערט אויך דער צענטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַגיטאַציע. די קאַסעס זיינען שטענדיק פאַרבונדן מיט די פּאָליטישע קערפּערשאַפטן פון דער באַוועגונג: מיט דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק, מיט די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך וכד׳. פאַר די מיטגלידער פון די קאַסעס ווערן איינגעאָרדנט אַלגעמיינע פאָרלעזונגען, אויף זייערע יובילייִ־פייערונגען האַלט מען פּאָליטישע רעדעס. אַזוי אַרום פירט די קאַסע דירעקט צו סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און רעוואָלוציאָנערער אַקטיווקייט. די מאַסאָווע אַרבעטער שליסן זיך אָן אין דער קאַסע — און דורך איר קומען זיי שפּעטער צו פּאָליטיק און קלאַסן־באַוואוסטזיין. די קאַסעס האָבן אין אַ גרויסער מאָס פאָרויס באַשטימט דעם מאַסן־כאַראַקטער, מיט וועלכן ס'האָט זיך אויסגעצייכנט דער בונד.

אין די גרעסערע שטעט האָט פונקציאָנירט אַ קאָמיטעט פון בונד. די טעטיקייט פון אָרטיקן קאָמיטעט האָט אַרומגענומען אַזעלכע געביטן: פירן פּראָפּאַגאַנדע־קרייזן פון די בעסערע אַרבעטער (אָפט זיינען די קרייזן געווען פון דריי מדרגות), פאַרשפּרייטן אַלע מינים אומלעגאַלע ליטעראַטור, אַרויסלאָזן פּראָקלאַמאַציעס אויף אָרטיקע טעמעס, אָרגאַניזירן גרעסערע פאַרזאַמלונגען און פייערונגען, איינאָרדענען דעמאָנסטראַציעס און פּאָלי־טישע שטרייקן, אַרויסגעבן אַן אָרטיקן אָרגאַן, העלפן מיט אַלע מיטלען אין

די עקאָנאָמישע קאַמפּן און שטרייקן פון די אָרטיקע יידישע אַרבעטער. ער באַדינט אויך די באַוועגונג אין די שכנישע קלענערע שטעטלעך.

דער קאָמיטעט גופא שטיצט זיך אויף די סכאָדקעס פון די פאַכן און אויף דער אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג אָדער ווי זי האָט אין אַנדערע ערטער געהייסן די צענטראַלע סכאָדקע (אויך אַנדערע נעמען). ס'האָט ניט עקזיסטירט קיין שטענדיקער, פאַרפליכטנדיקער רעגולאַמין. אין פאַרשידענע ערטער און צייטן, צוגעפּאַסט צו די קאָנספּיראַציע־באַדינגונגען, האָט מען געענדערט די מאָס פון דעמאָקראַטיע אין די באַציאונגען צווישן קאָמיטעט און דער צענטראַלער סכאָדקע. אָפט קומען טאַקע פאָר סיכסוכים אַרום די רעכטן און פליכטן פון דער צענטראַלער סכאָדקע, מען האָט טענות צום קאָמיטעט, אַז ער נעמט זיך צו פיל רעכט.

אַלע וויכטיקע פראַגן ווערן באַטראַכט אויף דער צענטראַלער סכאָדקע, וועלכע איז אין אַלגעמיין געבויט אויף דעמאָקראַטישע יסודות און איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון באַזונדערע פאַכן און גרופּעס. די צענטראַלע קלייבט אויס דעם קאָמיטעט דורך געהיימע וואַלן, אָבער קיינער פון דער צענטראַלער סכאָדקע וויס ניט (צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים) ווער עס איז אַריין אין קאָמיטעט. בלויז איין מיטגליד פון קאָמיטעט איז געווען „אָפן" און ער איז דער פאַרמיטלער צווישן דעם קאָמיטעט און דער צענטראַלער סכאָדקע. אַלע באַשלוסן פון קאָמיטעט ווערן ביי די זיצונגען פון דער צענטראַלע איבערגעגעבן דורך אָט דעם פאַרמיטלער.

געוויינלעך, האָט דער קאָמיטעט באַשטימט די מיטגלידער פון דער אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג. די אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג ווידער האָט אויסגעזוכט די מער אַנטוויקלטע אַרבעטער אין די פאַכן און צוגעפּגעשטעלט פון זיי די פאַכאָווע סכאָדקע. די אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג האָט אויך געהאַט רעכט צו קאָאָפּטירן מיטגלידער.

בראש פון דער גאַנצער באַוועגונג שטייט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, זיין ראָל ווערט אַלץ אָנגעזעענער און וויכטיקער, זיין אויטאָריטעט וואַקסט. ער איז דער אויספירער פון אַלע באַשלוסן פון די צוזאַמענפאָרן, ער שטייט אין פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד, מיט דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי א. א.. ער האָט אין זיינע הענט די פאַרבינדונגען ביים שמוגל פון אומלעגאַלער ליטעראַטור פון אויסלאַנד. ער גיט אַרויס די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי, רעאַגירט מיט פּראָקלאַמאַציעס אין יידיש, אויך אין רוסיש און פּויליש, אויף די גרעסערע געשעענישן אין לאַנד און שאַפט פאַר דער גאַנצער באַוועגונג די נויטיקע ליטעראַטור.

די שטרייק־באַוועגונג נעמט אַרום אַלץ גרעסערע מאַסן יידישע אַרבעטער און אין אַלץ אַ גרעסערער צאָל שטעט. די שטרייקן ווערן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג אויף דער יידישער גאַס און זיינען אַ גוטע שול אויף אויסצובילדן אָרגאַניזאַטאָרן, אַגיטאַטאָרן, רעדנער פאַר דער גאַנצער באַוועגונג. די שטרייקן רעוואָלוציאָניזירן די מאַסן, גיבן זיי צו מוט און גלויבן אין זייערע

אייגענע קרעפטן. די שטרייקן האָבן אַ סך געהאָלפן צו הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, סיי עקאָנאָמיש, סיי געזעלשאַפטלעך און קולטורעל. זיי האָבן אַנטוויקלט דאָס געפיל פון סאָלידאַרישקייט און חברישקייט, די באַדערפעניש פון אחדות, דעם חוש פאַר אָרגאַניזאַציע, ווי אויך די קאַמפסלוסטיקייט און קאַמפסגרייטקייט.

אין דעם באַריכט, וואָס דער בונד האָט צוגעשטעלט צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, אין 1900, ווערט דערציילט וועגן יאָר 1897:

„דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט זיך אויפגעהויבן נאָך אין צווייען שטאַרקער ווי פריער. שטרייקן אָן אַ שיעור. אין ווילנע שטרייקן איינע נאָך די אַנדערע 8 אַרבעטער־פּראָפעסיעס (פאַכן). אַלע אַרבעטער פאָדערן אַ 10־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און העכערע שכירות... מ'אַרעסטירט די שטרייקנדע, פיל שיקט מען אַרויס פון ווילנע...

אין מינסק זיינען פאָרגעקומען שטרייקן אין 5 פּראָפעסיעס. אין קאָוונע האָבן געשטרייקט די שניידער, בלעכער, שוסטער. אין דווינסק — אין 6 פּראָפעסיעס. אין וויטעבסק שטרייקן בערשטער, שניידער, שלאָסער. אין שאַוועל — די קאַמאַשנמאַכער, אין סלאָנים די סטאָלאַרעס. אין בריסק 200 שניידער, 700 אַרבעטאָרינס פון די גילזנפאַבריקן, סטאָלער, שלאָסער, רימער א. אַ.. אין גאַנצן בערשטער־ראַיאָן אַ שטאַרקע באַוועגונג — שטרייקן מיט 600 בערשטער אין עטלעכע שטעטלעך. אין קרינעק — 700 גאַרבער. אין וואַרשע שטרייקן 6,000 אַרבעטער אין 14 פאַכן. אין ביאַליסטאָק איז אַ גרויסע שטרייק־באַוועגונג: שוסטער, שניידער, בלעכער, סטאָלער. אַנדערטהאַלבן טויזנט וועבער האָבן געוואָרפן די אַרבעט"[48]. כמעט אומעטום האָט מען געקעמפט פאַר אַ 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך אַריינגעמישט און פאַרפאָלגט די אַרבעטער.

עס וואַקסט די צאָל און דער פאַרנעם פון די פּאָליטישע אַקציעס צווישן די יידישע אַרבעטער. פאַר די יאָרן 1898 — 1900 האָבן יידישע אַרבעטער געהאַט 7 מאַי־דעמאָנסטראַציעס מיט דער אַלגעמיינער צאָל אַנטיילנעמער פון 5,800 מאַן (אין וואַרשע, ווילנע, מינסק און אין ראַיאָן פון דער בערשטער־פּראָדוקציע). אין אַ צאָל שטעט האָבן יידישע אַרבעטער נישט געאַרבעט דעם טאָג פון 1־טן מאַי. אין אַ גאַר גרויסער צאָל שטעט זיינען פאָרגעקומען אומלעגאַלע מאַי־פאַרזאַמלונגען.

יעדע 1־טע מאַי־פייערונג איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות פון דורכפאַלן און אַרעסטן. די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען האָט מען געגרייט מיט אַלע פאַרזיכט־מיטלען: אָן איבערפאַל פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמען האָט זיך דאָך געקענט ענדיקן ניט בלויז מיט אַרעסטן, נאָר אויך מיט בלוטיקע געשלעגן און אַמאָל אַפילו מיט אַ שיסעריי. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט איז געווען גרויס. אַ דורכגעפאַלענער יום־טוב האָט זיך געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ געשעעניש, וואָס זאָל ווירקן אויף די מאַסן

אָפּשרעקנדיק, דערנידעריקנדיק, און פֿאַרמינערן דעם אויטאָריטעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָט זײַנען כאַראַקטעריסטישע באַשרײַבונגען פון 1־טע מאַי־פײַערונגען אין מינסק אין 1897 און 1898:

די מאַי־פײַערונגען פון 1897 אין מינסק איז פֿאָרגעקומען אין אַנטאָנאָווער וואַלד, אין איר האָבן אָנטייל גענומען איבער 4 הונדערט אַרבעטער. „די מאַי־פײַערונג פון 1897 האָט געוויזן אויף וויפל די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן אין פּאָליטישן זין. די רעדנער, אַרבעטער און אינטעליגענטן, האָבן גערעדט וועגן דער צאַרישער רעגירונג, ווי זי שטייט מיט די באַלעבאַטים, ווי זי אונ־טערדריקט און אַרעסטירט יעדערן וואָס וואָגט צו קעמפן פאַר בעסערע באַ־דינגונגען פאַר די אַרבעטער. דערהויפּט האָבן זיך אויסגעצייכנט די רעדעס, וועלכע האָבן געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן דעם, ווי עס לעבט זיך דעם אַרבעטער אין צאַרישן רוסלאַנד און דער פרייהייט, אונטער וועלכער עס לעבן די אַרבעטער אין אויסלאַנד: אין אַמעריקע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער"... „זייענדיק באַהאַלטן טיף אין וואַלד מיט אונזערע 'פּאַ־טרולן', וואָס האָבן געהיט טאָמער קומט אָן פּאָליציי, האָבן די רעדעס גע־קלונגען פאַר אונז ווי געטלעכע מוזיק"... „מיט יעדער רעדע איז די באַ־גייסטערונג ביי די אַרבעטער געוואָרן שטאַרקער, די פאַרב אויף זייערע באַקן רויטער, דער פייער אין די אויגן העלער. ווען מען האָט גענומען גיין אַהיים, האָט מען פאַרגעסן אויף אַלע קאָנספּיראַציעס. מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער ביז מען איז געקומען אין שטאָט".

וועגן דעם 1 מאַי 1898: „צום ערשטן מאָל האָבן מיר געהאַט צווייערליי פּראָקלאַמאַציעס — איינע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון 'בונד' און אַ צווייטע פון מינסקער קאָמיטעט. מיר האָבן זיי אויסגעקלעפּט אויף די טעלעגראַף־סלופּעס, די גאַסן־לאָמפּן, די שוהל־טירן, אויף די ראָגן, אַפילו לעבן אַריינ־גאַנג פון זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג איז געווען אָנגעקלעפּט אַ פּראָקלאַ־מאַציע. מיר האָבן אויך פאַרשפרייט אַ באַדייטנדיקע צאָל בראָשורן: גוט יום־טוב. די פּאָליציי איז מאָביליזירט געוואָרן פאַר דעם טאָג און געהיט די גאַסן. אַלע וועגן, וואָס פירן צו די וועלדער, זיינען געווען באַוואַכט. מיר זיינען געווען געצוואונגען צו פייערן דעם ערשטן מאַי אין קליינע פאַרזאַמלונגען אין די הייזער" [49].

ווי ס'האָט אויסגעזען אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד, דערציילט לייבעטשקע (אין שייכות מיט דער 1־טער מאַי־פייערונג 1901 אין דווינסק): „די גאַנצע מאַסע איז געוואָרן צעטיילט אויף קלענערע גרופּן — יעדע גרופּע מיט איר פירער. טייל גרופּן פלעגן זיך אַרויסלאָזן דורך 'פּאָגוליאַנקע' און 'טשע־רעפּאָווער' וואַלד מיט אַ נאַכט פריער. יעדע גרופּע דורך אַן אַנדערן וועג. טייל גרופּן זיינען געגאַנגען פּאַרטאָג, און די רעשט האָבן זיך גאַנץ פרי געלאָזט אויף שיפלעך מיטן טייך און אַרויסגעשטיגן ווייט הינטער דער שטאָט צו אַ שטעגל פון 'טשערעפּאָווער' וואַלד, וואָס פירט דורך פאַרשידענע אומ־וועגן צום 'סטראַפּער'. אויף די וועגן און שטעגן פון די וועלדער זיינען

געווען אויסגעשטעלט פּאַטרולן (פּיקעטן) מיט סימנים אין האַנט, וועלכע פלעגן לויטן אָפּגערעדטן צייכן אָנווייזן דעם ווייטערדיקן וועג צום צווייטן פּאַטרול, דער צווייטער — צום דריטן א. אַ. וו.. טאָמער האָט פּאַסירט, אַז צוויי גרופּן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף איין פּונקט, האָט יעדע גרופּע געמוזט גיין איר אָנגעוויזענעם וועג, אַזוי ווי זי וואָלט גאָרנישט וויסן ווער די צווייטע גרופּע איז. מאַנכע גרופּן פלעגן זיך אַזוי שלעפּן אַ גאַנצע נאַכט, אויב די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע. שטיל, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, אויסמיידנדיק צו ריידן איינער מיטן צווייטן, איז מען אָפּט צוגעקומען צום אָרט פון דער פאַרזאַמלונג פאַרמאַטערטע און אויסגעווייקטע אין פרימאָרגן־טוי פון פייכטן גראָז, פון די נאַסעביימער. אָבער ווער האָט זיך אויף אַזעלכע קלייניקטן אומגעקוקט? איידער דער גאַנצער עולם איז זיך צונויפגעקומען, האָט מען דערווייל צעוויקלט די פּעקלעך שפּייז, וואָס מען האָט מיטגענומען פון דער היים און געשטאַרקט זיך דאָס פאַרחלשטע האַרץ. אַז דער גאַנצער עולם איז זיך שוין צוזאַמענגעקומען, האָט מען אויסגעשטעלט נייע פּאַטרולן אויף צו היטן פון אַ פּאָליציייאישן איבערפאַל. טייל פּאַטרולן זיינען געזעסן פאַרשטעקט אויף הויכע ביימער און אויסגעקוקט צי מען זעט נישט עפּעס. פלעגט זיך עפּעס אויסדוכטן, האָבן די פּיקעטן געגעבן צו וויסן, און אין טאָל איז געוואָרן שטיל, ווי קיין לעבעדיק באַשעפעניש וואָלט זיך דאָ נישט געפונען"... „נאָך די רעדעס פלעגט מען מיט האַלבע שטימען זינגען מיט גרויס געפיל די דעמאָלטיקע רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער־לידער, שטייענדיק אין אַ גרויסן קרייז אַרום דער פאָן. די אויגן ברענען מיט ענטוזיאַזם, די הערצער קלאַפּן אין טאַקט. נישט הונדערטער, דוכט זיך, איז מען דאָ אין טונקעלן וואַלד, נאָר מיליאָנען־מיליאַסן — אַלע מיט איין אידייע, מיט איין גלויבן, מיט איין כוח. און געדוכט האָט זיך, אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס קאָן דעם גלויבן פאַרניכטן, דעם כוח צעברעכן" [50]).

דעם נאָענטסטן 1־טן מאַי, 1902, האָט שוין דער בונד אין דווינסק דורכגעפירט אַן עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע אויף איינער פון די רייכסטע גאַסן אין שטאָט מיט דער באַטייליקונג פון 700 מענער און פרויען.

מיט אַזעלכע באַשרייבונגען פון 1־טע מאַי־פייערונגען אין דעם פעריאָד, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, זיינען פול די בונדישע זשורנאַלן און ענלעכע אויסגאַבעס.

אין די זעלבע יאָרן זיינען פאָרגעקומען פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער — קעגן דער רעגירונג: אין ווילנע — 4, אין גראָדנע — 2, אין וויטעבסק — 2, אין ביאַליסטאָק — 1. אַ מערקווירדיקע דעמאָנסטראַציע איז אין פעברואַר 1899 פאָרגעקומען אין ווילנע אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרויסשיקן אַ פּאַרטיע פּאָליטישע קיין סיביר. לעבן דער טורמע האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם פון אַ 400 אַרבעטער. ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט דער טויער פון טורמע און מ'האָט דערזען די „פּאָליטישע", באַגלייט פון דער וואַך, האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער הוראַ, דער עולם האָט געפאָכעט

מיט די היטלען, מיט טיכלעך און עס האָבן זיך געהערט רעוואָלוציאָנערע
אויסרופן: „נידער מיטן דעספּאָטיזם! נידער מיט דער זשאַנדאַרמעריע!
זאָלן לעבן אונזערע ברידער! זאָל לעבן די אַרבעטער־באַוועגונג פון דער
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!" דער עולם האָט באַגלייט די פּאָליטישע אַרעסטירטע
ביזן וואָקזאַל. ביי אַן אַנדערער ענלעכער דעמאָנסטראַציע אין ווילנע, ביים
אַרויסשיקן „פּאָליטישע", האָט מען אַפילו אויפגעהויבן אַ רויטע פאָן. אין
אַלע 9 (8 אין 1899 און 1 אין 1900) אויבן־אויסגערעכנטע פּאָליטישע דע־
מאָנסטראַציעס האָבן אָנטיילגענומען 5000 מענטשן [51]).

זייער אַן אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון אַ פריערדיקער פּאָליטישער
דעמאָנסטראַציע אין ווילנע, זומער 1897, גיט אונז לעאָן בערנשטיין אין זיין
בוך זכרונות:

„קיינער ווייסט נישט — דערציילט ער — ווער עס איז געווען דער, וואָס
האָט פאָרגעשלאָגן די מאַניפעסטאַציע אין ווילנע, זומער 1897, בעת מען האָט
מיטן עטאַפּ אַוועקגעשיקט קיין מזרח־סיביר עטלעכע פּאָליטישע אַרעסטירטע,
צווישן זיי אויך דעם לערער גאָזשאַנסקי. די איניציאַטיוו איז געקומען נישט
פון די אינטעליגענטן, נישט פון אַן אינסטאַנץ, נאָר פון אַרבעטער. ווען
זיי האָבן זיך דערוואוסט די צייט פון אַרויספירן די פאַראורטיילטע, האָט
אַ גרויסע צאָל אַרבעטער זיך פאַרזאַמלט און דורכגעפירט אַ פּאָליטישע מאַני־
פעסטאַציע פון פּראָטעסט קעגן דעם צאַרישן רעזשים, וואָס פאַרשיקט אין
די וויסטענישן פון סיביר טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די
פּאָליטישע מאַניפעסטאַציע איז געווען אַן איבעראַשונג פאַר דער פּאָליציי
און אַרויסגערופן באַוואונדערונג ביי אונזערע פירער אינטעליגענטן.

איך בין געווען אַן עדות פון דער מאַניפעסטאַציע. צו יענער צייט
האָב איך זיך געפונען אין טורמע. איך בין אויך געווען אַרעסטירט און
פאַרשפּאַרט אויפן זעלביקן שטאָק ווי גאָזשאַנסקי. אָבער איך האָב וועגן דעם
נישט געוואוסט. ערשט אין הויף פון דער 'פּערעסילנע' טורמע, בעת מען
האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען, כדי צו פירן צום וואָקזאַל, האָב איך
זיך מיט אים געטראָפן"... „אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער צאָל באַוואָפנטע
זעלנער, זיינען מיר געגאַנגען פון געסל, וואו עס האָט זיך געפונען די
'פּערעסילנע', צום וואָקזאַל. וואָס קומט דאָ פאָר? פון וואַנען — אַזאַ
גרויסער עולם? מיין פאַרוואונדערונג האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט.
מיט פרייד האָב איך דערזען צווישן עולם אַ סך באַקאַנטע פּנימער. עס איז
קלאָר, אַז עס ווערט דורכגעפירט אַ מאַניפעסטאַציע. אַ געוויסע צייט האָבן
די מאַניפעסטאַנטן געשוויגן. אָבער ווען דער עטאַפּ מיט די אַרעסטירטע
האָט גענומען קלעטערן אויפן בערגל, וואָס האָט געפירט צום וואָקזאַל, איז
די מחנה געוואָרן אומרואיק, דעמאָנסטראַטיוו. פון אירע רייען האָבן זיך
דערהערט באַגריסונגען פאַר אונז און וואונטשן... מיר האָבן דערהערט
קלאַנגען פון אונזער אַ רעוואָלוציאָנער ליד. מענטשן האָבן אָנגעהויבן
פאָכען מיט היטלען און נאָזטיכלעך... באַלאָדן מיט אַ שווערן פעקל, האָט
זיך אָבער גאָזשאַנסקי אויסגעגלייכט. אַ הויך־געוויקסיקער, איז ער ווי

אויסגעוואַקסן איבער די קעפּ פון אַנדערע אַרעסטאַנטן און מאַרשירט מיט
ווירדע און שטאָלץ. פון די מאַניפעסטאַנטן האָט זיך צו מיר דערטראָגן
מיין נאָמען ׳לעאָנטשיק׳! איך האָב אָפּגעענטפערט און געמאַכט אַ באַגריסונג־
צייכן מיט דער האַנט״... „דערווייל האָט די וואַך אָפּגעצוימט דעם וועג צום
וואָקזאַל, פון וואַנען מיר האָבן שוין מער נישט געקענט זען די מאַניפעסטאַנטן.
די מאַניפעסטאַציע האָט געדויערט בלויז אייניקע מינוט, מחמת די טורמע
איז געווען נישט ווייט פון וואָקזאַל. אָבער די מינוטן זיינען אויף אייביק
פאַרבליבן אין מיין זכרון״ [52]).

אַן ענלעכער סטיכישער אויסברוך פון פּראָטעסט און רעוואָלוציאָנערן
מוט — איז געשען אין ווילנע אין מאַי 1900. דער בונד האָט אַרויסגעלאָזט
אַן אויפרוף צו די זאָקן־מאַכערינס און זיי גערופן צו אַ שטרייק. אין דער
אָרימער אַרבעטער־געגנט נאָוואָגראָד האָט אַ יידישער שפּיאָן אָנגעוויזן
און פּאָליציאַנטן האָבן פאַרהאַלטן דריי פאַרשפּרייטער פון די בלעטלעך
(רחל זאַק, סטירל לייפער, עליע רייטשוק). ביזן אַריבערפירן די פאַרהאַל־
טענע אין שטאָטישן אַרעסט־הויז, האָט מען זיי דערווייל געהאַלטן אין דער
געביידע פונם אוריאַדניק. ווי נאָר מען האָט זיך דערוואוסט אויף דער
אַרבעטער־בירזשע וועגן דעם אַרעסט, האָט דער עולם אַרבעטער באַשלאָסן
אָפּצושלאָגן די אַרעסטירטע. זיי האָבן זיך באַוואָפנט מיט שטיינער, שטעקנס
און דרענגער, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווינקעלעך און געדולדיק גע־
וואַרט ביז מען האָט פאַרטאָג אַרויסגעפירט די אַרעסטירטע. די דריי פאַר־
האַלטענע האָט מען אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך פון פּאָליציי, און דער פּריס־
טאַוו מיטן אוריאַדניק פאָרויס. אין דעם מאָמענט האָבן זיך אַרויסגערוקט
די באַהאַלטענע אַרבעטער — הונדערט אין צאָל — און אָנגעהויבן אַטאַקירן.
דער פּריסטאַוו מיט דער פּאָליציי האָבן זיך צוריקגעצויגן. זיי האָבן אויס־
געשאָסן אין לופטן און פאַרהאַקט דעם טויער. דער אַטאַקירנדיקער עולם
האָט אויפגעבראָכן דעם טויער און זיך אַריינגעריסן אין הויף. ביים אַריינ־
גאַנג אין קאַנצעלאַריע איז געשטאַנען דער אוריאַדניק און געפאָכעט מיט
דער בלאַנקער שווערד. דער אַרבעטער כאָנע פּייווקע איז צוגעלאָפן צום
אוריאַדניק מיט אַ שטיין אין האַנט און געשריגן: — לאָז אַרויס די אַרעס־
טירטע! אָבער דער אוריאַדניק האָט אים מיט דער שווערד דערלאַנגט אי־
בערן קאָפּ. חברים האָבן געכאַפּט דעם פאַרוואונדעטן און אַוועקגעטראָגן.
דער עולם איז געוואָרן נאָך מער צערייצט און געהאָגלט מיט שטיינער אין די
פענצטער פון דער פּאָליציי־געביידע. דעמאָלט האָט דער פּריסטאַוו אַרויס־
געלאָזט די אַרעסטירטע. מיט אַ הוראַ האָט דער עולם אַ כאַפּ געטאָן אויף די
הענט די דריי באַפרייטע. דער עולם האָט טריאומפירט. קורץ נאָך דעם האָבן
זיך באַוויזן קאָזאַקן און אַ סך פּאָליציי. מען איז געגאַנגען פון געסל צו
געסל און אַרעסטירט אַ סך מענטשן אויף דער אָנווייזונג פונם יידישן שפּיאָן.
די אַרעסטירטע האָט מען שטאַרק געשלאָגן.

ווילנע איז ווייט ניט געווען קיין אויסנאַם אין דעם פּרט. אומעטום האָבן
זיך די פּראָטעסטן קעגן די רציחות און ווילקיר פון דער פּאָליציי אויסגעצייכנט

מיט זייער מאַסן־כאַראַקטער און מיט אויסערגעוויינלעכער מוטיקייט. אין וויטעבסק האָט מען אין 1899 דערמאָרדעט אַן אַרבעטער, דעם בונדיסט מענדל קיוועגסאָן, אין פּאָליציי־צירקל. ביי זיין לוויה זיינען פאָרגעקומען העפטיקע צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי און מיליטער און די וואוינונג פונם יידישן שפּיאָן יאַשקע פּאַדוואַראַטניק, וואָס האָט געלאָזט אַרעסטירן דעם אַרבעטער, האָט מען חרוב געמאַכט.

דעמאָנסטראַציעס בשעת לוויות פון געפאַלענע קעמפער אָדער פון אַזעלכע, וואָס זיינען געשטאָרבן נאָך זייער זיצן אין תפיסה אָדער פאַרשיקונג, זיינען אויך געווען אַן אָפטע דערשיינונג. אין די יאָרן 1899 — 1900 זיינען געווען 8 אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס: אין וואַרשע — 4, אין לאָדזש — 2, דווינסק, סמאָרגאָן — צו איינע. די לעצטע צוויי האָבן צוגעצויגן 1,150 מאַן; מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, געמאַכט אויסרופן, געהאַלטן רעדעס אויפן בית עולם. אין די וואַרשעווער דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך באַטייליקט 3,400 מאַן (יידישע און פּוילישע אַרבעטער).

אין 1899 זיינען אין וויטעבסק און נעוועל פאָרגעקומען אַנטימיליטאַריסטישע דעמאָנסטראַציעס בשעת מען האָט טראַנספּאָרטירט די רעקרוטן; ס'האָבן זיך דאָ באַטייליקט 400 אַרבעטער.

פייערונגען צום אָנדענק פון וויכטיקע געשעענישן איז געווען אַ מנהג אומעטום: מען האָט געפייערט דעם 1 מערץ (אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן), דעם 19 פעברואַר (פּויערים־באַפרייאונג), די רעוואָלוציע פון 1848, דעם יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע, דעם 50־יאָריקן יובילעי פון קאָמוניסטישן מאַניפעסט א. אַ.. אַרבעטער האָבן אויך געפייערט דעם טאָג, ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן זייער קאַסע. אַזעלכע קאַסע־יובילייען זיינען געווען פאַרעגיסטרירט 12 — אין ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט. די אַלגעמיינע צאָל פייערונגען אין די יאָרן 1897 — 1900 איז געווען 22 מיט 2,675 באַטייליקטע: אין ווילנע 3, מינסק — 3, וואַרשע — 2, ביאַליסטאָק און וויטעבסק — צו איינע. די פייערונגען זיינען באַגלייט געווען מיט רעדעס אויף דער טעמע פון דער געפייערטער געשעעניש, מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, אַרויסגעהאָנגען אַ רויטע פאָן וכד.. אָפט זיינען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען געווען אין וואַלד, און דעמאָלט האָבן זיך אין זיי באַטייליקט צו עטלעכע הונדערט מאַן.

אין ווילנע, ביי „אַ יובילעי־פייערונג פון דער קאַסע פון די שניידערינס, איז דער לאָקאַל פון דער פאַרזאַמלונג געווען באַפּוצט מיט פּאָרטרעטן פון קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל, מיט רויטע פענער און אויפשריפטן: 'פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך' וכד...". „אין גראָדנע, אין 1899, זיינען פאָרגעקומען אין וואַלד צוויי פאַרזאַמלונגען פון די פּאַפּיראָסן־אַרבעטער, פון שערעשעווסקיס פאַבריק, אויף וועלכע ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַ שטרייק: אין דער ערשטער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט ביז 350 אַרבעטערינס, אין דער צווייטער ביז 600" [53].

אין באַריכט פון בונד פאַר דער צייט פון אַפּריל 1901 ביז יוני 1903

לייענען מיר וועגן ווייטערדיקן שטורמישן וואוקס פון דער באַוועגונג אין ראַיאָן פון בונד. ס׳וואַקסט אויס אַ צאָל נייע אָרגאַניזאַציעס, ס׳פאַרשטאַרקט זיך דער פּאָליטישער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער, ס׳וואַקסט די פּאַרלע־גערישע טעטיקייט פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון די אָרטיקע קאָמי־טעטן. ס׳קומען צו נייע אָרגאַניזאַציעס אין די שטעט פון יידישן תחום — אין ליטע, ווייס־רוסלאַנד, פּוילן און אין אוקראַינע, ווי אויך אין שטעט פון לעטלאַנד מחוץ דעם תחום־המושב. יעדע גרעסערע שטאָט ווערט אויך אַ צענטער פאַר דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, און זי באַדינט זיי מיט רעדנער, ליטעראַטור, אָנווייזונגען און אַנדערער הילף. ס׳שטראָמט אַ קוואַל פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע ביי דער אַרבעטערשאַפט. אַלץ מער און מער ווערט אויך די אינטעליגענץ אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג. מיט באַ־וואוסטזיניקייט און מוטיקייט צייכנט זיך אויס די גאַנצע באַוועגונג, און מיט הייסער געטריישאַפט צום בונד. דער 5־יאָריקער יובילײ פון בונד, דער יובילײ פון דער אַרבייטער שטימע ווערן געפייערט מיט גרויס ענטוזיאַזם.

די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס ווערן אָפטער. נייע פאָרמען און אויסדרוקן פון פּאָליטישן קאַמף קומען אויף: מאַניפעסטאַציעס אין טעאַטער, פּאָליטישע שטרייקן, שטרייקן אין די שולן. ס׳פאַרגרעסערט זיך די צאָל פאַרזאַמלונגען און ס׳ווערן באַהאַנדלט אַלע אַקטועלע פראַגן. די פּראָקלאַמאַציע־ליטעראַ־טור פאַרפּלייצט די יידישע שטעט און שטעטלעך, זי רופט זיך אויך אָפּ אויף אַלע ברענענדיקע געשעענישן אין יידישן און אַלגעמיין־מלוכהשן לעבן. די מאַי־פּראָקלאַמאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט אין 1903 איז פאַרשפּרייט גע־וואָרן אין 70 טויזנט עקזעמפּלאַרן. די באַוועגונג נעמט אָן אַלץ מער אַ מאַסן־כאַראַקטער; ס׳ווערן אַריינגעצויגן טויזנטער אַרבעטער, וואָס געהערן אפילו ניט צו די קאַסעס. די נעץ פון די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך ווערט אויס־געברייטערט. אין די גרעסערע שטעט גרינדן זיך ספּעציעלע אינטעליגענטן־גרופּעס, סטודענטן־גרופּעס. ס׳גייט אַן אינטענסיווע אַרבעט צווישן דער יוגנט פון גימנאַזיעס און צווישן די אַזוי־גערופענע עקסטערנס (די וואָס האָבן פּריוואַט זיך צוגעגרייט אויסצוהאַלטן עקזאַמען צו קאָנען אָנגענומען ווערן אין אַ הויכשול).

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט פאַרעפנטלעכט צוויי אויפרופן צו דער יידישער אינטעליגענץ: איינעם אין מאַי 1901 און דעם צווייטן אין סעפּטעמבער. דער לעצטער האָט געטראָגן אַזאַ טיטל: אויפרוף צו דער יידישער געזעלשאַפט (אין שייכות מיט די לעצטע באַגרענעצונגען פונם רעכט אויף בילדונג פאַר יידן). נאָך דעם ווי דער אויפרוף דערקלערט און אילוסטרירט די פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג אויפן געביט פון בילדונג בכלל און אירע דיסקרימינאַציעס לגבי דער יידישער יוגנט בפרט, דערציילט ער וועגן בונד און וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער אויפרוף פאַרענדיקט זיך מיט אַזעלכע ווערטער: „ווער זשע פון אייך, אינטעליגענטע יידישע געזעלשאַפט, וועט פאַרבלייבן גלייכגילטיק צו אונ־זער רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס איז די איינציקע און זיכערסטע ערבות פון

אונזער און אייער פרייהייט? ס'איז דאָך אַ חרפּה צו שטיין פונדערווייטנס פון די געפאַרן און שפּעטער קומען צום גרייטן און געניסן! זאָל זשע יעדערער פון אייך צוהעלפן מיט וואָס ער קען אונזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג"... „מיר זיינען פעסט איבערצייגט, אַז אונזער רוף וועט געפינען אַ הייסן אָפּקלאַנג אין האַרצן פון יעדן, ביי וועמען דער פרייהייט־געפיל איז נאָך ניט פאַרטויבט געוואָרן אויף שטענדיק, אין יעדן וואָס האָט נאָך ניט שלום געמאַכט מיטן גורל פון אַ רעכטלאָזן שקלאַף".

דער אויפרוף צו דער יידישער אינטעליגענץ איז אַ בראָשור פון 25 זייטן. אָנגעשריבן האָט אים ד"ר פּאַוועל ראָזענטאַל. אין די וויטערע צוויי יאָר איז דער אויפרוף צוויי מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן (די דריטע אויפלאַגע — פעברואַר 1903, לאָנדאָן). דער אויפרוף גיט אַ בילד פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און דעם בונד. „נישט געקוקט אויף דעם, זאָגט דער אויפרוף, באַמערקט זיך אין די רייען פון דער יידישער אינטעליגענץ אַ שטויינענדיק אומוויסן, גלייכגילטיקייט אָדער אפילו פיינטלעכקייט לגבי דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג! וואו איז די סיבה פון דעם? ווי אַזוי דערקלערט זיך וואָס אַזאַ מוטיקע, מאָדערנע באַוועגונג מיט אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן כאַראַקטער — האָט נישט צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אונזער אינטעליגענץ, האָט זי ניט באַגייסטערט, ניט אַרויסגערופן קיין הייסן מיטגעפיל, קיין צופלוס פון כוחות?"... די צוויי גרונט־סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ אָפּפרעמדונג פון דער אינטעליגענץ לגבי דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זיינען אָט וועלכע: „דער קלאַסן־כאַראַקטער פון דער באַוועגונג און די זשאַרגאָנישע שפּראַך פון דער יידישער אומלעגאַלער ליטעראַטור". דער אויפרוף שילדערט ווייטער די היסטאָרישע ראָל פונם פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, ווי אויך דעם פאַרמעסט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. ווייטער פּאָלעמיזירט דער אויפרוף פון איין זייט — מיט די פאַרשידענע מינים ציוניסטן און זייערע קאָנצעפּציעס, פון דער אַנדערער זייט — מיט די פאַרשידענע אַסימילאַטאָרן און „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן". דער אויפרוף פאַרענדיקט זיך מיט דער ווענדונג: „וועט אונזער אינטעליגענץ אויך ווייטער פאַרבלייבן אַן אינדיפערענטער, קאַלטער און אפילו פיינטלעכער צוקוקער צו דעם קאַמף, וואָס קאָכט אַרום אים? וועט זי אַזוי ווי ביז אַהער פחדנותדיק מיט העגט און פּיס זיך אָפּשאָקלען פון אָט דעם קאַמף, אָנשטאָט דעם זי זאָל אין אים נעמען אַ געהעריקן אָנטייל און מיטהעלפן מיט אַלע מיטלען? און די הילף מצד דער אינטעליגענץ איז נויטיק און דרינגענדיק, און טאַקע נישט קיין קליינע שטיצע!"... „ס'פאָדערן זיך מענטשן, מאַטעריעלע מיטלען! מיר זיינען פעסט איבערצייגט, אַז בלויז די קנאַפּע באַקאַנטשאַפט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט גורם געווען די ביז־איצטיקע גלייכגילטיקייט און אָפּגעפרעמדקייט פון דער אינטעליגענץ. טאָ זאָל זי זיך באַקענען! זאָל זי זיין אַקטיוו און מיטהעלפן! העלפנדיק דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועט זי גרייטן פאַר זיך אַליין גליק און פרייהייט".

אָט אַזוי שפּרייט אויס דער בונד זיין ווירקונג אויף דער גאַנצער יידישער

געזעלשאַפט. ער נעמט אַ וואָרט אין אַלע פּראָבלעמען פון לויפנדיקן יידישן לעבן. ער קעמפט פאַר יידישע רעכט אויף בילדונג, באַקעמפט דעם ציוניזם, די פּאָליטישע אינדיפערענטקייט און מאַכטלאָזיקייט ביים יידישן בירגער־טום און קליינבירגערטום. ער קעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָם־העצעס. זיין פּאָליטישע ראָל און אויך זיין ראָל אויפן געביט פון קולטור און ליטעראַטור, באַקומט וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע אָנערקענונג צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. די פּראָגרעסיווע טיילן פון דער יידישער גע־זעלשאַפט דריקן אַלץ אָפטער אויס זייערע סימפּאַטיעס פאַרן בונד. אַן אויס־דרוק פון אָט דער באַציאונג מצד דער שפּעטערישער אינטעליגענץ זיינען געווען ש. אַנסקיס צוויי לידער, וועלכע ער האָט אונטערגעטראָגן דעם בונד — צום בונד (אין זאַלציקן ים) און די שבועה, וואָס איז געוואָרן דער אָפיציעלער הימן פון בונד.

פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס און איינטאָגיקע שטרייקן ווערן אַן אָפטע דערשיינונג אין יידישן לעבן אין לאַנד. שטרייקן פון סימפּאַטיע און סאָלי־דאַריטעט מיט די קרבנות פון טעראָר־אַקטן פון דער פּאָליציי און מיליטער ווערן באַגלייט מיט פאַרזאַמלונגען און רעזאָלוציעס, מיט מיטגעפיל־אַדרעסן, מיט פּראָקלאַמאַציעס און לאָזונגען, וואָס ווערן פּאָפּולער צווישן די ווייטסטע און ברייטסטע קרייזן אין יידישן לעבן. די פּאָגראָם־העצעס און די פּרואוון פון פּאָגראָמען רופן אַרויס אַ ווירדיקן און מוטיקן ענטפער מצד דעם בונד און דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס קעמפט אונטער זיין פאָן.

אויך דער עקאָנאָמישער קאַמף ווערט אַלץ אינטענסיווער. עס קומט אויף אַ נייער קאַמפּס־מיטל: באָיקאָט קעגן די פאַבריקאַנטן.

ב. מיכאַלעוויטש האָט אין זיינע זכרונות געגעבן אַ בילד פון דעם באָיקאָט, וואָס איז אין ביאַליסטאָק אָרגאַניזירט געוואָרן קעגן דעם טאַבאַק־פאַבריקאַנט יאַנאָווסקי:

„ס'האָט זיך געצויגן אַ פאַרביטערטער שטרייק, דער פאַבריקאַנט האָט באַין אופן ניט געוואָלט נאָכגעבן; ער האָט געדונגען קריסטלעכע אַרבע־טערינס און דער שטרייק האָט געהאַלטן ביים פאַרשפּילט ווערן. דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו באָיקאָטירן יאַנאָווסקיס סחורה. דאָס האָט געהאַט אַן אומדערוואַרטן דערפאָלג. אַלע אַרבעטער אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט האָבן אויפגעהערט צו קויפן זיינע פּאַפּיראָסן"... „אין די קליינע אַרבעטער־שטעטלעך האָט מען אפילו אין די בתי־מדרשים אויסגערופן, אַז קיינער טאָר יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן ניט רויכערן. דאָס האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן אויפן סקלאַד, און דער פאַברי־קאַנט איז מרוצה געוואָרן איינצוגיין אויף אונטערהאַנדלונגען נאָר בתנאי, אַז ד"ר ראָזענטאַל אַליין זאָל מיט אים פאַרהאַנדלען. שפּעטער ווען דער סיכסוך איז דערליידיקט געוואָרן דורך די דעלעגאַטקעס פון די אַרבעטער גופא, איז אין שטאָט פאַרשפּרייט געוואָרן אַ לעגענדע, אַז מען האָט יאַנאָווסקין אַרויסגענומען פון שטוב אין מיטן נאַכט, אים פאַרבונדן די אויגן און אים ערגעץ אָפּגעפירט אויף כאַנייקעס (אַרבעטער־גאַס) אין קאָמיטעט־שטיבל.

דאָרט האָט מען אים אַראָפּגענומען די טוך פון זיינע אויגן און ער האָט פאַר זיך דערזען ד״ר ראָזענטאַל און נאָך באַקאַנטע אינטעליגענטן פון שטאָט, וועלכע האָבן דעם פּסק־דין אַרויסגעטראָגן״.[54])

דער איניציאַטאָר פון אָט דער אַקציע, אַבראַם דער טאַטע, דערציילט וועגן דעם: אין יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פאַבריק „האָבן געאַרבעט 300 מיידלעך — פּאַפּיראָסנמאַכערקעס און פון 30 ביז 40 מענער — סיגאַרמאַכערס. מען האָט געאַרבעט פון שטיק. אין דער פאַבריק האָבן מיר געהאַט אַ גאַנץ גוטע אָרגאַניזאַציע. אַ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער — סיי מיידלעך, סיי מענער — האָבן געהערט צו דער באַוועגונג. אַ געוויסן טאָג דערציילט מיר אַ פּאַפּי־ראָסנמאַכערקע, אַז די לעצטע צייט קומט פאָר אין פאַבריק אַ מיאוסע זאַך: מען זאָגט אָפּ די יידישע מיידלעך און מען פאַרבייט זיי מיט קריסטלעכע. ס׳איז געווען, אַז אַ מיידל זאָל ניט אַרויסוויייזן רעספּעקט דעם פאַבריקאַנט אָדער ער זאָל גלאָט וואַרפן אַן אומחן אויף אַ מיידל, מ׳זאָל זי אָפּזאָגן. אויף די פּלעצער פון די אָפּגעזאָגטע אַרבעטן שוין קריסטלעכע מיידלעך״... „מיר האָבן אַרויסגערופן אַ שטרייק. אַלע אַרבעטער, אַחוץ דער קליינער צאָל קריסטלעכע מיידלעך, זיינען אַראָפּ פון דער אַרבעט. ס׳איז אַוועק אַ וואָך און צוויי און דער פאַבריקאַנט איז געבליבן איינגעשפּאַרט״... ס׳איז דער־קלערט געוואָרן אַ באָיקאָט... „מיר האָבן אָפּגעדרוקט אויף קליינע שטיק־לעך פּאַפּירלעך נאָר 2 שורות: 1) אַ חרם אויף יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן! (אין קלאַמערן: באָיקאָט), 2) קויפט נישט יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן! מיט די צעטעלעך האָבן מיר באַקלעפּט די גאַנצע שטאָט. אַלע ווענט, אַלע סלופּעס און אויך אַלע שוהלן און בתי־מדרשים״... „אין איין שוהל איז דער שמש געווען אַ נאַאיווער מענטש און זייער אַ פרומער ייד. דערזען אַ צעטל, וואו עס שטייט געשריבן אַ חרם אויף יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן, האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז ס׳איז אַן עבירה צו רויכערן די דאָזיקע פּאַפּיראָסן״... „נאָכן דאַוונען איז ער אַרויף אויפן באַלעמער, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויס־געשריגן: — יידן, מען טאָר ניט קויפן יאַנאָווסקיס פּאַפּיראָסן. ס׳איז אַרויפ־געלייגט אַ חרם אויף זיי״. דער פאַבריקאַנט האָט דערפילט דעם באָיקאָט און נאָכגעגעבן די פאָדערונג וועגן צוריק צונעמען אַלע אָפּגעזאָגטע אַרבע־טערינס [55]).

ניט געקוקט אויף דעם פּאָליצייאישן רעזשים מיט די אַרעסטן און פאַר־פאָלגונגען, קומען פאָר אַן אַ שיעור גרויסע פאַרזאַמלונגען מיט אַ סך הונדער־טער באַטייליקטע. פאַרן פעריאָד אַפּריל 1901 — יוני 1903 זיינען געווען 30 גאַסן־דעמאָנסטראַציעס מיט 8־9 טויזנט אָנטיילנעמער; 14 מאַניפעס־טאַציעס אין טעאַטערן און שוהלן (סינאַגאָגעס); 6 פּאָליטישע שטרייקן — מיט בערך 7 טויזנט באַטייליקטע (ווילנע — 1,500 מאַן; לאָדזש — 2 צו 1,500 מאַן; אין האָמעל 2 צו טויזנט מאַן). פאַרזאַמלונגען זיינען פאַר דער צייט פאַרעגיסטרירט געוואָרן 260 מיט בערך 40 טויזנט באַטייליקטע: 46 פאַר־זאַמלונגען — ביז 50 מאַן, 74 — ביז 100 מאַן, 72 — ביז 500, 9 — ביז טויזנט, 1 — 1,200, 2 — ביז 2,000, 1 — 3,000 מאַן. אַחוץ דעם זיינען געווען

אין דעם פעריאָד 10 מאַי־דעמאָנסטראַציעס, 11 מאַי־פאַרזאַמלונגען און 19 שטרייקן. אין צוועלף פון זיי האָט די צאָל אָנטיילנעמער דערגרייכט איבער 10 טויזנט.

אין האָמעל איז געווען אַן ענלעכער באָיקאָט ווי אין ביאַליסטאָק, אָבער פון קלענערן פאַרנעם און אָן דערפאָלג. קעגן אַ גרויסער בעקעריי. קעגן שטרייק־ברעכער און באַזונדערס שווערע, איינגעעקשנטע בעלי־בתים קומען פאָר סטיכישע טעראָר־אַקטן. אַזעלכע אַקטן האָבן די אָרטיקע קאָמיטעטן פון בונד באַקעמפט מיט אַלע מיטלען. דעם באָיקאָט האָט מען גאָר אָפט אָנגע־ווענדט אין ראַיאָן פון בונד, און ער האָט געטראָגן אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער. (די אָרגאַניזאַציע, למשל, האָט ניט צוגעלאָזט קיין אַרבעטער אויף אַרבעט ביי געוויסע שלעכטע בעלי־בתים).

בכלל גענומען האָט דער עקאָנאָמישער קאַמף אויף דער יידישער גאַס אין פעריאָד אַפּריל 1901 — יוני 1903 זיך געפירט געגוג אינטענסיוו, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די פּאָליטישע אַרבעט האָט אַלץ מער פאַרשלונגען די אויפמערקזאַמקייט און די אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות פון דער באַוועגונג. אַ גרויסע געשעעניש איז געווען דער אַלגעמיינער שטרייק פון צוויי מיט אַ האַלבן טויזנט זאָקן־מאַכערינס, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער עטלעכע שטעט און שטעטלעך. פאַרן אָנגעוויזענעם פעריאָד זיינען פאַרעגיסטרירט געוואָרן 172 עקאָנאָמישע שטרייקן. וועגן 127 פון זיי איז גענוי באַקאַנט די צאָל אָנטיילנעמער און זי דערגרייכט אַ ציפער פון 8,632 אַרבעטער און אַרבעטערינס. (די שטרייקנדע זאָקן־מאַכערינס גייען ניט אַריין אין דער צאָל). 80 שטרייקן מיט 4,746 אָנטיילנעמער זיינען געוואונען געוואָרן, 12 מיט 1,760 אָנטיילנעמער פאַרשפּילט. אין אַזעלכע שטעט וואו די באַוועגונג האָט שוין לענגער עקזיסטירט, האָבן די שטרייקן בעיקר געטראָגן אַ פאַר־טיידיקונגס־כאַראַקטער, (ווייל בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען שוין פריער אויסגעקעמפט געוואָרן), אין די אַנדערע שטעט וואו די באַוועגונג איז נאָך געווען יונג (בערדיטשעוו, זשיטאָמיר א. אַ.) — אַן אָנגרייף־כאַראַקטער.

צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, סעפּטעמ־בער 1900, האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט צוגעשטעלט אַ באַריכט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די באַזונדערע באַריכטן פון די אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאָמיטעטן פון בונד אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, מינסק, ווילנע, לאָדזש, האָמעל און אַנדערע. יעדער באַריכט איז געווען אָנגעפילט מיט אַ סך פּרטים וועגן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף; פאַראַן אַ סך ציפערן וועגן מצב פון די יידישע פאַכן, שטרייט־קאַסעס, שטרייקן, די עקאָנאָמישע דערגרייכונגען, אַלגעמיינע און אין באַזונדערע פאַכן. ס׳איז אויך געווען באַריכטעט וועגן יום־טובים, אַרעסטן, פאַרזאַמלונגען, בירזשעס. דאָס אַלץ האָט געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק אויפן עולם דעלעגאַטן.

ווי גרויס איז געווען די צאָל יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס זיינען אין יענעם פעריאָד געווען אָנגעשלאָסן אין בונד? אין די מאַטעריאַלן

װעלכע מיר האָבן אַ סך מאָל ציטירט (רוסישע אױסגאַבע, ז. 140) װערט געגעבן אױף דער פראַגע אַזאַ ענטפער: „די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן פּינקטלעך, אָבער לױטן באַשײדנסטן חשבון איז זי בכל אופן ניט קלענער װי דרײסיק טױזנט״.

***

װאָס מער די ײדישע אַרבעטער־באַװעגונג איז געװאָקסן, װאָס מער רעװאָלוציאָנער און דרײסטער אירע אױפטריטן זײנען געװאָרן, אַלץ אַכזריות־דיקער זײנען געװאָרן די האַנדלונגען און מעשים פון דער צאַרישער פּאָליצײ, זשאַנדאַרמעריע און מיליטער. בלוט און טרערן האָבן זיך געגאָסן אַרום. װײסער טעראָר האָט געהערשט אין גאַנצן לאַנד, און מיט אַ באַזונדערן ציניזם און רשעות האָט ער געבושעװעט אין די שטעט און שטעטלעך פון ײדישן תחום. מיר װעלן דאָ ברענגען נאָר עטלעכע געצײלטע מאַטעריאַלן פון דעם מין.

לאָדזש. די רציחות װאָס לאָדזשער ײדישע אַרבעטער זײנען אױסגעשטאַנען פון דער דאָרטיקער פּאָליצײ זײנען שױדערלעך. פאַר דער מינדעסטער אַקציע פון ײדישע אַרבעטער־בונדיסטן האָט די מאַכט זיך בלוטיק נוקם געװען. מערץ 1901, למשל, האָבן צװײ טױזנט ײדישע װעבער באַגלײט צו אײביקער רו אַ באַליבטן בונדישן טוער (משה קאָנאָפּניצקי). אין שײכות מיט דער דאָזיקער רעװאָלוציאָנערער לװיה האָט מען מיט עטלעכע טעג שפּעטער אױפן סמך פון מסירות אַרעסטירט אַ הונדערט מענטשן, און אָט װאָס עס האָט שפּעטער דערצײלט אײנער פון די אַרעסטירטע: „אַזױ װי מיר זײנען געװען אין צירקל, איז אַרײנגעקומען דער פּריסטאַװ און גלײך זיך צערעװעט מיט דעם עכט צאַרישן ׳יעמוד׳ אין דער מאַמען אַרײן און געדראָט: איר, אחדות, איך װעל אײך װײזן. ער איז גלײך צו צום טעלעפאָן און געהײסן זיך צושיקן קאָזאַקן. ס׳האָט נישט לאַנג געדױערט און באַלד האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאַדקאָװעס. דאָס טױער פון צירקל האָט זיך געעפנט און די קאָזאַקן זײנען אַרײנגעריטן״... „מען האָט געמוזט דורכגײן אַ בראַנד קאָזאַקן, װעלכע האָבן געקאַטעװעט מיט נאַהאַיקעס״ [56].

אַ לאַנגע צײט איז די עפנטלעכקײט אין לאָדזש געװען דערשיטערט צוליב דעם ברוטאַלן מאָרד, װאָס די פּאָליצײ האָט דורכגעפירט איבער דעם בונדיסט יעקב לײזער פּאַקולאַ. אַלע זײנען געװען אױפגעשױדערט צוליב דעם מערדערלעכן אַקט פון דער פּאָליצײ, אָבער די לעצטע האָט װײניק אַכט געלײגט אױף אַלע פּראָטעסטן און מאַניפעסטאַציעס, און זי האָט װײטער געבושעװעט. אַ קאָרעספּאָנדענט פון לאָדזש דערצײלט: „נאָך אַ געװיסן שטילשטאַנד, װאָס איז געקומען צוליב דער אַגיטאַציע אַרום דעם מאָרד פונם ײדישן אַרבעטער פּאַקולאַ, האָט די פּאָליצײ און דער עיקר די אָכראַנע, גענומען פון דאָס נײ בושעװען. מען האָט געכאַפּט אַרבעטער אױף דער גאַס, אַרעסטירט, געשלאָגן, געמאַטערט מיט הונגער אין די פּאָליצײ־צירקלען וכד׳. מען

האָט אויך אָנגערייצט אויף זיי די אַזוי גערופענע "וואוילע יונגען". אויף איין טייל אַרבעטער האָט דאָס געווירקט דערדריקנד, די אַנדערע אָבער האָבן באַשלאָסן אָרגאַניזירן אַן אייגענע קאַמפּס־גרופּע. אָבער דער אָרטיקער קאָמיטעט פון בונד איז געווען קעגן דעם און ער האָט אָנגענומען אַ נײַ מיטל, אַזוינס וואָס האָט זיך נישט פּראַקטיצירט ביז אַהער אין גאַנץ רוסלאַנד. ער האָט דערקלערט די טעג אַ פּאָליטישן שטרייק, וואָס איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: טויזנט וועבער און עטלעכע הונדערט אַרבעטער פון אַנדערע פּראָ־פעסיעס האָבן געוואָרפן די אַרבעט און געמאָלדן די בעלי־בתים, אַז יענע זאָלן לאָזן וויסן טעלעפאָניש דעם פּאָליצמייסטער, אַז זיי (די אַרבעטער) וועלן נישט צוטרעטן צו דער אַרבעט ביז וואַנען די פּאָליציי וועט ניט אָפּשטעלן אירע גוואַלט־אַקטן. די פּאָדערונג פון די אַרבעטער איז אויסגעפירט געוואָרן. אויפן אַנדערן טאָג האָט דער פּאָליצמייסטער איינגעלאַדן די אַרבעטער און די בעלי־בתים און זיי צוגעזאָגט מאַכן אַ סוף צו די גוואַלט־מעשים. דער בונדישער קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז דער ציל פונם שטרייק איז דערגרייכט און ער האָט געגעבן צו וויסן די אָרגאַניזאַציעס, אַז מען זאָל דעם שטרייק איבעררייסן. מען איז געשטאַנען איין טאָג. בעת דעם שטרייק איז צושטאַנד געקומען אויף דער פּראָמענאַדע־גאַס אַ פאַר־זאַמלונג פון 500 מאַן. — אָבער ערשט וואָס האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה וואָס ווייזט, אַז די פּאָליציי טראַכט גאָר ניט מקיים צו זיין איר צוזאָג: אין אַ צירקל האָט מען ווידער געשלאָגן אַן אַרבעטער". [57]).

"אונזער זשאַנדאַרמעריע — דערציילט אַ קאָרעספּאָנדענט פון לאָדזש מיט איבער אַ יאָר שפּעטער — דאָס איז עפּעס אַ בלוטדאָרשטיקע שייקע מיטן בלוטצאַפּער גנאַיענסקי בראש. זי האָט ביי אונז באַנייט בוכשטעבלעך די צייטן פון דער אינקוויזיציע: די אַרעסטירטע ביי אונז שלאָגט מען מיט אַ בעס־טיאַלישער רציחה. מען שלאָגט ביזן פאַרלירן דעם באַוואוסטזיין, ביז האַלב־טויט; מען פירט אויס איבער זיי טאָרטורן און פּייניקונגען, וואָס אַז מען גיט נאָר אַ טראַכט וועגן דעם — שטעלן זיך די האָר קאַפּויר. מענטשן וואָס זיינען ביי אונז געזעסן אין טורמע עטלעכע וואָכן (און אפילו ווייניקער), זיינען אַרויס פון דאָרטן צעקאַליעטשעטע, קראַנקע אויפן גאַנצן לעבן". [58]).

"פאַרשטאַרקטע שמירה" (אוסילענאַיאַ אָכראַנאַ). אין דעצעמבער 1901 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו די יידישע אַרבעטער וועגן דעם, וואָס די רעגירונג האָט איינגעפירט אינם גאַנצן צפון־מערבדיקן געגנט (אין וויטעבסק, מינסק, מאָהילעוו, האָמעל, ביאַליסטאָק, גאַנץ ווילנער גובערניע און פיל אַנדערע ערטער) דעם דעקרעט וועגן "פאַרשטאַרקטער שמירה". אין אויפרוף ווערט געזאָגט: "אונזער גאַנצע געגנט איז געוואָרן אַרויסגענומען מחוץ דער ווירקונג פון די גע־ווינלעכע געזעצן און איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן דער ווירקונג פון אויסנאַם־געזעצן, פון דער 'פאַרשטאַרקטער שמירה'..." "אין איינִיקע שטעט באַשיינען שוין די גאַסן באַקאַנטמאַכונגען פון די אָרטיקע גובערנאַטאָרן, אַז ס'איז פאַרבאָטן זיך צו זאַמלען אין גרופּעס אויף די גאַסן, איינאָרדענען

פאַרזאַמלונגען א. אַ. וו.״... „די פאַרשטאַרקטע שמירה גיט איבער די גאַנצע מאַכט אין דער געגנט אין די הענט פון דער אַדמיניסטראַציע, ד.ה. פון גענעראַל־גובערנאַטאָר אָדער גובערנאַטאָר, פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַר־מעריע״...„ס׳קאָן שוין ניט זיין קיין רייד וועגן אַ וועלכער עס איז געזעצ־לעכקייט, ס׳הערשט בלויז ווילקיר, גוואַלט און געזעצלאָזיקייט. די אַדמיני־סטראַציע גיט אַליין אַרויס די געזעצן, זי משפּט אַליין און זי אַליין באַ־שטראָפט״... „ניין, ניט קיין שרעק וואַרפט אויף אונז אָן די פאַרשטאַרקטע שמירה, פאַרקערט, זי גיט אונז צו מוט, ווייל זי באַווייזט אונז, אַז די רע־גירונג האָט דערפילט אונזער כוח, זי האָט באַנומען אַז מיר גראָבן אונטער די יסודות פון איר עקזיסטענץ, אַז מיר גראָבן זיך אונטער אונטער דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן זי שטייט און וועלכער הייבט שוין אָן זיך וואַקלען אונטער אירע פיס״ [59].

סמאָרגאָן. דער ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל האָט באַזוכט די דאָרטיקע טורמע, געזידלט די שטרייקער מיט די מיאוסטע ווערטער און פאַרבאָטן צו געבן זיי זעאונגען... דער סמאָרגאָנער פּריסטאַוו זעצט אַריין אין טורמע די אַרבעטער פאַר יעדער קלייניקייט. פאַרן מינדסטן סיכסוך שיקט ער אַוועק די אָנטיילנעמער אין ווילנער טורמע, ווי די געפערלעכסטע בונטאָוו־שטשיקעס. ניט לאַנג האָט מען דאָ אַרעסטירט 10־12 מאַן, האָט מען זיי געיאָגט צופוס קיין ווילנע אונטערן קאָנוואָי פון קאָזאַקן, דערביי האָט מען זיי שרעקלעך געשלאָגן; אויף דעם עולם, וואָס האָט זיי באַגלייט, האָט מען שטאַרק געשלאָגן [60].

מינסק. די וואָס מען האָט אַרעסטירט בעת דער 1־טער מאַי־דעמאָנס־טראַציע אין טעאַטער האָט מען שרעקלעך געפייניקט. אינם ערשטן פּאָליציי־צירקל בעת מען האָט געפירט די אַרעסטירטע אויף אַ פאַרהער, האָט מען זיי אויפן וועג שרעקלעך געשלאָגן. 12 אַ זייגער ביינאַכט האָט מען אַלעמען אויפגעוועקט און איינציקווייז אַריינגעפירט אין קאַנצעלאַריע, וואו מען האָט זיי געמאָלדן, אַז לויטן באַפעל פון גובערנאַטאָר וועט יעדערער וואָס וועט זיך נישט מודה זיין, באַקומען 50 שמיץ. אַזוי ווי קיינער האָט זיך נישט מודה געווען און ניט געוואָלט אַרויסגעבן די חברים, זיינען אַלע קערפּערלעך באַשטראָפט געוואָרן. די סצענעס וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט נאָך דעם אין דער קאַמער, איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. איינער האָט געחלשט, אַ צווייטער איז שיעור פון זינען ניט אַראָפּ, האָט געלאַכט און געוויינט גלייכצייטיק, און נאָר דאָס וואָרט נקמה האָט אים באַרואיקט. אַ דריטער האָט געהאַקט מיטן קאָפּ די וואַנט א. אַ. וו. געשמיסן האָט מען 12 מענטשן. געגעבן האָט מען פון 5 ביז 40 שמיץ... [61].

וואַרשע. דעם 3־טן יוני איז פּאָליציי באַפאַלן די בירזשע אויפן עק פון די גאַסן דזשיקע און מילע און גענומען טרייבן די אַרבעטער פון די טראָ־טואַרן. איין אַרבעטער האָט מען געכאַפּט און גענומען אים שלאָגן און שלעפּן אין פּאָליציי־צירקל. דער עולם האָט געפּרואווט אים אַרויסרייסן פון זייערע הענט, אָבער מיט בלויזע שווערדן האָט מען אַלעמען צעטריבן. אויפן וועג

האָט מען דעם אַרעסטירטן אַרבעטער נישט אויפגעהערט שלאָגן, און אַ צעבלוטיקטן געבראַכט אין צירקל. די פּאָליציאַנטן, בראש מיט אַ געהיים־אַגענט, זיינען צוריק געקומען אויף דער גאַס און ווידער גענומען שלאָגן און זידלען דעם עולם. ווידער האָבן זיי פאַרכאַפּט איין אַרבעטער, און זיין גורל איז געווען דער זעלבער וואָס פונם ערשטן. שפּעטער זיינען די פּאָליציאַנטן ווידער געקומען און אַרויסגעכאַפּט איינצלנע אַרבעטער. אין פּאָליציי־צירקל זיינען געקומען קאָזאַקן צוהילף דער פּאָליציי און די רציחות האָבן זיך אָנגעהויבן פון דאָסניי. פון צירקל האָבן זיך געטראָגן האַרצרייסנדיקע געשרייען פון די געשלאָגענע... ווען די לעצטע האָבן שפּעטער געבעטן ביים פּריסטאַוו מען זאָל זיי אַריינבריינגען וואַסער, האָט דער פּריסטאַוו באַפוילן די פּאָליציאַנטן זיי זאָלן באַנייען דאָס געשלעג... אין אַ פּאָר טעג האָט מען די אומגליקלעכע קרבנות פון פּאָליציי־ווילקיר באַפרייט. מ׳האָט זיי אַרויסגעלאָזט קוים לעבעדיקע, צעקאַליעטשעטע און צע־בראָכענע [62]).

דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ האָט אין יוני 1902 אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען און דערציילט דער וועלט וועגן די גוואַלט־טאַטן פונם רוסישן צאַריזם, וועגן די מאַסן־הריגות און פייניקונגען, וואָס די רוסישע מאַכט ווענדט אָן. דער אויפרוף גיט איבער די פאַקטן וועגן די רציחות, וואָס די צאַרישע מאַכט איז באַגאַנגען אַלס נקמה פאַר פייערן און דעמאָנסטרירן דעם ערשטן מאַי. ס׳ווערן געברענגט שרעקלעכע פאַקטן פון ווילנע, קיעוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, אָדעס, מאָסקווע, פון פּאָלטאַווער און כאַרקאָווער גובערניעס. איבערגעבנדיק אַ ריי ידיעות, וואָס דער בונד האָט צוגעשטעלט, זאָגט דער אויפרוף: „דער ווייסער טעראָר הערשט אין רוסלאַנד מיט אַלץ גרעסערער און גרעסערער רציחה. דאָס וואָס איז געשען אין ווילנע איז צום אומגליק נאָר איינער, דער ווילדסטער עפּיזאָד פונם שרעק־רעזשים. דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם איז טיף דערשיטערט צוליב די רציחות, וואָס פּראַקטיצירן זיך טאָג־טעגלעך איבער די רוסלענדער אַרבעטער. מיר ווענדן זיך צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג מיטן רוף צו שטעמפּלען די דאָזיקע העסלעכע מעשים" [63]).

***

די אויבנגעבראַכטע פאַקטן גיבן אַ בילד וועגן דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אויסגעשטאַנען אין יענער תקופה. די ליידן און פייניקונגען האָבן בלויז געשטאַרקט דעם מוט פון יידישן אַרבעטער. מיט ווירדע האָט דער בונד געענטפערט אויף דער הפקרות פון דער צאַרישער מאַכט. אין אמת־רעוואָלוציאָנערן גייסט האָט דער בונד געפירט זיין פּאָלי־טישן קאַמף. און אַרום דער פאָן פון בונד האָבן זיך געזאַמלט אַלץ גרעסערע מחנות יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ. אומדערשראָקן האָט זיך די יידישע אַרבעטער־מאַסע געוואָרפן אין קאַמף מיטן צאַריזם און זיינע קנעכט.

די יסורים און בלוט־פאַרגיסונגען האָבן געלייטערט דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון דער אַרבעטערשאַפט.

אין די טורמעס און אין די וויטע פאַרשיק־ערטער (סיביר, צפון־רוסלאַנד) האָבן געשמאַכט טויזנטער בונדיסטן. ביי די אומשטענדן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג איז, פאַרשטייט זיך, געווען שווער צו רעגיס־טרירן אַלע אַרעסטן, אורטיילן און פאַרשיקונגען. דער באַריכט פון בונד צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם דערציילט וועגן 4,467 פאַרעגיסטרירטע אַרעסטן, קרבנות פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף (ביז יולי 1904). דער באַריכט פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד צום אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ (סוף 1902) דערציילט, אַז פון דער צווייטער העלפט 1898 ביז 1901 זיינען געווען פאַרעגיסטרירט 773 יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין שייכות מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי זיינען געזעסן אין טורמע פון 3 חדשים (און ווייניקער) ביז 2 יאָר; אַ סך פון זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר אויף טערמינען פון 3 ביז 5 יאָר. פון 1־טן נאָוועמבער 1901 ביז נאָוועמבער 1902 האָט מען אין שייכות מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַרעסטירט 781 אַרבעטער און אינטעליגענטן. [64].

אין באַריכט פאַר בערך צוויי יאָר (אַפּריל 1901 — יוני 1903) ווערט געזאָגט, אַז לויט נישט פולע ידיעות גרייכט די צאָל אַרעסטירטע 2,180 [65].

דאָס אַלץ האָט דעם יידישן אַרבעטער ניט אָפּגעשראָקן. ער איז געוואָרן נאָך מער באַוואוסטזיניק, קעמפעריש. די לעצטע 10 יאָר האָבן באמת דורכ־געפירט אַ רעוואָלוציע אין דער פּסיכיק און אַרט דענקען פון יידישן אַרבע־טער. אַ נייער און באַנייטער טיפּ יידישער פּראָלעטאַריער איז אַרומגעגאַנגען אויף די גאַסן פון די יידישע שטעט און שטעטלעך.

## 10. דער עקאָנאָמישער מצב פון יידישן אַרבעטער און זיין קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָבן מיר שוין פריער דערציילט וועגן די עקאָנאָמישע קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער, וועגן זייערע קאַסעס, פאַראייניגן און שטרייקן. דאָ וועלן מיר געבן אייניקע אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיקעס און באַשרייבונגען.

דער יידישער אַרבעטער איז בעיקר געווען אַ האַנטווערקער, אַן אַרבעטער פון ווערקשטאַט און קליינעם פאַבריקל. זיינע פאַרדינסטן, זיינע לעבנס־באַדינגונגען זיינען געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה. ער איז מורא־דיק עקספּלואַטירט געוואָרן דורכן באַלעבאָס און אונטערנעמער, ער איז געצוואונגען געווען אויסצונוצן די אַרבעט־כוחות פון זיין פרוי און קינדער. ער איז געווען דערשלאָגן און פאַרקנעכט, געציטערט פאַר די פאַרשטייער פון דער צאַרישער מאַכט און געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַרן גביר און רב. נישט קענענדיק די לאַנד־שפּראַך, נישט פאַרמאָגנדיק קיין צייטונג אויף יידיש, דערצויגן אין חדר און תלמוד־תורה, האָט ער נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און זיינע קולטור־באַדערפעניש[ן] זיינען געווען באַגרענעצטע.

אין די גרויסע שטעט (וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, אָדעס, מינסק, ביאַלי־סטאָק א. אַ.) איז די לאַגע געווען אַ ביסל אַנדערש. די קאָנצענטראַציע פון אַרבעט אין גרעסערע ווערקשטאַטן און פאַבריקן האָט דערמעגלעכט צו קעמפן פאַר בעסערע אַרבעט־און לעבנס־באַדינגונגען. דאָ איז אויך געווען גרעסער די צאָל יידישע אַרבעטער גופא. די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון דער גרויסער שטאָט, דאָס פריע אַריינדרינגען פון דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, די אָוונט־שול פאַר דערוואַקסענע און יוגנט־לעכע, — דאָס אַלץ האָט געהאָלפן אַריינברענגען אין דער יידישער אַרבעטער־מאַסע דערמוטיקונג און קאַמפּסלוסטיקייט. מיט שווערקייטן און קרבנות האָט זיך צוביסלעך דער מאַטעריעלער מצב פון יידישן אַרבעטער געענדערט: דער אַרבעטס־טאָג איז געוואָרן קירצער, דער לוין העכער, די באַהאַנדלונג מצד די בעלי־בתים — מענטשלעכער, די אָרגאַניזירטקייט און סאָלידאַריש־קייט — פעסטער. און דאָס איז געווען דער היסטאָרישער פאַרדינסט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — פון בונד.

לאָמיר זיך צוקוקן צום לעבן און קאַמף פון יידישע אַרבעטער אין גרעסערע שטעט און פּאַכן:

וואַרשע. אין אָט דעם גרעסטן יידישן ישוב אין איירָאָפּע — און אויך דעם גרעסטן יידישן צענטער פון אינדוסטריע, האַנטווערק און האַנדל — זיינען געווען צענטליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. זייער גרויס און פאַרשידנאַרטיק איז געווען די צאָל פּאַכן און בראַנזשעס. יידן זיינען געווען באַשעפטיקט אין גרעסערע פאַבריקן (טאַבאַק־אויס־אַרבעטונגען, לאַנגעטן־גאַרדינען, בלומען און בלעטער, אייזערנע בעטן און שלאָסערייען, שוכוואַרג א.אַ.) און על פּי רוב אין ווערקשטאַטן פון פאַרשידענע אויסאַרבעטונגען סיי פאַרן היימישן געברויך, סיי פאַר עקספּאָרט אין די ווייטערע גובערניעס פון רוסלאַנד.

עקאָנאָמישע קאַמפן און שטרייקן זיינען שוין געווען אויך אין די פריערדיקע יאָרן. אָבער די קאַמף־שטימונג האָט זיך שטאַרק געהויבן און אויסגעברייטערט אין די לעצטע יאָרן פון פאָריקן און אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט. אין באַריכט פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד צום אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פאַריז (1900) ווערט וועגן דעם דערציילט:

וועגן יאָר 1899. „די גאַנצע מאַסע האָט זיך אָנגעכאַפּט שטאַרק פאַרן קאַמף, כדי דורך אים צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע. ס׳האָבן גע־שטרייקט די לעדער־אַרבעטער (גאַרבערס), די קאַמאַשנשטעפּער, די זעמשער, די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, די בעקער, די סטאָליאַרעס, די אַרבעטער פון די דרוקערייען און פון נאָך אייניקע פּאַכן. די שטרייקן האָבן זיך געצויגן דעם גאַנצן זומער. מ׳האָט אומעטום גע־פאָדערט הויפּטזעכלעך אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג (אין דעם אַ האַלבע שעה אויף פרישטיק און אַנדערהאַלבן שעה אויף מיטאָג) און העכערן דעם לוין. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אין די אויבנדערמאָנטע שטרייקן גענומען אַ גרויסן אָנטייל. אין משך פון אַ גאַנצן זומער זיינען זייער אָפט פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון גאַנצע מאַסן אַרבעטער (200, 300 און אפילו 600 און 700 אויף איין פאַרזאַמלונג). אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגן געהאַלטן ווערן רעדעס פון מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכע מ׳פלעגט דערקלערן די אַרבעטער זייערע פאָדערונגען, ווי מ׳דאַרף זיך האַלטן ביי אַ שטרייק, און מ׳האָט אויך אַרומגערעדט די ווייטערע צילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די פאַרזאַמלונגען האָבן געהאַט אויף די אַרבעטער אַ גוטע דער־ציענדיקע ווירקונג, האָבן זיי צוגעגעבן אַ שטאַרקן חשק צום קאַמף, און האָבן אין זיי שטענדיק אונטערגעהאַלטן די האָפענונגען אויף אַ בעסערער לאַגע און אַ שטאַרקן גלויבן אין די אייגענע כוחות" [66]. צווישן אַנדערן ווערט אין באַריכט אויך אָנגעוויזן, אַז „ס׳איז נויטיק צו לערנען מיט פיל אַרבעטער, וועלכע האָבן געוואָלט לערנען די יידישע און אויך אַנדערע שפּראַכן. דער ס. ד. ק. (קאָמיטעט פון בונד) האָט זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, צו באַפרידיקן אויך די דאָזיקע באַדערפעניש פון די אַרבעטער, אויסזוכנדיק פאַר זיי לערער און לערערינס".

ביאַליסטאָק. ביים סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט איז די צאָל יידישע אַרבעטער און זייער מצב אין ביאַליסטאָק געווען אַזאַ:

טעקסטיל אַרבעטער: די צאָל וועבערס אין די יידישע פאַבריקן איז געווען בערך דריי טויזנט. זיי זיינען געווען באַשעפטיקט אין 70 פאַבריקן, די גרעסטע צאָל וועב־שטולן אויף אַ יידישער פאַבריק איז געווען 67. די וועבער האָבן זיך שוין דערשלאָגן דורך שטרייקן אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג (אין די 12 שעה איז אויך אַריין די הפסקה אויף מיטאָג). די דורכ־שניטלעכע שכירות זיינען געווען אין די פאַבריקן 6־8 רובל אַ וואָך, ביי די לוינקעטניקעס 4־6 רובל. ביי 200 לוינקעטניקעס האָבן געאַרבעט 1,600 מאַן.

צוליב שבת־רו זיינען קיין יידישע שפינער נישט געווען (די דאַמף־פאַבריקן האָבן געאַרבעט שבת). אין נישט־יידישע פאַבריקן זיינען יידישע אַרבעטער אויך נישט געווען באַשעפטיקט. בסך־הכל זיינען אין די יידישע פאַבריקן און ביי לוינקעטניקעס ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט געווען באַשעפטיקט 4,400 וועבער, שפולערקעס און אַנדערע. פון דער צאָל זיינען 2 דריטל געווען יידן.

גאַרבער: אין 14 גאַרבערייען האָבן געאַרבעט 220 יידישע אַרבעטער און 100 נישט־יידישע. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען 12 שעה (ביי די נישט־יידישע אַרבעטער איז דער אַרבעטס־טאָג געווען מיט אַ שעה לענגער), די שכירות — 4־6 רובל אַ וואָך.

טאַבאַק־אַרבעטער: אויף יאַנאָווסקיס פאַבריק האָבן געאַרבעט 370 פערזאָן, פון זיי 200 פאַפּיראָסן־מאַכערקעס. די פרויען האָבן פאַרדינט 1.5־2 רובל אַ וואָך. די מענער האָבן פאַרדינט פון 4 ביז 6 רובל אַ וואָך. פאַר די לעצטע 3 יאָר זיינען געווען 7 שטרייקן.

בעקער: ס׳זיינען געווען 250 יידישע בעקער־אַרבעטער, זיי האָבן גע־אַרבעט 18 שעה אַ טאָג ביי די ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען.

שניידער: אין 50 ווערקשטאַטן האָבן געאַרבעט 200 אַרבעטער. זיי האָבן פאַרדינט 4־5 רובל אַ וואָך. ס׳זיינען שוין אויך געווען מאַגאַזינען. במשך די יאָרן 1898־1900 זיינען געווען 6 שטרייקן; חוץ דעם ערשטן שטרייק זיינען זיי אַלע געוואונען געוואָרן.

שלאָסער און בלעכער: אין 50 שלאָסער־ווערקשטאַטן האָבן געאַרבעט 100 אַרבעטער (חוץ דעם 75 לערנייינגלעך) און פאַרדינט 5 רובל אַ וואָך. — אין 25 בלעכער־ווערקשטאַטן האָבן געאַרבעט 40 אַרבעטער און 30 לערנ־ייינגלעך. דער פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער — 5 רובל אַ וואָך. אין אַלע פאַכן זיינען דורכגעפירט געוואָרן עטלעכע שטרייקן.

אַנדערע פאַכן: אין 50 ווערקשטאַטן האָבן געאַרבעט 70 מעבל־סטאָ־ליאַרעס און 100 לערנייינגלעך. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען 12 שעה. דער לוין 5 רובל אַ וואָך.

נאָך יידישע אַרבעטער זיינען געווען: 150 מולאַרעס, 100 מאַליאַרעס, 200 בוי־סטאָליאַרעס, 70 קירזשנער, 25 איינבינדער און אַ צאָל שניידערינס.

אין רוב פאַכן זיינען פאָרגעקומען שטרייקן. ס׳זיינען געווען אַרעסטן און ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין מסירות מצד בעלי־בתים [67].

„הונדערטער יידישע משפחות אין ביאַליסטאָק און אין די אַרומיקע שטעטלעך האָבן געלעבט פון דער קליינער וועבעריי־פּראָדוקציע. דאָס זיינען געווען די לוינקעטניקעס״... „על פּי רוב איז דער לוינקעטניק בלויז אַ פאַרמיטלער צווישן דעם פאַבריקאַנט און אַרבעטער. אַזאַ פאַרמיטלער פלעגט אַרויסנעמען דאָס געשפּינסט (גאַרן) פון דעם פאַבריקאַנט און ברענגען אים צוריק פאַרטיקע סחורה. דאָס מיינט, אַז די לוינקעטניקעס פלעגן אַרבעטן ניט אויפן אייגענעם חשבון. אָפט מאָל פלעגן זיי אַליין אַרבעטן ביי די הילצערנע האַנט־שטולן (וועב־מאַשינען), און ניט זעלטן פלעגן זיי באַשעפטיקן צו עטלעכע געדונגענע אַרבעטער אָדער לערניינגלעך״... „די סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און די לוינקעטניקעס זיינען אָפט געווען נאָך שאַרפערע ווי אין די פאַבריקן, מחמת דער לוינקעטניק האָט דאָך געמוזט פאַרדינען פון זיינע אַרבעטער. די קאַמפן צווישן די לוינקעטניקעס און די אַרבעטער זיינען טאַקע געווען באַזונדערס פאַרביטערטע״ [68].

אין 1898 איז דאָ געווען דער צווייטער שטרייק קעגן די לוינקעטניקעס, אונטער דער אָנפירונג פון בונד. דער שטרייק איז געווען אַ פּאָר־ביטערטער און האָט זיך געצויגן וואָכן לאַנג. די פאָדערונג איז געווען — אויסגלייכן דעם לוין ביים לוינקעטניק מיט דעם לוין ביים פאַבריקאַנט. אַזוי אַרום האָבן די אַרבעטער געהאָפט אינגאַנצן פּטור צו ווערן פון די לוינקעטניקעס. די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע האָבן שרעקלעך גערודפט די שטרייקער. איין לוינקעטניק האָבן די אַרבעטער באַגאָסן דאָס פּנים מיט זויערס. אין מערץ 1899 „האָט מען געפונען אין גאַס אַ לוינקעטניק אַ געקוילעטן. אויף אים און אויף נאָך עטלעכע זיינע חברים האָבן די אַרבעטער־וועבער געטראָגן אַ שטאַרקע שנאה אין האַרצן פאַר זייער שפּיאָנעריי און מסירות, צוליב וועלכע מען האָט פאַרשיקט אייניקע אַרבעטער״. די אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַליסטיש־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער איז געווען קעגן אַזעלכע מעטאָדן. (דער אידישער אַרבייטער, נומ. 10, ז. 26).

לאָדזש. אינם באַריכט, וואָס דער לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד האָט צוגעשטעלט צום קאָנגרעס פון סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל (סעפּט. 1900), ווערט אַזוי געשילדערט דאָס לעבן פון יידישע אַרבעטער אין לאָדזש: „אין לאָדזש זיינען פאַראַן צווייערליי יידישע אַרבעטער: פאַבריק־אַרבעטער און געווינטלעכע האַנטווערקער־אַרבעטער. צו די פאַבריק־אַרבעטער געהערן די וועבער. אין דער וועבעריי אַרבעט מען דאָ אָן מאַשינען, דורכאויס האַנט־אַרבעט. די וועבעריי טראָגט דעם כאַראַקטער אָדער פון פאַבריק־אַרבעט אָדער פון הויז־אַרבעט. די הויז־וועבעריי איז נישט זעלבסטשטענדיק, זי ליגט אין די הענט פון די לוינקעטניקעס, וועלכע נעמען דעם מאַטעריאַל ביי די גרויסע פאַבריקאַנטן און זיי באַאַרבעטן אים דערנאָך מיט געדונגענע אַרבעטער אין זייערע אייגענע ווערקשטאַטן, אויף זייערע אייגענע וועב־שטולן. אין גאַנץ לאָדזש זיינען פאַראַן 7 טויזנט וועבער (מענער). פון זיי זיינען

5 טויזנט באַשעפטיקט ביי די לוינקעטניקעס אין דער הויז־וועבעריי. (די ריכטיקע צאָל פון די יידישע וועבער איז נישט באַשטימט. מ׳זאָגט, אַז ס׳איז אַפילו פאַראַן 10.000־15.000 אַרבעטער)״... „אויסער מענער באַשעפטיקן זיך מיט וועבעריי אויך פרויען, זייער אַרבעט איז אַ הילפס־אַרבעט: זיי ווּיקלען דעם פאָדעם, פאַרפערטיקן דאָס געוועבטע און דאָס גלייכן״...

„דער אַרבעטס־טאָג איז דאָרט שרעקלעך לאַנג. מ׳אַרבעט דעם גאַנצן טאָג אָן אויפהער, עסן עסט מען זיצנדיק ביים וועב־שטול. דער פאַרדינסט איז אַ שרעקלעך קליינער (אין צוויי מאָל קלענער ווי ביי די פאַבריק־אַר־בעטער). מ׳אַרבעט פון שטיק און דעם לוין צאָלט מען אויס דערצו זייער זעלטן. דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטער זיינען נישט קיין היגע; זיי עסן און וואוינען ביי די באַלעבאַטים און דעריבער זיינען זיי שוין במילא ביי זיי אין די הענט. די ווערקשטאַטן זיינען קליינע, שמוציקע לאָקאַלן אין וועלכע די וועבער מוזן אַרבעטן, שלאָפן און עסן״... „די לאַגע פון די פרויען איז נאָך אַן ערגערע״... „די לאַגע פון די פאַבריק־אַרבעטער איז פיל בעסער. די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די פאַבריקן זיינען עטוואָס מענטש־לעכערע. מ׳אַרבעט נאָר אַ באַשטימטע צייט (12 שעה) אין טאָג, דער לוין איז גרעסער און מען צאָלט פינקטלעך יעדע וואָך. פונדעסטוועגן איז די לאַגע פון די אַרבעטער ערגער, ווי די לאַגע פון די, וואָס אַרבעטן אין די מע־כאַנישע וועב־פאַבריקן״... „יידן נעמט מען אין די מעכאַנישע פאַבריקן נישט צו, און דעריבער מוזן זיי זיך במילא באַגנוגענען מיט דעם שרעקלעך קליינעם לוין״ [69].

אויף מעכאַנישע שטולן האָבן אָנפאַנג הייַנטיקן יאָרהונדערט אין גאַנץ לאָדזש געאַרבעט העכסטנס 150 יידישע אַרבעטער. דער וואָכן־לוין ביי מעכאַנישער אַרבעט איז געווען 6־7 רובל ביי אַן אַרבעטסטאָג פון 11 מיט אַ האַלבער שעה; ביי האַנט־אַרבעט האָט מען אין פיל פאַלן פאַרדינט נישט מער ווי 4 רובל אַ וואָך ביי אַן אַרבעטסטאָג פון 14־16 שעה.

יידישע אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט נאָך ביי אַנדערע פאַכן. ביים זאָקן־פאַך האָבן געאַרבעט קרוב צוויי טויזנט יידן, פון זיי אַ סך פרויען און קינדער. בכלל איז דאָס געווען אַ היים־אינדוסטריע. בערך צוויי טויזנט יידישע אַרבעטערינס זיינען געווען באַשעפטיקט אַלס שטאָפּערינס, דער פאַרדינסט איז געווען ביז 4 רובל אַ וואָך. בערך אַזאַ צאָל פרויען זיינען געווען באַשעפטיקט אַלס טרייבעררינס און שפּולעריִנס. — ס׳האָט זיך אויך אַנט־וויקלט די פאַבריקאַציע פון גרייטע מאַנטלען און אַנצוגן. אין 1901 האָבן געאַרבעט 15 הונדערט שניידער, זייער פאַרדינסט איז געווען 5־6 רובל אַ וואָך ביי אַן אַרבעטסטאָג פון 14־16 שעה. געווען אויך אַ צוויי הונדערט קאַמאַשן־מאַכער, אַ צוויי הונדערט איינבינדער, איבער הונדערט אַרבעטער אין אַ גילזן־פאַבריק. געווען אויך די געוויינטלעכע יידישע פאַכן: מאַליאַרעס, טאָקאַרעס און סטאָליאַרעס, שוסטער, שמוקלער, היטלמאַכער. גרויס איז געווען די צאָל פון אָנגעשטעלטע און בוכהאַלטערן פון איין זייט און באַלן־פאַקער, טרעגער און פורמאַנעס פון דער צווייטער זייט.

„צוליב דער אומבאַוואוסטזיניקייט, נישט־אָרגאַניזירטקייט און פאַר־שפּרייטונג פון זמן־אַרבעט ׳מיט עסן און שלאָפן׳ האָבן די יידישע אַרבע־טער — מענער, פרויען און קינדער — זיך געפונען פּאַקטיש אין אַן אייגנ־אַרטיקער פּאַנשטשיזנע״... „מיטן אויפקום פון בונד — פון דער שטורמישער אַחדות־באַוועגונג — האָט זיך אָנגעהויבן ברעכן דער פעאָדאַלער מצב אויף דער יידישער גאַס״... „די אַרבעטער האָבן אין בונד געזען אַן אינסטרומענט פון באַפרייאונג, די באַלעבאַטים — אַ צעשטערערישן כוח״... „יעדער טריט פאָרויס פון די אַרבעטער איז אָנגעקומען שווער. מ׳האָט געדאַרפט שטרייקן נישט בלויז פאַר אַ העכערן לוין און קירצערן אַרבעטסטאָג, נאָר אויך פאַר אָפּשאַפן זמן־אַרבעט, פאַר האָבן אייגענע וואוינונגען און נישט עסן ביים באַלעבאָס. געווען אַפילו אַ שטרייק אין אַ שניידער־ווערקשטאַט פאַר די רעכט צו זיצן ביי דער אַרבעט אָן היטלען״ [70].

אין רעזולטאַט פון די פאַרביטערטע עקאָנאָמישע קאַמפן, האָבן אויך אין לאָדזש פאַסירט טעראָריסטישע אַקטן לגבי די אַרבעטס־געבער. די בונ־דישע אָרגאַניזאַציע האָט אַלץ געטון, כדי צו פאַרהיטן די אַרבעטער פון אַזעלכע פאַלשע טריט, אָבער ניט שטענדיק האָט דאָס געהאָלפן. אַזוי למשל האָט מען אין 1902 אָפּגעגאָסן מיט שוועבל־זויער דעם דירעקטאָר פון פוקס׳ פאַבריק — שיק. אין זעלבן יאָר האָט אַ יידישער אַרבעטער אויף דער הויפּט־גאַס פון פּאַביאַניץ געשטאָכן צום טויט דעם לוינקעטניק נחום יודל קערנאָווסקי, וועלכער האָט אָנגעוויזן דער פּאָליציי וועמען צו אַרעסטירן פון שטרייקנדיקע וועבער.

שווער איז אָנגעקומען די לאָדזשער טוער דורכצואַקערן דאָס פעלד פון יידישן אַרבעטער־לעבן, אויסבילדן די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער, אויפקלערן זיי און איינפירן אָרגאַניזאַציאָנעלע און צוועקמאַסיקע מעטאָדן פון עקאָנאָמישן קאַמף. בהדרגה האָט זיך געענדערט צום בעסערן דער מצב פון יידישן אַרבעטער. געוואַקסן איז אויך זיין פּאָליטישער באַ־וואוסטזיין און רעוואָלוציאָנערער מוט. דער לאָדזשער יידישער אַרבעטער האָט זיך געביטן נישט צום דערקענען.

ווילנע. אָט זיינען געוויסע פאַקטן און דאַטעס פונם ווילנער באַריכט צום פּאַריזער קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל (1900):

„אין יאָר 1899 האָבן מיר אין אונזער שטאָט געהאַט 33 קאַסעס״...

„צוזאַמען זיינען אין די קאַסעס אָרגאַניזירט ביז 1,147 אַרבעטער, 157 האַנדלס־אָנגעשטעלטע, ס.ה. — 1,304. אין די פאַכן, וואו עס עקזיסטירן אָרגאַניזאַציעס, זיינען פאַרנומען 5,388 אַרבעטער. אויף אַזאַ אופן זיינען אָרגאַניזירט מער ווי 24 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער. צווישן זיי געפינען זיך 210 פאַבריקס־אַרבעטער״... „דאָס היינטיקע יאָר (1900) איז פאַר די קאַסעס געווען אַ גינסטיקס. ס׳האָט געהערשט אַן אמתע עפּידעמיע פון שטרייקן. ס׳האָבן געשטרייקט 3,410 אַרבעטער, צווישן זיי 710 אָרגאַניזירטע, ד.ה. 21 פּראָצענט״... אינם היינטיקן יאָר האָבן כמעט אַלע מאָל אַלע אַרבעטער פון אַ באַשטימט פאַך צוזאַמען געשטרייקט. אין אַזעלכע אַלגעמיינע שטרייקן האָבן זיך

באַטייליקט 2,664 מאַן, ד.ה. 78 פּראָצענט פון אַלע שטרייקנדע״... „דאָס רוב שטרייקן זיינען פאָרגעקומען וועגן העכערן דעם לוין. נאָר 307 אַרבעטער האָבן געקעמפט פאַר אַ קורצן אַרבעטסטאָג. פריער איז געווען פאַרקערט. פריער האָט מען אָממערסטן געקעמפט פאַר אַ 10־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, וועלכער איז שוין איינגעפירט כמעט אומעטום. דער לוין איז אָבער נאָך געבליבן ביים פריערדיקן צושטאַנד, און ווייזט נאָך אויף אַ טענדענץ צו פאַלן. די מענער פאַרדינען דורכשניטלעך 4־5 רובל אַ וואָך, די פרויען 2־3 רובל אַ וואָך״... „דעם גרעסטן טייל פון די שטרייקן האָבן די אַר־בעטער אויסגעפירט. נישט אויסגעפירט האָבן 588 שטרייקנדע איבער די פאַרפאָלגונגען פון דער פּאָליציי, פאַבריק־אינספּעקציע א. ד. גל. און אויך צוליב דוחק אין געלט. דאָס קאָסע־געלט איז גאָר נישט גענוג געווען אונ־טערצושטיצן אַ שטרייק״ . . . „דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט אַרויסגע־רופן אַ לעבעדיקייט און אַ זעלבסטעטיקייט ביי די אַרבעטער״...

„די פּאָליציי פלעגט אויף דער ׳בירזשע׳, אויף דער גאַס וואו די אַרבעטער באַגעגענען זיך, זיי פאַרפאָלגן ווי זי האָט נאָר געקענט. ווי נאָר עטלעכע אַרבעטער פלעגן זיך אָפּשטעלן אין גאַס, פלעגט מען זיי גלייך אַרעסטירן און אָפּהאַלטן אין אַרעסט עטלעכע טעג. קיין איין טאָג איז נישט אַדורך אָן אַזעלכע פאַקטן. דאָס אַלץ האָט צערייצט די מאַסע און האָט ביי איר אַרויס־גערופן אַ שרעקלעכן האַס צו די שפּיאָנען, פון וועלכע מען האָט טאַקע עטלעכע פון זיי גוט אָנגעבראָכן די ביינער״ [71]).

דווינסק. „אין זאַקס׳ שוועבעלעך־פאַבריק האָבן געאַרבעט אַרום אַכט הונדערט אַרבעטער, כמעט אויסשליסלעך יידישע. אין גרעסטן טייל זיי־נען דאָס געווען יידישע מיידלעך פון די ׳פּלעצער׳. אָבער אויך באַיאָרנטע אַרבעטער — טאַטעס פון גרויסע פאַמיליעס האָבן דאָרט געאַרבעט אין אַ גרויסער צאָל״... „פאַרסמט פון די שוועבל־גאַזן, האָבן די אַרבעטער געהאַט געלע אָפּגעצערטע געזיכטער מיטן ספּעציפישן אויסזען פון זאַקס׳ אַרבעטער״... „אַז ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן די ׳קאַסעס׳ און שפּעטער די עקאָנאָמישע שטרייקן פון די יידישע אַרבעטער, האָבן זיי זיך אַריבער־געוואָרפן אויך אויף זאַקס׳ פאַבריק. די שטרייקן אין דער דאָזיקער פאַבריק פלעגן זיך פאַרציען אויף לאַנגע וואָכן. זיי זיינען אַלע מאָל געווען באַגלייט מיט אַרעסטן, פאַרשיקונגען אין קאַלטן סיביר אויף לאַנגע יאָרן. פאַר יענער צייט זיינען דאָס געווען אַלץ באַטירלעכע זאַכן, און זיי האָבן קיינמאָל נישט געבראָכן דעם מוט ביי די אַרבעטער. די גרעסטע פּלאָג בעת די שטרייקן איז אָבער געווען — די שטרייק־ברעכעריי״ [72]).

גראָדנע. אַחוץ סטאָליאַרעס, שניידער און שניידערינס און אַנדערע קליינע פאַכן, איז דאָ געווען שערעשעווסקיס גרויסע טאַבאַק־פאַבריק. בלויז אין דער פּאַפּיראָסן־אָפּטיילונג זיינען געווען באַשעפטיקט 800 פּערזאָן. אין 1899 האָבן די בונדיסטן אַרויסגערופן דעם ערשטן גרויסן שטרייק. די פאָדערונגען זיינען געווען אַ לוין־העכערונג און איינשטעלן בעסערע באַ־ציאונגען און אַרבעטס־באַדינגונגען. אַלע האָבן געוואָרפן די אַרבעט. די



קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס

דאס מאַניפעסט

פון די קאָמוניסטישע פּאַרטיי

הערויסגעגעבען

פון דעם

יוני 1899 יאהר



די נייע עפּאָכע

אין דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג

רוסלאַנדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבייטער פּאַרטיי

די מעשה

פון פיער ברידער

דער אַלגעמיינער אידישער אַרבייטער בונד

אין רוסלאַנד און פּוילען

סעפּטעמבער 1898

פיל בראָשורן און ביכער האָט דער בונד אַרויסגעגעבן — עטלעכע מוסטערן.


רוססלענדער סאציאל-דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי.

וואס וויללען די סאציאלדעמאקראטען

אין רוססלאנד?

הערויסגעגעבען

פון דעם

אללגעמיינעם אידישען ארבייטער בונד אין רוססלאנד און פוילען.

דעצעמבער 1899 יאהר.

רוססלענדער סאציאל-דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי.

די געשיכטע

פון דער

אידישער ארבייטער בעוועגונג

אין רוססלאנד און פוילען.

הערויסגעגעבען

פון דעם

אללגעמיינעם אידישער ארבייטער-בונד אין רוססלאנד און פוילען.

מערץ, 1900 יאהר.

זשענעווע.

רוססלענדער סאציאל-דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי.

פון וואס איינער לעבט

פון

ס. דיקשטיין.

הערויסגעגעבען

פון דעם

אללגעמיינעם אידישען ארבייטער...

1900 יאהר.



מוסטערן פון בראָשורן און ביכער, וואָס דער בונד האָט אַרויסגעגעבן.

פּאַבריקאַנטן האָבן זיך געווענדט צו דער מאַכט וועגן אונטערדריקן דעם שטרייק. דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר און דער גובערנאַטאָר האָבן אויפגע־פאָדערט די שטרייקערס צוריקצוגיין צו דער אַרבעט. 4 אַזייגער ביינאַכט האָבן זשאַנדאַרמען און סאָלדאַטן זיך אַריינגעריסן אין די היימען, אַרעסטירט בערך 100 פרויען און זיי אַריינגעזעצט אין טורמע. צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך אויך געפונען מיידלעך פון 14־15 יאָר און אַ פרוי נאָך דער קימפּעט מיט אַ קינד ביי דער ברוסט. דער איינגעעקשנטער ווידערשטאַנד פון די שטרייקערינס און דער דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג האָבן געצוואונגען די פּאַבריקאַנטן נאָכצוגעבן. די אַרבעטערינס זיינען נאָכדעם געקומען אין פּאַבריק אַריין, אָבער זיי זיינען נישט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט ביז וואַנען מ׳האָט באַפרייט פון טורמע די אַרעסטירטע.

פון די אַנדערע שטעט, וואו ס׳זיינען געווען גרויסע פּאַבריקן מיט יידישע אַרבעטער, לאָמיר נאָך דערמאָנען פּינסק. אין האַלפּערנס שוועבע־לעך־פּאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט 600 אַרבעטער און אַרבעטערינס, אין אַ פּאַניר־פּאַבריק — 300, אין אַ פּאַבריק פון פלעקלעך (הילצערנע נעגל) — 150, אין טאַבאַק־פּאַבריק — 200. אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער איז געווען באַשעפטיקט אין פּאַבריקן פון קאָרקעס, ליכט און אַנדערע.

***

ביי די אומגעהויער־שווערע באַדינגונגען אונטערן צאַרישן רעזשים איז נישט געווען מעגלעך צו שאַפן לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אַפילו דער ריינער עקאָנאָמישער קאַמף — פאַר העכערן דעם לוין, קירצן דעם אַרבעטסטאָג און איינשטעלן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען — איז ברוטאַל געשטערט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט. דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דעריבער געווען אַ טייל פון אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט די פּאָ־ליטישע.

די בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אומעטום געפירט די יידישע אַרבעטער אין קאַמף פאַר פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די פּראָפעסיאָנעלע סכאָדקעס זיינען געווען אַ טייל פון דער בונדישער באַוועגונג. פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון יידישע אַרבעטער זיינען געווען אין פאַרשידענע פאַכן און האָבן געטראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער. פאַר פאַראייניקן זיי אין לאַנד־מאַסשטאַב זיינען נאָך די באַדינגונגען נישט געווען רייף. אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט זיינען אויך געשאַפן געוואָרן פאַראיינען פון פּרי־קאַזטשיקעס (האַנדלס־אָנגעשטעלטע) אין מינסק, ווילנע, ביאַליסטאָק, וויטעבסק און אַנדערע שטעט. אין 1900 איז אַפילו געווען אַ פּרואוו אויפצושטעלן אַ צענטראַליזירטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אָנגעשטעלטע (אין ווילנע איז פאָרגעקומען אַ דעלעגאַטן־קאָנפערענץ פון אַ צאָל שטעט), אָבער ער האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן. ס׳זיינען געווען צוויי פאַכן, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט: די בערשטער און די גאַרבער. זיי האָבן זיך אויסגעטיילט

אין צוויי הינזיכטן: די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין דיביידע פּאַכן זיינען געווען צענטראַלע — זיי האָבן אַרומגענומען אַפּטיילונגען אין אַ צאָל שטעט און שטעטלעך, זיי זיינען אַלס גאַנצע קערפּערשאַפטן אויך געווען אָנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד.

די געשיכטע פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס — דער גאַרבער־בונד און דער בערשטער־בונד — איז באַשריבן אין אַן אַרבעט דורך סאָפיע דובנאָוו־ערליך [73]. אויף דעם פּלאַץ וועלן מיר זיך באַגרענעצן מיט איבערגעבן די הויפּט־מאָמענטן אין דער געשיכטע פון די צוויי ערשטע צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער אין מזרח־אייראָפּע.

בערשטער. די בערשטער־אינדוסטריע איז געווען קאָנצענטרירט אין די שטעטלעך פון סואוואַלקער, וויטעבסקער, גראָדנער און מאָהילעווער גובערניעס, ווי אויך אין מעזריטש, ווילנע, מינסק. צוזאַמען האָט דער בערשטער־ראַיאָן געציילט 6 טויזנט יידישע בערשטער־אַרבעטער. דאָס וויגעלע פון דער בערשטער־באַוועגונג איז געווען ווילנע, דער ערשטער גרעסערער שטרייק איז דאָ אויסגעבראָכן אין 1893. אין 1895 איז אַנטשטאַנען אַ קאַמפּס־קאַסע אין קרעסלאַוויקע, אין יולי 1895 האָבן געשטרייקט 300 ווילקאָווישקער בערשטער.

האַרבסט 1895 קומט פאָר די ערשטע באַראַטונג פון די בערשטער־אַגיטאַטאָרן, און דאָ ווערט געלייגט דער פונדאַמענט פון דער בערשטער־אָרגאַניזאַציע און איר טאַקטיק פון עקאָנאָמישן קאַמף. די שפּעטערדיקע שטרייקן זיינען שוין מער און בעסער אָרגאַניזירט, די פאָדערונגען זיינען פאַראיינהייטלעכט. דער קאַמף פון די בערשטער ווערט וואָס אַמאָל שאַרפער און פאַרביטערטער. אין אַ סך פונקטן ווערט געפייערט דער 1־טער מאַי. צוויי מאָל אין יאָר — פּסח און סוכות — זיינען אין ערשטן פּעריאָד פאָרגעקומען צוזאַמענפאָרן פון פאָרשטייער פון די בערשטער. אויפן 5־טן צוזאַמענפאָר, פרילינג 1898, ווערט באַשלאָסן צו שאַפן אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע יידישע בערשטער אין ליטע און פוילן. אין דעם זינען האָט מען פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט צו אַלע בערשטער. דער 5־טער צוזאַמענפאָר האָט אָנגעצייכנט דעם כאַראַקטער און די טאַקטיק פון בייעם בערשטער־בונד, זיין פאַרבינדונג מיטן אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד, די אויפגאַבן און מיטלען פון קאַמף א.אַז.וו..

אין סעפּטעמבער 1898 איז פאָרגעקומען דער 6־טער צוזאַמענפאָר. די באַריכטן האָבן געוויזן, אַז די בערשטער־באַוועגונג איז באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן, די עקאָנאָמישע דערגרייכונגען זיינען גאַנץ היפּש. דער פּאָליטישער באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער איז געשטיגן. די באַוועגונג האָט שטאַרק געליטן פון די פּאָליציייאישע רדיפות און אַרעסטן. דער צוזאַמענפאָר האָט אויך — לויטן פאָרשלאַג פון אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד — באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן א. ב. דער וועקער, און אין דעצעמבער 1898 איז טאַקע אַרויס דער ערשטער נומער פון דער אויסגאַבע. דער וועקער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ס׳האָבן זיך אין אים באַטיי־

ליקט אַ סך אַרבעטער פון די װערקשטאַטן. די בערשטער־אַרבעטער האָבן זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט זייער רעװאָלוציאָנערן גייסט און מוטיקייט. אויף זייער פאַרבאַנד האָט געלויערט דער מאָסקװער אָכראַנע־שעף זובאַטאָװ און זיי געלאָקט מיט פאַרשידענע אָפּנאַרערישע פאָרשלאַגן, אָבער די בער־שטער זיינען בייגעשטאַנען אַלע נסיונות און אַלע פאַרפאָלגונגען. אין 1900 זיינען אין בערשטער־ראַיאָן פאָרגעקומען 57 שטרייקן (כמעט אַלע מיט פול־שטענדיקן זיג). דער 1־טער מאַי איז אין די יאָרן 1899 און 1900 אַדורך אויסערגעװיינטלעך פייערלעך.

אין פעברואַר 1900 איז פאָרגעקומען דער 9־טער און אין דעצעמבער 1900 דער 10־טער צוזאַמענפאָר. צװישן אַנדערן האָט דער 10־טער צו־זאַמענפאָר זיך פאַרנומען מיט די פראַגן װעגן עקאָנאָמישן טעראָר און װעגן די שטרייקן װעלכע האָבן געטראָגן לעצטנס אַ פאַרטיידיקונגס־כאַראַקטער. דער פּאָליטישער קאַמף איז אַרויסגערוקט געװאָרן אין פאָדערגרונט. פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס װערן אַלץ אָפטער. די רדיפות און אַרעסטן צװישן די בערשטער־טוערס האָבן זיך פאַרשטאַרקט.

פריער האָט דער אָכראַנע־שעף זובאַטאָװ געפּרואװט דעמאָראַליזירן די בערשטער דורך צוזאָגן צו לעגאַליזירן זייער פאַראיין און געבן 20 טויזנט רובל אויף צו פירן די טעטיקייט פון פאַראיין. װען דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן — בלויז עטלעכע יחידים איז אים געלונגען צו פאַנגען אין זיין נעץ — האָט ער דעם בערשטער־בונד געװאָלט פאַרניכטן דורך פאַרשטאַרק־טע רעפּרעסיעס און צאָלרייכע אַרעסטן. מיט דעם האָט ער אָבער צוגעאיילט דעם פּראָצעס פון איבערגיין צו פּאָליטישע פאָרמען פון קאַמף. אין אָקטאָבער 1902 איז פאָרגעקומען דער 11־טער צוזאַמענפאָר, װעלכער האָט פעסטגע־שטעלט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז בלויז אַ מיטל, אָבער נישט קיין ציל; אַז די אַקטיװקייט פון דער אַרבעטער־מאַסע דאַרף אויסגענוצט װערן פאַרן פּאָליטישן קאַמף, פאַר אָרגאַניזירטע דעמאָנסטראַציעס און אַנדערע פאָרמען פון מאַסן־פּראָטעסט.

דעם 1־טן מאַי 1903 װערט אַרעסטירט דער לעצטער מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בערשטער־בונד און דער װעקער הערט אויף צו דערשיינען.

גאַרבער. די גאַרבעריי־אינדוסטריע, אין װעלכער ס'איז געװען קאָנ־צענטרירט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער, האָט אַרומגענומען אַ סך פונקטן פון יידישן תחום: אין װילנע האָבן די יידישע אַרבעטער אויסגע־מאַכט 20 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל באַשעפטיקטע אין דער גאַר־בעריי־אינדוסטריע; אין די קלענערע שטעטלעך איז זייער פּראָצענט גע־װען אַ סך העכער. די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען געװען שרעקלעך, און יידישע אַרבעטער האָבן שוין גאָר פרי אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן אין חברות און קאַסעס. גלייכצייטיק איז אָנגעגאַנגען זייער פּאָליטישע אויפקלע־רונג און אָרגאַניזאַציע. שוין אין 1893 האָבן סמאָרגאָנער גאַרבער געפייערט דעם 1־טן מאַי; אין 1894 האָט די דאָרטיקע קאַמפס־קאַסע געציילט אַ

200 מיטגלידער, יידן און קריסטן. אין 1894 איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער גרעסערער שטרייק פֿון די גאַרבער אין ווילנע. אין 1896 האָבן די גאַרבער געשטרייקט אין אָשמענע. אַ היפּשע צאָל שטרייקן האָבן דורכגעפֿירט די גאַרבער אין סמאָרגאָן. יעדער שטרייק איז באַגלייט געוואָרן מיט פֿאַר־פֿאָלגונגען פֿון דער פּאָליציי, אָבער די קאָמפּסלוסטיקייט איז כסדר געוואַקסן. אין 1898 פֿייערן די אָשמענער גאַרבער דעם 1־טן מאַי אין וואַלד (70 פּערזאָן). אין 1897 זיינען אין סמאָרגאָן און אָשמענע געווען גרויסע אַרעסטן. ניט געקוקט אויף דעם פֿאַרשפּרייט זיך די באַוועגונג אַלץ מער און זי דרינגט אַריין אין ברייטערע קרייזן אין אַ 20 שטעט און שטעטלעך. אין ווילנער און גראָדנער גובערניע אַליין האָט די צאָל מיטגלידער אין די דאָר־טיקע קאָמפּס־קאַסעס פֿון די גאַרבער דערגרייכט ביז 700. די קאַסעס און סטאַדקעס גייען אַריין אין באַשטאַנד פֿון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער. אָבער ס׳וואַקסט דער באַוואוסטזיין, אַז ס׳איז נויטיק צו שאַפֿן אַ באַזונדערן גאַרבער־פֿאַרבאַנד.

מיט דער הילף פֿון בונד ווערט אין יוני 1898 אָרגאַניזירט אין ביאַליס־טאָק דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון די גאַרבער. ס׳איז גיכער געווען אַ באַראַטונג, ווייל די דעלעגאַטן זיינען נישט געווען קיין געשיקטע פֿאָרשטייער פֿון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. דער צוזאַמענשטעל איז געווען אַ צופֿעליקער. פֿיל מער וואָג האָט שוין געהאַט דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר אין דעצעמבער 1898 אין ווילנע. ס׳זיינען געווען פֿאַרטרעטן אַלע גאַרבער־אָרגאַניזאַציעס פֿון צפֿון־מערב־געגנט דורך געשיקטע דעלעגאַטן. דער דריטער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען מערץ 1900 אין ביאַליסטאָק.

הגם ס׳זיינען שוין געהאַט פֿאָרגעקומען עטלעכע צוזאַמענפֿאָרן, איז אָבער אָפֿיציעל קיין צענטראַלער פֿאַראיין נישט געווען געשאַפֿן. די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפֿירט אַן ענערגישע אַרבעט און מ׳האָט געוואָלט צוגרייטן אַ פֿעסטן באָדן פֿאַר שאַפֿן די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע. אין דער גאַרבעריי זיינען אויך געווען באַשעפֿטיקט פֿיל נישט־יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן בעיקר געאַרבעט ביי דער נאַסער אַרבעט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז ס׳דאַרפֿן אויך אָרגאַניזירט ווערן די נישט־יידישע אַרבעטער. צו דעם צוועק איז זומער 1900 געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צוגרייטן אַ פּראָיעקט וועגן שאַפֿן אַ געמיינזאַמען פֿאַראיין מיט די נישט־יידישע אַרבעטער. אין קאָמיטעט זיינען אַריין די גאַרבער מרדכי קאָרף און בענדעט, אַבראַם דער טאַטע, חנהלע ראָזענפֿעלד, בייניש מיכאַ־לעוויטש און דר. פֿאַוועל ראָזענטאַל. אַט דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, אַז דער קומענדיקער גאַרבער־בונד זאָל געשאַפֿן ווערן אויף פֿעדעראַטיווע יסודות: ער זאָל באַשטייען פֿון יידישע, פּוילישע און רוסישע אָפּטיילונגען און זיי זאָלן זיין פֿאַראייניקט דורך אַ צענטראַלער קערפּערשאַפֿט. אַזוי ווי אָרגאַניזאַציעס פֿון פּוילישע און רוסישע גאַרבער־אַרבעטער זיינען נאָך נישט געווען, זאָלן דערווייל די יידישע גאַרבער גרינדן דעם גאַרבער־בונד און באַמיען זיך, אַז אויך די אַרבעטער פֿון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן זאָלן

שאַפן זייערע אָרגאַניזאַציעס. דער פערטער גאַרבער־צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 1901 אין ביאַליסטאָק, האָט דעם פּראָיעקט אָנגענומען. דערביי איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד, וואָס האָט באַלד געזאָלט פאָרקומען, זאָל דעם פּראָיעקט באַשטעטיקן. אַלס דעלעגאַט צו דעם צוזאַמענפאָר איז געשיקט געוואָרן אַבראַם דער טאַטע. דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד האָט טאַקע באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט פון שאַפן אַ גאַרבער־בונד אויף פעדעראַטיווע יסודות.

אין אָקטאָבער 1901 איז פאָרגעקומען דער 5־טער צוזאַמענפאָר פון די גאַרבער (אין אים האָבן זיך שוין אויך באַטייליקט פאָרשטייער פון פּוי־לישע גאַרבער) און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישן פעדעראַטיוון גאַרבער־בונד. דאָס איז טאַקע שוין געווען דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער פעדעראַטיווער אָרגאַניזאַציע. „דער צוזאַמענ־פאָר האָט באַשלאָסן: 1) אַרויסגעבן אַ מאַניפעסט, וואָס זאָל דערקלערן די בויטי־קייט פון אַ גאַרבער־בונד און לאָזן וויסן, אַזאַ אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט זיך געגרינדעט און פונקציאָנירט שוין; 2) דער מאַניפעסט זאָל זיין געדרוקט אין 3 שפּראַכן: יידיש, פויליש און רוסיש; 3) גלייך נאָך דעם ווי דער מאַניפעסט וועט פאַרשפּרייט ווערן, זאָל מען אָנהייבן אַרויסגעבן אַ פּע־ריאָדישע צייטשריפט, אויב מעגלעך, יעדן חודש; 4) דער נאָמען פון דער צייטשריפט זאָל זיין דער קעמפער און זאָל אויך זיין געדרוקט אין 3 שפּראַכן". די צייטשריפט איז נישט דערשינען, ווייל דער רעדאַקטאָר בייניש מיכאַלע־וויטש, וואָס האָט צוגעגרייט די מאַנוסקריפּטן פאַרן ערשטן נומער, איז אַרעסטירט געוואָרן. פאַר דעם איז אָבער דערשינען אין 3 שפּראַכן דער מאַניפעסט. „דעם אָריגינאַל האָט אָנגעשריבן פּאַוועל ראָזענטאַל אין רוסיש, בייניש מיכאַלעוויטש האָט אים איבערגעזעצט אין יידיש און דער ווילנער אַדוואָקאַט קאָזלאָווסקי (אַ פּ.ס.ד.) — אין פויליש. סוף יאַנואַר 1902 איז דער מאַניפעסט אַרויס פון דרוק". אַבראַם דער טאַטע האָט אים אין טשעמאָדאַנעס מיט טאָפּלטע ווענטלעך פאַנאַנדערגעפירט איבער די שטעט און שטעטלעך [74]). אויך שפּעטערע באַמיאונגען אַרויסצוגעבן די צייטונג האָבן צוליב אַרעסטן זיך נישט איינגעגעבן.

במשך די דריי און אַ האַלב יאָר ביז צום מאַניפעסט, וואָס האָט פּראָ־קלאַמירט אָפיציעל די עקזיסטענץ פון גאַרבער־בונד, האָט די אָרגאַניזאַציע דורכגעמאַכט עטלעכע פאַזעס. אין אָנהייב איז עס געווען קאָנספּיראַטיוו אַפילו פאַר די מיטגלידער, בלויז געציילטע טוער האָבן געוואוסט וועגן די באַמיאונגען פון צענטראַליזאַציע. ביסלעכווייז איז פאַר דער מיטגלידער־שאַפט פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס דער ענין באַקאַנט געוואָרן. ערשט דער מאַניפעסט האָט „לעגאַליזירט" דעם אומלעגאַלן צענטראַלן פאַראיין — פאַר די מיטגלידער, די באַלעבאַטים און די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען. אין אָקטאָ־בער 1902 איז פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון פעדעראַטיוון גאַרבער־בונד. אין זעלבן יאָר איז אָבער געקומען אַ שווערער קריזיס אין דער

גאַרבערײַ. די רעגירונג האָט אויך דורכגעפירט זייער גרויסע אַרעסטן, און דער קאָמיטעט פון דער יידישער אָפּטיילונג פון גאַרבער־בונד איז פּאַקטיש געוואָרן צעקלאַפּט. צוזאַמען מיט דעם האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן דער פעדעראַטיווער קאָמיטעט, ווייל די יידישע אָפּטיילונג האָט סיי־ווי געטון די גאַנצע אַרבעט. די פראַגע איז געווען אַזוי ערנסט, אַז זי איז געשטעלט געוואָרן אויפן פינפטן צוזאַמענפאָר פון בונד (יוני 1903). אין דעצעמבער פון זעלבן יאָר ווערט געמאַכט אַ נייער פרואוו אויפצושטעלן די אָרגאַניזאַציע: ס'ווערט גערופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ און זי באַשליסט צו באַנייען די טעטיקייט פון פאַרבאַנד, קלייבט אויס אַ נייעם הויפּט־קאָמיטעט. אָבער אויך אים איז ניט באַשערט צו לעבן לאַנג. די רעגירונג האָט אַרעסטירט די צוויי וויכטיקסטע טוער פון קאָמיטעט און ער איז זיך צעפאַלן. דער קאַמף פון די גאַרבער איז ווייטער געפירט געוואָרן אָבער שוין דירעקט דורך די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. „אַלע אויפרופן פון יענער צייט, וואָס זיינען דערשינען אין נאָמען פון אַנאָנימע גאַרבער־גרופּעס, זיינען געווען געדרוקט און פאַרעפנטלעכט דורך די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציעס״[75]).

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער גאַרבער־בונד ווידער אויפגעלעבט.

***

ווי מיר זעען, איז דער בלי־פּעריאָד אין די באַוועגונגען פון די בערשטער און גאַרבער געווען אין די יאָרן 1897־1903. די יידישע בערשטער און גאַרבער האָבן אַריינגעשריבן אַ פּרעכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זייער מסירת־נפש אין קאַמף פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, זייער אָרגאַניזאַציאָנס־פעאיקייט און זייער מוטיקער אָנטייל אין פּאָליטישן רעוואָלוציאָנערן פאַרמעסט מיט דער צאַרישער רעגירונג האָבן אַרויסגערופן אַלגעמיינע באַוואונדערונג און באַגייסטערונג. זייער געטריישאַפט צום בונד איז געווען אויסערגעוויינטלעך. די הילף פון די בערשטער ביים שמוגלען טראַנספּאָרטן ליטעראַטור און געווער פון אויסלאַנד — איז ניט אָפּצושאַצן.

# 11. דער הערׇאישער אַקט פון הירש לעקערט

דער פּאַרמעסט צווישן דער רעוואָלוציאָנערער מחנה און דעם צע־יושעטן צאַריזם — איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שאַרפער און פאַרבי־טערטער. די קליינע, צופעליקע, עפנטלעך־פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע אַרבעטער אין ראַיאָן פון בונד מער ניט באַפרידיקט. די רציחות פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמען לגבי די אומבאַשיצטע און אָפט ניט געהעריק־אָרגאַניזירטע דעמאָנסטראַציעס האָבן פאַר דער בונדישער באַ־וועגונג אַוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם פון באַשיצן די אַרויסטרעטונגען. מען איז געקומען צום אויספיר, אַז יעדע עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע דאַרף זיין געשיצט דורך אַ באַוואָפנטער מיליץ פון דער אָרגאַניזאַציע. קעגן דער מאַכט פון דער רעגירונג מוז מען מאָביליזירן גרויסע מחנות, גוט צוגעגרייטע לויט אַ פריער דורכגעטראַכטן פּלאַן. ביי דער אַלץ וואַקסנדיקער רעוואָלו־ציאָנערער שטימונג פון די מאַסן איז דאָס געווען ממש אַ פאָדערונג, וואָס איז דיקטירט פון לעבן גופא.

אין נומ. 27 אַרבייטער־שטימע (יוני 1902) איז דער פראַגע געווידמעט דער לייט־אַרטיקל — ער טראָגט דעם טיטל: דעמאָנסטראַציעס און באַ־וואָפנטער ווידערשטאַנד. דער אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס ווערן אַלץ אָפטער און אָפטער באַנוצט אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד. זייער ראָל און זייער באַדייטונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג, זיי זיינען די שול, אין וועלכער עס ווערן דערצויגן די זעלנער פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, די בויער פון אונזערע קינפטיקע גאַסן־באַריקאַדן. אויף אונז, אַלס אָנפירער פון דעם באַפרייאונגס־קאַמף, ליגט אַ פליכט אונזער קאַמפּס־מיטל אַזוי אויסצושאַרפן, אונזערע דעמאָנ־סטראַציעס אַזוי זיך אויסלערנען צו אָרגאַניזירן, אַז זיי זאָלן אין איין העלן און ליכטיקן טאָג זיך אין אַן אָפענע פאָלקס־רעוואָלוציע אומוואַנדלען". אין נומ. 29 אַרבייטער־שטימע (סעפּטעמבער 1902) איז ווידער אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל: ווי דאַרפן אונזערע דעמאָנסטראַציעס אָרגאַניזירט ווערן.

ערב די פייערונגען פון 1־טן מאַי אין 1902 האָט זיך די דאָזיקע שטימונג שטאַרק געלאָזט פילן אין דער בונדישער באַוועגונג. קלענערע שטעט אָדער גרויסע שטעט מיט שוואַכע אָרגאַניזאַציעס האָבן ניט געוואַגט אַרויסצופירן די אַרבעטער צו אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע. אין ריגע, למשל, איז דער 1־טער מאַי געפייערט געוואָרן נאָר דורך אַ פאַרזאַמלונג (250 מאַן) און שטרייק (300 מאַן). אין פּינסק איז געווען נאָר אַ פאַרזאַמלונג (200 מאַן). אויך אין

וויטעבסק, האָמעל, לאָדזש, ביאַליסטאָק, גראָדנע, מאָהילעוו האָט מען ניט געפייערט דעם 1־טן מאַי מיט קיין גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. דער טעראָר פון דער פּאָליציי און מיליטער איז געווען אומגעהויער. די מאַכט האָט מאָ־ביליזירט אַלע אירע אָרטיקע כוחות און במשך פון וואָכן פאַרנומען אַלע פּונקטן, וואו מ׳האָט געקענט דערוואַרטן אַן אַרויסטריט פון די רעוואָלו־ציאָנערן. פונדעסטוועגן זיינען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פאָרגעקומען אין עט־לעכע שטעט.

וואַרשע. דער בונד, ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס. האָבן באַשטימט אויפן 27 אַפּריל 5 נ.מ. אַ דעמאָנסטראַציע אויף אויאַזדאָוער אַלייען. דער בונד האָט פאַרשפּרייט 1,500 אָרטיקע פּראָקלאַמאַציעס און 2 טויזנט פון צ.ק., אויך 5 טויזנט איינלאַדונגס־בילעטן אויף דער דעמאָנסטראַציע. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויך שטאַרק זיך געגרייט. די אויאַזדאָווע אַלייען און די אַרומיקע גאַסן זיינען געווען באַוואַכט פון פּאָליציי, קאָזאַקן און זשאַנדאַרמען. דאָך האָט זיך צו דער אָנגעוויזענער שעה אָנגעקליבן אַ היפּשע מאַסע דעמאָנסטראַנטן. דער עולם האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געלאָזט הערן פאַרשי־דענע אויסרופן. די קאָזאַקן האָבן זיך געוואָרפן אויפן עולם און ס׳איז גע־קומען צו אַ געשלעג. די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך געפּרואווט קאָנצענטרירן אין אַנדערע פּלעצער. בערך הונדערט פּערזאָן זיינען אַרעסטירט געוואָרן, אין טייל ערטער האָט דער עולם אָפּגעשלאָגן די אַרעסטירטע פון דער פּאָ־ליציי. ביז 9 אַוונט האָבן געדויערט די דעמאָנסטראַציעס. די יידישע אַר־בעטער זיינען געווען שטאַרק באַטייליקט. דער איינדרוק פון דער פאָרגע־קומענער דעמאָנסטראַציע איז געווען זייער גרויס.

דווינסק. דעם 16 אַפּריל, 6 פאַרנאַכט האָט געזאָלט געפייערט ווערן דער 1־טער מאַי אויף אָפיצערסקע גאַס, לעבן בולוואַר. דער פּלאַץ איז געווען פול מיט פּאָליציי און סאָלדאַטן אויף פערד. אַ מענגע פון 300 מאַן איז אַרויס אין מיטן גאַס, אויפגעהויבן אַ רויטע פאָן (דער פאָן־טרעגער איז געווען לייבעטשקע בערמאַן) און געמאַכט רעוואָלוציאָנערע אויסרופן. די דעמאָנס־טראַנטן האָט זיך איינגעגעבן צו מאַרשירן אַ האַלבן קוואַרטאַל, ביז זיי זיינען צעטריבן געוואָרן. אויפן פּלאַץ און שפּעטער ביינאַכט זיינען אַרעסטירט געוואָרן בערך 50 מענטשן.

מינסק. די רעגירונג האָט אָנגענומען זייער שטרענגע מיטלען, און קיין גאַסן־דעמאָנסטראַציע איז דורכן בונד ניט גערופן געוואָרן. אָבער דעם 6 (19) מאַי(געבורטסטאָג פון צאַר) איז אין טעאַטער פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע: ווען די אַרטיסטן האָבן אָנגעהויבן זינגען דעם צאַרישן הימן „גאָט, היט דעם קיסר״, האָבן זיך דערהערט פון דער גאַלעריע אַ שטאַר־קע פייפעריי און רעוואָלוציאָנערע אויסרופן. ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציעס פון בונדישן קאָמיטעט האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויפן עולם אונטן. די דעמאָנ־סטראַציע האָט אָנגעהאַלטן 10 מינוט. שפּעטער האָט מען דאָס גאַנצע פּוב־ליקום פון דער גאַלעריע, אַ מאַן 150, אַוועקגעפירט אין די צירקלען. אַ טייל

פון זיי האָט מען קערפּערלעך באַשטראָפט. אין איין צירקל האָט מען גע־שמיסן 12 מאַן — פון 5 ביז 40 שמיץ יעדערן.

קאָוונע. די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען דעם 15 מאַי. האַלב 9 אָוונט האָבן זיך צוזאַמענגענומען 200 יידישע און עטלעכע צענטליק פּוילישע אַרבעטער. אויף די טראָטואַרן איז געווען אַ 2 טויזנט מאַן — פון ביידע זייטן בולוואַר. מיט רעוואָלוציאָנערע אויסרופן זיינען די דעמאָנסטראַנטן געגאַנגען פאָרויס. עס איז געקומען צו צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי. 2 אַרבעטער זיינען געוואָרן שטאַרק פאַרוואונדעט. 7 מאַן האָט מען אַרעס־טירט.

בערדיטשעוו. דעם 14 אַפּריל האָט מען געפּייערט דעם 1־טן מאַי מיט אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד. מ'האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ רויטע פאָן, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געהאַלטן רעדעס. די 300 מענטשן זיינען די 5 וויאָרסט צוריק פון וואַלד געגאַנגען אָרגאַניזירט, מיט אַ ברענענדיקן פאַקעל פאָרויס, די לופט האָט פאַרהילכט דאָס געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער. אין טאָג פון 1־טן מאַי האָט כמעט קיינער ניט געאַרבעט. מען האָט פאַר־שפּרייט 1,300 פּראָקלאַמאַציעס — פון צ. ק. און אָרטיקע.

גאָר שטורמיש איז געווען דער פאַרלויף פון 1־טן מאַי 1902 אין ווילנע.

די ווילנער יידישע אַרבעטערשאַפט האָט געטראָגן אין האַרצן אַ פּלאַ־מיקע שנאה צום צאַריזם און זיינע דינער. ענג באַהאָפטן מיט דער אָרגאַניזאַ־ציע פון בונד, איז זי גרייט געווען צו קומען אויף יעדן רוף אירן. זינט 1892 האָבן די ווילנער יידישע אַרבעטער יאָר־יערלעך געפּייערט דעם 1־טן מאַי, ווי אַ טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלער אחדות, ווי אַ טאָג פון קאַמף מיטן צאַריזם פאַר פרייהייט, פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער גלייכהייט.

אין נאָוועמבער 1901 האָט דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף — אַן ענטפער דעם ווילנער גובערנאַטאָר. אין דעם אויפרוף האָט דער קאָמיטעט געזאָגט: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך שטאַרק געביטן פאַר די לעצטע 10־15 יאָר און איז גאָרנישט צו דערקענען. דער שטילער, דערשלאָגענער, איינגעקאָרטשעטער אין דרייען יידל־פּראָלע־טאַריער, וואָס ציטערט פאַר יעדער קאָקאַרדע, איז שוין היינט נישטאָ. זיין אָרט האָט פאַרנומען דער פּראָלעטאַריער־קעמפער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו שעצן זיין מענטשלעכע ווירדע, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט קעמפן פאַר זיינע מענטשלעכע רעכט. און דעם דאָזיקן אומדערמידלעכן קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון עקאָנאָמישער שקלאַפעריי און פון פּאָליטישער און בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט פירט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האַנט ביי האַנט מיטן רוסישן, פּוילישן, ליטווישן און לעטישן פּראָלעטאַריאַט“.

אָט אין דער שטאָט ווילנע איז אַראָפּגעקומען אַ נייער גובערנאַטאָר, אַ צאַרישער גענעראַל פאָן וואַל. מיט כוח און טראַר האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע. אַ דייטשער באַראָן, אַן אַלטמאָדישער סאַטראַפּ, אַ מאַן מיט אַ שטאַרקער האַנט און אַ ריקזיכטלאָזן כאַראַקטער, האָט ער געטראָגן אַ פּערזענלעכע שנאה צו די

רעוואָלוציאָנערן און „בונטאָוושטשיקעס". נאָך אַלס יונגער אָפיציר האָט ער געהאָלפן דערשטיקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863, און שפּעטער, אַרום 1878, איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין וואַרשע בעת אַ רעוואָלוציאָנערן אַטענטאַט אויף אַ הויכן פאַרשטייער פון דער מאַכט. פון דעמאָלט אָן איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַ שטענדיקער מורא פאַר אַטענטאַטן און געברויזט מיט אַ ווילדער רציחה קעגן יידן און פּאָליאַקן. קיין ווילנע איז ער געקומען מיט אַ הייסן דורשט צו נעמען נקמה אין די יידישע רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן, צו פאַרניכטן זייער בונדישע פעסטונג...

ווי נאָר ער איז אַראָפּגעקומען קיין ווילנע, האָט ער איינגעלאַדן צו זיך פאָרשטייער פון דער ווילנער געזעלשאַפט און זיי געמאָלדן זיין אויפגאַבע און פּראָגראַם: מיט אַן אייזערנער האַנט וועט ער באַקעמפן די אַנטי־מלוכהשע עלעמענטן און דער עיקר די סאָציאַליסטן, די בונדיסטן. דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד האָט אויפגענומען דעם אַרויסרוף. ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם פריער־דערמאָנטן אויפרוף און האָט זיך געגרייט צום קאַמף. ס'איז געווען אַ צוויי־קאַמף צווישן דערהויבענער גייסטיקייט און ברוטאַלער פיזישער קראַפט, צווישן דער אויפגייענדיקער ליכט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דער פינצטערניש פון אַ רעזשים, וואָס איז היסטאָריש פאַרמשפט צום אונטערגאַנג.

פאָן וואַל האָט איינגעפירט אין שטאָט דעם רעזשים פון פאַרשטאַרקטער שמירה („אוסיליענאַיאַ אָכראַנאַ"). ער האָט פאַרפלייצט די שטאָט מיט שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען, ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די באַלעבאַטים פון די הייזער און זייערע הויז־וועכטער, ער האָט אויך אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו באַליידיקן און חוזק מאַכן פון יידישע אַרבעטער, שטרייקער, אַרעסטירטע. „בונטאָוושטשיקעס זיינען זשידעס", זיי דאַרף מען באַהאַנדלען נאָך ערגער ווי דעם געוויינלעכן יידן.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון 1־טן מאַי 1902. ביידע צדדים האָבן זיך געגרייט... פאָן וואַל האָט פון זיינע אַלטע פאַטענטן אַרויסגע־בומען איין מיטל, וואָס האָט געדאַרפט דערנידעריקן, אָפּשרעקן, ווי טאָן די יידישע „בונטאָוושטשיקעס": דאָס איז געווען — אָנווענדן קערפּערלעכע שטראָף, שמייסן מיט ריטער די, וואָס האָבן געוואָגט זיך שטעלן קעגן דער מאַכט. גרויס איז געווען די אויפרעגונג פון די ווילנער יידישע אַרבעטער, ווען ס'האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז וואָגנס מיט ריטער גרייט מען פאַר די דעמאָנסטראַנטן פון 1־טן מאַי...

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעלאָזט אַנטשפּרעכנדיקע אויפ־רופן און אויך אַפּעלירט צום מיליטער. די שטאָט איז געווען פאַרפלייצט פון די בלעטלעך. אַ סך וועגנס זיינען געווען פאַרקלעפּט מיט זיי. אויך די מאַכט האָט געטאָן אירס: זשאַנדאַרמען, קאָזאַקן, פּאָליציי, סאָלדאַטן — אַלץ איז געווען מאָביליזירט און זיך געגרייט צו דער שלאַכט. אַלע טויערן זיינען געווען פאַרהאַקט. אייניקע געסלעך אין גאַנצן אָפּגעשלאָסן. די אַר־בעטער־דעמאָנסטראַציע איז געווען באַשטימט אויף האַלב אַכט אין אָוונט.

אַרום אַ טויזנט יידישע אַרבעטער און קלענערע גרופּן ניט־יידישע אַרבעטער האָבן געוואַרט אויפן סיגנאַל. ענדלעך, צוויי רויטע פענער זיינען פאַנאַנדער־געוויקלט געוואָרן, אויסרופן האָבן זיך דערהערט און מ׳האָט אָנגעהויבן מאַרשירן. פּאָן וואָל איז געווען אויפן פּלאַץ און אָפּגעגעבן באַפעלן. מיט אַ מוראדיקער רציחה האָבן זיך די קאָזאַקן און מיליטער געוואָרפן אויף די דעמאָנסטראַנטן. די בלוט־באָד איז געווען שרעקלעך. אָבער די אַרבעטער האָבן זיך געהאַלטן מוטיק, געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און אָפּגעשלאָגן אַ טייל אַרעסטירטע. עטלעכע און דרייסיק מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן — צווישן זיי די צוויי פאַנענטרעגער: הירשל דער פריקאָזטשיק (פּיינבערג) און וועלוול דער מאַליער (שאַץ). ביז דער לעצטער מינוט האָבן זיי ניט אַרויסגעלאָזט די פאָן פון די הענט און אויסגערופן די לאָזונגען פון קאַמף.

דעם זעלביקן אָוונט האָט דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד דורכגעפירט אַ צווייטע אַקציע: בעת דער פאָרשטעלונג אין שטאָטישן טעאַטער, אין דער אָנוועזנהייט פון דער „בעסטער געזעלשאַפט" און דעם גובערנאַטאָר, האָבן בונדישע אַרבעטער און אינטעליגענטן אין אַ געוויסן מאָמענט אַראָפּגעשאָטן פון דער גאַלעריע אַ רעגן מיט בלעטלעך און 1־טע מאַי־לאָזונגען קעגן צאַריזם און פאַר סאָציאַליזם. דער טומל אין טעאַטער איז געווען גרויס, פאַר־ליציי און אַגענטן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט — 18 מענטשן זיינען אַרעסטירט געוואָרן, פון זאָך 60 האָט מען פאַרשריבן זייערע נעמען.

די צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע אַרעסטירטע פון דער גאַסן־דעמאָנסטראַציע זיינען דאָך געווען מונטער און אין טורמע געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. זיי האָבן ניט חושד געווען וואָס פאַר אַ בלוטיקע נקמה עס גרייט פאַר זיי דער סאַטראַפּ פאָן וואָל. ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן און אויסגעשטעלט אין טורמע־קאָרידאָר צוויי רייען קאָזאַקן. איינציקווייז האָט מען אַרויסגעפירט די אַרעסטירטע, זיי דורכגעלאָזט דורכן „סטראָי" אונטער די קלעפּ פון די קאָזאַקישע נאַהאַיקעס — און צוריק זיי אַריינגעוואָרפן אין קאַמער. דאָס איז אָבער געווען נאָר דער ערשטער אַקט פון נקמה. אויף מאָרגן אין דער פרי איז געקומען דער צווייטער אַקט. מ׳האָט ווידער אַרויסגעפירט די אַרעס־טירטע אין קאָרידאָר — און דאָ האָבן זיי דערזען אַ גאַנצע כאָפּטע צאַרישע דינער בראש מיט פאָן וואָלן. איינציקווייז האָט מען יעדן אַרעסטירטן אַרויסגערופן און — אַוועקגעלייגט אויף אַ ברעט. איין קאָזאַק האָט זיך אַוועק־געזעצט אויפן קאָפּ, אַ צווייטער אויף די פיס און אויפן הוילן לייב האָט מען יעדערן געגעבן פון 20 ביז 30 שמיץ. (לויט אַנדערע ידיעות האָבן די שמייסעריי אויסגעפירט פייערלעשער). פאָן וואָל האָט קאָמאַנדירט. די ריי־טער האָט מען געוויקלט אין וואַסער און פאַר יעדן געשמיסענעם האָט מען געניצט פרישע ריטער. 26 מאַן האָט מען געשמיסן, 20 יידן און 6 פּאָליאַקן. אַ טייל פון זיי זיינען געווען צופעליקע צושויער ביי דער דעמאָנסטראַציע. די מער באַוואוסטזיניקע האָבן זיך געהאַלטן מיט ווירדע. איין יידישער אַרבעטער האָט אַ שפּיי געטאָן פאָן וואָלן גלייך אין פּנים אַריין.

דער רושם פון דער ידיעה וועגן דער עקזעקוציע איז געווען אומגעע־

הויער שטאַרק. די אַהיימגעקומענע געליטענע האָבן דערציילט פּרטים, וואָס האָבן אַלעמען אויפגעשוידערט. אַ געפיל פון נקמה האָט אַרומגענומען די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. יעדער איינער האָט באַטראַכט די דאָזיקע שענד־לעכע האַנדלונג פון פאָן וואַלן — ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, ווי אַ דערנידעריקונג פאַר דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט. צאָרן און האַס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע אַרבעטער־מאַסע.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט באַלד רעאַגירט אויף דער געשעעניש מיט אַ פּראָקלאַמאַציע (געשריבן פון נח — פּאָרטנױ), אין וועלכער עס איז געווען געזאָגט:

„דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן, ווען מיר שטעלן זיך פאָר דאָס שענדלעכע, אַזיאַטישע בילד״... „אַלע מאָל און אומעטום, אין די שווערסטע מינוטן פון אונזער לעבן האָבן מיר, רעוואָלוציאָנערן, פּאַרטייִ־דיקט אונזער מענטשלעכע ווירדע. אויף באַליידיקונגען האָבן מיר געענטפערט מיט באַליידיקונגען, אויף גוואַלט האָבן מיר געענטפערט מיט גוואַלט. מיר קענען נישט טראַכטן און ריידן רויִק וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווילנע. פון טויזנטער ערלעכע הערצער רייסט זיך אַרויס איין אַלגעמיינער געשריי: נקמה! ראַכע!״

„יידישע אַרבעטער! ווי אַזוי וועט איר ענטפערן אויף דער שענדלעכער באַליידיקונג? איר האָט שוין לאַנג געוויזן, אַז איר האָט אויפגעהערט צו זיין די פריערדיקע אונטערטעניקע שקלאַפן. מיט אייער העלדישן קאַמף פאַר פרייהייט האָט איר שוין געוויזן דער גאַנצער וועלט, אַז איר האָט דערוואַכט צו אַ נייַ לעבן, צו אַ לעבן פון פרייע בירגער"... „ווייזט איצט נאָך אַמאָל די תלינים פון צאַר, אַז איר וועט נישט אַריבערטראָגן גלייכגילטיק זייער שענדלעכע האַנדלונג קעגן אייך. ווייזט זיי, אַז איר זענט מענטשן מיט מענטשלעכע געפילן. ווייזט זיי, אַז איר זענט גרייט צו פאַרטיידיקן אייער מענטשן־ווירדע, אַז אויף די גוואַלט־טאַטן פון די צאַרישע משרתים זענט איר גרייט צו ענטפערן מיט גוואַלט־טאַטן״...

„ביז איצט איז אונזער פּאַרטיי געווען קעגן פּאָליטישן טעראָר. אויך איצט זאָגן מיר זיך אָפּ צו באַנוצן מיט טעראָר, ווי אַ קאַמף־מיטל קעגן דער זעלבסטהערשונג. אָבער די ווילדע טאַט פון פאָן וואַלן רופט אַרויס אַ שרעקלעכע אויפרעגונג צווישן אַלע אונזערע חברים. דאָס איז אַזאַ פאַר־ברעך, וואָס מ׳קען בשום אופן נים פאַרשווייגן. מיר זיינען זיכער, אַז פון דער טיפעניש פון יידישן פּראָלעטאַריאַט וועט אויפשטיין אַ ראַכע־נעמער, וואָס וועט נקמה נעמען פאַרן שענדן זיינע ברידער. און אויב עס וועט פאַרגאָסן ווערן מענטשלעך בלוט, וועט די אַחריות פאַלן אויפן צאַר און זיינע ווילדע משרתים״.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט זיך אויך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו די ניט־יידישע אַרבעטער (אויף רוסיש און פּויליש) און אַפּעלירט צו זייערע ברידערלעכע געפילן: „מער ווי פריער, זאָגט זיך אין דעם אויפרוף, איז איצט נויטיק אַרויסצוטרעטן סאָלידאַר און געאייניקט, איצט

ווען די רעגירונג הייבט אָן אָנצונעמען קעגן אונז אַזעלכע אומגעוויינטלעכע מיטלען. בלויז דער געאייניקטער דרוק פון אונז אַלע קען אַ סוף מאַכן צו דער הערשאַפט פון דער נאַהאַיקע און רוט. מיר לייגן אייך פאָר, חברים, אויסדריקן אייער פּראָטעסט קעגן דער שענדלעכער גוואַלט, וואָס איז איבער אונז באַגאַנגען געוואָרן״.

שפּעטער איז טאַקע דערשינען אַן אויפרוף אונטערגעשריבן דורך דעם ווילנער קאָמיטעט פון בונד, ווילנער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע, ווילנער קאָמיטעט פון דער ליטווישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און ווילנער גרופּע פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. (די פ.פ.ס. האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַזונדערע פּראָקלאַמאַציע). אינם דאָזיקן געמיינזאַמען אויפרוף איז געזאָגט: „די באַרבאַריי (פון דער עקזעקוציע — ה. ש. ק.) האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם האַס און פאַראַכטונג צו דער רוסישער רעגירונג און דערוועקט דורשט פון הייליקער נקמה... מיר קעמפן מיט רואיקע מיטלען, נישט אין אונזערע צילן איז צו פאַרגיסן מענטשן־בלוט. נאָר די געדולד האָט אויך אַ גרענעץ... נישט אונזער שולד, אויב די פאָלקס־נקמה, דער האַס און די אויפרעגונג וועלן זיך אויסגיסן אין אַן אַקט פון גוואַלט. פאָן וואָל אַליין האָט דערצו אַ וועג געוויזן. די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אויף די צאַרישע דינער — וואָל און זיינע נאָענטע מיטהעלפער, וועלכע האָבן אין דעם אָנטייל גענומען״. אויסרעכנענדיק די נעמען פון די אַלע רעגירונגס־מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער עקזעקוציע, דראָט זיי דער אויפרוף: „יעדערן פון אייך וועט טרעפן די נקמה, און אייערע נעמען וועלן בלייבן פאַרשאָלטן אויף אייביק״.

נקמה! ראַכע! בלוט פאַר בלוט! — דאָס איז געווען די אַלגעמיינע שטימונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט די אַרבעטערשאַפט אין ווילנע. דער רוף פון צענטראַל־קאָמיטעט, עס זאָל „פון דער טיפעניש פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אויפשטיין אַ ראַכע־נעמער, וואָס וועט נקמה נעמען פאַרן שענדן זיינע ברידער״ — האָט געבריט, געמאָנט. עס האָט געקלונגען ווי אַ לאָזונג, ווי אַ רוף דורכצופירן אַן אַטענטאַט אויף פאָן וואָלן. באַלד זיינען טאַקע געקומען פאַרשלאָגן צום ווילנער קאָמיטעט פון בונד צו נעמען אויף זיך אָרגאַניזירן אַזאַ נקמה־אַקט. דאָס איז געווען אַ מאָמענט פון גרויסער היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט: זאָל די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַוועק אויף אַ נייעם וועג? קען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, מיט אירע מעטאָדן פון פּראָפּאַגאַנדע און פּאָליטישן קאַמף פון די מאַסן, רעקאָמענדירן אַ נייע טאַקטיק — פון אינדיווידועלן טעראָר? וואוהין וועט אַזאַ שריט פאַרפירן די אַרבעטער־שאַפט?

אין ווילנער קאָמיטעט פון בונד זיינען געווען חלוקי־דעות וועגן דעם. דער קאָמיטעט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָרגאַניזירן אַ טעראָריסטישן אָנפאַל אויף פאָן וואָלן. דעמאָלט איז געקומען אַ צווייטער פאָרשלאָג אויף אַט דער היסטאָרישער און שטורמישער זיצונג פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד: היות

אין שטאָט האָבן זיך געשאַפן עטלעכע גרופּעס אויף אויסצופירן אַן אָנפאַל אויפן גובערנאַטאָר, זאָל דער קאָמיטעט קומען צו הילף איינער פון די גרופּעס. די מערהייט פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויך קעגן דעם פאָרשלאָג. דער קאָמיטעט האָט געוואוסט די שטימונג אין דער בונדישער מאַסע. ער האָט געוואוסט, אַז ער שטעלט זיך אויס אויף אומצופרידנקייט און פּראָטעסטן. ער האָט געוואוסט, אַז זיין האַנדלונג איז קעגן דער לאָזונג אינם אויפרוף פון צענטראַל־קאָמיטעט. אָבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דיסציפּלין האָט גובר געווען, די פּרינציפּיעל־אויסגעהאַלטענע קעגנערשאַפט צום טעראָר, ווי אַ מיטל פון פּאָליטישן קאַמף, האָט פאַרהיט פון אַזאַ שריט, וואָס איז מסוגל צו ברענגען גאָר ווייטע קאָנסעקווענצן.

די איינציקע הנחה, אויף וועלכער די אָנפירונג פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע איז איינגעגאַנגען לויטן פאָרשלאָג פונם פאַרטרעטער פון צ. ק. אין ווילנער קאָמיטעט, מאַיסיי גורעוויטש, איז געווען: ניט שטערן, ניט פאַרבאָטן יענע מיטגלידער, וועלכע ווילן דורכפירן דעם אָנפאַל־אַקט אויף זייער אייגענער אחריות. מאַיסיי גורעוויטש האָט געטענהט: „דער קאָמיטעט, אַלס אַנשטאַלט, קען נישט באַהילפיק זיין דעם טעראָר, אָבער באַזונדערע מיטגלידער, וואָס פילן־מיט דעם געגעבענעם אַקט, קענען קומען צו הילף — דאָס איז זייער פּערזענלעכע זאַך".

***

אַ גרופּע אַרבעטער האָט גענומען גרייטן דעם טעראָר־אַקט. „פּריוואַט" האָבן זיי באַקומען פון פאַרשטייער פון קאָמיטעט 60 רובל. מ'האָט געקויפט געווער. מ'האָט אָרגאַניזירט די אויסשפּיר־אַרבעט נאָכן גובערנאַטאָר, וועלכער האָט זיך שטאַרק געהיט און זיך זעלטן באַוויזן אין גאַס. די גרופּע האָט געהאַט איר שטענדיקן טרעף־פּונקט ביי יואל דעם שוסטער אויף נאָוואָגאָראָד. צו דער גרופּע האָט הירש לעקערט צוגעצויגן אויך צוויי באַקאַנטע פּוילישע אַרבעטער. די אַרבעט פון דער גרופּע איז אָנגעגאַנגען מיט ברען. אויסגעפירט דעם אַטענטאַט האָט איינער פון דער גרופּע — הירש לעקערט [76]).

ער איז ניט געווען קיין פּנים חדשות אין דער בונדישער באַוועגונג. אין דער שוין פריער באַשריבענער „נאָוואָגאָראָדער געשיכטע" פון מאַי 1900 — האָט הירש לעקערט געשפּילט אַ גרויסע ראָל. ער איז געווען איינער פון די אַקטיוויסטע ביים אַטאַקירן די פּאָליציי־געביידע, און ווען זיין פריינט כאָנע פּיוזקע (ווינאַקור) איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן דורכן אוריאַדניק און איז געהאַלטן געוואָרן אין שפּיטאָל אונטער דער שמירה פון אַ פּאָליציאַנט, האָט הירש לעקערט אָרגאַניזירט דאָס אַרויסראַטעווען זיין חבר פון שפּיטאָל און ער האָט אים בשלום געבראַכט צו פירן אין שטעטל מאַליאַט. אָבער דאָ אַרעסטירט מען זיי ביידע און מען פירט זיי צוריק קיין ווילנע. אויפן וועג גיט זיך לעקערטן איין צו אַנטלויפן. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און ער איז ווידער אַרעסטירט און זיצט צוזאַמען מיט כאָנע פּיוזקען אין דער

אַנטאָקאָלער טורמע. אָבער אויך אין טורמע רוט ניט לעקערט און גרייט דאָס אַנטלויפן פון זיין פריינט, ווייל ער ווייסט, אַז אים דראָט אַ שווערע שטראָף — קאַטאָרגע. לעקערטס באַמיאונגען האָבן זיך איינגעגעבן, כאָנע פּיוּוקע איז בשלום אַנטלאָפן פון טורמע, און דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד האָט אים אָוועקגעשיקט קיין אויסלאַנד.

40 מענטשן זיינען געוואָרן באַשטראָפט פאַר די געשעענישן אין נאָוואָגראָד, און הירש לעקערט איז געווען איינער פון זיי. 9 חדשים איז ער אָפּגעזעסן אין טורמע ביזן פּראָצעס. טייל אַרעסטירטע זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר (דער לענגסטער טערמין 6 יאָר), אַנדערע האָבן באַקומען ביז 1 יאָר זיצן אין דער פּעטערבורגער טורמע „קרעסטי". 15 מאַן האָבן באַקומען צו 6 חדשים „קרעסטי" און דריי יאָר פאַרשיקונג אונטער פּאָליצייאויפזיכט. צווישן דער לעצטער גרופּע איז אויך געווען הירש לעקערט.

ער איז אָפּגעזעסן דעם טערמין אין דער פּעטערבורגער תפיסה און דעם 21 אויגוסט 1901 האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. בערך 8 חדשים האָט ער דאָ פאַרבראַכט, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, בעיקר צווישן די שוסטער פון זיין פאַך. אָבער מער האָט ער דאָרט ניט געקענט איינזיצן. אָנהייב אַפּריל 1902 קומט ער אומלעגאַל קיין ווילנע. און ווען עס קומט די היסטאָרישע 1־טע מאַי־דעמאָנסטראַציע, נעמט ער אין איר אַן אַקטיוון אָנטייל, אָבער ער איז ניט געווען צווישן די אַרעסטירטע און געלייטענע. נאָך דער דורכגעפירטער עקזעקוציע איז דער הייסבלוטיקער קעמפערישער הירש לעקערט איינער פון די, וואָס ברענען נאָך נקמה. ער שליסט זיך אָן אין דער גרופּע, וואָס נעמט אויף זיך דורכצופירן דעם אַטענטאַט אויף פאָן וואַלן.

אַכט טעג האָט די גרופּע אויף פאַרשידענע פּונקטן נאָכגעשפּירט פאָן וואַלן, אָבער מ'האָט אים אין ערגעץ ניט געזען. אויפן ניינטן טאָג האָט אים הירש לעקערט דערזען. אָבער אינם אַנטשידענעם מאָמענט האָט אים באַהערשט אַ שוואַכקייט, און ער האָט ניט אויסגעשאָסן: „די האַנט האָט נישט געפאָלגט" — האָט ער זיך מודה געווען פאַר די אויפגערעגטע חברים. ס'איז געפאַלן אַ באַשלוס — צונעמען ביי לעקערטן דאָס געווער. אַ באַליידיקטער און צעוויטיקטער האָט ער געמאָלדן זיינע חברים: „ס'וועט זיך מער נישט איבערחזרן. איך מוז אים פּטרן" — און דער טאָג פון הירש לעקערטס גרויסע טאַט איז געקומען.

דאָס איז געווען דעם 18־טן מאַי (נייער סטיל). פאָן וואַל איז געקומען אויף אַ פאָרשטעלונג אין צירק. ער איז צוגעפאָרן מיט אַ קאַטש אונטער אַ שטאַרקער וואַך. הירשקע מיט אַ צווייטן חבר האָבן געוואַרט געדולדיק... און ווען פאָן וואַל איז אַרויס פון צירק, איז הירשקע צוגעלאָפן און צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין פאָן וואַלן: איין קויל האָט אים געטראָפן אין האַנט, די צווייטע אין פוס. דער צווייטער חבר, וואָס האָט צוזאַמען מיט הירשקען דיזשורירט ביים צירק, אַ פּוילישער גאַרבער־אַרבעטער, האָט שפּעטער

דערציילט: „ווען מיר האָבן אַ קורצע ווײַלע געוואַרט לעבן צירק, האָבן מיר דערזען פּאָן וואַלס קאַרעטע. מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אומצוקוקן און ער איז שוין געווען אין צירק. קיין געלט צו קויפן בילעטן האָבן מיר נישט געהאַט. איך האָב געבעטן זיך ביי הירשקען, אַז מ׳זאָל צולויפן צו די רעשט חברים און געבן צו וויסן. הירשקע האָט מיר אָבער קאַטעגאָריש פאַרווערט: — מ׳דאַרף נישט, האָט ער געזאָגט, מירן זיך אַליין אַן עצה געבן. ביים ערשטן אַנטראַקט זיינען מיר ביידע געשטאַנען אין צוויי ווינ־קעלעך ביים אַרויסגאַנג. איך האָב דערהערט אַ שאָס. ער (פּאָן וואַל) איז שוין געלעגן און הירשקען האָבן שוין געהאַלטן צענטליקער הענט"...

די פּאָליציי האָט לעקערטן מוראדיק געשלאָגן, אָבער ער האָט נאָך באַוויזן אויסצושיסן אַ דריט מאָל אין דער לופטן און אויסשרייען: „זאָל לעבן די פרייהייט!" לעקערטן האָט מען אָפּגעפירט אין אַרעסט, געשמידט הענט און פיס אין קייטן און פון דאָרט איבערגעפירט אין דער אַנטאָקאָליער טורמע. אין 10 טעג אַרום, דעם 28־טן מאַי, איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס־געריכט. הירש לעקערט האָט זיך אויפן געריכט געהאַלטן זייער ווירדיק. בעת דער אויספאָרשונג און אויפן געריכט האָט ער נישט אַנגערופן קיין נעמען פון זיינע מיטהעלפער. ער האָט אָפן דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך געגרייט צום אַטענטאַט און ווי אַזוי ער האָט אים אויסגעפירט. דער אורטייל פון געריכט איז געווען: טויט דורך הענגען.

אויב לגבי די צאַרישע הענקערס איז הירשקע געבליבן האַרט און פעסט, האָט ער אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט זיך איינגעבראָכן קעגנאיבער זיין מוטער און טראַגעדיקער פרוי, וועלכע האָבן פאַר אים געוויינט און גע־קלאָגט און זיך געבעטן ער זאָל אונטערשרייבן אַ באַגנעדיקונג־בקשה. אַ לאַנגע צייט האָט הירשקע זיך געוועהרט קעגן דעם און געטענהט: — סיי־ווי וועט מען מיך אויפהענגען, ס׳וועט ניט העלפן די בקשה, — צו וואָס נאָך בלייבן אַ נאַר! אָבער סוף־כל־סוף האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן: טוט וואָס איר ווילט... מ׳האָט די בקשה דערלאַנגט אין נאָמען פון „בעזגראַמאָט־נעם", הירש לעקערט... פאַרשטייט זיך, די בקשה איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. 13 טעג נאָכן געריכט, דעם 10 יוני (28 מאַי לויטן אַלטן סטיל) 1902, איז דער אורטייל אויסגעפירט געוואָרן — אויפן מיליטערישן פעלד. הירשקע איז מוטיק צוגעגאַנגען צום אָרט פון דער תליה. 2 אַזייגער מיט 10 מינוט נאָך האַלבער נאַכט איז געקומען זיין טראַגישער טויט אויף דער תליה. דעם טויטן קערפּער האָט מען דאָ אויפן אָרט אַראָפּגעלאָזט אין אַ קבר, וואָס מ׳האָט אויסגעגלייכט מיט דער ערד. דאָס צונויפגעזאַמלטע אויפן פעלד מי־ליטער האָט אַדורכמאַרשירט איבערן קבר...

ס׳דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן די נעמען פון די אַנדערע מיטגלידער פון לעקערטס גרופּע, וואָס האָט צוגעגרייט דעם אַטענטאַט. (עטלעכע פון זיי זיינען געווען מיטגלידער פון דער אָפיציעלער קאַמף־דרוזשינע פון דער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע). זיי זיינען געווען פייווקע דער שלאָסער, מילנער (בן־ציון שלום פרידלאַנד), יודל לעוויט, דער פוילישער גאַרבער

מיכאַלאָווסקי. אַ סברא, אַז צו דער גרופּע האָבן אויך געהערט זלמן דער האַלץ־פריקאַזשטשיק, דער סטאָליאַר הירש מיליקאָווסקי און דער פּאַרמאַ־צעווט יעקב סובאָטניק.

אין דער אַרבייטער שטימע נומער 27 (יוני 1902) איז ביים סוף פונם נומער אין אַ שוואַרצער ראַם אָפּגעדרוקט אַ קורצער אַרטיקל אונטערן נאָמען — דער טויט פון הירש לעקערט:

„דעם 28־טן מאַי איז דערפילט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער אונ־זער חבר הירש בן דוד לעקערט. דער מיליטער־געריכט האָט אים פּאַר־משפּט אויפהענגען.

דער געריכט פאַרשטייט זיך האָט זיך געפירט אָן זייטיקע עדות און מיר קענען נאָך פּאַרלויפיק ניט געבן קיין גענויען באַריכט וועגן אים. מיר האָפן זיין אימשטאַנד דאָס צו טאָן אין גיכן. מיר באַזיצן דערוויל נאָר גענויע נאַכריכטן וועגן דער דערפילונג פון דעם אורטייל.

די תליה איז געווען איינגעריכטעט אויף וואָיענע פּאָליע אין ווילנע. דער קאַט (הענקער) איז געווען אַרויסגערופן פון פּעטערבורג. דערביי זיינען געווען פיר באַטאַליאָנען חייל, אַ דאָקטאָר, דער קאַזיאָנער רב און נאָך איי־ניקע פּערזאָנען. קיין פּובליקום איז ניט געווען. אַלץ איז פאָרגעקומען אין מיטן נאַכט, בגנבה, ווי דער שטייגער איז פון דער רעגירונג, ווען זי טוט אָפּ אירע באַזונדערס מיאוסע מעשים. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט געפּורכטעט מען זאָל זיך אין שטאָט ניט דערוויסן און אין דעם אָוונט זיינען געווען די גאַסן פול מיט פּאָליציי, מען פלעגט אָפּשטעלן יעדן פאַרדעכטיקן אום צו דערקונדיקן זיך וואו ער גייט א.אַ.וו.. דעם דאָקטאָר (יאַנאָווסקי) האָט דער וויצע־גובערנאַטאָר פאַררופן צו זיך נאָך פון אָוונט און האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. דעם רב נעמזער האָט מען אויפגעוועקט פון שלאָף און גע־בראַכט צום אָרט.

דער פאַראורטיילטער האָט זיך געפירט ווי אַן אמתער העלד. ווען דער רב האָט גענומען אים דערוויזן, אַז ער דאַרף איצט מתפלל זיין און זיך מתוודה זיין אין זיינע פאַרברעכן, ווען ער האָט אים דערמאָנט אַז ער האָט עובר געווען דעם געבאָט לא תרצח — ניט טייט — האָט אים לעקערט געענטפערט, אַז אין תפילות נויטיקט ער זיך ניט און וואָס עס איז שייך צו גאָטס געבאָט 'לא תרצח' — איז די רעגירונג אים עובר אָט איצט אין באַ־ציאונג צו אים. ער האָט מער ניט געוואָלט הערן די צביעותדיקע רייד פון גאָטס פאַרטרעטער און איז אַליין אַרויף אויפן עשאַפאָט און אַליין אָנגעטאָן אויף זיך די תליה¹). דער קאַט האָט צוגענומען פון אונטער זיינע פיס דעם בענקל און האָט אים אויסגעצויגן און... אין אַ פּאָר מינוט איז ער שוין געווען טויט. מען האָט אים באַגראָבן דאָ גופא אויפן אָרט, דעם קבר פאַר־שאָטן און אַריבערגעלאָזט איבער אים דאָס גאַנצע מיליטער, וואָס איז געווען אויפן פּלאַץ. די סאָלדאַטן האָבן איינגעטראָטן מיט די פיס דעם נייעם קבר, פאַרגלייכט אים מיט דער ערד, כדי עס זאָל אוממעגלעך זיין צו דערקענען וואו עס רוט אונזער חבר. די רעגירונג האָט מורא פאַר אירע פיינט ווען זיי

לעבן, זי הערט ניט אויף זיך צו שרעקן פאַר זיי נאָך זייער טויט. זי האָט רעכט: 'פון אונזערע געפאַלענע ביינער וועט זיך אַ גרויזאַמער ראַכע־נעמער אויפהייבן' . . .

ערע די געפאַלענע אָפּפער פון רוסישן צאַריזם! ערע דעם נייעם קרבן, וועלכן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט געבראַכט אינם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג!

ערע אונזער חבר הירש לעקערט!".

שטאַרק איז געווען דער איינדרוק וואָס הירש לעקערטס שאָסן און זיין טויט האָבן געמאַכט אויף די ווילנער אַרבעטער־מאַסן. אַלע אָן אויסנאַם האָבן אויפגענומען דעם אַטענטאַט ווי אַ העראָאישן אַקט פון איינעם, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן כבוד און ווירדע פונם אַרבעטער־כלל. ווילנע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אַ פאַרלייכטערונג איז געקומען אויף די שווער־געדריקטע, דערשלאָגענע געמיטער. איצט האָט מען זיך מער ניט געשעמט קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן. אַ שטאָלץ האָט אַרומגענומען די מאַסע, וואָס אַ יידישער אַרבעטער האָט אויסגעפירט די הייליקע מיסיע.

באַלד נאָכן טויט פון הירש לעקערט האָט דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד געשריבן אין זיין פּראָקלאַמאַציע: „מיר זיינען שטאָלץ מיט דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס ער האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַ מענטש, וועלכער האָט טיף געפילט די באַליידיקונגען פון זיינע נאָנטסטע און זיי איבערגעלעבט ווי אייגענע. מיר זיינען פול מיט פרייד וואָס אין פאָן וואָל האָט געשאָסן אַן אַרבעטער, אַ ייד"... „מיר, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האַלטן ניט פון טעראָר ווי אַ קאַמף־מיטל, באַטייליקן זיך אין דער אַלגעמיינער פרייד און באַגריסן אָט דעם נאַטירלעכסטן און באַרעכטיקסטן אַקט פון נקמה פאַר דעם אַזוי באַרבאַרישן צעטרעטן די מענטשלעכע רעכט. אַ לויב צו דיר, דו אומדערשראָקענער און מסירת־נפשדיקער קעמפער! כבוד און רום דיין העלדישקייט!".

אין דעם זעלבן גייסט האָט געשריבן דער צענטראַל־קאָמיטעט: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט אַרויסגערוקט פון זיינע רייען אַ נקמה־נעמער פאַר זיין באַליידיקטן כבוד. מיט דעם האָט ער באַוויזן, ווי הויך ביי אים איז אַנטוויקלט דאָס געפיל פון מענטשלעכער ווירדע. כבוד און רום דעם נקמה־נעמער, וועלכער האָט זיך געברענגט אַ קרבן פאַר זיינע ברידער".

אין יולי 1902 האָט דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור וועגן די געשעענישן, געשריבן פון מאַיסיי גורעוויטש, דאָרט ווערט אויסגעדריקט די זעלבע מיינונג: לעקערט „איז געווען דער, וועלכער האָט דערפילט אונזער אַלגעמיינעם פאַרלאַנג. וועגן וואָס פיל פון אונז האָבן געוואָגט בלויז צו טראַכטן, דאָס האָט ער מקיים געווען".

פּאָסליעדניאַ איזוויעסטיאַ (נומער 74, 19 יוני 1902) האָבן געשריבן: „לע־קערט האָט אָנגעטאָן אין הויט און פלייש דעם פאַרבאָרגענעם געדאַנק פון יעדן ערלעכן מענטשן, דעריבער האָט זיין טאַט אַרויסגערופן אַזאַ איינשטי־מיקן הייסן מיטגעפיל. דעריבער מיינען מיר, אַז ביים פרישן קבר פון אָט

דעם בקמה־נעמער וועלן אַלע ערלעכע מענטשן זיך צונויפגיסן אין איין געפיל פון ערן דעם אָנדענק פון דעם מענטש, וועלכער האָט אונז באַפרייט פון דעם שווערן קאָשמאַר, וואָס האָט אונז אין משך פון געציילטע נאָר לאַנגע און פיינלעכע טעג געדריקט אַזוי ווי בליי. לעקערט האָט זיך נוקם געווען פאַר דעם חוזק איבער דער פערזאָן פון די יידישע אַרבעטער"... „און דער אָנדענק וועגן אים וועט אויף אייביק איינגעקריצט ווערן ניט בלויז אין דעם גרויסן האַרץ פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך אין די הערצער פון אַלע ערלעכע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך ניט אָנגעוואָרן די פעאיקייט צו האַסן דעם ווילקיר".

אין זיין אַרטיקל געשריבן צום 20־טן יאָרצייט פון הירש לעקערט, שאַצט ב. מיכאַלעוויטש אַזוי אָפּ דעם איינדרוק און די ווירקונג פון לעקערטס אַקט: „דער איינדרוק פון דעם דאָזיקן שאָס, ווי אין די רעגירונגס־קרייזן אַזוי אויך אין דער גאַנצער געזעלשאַפט, איז געווען אַ גוואַלטיקער. אויב מען האָט זיך שוין אין די היכע פענצטער אָנגעהויבן צוגעוואויינען צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס מאַסן־דערשיינונג, איז מען אָבער געוואָרן איבעראַשט פון דעם, וואָס זי פאַרמאָגט אַרויסצושטעלן איינצלנע 'רעוואָלו־ציאָנערן', אייגענע בקמה־נעמער. אַ פשוטער יידישער שוסטער, אַ 'טעראָ־ריסט' — דאָס איז געווען אַן אומאָנגענעמער סורפּריז פאַר די אויבערשטע מנהיגים אין צאַריסטישן רוסלאַנד. מען האָט דאָרט גלייך איינגעזען אַז אַזעלכע 'טעראָריסטישע אַקטן', ווי לעקערטס, וועלן ווערן אַ שטענדיקע דערשיינונג, אויב מען זאָל ווייטער זיך האַלטן ביי פאָן וואָלס מעטאָד, און ער איז טאַקע אין דער צוקונפט שוין מער ניט פּראַקטיקירט געוואָרן בנוגע די יידישע אַרבעטער" [78].

⁂

די פירער פון בונד האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אין אָט דער אַל־געמיינער שטימונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט יידישע אַרבעטער, שטעקט אַ גרויסע סכנה פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יונגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די סכנה איז געווען נאָך געפערלעכער צוליב דעם, ווייל די רעגירונג האָט געוויזן אַ בולטע טענדענץ אין איר טאָג־טעגלעכן קאַמף מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווייטער אָנצואווענדן קערפּער־לעכע שטראָף, דאָס שמייסן איבערן נאַקעטן לייב. ווי מיר האָבן שוין פריער דערציילט, האָט מען אין מינסק, אין מאַי 1902, נאָך די אַרעסטן בעת אַ בונ־דישער דעמאָנסטראַציע אין שטאָטישן טעאַטער, אַ טייל פאַרהאַלטענע גע־שמיסן. אין זעלבן יאָר האָט מען בעת אַן עקאָנאָמישן שטרייק געשמיסן 35 רוסישע אַרבעטער אין וויאַטקער גובערניע. אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו און אין נאָך אייניקע ערטער זיינען געווען פאַלן פון שמייסן דעמאָנסטראַנטן. בכלל האָבן זיך די מערדערייען פון דער צאַרישער רעגירונג פאַרשטאַרקט מיט יעדן טאָג.

גראָד איז עס געווען אַ צייט, ווען די טעראָריסטישע טעטיקייט פון

דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן איז אָנגעגאַנגען מיט גרויס אינ־טענסיווקייט און דערפאָלג — דאָס האָט פאַרכאַפּט די הערצער פון אַ סך יידישע אַרבעטער. בכן האָט געדראָט די סכנה, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג זאָל אַוועק אויפן וועג פון אָנווענדן טעראָר, ווי אַ מיטל פון פּאָליטישן קאַמף קעגן דער רעגירונג. דאָס האָט געמיינט אַ ווענדפּונקט אין דער טאַקטיק פון דער באַוועגונג. דער אַטענטאַט פון הירש לעקערטן האָט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לאָזונג און טאַקטיק פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די סכנה פון טעראָריסטישע שטימונגען און טעראָריסטישער טאַקטיק האָט געפאָדערט אַן אַנטשיידענע קעגנערשאַפט און וואָרנונג. און שוין דער זעלבער, פריער ציטירטער נומער 27 אַרבייטער־שטימע, וועלכער איז אַרויס אויף דער הייסער מינוט (יוני 1902), שטעלט אַוועק אָפן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם. „ס'איז אוממעגלעך — זאָגט זי — אין איין און דער זעלבער צייט צו פירן אַ טעראָריסטישע טעטיקייט און אַ ברייטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט — פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע — צווישן דער אַרבעטער־מאַסע"... „אמת, עס טרעפן זיך מאָמענטן, ווען ס'איז אוממעגלעך צו באַגנוגענען זיך מיט בלויז אַ 'פרידלעכער' טעטיקייט — אין בוכשטעבלעכן זינען. ווען די ווילדע צאַרישע דינער רייסן און ברעכן אַלץ, וואָס זיי טרעפן אויף זייער וועג, ווען די ווילקיר און גוואַלט האָט ניט קיין מאָס און קיין גרענעץ, דאַן איז מעגלעך נאָר איין ענטפער — גוואַלט. אָבער ענטפערן מיט גוואַלט אויף גוואַלט — איז נישט טעראָר. ווען די ווירדע פון אַ רעוואָלוציאָנער ווערט געטרעטן מיט די פיס, ווען מען הייבט אָן אָנצואווענדן קעגן אונז אַזעלכע שענדלעכע מיטלען, דורך וועלכע מען וויל דערשטיקן אין אונז אונזער 'איך', אונזערע מענטשלעכע געפילן און מענטשלעכע ווירדע, דאַן איז מעגלעך נאָר איין ענטפער — ראַכע, נקמה. נאָר ראַכע איז נישט טעראָר. אונטערן וואָרט 'טעראָר' פאַרשטייען מיר פּאָליטישע מאָרדן (הריגות) אַלס אַ טאַקטיק, אַלס אַ קאַמף־מיטל קעגן דער זעלבסטהערשונג. קעגן אַזאַ טאַקטיק וועלן מיר קעמפן מיט אַלע אונזערע קרעפטן".

כדי צו באַהאַנדלען די ניי־אויפגעשוואומענע סיטואַציע, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אין אויגוסט 1902 צונויפגערופן אין בערדיטשעוו די פינפטע קאָנפערענץ פון בונד. דעלעגאַטן זיינען געווען 15: פון וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, ריגע, מינסק, זשיטאָמיר: דער צענ־טראַל־קאָמיטעט איז געווען פאַרטרעטן מיט דריי פאָרשטייער.

„בערדיטשעוו — דערציילט ב. מיכאַלעוויטש — איז דעמאָלט געווען איינע פון די וויניקע שטעט, וואָס זיינען נאָך אין פּאָליצייאישער הינזיכט געווען פולקאָם כשר. די באַוועגונג האָט זיך דאָרט נאָך גאָר נישט לאַנג אָנגעהויבן און איז נאָך מיט דער פּאָליציי אין קיין שום קאָנפליקטן נישט געקומען"... „די דאָזיקע גאָט־געבענטשטע שטאָט איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר דער דערמאָנטער קאָנפערענץ. די וואוינונג, אויף וועלכער מיר האָבן אָפּגעהאַלטן די זיצונגען, איז אויפן צווייטן טאָג קאַליע געוואָרן, ווייל מען האָט אַהין געדאַרפט קומען מיט עפּעס אַ רעוויזיע וועגן טאַבאַק, און מיר האָבן

באַשלאָסן איבערטראָגן די קאָנפערענץ אָן שום מניעות אין וואַלד הינטערן שטאָט. פאַר אַ פּאָליציייִאישן איבערפאַל איז זיך ניט געווען וואָס צו שרעקן. דאָרט איז דאָס באַשלאָסן געוואָרן, אין פאַל ווען די רעגירונג וועט ווייטער אָנווענדן שענדלעכע רעפּרעסיעס, ענטפערן אויף דעם מיט טעראָר"... "אַלע דעלעגאַטן האָבן זיך נאָך געפונען אונטערן פּסיכאָז פון ווילנער אַקט, און אויסער איינער אָדער צוויי שטימען, האָבן זיך אַלע הענט אויפגעהויבן פאַר דער דערמאָנטער רעזאָלוציע. פיל מיטגעווירקט דערצו האָט דעמאָלט גאָזשאַנסקי־לנו, וואָס האָט זיך נישט לאַנג צוריקגעקערט פון סיביר. ער האָט מיט זיך פון דאָרט מיטגעבראַכט פאַרבאַרגענע סימפּאַטיעס פאַר שאַרף 'ראַדיקאַלע' מעשים (לויט דער נייער טעאָריע פון מאַכייסקי). ער האָט דעם עולם אָנגעשטעקט מיט זיין היציקן טעמפּעראַמענט" [79].

אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען נאָך עטלעכע אַנדערע, וואָס זיינען נישט לאַנג אַנטלאָפן פון סיביר און זיינען געקומען היציק־רעוואָלוציאָנער געשטימט. די גרויסע מערהייט פון דער קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן אַריינ־נעמען אין דער טאַקטיק פון בונד די אָרגאַניזירטע נקמה. דערמאָנענדיק, אַז די נייע שטראָף־מיטלען, וואָס די רעגירונג ווענדט לעצטנס אָן אין קאַמף מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיינען אויסן צו "דערנידריקן די מענטש־לעכע פּערזאָן פון די רעוואָלוציאָנערן", זאָגט די קאָנפערענץ אַרויס איר מיי־נונג, אַז די אַלע פאָרמען פון פּראָטעסט, מיט וועלכע די באַוועגונג ענטפערט געוויינטלעך, זיינען צו ווייניק. אין דער אָפיציעלער מאָטיווירונג פון דער רעזאָלוציע איז געזאָגט געוואָרן:

"ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קעגן אַזעלכע ווילדע מעשים דאַרפן מיר פּראָטעסטירן מיט אַלע אונזערע כוחות, ווי אין רוסלאַנד אַזוי אויך אין אויסלאַנד, ווי דורך דער פּרעסע אַזוי אויך דורך דעמאָנסטראַציעס, פּאָ־ליטישע שטרייקן א.אַ.וו. אָבער פאַר קיינעם פון די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ איז ניט געווען קיין ספק אין דעם, אַז די פּראָטעסטן, אין וועלכער פאָרם זיי זאָלן ניט קומען צום אויסדרוק, זיינען ניט קיין גענוגנדיקער מיטל קעגן אַזעלכע אַזיאַטישע מערדערייען. דער כבוד פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פאָדערט נקמה פאַר דער דערנידערונג פון אירע מיטגלידער. ס'וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז אַזאַ מין סאָרט נקמה האָט אַ וועלכע נישט איז שייכות צו טעראָר. ווען די פּאַרטיי באַשטימט צו באַשטראָפן פּער־זענלעך דעם אָדער יענעם צאַרישן דינער, מיינט זי נישט מיט דעם אָפּצושרעקן די רעגירונג אָדער בכלל צו באַנוצן דאָס אַלס מיטל צו דערגרייכן אירע צילן. דער ציל פון אַזעלכע אַקטן איז נאָר — אָפּוואַשן דעם פלעק פון דער פּאַרטיי, נקמה נעמען פאַר דער שענדלעכער באַליידיקונג. אָן אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע שטייט אויף אַ פעסטן פּרינצי־פּיעלן און טאַקטישן באָדן, וועט שטענדיק אימשטאַנד זיין צו פאַרהיטן, אַז איינצלנע פאַקטן פון נקמה זאָלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סיסטעמאַטישן טעראָר. און טאַקע דערפאַר מוזן אַלע אַזעלכע אַקטן זיין אָרגאַניזירט פון דער פּאַרטיי גופא, וואָרעם נאָר אָרגאַניזירנדיק אַליין יעדעס מאָל די נקמה־

אַקטן און ניט דערלאָזנדיק די געשעעענישן צו גיין מיט זייער נאַטירלעכן גאַנג, וועט די פּאַרטיי קענען פּאַרהיטן אירע מיטגלידער פון פאַלשע שריט, ווי אויך פון דעם סיסטעמאַטישן טעראָר. נאָר פריער פון אַלץ איז נייטיק, אַז די, לגבי וועמען די רעגירונג ווענדט אָן דעם סיסטעם פון שענדן, זאָלן ניט וואַרטן ביז די פּאַרטיי וועט זיך נוקם זיין. זיי מוזן אַליין אָרט אויפן אָרט אַרויס־ווייזן אַ שטאַרקן, ענערגישן ווידערשטאַנד. די נקמה פון דער פּאַרטיי וועט ערשט דאַן האָבן אַ זין, ווען יעדער רעוואָלוציאָנער באַזונדער וועט אין יעדן געגעבענעם מאָמענט אַליין פאַרטיידיקן זיין אייגענעם כבוד און דעם כבוד פון דער פּאַרטיי, ווען יעדער וועט ביז דער לעצטער מעגלעכקייט זיך פאַר־טיידיקן קעגן דער באַליידיקונג מצד די צאַרישע משרתים. אַרויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: די קאָנפערענץ אָנערקענט: א) אַז מ'דאַרף פירן אַ שטאַרקע מאַסן־אַגיטאַציע פאַר דער נויטיקייט אַרויסצואווייזן אַ העכסט ענערגישן ווידערשטאַנד אין די פאַלן, ווען אַ פּערזאָן פון די אָנטיילנעמער אינם רע־וואָלוציאָנערן קאַמף וועט ווערן דערנידעריקט; ב) אויף יעדן פאַל פון דער־נידערונג דאַרף מען ענטפערן מיט אָרגאַניזירטע נקמה־אַקטן און פּראָטעסטן; דערביי שליסט איינס ניט אויס דאָס צווייטע".

די בערדיטשעווער קאָנפערענץ האָט אויך באַשלאָסן, אַז אין יענע פאַלן ווען פּאָליציי און מיליטער טרעטן אַרויס מיט געווער קעגן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, דאַרף מען זיי שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אויב אַן אָרגאַניזאַציע איז דאָס ניט בכוח צו טאָן, זאָל זי גלייכער קיין דעמאָנסטראַציע ניט מאַכן, איידער לאָזן זי צעשלאָגן אָן אַ ווידערשטאַנד.

⁂

אַלעמען האָט געמאַטערט די פראַגע: „פאַרוואָס האָבן די (ווילנער) גע־פּיניקטע ניט געגעבן קיין ווידערשטאַנד, זיך ניט געווערט? אַוודאי וואָלט פון אַזאַ ווידערשטאַנד גאָרניט אַרויסגעקומען, זיי זיינען געווען אומבאַוואָפנט און אַרום זיינען געשטאַנען קאָזאַקן מיט געווער. אָבער דאָך... מעגלעך, אַז אַ פּאָר וואָלטן באַצאָלט מיטן לעבן. מעגלעך, אַז אַלע וואָלטן אומגעקומען. אין אַזאַ מאָמענט רעכנט מען ניט. אַ מענטש איז ניט קיין שעפּס, וואָס גייט געהאָרכזאַם צו דער שחיטה, און יאוש שאַפט גבורה. פאַראַן בלויז איין תירוץ: די אַרעסטירטע זיינען געווען שרעקלעך צעממיתט פון נעכטן, זיי זיינען געווען פאַרטויבט, דער ווילן אין די גלידער אַזוי ווי פאַראַליזירט" [80].

די זעלבע פראַגע, דערציילט א. ליטוואַק, האָט מען געשטעלט וועגן די 30 אַרעסטירטע ביי דער דעמאָנסטראַציע אין שטאָטישן טעאַטער. צווישן די 30 זיינען געווען יענע צען יונגע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן דורכגע־פירט די דעמאָנסטראַציע און פאַרשאָטן דעם טעאַטער מיט די בונדישע מאַי־אויפרופן. „אין דער צייט פון דער עקזעקוציע איבער די (גאַסן) דעמאָנ־סטראַנטן, זיינען די דרייסיק אַרעסטירטע פון טעאַטער געזעסן אין אַ פּאָליציי־

קאַמער, ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו מ׳האָט געפּייניקט זייערע חברים. פאַרוואָס האָבן זיי ניט פּראָטעסטירט, ניט געקלאַפּט אין טיר, ניט געבראָכן קיין שויבן ?״.

פון דער אַנדערער זייט, דערציילט א. ליטוואַק, „זיינען אַ סך יידישע אַרבעטער אין ווילנע שוין לאַנג ניט געווען איינשטימיק מיט דער טאַקטיק פון קאָמיטעט. די גרויזאַמע אַקטן פון דער רעגירונג האָבן געוועקט געפילן פון נקמה. די טעראָריסטישע אַקטן פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע. היציקע מענטשן האָט זיך געדוכט, אַז איין העלד מיט אַ באָמבע קאָן אין איין מינוט אויפטאָן מער איידער אַ גרויסע מאַסע אין יאָרן. עס האָבן זיך געבילדעט אָפּאָזיציעס, וועלכע האָבן באַ־שולדיקט דעם קאָמיטעט אין שרעקעוודיקייט, אין ניט־אַנטשלאָסנקייט און האָבן געפאָדערט אַ טעראָריסטישע טאַקטיק. די עקזעקוציע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די טעראָריסטישע שטימונגען. עס האָבן זיך געבילדעט פריי־וואַטע גרופּעס, וואָס זייער צוועק איז געווען — בלוטיקע נקמה פון פאָן וואַלן״...

און ווען עס איז שפּעטער געקומען דער באַשלוס פון ווילנער קאָמיטעט און ה. לעקערטס אַטענטאַט, — דערציילט א. ליטוואַק, — אַז „אין ווילנע גופא און אין גאַנצן ראַיאָן פון ׳בונד׳ איז מען שטאַרק ניט צופרידן געווען מיטן ווילנער קאָמיטעט. מ׳האָט געזאָגט: ווען דער קאָמיטעט וואָלט גענומען אויף זיך אויסצופירן דעם אַקט, וואָלט די זאַך צוועקמעסיקער אָרגאַניזירט געוואָרן און די רעזולטאַטן וואָלטן געווען בעסערע. פאָן וואָל וואָלט אפשר געווען טויט און לעקערטן וואָלט זיך איינגעגעבן אַנטרונען צו ווערן. אויב אַ טעראָריסטישער אַקט איז נויטיק, דאַרף ער אָרגאַניזירט ווערן ניט פון קיין צופעליקער גרופּע, נאָר פון אָרטיקן קאָמיטעט אָדער פון צענטראַל־קאָ־מיטעט״ [81]).

אַ לעבעדיקע אָפּשפּיגלונג פון יענע געשעענישן און שטימונגען געפינען מיר אויך אין דעם אַרטיקל פון הירש אַבראַמאָוויטש, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער מאַניפעסטאַציע פון 1־טן מאַי אין שטאָט־טעאַטער. ער איז געווען צווישן דער גרופּע אויף דער גאַלעריע, וועלכע האָט באַשאָטן דעם טעאַטער מיט די 1־טע מאַי־בלעטלעך און ער איז אויך אַרעסטירט גע־וואָרן (ער איז געווען אַ יונגער לערער אין אַ רעגירונגס־שול). ער דער־ציילט:

„נאָכן דורכזיפן די גאַלעריי האָט מען ענדגילטיק פאַרהאַלטן אַ מענטשן 13־14, דערין 3 פרויען. פון אָט די פאַרהאַלטענע האָט אויך כמעט אַ העלפט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דער גאַנצער זאַך. ווען דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען פון טעאַטער — האָט מען אונז אַראָפּגעפירט אויפן גאַס, וועלכע איז שוין געווען כמעט ליידיק. מיט אַנטבלויזטע שווערדן האָבן אונז די גאָראָדאָוואָיעס (פּאָליציאַנטן) אַרומגערינגלט און אַוועקגעפירט אין דעם פּאָליציי־אַרעסט, וואו עס זיינען שוין געזעסן די דעמאָנסטראַנטן״... „אַזיגער אַכט האָבן מיר דורכן פענצטער דערזען, ווי די פייערלעשער האָבן אַריינגעפירט אויפן פּאָליציי־הויף ריטער. מיר זיינען פאַרציטערט געוואָרן״....

„אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן מיר דערהערט אוממענטשלעכע קולות. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציע איבער די דעמאָנסטראַנטן, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן אויף דער גאַס. זיי זיינען געזעסן אין אַ צווייטן קאָרידאָר. מיר האָבן נישט געקענט זען, וואָס דאָרט קומט פאָר, אָבער מיר האָבן געהערט. און דאָס בלוט איז אונז פאַרגליווערט געוואָרן. ביזן לעצטן מאָמענט האָבן מיר זיך נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס זאָל זיין מעגלעך און איצט איז עס געשען. מאַנכע פון אונז האָבן געבראָכן די הענט, געריסן די האָר פון קאָפּ, געוויינט. אייניקע זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, מיר האָבן געפילט אונזער אומבאַהאָלפנקייט און מאַכטלאָזיקייט"...

„איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן די דעמאָלטיקע שטימונגען נאָך דער עקזעקוציע"... פיל אַרבעטער, איינציקווייז און אין גרופּעס, האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי זיך אָפּרעכענען מיט פאָן וואַלן, ווי אויסצופירן אַן אַטענטאַט. „מען האָט אָנגעהויבן אויסצושפּירן ווען און וואו פאָן וואַל פאָרט אַרויס. אַנטקעגן גובערנאַטאָרס הויז איז פאַראַן אַ סעדל, וואו עס זיינען געווען בענק אויף צום זיצן. די פּאָליציי האָט באַמערקט אייניקע פּערזאָנען, וועלכע זיינען צו לאַנג געזעסן אויף די דאָזיקע בענק. מ'האָט זיי אַרעסטירט"... „עס איז אַרויפגעשוואומען אַ פּלאַן צו מאַכן דעם אַטענטאַט דעם 6־טן מאַי אין קאַטעדראַל, וואו מען ריכט אָפּ אַ פייערלעכע תפילה צוליב דעם נאָמענטאָג פון ניקאָלאַי דעם 2־טן און דערביי מוזן זיין אַלע העכערע באַאַמטע מיטן גובערנאַטאָר בראש. אויף דער תפילה פלעגן אויך דאַרפן קומען אַלע שילער פון די מיטלשולן. איינער האָט געזאָלט זיך אָנטאָן ווי אַ גימנאַזיסט און אַלס אַזעלכער אומגעשטערט אַריינגיין אין קאַטעדראַל, צוגיין צו פאָן־וואַלן און אים דערשיסן. מ'האָט שוין געזוכט קליידער אויף דעם, אָבער צוליב אומבאַקאַנטע סיבות איז דער דאָזיקער פּלאַן ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן" [82]...

אַפילו נאָך מיט אַ צייט שפּעטער האָט די אַרבייטער שטימע (נומ. 31, יאַנואַר 1903) אַלץ פּאָלעמיזירט מיט די דאָזיקע שטימונגען פון יענע חברים, וועלכע זיינען נאָך דער ווילנער שינדעריי אַרויסגעטרעטן מיט פאַרשידענע פאָרוואורפן צום קאָמיטעט: „ער האָט געדופן צו דער דעמאָנסטראַציע, דאַרף ער ענטפערן, און נישט מיט פּאַפּירלעך"... אויף דעם ענטפערט דער בונדישער צענטראַל־אָרגאַן: „צי איז אַן ענטפער מיט אַ 'פּאַפּירל' — אַן ענטפער, דאָס איז אַן אַנדערע זאַך. נאָר די מענטשן, וועלכע האָבן אַזוי געברענט און געפלאַקערט, קענען מיר מיט פולער רעכט פרעגן: און אַליין וואָס האָט איר געשוויגן? איר אַליין זענט נישט געווען מחויב צו ענטפערן? וואָס זענט איר — פערד, וואָס מען דאַרף פאַרן צוים פירן? האָט דען לעקערט געפרעגט ביי וועמען וואָס צו טאָן, געמאַכט וועמען פאָרוואורפן?".

אַ סך צער האָט פאַרשאַפט אין די בונדישע קרייזן אַן אַנדער ענין: דאָס איז געווען אין שייכות מיט לעקערטס נאָכגיביקייט און דערלאָזן מען זאָל אין זיין נאָמען אַרויסשיקן אַ ווענדונג צום רוסישן קייסער וועגן באַגנאַדיקונג. די בונדישע פּובליציסטן האָבן נישט געקענט פאַרשווייגן דעם

עניק, ווייל דאָס האָט געקענט האָבן אַ שלעכטע דערציערישע ווירקונג אויף די יונגע דורות רעוואָלוציאָנערע קעמפער. זיי האָבן אָבער אויך אויסגענוצט דעם דאָזיקן טרויעריקן פּאַקט, כּדי אַרונטערצורייסן די גלאָריע פון אינדיווידועלע טעראָריסטישע אַקטן און אַנטקעגן צו שטעלן זיי די גרויסקייט און דערהויבנקייט פון פּראָלעטאַרישע מאַסן־אַקציעס.

לייענען מיר אין דער אַרבייטער שטימע נומ. 28, אויגוסט 1902: „הירש לעקערט, דער ערשטער יידישער אַרבעטער־העלד, וועלכער האָט אַזוי מוטיק געאָפּפּערט זיין לעבן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער ערע פון דער אַרבעטער־מאַסע, האָט אין זיך נישט געפונען קיין קרעפטן צו באַזיגן זיין ליבע צו דער פרוי און די עלטערן. ער איז באַזיגט געפאַלן אין דעם טראַגישן שטרייט מיט דער דאָזיקער ליבע. זיין שוואַנגערע פרוי און זיין מוטער האָבן ביי אים אַרויסגעריסן אַ דערלויבעניש אונטערצושרייבן אין זיין נאָמען (ער האָט קיין רוסיש נישט געקענט שרייבן) אַ שוינונגס־ביטע"... „דער גרויסער העלד האָט נישט געקענט צוזען די טרערן פון זיין פרוי און מוטער און האָט דערלויבט דאָס, וואָס ער האָט אין קיין פאַל נישט געטאָרט דערלויבן. סטייטש, לעקערט דאַרף בעטן מחילה ביים רוסישן קייסער? צי האָט דען לעקערט, אַלס פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־מאַסע, אַלס ראַכענעמער פאַר איר דערנידערונג — געטאָן אַן אומרעכט, וואָס ער דאַרף מחילה בעטן? ער האָט געטאָן די גערעכטסטע, די איידלסטע זאַך אויף דער וועלט. נישט מיר דאַרפן בעטן מחילה ביי אונזערע הענקער, נאָר זיי דאַרפן בעטן מחילה ביי אונז"... „וואָס שייך לעקערטן, מוזן מיר אַלס מענטשן זאָגן: אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו, ד.ה. דו זאָלסט ניט משפטן דעם צווייטן, כל־זמן דו ווייסט ניט זיין אויף זיין אָרט, נאָר אַלס רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי דריקן מיר אויס אונזער גרעסטע באַדויערונג וועגן דער שוינונגס־ביטע. ער האָט מיט דעם פיל פאַרקלענערט די באַדייטונג פון זיין העלדנטאַט. ער האָט מיט דעם באַוויזן, אַז ער איז פערזענלעך נישט אינגאַנצן געווען צוגעגרייט צו זיין גרויסער היסטאָרישער העלדנטאַט. ער האָט געלערנט דעם פיינט מורא צו האָבן פאַר דער העלדישקייט פון רעוואָלוציאָנערן, נאָר האָט אים נישט געלערנט צו אַכטן אונזער ערנווירדע, און דאָס איז זייער וויכטיק. נאָר ערנווירדיקע קעמפער קענען אַראָפּהאַקן די פליגל ביי אונזערע פיינט".

*
**

קעגן דעם באַשלוס פון דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ וועגן „אָרגאַניזירטער נקמה" איז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און פּרינציפּיעלער אַנטשידנקייט אַרויסגעטרעטן דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד. וולאַדימיר מעדעם, וועלכער האָט דעמאָלט געלעבט אין אויסלאַנד, דערציילט וועגן זיין אייגענער קעגנערשאַפט צו דער רעזאָלוציע און וועגן דער שטעלונג פונם אויסלענדישן קאָמיטעט: „ער האָט אין גיכן אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעל בלעטל, אין וועלכן מען האָט געוואָרנט פאַר דעם נייעם קורס. פון שטאַנדפּונקט פון

דער פּאַרטיי־דיסציפּלין איז די דאָזיקע אַרויסטרעטונג געווען ניט אין גאַנצן אין אָרדנונג. דער אויסלענדישער קאָמיטעט איז געווען מער ניט אַ פּאַר־טרעטער פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט און ער איז געווען מחויב צו פאָלגן זיינע דירעקטיוון; און דער צענטראַלער קאָמיטעט האָט גוטגעהייסן די רע־זאָלוציע פון דער קאָנפערענץ. די אויסלענדישע חברים האָבן אָבער פאַר־שטאַנען, אַז די רעזאָלוציע איז אָנגענומען אונטער דער ווירקונג פון אַ מאָ־מענט־שטימונג און זיי האָבן גענומען אויף זיך די אחריות אַנטקעגנצושטעלן זיך דער דאָזיקער שטימונג. דער עולם אין רוסלאַנד איז טאַקע געווען זייער ברוגז, אָבער סוף־כל־סוף האָט מען פאַרשטאַנען, אַז די 'לאָנדאָנער' זיינען פּאַרט גערעכט. און אין אַ יאָר אַרום, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון 'בונד', איז די רעזאָלוציע וועגן דער אָרגאַניזירטער נקמה אָפּגערופן געוואָרן איינשטימיק און אָן דעבאַטן"[88].

אין פּאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ, אין אידישען אַרבייטער און אין ספּעציעלע אויסגאַבעס האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט בראש מיט וולאַדימיר קאָ־סאָווסקין (פון זיין פעדער שטאַמען די אַרטיקלען און דערקלערונגען; די אַנדערע מיטגלידער פון אויסלענדישן קאָמיטעט זיינען דעמאָלט געווען: אַרקאַדי קרעמער, דזשאָן מילל, אברהם מוטניק און צמח קאָפּעלזאָן) אַטאַ־קירט דעם באַשלוס פון דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ שאַרף און איבער־צייגנדיק. אָנערקענענדיק די גרויסקייט און העראָאישקייט פון הירש לע־קערטס טאַט, אָפּגעבנדיק אים כבוד פאַר זיין זעלבסטאָפּפער און מסירת־נפש, האָט זיך אָבער דער אויסלענדישער קאָמיטעט געשטעלט קעגן דער טאַקטיק פון אָרגאַניזירטער נקמה.

די רעזאָלוציע וועגן דער דערנידערונגס־טאַקטיק — לייענען מיר אין אַן אָפיציעלער דערקלערונג פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד (דער אידישער אַרבייטער, נומ. 14, אָקטאָבער 1902) — „באַווייזט קלאָר, אַז אין אייניקע קרייזן פון 'בונד' זעט זיך אָן, אויב נישט קיין טעראָריסטישע ריכטונג, דאָך לכל הפחות אַ געוויסע נייגונג צו טעראָר"... „אין עצם איז נישטאָ קיין חילוק צווישן 'אָרגאַניזירטן טעראָר' און 'אָרגאַניזירטער ראַכע'. דער אונטערשייד פון די צילן, צוליב וועלכע די גוואַלט־טאַט איז געשען, ווייזט בלויז באַזונדערע שטופן אין דער אַנטוויקלונג פון טעראָריסטישער טאַקטיק"... „1) אָרגאַני־זירטע ראַכע איז אַ געוויסע פאָרם פון אָרגאַניזירטן טעראָר; 2) אָרגאַניזירטע ראַכע איז בלויז אַ געוויסע שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון דער טעראָריס־טישער טאַקטיק; 3) די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַריינגענומען אין איר פּראָגראַם אַ פּונקט פון אָרגאַניזירטער ראַכע, איז שוין מיט דעם אַליין אַרויפ־געטרעטן אויפן וועג פון אָפּטיילן זיך פון דער מאַסן־באַוועגונג, איבער וועלכן זי וועט מוזן גיין אַלץ ווייטער, מיט גרעסערע אָדער קלענערע שטערונגען ביז פון איר וועט ווערן אַ ריין־טעראָריסטישע גרופּע"...

„די פּאַרטיי קען זיך נישט רעכענען באַליידיקט דורך דעם, וואָס אירע מיטגלידער האָט מען שענדלעך באַהאַנדלט. די פּאַרטיי איז נישט אַן איינפאַכע סומע פון דעם חיבור פון אַלע מיטגלידער, וועלכע גייען אין איר אַריין, נאָר

אַ זעלבסטשטענדיקער אָרגאַניזם, וואָס אַנטוויקלט זיך לויט זיינע אייגענע געזעצן און וואָס שטרעבט צו זיינע באַזונדערע צילן. דעריבער באַשטייט די ערע פון דער פּאַרטיי בלויז אין אַ שטרענגער אָפּהיטונג פון אירע פּרינציפּן און אין אַ שטענדיקער שטרעבונג צו דערפילן די אויפגאַבן, וואָס זי האָט זיך געשטעלט. די ערע פון אַ ניט־קערפּערלעכן אָרגאַניזם, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, קען ניט באַשטיין אין דער זעלביקער זאַך, אין וועלכער עס באַשטייט די ערע פון אַ לעבעדיקער, פילנדיקער און ליידנדיקער פּערזאָן. דעריבער קען די ערע פון דער פּאַרטיי נישט שטעלן איר קיין פאָדערונג, אַז זי זאָל ראַכע נעמען פאַר דער באַליידיקונג פון אירע מיטגלידער. דאָס דאַרפן אַליין טאָן יענע מיטגלידער, וועלכע זיינען געוואָרן באַליידיקט"...

„ענטפערנדיק אויף די גוואַלט־טאַטן פון דער רעגירונג, קען זיך די פּאַרטיי באַנוצן בלויז מיט אַזעלכע מיטלען, וואָס פּאַסן צו איר באַשטימונג — צו פירן דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט".

„אויב מיר, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וויסן אַז אין אַזאַ פאַל, ווי די שינדעריי אין ווילנע, איז דער רעוואָלווער דער איינציקער מיטל צו מאַכן לייכטער די ערשטע אומדערטרעגלעכע ליידן פון דעם פּאַרוואונדעטן געזעלשאַפטלעכן געוויסן, כדי מענטשן זאָלן זיך ניט דערשטיקן אונטער דעם דרוק פון עמפּערונג, ווייסן מיר אָבער אויך, אַז צום קאַמף מיטן צאַריזם אַלס אַ סיסטעם דאַרף מען אַנדערע מיטלען און די דאָזיקע מיטלען האָבן מיר ביי זיך אין די הענט, מיטלען וואָס להיפּוך צום רעוואָלווער, קינזשאַל אָדער דינאַמיט פירן אומפאַרמיידעך צום ציל".

דער אויסלענדישער קאָמיטעט האָט אויך פון פאָרמעלן, אָרגאַניזאַציאָנעל־פּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט מבטל געמאַכט דעם באַטייט פון דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ: דאָס איז ניט געווען קיין צוזאַמענפאָר, וואָס זיינע באַשלוסן זיינען אַ חוב פאַר אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס; אַ קאָנפערענץ איז נאָר אַ באַראַטונג, און אירע רעזאָלוציעס „האָבן נישט קיין געזעצלעכע קראַפט".

אין פעברואַר 1903 איז דערשינען די אויסגאַבע פון בונד אויף רוסיש צו דער פראַגע וועגן טעראָריזם (לאָנדאָן, 53 זייטן). אויך די דאָזיקע בראָשור, ווי די אָפּגעדרוקטע גרעסערע דעקלאַראַציע פונם אויסלענדישן קאָמיטעט, איז אָנגעשריבן דורך וולאַדימיר קאָסאָווסקי. אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג ווערט געגעבן אַ קריטישער אַנאַליז פון די טעאָריעס און לאָזונגען וועגן אָרגאַניזירטן פּאָליטישן טעראָר, וואָס די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָט דעמאָלט ענערגיש געפּרעדיקט און מיט דערפאָלג פּראַקטיצירט. די טעראָריסטישע שטימונגען, בפרט נאָך דעם אַקט פון לעקערטן, האָבן געלאָקט אַ סך יידישע אַרבעטער, און די בראָשור פון וו. קאָסאָווסקי שטרעבט צו באַקעמפן די דאָזיקע שטימונגען, צו ווייזן זייער פּסיכאָלאָגישן גרונט און זייער פּאָליטישע ניט־שטאַנדהאַפטיקייט. וואָס שייך דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ וועגן „אָרגאַניזירטער נקמה", געפינען מיר דאָ אַחוץ די אַלע אויבן־ציטירטע מיינונגען, נאָך אַנדערע טרעפלעכע פאָרמולירונגען און אָנווייזונגען: דער מחבר זעט נישט קיין אונטערשייד צווישן „אָרגאַניזירטער

נקמה״ און „אָרגאַניזירטן טעראָר״ בכלל. „וואָס נוגע די צילן — זאָגט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד אין זיין דערקלערונג — כאַראַקטעריזירן זיי נאָר באַזונדערע פאַזן אין דער אַנטוויקלונג פון דער טעראָר־טאַקטיק. צום אָנהייב ווערן די טעראָריסטישע אַקטן אונטערגענומען בלויז כדי צו באַשטראָפן באַזונדערע רעגירונגס־אַגענטן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייערע גוואַלט־אַקטן, און דאָס ווערט געטון אויס דעם פשוטן געפיל פון נקמה, שפּעטער ווערט דאָס אַ געווער אויף אָפּצושרעקן די רעגירונג, נאָך שפּעטער ווערט עס דער וועג צו דער באַפרייאונג, און לסוף — דער איינציקער מיטל אויף צו דערגרייכן פּאָליטישע צילן. דאָס איז דער 'אימאַנענטער' געזעץ פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער טעראָריסטישער טאַקטיק״.

אמת, די דערקלערונג ווייזט אָן אויף דעם גרויסן אונטערשייד צווישן דער שטעלונג פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און פון דער בונדישער קאָנפערענץ. „בעת די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן רעדן וועגן 'פּאַרטיילן די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט' צווישן דער 'קאַמפס אָרגאַניזאַציע' (ב.אָ.) און דער אייגנטלעכער 'פּאַרטיי', און זיי רעדן וועגן 'טעראָר' ווי וועגן אַ מיטל פון קאַמף און אַ פּראָגראַם־פּונקט, — פאַרנעמט זיך אָבער, פאַרקערט, די בונדישע קאָנפערענץ אין גאַנצן ניט מיט דער פראַגע וועגן 'קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס' און זי פירט דורך אַ פאָרמעלע גרענעץ צווישן נקמה און טעראָר. זי שטייט פעסט אויף דער פּאָזיציע פון פאַרלייקענען דעם אָרגאַניזירטן טעראָר״. און הגם דער אויסלענדישער קאָמיטעט גלויבט אינם כוח פון דעם מאַסן־כאַראַקטער פון דער בונדישער באַוועגונג, וועלכער וועט ניט דערלאָזן צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער טעראָר־טאַקטיק צווישן די יידישע אַרבעטער, דאָך רוקט ער אַרויס אַלע בויטיקע אַרגומענטן קעגן די באַשלוסן פון דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ.

אויך די אָרגאַנען פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (איסקראַ, זאַריאַ, יוזשני ראַבאָטשי) האָבן זיך געהאַלטן ביי דער זעלבער ליניע, ווי דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד. זיי האָבן געוואָרנט קעגן די וואַקלונגען אין דער זייט פון טעראָר. „ווי יעדער אַנדערער מין קאַמף, האָט געשריבן איסקראַ (נומ. 26, 15 אָקט. 1902), האָט דער 'טעראָריזם' זיין אייגענע לאָגיק. ווער עס 'אָנערקענט' טעראָר בלויז ווי אַ גאַנג פון זעלבסטפאַרטיידיקונג אָדער ווי אַ מיטל פון 'נקמה', יענער וועט מאָרגן אָדער איבערמאָרגן אָנהייבן האַלטן אים — ווי קאַרפּאָוויטש אָדער באַלמאַשאָוו — פאַר דעם איינציקן מעגלעכן ביי אונז אופן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. און דעמאָלט מוז מען זיך געזעגענען מיטן סאָציאַליזם״.

אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ גרויסע דיסקוסיע וועגן דער רעזאָלוציע פון דער 5־טער קאָנפערענץ, און דער רוב איז געווען געשטימט קעגן איר. דאָס איז געקומען צום בולטן אויסדרוק אויף דעם 5־טן צוזאַמענפאָר פון בונד, וועלכער איז פאָרגעקומען אין ציריך (שווייץ) אין יוני 1903. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר האָט איינשטימיק באַשלאָסן, אַז די בערדיטשעווער רעזאָלוציע ווערט אַנולירט, און ער דערקלערט די „אָרגאַ־

ניזירטע נקמה אַלס איינע פון די פאָרמען פון טעראָר". דערביי האָט דער צוזאַמענפאָר זיך פאַרופן אויף דער רעזאָלוציע פון 4־טן צוזאַמענפאָר, וועל־כער האָט אָפּגעוואָרפן טעראָר ווי אַ קאַמפּס־מיטל און אָנגעצייכנט די מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף. דער 5־טער צוזאַמענפאָר פון בונד האָט שנעל און ענערגיש געמאַכט אַ סוף צו די וואַקלונגען און נייגונגען אין דער זייט פון טעראָר, און דער איבערלעבער שטרייט אין בונד איז דערמיט געווען פאַרענ־דיקט.

ווי עס דערציילט דער חבר ב. מיכאַלעוויטש, זיינען נאָר „אייניקע מער היציקע אַרבעטער צוליב דעם צוגעשטאַנען צו די ס.ר.־רעוואָלוציאָנערן און געבילדעט אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט יידישע גרופּעס" [84]. אין ריגע האָט זיך צווישן די בונדיסטן אויסגעטיילט אַ גרופּע, וואָס איז צוגע־טרעטן שאַפן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אין די אַר־כיוון פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט מען שפּעטער געפונען אַ באַריכט פון דער זשאַנדאַרמעריע וועגן אַ „פאַרזאַמלונג פון די קאָמיטעט־מיטגלידער, אויף וועלכער עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּראָיעקט פון פּראָגראַם פון דער נייער גרופּע און עס זיינען שוין אָנגעמערקט געוואָרן אייניקע מיטגלי־דער פון איר. בראש פון דער דאָזיקער גרופּע ווערט זיך, וואַרשיינלעך, שטעלן דער מיטגליד פון ריגער אָרגאַניזאַציע פון 'בונד', דער געוועזענער סטודענט פון ריגער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט אברהם בראַון, (שפּעטער באַקאַנטער בונדישער טוער — ה. ש. ק.) וועלכער איז ערשט ניט לאַנג באַפרייט געוואָרן פון טורמע". אינם אַריינפיר צו דער אויסגעאַרבעטער „פּראָגראַם" פון דער דאָזיקער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ווערט געזאָגט: „היות די רעגירונג ווענדט אָן אין דעם איצטיקן מאָמענט אַזעלכע מיטלען, וועלכע זיינען אַפילו ביי אונזער זעלבסטהערשונג־רעזשים שוידערלעך, און רופן דערמיט אַרויס אין דער געזעלשאַפט אַן אויפרעגונג, וועלכע שטרעבט זיך אויסצוגיסן אין דער פאָרם פון אייינצלנע נקמה־אַקטן, וואָס איז פאַרבונדן מיט דורכפאַלן, — אָנערקענען מיר פאַר מער צוועקמעסיק צו אָרגאַניזירן אָט די קרעפטן אין איין גאַנצער גרופּע, אַדאַנק וועלכער עס וועט זיך באַדייטנד פאַרלייכטערן דאָס דורכפירן פון אַזעלכע מיני אַקטן. דערביי געפינען מיר פאַר נייטיק זיך צו באַוואָרענען, אַז מיר באַציען זיך נעגאַטיוו צום טעראָר אַלס מיטל פון באַפרייאונג און אָנערקענען בלויז די 'אָרגאַניזירטע נקמה' אין אויסער־געוויינטלעכע פאַלן פון גוואַלט און דערקלערן, אַז אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָט דער גרופּע וועלן נאָר קענען נעמען באַוואוסטזיניקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די דאָזיקע גרופּע שטייט ניט אין סתירה מיט די גרונט־פּרינציפּן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" [85].

ווי די גאַנצע באַוועגונג, אַזוי האָט אויך די ריגער גרופּע ניט באַוויזן צו אַנטוויקלען אַ טעטיקייט אין גייסט פון דער בערדיטשעווער רעזאָלוציע, ווייל באַלד איז געקומען דער 5־טער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אַנולירט די גאַנצע נקמה־רעזאָלוציע.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד האָט וועגן דער טאַט פון הירש

לעקערט אַנטוויקלט אַ קאָלאָסאַלע טעטיקייט פון אויפקלערונג און פּראָטעסט אין גאַנץ מערב־אייראָפּע. אין בערלין, היידעלבערג, מאַנהיים, מינכען, קאַרלס־רו, לייפּציג, דאַרמשטאַט, פרייבורג, זשענעווע, לאָזאַן, בערן, ציריך, פּאַריז, ליאָן, מאַרסייל, רוים, מילאַן און אַנדערע ערטער זיינען דורכגעפירט געוואָרן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן דער צאַרישער רעגירונג. דער סאָציאַליס־טישער אינטערנאַציאָנאַל האָט אין יוני 1902 זיך געווענדעט צו אַלע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, זיי זאָלן רופן פּראָטעסט־מיטינגען און פאַראורטיילן די באַרבאַרישע מעטאָדן וואָס די צאַרישע רעגירונג ווענדט אָן לגבי די אָנ־טיילנעמער אין די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס און די פּאָליטישע אַרעסטיר־טע. אין בערלין זיינען אויפן פּראָטעסט־מיטינג פון דער דייטשער ס.ד. געווען 3 טויזנט מאַן און פּאָליציי האָט אים צעטריבן נאָך אַ שאַרפער רעדע פון דעפּוטאַט לעדעבור.

⁂

הירש לעקערט איז נישט געווען דער איינציקער יידישער אַרבעטער, וואָס האָט מיט זיין לעבן באַצאָלט אין קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט, אין קאַמף קעגן דערנידערונג און אונטערדריקונג. צוויי פון זיי, וועמענס טויט ס׳האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג, וועלן מיר דאָ דערמאָנען.

איינער פון די ערשטע בונדיסטן, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די צאַרישע רוצחים, איז געווען דער וויטעבסקער אַרבעטער מענדל קיווענסאָן. צוליב זיין אָנטייל אין דער בונדישער באַוועגונג האָט מען אים אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט אונטער פּאָליציי־השגחה קיין וועליזש. ער האָט זיך אָבער אָן אַ דערלויבעניש אומגעקערט קיין וויטעבסק, וואו אַ יידישער פּאָליציי־אַגענט — יאַשקע פּאַדוואַראַטניק האָט מען אים גערופן — האָט מענדלען אַרעסטירט. אין פּאָליציי־צירקל האָט מען דעם אַרעסטירטן דערשלאָגן צום טויט. געווען איז דאָס דעם 30־טן יוני 1899. כדי צו פאַרמאַסקירן דעם מאָרד, האָט אים די פּאָליציי אויפגעהאָנגען אין קאַמער.

אין שטאָט זיינען צוליב דעם פּאַרגעקומען שטורמישע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע אַרבעטער. בעת דער לוויה זיינען פּאַרגעקומען געשלעגן מיט פּאָליציי, וואָס האָט אַרויסגערופן צו הילף צוויי ראָטעס מיליטער. דאָס איז געווען אַ שטורמישע לוויה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן 10 אַזייגער ביינאַכט און זיך געענדיקט 5 פאַרטאָג. מיט אַ וואָך שפּעטער איז פון קי־ווענסאָנס קבר אַוועק אַ דעמאָנסטראַציע פון פינף הונדערט מאַן איבער די גאַסן פון שטאָט. די שטימונג ביי די דעמאָנסטראַנטן איז געווען אַזאַ דע־צידירטע, אַז די פּאָליציי האָט נישט געוואַגט די דעמאָנסטראַציע צו צע־טרייבן.

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט אַן ענלעכער פּאָליצייאישער מאָרד אין דער שטאָט לאָדזש. אין מאַי 1901 האָט אַ בעקעריי־אייגנטימער געמסרט זיינעם אַן אַרבעטער — דעם 20־יאָריקן יעקב לייזער פּאַקולאַ. מ׳האָט אים אַרעסטירט און עטלעכע טעג געפּייניקט און געקאַטעוועט אין פּאָליציי־

צירקל. אַ געזונטער און דרייסטער, האָט ער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. סוף־כל־סוף האָבן די פּאָליצייאישע רוצחים אים דערשלאָגן צום טויט. די פּאָליציי האָט צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל, אַז פּאַקולאַ איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד האָט באַלד אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן אויפרוף קעגן דער מעשה־נורא. דערביי איז דערציילט געוואָרן, אַז אונטער דער באַגלייטונג פון פּאָליציי און קאָזאַקן איז ביינאַכט געהיים דורכגעפירט געוואָרן די לוויה אָן וויסן פון פאָטער און מיט דער דערלויבעניש פון רב. אויך די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעגעבן אויפרופן וועגן מאָרד. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט אין דער אויסלענדישער פּרעסע פאַרעפנטלעכט אַן אָפענעם בריוו צו דער צאַרישער מאַכט און אויף אַזאַ אופן האָט דער פּאָליצייאישער מאָרד געפונען אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער וועלט. די רוסישע רעגירונג־מאַכט האָט דעריבער געהאַלטן פאַר נויטיק אין איר אָפיציאַז וואַרשאַווסקי דניעווניק אָפּצודרוקן אַ דערקלערונג וועגן דעם ענין. זי האָט אונטערגעהאַלטן דעם נוסח, אַז פּאַקולאַ האָט זיך אויפגעהאָנגען. דאָס געריכט האָט פאַראָרדנט אַרויסצונעמען דעם מת פון קבר, כדי דורכצופירן אַ מעדיציניש אויספאָרשונג. הגם אויפן גוף זיינען געווען סימנים פון קלעפּ און פון מויל האָט מען אַרויסגענומען אַ צעקנייטשטע שמאַטע, האָט דאָך די אָפיציעלע דאָקטוירים־קאָמיסיע באַשטעטיקט, אַז דאָס איז געווען אַ זעלבסטמאָרד. דער פאָטער סענדער פּאַקולאַ, וועלכער האָט דורכן אָנקלאָגן די פּאָליציי אין געריכט גורם געווען די עקסהומאַציע, האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם נוסח פון אָפיציעלן פּראָטאָקאָל און ווייטער געפאָדערט גערעכטיקייט פאַרן לעבן פון זיין זון. פאַר דער „חוצפּה" האָט מען דעם אומגליקלעכן פאָטער פאַרמשפּט צו באַצאָלן 50 רובל שטראָף און אַרויסגעשיקט צו ווערן פון זיין געבורט־שטאָט לאָדזש.

***

אין גיכן איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געשטעלט געוואָרן פאַר נייע שווערע נסיונות. מיטן וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אויך געוואַקסן די צאָל אַרעסטירטע און פאַרשיקטע אין סיביר. אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג פאַר די פירער פון דער צאַרישער מלוכה. „אין פּלעוועס זשאַנדאַרמישן מוח איז רייף געוואָרן אַ טייוולאָנישער פּלאַן: דעם פאָלקס־צאָרן אָפּלענקען אויף די ׳פּרעמדפעלקערדיקע׳ (׳אינאָראָדצעס׳), און קאָמ־פּראָמיטירן די רוסישע פרייהייט־באַוועגונג ווי אַ יידישן ענין, וואָס איז דעם רוסישן פאָלק פרעמד. צו דעם צוועק האָט מען באַדאַרפט אַראָפּנעמען די צוים, וואָס די רעגירונג האָט אַמאָל אָנגעשטעלט קעגן אַנטי־יידישע פּאָ־גראָמען, און לאָזן די יידן־פיינט אַ מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן ערגעץ־וואו אַן ׳ערנסטן׳ בלוטיקן פּאָגראָם. ׳דערטרינקען די רעוואָלוציע אין יידיש בלוט׳ — דאָס איז געווען די פאָרמול פונם שרעקלעכן געדאַנק. און פון 1903 אָן פלעגן זי ניקאָלאַי דעם 2־טנס זשאַנדאַרמען דורכפירן אַלע מאָל, ווען די רוסישע באַפריי־באַוועגונג האָט זיך שטאַרק געהויבן"[86].

דער ערשטער בלוטיקער פּאָגראָם אויף אַ גרויסן פאַרנעם אין הײנטיקן יאָרהונדערט איז דורכגעפירט געוואָרן פּסח 1903 אין קישינעװ. אָבער שוין אויגוסט 1902 האָט די צאַרישע רעגירונג געמאַכט אַ „רעפּעטיציע" פון אַזאַ פּאָגראָם. אויסגעקליבן האָט זי צו דעם צוועק די פינצטערע נעסט פון קאַטוילישן פאַנאַטיזם און יידנהאַס, די שטאָט טשענסטאָכאָװ. אין דער אַרבייטער שטימע, נומער 29 (סעפּטעמבער 1902) איז פאַראַן אַן אַרטיקל וועגן פּאָגראָם. אין נומ. 30 (אָקטאָבער 1902) איז אָפּגעדרוקט אַ בריוו פון טשענסטאָכאָװ [87]). נאָך מיט דריי טעג פריער, דעם 8־טן אויגוסט נ. ס. האָבן דער פּאָליצמייסטער און דער פּרעזידענט פון דער שטאָט געוואָרנט די יידן (נישט אָפיציעל), אַז עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם. דעם 11־טן בײטאָג האָבן אַרבעטער און ייִנגלעך אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אין יידישע געוועלבער — און דאָס איז געווען דער סיגנאַל צום ווייטערדיקן פּאָגראָם. פון די יידישע גאַסן האָט נאָר איינע ניט געליטן — די טאַרגאָווע, „וואו די יידישע קצבים האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלן אַוועקלייגן אויפן אָרט יעדערן ווער עס וועט זיך דערוועגן צו ראַבעווען". (אַ. ש. נומ. 30).

דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן צוליב אַ קליינער קריגעריי, אָבער פאַרוואַנדלט האָט עס זיך אין אַן אמתן פּאָגראָם, וועלכער האָט זיך איינגעשטילט ערשט נאָך דעם, ווי מיליטער האָט געשאָסן אויפן המון און ס'זיינען געפאַלן 2 טויטע און עטלעכע פאַרוואונדעטע.

דערקלערנדיק די סיבות און דעם כאַראַקטער פון פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָװ, רעדט אַרום די אַרבייטער שטימע די ראָל פון דער רעגירונג און אירע אַגענטן אין אָרגאַניזירן און דורכפירן אַנטי־יידישע פּאָגראָמען. דער אַרטיקל פאַרענדיקט זיך אַזוי: „מיר דאַרפן אָנווענדן אַלץ, וואָס מיר זיינען אימשטאַנד, כדי צו פאַרשפּרייטן צווישן די אומוויסנדע קריסטלעכע מאַסן די אידייען פון אַלגעמיינער באַפרייאונג, די אידייען פון סאָציאַליזם. דאָס וועט פון אונזערע הײנטיקע פיינט מאַכן אונזערע פריינט און באַשאַפן אונז מיטקעמפער פאַר אונזער אידעאַל. קעגן דער רוסישער רעגירונג, וועלכע שטייט אונז שטענדיק אין וועג, מוזן מיר פירן אַן אומאויפהערלעכן קאַמף, כדי זי אין גאַנצן צו פאַרניכטן. דאָס דאַרפן מיר טאָן שטענדיק, טאָג־טעגלעך. וואָס דאַרפן מיר טאָן אין דער צייט פון פּאָגראָם גופא? דאָן, וועלן מיר ענטפערן, דאַרפן מיר זיך פירן ווי מענטשן מיט מענטשנווירדע. קיין געוואַלט, פון וועמען ער זאָל ניט שטאַמען, טאָרן מיר ניט פאַרשווייגן. ווען מען באַפאַלט אונז, מען שלאָגט און מען גזלט אונז, וואָלט געווען אַ פאַרברעך פון אונזער זייט אָנצונעמען דאָס אַן אַ ווידערשטאַנד: אין אַזוינע פאַלן מוזן מיר אַרויסטרעטן מיט געווער אין האַנט, אָרגאַניזירן זיך און שטרייטן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. נאָר ווען מיר וועלן אַרויסווייזן אַ קראַפט, וועלן מיר צווינגען יעדן איינציקן צו אַכטן אונזער ערע" (אַ. ש. נומ. 29).

פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַרן בונד האָט זיך געשטעלט אַ נייע שווערע אויפגאַבע: פאַרטיידיקן דעם כבוד פון יידישן פאָלק,




פון די בונדישע אונטערערדישע דרוקערייען זיינען אַרויס זייער פיל רעוואָלוציאָנערע אויפרופן. עטלעכע מוסטערן: 1) אָנהייב און סוף פון אַן אויפרוף צום 1־טן מאַי 1901 (צ. ק. פון בונד), 2) פון די סאַמע ערשטע בונדישע אויפרופן — פון ווילנער־קאָמיטעט, 12־טן נאָוועמבער 1897.

**Россійская Соціаль-Демократическая Рабочая Партія.**

ОТ *ЦЕНТРАЛЬНАГО КОМИТЕТА*

**Всеобщаго Еврейскаго Рабочаго Союза в Литвѣ, Польшѣ и Россіи.**

# ВОЗЗВАНІЕ

## К ЕВРЕЙСКОМУ ОБЩЕСТВУ.

[ПО ПОВОДУ ПОСЛѢДНИХ ОГРАНИЧЕНІЙ ПРАВА ОБРАЗОВАНІЯ ЕВРЕЕВ]

Свобода учиться, свобода развивать всесторонне свои духовныя силы, свобода родителей воспитать из своих дѣтей сознательных людей, — это ли не право каждаго члена цивилизованнаго общества! У ... но не в царской Россіи. У нас самодержавіе все берет „под ... его стремится создать дл... знает, что ученіе — св... о старется всячески ... ная гуситт сѣтью огр... в среднюю и высшую ... се уniко. И живет нар... и суевѣрій. Зато, как ... ный проиэвол, счита...

Но к... гом отношеніи поста... ваются всѣ общія огр... я. специально для на... сев, против их стрем... нов. Сколько горя, ... кому интеллигентно... ые дни царствованія ... семитизма и всяких г... ев в средніи и высші... до XX вѣка и блестя... и антисеми...

## Od Centralnego Komitetu

### Ogólno-żydowskiego Związku Robotniczego na Litwie, w Polsce i Rosji

# Odezwa

## Do polskich towarzyszy-robotników.

Towarzysze! Po raz pierwszy my, zorganizowani żydowscy robotnicy-socjaldemokraci, zwracamy się do Was z odezwą, w imieniu naszego Związku. Niezwykłe to u nas zdarzenie! Ale niezwykłym również jest i fakt, który do tego nas zmusza.

Wy wszyscy, towarzysze, doskonale wiecie, jak okrutnie car rosyjski obchodzi się z nami rewolucjonistami, z wszystkimi tymi, co, chcąc być ludźmi, wystąpili do walki o swe prawa ludzkie, o swobodę polityczną, — do walki z wyzyskiem kapitału i z wszelkiego rodzaju niesprawiedliwością! Więzienie, zesłanie, nahajka, kula, wyniszczenie bezwzględne — oto odpowiedź dla nas carskiego rządu! O wszystkiem tem, towarzysze, wiecie bardzo dobrze, gdyż na wszystko to wystawieni jesteście na równi z nami, żydowskimi robotnikami, jak tylko zaczynacie walczyć o lepsze życie.

Lecz my, żydzi i polacy, wystawieni jesteśmy jeszcze na takie prześladowania, o których pojęcia nie mają nasi towarzysze rosyjscy. My, podobnie do Was, należymy do narodowości, szczególnie znienawidzonej przez rząd rosyjski, i on nas w dwójnasób dusi i uciska, poniża i hańbi. Tem silniejszem jest nasze gorące dążenie do wyzwolenia się z pod tego rządu i do zrobienia miejsca dla wolnej ...

— **Россійская Соціаль-Демократическая Рабочая Партія.** —

КО ВСѢМЪ РАБОЧИМЪ РОССІИ.

Товарищи! Наступаетъ день 1-го мая (по русскому стилю 18-ое апрѣля). Въ этотъ день передъ лицомъ всѣхъ хищниковъ, эксплуатирующихъ нашъ трудъ, рабочіе всего міра провозглашаютъ: да здравствуетъ 8-ми часовый рабочій день! Мы требуемъ его, чтобы сдѣлать свою жизнь болѣе человѣческой, чтобы отградить свои силы отъ полнаго истощенія, чтобы уменьшить число безработныхъ, которые сбиваютъ намъ плату, чтобы получить возможность умствен-

справится вооруженная сила, но противъ десятковъ тысячъ будетъ царское воинство.

Приходите же всѣ поддержать требованія Россійской Соціаль-Демократической Рабочей Партіи!

Да здравствуетъ Россійская соціаль-демократія!

[Да з]дравствуетъ 8-ми часовый рабочій день!

Да здравствуетъ политическая свобода!

Долой царское самодержавіе!

Конференція представителей комитетовъ и организацій Р. С. Д. Р. П.:
С. Петербургскаго Комитета (Союза борьбы),
Центральнаго Комитета Бунда,
Союза южныхъ комитетовъ и организацій,
Организаціи „Искра“,
Союза русскихъ соціаль-демократовъ заграницей
и заграничнаго комитета „Бунда“.

Апрѣль 1902 г.

Типографія „Бунда“.

רעוואָלוציאָנערע אויפרופן: 1) פון צ. ק. פון בונד — וועגן די בילדונג־באַגרענעצונגען פאַר יידן (1901) צו די פוילישע אַרבעטער וועגן שמייסן דעמאָנסטראַנטן אין ווילנע (1902); 2) אָנהייב און סוף פון אויפרוף צום 1־טן מאַי 1902, לויט אַ באַשלוס פון דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ פון ר.ס.ד.אַ.פּ..

פאַרהיטן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די יידישע מאַסן. דער בונד האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שאַפן שטענדיקע קאַדרען פון באַוואָפנטער זעלבסטשוץ און אַריינציען אין זיי אויך די ניט־בונדישע יוגנט. ער האָט אויך געשטרעבט צו פאַרבינדן די זעלבסטשוץ־באַוועגונג מיט דער אַלגע־מיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַ נייע גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט זיך געלייגט אויף די פּלייצעס פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

# 12. די בונדישע אומלעגאַלע פּרעסע און ליטעראַטור

אין די פאַריקע קאַפּיטלעך זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן די צענטראַלע און טייל לאָקאַלע פּרעסע־אָרגאַנען פון בונד. ביז סוף 1900 זיינען דערשינען 20 נומערן פון צענטראַל־אָרגאַן די אַרבייטער שטימע און צוויי ביילאַגעס צו איר (נומ. 7 און 8); 10 נומערן פונם אויסלענדישן אָרגאַן פון בונד — דער אידישער אַרבייטער. אינם ווייטערדיקן פּעריאָד ביז סוף 1902 זיינען אַרויס נייע 10 נומערן די אַרבייטער שטימע, אין דורכשניט 2 טויזנט עק־זעמפּלאַרן פון אַ נומער. (די ערשטע נומערן ביז 800 עקז., שפּעטער 1,500; 1902 — שוין 2,500, מאַי־נומערן פון 3 ביז 5 טויזנט). פאַר דער צייט זיינען אויך אַרויס 4 נומערן דער אידישער אַרבייטער (1,500 עקז. אַ נומער).

ביז סוף 1902 איז אויך דערשינען אַ היפּשע צאָל לאָקאַלע אויסגאַבעס: וואַרשעווער אַרבייטער (9 נומערן); ביאַליסטאָקער אַרבייטער (7 נומערן) און 2 נומערן פלוגבלאַט צו אים; 6 נומערן קלאַסן־קאַמף (אָרגאַן פון ווילנער קאָמיטעט) און 1 נומער ווילנער פלוגבלאַט; אייניקייט (אָרגאַן פון מינסקער קאָמיטעט); מינסקער אַרבייטער (4 נומערן); דער וועקער, 10 נומערן (אָרגאַן פון בערשטער־בונד); קאַמף (אָרגאַן פון האָמלער קאָמיטעט) 3 נומערן; 2 נו־מערן פרייהייטס־גלאָק (לאָדזש); דער אַרבייטער (פאָניעוועזש, 1 נומ.).

אין די יאָרן 1901־1902 זיינען נאָך דערשינען אַ צאָל אַרטיקע פלוג־בלעטער: מינסקער פלוגבלאַט, ווילנער פלוגבלאַט, לאָדזער פלוגבלאַט, דווינסקער פלוגבלאַט, קאָוונער פלוגבלאַט, פינסקער פלוגבלאַט, גראָדנער פאַבריקבלעטל.

אַחוץ דעם אויסלענדישן אָרגאַן דער אידישער אַרבייטער און אַ פּאָר איינצלנע נומערן פון אַנדערע אויסגאַבעס, האָבן אַלע צייטונגען זיך געדרוקט אין רוסלאַנד, אין די אומלעגאַלע דרוקערייען פון בונד. פון דער גרינדונג פון בונד ביז סעפּטעמבער 1900 זיינען אַרויס 74 פּראָקלאַמאַציעס אין 74,750 עקז., פון זיי — 18 מאַי־פּראָקלאַמאַציעס (אַלע פּראָקלאַמאַציעס געדרוקט אין די געהיימע דרוקערייען אין רוסלאַנד). פאַרן זעלבן פּעריאָד זיינען אַרויס 22 בראָשורן אין 66 טויזנט עקז., פון זיי 8 אַרויסגעגעבן אין רוסלאַנד (14 טויזנט עקז.), די אַנדערע אין אויסלאַנד. פון די בראָשורן האָט מען אין רוסלאַנד פאַרשפּרייט 34 טויזנט עקז.. חוץ דעם האָט מען אַריינגעבראַכט 3,000 בראָשורן פון אַמעריקע. צוזאַמען האָט מען ביז סעפּטעמבער 1900

פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד צייטונגען און בראָשורן אין יידיש 82 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער בונד האָט איבערגעפירט פון אויסלאַנד און צוגעשטעלט די אָרטיקע קאָמיטעטן 5 פוד שריפט און 100 פוד אומלעגאַלע ליטעראַטור (200 טויזנט בויגן). אין דורכשניט האָט דער בונדישער טראַנספּאָרט, וואָס איז געוואָרן געשמוגלט איבער דער גרענעץ, באַטראָפן בערך 4 פוד אַ חודש.

די פאַרלעגערישע טעטיקייט פון בונד איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַוועגונג. פון אַפּריל 1901 ביז יוני 1903 זיינען אַחוץ דעם צענטראַל־אָרגאַן די אַרבייטער שטימע אויך אַרויס 32 צייטונגען און פלוג־בלעטלעך פון אָרטיקן כאַראַקטער (40,650 עקז.). בראָשורן זיינען אין רוסלאַנד דערשינען 5: דריי אויף יידיש — 5,500 עקז., 2 אויף רוסיש — 4,400 עקז., פּראָקלאַמאַציעס זיינען אַרויס: 83 אָרטיקע (143,150 עקז.), פון צענטראַל־קאָמיטעט — 9 אין 31,800 עקז..

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד האָט פאַר דעם פעריאָד אַרויס־געגעבן אַחוץ עטלעכע נומערן דער אידישער אַרבייטער, 130 נומערן פון רוסישן בלאַט פּאָסליעדניאַ איזוויעסטיאַ, 27 בראָשורן אויף יידיש, 6 אויף פּויליש, 8 אויף רוסיש[88]).

די יידישע בראָשורן, וואָס דער בונד האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן, האָבן אַן אינטערעס נישט בלויז ווי סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטע־ראַטור, נאָר אויך ווי עדות וועגן דעם ביישטייער פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג צום שאַפן פון אַ ליטעראַטור אין יידיש. ביז יולי 1904 האָט דער בונד אַרויסגעגעבן 73 בראָשורן אין דער יידישער שפּראַך, אַחוץ צענטליקער בראָשורן אין רוסיש און פּויליש. אָט איז אַ רשימה פון די יידי־שע בראָשורן:

1. דער סטרייק פון שקר.
2. דער צירקולאַר פון אינערן־מיניסטער.
3. אַ בראָשור צום ערשטן מאַי.
4. אַ חלום ערב יום־טוב דעם ערשטן מאַי.
5. מאַניפעסט פון רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי.
6. דער יידישער בערשטער אַרבעטער־בונד אין פּוילן און ליטע.
7. די מערץ־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.
8. די מלחמה פון דער פּ.פּ.ס. קעגן דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילן.
9. דער פערטער צוזאַמענפאָר פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד.
10. דער מאַניפעסט פון אַלגעמיינעם סאָצ. דעמ. פעדעראַטיוון גאַרבער־בונד.
11. הירש לעקערט און זיין פּראָצעס.
12. דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג פון דעם סאָצ. דעמ. פעדעראַטיוון גאַרבער־בונד.
13. דער שטאָט־מגיד.

14. פערדינאַנד לאַסאַל: דער עיקר פון דער קאָנסטיטוציע.
15. דער אַרבעטס־טאָג.
16. ווי האָבן די בעלגישע אַרבעטער געשטריטן פאַר פרייהייט.
17. פאַרן זון־אויפגאַנג.
18. אַ מעשה פון פיר ברידער.
19. ציוניזם אָדער סאָציאַליזם.
20. קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס: דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט.
21. וואָס יעדער אַרבעטער דאַרף וויסן און געדענקען.
22. וואָס ווילן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד?
23. די שכירות.
24. הגדה של פסח (על פי נוסח חדש).
25. די נייע עפּאָכע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.
26. אין קאַמף.
27. שמעון דיקשטיין: פון וואָס איינער לעבט.
28. די געשיכטע פון די ענגלישע אַרבעטער־בונדן.
29. די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פוילן.
30. פרייהייט (רעוואָלוציאָנערע לידער).
31. דער עיקר פון סאָציאַליזם.
32. „פאַריאַ" אונטער די פּראָלעטאַריער.
33. אין אַ פינצטערער נאַכט.
34 דאָס איינגעמען פון דער באַסטיליע.
35. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג און די נאַכט פון פערטן אויגוסט.
36. קאַרל קאַוטסקי: די קאָנסום־געזעלשאַפטן.
37. אַ הספד אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס קבר.
38. קלאַרא צעטקין: די אַרבעטאָרין־ און פרויען־פראַגע אין דער קעגנוואַרט.
39. דער סך־הכל פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.
40. ווי די כינעזער האָבן באָמבאַרדירט בלאַגאָוועשטשענסק.
41. סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ.
42. דער רוסישער וועבער פעטער אַלעקסעיעוו.
43. אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו.
44. אַנדריי איוואַנאָוויטש זשעליאַבאָוו.
45. ניקאָלאַי איוואַנאָוויטש קיבאַלטשיטש.
46. פערדינאַנד לאַסאַל: דאָס אַרבעטער־פּראָגראַם.
47. דער צעשטערטער פעלזן־בלאָק.
48. סטעפאַן כאַלטורין.
49. קאַרל קאַוטסקי: די סאָציאַלע רעפאָרם און די סאָציאַלע רעוואָלוציע.
50. קאַרל קאַוטסקי: אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

51. קאַרל קאַוטסקי: דאָס ערפורטער פּראָגראַם.
52. דער פּראָיעקט פון מיניסטער וויטע וועגן סטרייקן און אַרבעטער־בונדן.
53. צו דער געשיכטע פון דער בעלגישער אַרבעטער־באַוועגונג.
54. פּ. עזי: צדקה (דערציילונג).
55. ד. פּ.: אין משוגעים־הויז.
56. מ. א.: רעליגיע און קלאַסן־קעגנזאַצן.
57. די קישינעווער הריגה (מאַטעריאַלן און דאָקומענטן).
58. אויטאָנאָמיע אָדער פעדעראַציע?
59. לנו: דער ציוניזם.
60. די רויטע פאָן (לידער און פּראָזע).
61. ווילהעלם ליבקנעכט: די שפּינען און די פליגן.
62. קאַרל קאַוטסקי: קלאַסן־אינטערעס, באַזונדער אינטערעס, כלל־אינטערעס.
63. די כשרע אַרבעטער־באַוועגונג אָדער די „לעגאַליזאַציע".
64. די טעטיקייט פון „בונד" פאַר די לעצטע 2 יאָר.
65. די רעזאָלוציע פון 5־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד" וועגן דער לאַגע פון „בונד" אין דער פּאַרטיי.
66. דער 2־טער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי.
67. באַריכט פון דער דעלעגאַציע פון „בונד".
68. דער 5־טער צוזאַמענפאָר פון „בונד".
69. סינאַני (ש. אַנסקי): די אונטערטעניקע (אַ דראַמע אין 1 אַקט).
70. ג. פּלעכאַנאָוו: דער רוסישער אַרבעטער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.
71. פּאָול לאַפאַרג: די רעליגיע פון קאַפּיטאַל.
72. פרידריך ענגעלס.
73. פּאָול לאַפאַרג: קאַרל מאַרקס (פּערזענלעכע דעראינערונגען).

(די נעמען פון די בראַשורן זיינען דאָ געגעבן מיט מאָדערנעם אויסלייג).

פון דער רשימה זיינען 15 בראָשורן געווען געדרוקט אין די בונדישע אונטערערדישע דרוקערייען אין רוסלאַנד, די אַנדערע האָט מען געדרוקט אין דער בונדישער דרוקעריי אין אויסלאַנד און געשמוגלט איבער דער גרענעץ קיין רוסלאַנד. אַ היפּשע צאָל פון די אויסגערעכנטע אויסגאַבעס זיינען דערשינען אין צוויי־דריי און אַפילו מער אויפלאַגעס.

קיין לעגאַלע יידישע טאָג־צייטונג, קיין לעגאַלע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אויף יידיש איז אין רוסלאַנד ניט געווען בנמצא. די באַדערפעניש פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַן ערנסטן סאָציאַליסטישן וואָרט און אין וויסנשאַפטלעכע מאַרקסיסטישע ווערק איז כסדר געוואַקסן. ס'איז אויך געוואַקסן די צאָל לייענער צווישן די יידישע מאַסאָווע אַרבעטער — די באַוועגונג האָט אין זיי אויפגעוועקט נייע גייסטיקע פאַראינטערעסירונגען.

די ליטעראַריש־פּאַרלעגערישע טעטיקייט פון בונד האָט מחמת דעם געהאַט ניט בלויז אַ ריין־פּאַרטייאישן ווערט, נאָר אַ ברייטן נאַציאָנאַלן קולטורעלן באַטייט. דער בונד האָט מאָביליזירט צו דער ליטעראַרישער אַרבעט אַ צאָל אינטעליגענטן.

באַזונדערס גרויס איז געווען די ראָל פון דער פאַרצוויגטער בונדישער פּרעסע. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן בלויז אויף די צווייי צענטראַלע אָרגאַנען.

דער אידישער אַרבייטער האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ טעאָרעטישן אָרגאַן. ער האָט געגעבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען וועגן דער טעאָריע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און אָפּהאַנדלונגען פון רוסישן און יידישן לעבן בפרט. אין אַ גרויסער מאָס איז דער זשורנאַל געווען מער צוגעפּאַסט צו די לייענער פון דער אינטעליגענץ. מיר וועלן דאָ אויסרעכענען אַ טייל וויכטיקע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען פאַר די יאָרן 1896 — 1904 געווען געדרוקט אין דעם אויסלענדישן אָרגאַן פון בונד — דער אידישער אַרבייטער:

אין נומער 1, דעצעמבער 1896 — צו די לעזער (אַ גרויס פּראָגראַמאַטיש אַרטיקל וועגן דער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער און זייערע אויפגאַבן).

אין נומער 6, מערץ 1899 — ציוניזם אָדער סאָציאַליזם ? (מחבר בן־אהוד, פּסעוודאָנים פון דר. ח. זשיטלאָווסקי).

אין נום. 7, אויגוסט 1899 — אַ בריוו פון פרידריך ענגעלס וועגן אַנטי־סעמיטיזם.

אין נום. 8, דעצעמבער 1899 — דער קאַמף פון די נאַציאָנען אין עסטרייך (קאַרל קאַוטסקי); דער סאָציאַליזם אין פּוילן (ראָזאַ לוקסעמבורג) ; די דרייפוס־געשיכטע (ב. קריטשעווסקי).

אין נום. 9, 1900 — באַריכט פון דריטן צוזאַמענפאָר פון בונד; די נייע עפּאָכע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג (ל. מאַרטאָוו) ; דער קריג אין דרום־אַפריקע (קאַרל קאַוטסקי).

אין נום. 10, 1900 — דער אינטערנאַציאָנאַל ; באַריכט פון בונד אין ביאַליסטאָק צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון וועבער און שפּינער אין בערלין ; דער אָנפאַנג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע (אַן אַלטער באַקאַנטער — פּסעוודאָנים פון יצחק מרדכי פּסחזאָן) ; די אויפגאַבן פון 20־טן יאָרהונדערט (א. בעבעל): באַריכטן פון בונד אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, מינסק צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז.

אין נום. 11, 1901 — דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין פּאַריז 1900 ; באַריכטן פון בונד אין ווילנע, לאָדזש, האָמעל צום אינט. סאָצ. קאָנגרעס אין פּאַריז ; נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם (פּ. אויסטערליץ) ; דער ציוניזם און די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט (ג. קויפמאַן) ; דיסקוסיע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע (רבי קרוב —

פסעוודאָנים פון אינזשיניער י. בלומשטיין, איש־תקוה, פסעוו. פון דר. ב. האָפמאַן — צביון).

אין נומ. 12, 1901 — די נייע באַוועגונג אין רוסלאַנד (קאַרל קאַוטסקי); די רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג אין די לעצטע 4 יאָר; פּאָלקס־בילדונג און די צאַרישע רעגירונג (ל—קא, פסעוודאָנים פון לעאָן בערנשטיין); דיסקוסיע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע (מאַקס צעטערבוים און אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע — דער אידישער אַרבייטער); העשע העלפמאַן (ק. האפט); באַריכט פון פערטן צוזאַמענפאָר פון בונד.

אין נומ. 13, פעברואַר 1902 — נאָך אַ מאָל דער סאָציאַליזם און דער פּאָליטישער קאַמף (אין שייכות מיט אַרקאַדי קרעמערס בראָשור וועגן אַגיטאַציע — ג. פלעכאַנאָוו); דיסקוסיע וועגן אומאָפּהענגיקייט פון פוילן (ראָזאַ לוקסעמבורג).

אין נומ. 14, אָקטאָבער 1902 — די לעגאַלע פאַרמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד; דיסקוסיע וועגן אומאָפּהענגיקייט פון פוילן (קאַרל קאַוטסקי); די ציוניסטישע דעמאָקראַטישע פראַקציע; באַריכט פון דער פינפטער קאָנפערענץ פון בונד און דערקלערונג פון אויסלענדישן קאָמיטעט.

אין נומ. 15, יוני 1904 — די מלחמה און די רעוואָלוציע (פּאַרוואוס); נאַציאָנאַליטעט און אַסימילאַציע; צו דער פראַגע וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

אין נומ. 16, אויגוסט 1904 — דער קריזיס אין רוסלאַנד; נאַציאָנאַליטעט און אַסימילאַציע.

אין נומ. 17, נאָוועמבער 1904 — פערדינאַנד לאַסאַל און דער אַלגעמיינער דייטשער אַרבעטער־פאַראיין (א. ניעמאַנסקי, פסעוו. פון סענדער זעלדאָוו); די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פראַגע (ווינניצקי — פסעוו. פון וולאַדימיר מעדעם); די רעגירונג און דער מיניסטעריעלער סאָציאַליזם אין פראַנקרייך (ל—קא); בריוו פון רוסיש־פוילן (מאַזאָוועצקי — פסעוו. פון לודוויק קולטשיצקי).

אַחוץ דעם אַ צאָל אַקטועלע אַרטיקלען און פיל באַריכטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און אַנדערע לענדער.

די אַרבייטער שטימע האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָליטישן קאַמפּס־אָרגאַן. איר אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווידמעט דער לאַגע און דעם קאַמף פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט בכלל און פון יידישן בפרט. די אַרבייטער שטימע האָט באַלויכטן די פּראָבלעמען און מעטאָדן פונם דאָזיקן קאַמף, האָט אַוועקגעשטעלט און פאַרענטפערט די פראַגן פון דער פּראַקטיק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; זי האָט זיך פאַרנומען מיט שאַרפער קריטיק פון דער עקזיסטירנדיקער פּאָליטישער אָרדנונג אין רוסלאַנד און רעאַגירט אויף די פירונגען און האַנדלונגען פון דער צאַרישער רעגירונג; זי האָט פּראָפּאַגאַנדירט די אידייען פון סאָציאַליזם און די נויטיקייט פון פּאָליטישן קאַמף. גאָר באַזונדערס האָט זי זיך פאַרנומען און פאַרטיידיקט די ספּעציעלע אינטערעסן פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פון דער בונדישער באַוועגונג.

די אַרבייטער שטימע האָט געהאַט אַזעלכע שטענדיקע אָפּטיילונגען: לייט־אַרטיקלען, אַרטיקלען וועגן פראַגן פון רוסישן לעבן, וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד, וואָס הערט זיך אין אויסלאַנד, די קרבנות פון דעם צאַרישן דעספּאָטיזם, קאָרעספּאָנדענציעס, פעליעטאָנען. אין איינציקע נומערן איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג די לעצטע נאַכריכטן אָדער קליינע נאַכריכטן. אין די ערשטע 19 נומערן האָבן מיר 32 אַרטיקלען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזעל־כע פראַגן: געשעענישן אין רוסישן לעבן, פּאָליטיק פון דער רעגירונג און באַזונדערס אירע אַנטיסעמיטישע מעשים, פּראָבלעמען פון דער בונ־דישער באַוועגונג און באַריכטן פון בונדישע צונויפֿקומענפאַרן, דער מלוכה־בודזשעט און פראַגן פון פאָלקס־בילדונג. אין די דאָזיקע נומערן זיינען אָפּ־געדרוקט 110 קאָרעספּאָנדענציעס פון 41 שטעט און שטעטלעך. וועגן אויסלענדישן לעבן זיינען פאַראַן 8 אַרטיקלען. די נומערן 13 און 17 זיינען געווידמעט דעם 1־טן מאַי. ס'איז אויך געווען אַ צאָל קאַמף־לידער, עטלעכע פון אברהם רייזען (אַנאָנים). דער צ.ק. האָט דאָרט אויך פאַרעפנטלעכט זיינע קאַסע־חשבונות.

די אַרבייטער שטימע איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער אָרגאַן. אויף דער דערשיינונג פון יעדן נומער האָט מען געוואַרט מיט אומגעדולד, אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָ קומט צום אויסדרוק די מיינונג פון צענטראַל־קאָ־מיטעט פון בונד. די אַרבייטער שטימע איז געווען דער שטאָלץ פון דער גאַנצער באַוועגונג, זי איז געווען די קרוין פון דער בונדישער פּרעסע.

אין אָקטאָבער 1901 איז אַרויס דער נומער 25 פון דער אַרבייטער שטימע. דאָס איז געווען אַ גרויסער יובילײ־נומער. דער נומער האָלט 38 זייטן, דער זעלבער נומער איז אויך דערשינען אויף רוסיש און אויף פּויליש (מיט דער דאַטע פון דעצעמבער 1901). אויך ליטעראַריש און אינהאַלטלעך צייכנט זיך אויס דער דאָזיקער נומער. צווישן די ערשטע נומערן פון אַרבייטער שטימע און דעם 25־טן נומער איז אַ גרויסער מהלך — סיי אין דער טעכניק און דרוק, סיי אין דער שפּראַך און סטיל, סיי לויטן גאַנצן פּאַרנעם. ס'אָטעמט פון דעם נומער מיט פייערלעכקייט און יום־טובדיקייט, מיטן באַוואוסטזיין פון דער גרויסער חשיבות פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון אירע דערגרייכונגען און פאַרמעסטן, פון איר אָנזען אין דער יידישער און אין דער ניט־יידישער אַרבעטער־וועלט.

אָט די שטימונג דערפילט מען גלייך שוין ביים לייענען דעם ערשטן לייט־אַרטיקל פון דער רעדאַקציע. געשריבן אין אַ דערהויבנדיקן, באַ־גייסטערטן טאָן, פאַרענדיקט זיך דער דאָזיקער לייט־אַרטיקל מיט אַזעלכע ווערטער: „פריינד לעזער! ווי עס איז אייך באַוואוסט, צייכנט זיך דער זשאַרגאָן ניט אויס מיט קיין טאַלאַנטפולע שרייבער אין אַלגעמיין, נאָך שווערער איז פאַר דער אומלעגאַלער ליטעראַטור צוליב דעם, וואָס זי איז אומלעגאַל, אַ קעמפנדע. איר, דער אומלעגאַלער יידישער ליטעראַטור, שטייט פאַר אַ צווייענדיקע שווערע אַרבעט: זיין אַ וועגווייזער פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, פירן אַ קאַמף מיט אַלע פאָלקס־פיינט און אין דער זעלבער צייט

אויסאַרבעטן אַ שפּראַך. מיר ווענדן זיך דערום צו אַלע, וועמען עס איז טייער דאָס פרייע וואָרט, ווער עס וויל זאָגן אמת דעם פאָלק, וועמען עס איז ענג אין דער פאַרשטיקטער לופט פון דער פאַרשקלאַפטער ליטעראַטור, מיר ווענדן זיך צו אַלע אַרבעטער־פריינד וועלכע שרייבן יידיש, אַז זיי זאָלן זיך גרופּירן און צושטיין צו אונזער 'שטימע'...". „זאָלן מיר באַלייכטן דעם פינצטערן וועג פונם פאָלק, דערוואַרעמען זיין האַרץ מיט דעם פייער פון סאָציאַליזם, באַלייכטן זיינע חורבות און מיט דעם שטאַרקן ליכט פאַרטרייבן אַלע פינצטערע כוחות!"

אינם יובל־נומער זיינען פאַראַן באַגריסונגען פון אַ גרויסער צאָל פירער און פאַרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָ זיי־נען אָפּגעדרוקט גראַטולירונגס־בריוו פון אויגוסט בעבעל, פּאול זינגער, זשיל געד, עדוו. וואיאַן און קאַרל קאַוטסקי. דער אָנערקענטער טעאָרעטיקער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, קאַרל קאַוט־סקי, האָט דאָ אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען דער פּאַריער אונטער די פּראָלע־טאַריער. גענוג צו ברענגען נאָר איין קורצע ציטאַטע פון קאַוטסקיס אַרטיקל: „די פּאַריאַס אונטער פּאַריאַס זיינען די יידישע פּראָלעטאַריער אין רוסלאַנד. עס איז שוין גענוג שלעכט אַ רוס צו זיין, נאָך ערגער — אַ פּראָלעטאַריער צו זיין און נאָך אַ רוסישער פּראָלעטאַריער דערצו. עס איז ביטער גענוג אַ ייד צו זיין, צו געהערן צום שטאַם פון די פאַראַכטעטע. אָבער גלייכצייטיק אי אַ רוסישער, אי אַ פּראָלעטאַריער, אי אַ ייד צו זיין — הייסט אַלע ליידן אין זיך פאַראייניקן, אַלע נידערטרעכטונגען אונטערגעוואָרפן צו זיין, אַלע רדיפות אויסגעזעצט צו זיין"... „אָבער דערפאַר איז נאָך גרויסאַרטיקער, נאָך העכער, וואָס דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד"... איז „געלונגען, ניט קוקנדיק אויף דעם, צו דערהייבן זיך פון זיין דערנידערונג און צו אַנט־וויקלען אַ באַוועגונג, וועלכע איז שוין געוואָרן אַ מאַכט־פאַקטאָר אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אויך אין רוסלאַנדס אינערלע־כער פּאָליטיק".

אַחוץ איינצלנע פּערזענלעכקייטן האָבן צו דער געלעגנהייט אויך צו־געשיקט באַגריסונגען אַ גרויסע צאָל סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס: די הויפּט־אַדמיניסטראַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי פון פּוילן און ליטע; אַ גרופּע לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ריגע; דער ניו־יאָרקער ברענטש פון דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד; אַן אויסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער קרייז פרייהייט; אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע פון אויסלענדישע יידישע סטודענטקעס און סטודענטן צוקונפט; דער צוזאַמענפאָר פון יידישע גאַרבער; דער פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד; דער פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און דער פּעטערבורגער קאַמפּס־בונד פאַר באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס; די גרופּע יוזשני ראַבאַטשי; דער אָדעסער קאָמיטעט פון רוסל. סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי, די גרופּע קישיניעווער אַרבעטער סאָ־

ציאַל־דעמאָקראַטן; דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בערשטער־בונד אין ליטע און פוילן; די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע אייניקייט; דער אויסלענדישער יידישער סטודענטן־פאַראיין קאַמף. די רעדאַקציע פון דער אַרבייטער שטימע באַגריסט די יידישע אַרבעטער מיטן דאָזיקן פרעכטיקן יום־טוב און רופט אויס: „זאָל וואָס מער און ברייטער זיך אַנטוויקלען און פעסטיקן די ענגע ברידערלעכע פאַרבינדונג צווישן די פּראָלעטאַריער פון אַלע נאַציאָנען!".

מיט אַ באַזונדער וואַרעמקייט ווערן באַגריסט יענע אַנאָנימע זעל־נער פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, וועלכע האָבן אין געהיימע דרוקערייען, ריזיקירנדיק מיט זייער פּערזענלעכער פרייהייט, געזעצט און געדרוקט די צאָלרייכע אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון בונד, צווישן זיי אויך די אַרבייטער שטימע. צו אָט די אונטערערדישע „געהיימע דינער אין טעמפּל פון פרייען וואָרט", ווענדט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד און די רעדאַקציע מיט ווערטער פון דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג: „געערט און געריימט זייט, איר אומבאַוואוסטע און געהיימע קעמפער, וועלכע אָפּפערן אויף דעם מזבח פון דער אונטערערדישער פרעסע אייער צייט, געזונט, נערוון, לייב און לעבן; וועלכע טראָגן באהבה שווערע פליכטן און שטענדיקע געפאַרן; וועלכע האָבן זיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן אויף צו דינען דעם פרייען אַרבעטער־וואָרט! הייַנט, אין דעם וויכטיקן יום־טוב, וועלכער פאַלט אַזוי זעלטן אויס אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס; ווען מיר פאַרענדיקן אונזער יובל־נומער, שיקן מיר אייך, טייערע גענאָסן, אונזער באַגריסונג. און בעת איר, אָפּדרוקנדיק די לעצטע שורות פון דעם נומער, וועט פייערן אין אייער געהיימער שטילער 'אונטערערד' זיין דערשייַנונג, וועלן אונזערע הערצער זיין צוזאַמען מיט אייך!"

אינם יובל־נומער זיינען אויך אָפּגעדרוקט עטלעכע לידער און אַ גרויסער פעליעטאָן אין אַ פינצטערער נאַכט. מיר האָבן דאָ אויך אַ גרויסע אַרבעט צו דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון זשאַרגאָנישער אומלעגאַלער פּאָ־ליטישער פרעסע אין רוסלאַנד. אַ צווייטע גרויסע אַרבעט טראָגט דעם נאָמען: די אַרבייטער־שטימע און די יידישע אַרבייטער־באַוועגונג. אַחוץ דעם גרויסן איבערזיכט פון די געשעענישן און כראָניק פון דער יידישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן מיר דאָ אויך אַ גרעסערן אַרטיקל אויף דער טעמע, וואָס איז דעמאָלט געווען זייער אַקטועל — וועגן דער אומאָפּהענגיקער יידישער אַרבייטער־פּאַרטיי.

דער דערמאָנטער אַרטיקל וועגן דער אַרבייטער שטימע דערציילט זייער גענוי וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער אונטערערדישער צייטונג און איר בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג. דער אַרטיקל גיט אַן איבערזיכט איבער די שווערע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער דערמאָנט די אַרטיקלען, וואָס האָבן באַהאַנדלט די פאַרשידענע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק פון בונד, ווי אויך זיינע חלוקי־דעות מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד און פוילן. דער אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „צי באַפרידיקט די 'שטימע' אַלע פאָ־

דערונגען, וועלכע מיר דאַרפן אַוועקשטעלן אין אומלעגאַלן אָרגאַן?..."
„יעדער לעזער פון דער 'שטימע' וועט מודה זיין, אַז זי האָט ניט נאָר גע־שטרעבט, נאָר פיל פאַרווירקלעכט אויך, און דער יום־טוב פון דער 'שטימע' איז דער יום־טוב פון יעדן באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, איז אַ ליכטיקער טאָג פאַר יעדער קעמפנדער אָרגאַניזאַציע. פיר יאָר ניט אַרויסגעלאָזן פון האַנט די שטרייט־פאָן, פיר יאָר זיך ניט בויגן אונטער די קלעפּ פון זעלבסטהערשונג, טראָגן אַן אויפהער פאַרשטאַנד אין דער אַרבעטער־מאַסע, שטענדיק בלייבן אַ לעבנס־אָרגאַן און אַ מאַסן־אָרגאַן, — דאָס הייסט דערגרייכן, אויף וויפל עס איז מעגלעך, דעם הויכן ציל, און אין דעם קאַמף פאַר אַ פריי לעבן, פאַרנעמען אַ געערטן אָרט".

***

מיט 33 יאָר שפּעטער האָט דער באַקאַנטער בונדישער שרייבער און טוער וויקטאָר שולמאַן אָפּגעדרוקט אין דער טעגלעכער צייטונג פון בונד, אין דער וואַרשעווער פאָלקס־צייטונג (3 אָקטאָבער 1934), אַן אינטערעסאַנטע דערינערונג, ווי אַזוי די חברים בונדיסטן, וואָס זיינען געזעסן אין דער ווילייקער טורמע (ווילנער גובערניע) האָבן באַקומען דעם 25־טן נומער אַרבייטער שטימע. ח' וו. שולמאַן דערציילט: מ'האָט אַרויסגערופן דעם ח' סאלאָמאָן צייטלין אין קאַנצעלאַריע אָפּצונעמען אַ פּאַקעט: „יעדעס מאָל אין אַזעלכע פאַלן, דערציילט ער, פלעגן מיר מיט האַרץ־קלאַפּעניש וואַרטן אויפן צוריקקום פון חבר: אפשר אַ נייער 'טראַנספּאָרט'? דאָס מאָל, דירעקט פאַרן אָפּגע־שיקט ווערן אויפן לאַנגן עטאַפּן־וועג קיין מזרח־סיביר, האָבן מיר באַזונדערס מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה ממש געבערענט אין דערוואַרטונג פון אַזאַ טראַנספּאָרט. און אָט גייט שוין צייטלין איבערן קאָרידאָר, האַלטנדיק אויף די פּלייצעס דריי איינגעבונדענע גרויסע בענדער מאַפּאַסאַן אין אַ רו־סישער איבערזעצונג"... „מיט האַרץ־קלאַפּעניש נעמען מיר זיך פאַרזיכטיק פאַנאַנדערשפּאַלטן די שטאַרקע טאָוולען פון די בענדער מאַפּאַסאַן... פון איין טאָוול גיבן אַ בליאַסק אַרויס גרויסע רויטע ווערטער. נערוועז, אָנגעשטרענגט מאַטערן מיר זיך אַרויסצובאַקומען גאַנצערהייט פון צווישן די פעסט־פאַרקלעפּטע טאָוולען דעם טייערן אוצר. ענדלעך, ס'איז פאַרטיק! מיר קוקן אַלע פאַרגאַפט!" די אַרבייטער שטימע... נומער 25... „מיט פייער־דיקע שפּיזן דרינגען אַריין אין אונזערע הערצער די דאָזיקע רויטע ווערטער: 25־טער יובילייז־נומער פון דער 'אַרבייטער שטימע!' 25 נומערן שוין אַרויס פון אומלעגאַלן צענטראַל־אָרגאַן פון 'בונד'! מיר פאַרגעסן וועגן די 4־5 יאָר מזרח־סיביר, וואָס שטייט פאַר יעדן פון אונז, מיר פאַרגעסן וועגן דעם לאַנגן עטאַפּן־וועג איבער די שניי־וויסטענישן פון ווייטן קאַלטן צפון! מיר פאַרגעסן אין די 14 חדשים צאַרישע טורמע, מיר האָבן אָדלער־פליגלען באַקומען, וועלכע טראָגן אונז אַוועק העט ווייט דורך די טורמע־קראַטעס"... „צוריק אין יידישן תחום אַריין, צוריק אין יענע רייען, פון וועלכע מיר זיינען מיט 14 חדשים צוריק אַרויסגעריסן געוואָרן!"

אָבער ניט בלויז אין אַ ווילייקער טורמע האָט מען מיט אַזאַ ענטוזיאַזם באַגעגנט דעם יובל־נומער פון דער אַרבייטער שטימע. גאַנץ רוסלאַנד איז געווען געגליכן צו אַ גרויסער טורמע. יעדע אומלעגאַלע אויסגאַבע פון בונד און באַזונדערס די אַרבייטער שטימע האָט געטראָגן ליכט און באַוואוסטזיין, האָפנונג און דערמונטערונג צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע איז דרייפאַך געווען פאַרקאָוועט אין אָט דער גרויסער תפיסה.

נאָכן יובילײ־נומער זיינען ביז סוף 1902 אַרויס 5 נומערן פון דער אַרבייטער־שטימע. אַחוץ אַ רייכער כראָניק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אַקטועלע אַרטיקלען וועגן דער צאַרישער פּאָליטיק זיינען דאָרט געווען אָפּהאַנדלונגען וועגן וויכטיקע פּראָבלעמען פון דער בונדישער באַוועגונג און פון יידישן לעבן: אַרטיקלען וועגן די געזעצן, וואָס ווערן אָנגעווענדט צו באַקעמפן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג; די ערשטע זיצונג פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ; די פינסטערע וועלט (אַן אָפּטיילונג וועגן לעבן אין רוסלאַנד, געשריבן פון דר. פּ. ראָזענטאַל און דערשינען אין פיל נומערן); צום „בונד" — ליד פון ש. אַנ—סקי (נומער 26, יאַנואַר 1902). דעמאָנסטראַציעס און באַוואָפנטער ווידערשטאַנד; ווי דאַרף מען אויף שמיץ ענטפערן; דער טויט פון הירש לעקערט (נומ. 27, יוני 1902). אונזער נאָנטסטע אָרגאַניזאַציע־אויפגאַבע; די „כשרע אַרבעטער־באַוועגונג" (וועגן דער זובאַטאָווטשינע); איניקע ווערטער וועגן רעוואָלוציאָנערער מאָראַל (נומ. 28, אויגוסט 1902). די 5־טע קאָנפערענץ פון „בונד"; ווי דאַרפן אונזערע דעמאָנסטראַציעס אָרגאַניזירט ווערן? דער ראַבינעק (פּאָגראָם) אין טשענסטאָכאָוו; די ציוניסטישע אַסיפה אין מינסק (נומ. 29, סעפּטעמבער 1902). פּ.פּ.ס. וועגן דער יידישער אַרבייטער־באַוועגונג; דער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם (געשריבן פון מאַרק ליבער); דיסקוסיע וועגן אינהאַלט און אופנים פון דער טעטיקייט; רעזאָלוציעס פון די צוזאַמענפאָרן פון די גאַרבער און בערשטער. (נומ. 30, אָקטאָבער 1902). אין די אַלע נומערן זיינען אויך פאַראַן קאָרעספּאָנדענציעס וועגן די קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער אין אַ ריי שטעט.

# 13. דער בונד און די ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ פון ר.ס.ד.אַ.פּ.

זינט דער גרינדונג איז דער בונד געגאַנגען פון דערפאָלג צו דערפאָלג, נישט געקוקט אויף די גרויזאַמע קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון דער צאַרישער מאַכט. דער מאַסן־כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, די געהיימע דרוקערייען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס, דער גוט־אָרגאַניזירטער טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור פון אויסלאַנד, די אידעאָלאָגישע אויסגעהאַלטנ־קייט און דיסציפּלין פון דער באַוועגונג, די פאַרבינדונג פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן, די גוטע, פּאַרזיכטיק־איינגעשטעלטע קאָנספּיראַציע אין דער אַרבעט — דאָס זיינען אַלץ געווען אייגנשאַפטן, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט דעם כסדרדיקן וואוקס פון בונד. נישט אַזוי איז געווען אין דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי. אַ צענטראַלער אַפּאַראַט האָט געפעלט, אַמפּערנישן און רייסערייען צווישן פּראַקציעס און ריכטונגען, שוואַכע פאַרבינדונג מיט דער אַרבעטערשאַפט. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. (מערץ 1898) האָט נישט געבראַנגט צום אויפשטעלן אַ ווירקלעכע, קעמפנדיקע פּאַרטיי.

אין פרילינג 1900 מאַכט דער פאַרבאַנד פון רוסישע ס.ד. אין אויסלאַנד אַ פּרואוו צונויפצורופן אַ צוזאַמענפאָר אין סמאָלענסק. ער שיקט זיינע 2 שלוחים קיין רוסלאַנד: איינער איז געווען דער גוט־באַקאַנטער בונדיסט טימאָפּיי (צמח קאָפּעלזאָן) און דער צווייטער — פּ. טעפּלאָוו. ס'האָט אויך מיטגעהאָלפן די גרופּע פון דער צייטונג יוזשני ראַבאָטשי, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען אַבראַם גינזבורג (נאַומאָוו). אָבער פון דעם פּרואוו איז גאָרנישט אַרויסגעקומען צוליב די צאָלרייכע אַרעסטן, וואָס זיינען דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אין אַ ריי שטעט צווישן רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און בונדיסטן. אַ צווייטער פּרואוו, אין יאָר 1901, האָט אויך קיין הצלחה נישט געהאַט. די מניעות ביים צונויפרופן דעם צוזאַמענפאָר זיינען געווען נישט בלויז אויסערלעכע. אַ גרויסע ראָל האָט אויך געשפּילט דער פאַנאַנדערגע־פלאַקערטער פראַקציאָנעלער קאַמף.

נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. אין 1898 און די באַל־דיקע גרויסע אַרעסטן איז איר איינציקע לעבעדיקע רעפּרעזענטאַנץ געווען דער פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד מיט זיין

אָרגאַן ראַבאָטשעיע דיעלאָ. דאָס איז געווען דער אָפיציעלער און לעגאַלער פּאַרטרעטער פון דער סימבאָליש־עקזיסטירנדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט אין רוסלאַנד אַ נישט גרויסע צאָל אָרטיקע קאָמיטעטן און שוואַכע אָרגאַניזאַציעס, אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד האָט געהאַט זיין פּאַרטרעטער אין פּאַרבאַנד (צמח קאָפּעלזאָן איז געווען דער סעקרעטאַר און דזשאָן מילל איז אַ צייט געווען דער קאַסירער) און אים געהאָלפן מיט וואָס ס׳איז געווען מעגלעך.

אין דער רוסישער סאָצ. דעמ. עמיגראַציע האָט זיך אָבער געשאַפן אַ נייע סיטואַציע. אין דעצעמבער 1900 האָט אָנגעהויבן דערשיינען די צייט־שריפט איסקראַ, אַרום וועלכער עס זיינען געווען קאָנצענטרירט פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, לענין, וויערא זאַסוליטש, מאַרטאָוו, פּאָטרעסאָוו און אַנדערע. זיי האָבן געשטרעבט אָפּרוימען דעם פּאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און זיין אָרגאַן ראַבאָטשעיע דיעלאָ און איינשטעלן די הערשאַפט פון דער איסקראַ־גרופּע. שוין פאַר דער אַנטשטייאונג פון איסקראַ איז דער קאַמף צווישן פּאַרבאַנד און דער גרופּע באָפרייאונג פון אַרבעט געווען זייער פאַר־שאַרפט. איצט האָט איסקראַ אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישן, אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנגריף. זומער 1901 ווערט גערופן אין זשענעוו אַ קאָנפערענץ פון עטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. אין איר האָבן זיך באַטייליקט פאַר־טרעטער פון פּאַרבאַנד פון רוסישע ס.ד., פּלעכאַנאָווס גרופּע סאָציאַל־דעמאָ־קראַט, איסקראַ, ריאַזאַנאָווס גרופּע קאַמף און פון בונד (אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי און דזשאָן מילל). דער ציל פון דער קאָנפערענץ איז געווען איינשטעלן איינהייט און צוריק מעגלעך מאַכן אַ געמיינזאַמע צוזאַ־מענאַרבעט. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס האָט מען זיך געאייניקט אויף אַ פּראָ־יעקט פון אַ פּרינציפּיעלער פּלאַטפאָרם און באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַ פאַר־אייניקונג־צוזאַמענפאָר מיט 2 חדשים שפּעטער.

אין אויגוסט 1901 איז אין ציריך טאַקע פאָרגעקומען אַזאַ צוזאַמענפאָר. דעם בונד האָבן פאַרטרעטן: קרעמער, קאָסאָווסקי, מוטניק, מילל און קאָ־פּעלזאָן. דער גייסט פון אומאייניקייט איז אָבער געווען צו שטאַרק, אַז ער זאָל דערלאָזן דערפירן די זאַך ביז אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט. נאָכדעם ווי אַ פאָרשטייער פון פּאַרבאַנד האָט אַריינגעטראָגן אַ ריי אויסבעסערונגען און זיי באַגרינדעט, האָבן די דעלעגאַטן פון דער גרופּע סאָציאַל־דעמאָקראַט און איסקראַ זיך באַראַטן און מיט אַ מערהייט שטימען (קעגן אַ מינדערהייט פון פּלעכאַנאָוון, מאַרטאָוון, ליובע אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס און אייניקע אַנדערע) באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם צוזאַמענפאָר. דער פּרוואו פון אייניקייט איז צו נישט געמאַכט געוואָרן און דער פראַקציאָנעלער קאַמף האָט זיך אויפסניי צעפלאַקערט.

אַ טאָג שפּעטער נאָכן פאַרלאָזן דעם צוזאַמענפאָר זיינען לענין און מאַרטאָוו געקומען זיך דורכריידן מיט דער בונדישער דעלעגאַציע. זיי באַמיען זיך צו איבערצייגן, אַז אויך דער בונד דאַרף פאַרלאָזן דעם פאַרבאַנד. אויף

דעם איז געקומען אַרקאַדי קרעמערס קלאָרער און אַנטשידענער ענטפער: דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד איז אַן אויטאָנאָמער טייל פון פאַר־באַנד, דער פאַרבאַנד איז די אָפיציעלע און לעגאַלע רעפּרעזענטאַנץ פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ.. דער בונד פאַרבלייבט אין פאַרבאַנד ביז עס וועט ניט קומען אַ צוזאַמענפאַר פון דער פּאַרטיי און עס וועלן ניט געמאַכט ווערן אויף אַ לעגאַלן אופן ענדערונגען. לעניין און מאַרטאָוו האָבן זיך אויפגעהויבן און פאַרלאָזט דעם צימער . . .

דער אָנגריף אויפן פאַרבאַנד איז געוואָרן אַלץ שאַרפער. אין איסקראַ איז געוואָרן אַלץ רייפער דער פּראָיעקט פון אַ צענטראַליסטיש־דיקטאַטאָרי־שער פאַרטיי. די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון דער בונדישער באַוועגונג האָבן זיך גאָר ווייניק אַריינגעפּאַסט אין דעם אָרגאַניזאַציע־פּלאַן פון לענינען און פון דער איסקראַ. במילא זיינען געוואָרן די אָנפאַלן אויפן בונד אַ פּאַ־ראַלעל צום קאַמף קעגן פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. וועגן דאָזיקן קאַמף דערציילט וולאַדימיר מעדעם:

„די ערשטע זאַך, מיט וועלכער די ׳איסקראַ׳ האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט, איז געווען — אַ פאַרביטערטער קאַמף קעגן די ׳עקאָנאָמיסטן׳. דעם דאָ־זיקן קאַמף האָט נאָך מיט אַ פּאָר יאָר פריער אָנגעהויבן פּלעכאַנאָוו, אָבער איצט האָט מען זיך גענומען צו דער זאַך מער סיסטעמאַטיש און אָרגאַני־זירטערהייט״... „אויף וויפל די ׳איסקראַ׳ פלעגט אַרויסטרעטן קעגן די עקסטרעמע ׳עקאָנאָמיסטן׳, קעגן יענע וואָס פלעגן אינגאַנצן אָפּלייקענען אַ זעלבשטענדיקע אַרבעטער־פּאָליטיק, איז זי געווען גערעכט. די דאָזיקע עקסטרעמע ׳עקאָנאָמיסטן׳ זיינען אָבער געווען אַ קליינע, ניט־וויכטיקע גרופּע. די איבעריקע האָבן געשאַפן אַ נוצלעכע און וויכטיקע אַרבעט״... „זיי האָבן זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט צו דעם מאַסן־לעבן און האָבן זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין די נשמות פון די מאַסן־אַרבעטער״... „די ׳איסקראַ׳ האָט אָט דאָס נויטיקע און וויכטיקע צעבראָכן. זי האָט זיך געשטעלט איבער דער מאַסע. זי האָט געוואָלט ווערן אַ קאָ־מאַנדיר. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען, וואָס מען האָט אינגאַנצן אָנגע־וואָרן די מאַסע״... „דער פירער און די נשמה פון דער ׳איסקראַ׳ איז געווען לענין. און הגם ער איז אַרומגערינגלט געווען מיט אַ גאַנצער גרופּע גלענצנדע שרייבער און ערשט־קלאַסיקע טוער (און פאָרמעל האָבן אַלע געהאַט די גלייכע רעכט), האָט ער שוין דעמאָלט אָוועקגעלייגט אויף דער גאַנצער אונטערנעמונג אַ בולטן שטעמפּל פון זיין פּערזענלעכן כאַראַקטער״...

„אין איר שטרעבן צו ווערן דער גאַנצער באַלעבאָס אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גאַס, האָט זיך די ׳איסקראַ׳ באַלד פון אָנהייב אָנגעשטויסן אויפן ׳בונד׳, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענער קאַמף״... „לענינס פּלאַן ווי אַזוי צו בויען די פּאַרטיי איז געווען: ׳פון אויבן אַראָפּ׳. די אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען פריער אויסגעוואַקסן, דאַרפן איגנאָרירט אָדער צעריבן ווערן. עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ ליידיק אָרט, און אויף דעם דאָזיקן הוילן פּלאַץ זאָלן אויפגעבויט ווערן אַ נעץ פון אַגענטן, וואָס

וועלן דורכפירן די באַפעלן פון דעם אויסלענדישן צענטר. אין אַלגעמיין איז דער דאָזיקער פּלאַן דורכגעפירט געוואָרן, ניט אַנטרעפנדיק קיין גרויסן ווידערשטאַנד. די אַלטע אָרגאַניזאַציעס זיינען טאַקע געווען שוואַך, צעזייט און צעשפּרייט, און ס'איז געווען גרינג פון זיי פּטור צו ווערן. אין איין אָרט האָט מען זיך אָבער יאָ אָנגעשטויסן אויף אַן אומגעריכטער מניעה; און דאָס איז געווען דער 'בונד'. די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז געווען די גרעסטע און שטאַרקסטע אין לאַנד. פאַרשפּרייט איבער צענטליקער שטעט און שטעטלעך, פעסט פאַרקניפּט אין איין שטאַרקן פאַרבאַנד, צונויפגעוואַקסן מיט די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן, איז עס געווען אַן איינהייטלעכער אָר־גאַניזם, אַ לעבעדיקער גוף מיט אַ גוואַלטיקער אינעווייניקסטער לעבנס־קראַפט, מיט אַן אייגנאַרטיקן פּנים און באַזונדערע באַדערפעענישן. דער דאָזיקער לעבעדיקער אָרגאַניזם האָט זיך ניט געוואָלט און ניט געקאָנט לאָזן פאַנאַנדערשיטן, פאַנאַנדערברעקלען, כדי איבערצולאָזן נאָך זיך אַ פּוסטן אָרט, וואו עס וועלן קענען אַרומשפּרייזן די אַגענטן פון דער 'איסקראַ'. און דעריבער איז ער געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז פון די 'איסקראַ'־לייט, און זיי האָבן באַשלאָסן אים צו פאַרשלינגען אָדער צו פאַרניכטן פאַר יעדן פּרייז".

„דער 'בונד' איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער רוסלענדער פּאַרטיי. אויפן ערשטן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר (1898) איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז דער 'בונד' גייט אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס אַן אויטאָנאָמער טייל פון איר. דער 4־טער צוזאַמענפאָר פון 'בונד' איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער און האָט דערקלערט, אַז די פּאַרטיי דאַרף געבויט ווערן אויף פעדעראַטיווע יסודות; זי דאַרף באַשטיין פון אַ ריי נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס — רוסישע, פּוילישע, יידישע, לעטישע א.אַ.וו. און אַלע צוזאַמען זאָלן בילדן די אַלגעמיינע פּאַרטיי"... „ס'איז געווען דער איינציקער מיטל ווי צו שאַפן אַ באמת גרויסע און פעסטע פּאַרטיי. אָבער די 'איסקראַ'־לייט האָבן זיך צוגעטשע־פּעט צו דעם וואָרט 'פעדעראַציע'..." „און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשריי וועגן דעם, אַז דער 'בונד' שטרעבט צו סעפּאַראַטיזם, אַז דער 'בונד' פּרעדיקט נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם און ווי די אַלע שיינע זאַכן הייסן" [89].

דער בונד האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיט דער לאַגע. אַ שטאַרקע אַלגעמיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז פאַר דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג געווען אַ מאָראַלישע, פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע שטיצע. אַ גוט־אָרגאַניזירטע אַלגעמיינע פּאַרטיי עפנט ברייטערע פּערספּעקטיוון, שאַפט נייע פאַרבינדונגען, באַפרידיקט די אינטערנאַציאָנאַליסטישע געפילן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. דעריבער האָבן די פירער פון בונד געפילט פאַר זייער חוב אויסצונוצן דעם אויטאָריטעט פון בונד און זיינע קאָנספּיראַטיווע מעגלעכקייטן און מאַכן אויך דאָס מאָל, ווי ער האָט עס געטון ביים ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ., אַ פּרואוו צו אָרגאַניזירן דעם צווייטן צוזאַ־מענפאָר. דריי מיטגלידער פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט האָבן זיך גע־נומען צו אָט דער שווערער אויפגאַבע: נח (פּאָרטנאָי) דאַרף באַזוכן די רו־

סישע קאָמיטעטן און אָרגאַניזאַציעס פון דרום־רוסלאַנד; סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי — דאַרף זיך פאַרבינדן מיט די אָרגאַניזאַציעס פון צפון־רוסלאַנד; פּ. ראָזענטאַל וועט אויספירן אַלע טעכנישע צוגרייטונגען צו אַ צוזאַמענפאָר אין ביאַליסטאָק. אַלע האָבן נאָך געהאַט פריש אין זייער זכרון דעם דורכפאַל פון 1898 און די גרויסע פאַרלוסטן, וואָס דער בונד האָט דעמאָלט געליטן צוליבן רופן דעם צוזאַמענפאָר אין דער רעזידענץ פון בונד — אין מינסק. איצט האָט עס געזאָלט זיין — ביאַליסטאָק. וויפל וועט דאָס קאָסטן דעם בונד? צי וועלן ניט ווידער אַמאָל די רוסישע דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר מיטשלעפּן מיט זיך שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן? איז עס ניט צו ריזיקאַליש מצד די פירער פון בונד?

זיי האָבן פאָרט גענומען אויף זיך די ריזיקע. די בונדישע טוערס האָבן אָנגעווענדט זייער גאַנצן אָרגאַניזאַציאָנעלן און קאָנספּיראַטיוון טאַלאַנט, כדי ווי געהעריק באַשיצן דעם צוזאַמענפאָר, וואָס איז גערופן געוואָרן אויף דעם 23 — 28 מערץ (5 — 10 אַפּריל נ. סט.) 1902. מ׳האָט אָפּגעזוכט אַ פּאַסיקע דירה פון 3 צימערן מיט אַ קיך. אַלטער דער גאַרבער (עפּשטיין) און זיין פרוי עטקע די שניידערקע זיינען עס געווען די באַלעבאַטים פון דער אָרים־אויסגעמעבלירטער דירה. ביזן לעצטן טאָג האָט מען קיינעם ניט אָנגעגעבן דעם טערמין פון צוזאַמענפאָר און ניט די שטאָט און ניט די „יאַווקע".

אַז די זאַך איז געווען גוט פאַרקאָנספּירירט און באַוואָרנט, זעט מען פון דעם, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט רואיק פאַרענדיקט זיין אַרבעט. ער איז ניט אויפגעדעקט געוואָרן, ניט אַרעסטירט געוואָרן. סך־הכל זיינען געווען 10 דעלעגאַטן: פון פּעטערבורגער אָרגאַניזאַציע סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי (געווען אויך אין צ.ק. פון בונד) און דר. קראַסנוכאַ; פון יוזשני ראַבאָטשי — אָסיפּ קאָגאַן (יערמאַנסקי), פון יעקאַטערינאָסלאַוו — פּיאָדאָר שיפּולינסקי, פון איסקראַ — פּיאָדאָר דאַן (געקומען פון בערלין), פון פאַרבאַנד פון רוסישע ס.ד. אין אויסלאַנד — מיכאַאיל קאַגאַן (קרוגלאָוו־גריניעוויטש), אַ דעלעגאַט פון ניזשני־נאָווגאָראָד (א. מ. פּיסקונאָוו?). פון בונד זיינען געווען נח, דר. פּ. ראָזענטאַל און אַרקאַדי קרעמער. דער לעצטער איז ספּעציעל געקומען צום צוזאַמענפאָר (אומלעגאַל, פאַרשטעלט זיך) פון לאָנדאָן, וואו ער האָט איינגעאָרדנט די דרוקעריי און דעם פאַרלאַג פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד [90]. די לעצטע וואָכן פאַר דעם, אין פעברואַר, זיינען געראָד פאַרגעקומען אַרעסטן אין אַ צאָל שטעט און דאָס האָט געשטערט געוויסע טוער צו באַטייליקן זיך אין צוזאַמענפאָר.

די צאָל אָנטיילנעמער אין דעם ביאַליסטאָקער צוזאַמענפאָר איז געווען צו קליין און דעריבער איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאָג פון איסקראַ, אַז מ׳זאָל זיך קאָנסטיטואירן נאָר ווי אַ קאָנפערענץ; מ׳האָט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועלכער זאָל ערשט צוגרייטן און רופן דעם 2־טן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי. אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זיינען אַריין דאַן,

יערמאַנסקי און נח. די קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען אַ טעקסט פון אַן 1־טן מאַי־אויפרוף, וואָס די פּאַרטיי זאָל אַרויסלאָזן.

די גאַנצע אַרבעט פון דער קאָנפערענץ איז דורכגעגאַנגען רואיק, אָן שטערונגען. די דעלעגאַטן האָבן אויפן אָרט געגעסן און געשלאָפן. ערשט ביים פאַנאַנדערפאָרן זיך פון די דעלעגאַטן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט דורך זיינס אַ פּראָוואָקאַטאָר אין פּעטערבורג געוואוסט וועגן דעם צוזאַמענקום אין ביאַליסטאָק און אַהין געשיקט אַ באַנדע שפּיאָנען. זיי זיינען נאָכגעגאַנגען אייניקע דעלעגאַטן, אָבער ס׳האָט זיך איינגעגעבן פון זיי פּטור צו ווערן. דעריבער איז די קאָנפערענץ גופא נישט דורכגעפאַלן. זיי האָבן אָבער געהיט דעם וואָקזאַל, נאָכגעפאָרן אַ טייל דעלעגאַטן און זיי אַרעסטירט אין פאַרשידענע ערטער. פון די דעלעגאַטן האָט מען 5 אַרעסטירט און 5 האָבן אויסגעמיטן דעם גורל. אין ביאַליסטאָק האָט מען אַרעסטירט דר. פּאַוועל און אַנאַ ראַזענטאַל, ווי אויך אייניקע בונדישע טוער און טועריננס, ביי וועלכע עס זיינען געוועזן די „יאַווקעס”. די דירה פון דער קאָנפערענץ האָבן די שפּיאָנען נישט געפונען. פון די דעלעגאַטן האָט מען אַחוץ דר. ראַזענטאַלן אויך אַרעסטירט קאַגאַן־גריניעוויטש, א. קאַגאַן־יערמאַנסקי, פּ. דאַן און אין אַ צייט אַרום ס. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי. אויסגעמיטן דעם גורל אַרעסטירט צו ווערן האָבן נח, אַרקאַדי קרעמער, דר. קראַסנוכאַ, שיפּולינסקי און דער דעלעגאַט פון ניזשני־נאָווגאָראָד. דער צ.ק. פון בונד איז באַלד אַוועק פון ביאַליסטאָק. ער האָט פאַרלוירן צוויי מיט־גלידער זיינע: ראַזענטאַל־אַנמאַן און זעלדאָוו־ניעמאַנסקי. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וואָס די ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן, האָט פאַר־לוירן צוויי פון זיינע דריי מיטגלידער: דאַנען און יערמאַנסקין.

***

אָט אַזוי האָט דער בונד צום צווייטן מאָל גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויפצושטעלן די אַלגעמיינע פּאַרטיי. צוויי מאָל האָט ער איינגעשטעלט זיין עקזיסטענץ, מקריב געווען די בעסטע כוחות, אַבי זיך דערשלאָגן דעם אויס־געטרוימטן צוועק — צו שאַפן אַן אַפּאַראַט און רעפּרעזענטאַנץ פאַר דער גאַנצער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־באַוועגונג פון גרויסן לאַנד. אָבער אויך דאָס מאָל איז די פּאַרטיי געבליבן צעשמעטערט, צעשפּליטערט.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט געהאָפט, אַז זיין איניציאַטיוו צו רופן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. וועט ברענגען פרידן אין דער פּאַרטיי און גאַנצקייט אין איר אַרבעט. האָבן דאָך אין צוזאַמענפאָר זיך באַטייליקט די פאַרשטייער פון די באַזונדערע ריכטונגען און פראַקציעס — סיי פון איסקראַ, סיי פון פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פון אַרטיקע אָרגאַניזאַציעס. איז אָבער פון גאַנצן פּלאַן גאָרניט אַרויס־געקומען מחמת די אַרעסטן און צוליב דער קעגנערשאַפט פון איסקראַ, וואָס

האָט נישט געוואָלט, אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל דעמאָלט פאָרקומען. איסקראַ האָט וואָס ווייטער אַלץ מער אַטאַקירט דעם פאַרבאַנד און דעם בונד. דאָס אַלץ איז געווען די פּרעלודיע צו די קומענדיקע צוויי היסטאָרישע צוזאַמענ־פאָרן: פינפטער צוזאַמענפאָר פון בונד אין ציריך, יוני 1903, און דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. אין בריסעל־לאָנדאָן, יולי־אויגוסט 1903. ווען די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן, ווי אויך ווען דער פּאָלעמיק צווישן איסקראַ און בונד — וועט דערציילט ווערן אין צווייטן באַנד.

# מקורים

1) דזשאָן מילל: פּיאָנערן און בויער, ערשטער באַנד, ז. 263, ניו-יאָרק 1946.

2) Б. Фрумкинъ: Очерки изъ исторіи еврейскаго рабочаго движенія въ Россіи (1885—1897 г.) (Еврейская Старина, стр. 262, 1913).

3) דזשאָן מילל: רצ"וו, זז. 262-3.

4) דיא ארבייטער שטיממע, נומ. 6, 17 אָקטאָבער 1897. (מיר דרוקן אָלע ציטאַטעס מיט היינטיקן אויסלייג, זייער זעלטן מיט אַן אויסבעסערונג אין שפּראַך און סטיל).

5) דזשאָן מילל: אַרקאַדי און דער ערשטער צוזאַמענפאָר (אַרקאַדי-זאַמלבוך, ניו-יאָרק 1942, ז. 361. די זייט איז פּאַרטוישט, דאַרף זיין 161).

6) В. Цоглин (Давид Кац «Тарас»): Первый съезд Бунда (Революционное движение среди евреев, Москва 1930).

7) דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון בונד (די האָפנונג, נומ. 14, ווילנע, 8 אָקטאָבער 1907).

8) דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" (25 יאָר, ז. 32, וואַרשע 1922).

9) Г. Я.: Бундъ (Жизнь № 2, 1902 Лондонъ).

10) וול. קאָסאָווסקי: זובאַטאָוו „ליקווידירט דעם בונד" (אַרקאַדי, זאַמלבוך, ז. 187), ניו-יאָרק 1942.

11) אַרקאַדי קרעמער: די גרינדונג פון בונד (אַרקאַדי, זאַמלבוך זז. 363-4).

12) Революционное движение среди евреев, стр. 152—3, Москва 1930.

13) אַרקאַדי, זאַמלבוך, ז. 363.

14) דאָרט, זז. 192-3.

15) נ. אַ. בוכבינדער: די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד, ווילנע 1931. זז. 86-7.

16) שלום לעווין: אונטערערדישע קעמפער, ניו-יאָרק 1946, ז. 142.

17) אַרקאַדי, זאַמלבוך, ז. 207.

18) ב. מיכאַלעוויטש: זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט, ב. 1, זז. 56-7, וואַרשע 1922.

19) לעאָן בערנשטיין: ערשטע שפּראָצונגען (זכרונות), ז. 118, בוענאָס-איירעס, 1956.

20) В. Цоглин (Давид Кац — «Тарас»): Между первым и третьим съездами Бунда (Революционное движение среди евреев, стр. 163, Москва 1930).

21) די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין דאַטן 1922 — 1876 (25 יאָר, וואַרשע 1922).

22) דזשאַן מילל: פּיאָנערן און בויער, ב. 2, ז. 16, ניו-יאָרק 1949.

23) Materyały do historyi P.P.S., Tom 1, str. 301, Warszawa, 1907

24) רויטער פּנקס, ערשטער זאַמלבוך, זז. 4-53, וואַרשע 1921.

25) דזשאַן מילל: דצ"ןו, ב. 2, זז. 3-52.

26) דצ"וו, ב. 2, זז. 7-66.

27) דצ"וו, ב. 2, ז. 67.

28) אַרבעטער-לוח 1922, ז. 150, וואַרשע.

29) רויטער פּנקס, ערשטער זאַמלבוך, ז. 57.

30) דצ"וו, ז. 55.

31) דזשאַן מילל: דצ"וו, ב. 2, זז. 11-10.

32) פראַנץ קורסקי: געזאַמלטע שריפטן, זז. 222, 246, ניו-יאָרק 1952.

33) העקטאָגראַפירט, 10 זייטן אויף רוסיש, אַרכיוו פון בונד.

34) אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן): בלעטער פון מיין יוגנט, ז. 105, ניו-יאָרק 1959.

35) פּ. אַנ-מאַן: רויטער פּנקס, ערשטער זאַמלבוך, ז. 59.

36) Л. Мартов: История Российской Социал-демократии, стр. 39, Москва 1923.

37) זכרונות, ב. 1, ז. 145.

38) פּ. אַנ-מאַן: דצ"וו, זז. 1-60.

39) Матеріалы къ исторіи еврейскаго рабочаго движенія, стр. 116—7, С.-Петербургъ, 1906.

40) פּ. אַנ-מאַן: דצ"וו, ז. 60.

40א) פּ. אַנ-מאַן: דצ"וו ז. 61.

41) דזשאַן מילל: דצ"וו, ב. 2, ז. 85.

42) 25 יאָר, זז. 7-166, וואַרשע 1922.

43) ב. מיכאַלעוויטש: דצ"וו, צווייטער באַנד, זז. 30-22.

44) ס. איינזאַפּט: די זובאַטאָווישע און גאַפּאָנישע באַוועגונגען, זז. 78-82, מינסק 1926.

45) ב. מיכאַלעוויטש: דצ"וו, ב. 2, ז. 15.

46) ב. מ. פרומקין: די זובאַטאָװשטשינע און די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג (פּערעזשיטאָיע [רוסיש], באַנד 3, זז. 199־231, ס. פּעטערבורג 1911).

47) דצ"וו, זז. 4-223.

48) Исторія еврейскаго рабочаго движенія въ Россіи и Польшѣ, Женева 1901.

49) שלום לעווין: דצ"וו, זז. 8-127, 141.

50) ל. בערמאַן (לייבעטשקע): אין לויף פון יאָרן, זז. 9-168., ניו-יאָרק 1945.

51) מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג (רוסיש), זז. 9-88.

52) לעאָן בערנשטיין: דצ"וו, זז. 2-31.

53) מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע, זז. 1-90.

54) ב. מיבאַלעוויטש: דצ"וו, ב. 1, זז. 3-132.

55) אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן): דצ"וו, זז. 6-54.

56) י. ש. הערץ: די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, ז. 71, ניו-יאָרק 1958.

57) פּאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ נומער 34, 27 סעפּטעמבער 1901, לאָנדאָן.

58) דצ"וו, נומ. 98, 4(17) דעצעמבער 1902.

59) דצ"וו, נומ. 54, 29-טער יאַנואַר 1902.

60) דצ"וו, נומ. 58, 27 פעברואַר 1902.

61) דצ"וו, נומ. 72, 7 יוני 1902.

62) דצ"וו, נומ. 74, 19 יוני 1902.

63) דצ"וו, נומ. 74.

64) אַרכיוו פון בונד, 10 זייטלעך אויף רוסיש, העקטאָגראַפירט.

65) מאַטעריאַלן א. אַ. וו., ז. 140.

66) זאַמלבוך 25 יאָר, זז. 2-130, וואַרשע 1922.

67) באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, 1900 (25 יאָר, זז. 7-134, וואַרשע 1922).

68) דר. הערמאַן פראַנק: געקליבענע שריפטן, ז. 368, ניו-יאָרק 1954.

69) זאַמלבוך 25 יאָר, זז. 50-149, וואַרשע 1922.

70) י. ש. הערץ: דצ"וו זז. 1-100.

71) 25 יאָר, זז. 8-145.

72) ל. בערמאַן (לייבעטשקע): דצ"וו, זז. 1-140.

73) ס. דובנאָוו-ערליך: גאַרבער-בונד און בערשטער-בונד. בלעטלעך געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, 263 זייטן, וואַרשע 1937.

74) אַבראַם דער טאַטע: דצ"וו, זז. 9-118.

75) ס. דובנאָוו-ערליך: דצ"וו, ז. 71.

76) וועגן לעבן און קאַמף פון הירש לעקערט גיט אַ גענויע באַשרייבונג י. ש. הערץ אין זיין אַרבעט הירש לעקערט, ניו-יאָרק 1952. דאָרט איז אויך אָפּגעדרוקט אַ גרויסע לעקערט-ביבליאָגראַפיע, צוזאַמענגעשטעלט פון יעקב ישורין.

77) זיינע הענט זיינען געווען געבונדן, האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, כדי די פּעטליע זאָל אַראָפּפאַלן אויפן האַלז, ווייל זי האָט זיך פאַרהאַלטן ביי דער נאָז.

78) פאָלקס-צייטונג, נומ. 32, 1922, וואַרשע, איבערגעדרוקט אין זיין בוך געשטאַלטן און פּערזענלעכקייטן, וואַרשע 1938.

79) זכרונות פון אַ יודישען סאָציאַליסט, ב. 1, זז. 8-147.

80) א. ליטוואַק: געקליבענע שריפטן, ניו-יאָרק 1945, ז. 231.

81) דאָרט, זז. 232, 234, 9-238.

82) פון הירש לעקערטס צייטן, זז. 146 און 150 (רויטער פנקס, צווייטעס זאַמלבוך, וואַרשע 1924).

83) וולאַדימיר מעדעם: פון מיין לעבען, ב. 1, ז. 318, ניו-יאָרק 1923.

84) זכרונות, ב. 1, ז. 149.

85) נ. א. בוכבינדער: דצ"וו, זז. 296-7.

86) שמעון דובנאָוו: די וועלט-געשיכטע פון יידישן פאָלק, באַנד 10, ז. 303.

87) די דאָזיקע אויסשעפנדיקע קאָרעספאָנדענץ-אָפּהאַנדלונג וועגן טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם האָט געשריבן מאַרק ליבער. זי איז אויך אָפּגעדרוקט אין פּאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ נומ. 92, פון 30 אָקטאָבער 1902.

88) די מאַטעריאַלן א.אַז.וו. (רוסיש), ז. 139 (די יידישע בראָשורן, וואָס זיינען אַרויס אין 1902, זיינען על פּי רוב געדרוקט אין 5,000 עקז., אַנדערע — אין 3 טויזנט. די רוסישע בראָשורן זיינען געדרוקט אין 3-4 טויזנט עקז.).

89) וולאַדימיר מעדעם: דצ"וו, ערשטער באַנד, זז. 288-89, 296-97.

90) לויט ווי עס אינפאָרמירט מיר באָריס ניקאָלאַיעווסקי, זיינען געווען אויסגעקליבן נאָך צוויי דעלעגאַטן: פּ. לעוננניק (קורץ) פון וואָלגער פאַרבאַנד און מ. סילווין (בראַדיאַגאַ); זיי ביידע זיינען אָבער ניט געקומען, ווייל זיי האָבן נישט באַקומען די נויטיקע „יאַווקעס" (אַדרעסן וואו צו מעלדן זיך).

י. ש. הערץ

# דער „בונד"
# און די אַנדערע ריכטונגען

# אינהאַלט:

## 1. ר.ס.ד.אַ.פּ. — צוזאַמענאַרבעט און צוזאַמענשטויס

בונד האָט געמיינט רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. זיין הויפּט־ענערגיע האָט ער פאַרווענדט אין קאַמף מיט דער צאַרישער זעלבסט־הערשונג און מיט די בעלי־בתים. דאָס איז געווען אַ קאַמף פאַר אַ ווירדיקער לעבן ווי מענטשן און יידן, פאַר אַרויסהויבן זיך פון מאַטעריעלן און פּאָ־ליטישן, נאַציאָנאַלן און קולטורעלן יאָמער־טאָל.

אין גאַנג פון קאַמף האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אויסגעברייטערט איר האָריזאָנט, פאַרמערט איר געניטקייט און אויסגעבעסערט איר כלי־זין. די געמיינזאַמקייט פון די אַרבעטער־אינטערעסן און סאָציאַליסטישע צילן האָט דיקטירט אַ נאָענטקייט און צוזאַמענאַרבעט מיט די סאָציאַליסטיש־רע־וואָלוציאָנערע גרופּירונגען פון די אַנדערע פעלקער אין דער גרויסער רוס־לענדער אימפּעריע. די יידישע אַרבעטער, אונטער דער פאָן פון בונד, האָבן אַריינגעטראָגן אַ גרויסן חלק אין אַלגעמיינעם קאַמף קעגן צאַרישן דעספּאָ־טיזם, פאַר אַ פריי לעבן פון די פעלקער אין מזרח־אייראָפּע.

נישט בלויז הסכם און האַרמאָניע זיינען געווען אין געמיינזאַמען קאַמף, ס'האָבן אויך נישט געפעלט חלוקי־דעות און רייבונגען. אין שווערן לעבן אונטער דער צאַרישער ממשלה איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אידיליעס. אַפילו די, וואָס האָבן בשותפותדיק געשטרעבט און געקעמפט, געהאַט די זעלבע פרייד און לייד, זיינען נישט געווען פריי פון צאַנקערייען און צו־זאַמענשטויסן.

דער בונד איז געווען אַ מיטשאַפער פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און אַן אויטאָנאָמער טייל פון איר (געגויער וועגן דעם אין דער אַרבעט פון ח. ש. קאַזדאַן אין דעם באַנד). דאָ וועלן מיר באַרירן עטלעכע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג און פעסטשטעלן די ראָל און די פּאָזיציע פון בונד.

***

ווי די יידישע, אַזוי איז אויך די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַ־וועגונג דורכגעגאַנגען אַ פּעריאָד פון קרייזלעך. דער איבערגאַנג צו אַ מאַסן־

באַוועגונג איז ביי די רוסן פאַרגעקומען אַ ביסל שפּעטער, ווי ביי די יידן. ביי דעם וועגד־פּונקט האָבן די רוסישע טוער געקענט אויסנוצן און טאַקע אויסגענוצט די דערפאַרונגען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אַרקאַדי קרעמערס בראָשור וועגן אַגיטאַציע האָט דאָ געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל. אַנטשטאַנען אין פּראָצעס פון קאַמף קעגן דער ווילנער אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך שאַרף קעגנגעשטעלט דעם איבערגאַנג פון קרייז־לעך צו אַ מאַסן־באַוועגונג, האָט זי גראָד ביי דער אַנפירנדיקער גרופּע אין ווילנע נישט נושא־חן געווען, הגם מ׳האָט איינגעשטימט מיט די גע־דאַנקען און אויספירן פון דער בראָשור. אין אָנהויב האָט מען זי נישט אָק־צעפּטירט. ווי אַ כלי־זין קעגן דער אָפּאָזיציע האָט מען אָנגענומען אַ צווייטע בראָשור (ש. גאָזשאַנסקיס). דער דערפאָלג פון אַרקאַדי קרעמערס ביכל האָט זיך אָנגעהויבן אין די רוסישע שטעט.

וועגן דעם איז דערציילט געוואָרן שפּעטער: „די בראָשורן ׳אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן׳ און ׳וועגן אַגיטאַציע׳ האָבן זיך געלעזן אויף אַ זיצונג פון ווילנער אינטעליגענטן־קרייז, נאָך איידער מאַרטאָוו איז אין אים אַריינגע־גאַנגען. דער קרייז האָט באַשטעטיקט דעם ׳בריוו צו די אַגיטאַטאָרן׳ און פאַרבראַקירט ׳וועגן אַגיטאַציע׳. דער מאַנוסקריפּט איז פאַרבליבן ביי זיין אויטאָר אַל.. ווען פון מאָסקווע איז געקומען אַ חבר, האָט אים אַל. אָפּגעלייענט דעם מאַנוסקריפּט, און דער געקומענער האָט אים איבערגעשריבן פאַר זיך אָן קיינע ענדערונגען; נאָכהער, ווען די בראָשור האָט מען אָנגעהויבן פאַדערן פון אַנדערע שטעט, האָט דער חבר אַל. איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט מאַר־טאָוון צו באַאַרבעטן אים סטיליסטיש. מאַרטאָוו האָט אומגעענדערט אינם מאַ־נוסקריפּט צוויי — דריי פראַזן״ [1]).

דער שטריט פון איבערגיין פון קרייזלעך צו אַ מאַסן־באַוועגונג איז פאַרגעקומען אויך אין די שטעט, וואו ס׳זיינען געווען רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס. די וואָס האָבן געוואָלט די אָר־גאַניזאַציע אַרויסרייסן פון דער באַגרענעצטער קרייזלעריי, האָבן אין קרעמערס בראָשור געהאָט די נויטיקע אָנווייזונגען און אַרגומענטן פאַר דער נייער טאַקטיק. אַזוי איז געווען אין מאָסקווע, פּעטערבורג און אַנדערע שטעט.

אין 1894 האָט דער מאָסקווער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טוער ע. ספּאָנטי געברענגט קרעמערס בראָשור פון ווילנע קיין מאָסקווע. אין האַרבסט פון זעלבן יאָר איז אין מאָסקווע געווען דער פּעטערבורגער ס. ד.־טוער מ. א. סילווין. ביים אָרטיקן טוער ס. מיצקעוויטש האָט ער באַקומען אַן עקזעמפּלאַר פון דער העקטאָגראַפירטער בראָשור און זי געבראַכט קיין פּעטערבורג, וואו זי איז שוין פריער געווען באַקאַנט. אָט וואָס סילווין דערציילט וועגן דעם:

„די בראָשור האָט שוין פריער צירקולירט אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן פון דער הויפּט־שטאָט און גורם געווען אַ סך געשפּרעכן. איר אידייע האָט אַנטשפּראָכן דער סאַמע שאַרפסטער פראַגע אין אונזער טעטיקייט: ווי אַזוי זאָל מען איבערגיין פון דער קרייזלדיקער צו אַ מאַסן־אַרבעט, ווי אַזוי זאָל מען די דאָזיקע מאַסן אַריינציען אין דער באַוועגונג?״... ווינטער 5־1894

איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די אָנפירנדיקע טוער וועגן איבערגיין צו דער נייער טאַקטיק. „וול. איליטש (לענין) האָט רעפערירט די פראַגע, מ׳האָט איבערגעלייענט אויסצוגן פון דער בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳, מ׳האָט נאָכ־אַמאָל אויסגעהערט די קעגנערישע מאָטיווון פון די אַלטפּרענקישע און די אַרגומענטן לטובת דעם נייעם מעטאָד. מיט אַ מערהייט, קעגן די שטימען פון קראַסין און ראַדטשענקאָ, איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס איבערצו־גיין פון קרייזלדיקער פּראָפּאַגאַנדע, הגם נישט איבעררייסנדיק זי, צו אַגי־טאַציע אין די מאַסן אויפן באָדן פון זייערע טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען״. ס׳האָט נאָך געדויערט אַ געוויסע צייט ביז מ׳האָט דאָס געקענט רעאַליזירן [2]).

וועגן פּעטערבורג דערציילט אויך נ. קרופּסקאַיאַ: „מאַרטאָוו און ליאַ־כאָווסקי, וועלכע זיינען געקומען פון ווילנע, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך הייסע וויכוחים. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אַן אַגיטאַציע אויך אין פּעטערבורג מיט דער הילף פון אויפרופן״ [3]).

דאָס איז געווען אין 1895. ווי מיר האָבן אָנגעוויזן פריער, איז די בראָ־שור וועגן אַגיטאַציע געווען אין פּעטערבורג שוין אין 1894.

פיאָדאָר דאַן, פון די אַקטיווסטע טוער פון דער פּעטערבורגער אָרגאַ־ניזאַציע אין מיטן די ניינציקער יאָרן, שרייבט: „די דאָזיקע בראָשור, וואָס איז אַ לאַנגע צייט פאַרשפּרייט געוואָרן בלויז אין האַנטשריפטלעכע קאָפּיעס, האָט באַקומען אַ הילכיקן רעזאָנאַנס ווייט מחוץ די גרענעצן פון ווילנע, ווייל זי האָט געגעבן אַן ענטפער אויף די פראַגן, וואָס די מאַסן־באַוועגונג האָט געשטעלט פאַר די מאַרקסיסטישע קרייזלעך נישט בלויז אין ווילנע״... זי האָט געגעבן „אַ דעצידירנדיקן שטויס איבערצובויען די פּעטערבורגער אַר־בעט און פאַראייניקן אַ ריי מאַרקסיסטישע קרייזלעך אין פּעטערבורגער ׳קאַמף־פאַרבאַנד פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס׳״... „אין איר אַרבעט איז די נייע אָרגאַניזאַציע געגאַנגען אויפן וועג, וואָס איז געווען אָנגעצייכנט אין דער בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳ און וואָס איז גערופן געוואָרן ׳דער ווילנער פּראָגראַם׳.״ [4]).

אויף דעם וועג זיינען אויך געגאַנגען די אָרגאַניזאַציעס אין די אַנדערע צענטרען. וועגן מאָסקווע דערציילט א. אוליאַנאָווא:

„דאָס יאָר 1896 — אַ יאָר פון גרויסע שטרייקן פון טעקסטיל־אַרבעטער, בעיקר אין פּעטערבורג, אָבער אונטערגעהאַלטן אויך אין מאָסקווע — איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד: אויפן אָרט פון איינצלנע פאַרפּראָפּאַגאַנדירטע אַרבעטער זייגעז צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן אויף דער אַרענע מאַסן. דער געשפּרעך פון טאָג זיינען יענעם פרילינג געווען די וויכוחים וועגן דער נויטווענדיקייט איבערצוגיין פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, פון קרייזלדיקע לימודים, פון אַרויסגעבן בראָשורן און איבערזעצונגען צו בלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס. מ׳האָט פאַרשפּרייט, איבערגעדרוקט און זיך אָנגעלייענט די בראָשור ׳וועגן אַגיטאַ־ציע׳, וואָס איז אַרויס אין איינער פון די מערב־גובערניעס. די דאָזיקע בראָ־

שור האָט אָנגעשריבן קרעמער און זי האָט זיך באַוויזן אין מאָסקווע נאָך אין 1894. נאָכן דורכפאַל פון מיצקעוויטשעס קריזל איז זי צייטווייליק פאַר־שוואונדן פון דער סצענע און איז צוריק אַרויפגעשוואומען מיט גרויס דער־פאָלג אין 1896״[5]).

אויך אין זכרונות פון אַנדערע שטעט ווערט אָנגעוויזן אויף דער באַדייטנ־דיקער ראָל פון דער בראָשור וועגן אַגיטאַציע ביים איבערגאַנג צו אַ מאַסן־באַוועגונג. מ׳האָט זיך מיט איר באַנוצט ווי אַ וועג־ווייזער אויך אין די שטעט פון דרום־רוסלאַנד און אַפילו אין קאַווקאַז.

„די באַוואוסטע בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳ — דערציילט פּ. גאַרווי אין זיינע זכרונות וועגן אָדעס — האָט מיט פולער קלאָרקייט אָפּגעשפּיגלט דעם איבערברוך־מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ס.ד. באַוועגונג אין רוסלאַנד. אויף אונז אַלעמען, די פּאַרטיי־טוער פון יענער צייט, האָט זי געהאַט אַ גרויסע השפּעה״[5]א).

ווען מ׳האָט אָנגעהויבן פאָדערן פון די רוסישע שטעט קרעמערס בראָשור, האָט זי די ווילנער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן (העקטאָגראַפירט). זי האָט פיגורירט צווישן די אויסגאַבעס פון דער גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד. „אָנהויב 1894 שיקט די ווילנער פּיאָנערן־גרופּע פאַנאַנדער צו די גרעסערע רוסישע סאָצ. דעמ. קאָמיטעטן (פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס א.אַ.) העקטאָגראַפירטע קאָפּיעס פון אַרקאַדי קרעמערס בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳, אַ בראָשור וואָס ווערט אין פולן זין דאָס טעקסט־בוך פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט אין די גרעסערע צענטרען פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג״[6]).

געדרוקט געוואָרן איז די בראָשור (רוסיש) אין אויסלאַנד — זשענעוו (שווייץ) — ערשט סוף 1897. געשיקט צום דרוקן האָט מען זי נאָך פרילינג 1895, אָבער ס׳האָט געדויערט דריטהאַלבן יאָר ביז מ׳האָט זי אַרויסגעלאָזט. דעם טעקסט פון דער בראָשור האָט פּ. אַקסעלראָד באַקומען פון וו. לעניז, וועלכער איז (צוזאַמען מיט ע. ספּאָנטי) אין מאַי 1895 געקומען קיין אויסלאַנד מיט דער שליחות פון אַ באַראַטונג צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ וועגן אַרויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פאַר די ברייטע אַרבעטער־מאַסן. אַרויסגעגעבן האָט דאָס ביכל דער פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד אונטער דער רעדאַקציע פון דער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ.

די געדרוקטע בראָשור איז געוואָרן באַגלייט מיט אַ קורצן פאָרוואָרט און אַ לאַנגן נאָכוואָרט פון פּאַוועל אַקסעלראָד. אין דעם נאָכוואָרט גיט אַקסעלראָד אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק אין רוסלאַנד, פּאָלעמיזירט מיט דער איינשטעלונג פון די באַקוניסטן און לאַוורּאָוויסטן און קריטיקירט אויך אייניקע פאָרמולי־רונגען אין דער בראָשור וועגן אַגיטאַציע. ער וואַרפט איר פאָר אַ געוויסע איינזייטיקייט. לסוף קומט ער צו אַזאַ אויספיר:

„מיט דעם געזאָגטן ווערט בשום אופן נישט פאַרקלענערט די באַדייטונג

פון דעם ווערק ׳וועגן אַגיטאַציע׳, וואָס מיר האָבן איבערגעדרוקט. זיין באַ־ווייזן זיך איז געווען אַן אַנזאָג, אַז ס׳קומט אָן אַ נייער פּעריאָד אין אונזער באַ־וועגונג. די באַמערקונגען פון מחבר בנוגע דעם תוך און באַטייט פון אַגיטאַציע אין די מאַסן זיינען געווען ביי און אָריגינעל פאַר די חברים, צו וועלכע ער ווענדט זיך און זיי האַלטן אין זייער קראַפט אויך פאַר אונזער צייט״...

דער וויכטיקסטער רוסישער טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם, ג. פּלעכאַנאָוו, האָט גענומען אַ וואָרט וועגן דער בראָשור יאָרן שפּעטער. מיט אַ גרויסן אַרטיקל א. נ. נאַכאַמאַל סאָציאַליזם און פּאָליטישער קאַמף הויבט ער אָן דעם ערשטן נומער פון טעאָרעטישן זשורנאַל זאַריאַ. אין דעם אַרטיקל ווערט געגעבן אַן אָפּשאַצונג און קריטיק פון אַרקאַדי קרעמערס בראָשור.

בעיקר איז די קריטיק געווענדט קעגן קרעמערס הנחה, אַז ביי דער אָפּגעשטאַנענקייט פון אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד קען מען אים אַריינציִען אין קאַמף נאָר אַרום זיינע טאָג־טעגלעכע פּראָפעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן. ערשט אין פּראָצעס פון אָט דעם קאַמף וועט ער זיך קענען אויפהויבן אויף אַ העכערער מדרגה און איבערגיין צום קאַמף פאַר פּאָליטישע פאָדערונגען. ג. פּלעכאַנאָוו, וואָס האָט שטאַרק אַקצענטירט דעם פּאָליטישן קאַמף, האָט באַשטריטן די טעאָריע פון פּאַזעס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי, ווי דער אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס, דאַרף פירן אַ פּאָליטישע אַגי־טאַציע אַפילו ווען דער קלאַס, וועלכן ער וויל פאַרטרעטן, איז נאָך הינטער־שטעליק.

הגם פּלעכאַנאָוו פּאָלעמיזירט מיט אַ ריי פאָרמולירונגען פון דער בראָשור, אַנערקענט ער אויך אירע גרויסע פאַרדינסטן: „מיט דעם וואָס איך זאָג דאָ, וויל איך בכלל נישט טאַדלען די בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳! איך ווייס, אַז זי האָט געברענגט גרויס נוצן אונזער באַוועגונג. זי האָט געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דער ׳קרייזלעריי׳, וואָס האָט זיך פריער ביי אונז צעבליט און וואָס האָט געקאָנט מאַכן זייער געבילדעטע מענטשן פון איינצלנע אַרבעטער, נאָר איז לחלוטין נישט געווען מסוגל צו האָבן אַ השפּעה אויף דער מאַסע. די בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳ האָט אונז געגעבן פיל אַגיטאַטאָרן. אָבער איר מחבר האָט געקעמפט קעגן דער קרייזלעריי מיט אַזעלכע באַווייזן, וואָס האָבן באַלד געשאַפן אַ גרונט פאַר טרויעריקע מיספאַרשטייענישן און טעותדיקע ׳חקירות׳.״ דאָס איז איר שוואַכע זייט און דאָס האָבן די „עקאָ־נאָמיסטן״, קעגן ווילן פון מחבר, אויסגענוצט צו באַקרעפטיקן זייער טאַק־טיק [7]).

די בראָשור איז אָנגעשריבן געוואָרן אין 1893 און פּלעכאַנאָווס קריטיק אין 1901. פאַר אָט די 7־8 יאָר האָט זיך זייער אַ סך געביטן אין רוסלאַנד. אין 1893 איז נאָך געווען גאַנץ ווייט אַפילו צו אַ נאָמינעלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, שוין אָפּגערעדט פון גרויסן חילוק אין די פּאָליטישע שטימונגען פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד. ווען די בראָשור האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייט צו ווערן — „אין 1894 האָט מען אויף די פינגער געקענט איי־בערציילן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן״ [8]), בעת מיט 7 יאָר שפּעטער איז

שוין געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אַקטיווע אָרגאַניזאַציעס, אַ פּרעסע, גרויסע מאַסן־אַקציעס א.אַז.וו.. פּלעכאַנאָוו האָט אָבער איגנאָרירט דעם אונטערשיד אין צייט און באַדינגונגען. וואָס ס׳איז געווען גוט נעכטן, האָט מען היינט שוין געקענט טייטשן צום שלעכטן.

לעניִן שטעלט פעסט, אַז די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון די ניינצי־קער יאָרן אין פּאַריקן יאָרהונדערט האָבן אין דער בראָשור וועגן אַגיטאַציע געפונען בוצלעכע אָנווייזונגען [9]).

אויך אין באַריכט, וואָס איז אין נאָמען פון פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד צוגעשטעלט געוואָרן צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָ־ציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, אין יאָר 1900, ווערט אָנגעוויזן אויף דער השפּעה פון קרעמערס בראָשור ביים איבערגיין צו אַ מאַסן־אַגיטאַציע צווישן די רוסישע אַרבעטער. אין באַריכט ווערט געזאָגט: „דער איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיקייט צו מאַסן־אַגיטאַציע איז געווען קלאָר באַגרינ־דעט, אויפן סמך פון דער דערפאַרונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין דער בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳, וואָס איז אין יאָר 1895 פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד״[10]).

אין באַריכט פון בונד צום זעלבן קאָנגרעס ווערט געזאָגט, אַז די בראָשור האָט געהאַט „אַ דעציִדירנדיקע ווירקונג אויפן איינשטעלן די סאָציאַל־דע־מאָקראַטישע טאַקטיק אין גאַנץ רוסלאַנד״ [11]). אין דעם באַריכט ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז די בראָשור האָט געהאַט „אַן איינציקן שוואַכן פּונקט״: „אַ נישט־איינגעגעבענעם פרואוו צו סכעמאַטיזירן דאָס איבערגיין פון דער אַר־בעטער־מאַסע פון עקאָנאָמישן קאַמף צום פּאָליטישן״. בעת די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָמענטן האָבן אין דער ווירקלעכקייט פון רוסלאַנד משפּיע געווען איינער אויף דעם אַנדערן, איז דאָס אין דער בראָשור קינסטלעך צע־טיילט געוואָרן: דער פּאָליטישער מאָמענט איז שאַרף אָפּגעטיילט געוואָרן פון עקאָנאָמישן. די אַנטוויקלונג איז געוואָרן אַריינגעשטופּט אין אַ קינסטלעכער סכעמע פון דריי פאַזעס, פון וועלכע בלויז די לעצטע האָט אַ פּאָליטישע באַפאַרבונג. „אין דאָזיקן פּונקט איז די בראָשור אַ פּראָדוקט פון די יאָרן 1893־1894״... „מיט דעם געזאָגטן ווערט, נאַטירלעך, נישט פאַרקלענערט די באַדייטונג און די פאַרדינסטן פון דער בראָשור. באַווייזנדיק זיך אין האַנטשריפט אין יאָר 1894, איז זי שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד. אומעטום האָט זי געהאַט אַן אומגעהויערן דערפאָלג״... „אויף אַן אַנטשידענעם אופן האָט זי באַווירקט די גאַנצע ווייטערדיקע טאַקטיק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג״ [12]).

פאַרוואָס האָבן די ווילנער טוער מתחילת פאַרבראַקירט קרעמערס בראָשור און זי איז דאָך אַוועק איבער דער לענג און ברייט פון רוסלאַנד, וואו זי האָט געפונען באַגייסטערטע חסידים און געוואָרן אַ וועג־ווייזער פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג? פאַרוואָס האָבן זיי אַקצעפּטירט גאָ־זשאַנסקיס אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן און ער איז נישט ווייטער אַוועק פון תחום־המושב?

ס׳איז פשוט.ביידע בראָשורן האָבן פאַרמאָגט דעם זעלבן גרונט־געדאַנק און געשטרעבט צום זעלבן ציל — ענדיקן מיט דער קרייזלעריי און איבערגיין צו אַ מאַסן־באַוועגונג. גאָזשאַנסקיס בראָשור האָט געהאַט די מעלה, וואָס זי איז אַרויסגעגאַנגען פון די קאָנקרעטע פאַרהעלטענישן אין די יידישע שטעט פון תחום־המושב. זי איז געווען מער צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע באַדינגונגען. אין איר איז אַ סך גערעדט געוואָרן וועגן יידישע אַרבעטער און אויך וועגן קאַמף קעגן די צאַרישע נגישות לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. אַזאַ בראָשור איז געווען גוט פאַר ווילנע און אַנדערע יידישע שטעט, אָבער נישט צוגעפּאַסט פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס זיינען געווען אַקטיוו צווישן דער רוסישער אַרבעטערשאַפט. קרעמערס בראָשור האָט פאַר די ווילנער געהאַט דעם חסרון, וואָס זי איז געווען צו אַלגעמיין און האָט נישט פאַרמאָגט די לאָקאַלע באַפאַרבונג. אין איר איז אויך נישט געווען דער יידישער עלעמענט. אַזאַ בראָשור מיט אַן אַלגעמיינעם אינהאַלט האָט גאַנץ גוט געקענט אויסגענוצט ווערן אין די רוסישע אָרגאַניזאַציעס.

***

ביים סוף פון נײַנצנטן און אין די ערשטע עטלעכע יאָר פון הײַנטיקן יאָרהונדערט איז אין די רייען פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטער אידעאָלאָגישער שטרייט. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָרט, וואָס דער עקאָנאָמישער קאַמף און דער פּאָליטישער קאַמף דאַרפן פאַרנעמען אין דער באַוועגונג. איין ריכטונג האָט אויפן אויבנאָן אַוועקגעשטעלט דעם עקאָנאָמישן קאַמף, אַ צווייטע — דעם פּאָליטישן, און אין ביידע ריכטונגען זיינען אויך געווען שאַטירונגען און ניואַנסן. אַ דריטע שיטה האָט אָנערקענט די גלייכע וויטווענדיקייט פון ביידע קאַמף־פאָרמען.

די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אויפגעקומען אויף די חורבות פון די נאַראָדנישע ריכטונגען (אָרגאַניזאַציעס זעמליאַ אי וואָליאַ, נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, טשאָרני פּערעדיעל) מיט אַ צומיש פון אַנאַרכיזם. בעת די ערשטע האָבן זיך אָריענטירט אויפן פויערטום און אינטעליגענץ, אויף אַ באַלדיקן פאָלקס־אויפשטאַנד און סאָציאַלער איבערקערעניש, אויף קאַמף מיט טעראָריסטישע מיטלען, האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּיאָנערן געזען פאַר זיך אַ תקופה פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד, דעם אויפקום און וואוקס פון אַן אַרבעטער־קלאַס — און אויף אים זיך אָריענטירט. די רוסישע אַרבעטער זיינען דעמאָלט געווען אָפּגעשטאַנען, דערשלאָגן און אַנאַלפאַבעטיש. ביז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעאָריע האָט געקענט צוקומען צו די מוחות און הערצער פון דער אַרבעטערשאַפט האָט מען געמוזט דורכגיין עטלעכע סטאַדיעס.

דעם סאַמע אָנהויב האָבן געמאַכט געוועזענע נאַראָדניקעס, עמיגראַנטן אין אויסלאַנד (גרופּאַ אָסוואָבאָזשדעניאַ טרודאַ — גרופּע פון באַפרייען די אַרבעט). זיי האָבן געפונען אָנהענגער צווישן די רעוואָלוציאָנערע אינטעלי־

גענטן, פיל פון זיי אויך פריערדיקע נאַראָדניקעס אין לאַנד גופא. ס׳האָבן זיך געבילדעט געהיימע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך, וועלכע האָבן זיך באַמיט צוציען אַרבעטער. ס׳איז געווען אַ פעריאָד פון קרייזלעריי, וואָס האָט אָנ־געהאַלטן בערך 10 יאָר צייט (צווייטע העלפט פון די 80־ער און ערשטע העלפט פון די 90־ער יאָרן אין פאַריקן י.ה.). ס׳איז געקומען דער צווייטער פעריאָד — דער איבערגאַנג פון קרייזל־פראָפּאַגאַנדע צו מאַסן־אַגיטאַציע, צום שאַפן אַ באַוועגונג מיטן אָנטייל פון גרויסע מאַסן־אַרבעטער. דער בעס־טער אופן פון אָריינציען די אַרבעטער אין דער באַוועגונג איז געווען קעמפן פאַר דעם, וואָס איז זיי צום נאָנטסטן; באַפרייען זיי פון דעם, וואָס דריקט זיי דירעקט. דער לאַנגער אַרבעטס־טאָג, דער קלאָגעדיקער לוין, די שלעכטע באַציאונג פון די באַלעבאַטים — די און ענלעכע פלאָגן זיינען געווען צום מערסטן פאַרשטענדלעך פאַר די אַרבעטער און פאַר דעם האָט מען זיי, ביי אַ געהעריקער צוגרייטונג, געקענט באַוועגן צו קעמפן.

אין דעם פעריאָד האָט, ווי שוין פריער דערמאָנט, געשפּילט אַ זייער גרויסע ראָל די בראָשור וועגן אַגיטאַציע פון אַרקאַדי קרעמער. די בראָשור האָט געהאַט פאַרן אויג דעם סאָציאַליסטישן ציל און די נויטווענדיקייט פון פּאָליטישן קאַמף אַלס דעם וועג צום ציל, אָבער די התחלה דאַרף געמאַכט ווערן אַרום די טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן פון דער אַרבעטערשאַפט. די ראָל פון דער בראָשור כאַראַקטעריזירט טרעפלעך מ. ליאַדאָוו (אַ וויכטיקער באָל־שעוויסטישער טוער און היסטאָריקער) מיט די דאָזיקע ווערטער: „די בראָ־שור ׳וועגן אַגיטאַציע׳ האָט געהאַט אַן אומגעהויערן דערפאָלג ביי אַלע יענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן זיך פאַקטיש צונויפגעטראָפן מיט די אַר־בעטער־מאַסן. דאָס איז געשען אַ דאַנק אירע פראַקטישע אָנווייזונגען ווי אַזוי מ׳דאַרף צוגיין צו דער גראָער, אומבאַוואוסטזיניקער מאַסע, כדי בעסער משפּיע זיין דעם וואוקס פון קלאַסן־באַוואוסטזיין און די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען פון פּראָלעטאַריאַט. איר מחבר האָט געוויזן ווי אַזוי מ׳דאַרף אויפן יסוד פון די עקזיסטירנדיקע קליינע נויטן און פאָדערונגען אויפוועקן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פון די מאַסן און זיי צוגרייטן צום אַקטיוון קאַמף מיט דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג״... „ווען דער מחבר פון דער בראָשור ׳וועגן אַגיטאַציע׳ האָט אין איינקלאַנג מיט אַלע אַקטיווע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון יענער צייט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון איבערגיין אַקטיוו אָנצופירן מיט דער מאַסאָווער אַרבעטער־באַוועגונג אויפן יסוד פון דער אומ־צופרידנקייט מיט דעם עקאָנאָמישן מצב, האָט ער אייגנטלעך געוואָלט די דאָזיקע סטיכישע אומצופרידנקייט איבערפאָרמירן אין אַ באַוואוסטזיניקע אומצופרידנקייט מיט דער לאַגע פון קלאַס; ער האָט געוואָלט די סטיכישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרוואַנדלען אין אַ באַוואוסטזיניקע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע״ [13]).

די דאָזיקע אָנגעצייכנטע טאַקטיק האָט בלויז אָנגעטראָפן אויף אַ ווי־דערשטאַנד ביי יענע עלעמענטן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין פון קרייזל־פעריאָד, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט זיי אָבער געלאָזט

הינטער זיך. די נייע טאַקטיק האָט געהאַט דערפאָלג. אַדאַנק איר האָט זיך איינגעגעבן אין אַ צאָל שטעט אַרויסצופירן גרויסע מאַסן אַרבעטער אין קאַמף — אַרויסשטעלן פאָדערונגען, שטרייקן, צוזאַמענשטויסן זיך מיט די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען.

ס'זיינען אַוועק עטלעכע יאָר און צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער האָבן זיך אַנטפלעקט חלוקי־דעות. ס'האָט זיך אויסגעבילדעט אַ ריכטונג, וואָס האָט דעם עקאָנאָמישן קאַמף געמאַכט פאַרן עיקר. אין דער עקסטרעמער פאָרם איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דער (אומלעגאַלער) צייטשריפט ראַבאָטשאַיאַ מיסל (אַרבעטער־געדאַנק), וואָס דער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אין פעטערבורג האָט אַרויסגעגעבן (דערשינען פון אָקטאָבער 1897 ביז סוף 1902) און וואָס האָט געהאַט אָנהענגער אויך אין אַנדערע שטעט. אין פּראָגראַם־אַרטיקל אין ערשטן נומער איז דאָס אַזוי פאָרמולירט געוואָרן:

פריער איז „דער עקאָנאָמישער יסוד פון דער באַוועגונג געווען פאַרטונקלט מיט דער שטרעמונג כסדר נישט צו פאַרגעסן דעם פּאָליטישן אידעאַל"...
„דער קאַמף פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן — איז דער סאַמע עקשנותדיקער קאַמף, דער סאַמע שטאַרקסטער לויט דער צאָל נפשות, וועמען ער איז פאַרשטענדלעך, און לויט דער העלדישקייט, מיט וועלכער דער סאַמע פשוטער מענטש פאַרטיידיקט זיין רעכט אויף עקזיסטענץ. אַזוי איז דער נאַטור־געזעץ. די פּאָליטיק שלעפּט זיך שטענדיק הכנעהדיק נאָך דער עקאָנאָמיק און אין אַלגעמיינעם סך־הכל ווערן די פּאָליטישע קייטן צעריסן בציבור מיט אַנדערע. דער קאַמף פאַרן עקאָנאָמישן מצב, דער קאַמף מיטן קאַפּיטאַל אויפן געביט פון די טאָג־טעגלעכע, ממשותדיקע אינטערעסן און די שטרייקן ווי אַ מיטל פון דאָזיקן קאַמף — דאָס איז דער דעוויז פון דער אַרבעטער־באַוועגונג" [14]).

דער געדאַנק איז דאָ קלאָר: די עקאָנאָמיק דאַרף האָבן דעם פּרימאַט, די אויבערהאַנט איבער דער פּאָליטיק. אין הסכם מיט דעם האָט די צייטונג במשך פון די איבער 5 יאָר פון איר עקזיסטענץ געברענגט פיל מאַטעריאַל און באַלויכטן פיל פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום פּראָפעסיאָנעלן מצב און קאַמף פון די אַרבעטער, אָבער זי האָט זייער ווייניק באַרירט ברייטערע פּאָליטישע פראַגן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג. אויב ס'זיינען יאָ באַרירט געוואָרן פּאָליטישע ענינים, זיינען עס געווען בעיקר אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַן ענגע שייכות צו די אַרבעטס־באַדינגונגען און דעם פּראָפעסיאָנעלן לעבן פון די אַרבעטער. אַזאַ צוגאַנג האָט גיכער געפּאַסט פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, פאַר אַ טרייד־יוניאָן־קערפּערשאַפט און נישט פאַר אַן אידעאָלאָגיש־רעוואָלוציאָנערער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, ווי ס'איז געווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דער דעספּאָטיש־רעאַקציאָנערער רעזשים האָט אָבער אויך נישט דערלויבט קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אומעטום, וואו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער אַרבעטערשאַפט, האָט זי קיין ברירה נישט

געהאַט און געמוזט שפּילן אַן אַקטיווע ראָל ביים צוגרייטן און אָנפירן די עקאָנאָמישע קאַמפן. ווען דער שטרייט אַרום דער טאַקטיק האָט זיך צע־פלאַקערט, האָבן די עקסטרעמע חסידים פון עקאָנאָמישן קאַמף אויפגעשטעלט אַ שיטה, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען עקאָנאָמיזם. די עקאָנאָמיסטן האָבן באַשולדיקט די קעגנער, אַז זיי זיינען אינטעליגענטן, וואָס זיינען אָפּגע־ריסן פון די מאַסן מיט זייערע נויטן און באַדערפענישן.

אַנטקעגן די עקאָנאָמיסטן זיינען געשטאַנען די אָנגעזעענסטע אידעאָלאָגן פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן אַרויסגערוקט אויפן אויבנאָן דעם פּאָליטישן קאַמף. אויך זיי האָבן נישט געלייקנט די נויטיקייט און נוצלעכקייט פון עקאָנאָמישן קאַמף. ביי זיי האָבן אָבער פּאָליטיק און מאַרקסיסטישע טעאָריע געהאַט דעם פּרימאַט און אויף די געביטן האָבן זיי אויסגעלאָדן זייער ענערגיע.

קעגן די עקאָנאָמיסטן איז אַרויסגערוקט געוואָרן די באַשולדיקונג, אַז זיי לאָזן נישט די אַרבעטערשאַפט זיך אויפהויבן אויף אַ העכערער שטופע פון קאַמף און אַז זיי פאַרשפּרייטן דעם רעוויזיאָניזם (די שיטה פון עדוואַרד בערנ־שטיין) אויפן רוסישן באָדן.

צווישן ביידע עקסטרעמע ריכטונגען זיינען געשטאַנען יענע עלעמענטן, וואָס האָבן אין דער טעאָריע און פּראַקטיק געשאַפן אַ מין סינטעז, ביידע — אי די עקאָנאָמיק, אי די פּאָליטיק — האָבן אַן אָרט אין דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער באַוועגונג. זיי פאַרנעמען אַ מער אָדער ווייניקער אָנגעזעענעם חלק אין דער טעטיקייט, אָפּהענגיק פון דער צייט און די באַדינגונגען. אַזאַ מין סינטעז האָט זיך באַמיט צו שאַפן די צייטשריפט ראַבאָטשעיע דיעלאָ (די אַרבעטער־זאַך), דער אָרגאַן פון פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן אין אויסלאַנד. אין איר פּראָגראַם־אַרטיקל האָט זי וועגן דעם געזאָגט: „מער ווי אין יעדן אַנדערן לאַנד איז אין רוסלאַנד דער עקאָנאָמישער קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס נישט אָפּצוטיילן פון פּאָליטישן. אויך לגבי דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג איז פולשטענדיק ריכטיק דער כלל פון וויסנשאַפט־לעכן סאָציאַליזם, אַז יעדער קלאַסן־קאַמף איז אַ פּאָליטישער קאַמף און אַז די סאָציאַלע באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס איז נישט מעגלעך אָן זיין פּאָלי־טישער באַפרייאונג. די לעבנס־אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס פירן אים צום פּאָליטישן קאַמף". אָנווייזנדיק, אַז מען דאַרף נעמען אין אַכט די באַ־דינגונגען און מעגלעכקייטן פון פּאָליטישן קאַמף, ווערט ווייטער געזאָגט: „ביים באַשטימען די פראַגן פון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף וועלן מיר זיך רעכענען מיט די באַדינגונגען פון רוסישן לעבן, מיט דער רייכער היסטאָ־רישער דערפאַרונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע, ווי אויך מיט דער קאַמף־דערפאַרונג פון אונזערע פּוילישע און יידישע חברים, וואָס זיינען מיט דערפאָלג טעטיק אין פּוילן און ליטע אונטער דעם דרוק פון זעלבן צאַרישן דעספּאָטיזם" [15]).

ב. קריטשעווסקי, דער רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט, האָט געשריבן: „ווער ס'אָנערקענט נישט די נויטווענדיקייט פון פּאָליטישן קאַמף פון אַרבעטער־

קלאַס, דער איז נישט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַט"... „דער עקאָנאָמישער קאַמף שטעלט מיט זיך פאַר די ערשטע פאָרם פון אַ מאַסן־באַוועגונג, די התחלה פון דער דערוואַכונג פון קלאַסן־באַוואוסטזיין ביים פּראָלעטאַריאַט. קיין שום זאַך קען נישט פאַרבייטן אָט די שול פון פּראָלעטאַרישער דערציאונג"... „ווי פאַרשידן ס'זאָלן נישט זיין די אָרטיקע באַדינגונגען, דאַרפן אַלע אונזערע אָרגאַניזאַציעס שטרעבן צו דעם, אַז אין באַוואוסטזיין פון די מאַסן זאָל ווי מעגלעך שנעלער אַריין דער פאַקט, אַז צווישן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, צווישן דעם פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער און דעם קאַמף פאַר פרייהייט איז פאַראַן אַן אומצערייסבאַרע פאַרבינדונג"... אונזערע אָרגאַניזאַציעס „דאַרפן צוטיילן דעם וואוקס פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער". דאָס איינזייטיקע אָפּגעבן זיך מיטן עקאָנאָמישן קאַמף „איז פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַזוי נישט מעגלעך, ווי פירן דעם פּאָליטישן קאַמף נישט פאַרבונדן מיט די קלאַסן־אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט" [16].

דער אידעאָלאָגישער שטרייט צווישן די אַלע ריכטונגען איז נאָך מער קאָמפּליצירט געוואָרן צוליבן אָרגאַניזאַציאָנעלן קאַמף פאַר באַהערשן די אָנפירונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דער אידעאָלאָגישער שטרייט איז נישט געפירט געוואָרן אין זיין ריינער פאָרם, אין הינטערגרונט זיינען געווען אויך אָרגאַניזאַציאָנעלע כוונות. קיין צענטראַל־קאָמיטעט איז נישט געווען צווישן ערשטן און צווייטן צוזאַמענפאָר (1898 — 1903, ער איז צעקלאַפּט געוואָרן צוליב די אַרעסטן באַלד נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפאָר). יעדע ריכטונג האָט געוואָלט ווערן דער טאָן־געבער און דעה־זאָגער ביים אויפבויען אַן איינהייטלעכע פּאַרטיי. די פּאָליטיקער זיינען געווען פאַר אַ שטרענג־צענטראַליזירטער פּאַרטיי, וואו די פירנדיקע ראָל זאָלן שפּילן פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן; די אַנדערע זיינען געווען פאַר אַ מער דעמאָקראַטישן געבוי, מיט אַ גרויסער ראָל פאַר די אַרבעטער.

גראָד די פּאָליטיקער האָבן נישט גערן געזען אַרבעטער אין דער אָנפירונג פון די אָרגאַניזאַציעס. געוועזן פאַלן, ווען מ'האָט פשוט נישט געוואָלט אַריינלאָזן אַרבעטער אין די קאָמיטעטן. און ס'איז אַ פאַקט, אַז דאָרט, וואו די ס.ד. אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען און אַ השפעה צווישן גרויסע מאַסן־אַרבעטער, האָבן זיי געמוזט אַ סך כוחות אַוועקגעבן פאַר די עקאָנאָמישע קאַמפן.

פאַר די אידעאָלאָגן איז עס געווען אַ פראַגע פון טעאָריע און טאַקטיק, פאַר די אַרבעטער — אַ לעבנס־באַדערפעניש. די לענג פון דער אַרבעטס־צייט, די הויך פון לוין און פאַרשידענע קלייניקייטן, וואָס האָבן געבילדעט די אַרבעטס־באַדינגונגען, האָבן די אַרבעטער געפילט אין זייערע אייגענע ביינער — ביים אַרבעטס־וואַרשטאַט און אויך ביי זיך אין דער היים. ווי האָבן זיי געקענט זיך אָפּזאָגן פון די באַמיאונגען צו פאַרבעסערן זייער טאָג־טעגלעכע דאָליע?

די שאַרפקייט פון שטרייט, דאָס פאַרמישן די יוצרות און דאָס פעלן פון אַן אָביעקטיוו־רואיקער באַהאַנדלונג פון דעם ענין זיינען אָפּטמאָל גיכער

געווען אַ פּועל־יוצא פון אינערלעך־אָרגאַניזאַציאָנעלע מאַנעווורעס, בעיקר צווישן די אינטעליגענטן אויף דער עמיגראַציע אין אויסלאַנד.

ווי איז געווען די פּאָזיציע פון בונד אין אָט דעם וויכטיקן שטרייט?

ווי אַן אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער און פון געשולטע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע אינטעליגענטן, האָט זי באַוויזן נישט אַריינצופאַלן אין קיין איינעם פוןביידע עקסטרעמען. די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן זיינען געווען האַרמאָניש געבונדן. געוויס האָבן אין די התחלות, ווען די מענטשן און די באַדינגונגען זיינען נאָך נישט געווען רייף פאַר פּאָליטישע אַקציעס, דאָמינירט די עקאָנאָמישע אַקציעס. מיטן גאַנג פון דער צייט האָט זיך אַלץ מער און מער אַרויסגערוקט אויפן אויבנאַן די פּאָליטיק. איינער פון די אָנגעזעענסטע בונ־דישע פירער כאַראַקטעריזירט די פּאָזיציע פון בונד אין די דאָזיקע ווערטער:

„דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד האָט אָנערקענט פאַר ריכ־טיק די 'פּאָליטישע' אָריענטאַציע פון דער 'איסקראַ', בפרט אַז ביי אים האָט די פּאָליטישע אַגיטאַציע שוין פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ. אָבער אַלס מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געלייגט געוויכט אויף אַלע אויפגאַבן פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג, האָט ער געהאַלטן, אַז ביידע ריכטונגען — די 'פּאָליטישע' און די 'עקאָנאָמישע' —ליידן מער אָדער ווייניקער אויף איינזייטיקייט, לכל הפּחות בנוגע דעם קאַמף פון די יידישע אַרבעטער, און האָט זיך מיט קיינעם פון זיי נישט געוואָלט אידייאיש פולקאָם סאָלידאַריזירן. ווייטער איז דער 'בונד' געווען אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ דעמאָקראַטישן געבוי און שטאַרקע דעמאָקראַטישע טראַדיציעס, די דיקטאַטאָרישע נייגונגען פון דער 'איסקרא' האָבן אים אָפּגעשטויסן" [17].

און ווייל דער בונד האָט זיך פאַרנומען מיט ביידע מינים טעטיקייט, האָט יעדער צד אין דעם היסטאָרישן שטרייט געקאָנט איינזייטיק אויסנוצן דעם בונד אַלס אַרגומענט דורך וויזן בלויז איין זייט פון דער מטבע.

ע. קוסקאָוואַ, פון די סאַמע עקסטרעמסטע עקאָנאָמיסטן, האָט אָנגעוויזן אויפן בונד, ווי אויפן סאַמע ערשטן, וואָס האָט געוויזן דעם וועג צו שאַפן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון אַרבעטער דורך זאָרגן פאַר די דירעקטע אינטערעסן פון די אַרבעטער און דורך זייער זעלבסט־טעטיקייט [18].

די עקאָנאָמיסטישע ראַבאָטשאַיאַ מיסל (סעפּטעמבער 1899) האָט געטון פאַרקערט — אַרויסגערוקט דעם בונד אַלס מוסטער און אויסנאַם פון אַ פּאָלי־טישער אָרגאַניזאַציע. די צייטונג שטעלט דעם פּאָליטישן בונד אַנטקעגן די עקאָנאָמיסטישע ס.ד. אָרגאַניזאַציעס פון די רוסישע אַרבעטער.

אין זיין קעגנזעצלעכער שטעלונג, אָנערקענט אויך וו. לענין דעם פּאָ־ליטישן כאַראַקטער פון בונד און ברענגט דאָס אַלס באַוויז קעגן די אויספירן פון ראַבאָטשאַיאַ מיסל. ער זאָגט: „די רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געשאַפן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי דעם פּעטערבורגער און קיעווער 'קאַמף־פאַרבאַנד', דעם יידישן אַרבעטער־בונד א.אַ.. די ראַבאָטשאַיאַ מיסל זאָגט, אמת, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג טראָגט אַ 'באַזונדערן פּאָליטישן כאַראַקטער', איז אַן אויסנאַם. אָבער דאָס איז ווידער נישט אמת, ווייל אויב

דער יידישער אַרבעטער־בונד וואָלט געשטאַנען ׳באַזונדער׳, וואָלט ער זיך נישט פאַראייניקט מיט אַ ריי רוסישע אָרגאַניזאַציעס און וואָלט נישט געשאַפן ׳די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי׳.״ [19]).

ווי אַ שיטה אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג פון רוסלאַנד האָט דער עקאָנאָמיזם זיך אָנגעהויבן אין 1897־8. אין די ערשטע יאָרן פון דער מאַסן־באַוועגונג האָבן אויך די שפּעטערדיקע קעגנער פון עקאָנאָמיזם אָק־צעפּטירט דעם פּרימאַט פון אַרויסרוקן און קעמפן פאַר קלענערע ענינים אין אַרבעטער־לעבן. וועגן דעם זאָגט וו. לענין: „דער שמאָלער כאַראַקטער פון דער אַרבעט איז אין אָנהויב געווען אומפאַרמיידלעך און האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין די שמאָלע דערקלערונגען פון טייל סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די דאָזיקע שמאָלקייט האָט אָבער נישט געשראָקן אויך יענע סאָציאַלע דע־מאָקראַטן, וואָס האָבן בשום אופן נישט פאַרגעסן די ברייטע היסטאָרישע צילן פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג״ [20]).

ווי אַ טעאָריע, איז דער עקאָנאָמיזם געווען נאָך פאַרן אויפקום פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. זי איז געווען אַ היסטאָרישע ירושה פון יענע נאַראָדניקעס, וואָס האָבן פאַרוואָרפן דעם פּאָליטישן קאַמף לטובת דעם עקאָנאָמישן און זי האָט שפּעטער נאָך געהאַט אַ שטאַרקן אָנשפּאַר אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטיש־קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט אין צאַרישן רוסלאַנד. הגם אין אַנדערע באַדינגונגען און אַנדערע פאָרמען, איז דאָ געווען אין אַ געוויסער מאָס אַן איבערחזרונג פון די קעגנערישע מיינונגען בנוגע עקאָנאָמישן קאַמף און פּאָליטישן קאַמף, וואָס האָבן אין סוף פון די 70־קער יאָרן פון 19טן י. ה. זיך אויסגעפאָרמירט אין שויס פון זעמליאַ אי וואָ־ליאַ און דערפירט צו דער שפּאַלטונג — צום שאַפן די נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ (די פּאָליטישע שיטה) און דעם טשאָרני פּערעדיעל (די עקאָנאָמישע שיטה). קעגן קאַמף אונטער פּאָליטישע לאָזונגען זיינען אויך געווען מ. באַקונין און זיינע אָנהענגער (אַנאַרכיסטן). דער שפּעטערדיקער שטרייט אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייען איז געווען אַ המשך פון אַן אַלטן וויכוח ביי אַ נייעם לוח.

סיי די יידישע, סיי די פּוילישע אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן געהאַט אַ פּאָליטישן אינהאַלט פריער ווי די רוסישע. די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, געפּאָרט מיט דער קלאַסן־אונטערדריקונג, האָט נישט דערלאָזט, אַז די יידי־שע און פּוילישע אַרבעטער זאָלן האָבן אַזאַ באַציאונג צום צאַריזם — באַטראַכטן דעם רוסישן צאַר ווי דעם באַטיושקאַ — ווי עס האָבן געהאַט די רוסישע אַרבעטער פאַר דער דערוואַכונג פון זייער קלאַסן־באַוואוסט־זיין, במילא זיינען זיי פריער געווען גרייט צום פּאָליטישן קאַמף.

אין אַלגעמיינע שטריכן איז די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַר־בעטער־באַוועגונג פאַקטיש געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס איז געווען אָנ־געצייכנט אין אַרקאַדי קרעמערס בראָשור: אָנגעהויבן פון עקאָנאָמישע פאָדערונגען, איז זי אין פּראָצעס פון קאַמף געשטיגן צו העכערע מדרגות פון פּאָליטישע קאַמפן קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג.

***

די בונדישע פיאָנערן און שפּעטער דער בונד גופא זיינען געווען שטאַרק אַקטיוו ביים שאַפן און בויען די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי. אַ טייל פון זייערע באַמיאונגען פאַרצייכענען מיר דאָ:

שוין אין 1894 האָט די ווילנער גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיך באַשעפטיקט מיט דער פראַגע וועגן שאַפן אַ ס.ד. פּאַרטיי אין רוסלאַנד. מ'האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט פּעטערבורג און מאָסקווע.

ווינטער 1894־5 איז אין פּעטערבורג פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון ס.ד. טוער פון עטלעכע שטעט. ס'זיינען געווען: וו. לעניו, ג. קזשיזשאַנאָווסקי און נאָך איינער פון פּעטערבורג, ע. ספּאָנטי פון מאָסקווע, יעקב ליאַכאָווסקי פון קיעוו און צמח קאָפּעלזאָן פון ווילנע. די הויפּט־טעמע פון דער באַראַטונג איז געווען וועגן דער נויטיקייט איבערצוגיין פון קרייזל־טעטיקייט צו אַ מאַסן־אַגיטאַציע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין אויסלאַנד זאָל מען דרוקן פּאָפּולערע ליטעראַטור פאַר אַרבעטער. צו דעם צוועק זיינען דעלעגירט געוואָרן קיין אויסלאַנד לעניו און ספּאָנטי (דער לעצטער — אַ געוועזענער אָפיציר, איז דעמאָלט געווען אַ זייער איבערגעגעבענער ס.ד. טוער). זיי האָבן געדאַרפט זיך פאַרשטענדיקן מיט דער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ. אין רעזולטאַט פון דעם האָבן אין אויסלאַנד אָנגעהויבן דערשיינען די זאַמלביכער ראַבאָטניק.

אין 1895 האָבן איסאַי אייזענשטאַט און וו. לעניו אין בערלין זיך צונויפגערעדט וועגן איינשטעלן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג צווישן די ווילנער און פּעטערבורגער ס.ד. אָרגאַניזאַציעס. אין פרילינג פון זעלבן יאָר האָט איסאַי אייזענשטאַט אין בערלין איבערגעגעבן אָנצופירן מיטן טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור און האַלטן די פאַרבינדונגען מיט די אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע און אַנדערע שטעט דעם סטודענט ווילהעלם בוכהאָלץ (אַ געבוירענער אין רוסלאַנד, אָבער אַ דייטשער בירגער. פאַר באַטייליקן זיך אין די סטודענטישע אומרוען געוואָרן אויסגעשלאָסן פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. 1891 אַוועק אין אויסלאַנד זיך לערנען. יאָרן לאַנג געהאַלטן די געהיימע פאַרבינדונגען צווישן רוסלאַנד און אויסלאַנד).

אין די ענינים פון פאַראייניקן די ס. ד. גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס האָט פאַרברענגט אין קיעוו (1895) און אָדעס (1896) איסאַי אייזענשטאַט. (אין אָדעס האָט מען דעמאָלט אייזענשטאַטן אַרעסטירט).

וועגן די זעלבע ענינים זיינען רוסישע טוער אויך געקומען זיך באַראַטן אין ווילנע. אַ גרויסע מניעה צו דער פאַראייניקונג זיינען געווען די אָפטע אַרעסטן און די שוואַכקייט פון די אָרגאַניזאַציעס, אָבער אָן פּעולה זיינען די באַמיאונגען נישט געבליבן.

האַרבסט 1896 איז אַרקאַדי קרעמער געקומען פון ווילנע אין פּעטערבורג וועגן איינשטעלן אַ פעסטע פאַרבינדונג צווישן די אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, פּעטערבורג און קיעוו. ער איז דאָרט געווען אויף אַ באַראַטונג מיט די

טוער פון קאַמף־פאַרבאַנד פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס. אַרקאַדי קרעמער האָט רעפערירט וועגן דער נויטיקייט אָנצוהייבן אַרויסגעבן אַ געמיינזאַמע צייטונג און דרוקן פּאָפּולערע בראָשורן אין אויסלאַנד. זיינע פאָרשלאָגן זיינען אָנגענומען געוואָרן. וועגן זעלבן ענין איז קרעמער געפאָרן קיין קיעוו. אויף אַ באַראַטונג מיט די דאָרטיקע טוער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז קרעמער זאָל פאָרן אין שווייץ זיך פאַרשטענדיקן און איינשטעלן די אַרבעט.

אַרקאַדי קרעמער האָט די שליחות אויסגעפירט. אין דער שווייץ איז אויך געקומען אַ שליח פון פּעטערבורג — ק. טאַכטאַרעוו. געווען איז דאָס אין 1897. אין אַ וואַלד ביי ציריך איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ באַראַטונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט: ג. פּלעכאַנאָוו, פּ. אַקסעלראָד, וויעראַ זאַסוליטש, ב. גינזבורג (קאָלצאָוו), אַ. קרעמער, ק. טאַכטאַרעוו (ס׳איז אויך געווען איינגעלאַדן מאַראַוווסקי־קאָטשאַן פון דער ליטווישער ס.ד., אָבער ער האָט פאַרשפּעטיקט). דער צונויפטרעף פון די טוער, וואָס זיינען געווען טעטיק אין רוסלאַנד, מיט די פירער־עמיגראַנטן איז ניט געווען פריי פון האַרבע רייד און ביטערע טענות.ביידע טוער פון רוסלאַנד האָבן פאָרגעוואָרפן די פאָרשטייער פון אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ און פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד אומטעטיקייט. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז באַזונדער גרויס איז דער פאַרדראָס אין רוסלאַנד פאַרוואָס מען גיט נישט אַרויס פּאָפּולערע ביכלעך, וואָס אַרבעטער זאָלן קענען לייענען און פאַרשטיין (ביי די ס.ד. אידעאָלאָגן אין אויסלאַנד איז פאַקטיש געווען אַן אומווילן זיך צו פאַרנעמען מיט דעם). זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט, אַז די עמיגראַנטישע טוער זאָלן זיך נישט מישן אין די אינערלעכע ענינים פון די אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד.

אויף די טענות האָט געענטפערט שאַרף ג. פּלעכאַנאָוו. ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע און איז גלייך אַוועק. אויך די אַנדערע דריי אויסלענדישע טוער זיינען אים נאָכגעגאַנגען. ס׳האָט אויסגעזען, אַז די באַראַטונג איז אויפגעריסן געוואָרן.

צומאָרגנס אין דער פרי איז גינזבורג געקומען צו קרעמערן און איבערגעגעבן, אַז פּלעכאַנאָוו אַנטשולדיקט זיך פאַר זיין האַנדלונג. ער האָט אים איינגעלאַדן צו קומען אויף ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען. פּלעכאַנאָוו אַליין איז געקומען צו טאַכטאַרעוון און זיך אַנטשולדיקט. דער זעלבער עולם איז זיך צונויפגעקומען אין אַ קאַפע. קרעמער און טאַכטאַרעוו האָבן שאַרף פאַראורטיילט פּלעכאַנאָווס נעכטיקע רייד און האַנדלונג. הגם, האָבן זיי געזאָגט, די גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, קענען זיי מיט די פירער פון דער גרופּעריידן בלויז ווי גלייכע מיט גלייכע. פּלעכאַנאָוו האָט זיך דעמאָלט ווידער אַנטשולדיקט און געזאָגט, אַז פאַר דעם אינצידענט טראָגט ער 90 פּראָצענט שולד. שפּעטער איז מען זיך צונויפגעקומען ביי פּאַוועל אַקסעלראָד. אויף דער באַראַטונג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ

פראָיעקט וועגן פאַראייניקן אין איין ס.ד. פּאַרטיי די ווילנער, פּעטערבורגער און קיעווער אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך דעם אויסלענדישן פאַרבאַנד [21].

אין זעלבן יאָר (1897) זיינען אויך אין רוסלאַנד פאָרגעקומען באַראַטונ־גען וועגן שאַפן אַ ס.ד. פּאַרטיי.

מיט עטלעכע חדשים נאָך דער ציריכער באַראַטונג, איז אין דער זעלבער שטאָט פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס וועגן אַרבעט־שוץ־געזעצגעבונג (23־30 אויגוסט 1897). די רוסישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון אַ. קרעמער, פּ. אַקסעלראָד און ב. גינזבורג (קאָלצאָוו). אויפן קאָנגרעס זיינען אויך געווען אָנוועזנדיק די רוסישע טוער פּ. סטרואַווע און ס. פּראָ־קאָפּאָוויטש. קרעמער האָט אָנגעשריבן דעם אַדרעס צום קאָנגרעס אין נאָ־מען פון פּעטערבורגער קאַמף־פאַרבאַנד פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס און פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון אַ שטאָט אין מערב־רוסלאַנד (ווילנע). אַלס רעדנער אין נאָמען פון דער רוסלענדער דעלעגאַציע איז אַרויסגעטרעטן פּ. אַקסעלראָד.

***

נאָך דער גרינדונג פון בונד איז זיין צענטראַל־קאָמיטעט געווען שטאַרק באַשעפטיקט ביים שאַפן די רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי. דער בונד האָט געהאַט דעם בעסטן אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט, האָט מען אים איבערגעגעבן די טעכנישע צוגרייטונגען און דער צוזאַמענפאָר איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין דער דעמאָלטיקער רעזידענץ פון בונדישן צ.ק. — אין מינסק.

אין צוגעגרייטן פּראָיעקט פון דער קיעווער דעלעגאַציע איז געווען, אַז דער נאָמען זאָל זיין — רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. די דעלעגאַציע פון בונד האָט פאָרגעשלאָגן צוויי ענדערונגען: דער נאָמען זאָל זיין — רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי. די אויסבעסערונגען זיינען באַגרינדעט געוואָרן מיט דעם, וואָס די פּאַרטיי דאַרף אַרומ־נעמען די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין לאַנד און נישט בלויז די רוסישע און שוין אין נאָמען זאָל קלאָר געזאָגט ווערן, אַז דאָס איז די פּאַרטיי פון די אַרבעטער. די ערשטע אויסבעסערונג — רוסלענדער — איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן נאָך דעם, ווי דער קיעווער דעלעגאַט פּ. טוטשאַפּסקי — אַליין אַ פריערדיקער מיטגליד פון דראַגאָמאַנאָווס אוקראַי־נישער אָרגאַניזאַציע — האָט אין אַ רעדע אונטערגעשטיצט דעם בונדישן פאָרשלאַג. (טוטשאַפּסקי דערציילט אַליין וועגן דער רעדע אין זיינע זכרונות און זי ווערט דערמאָנט אויך דורך וול. מאַכנאָוויעץ־אַקימאָוו, וו. צאָגלין (דוד קאַץ — טאַראַס) זאָגט, אַז אונטערגעשטיצט דעם בונדישן פאָרשלאַג האָט דער יעקאַטערינאָסלאַווער דעלעגאַט — דער פּאָליאַק ק. פּעטרוסע־וויטש).

אַן ערגערן מזל האָט געהאַט דער צווייטער פאָרשלאַג — אַריינשטעלן

אַרבעטער אין נאָמען פון דער פּאַרטיי. אַרום דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַ דעבאַטע און עטלעכע רעדנער האָבן אַרגומענטירט קעגן דער אויסבעסערונג. זיי האָבן געטענהט, אַז די אָרגאַניזאַציעס האָבן ווייניק אַרבעטער, ס׳וואָלט דעריבער נישט געווען אין אָרדנונג, ווען מען פּראָקלאַמירט זיך אַלס אַר־בעטער־פּאַרטיי. מיט אַ מערהייט פון איין שטים — 5 קעגן 4 — איז דער בונדישער פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

אַרקאַדי קרעמער האָט רעפערירט דעם פּונקט וועגן די פאַרבינדונגען פון דער פּאַרטיי מיט אויסלאַנד. ער האָט פאָרגעלייגט צו דערקלערן דעם פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן (אין וועלכן ס׳איז אויך געווען איינגעשלאָסן די גרופּע אָסוואָבאַזשדעניע טרודאַ) פאַרן אויסלענדישן קאָ־מיטעט און אים באַפולמעכטיקן צו רעפּרעזענטירן די פּאַרטיי אין אויסלאַנד. אַזוי איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן.

צום סוף פון צוזאַמענפאָר איז געווען אַ באַשיידענער אָוונט־ברויט מיט טאָסטן און געזאַנג. אַחוץ די 9 דעלעגאַטן זיינען געווען דער באַלעבאָס פון דער דירה פּיאָטר רומיאַנצעוו און זיין פרוי, ווי אויך די מינסקער בונדישע טוער זשעניע הורוויטש און פּאַוועל בערמאַן. דער בונדישער דעלעגאַט שמואל קאַץ — דער איינציקער אַרבעטער אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער ס.ד. פּאַרטיי — האָט אין זיין טאָסט מיט אַ לייכטער איראָניע דערמאָנט דעם צוזאַמענשטעל פון די דעלעגאַטן. ער האָט געזאָגט: „אויפן צוזאַמענפאָר זיינען געווען פאַרטרעטן די ׳קאַמף־פאַרבאַנדן׳ פון די סאַמע גרויסע צענטרען פון רוסלאַנד, וואו עס לעבן הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, און צווישן זייערע דעלעגאַטן איז נישטאָ קיין איין אַרבעטער! איך וואָלט געוואונטשן, אַז אויפן קומענדיקן צוזאַמענפאָר זאָלן אַחוץ אינטעליגענטן אויך זיין אַרבעטער און וואָס מער — אַלץ בעסער". דער דאָזיקער וואונטש האָט אַרויסגערופן אַ רוישיקע צושטימונג. נ. וויגדאָרטשיק (פון קיעוו) האָט צו דעם צוגעגעבן: „איך וואָלט געוואָלט, אַז דער קומענדיקער צוזאַמענפאָר זאָל פאָרקומען נישט אין ראַיאָן פון בונד, נאָר אין איינער פון די גרויסע רוסישע שטעט — אין מאָסקווע אָדער אין קיעוו"... „בעסער פון אַלץ וואָלט געווען אין וואַרשע, אונטער דער סאַמע נאָז פון די פעפעסאָוועצעס" — האָט געמאַכט אַ הלצה ק. פּעטרוסעוויטש [22].

שמואל קאַץ — זיין פּסעוודאָנים אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. איז געווען איסאַק און אין דער בונדישער באַוועגונג האָט מען אים גערופן שמואל דער שוואַרצער — איז פון פאַך געווען אַ זייגער־מאַכער. אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד. מ׳האָט אים אַריינגענומען אין דער בונדישער דעלעגאַציע, ווייל דער צ.ק. האָט געוואָלט, אַז איינער פון די דעלעגאַטן זאָל זיין אַן אַרבעטער. להיפּך צו דער דעמאָלטיקער טענדענץ אין טייל רוסישע ס.ד. אָרגאַניזאַציעס, איז אין בונד שטענדיק געווען אַ ווילן אַרויסצורוקן אַרבעטער אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס. קאַץ האָט דעמאָלט אויסגעפירט די טעכנישע פונקציעס ביים צ.ק. פון בונד. אין 1897 איז ער געוואָרן אַ זעצער און געאַרבעט עטלעכע יאָר

אין די אונטערערדישע דרוקערייען פון בונד אין ווילנע, מינסק, װאַרשע, לאָדזש, וואו ער האָט געזעצט און געדרוקט די אַרבייטער שטימע, אָרטיקע אָרגאַנען און אויפרופן. ער האָט אויך געאַרבעט אין דער בונדישער דרוקעריי אין זשענעוו (שווייץ).

דער נאָמען פון דער פּאַרטיי איז באַלד נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפאָר געענדערט געוואָרן אויף רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, אַזוי ווי די בונדישע דעלעגאַציע האָט לכתחילה פאָרגעלייגט אויפן צוזאַמענפאָר גופא. געשען איז דאָס אויף פאָלגנדיקן אופן: דער צוזאַמענפאָר האָט איבערגעגעבן דעם פּעטערבורגער דעלעגאַט סטעפּאַן ראַדטשענקאָ צוגרייטן אַ פּראָיעקט פון פּאַרטיי־מאַניפעסט, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט זאָל אָקצעפּטירן און רעדאַגירן. ראַדטשענקאָ האָט דעם טעקסט געגעבן אָנשרייבן פּיאָטר סטרואווען. ווען אַרקאַדי קרעמער האָט דערהאַלטן דעם פּראָיעקט, איז ער אים „שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן — נישט לויטן גייסט, נישט לויטן טאָן". דער צ.ק. פון בונד האָט זיך באַקענט מיטן אינהאַלט און באַשלאָסן צו פאַרלאַנגען געוויסע ענדערונגען. קרעמער איז וועגן דעם געפאָרן קיין פּעטערבורג און „אַנגעוויזן סטרואווען אויף די ערטער, וואָס מען דאַרף איבערמאַכן; ראַדטשענקאָ האָט געשטיצט סטרואווען. סטרואווע האָט עפּעס איבערגעמאַכט, אָבער נישט ראַדיקאַל"[23]). צוויי מאָל איז קרעמער וועגן דעם ענין מאַניפעסט געפאָרן קיין פּעטערבורג. אין מאַניפעסט איז אויך געווען געענדערט דער נאָמען פון דער פּאַרטיי. אין אים איז געווען אַריינגעשטעלט דאָס וואָרט אַרבעטער, ווי דער בונד האָט פאָרגעלייגט און וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן. סטרואווע און ראַדטשענקאָ האָבן עס מאָטיווירט מיט דעם, אַז אין מאַניפעסט רעדט זיך וועגן אַ פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס, האָט דעריבער קיין זין נישט, אַז דאָס זאָל נישט זיין אין נאָמען. קרעמער, וועלכער איז פּרינציפּיעל געווען פאַר דעם, האָט אַרויסגערוקט זיין טענה בלויז צוליבן פאָרמעלן טעם. אַזוי ווי דער דריטער מיטגליד פון צ.ק. — ב. איידעלמאַן — איז שוין געווען אַרעסטירט, האָבן די צוויי פאַרבליבענע שטימען זיך צעטיילט. לסוף האָט אַרקאַדי קרעמער געגעבן זיין הסכם.

⁂

נאָך די אַרעסטן פון 1898 האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן די צענטראַלע אָנפירונג פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דער בונד האָט געמאַכט עטלעכע פּרואוון און איז געווען מיטבאַטייליקט אין די פּרואוון פון אַנדערע צוריק אויפצושטעלן די פאַראייניקטע פּאַרטיי מיט אַ צענטראַל־קאָמיטעט בראש.

דער בונד האָט רעאַליזירט דעם באַשלוס פון ערשטן צוזאַמענפאָר אַרויסצולאָזן אַ מאַניפעסט וועגן דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי און אירע צילן. דער מאַניפעסט איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער אונטערערדישער דרו־

קערייפון בונד. דאָרט האָט מען אויך געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס פון עטלעכע אָרטיקע רוסישע אָרגאַניזאַציעס.

דער גרינדונג־צוזאַמענפאַר האָט דערקלערט די ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ פאַר דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי. די צייטונג איז פריער אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך דער קיעווער אָרגאַניזאַציע. צוליב די אַרעסטן האָבן עס ווייטער נישט געקענט טון די פריערדיקע אַרויסגעבער. דער בונד האָט דעריבער געפּרוווט דאָס טון. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז פּאַקטיש צו־געטרעטן אַרויסצוגעבן די ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ. ער האָט געבראַנגט מער רוסישע שריפט פאַר זיין אונטערערדישער דרוקעריי און צוגעצויגן נאָך אַן אַרבעטער, וואָס איז געווען געניט אין זעצן רוסיש (דאָס איז געווען מאַרק ווילטער). וואָס שייך דער ליטעראַרישער זייט פון דער אונטערנעמונג, האָט ער זיך אויך געווענדט צו אַ גרופּע פאַרשיקטע אין סיביר סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע טוער. אין מיטן די צוגרייטונגען איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אַרעסטירט געוואָרן און די זאַך האָט נישט געקענט דערפירט ווערן ביזן סוף. ערשט מיט דריי פערטל יאָר נאָכן אַרעסט פון ערשטן בונדישן צ.ק. האָט דער צווייטער צ.ק. באַקומען פון די פאַרשיקונג־ערטער מאַטעריאַל פאַר דער רוסישער פּאַרטיי־צייטונג, צווישן וועלכע ס׳זיינען אויך געווען דריי אַרטיקלען פון לענינען און אַ לענגערע אַרבעט פון מאַרטאָוון.

צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד האָט דער בונד געמאַכט עטלעכע פּרוּוון צונויפצורופן דעם צווייטן צו־זאַמענפאַר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ..

אָנהויב 1900 האָט דער פאַרבאַנד פון רוסישע ס.ד. געשיקט קיין רוסלאַנד צו אָרגאַניזירן דעם צוזאַמענפאַר צוויי פון זיינע טוער — פּ. טעפּלאָוו און דעם מיטגליד פון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד צמח קאָפּעלזאָן. אַ צאָל קאָמיטעטן און אויך די גרופּע פון דער צייטשריפט יוזשני ראַבאָטשי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ס׳זאָל פאָרקומען דער צוזאַמענפאַר. לענינס גרופּע (די שפּעטערדיקע איסקראַ־גרופּע) איז געווען קעגן. די דאָזיקע גרופּע האָט אָבער באַשלאָסן זיך יאָ צו באַטייליקן אין צוזאַמענפאַר, אויב ער וועט פאָר־קומען. דער צוזאַמענפאַר האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן דעם 6 מאַי 1900 אין סמאָלענסק. דעם 16 אַפּריל האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן גרויסע אַרעסטן אין דרום־רוסלאַנד און אין ראַיאָן פון בונד. מחמת דעם זיינען געקומען ווייניק דעלעגאַטן: וו. ראַזאַנאָוו, אבראַם גינזבורג (נאַומאָוו — פון יוזשני ראַבאָטשי), צ. קאָפּעלזאָן (פון אויסלענדישן פאַרבאַנד); פון בונד זיינען געווען נח און דוד קאַץ (טאַראַס). לענין האָט געהאַט אַ מאַנדאַט פון זיין גרופּע און פון דער אויסלענדישער גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ. ער האָט צוגעזאָגט צו קומען, אָבער ער איז נישט געקומען. צוליב דער קליינער צאָל דעלעג־גאַטן איז דער צוזאַמענפאַר נישט פאָרגעקומען.

דעם זעלבן מזל האָבן געהאַט די פּרוּוון אין 1901. אין 1902, ווען מ׳איז שוין געווען נענטער צום ציל, האָט מען עס אויך נישט געקענט דער־פירן ביזן סוף.

די באַמיאונגען צו אָרגאַניזירן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. האָבן זיך נישט איינגעגעבן, ווייל ס׳האָבן קעגן דעם געאַרבעט כוחות פון צוויי זייטן: אויסערלעכע — פּאָליציייאישע און אינערלעכע — פראַקציאָנעלע. די אַרעסטן האָבן צוגענומען די אַקטיוויסטע טוער און אויך געצוואונגען נישט צו פאַרלאָזן זייערע באַהעלטענישן פיל פון די, וואָס זיינען נישט געווען הינטער די קראַטעס. פון דער צווייטער זייט האָט געווירקט קעגן רופן דעם צוזאַמענפאָר די פראַקציע אַרום דער צייטשריפט איסקראַ. די איסקראָווצעס האָבן נישט געמאַכט קיין סוד פון דעם און איינער פון זייערע פירער — ל. מאַרטאָוו — האָט עס שפּעטער גאַנץ אָפן מודה געווען:

„מיר זיינען אַרויסגעטרעטן קעגן די פּרוואון פון ׳פאַרבאַנד׳ (פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד) צונויפצורופן אַ צוזאַמענפאָר פרילינג 1900. מיר האָבן עס אויך געטון שפּעטער. און ווען פרילינג 1902 איז געמאַכט געוואָרן אַ נייער פּרוואו צונויפצורופן אַ צוזאַמענפאָר, האָט אונזער דעלעגאַט באַקומען פון דער רעדאַקציע און אָרגאַניזאַציע פון ׳איסקראַ׳ אַן אינסטרוקציע, וואָס ער האָט אויסגעפירט — באַמיען זיך צו פאַרוואַנדלען דעם צוזאַמענפאָר אין אַ צוגרייטונג־קאָנפערענץ אויף צו שאַפן אַן אָפיציעלן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט מיט דער מיסיע צוצוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר״ [24]).

דאָס טאָרפּעדירן די באַמיאונגען און צוגרייטונגען צום צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין די יאָרן 1900־1902 ווערט אויך באַשטעטיקט אין אַ ריי סאָוועטישע היסטאָרישע אויסגאַבעס. דער הויפּט־פאַרדינסט אין דער שטע־רונג־אַרבעט ווערט צוגעשריבן לענינען. און זיי זיינען אפשר גערעכט... זיין ווירקונג אין דער איסקראַ־גרופּע — בפרט אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים — איז געווען אַ גרויסע. און שוין דעמאָלט איז זיין אידעאַל געווען אַ פּאַרטיי, אָנגעפירט פון אַ שטאַב פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן מיט אַ פּאָר הויפּט־קאָמאַנדירן בראש אויפן אָרט פון אַ לעבעדיקער, סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, באַזירט אויף דער זעלבסט־טעטיקייט פון די אַרבעטער־מאַסן. דע־ריבער איז די איסקראַ־גרופּע געווען קעגן אַ צוזאַמענפאָר, כל־זמן זי האָט געוואוסט, אַז זי קען נישט האָבן קיין מערהייט.

די מערהייט אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד און אויסלאַנד, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די פּאַקטישע פּאַרטיי — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַ־וועגונג — איז נישט געווען מיט דער איסקראַ־גרופּע. זומער 1900, ווען מ׳האָט אויסגעקליבן 2 פאָרשטייער פון דער רוסלענדער ס.ד. אַרבעטער־פּאַרטיי אין ערשטן ביוראָ פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט ב. קריטשעווסקי (ריכטונג פון ראַבאָטשעיע דיעלאָ) באַקומען פון דער רוסלענדער דעלעגאַציע טאָפּלט שטימען ווי ג. פּלעכאַנאָוו (ריכטונג פון דער שפּעטערדיקער איסקראַ). סך־הכל זיינען געווען 18 שטימען. פאַר קרי־טשעווסקין זיינען געווען 14 שטימען און 4 קעגן, פאַר פּלעכאַנאָוון — 7, 2 קעגן און 9 אָפּגעהאַלטענע. אין אַ בריוו (21 יוני 1901) צו דער רעדאַקציע פון איסקראַ שרייבט איינער פון דער קאָלעגיע, פּ. אַקסעלראָד: „זיי האָבן אין אויסלאַנד און רוסלאַנד אין געשטאַלט פון בונד אַן אַקטיווע אָרגאַניזאַציע,

און ביי אונז איז נאָך אייגנטלעך אַלץ אין ווערן (אין פּראָצעס פון שאַפן), אָדער געניער — ס'איז פאַראַן אַ טאַלאַנטירטע ליטעראַרישע גרופּע, וואָס פירט זייער שיין אויס אירע ליטעראַרישע פונקציעס, דעביוטירט מיט גלענצנ־דיקע אויסגאַבעס — און גלייכצייטיק האָט זי נישט עפּעס אַן אָרגאַניזירטע פּעריפעריע און אַ פעסטע באַזע פאַר טעטיקייט אין אויסלאַנד". אין זעלבן בריוו זאָגט אַקסעלראָד, אז די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון איסקראַ האָט „היס־טאָרישע רעכט אויף אָנפירן מיט אונזער באַוועגונג"[25]).

אין נאָמען פון אָט די „היסטאָרישע רעכט" האָט מען דערקלערט אַ „הייד ליקע מלחמה" דער פּאַקטישער און קרבנותפולער באַוועגונג, די אָרטיקע קאָמיטעטן און אַ גרויסער צאָל פּאַרדינסטפולע רעוואָלוציאָנערע טוער. די קאָרעספּאָנדענץ פון די וויכטיקסטע איסקראַ־פירער אַנטפּלעקט אַ גרינגשעצונג און שנאה צו אַלץ און אַלעמען, וואָס שטייען אין וועג און שטערן די איסקראַ־פירער צו רעאַליזירן זייערע כלומרשטע היסטאָרישע רעכט. אַלע מיטלען זיי־נען געווען כשר.

אַזוי איז די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי גע־בליבן אָן אַ צענטראַלער אָנפירונג, אָן אַ צענטראַלער אויטאָריטעטער שטים, וואָס זאָל ריידן פאַר דער פּאַרטיי און אָן אַן איינהייטלעכער פּאָליטיק 5 יאָר צייט!

## 2. די נאַציאָנאַלע פראַגע

צו דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן יידן אָנגעהויבן צושטיין אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. געווען זיינען עס יחידים־אינטעליגענטן, טייל פון זיי שוין רוסיש אָדער פויליש אַסימילירט. אַפילו די, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די טראַדיציאָנעל־יידישע דערציאונג, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויפן וועג פון אַסימילאַציע בעת זיי האָבן זיך באַהאָפטן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ווייל דאָס האָט געמיינט גיין אַרבעטן אין רוסישן אָדער פוילישן פאָלק, זיך דורכדרינגען מיט דער רוסישער אָדער פוילישער קולטור. פאַרן יידישן לעבן האָבן זיי נישט געהאַט קיין אינטע־רעס, מיט יידישע פּראָבלעמען האָבן זיי זיך נישט באַשעפטיקט. אין אַ גע־וויסן מאָמענט — בעת די פאָגראָמען אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן, נאָך דעם ווי די נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ האָט אויסגעפירט דעם אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן — האָט זיך אויך פאַר זיי שאַרף אַוועק־געשטעלט די יידישע פראַגע. ס׳איז פאַר זיי געווען אַ פראַגע פון געוויסן און געפיל. צו געבן אַ סאָציאַליסטישן ענטפער אויף דער יידן־פראַגע האָט עס זיי נישט דערפירט. איין טייל איז מחמת דעם בכלל אַוועק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַ צווייטער טייל איז נאָך דער מאָראַלישער אויפרודערונג ווייטער געגאַנגען דעם זעלבן וועג, ווען די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

נאָך די פּאָגראָם־יאָרן איז געקומען אַ לאַנגער פּעריאָד פון אַ פאַר־שטאַרקטער אַנטי־יידישער רעגירונג־פּאָליטיק — פון „קאַלטע פּאָגראָמען״. ביי די יידן־רעוואָלוציאָנערן האָט עס אָבער נישט אַריינגעברענגט קיין ענדע־רונג אין זייערע בליקן אויף דער יידן־פראַגע. זיך דערנענטערן און אויס־מישן מיט די שכבותדיקע מערהייט־פעלקער — איז געווען זייער ענטפער. אַפילו אַזאַ עלעמענטאַרע זאַך, ווי פירן צווישן יידן אַ סאָציאַליסטישע אויפ־קלערונג אין יידיש, האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט. זיי האָבן בכלל נישט געהאַט קיין אינטערעס פאַר אַ טעטיקייט צווישן יידן. בלויז געציילטע יחידים זיינען געווען פאַר דעם, אָבער זייערע שטימען האָבן קיין ברייטערן אָפּקלאַנג נישט געפונען.

טיפע ענדערונגען האָבן אין דעם פּרט אָנגעהויבן פאָרקומען, ווען די סאָציאַליסטישע אידייען זיינען אַריין „אין דער שוסטער־גאַס״, ווען די יידישע אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַר זייערע נאָנטע און ווייטע צילן. די יידישע אַרבעטער און דער טייל פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט

זיך מיט זיי פֿאַרבונדן, האָבן אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן, וואו זיי האַלטן אין דער וועלט — אַלס אַרבעטער און יידן. יחידים קענען, אויב זיי ווילן, אַנט־לויפֿן פֿון איין פֿאָלק צו אַ צווייטן, דאָס פֿאָלק גופא קען פֿון זיך אַליין נישט אַנטלויפֿן. דורך אַן אַנשטרענגונג קען דאָס פֿאָלק זיך ענדערן און רעפֿאָרמירן, אָבער זיך פֿאַרלייקענען און פֿאַנאַנדערלאָזן — דאָס נישט. און אַזוי האָט זיך אין דער אויפֿגעקומענער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַוועקגע־שטעלט די פֿראַגע: וואָס זאָל מען טון, כדי פּטור צו ווערן פֿון די דרויסנדיקע גזירות און גלייכצייטיק געזינטער מאַכן דאָס יידישע לעבן גופא?

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט איר ענטפֿער געגעבן. געטון האָט זי עס נישט דורך אַוועקזעצן עמיצן פֿון די חכמים אין אַ קאַבינעט, כדי אויסצואַרבעטן אַ פֿאַרטיקע סכעמע, אַ זאַץ כּללים און דאָגמעס. זי איז גע־קומען צו איר ענטפֿער דורך אייגענע זוכענישן און דערפֿאַרונגען. דער ענטפֿער איז רייף געוואָרן שטופּנווייז נאָך אַ קאָלעקטיוון טראַכטן און חשבון־הנפש.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19־טן יאָרהונדערט זיינען אויפֿן איי־ראָפּעאישן קאָנטינענט פֿאָרגעקומען פּאַראַלעל צוויי פּראָצעסן — איינער אַ נאַציאָנאַלער, דער צווייטער אַ סאָציאַלער. אונטערדריקטע פֿעלקער און אַן אונטערדריקטער קלאַס האָבן דערוואַכט און געשטרעבט אַראָפּצוואַרפֿן פֿון זיך דעם שווערן יאָך. די פֿעלקער זיינען געווען קאָנצענטרירט בעיקר אין דריי אימפּעריעס פֿון צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע: אין עסטרייך־אונגאַרן, טערקיי און רוסלאַנד. די פֿעלקער האָבן פֿיינלעך געפֿילט דעם פּאָליטישן און קולטורעלן דרוק פֿון די הערשנדיקע נאַציעס און מאָנאַרכיעס. ס'איז ביי זיי געוואַקסן די שטרעבונג אינגאַנצן אַרויסצורייסן זיך פֿון דער פֿרעמדער הערשאַפֿט אָדער לכל־הפּחות זיך אויסקעמפֿן נאַציאָנאַלע פֿרייהייט אין די ראַמען פֿון די אימפּעריעס. אין דער זעלבער צייט האָבן אין כמעט אַלע אייראָפּעאישע לענדער די אַרבעטער געשאַפֿן זייערע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, פּראָפֿעסיאָנעלע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס מיטן ציל צו פֿאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע און דערגרייכן אַלס קלאַס די פֿולע באַפֿרייאונג פֿון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

ביידע באַוועגונגען — די נאַציאָנאַלע און די סאָציאַלע — האָבן געצילט צו ליקווידירן געשיכטלעכע ירושות פֿון פֿעאָדאַלע און פֿרי־קאַפּיטאַליסטישע צייטן. אויף די נאַציאָנאַלע באַפֿרייאונג־באַוועגונגען האָט דעם חותם אַרויפֿ־געלייגט די בורזשואַזיע און בירגערלעכע אינטעליגענץ, אויף די סאָציאַלע — די אַרבעטערשאַפֿט און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. און געווען אויך פֿאַלן, ווען בראש פֿון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט זיך אַרויסגערוקט די סאָציאַ־ליסטישע אַרבעטערשאַפֿט. אַזוי איז געווען ביי די פּאָליאַקן און אייניקע אַנדערע פֿעלקער, אַזוי איז אויך געווען ביי יידן.

מיט אַן אידעאָלאָגישער מאָס, האָט מען דאָס יידישע בירגערטום און קליינבירגערטום געקענט איינטיילן אין דריי קאַטעגאָריעס: אָרטאָדאָקסן, ציוניסטן און אַסימילאַטאָרן. די ערשטע און — זייערע אַנטיפּאָדן — די לעצטע

האָבן געהאַט דאָס בשותפותדיקע, וואָס זיי האָבן נישט געהאַלטן יידן ווי אַ נאַציע. די אָרטאָדאָקסן האָבן אין יידן געזען אַ רעליגיעזן פאָלקס־ציבור; די אַסימילאַטאָרן האָבן יידן באַטראַכט ווי רעליגיעזע גרופּעס, וואָס דאַרפן ווערן איינגעגלידערט אין די פאַרשידענע פעלקער. ווי פאַרשידן זיי זאָלן נישט האָבן געווען לויט זייער אויסערלעכן אויסזען און פירונגען, לויט זייער געדאַנקען און געמיט, האָט אָבער די פריער־דערמאָנטע בשותפותדיקייט זיי דערמעגלעכט צו בלאָקירן זיך און צוזאַמענאַרבעטן פּאָליטיש און אויפן פעלד פון יידישן קהילה־לעבן. די ציוניסטן האָבן אין יידן געזען אַ נעכטיקע נאַציע, פון וועלכער ס׳איז בלויז געבליבן אַ שאָטן. דאָס פאַרוואַנדלען יידן פאַר אַ נאַציע ככל הגויים האָבן זיי פאַרבונדן מיט צוריק באַקומען דאָס אַלטע היים־לאַנד — ארץ־ישראל. און אַזוי איז אויסגעקומען, אַז די אַרבעטערשאַפט איז געווען דער ערשטער סאָציאַלער שיכט, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט דאָרט, וואו ס׳האָט געלעבט דער רוב מנין ובנין פון יידישן פאָלק.

צום ערשטן מאָל האָבן פאָרשטייער פון יידישע אַרבעטער עפנטלעך פאָרמולירט זייער שטעלונג צו דער יידישער פראַגע אין דער ערשטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן אין פאָריקן יאָרהונדערט. סוף 1893 האָט שמואל גאָזשאַנסקי אָנגעשריבן אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן. אין דעם בריוו, וואו ס׳איז געקומען צום אויסדרוק די קאָלעקטיווע שטעלונג פון דער אָנפירנדיקער גרופּע טוער פון דער יונגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע, ווערט אויך גערעדט וועגן דער נויטיקייט צו אַנטוויקלעןביים יידישן פּראָלעטאַריאַט זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין און אַז מען דאַרף זיך באַמיען „אויסצוקעמפן וואָס מער רעכט פאַר יידן״.

נאָך בולטער איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך ל. מאַרטאָוו (יולי צעדערבוים) אין זיין רעדע (1 מאַי 1895), וואָס איז אויך געווען דער אויסדרוק פון דער שטעלונג פון דער אָנפירנדיקער גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ווילנע. ער האָט דערקלערט: „אונזער ציל, דער ציל פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס ווירקן אין דער יידישער סביבה, באַשטייט אין דעם צו שאַפן אַ ספּעציעל יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל ווערן די פירערין און דערציערין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אינם קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער, בירגערלעכער און פּאָליטישער באַפרייאונג״... ס׳איז „דרינגלעך נויטיק, אַז יעדע נאַציע זאָל אויסקעמפן, אויב נישט איר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט, איז לכל הפחות איר פולע גלייכבאַרעכטיקונג. און זייט איר דאָס מודה, מוזט איר אויך מודה זיין, אַז די נאַציאָנאַלע שיפלות און פּאַסיווקייט פון אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין אַלגעמיין־בירגערלעכע רעכט, איז אַן ערנסטע מניעה אויף זיין וועג און אַז אויפהייבן אים פון זיין דורות־לאַנגן שלאָף, דערוועקן אין אים די שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט איז איינע פון די אויפגאַבעס פון אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און באמת, אַן אַרבעטער־קלאַס, וואָס לעבט זיך איין מיט זיין גורל פון אַ נידעריקן פאָלקס־עלעמענט, אַזאַ אַרבעטער־קלאַס וועט אויך נישט אויפהייבן

קיין אויפשטאַנד קעגן זיין גורל פון אַ נידעריקן קלאַס. **דעריבער איז די נאַציאָנאַלע פּאַסיוויקייט פון דער יידישער מאַסע אַ מניעה פאַר דער אַנטוויקלונג** פונם קלאַסן־באַוואוסטזיין, און די אויפגאַבן אויפצואוועקן דעם נאַציאָנאַלן און דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין דאַרפן גיין האַנט ביי האַנט" [26]).

אין מיטן די ניינציקער יאָרן (1894 אָדער 1895) האָט שוין אַ קאָנפערענץ (אין ווילנע) פון די וויכטיקסטע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער באַשלאָסן צו קעמפן קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַן אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ דערציילט וועגן דעם: „דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר האָבן אַזוי קלאָר, אָן אַ וועלכער נישט־איז צוויי־דייטיקייט, מיט דער פולסטער אַנטשלאָסנקייט דערקלערט אונזער שטעלונג אין דער יידן־פראַגע: אַז די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד ליידן נישט נאָר אַלס אַרבעטער נאָר אויך אַלס יידן; אַז מען מוז אין דער אַגיטאַציע מער און מער אונטערשטרייכן אַלע פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג; אַז צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף מוז דער קאַמף פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג זיין איינע פון אונזערע תיכפּדיקסטע אויפגאַבן און אַז אַזאַ קאַמף קען מיטן בעסטן דערפאָלג געפירט ווערן פון די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער זעלבסט" [27]).

דער קאַמף קעגן אַנטי־יידישע גזירות און פאַר פולער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון דעם קאַמף, וואָס די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט געפירט. אין איר ערשטן געדרוקטן אָרגאַן, דער אידישער אַרבייטער, ווערט אין פּראָגראַם־אַרטיקל (צו די לעזער) געזאָגט: „די מער אַנטוויקלטע יידישע אַרבעטער רעכענען דאָס אַראָפּוואַרפן די רוסישע זעלבסטהערשונג און דאָס דעראָבערן זיך פּאָליטישע פרייהייט פאַר די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון אונזער צייט. אויפן ערשטן פּלאַן, פאַרשטייט זיך, שטעלן זיי דעם שטרייט מיט דער רוסישער רעגירונג פאַר די אַלגעמיינע אַרבעטער־אינטערעסן און רעכט, וועלכע עס דאַרפן זיך דערשלאָגן די אַרבעטער פון אַלע נאַציעס, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, דאָך פאַרגעסן זיי נישט אויך די ספּעציעל יידישע פאָדערונג און רעכנען פאַר נייטיק אַרויסצושטעלן אויף זייער פאָן אויך די פאָדערונג פון גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר יידן"... „מיר רעכנען פאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט קען אויך ווייניק האָפן אויף הילף פון דער בורזשואַזיע אין זיין שטרייט פאַר בירגערלעכע גלייכע רעכט. עס קען פיל אויסקומען, אַז די מיינונג אונזערע איז נישט ריכטיק. אין אמתן אָבער, ווען מען זאָל זיך באַטראַכטן, איז זיך לייכט צו איבערצייגן אין דעם. ביי אונז אין רוסלאַנד איז דאָ, ווי יעדן איז באַוואוסט, אַפּולע געזעצן קעגן יידן. אין פלוג קומט דאָך אויס, אַז פון די זאַקאָנעס (געזעצן) קעגן יידן ליידן אַלע יידן גלייך, ווי דער פּראָלעטאַריער אַזוי אויך די בורזשואַזיע, אין אמתן אָבער ליידן פון די זאַקאָנעס כמעט מער נישט ווי די פּראָלעטאַריער. די זאַקאָנעס וועגן יידן האָבן אויך אַ קלאַסן־כאַראַקטער און האָבן אין זינען נישט מער (ווי)

צו דריקן דעם יידישן פּראָלעטאַריער. די בורזשואַזיע האָט אפילו מיטלען ווי זיך אַרויסצודרייען און צו באַשיצן זיך פון די זאַקאָנעס קעגן יידן. אַנדערע רעכט קענען זיי קויפן פאַר געלט, דהיינו דאָס רעכט צו וואוינען ״וניע טשערטי אָסיעדלאָסטי״ (מחוץ דעם תחום־המושב) קען יעדער רייכער ייד באַקומען, ווען ער צאָלט אַ גילדע; אַנדערע זאַקאָנעס מיידן זיי אויס פּשוט מיט לאַפּקע״ (כּאַבאַר) [28].

ס׳איז טאַקע שווער מסכּים צו זיין מיט אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן. ס׳איז פאַרזען געוואָרן אַזאַ וויכטיקער פּרט: די גרויסע מאַסע פון יידישן קליינבירגערטום האָט אויך שטאַרק געליטן פון דער רעכטלאָזיקייט און גזירות. ריכטיק איז אָבער, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט געקענט ״ווייניק האָפן אויף הילף פון דער בורזשואַזיע אין זיין שטרייט פאַר בירגערלעכע גלייכע רעכט״. און מען מעג נאָך צוגעבן, אַז ער האָט אויך נישט געקענט האָפן אויף הילף פון דעם יידישן קליינבירגערטום. צו דער וויכטיקייט פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג איז צוגעקומען די אייגנאַרטיקייט פון פאָדערן.

פאָדערונג — איז געווען אַ ״פרעמד״ וואָרט אין דער שפּראַך פון יידישן בירגערטום און קליינבירגערטום. שבת און יום־טוב נאָך קריאת־התורה האָט מען אין די שוהלן און בתי־מדרשים געמאַכט אַ הנותן תשועה דעם קייסער, זיין משפּחה, מיניסטאָרן און בעלי־יועצים — די אַלע, וואָס האָבן געדריקט און געשטיקט די יידישע באַפעלקערונג. דער הנותן תשועה האָט געקלונגען פון די בימהס, האָט אָראָפּגעשיינט פון די ווענט און איז געווען צווישן די הייליקע תפילות צום רבונו של עולם אין די סידורים און מחזורים. יידן האָבן נישט געפאָדערט, נאָר בלויז געבעטן דעם האַר אין הימל, אַז ער זאָל ווייך מאַכן דאָס האַרץ פון האַר אויף דער ערד און די (פאַרשטיינערטע און רשעות־דיקע) הערצער פון די טשינאָווניקעס, זיי זאָלן טון חסד צום פאָלק ישראל. פון פאָדערן האָבן זיי נישט געהאַלטן, פאַר פאָדערן האָבן זיי געפילט אַ פּחד. און ווען דער בונד איז געגרינדעט געוואָרן, איז אַלס איינע פון זיינע אויפגאַבן פּראָקלאַמירט געוואָרן דער קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. אין זיין פּראָגראַם־רעדע בעת דער עפנונג פון גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון בונד האָט אַרקאַדי קרעמער געזאָגט: ״ס׳איז נייטיק אויפצוּווייזן, שטענדיק צו דערמאָנען און אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף גלייכע בירגערלעכע רעכט פאַר אַלע יידן״. דאָס דאַרף געטון ווערן ״מיט אַ סך מער אָרדנונג ווי פריער און אַ סך ענערגישער״.

די בונדישע פּיאָנערן האָבן נישט געהאַט קיין ניהיליסטישע באַציאונג צו דער יידן־פראַגע. זיי האָבן אויך נישט געפּרעדיקט קיין אַסימילאַציע, הגם טייל פון זיי זיינען געווען קולטורעל אַסימילירט. די ערשטע פאָר יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער בונד זיך באַגנוגנט מיט אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. אַלץ מער און מער האָט מען גענומען איינזען, אַז דאָס איז נישט גענוג. שוין צוויי יאָר נאָך דער גרינדונג, אויפן דריטן צוזאַמענפאָר, אין 1899, איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן די פּראַגע

פון אַרויסשטעלן אויך נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. נאָך פאַר דער גרינדונג פון בונד האָט מען אין די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס גערעדט וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע און מ'האָט געגלויבט, אַז די פאַרענטפערונג פון איר ליגט אין אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען און געבן יידן גלייכבאַרעכטי־קונג. מיט דער צייט האָבן פיל אָנגעהויבן איינזען, אַז אַזאַ פאַרענטפערונג איז נישט קיין פולע. אמת, דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד האָט קיין תשובה אויף דער פראַגע נישט געגעבן, ער האָט זי אָבער אָוועקגעשטעלט צום באַטראַכטן און דער פערטער צוזאַמענפאָר, אין 1901, האָט שוין אַן ענטפער יאָ געגעבן. מיטן דאָזיקן ענטפער פון בונד „האָט צום ערשטן מאָל אַ יידישע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אַ נאַציאָנאַל פּאָליטיש פּראָגראַם און אויך צום ערשטן מאָל איז געוואָרן אָנגענומען אַ נאַציאָנאַל פּראָגראַם, וואָס שטייט אויפן באָדן פון דער עקסטעריטאָריאַלער אידייע" [20]).

וואָס האָט דאָס געמיינט? — מיט דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען האָבן זיך אויספאָרמירט עטלעכע ענטפערס אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ענטפערס אָפּהענגיק פון מצב פון די פעלקער גופא און פון די באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. אין אַלגעמיינע שטריכן, קען מען זאָגן, אַז עס זיינען געווען 4 ענטפערס: אומאָפּהענגיקייט, פעדעראַציע, טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָ־נאָמיע. די לעצטע איז געווען צוגעפּאַסט צו פעלקער, וואָס האָבן נישט גע־בילדעט קיין קאָמפּאַקטע מערהייט אויף איין טעריטאָריע. יידן האָבן גע־הערט צו דער קאַטעגאָריע.

די אונטערדריקונג פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָט געהאַט פאַרשידענע פאָרמען און זיך אויסגעוויזן אויף פאַרשידענע געביטן. די צאָלרייכע פעלקער און אַזעלכע, וואָס האָבן אַמאָל אַליין געהאַט אַן אייגן מלוכה־לעבן, האָבן געקענט שטרעבן און געשטרעבט צו מלוכהשער זעלבשטענדיקייט אָדער צו אַ ברייטער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין די ראַמען פון דער רוס־לענדער אימפּעריע. מיט דעם איז אָבער די פראַגע פון באַזייטיקן די נאַ־ציאָנאַלע אונטערדריקונג נאָך נישט פאַרענטפערט געוואָרן. אין די שטחים, וואָס מ'האָט געקענט אויסטיילן פאַר אומאָפּהענגיקע מלוכות, פאַר פעדע־רירטע פּראָווינצן אָדער אויטאָנאָמע געגנטן, זיינען אויך געווען מערהייט־פעלקער און מינדערהייט־פעלקער. במשך הונדערטער יאָרן האָבן די לעבנס־נויט און דער גאַנג פון די היסטאָרישע געשעענישן זיי אויסגעמישט און איינגעוואָרצלט אויף איין שטח ערד. נאָכן אָפּרייסן זיך אינגאַנצן פון דער רוסלענדער אימפּעריע אָדער בלייבן אין אירע ראַמען ווי אַן אויטאָנאָמער טעריטאָריאַלער טייל, וואָלט די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אויטאָמאַטיש אויפגעהערט בלויז פאַר איין פאָלק — פאַרן נייעם מערהייט־פאָלק. דאָס אָרט פון די רוסן וואָלטן פאַרנומען פּאָליאַקן, אוקראַינער, ליטווינער א.אַז.וו.. ערשט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע שליסט אויס אינגאַנצן די מעג־לעכקייט פון אונטערדריקונג לגבי יעדן פאָלק, אַפילו דעם קלענסטן, וואָס בילדעט נישט אין ערגעץ קיין מערהייט.

צום געדאַנק פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז דער בונד געקומען נישט בלויז, ווייל זי איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט פאַר יידן. מ׳האָט אין דעם געזען אויך פאַר אַנדערע מינדערהייט־פעלקער די ריכטיקע רפואה קעגן דער מכה פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. דער בונד האָט געהאַלטן, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַרף זיך פאַרנעמען און געבן אַ לייזונג נישט בלויז פאַר די פּראָבלעמען פון קלאַס, פון מענטש און בירגער, נאָר אויך פאַר די פּראָבלעמען פון די באַזונדערע פעלקער. מ׳דאַרף באַזייטיקן יעדע פאָרם פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און אָפּרייניקן דעם וועג פאַר אַ פרייער אַנטוויקלונג פון די פעלקער. דער ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע דאַרף ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָ־גראַם, פּונקט ווי דער האַרטנעקיקער קאַמף קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדרי־קונג דאַרף זיין אַריינגעפלאָכטן אין טאָג־טעגלעכן קאַמף פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס.

דער שטאַנדפּונקט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז מחויב צו געבן אַ לייזונג פאַר די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, האָט זיך אין יענעם פעריאָד אַלץ מער און מער איינגעבירגערט אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַ ריי לענדער, בפרט דאָרט, וואו ס׳האָבן געלעבט און ס׳זיינען געווען אויסגעמישט פיל פעלקער. אַממערסטן אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשענקט דעם פּראָ־בלעם אין עסטרייך־אונגאַרן, וואו מ׳האָט געדאַרפט באַזייטיקן די נאַציאָנאַלע עוולות, רייבונגען און קאָנפליקטן צווישן די פאַרשידענע פעלקער, וואָס האָבן געלעבט בשכנות. דאָס האָט באַטייט נישט בלויז אַן אייסברייטערונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַראינטערעסירונגען, נאָר אויך אַ געוויסע איבעראַנדערשונג פון באַגריפן. נישט די מענטשן זיינען פאַר דער מלוכה און אירע געזעצן, נאָר די לעצטע זיינען פאַר די מענטשן. און אַזוי אויך מוז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי צופּאַסן איר געבוי צו די באַדערפע־נישן פון די אַרבעטער און זייערע פעלקער, וואָס בילדן דעם אינטערנאַציאָנאַל פון נאַציאָנאַל־געמישטע לענדער און מלוכות.

ווען די ענדערונג איז פאָרגעקומען, האָט עס דער דעמאָלט אָנערקענטער מאַרקסיסטישער טעאָרעטיקער פון דער דייטשער און אויך אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, קאַרל קאַוטסקי, אַזוי פאָרמולירט: „ערשט ווען די מלוכה פון די קעניגרייכן און לענדער וועט פאַרביטן ווערן דורך דער מלוכה פון די פעלקער, וואָס וואוינען בשכנות אויטאָנאָם און אַר־בעטן בשותפות, וועט זיך קענען אַנטוויקלען אין זיין פולער ריינקייט דער קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. די זעלבשטענדיקייט פון דער נאַציע איז דער נאַטירלעך־נויטווענדיקער יסוד פון יעדן מאָדערנעם קלאַסן־קאַמף. כדי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיין בכוח און זאָל האָבן דעם חשק אַרויסצוטרעטן מיט דער פולער קראַפט קעגן זיין סאָציאַלן קעגנער, מוז דאָס פאָלק זיין פריי אין יעדער הינזיכט"... „די פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַליטעט באַ־טייט נישט אָן נאַציאָנאַלקייט, נאָר די פרייהייט און גלייכהייט פון די נאַציעס". און וועגן דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי: זי „האַלט זיך

נאַטירלעך, וואו מעגלעך ביי די היינטיקע אַדמיניסטראַטיווע איינטיילונג פון
לאַנד, אָבער וואו די נאַציאָנאַלע גרענעצן קומען אין קאָנפליקט מיט די גרע־
נעצן פון די קעניגרייכן און לענדער, אַנטשידן די ערשטע און נישט די
לעצטע״ [30]), דעריבער געהערן די סאָציאַליסטן פון די באַזונדערע פעלקער
צו זייערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, אומאָפּהענגיק וואו זיי וואוינען. נישט
די ערד באַשטימט נאָר די שפּראַך. לויטן באַשלוס פון פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר
אין ווין, אין יאָר 1897, איז די ס.ד. פּאַרטיי איבערגעבויט געוואָרן אויף פע־
דעראַטיווע יסודות. די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס פון דייטשן, טשעכן,
פּאָליאַקן, איטאַליענער און דרום־סלאַוון האָבן געבילדעט די געמיינזאַמע
פּאַרטיי און זייערע פאָרשטייער — דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

דאָס לעבעדיקע פאָלק איז דער עיקר. די אינטערעסן פון פאָלק אָדער
פון יענע שיכטן, וואָס די פּאַרטיי פאַרטרעט, מוזן אַרויסגערוקט ווערן אויפן
אויבנאָן. די מלוכה־איינריכטונגען און די פּאַרטיי־איינשטעלונגען מוזן צו־
געפּאַסט ווערן צו די ווירקלעכע פאָלקס־אינטערעסן. פון ערשטן טאָג אָן
פון זיין עקזיסטענץ האָט עס דער בונד אין זינען געהאַט.

מיט זיין רעזאָלוציע האָט דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד (1901)
פאַרענטפערט עטלעכע שאלות מיטאַמאָל: 1) צי זיינען יידן אַ נאַציע? 2) צי
דאַרפן יידן ספּעציעלע נאַציאָנאַלע רעכט? 3) צי דאַרפן יידן דאָס פאָדערן?
4) צי דאַרפן סאָציאַליסטן פאַר דעם קעמפן? אויף די אַלע שאלות האָט די
רעזאָלוציע געענטפערט מיט אַ קלאָרן — יאָ. פון דער צווייטער זייט האָט
אָבער דער פערטער צוזאַמענפאָר נישט באַוויזן צו פאָרמולירן דעם איינ־
האַלט פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, הגם ס׳איז געווען קלאָר, אַז וואָס
שייך יידן קען זיך האַנדלען בלויז וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט. ס׳איז
אויך באַשטימט געוואָרן, אַז דערווייל זאָל דער באַשלוס בלייבן ווי אַ פּרינציפּ
און זאָל נישט אַרויסגעשטעלט ווערן ווי אַן אַקטועל־פּאָליטישע לאָזונג.
צווישן די דעלעגאַטן גופא איז נישט געווען קיין גענוג קלאָרע מיינונג און
ס׳זיינען געווען חלוקי־דעות. מ׳האָט אויך געהאַלטן, אַז דער באָדן איז נאָך
נישט רייף צוליב די פּאָליטישע באַדינגונגען אין לאַנד און צוליב דער
נישט צוגעגרייטקייט פון די יידן גופא צו דער פראַגע (ווי אַ לאָזונג האָט מען
אָנגעהויבן אַרויסרוקן די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין 1904
און אַ פאָרמולירט פּראָגראַם איז אָנגענומען געוואָרן אין 1905).

***

דאָס יידישע בירגערטום און קליינבירגערטום האָבן נישט אונטערגעהאַלטן
די פאָדערונג פון בונד וועגן נאַציאָנאַלע רעכט. שטרעבנדיק צו נאַציאָנאַלער
ניוועלירונג, זיינען די אַסימילאַטאָרן געווען פּרינציפּיעל קעגן יעדער פאָדע־
רונג פון נאַציאָנאַלע רעכט. דער גרעסטער שיכט פון דער יידישער באַפעל־
קערונג — די אָרטאָדאָקסיע האָט נישט געוואָלט אַרויס פון רעליגיעזן גבול
און אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַלע רעכט, ווי אַ שעדלעכע מאָני־

פעסטאַציע פאַר וועלטלעכקייט. די ציוניסטן האָבן נישט געהאַלטן פון בויען און פאַרפעסטיקן דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן אין די גלות־לענדער (אַחוץ ציוניזירן) און פון פירן אַ פּאָליטישן קאַמף. זייערע נאַציאָנאַלע באַמיאונגען זיינען בעיקר געווען קאָנצענטרירט אין די קאָנטאַקטן, וואָס זייער מנהיג דר. טעאָדאָר הערצל האָט זיך באַמיט איינצושטעלן אין די הייף פון דייטשן קייזער און פון רוסישן צאַר, כדי פון זיי צו באַקומען אַן אונטערשטיצונג ביים טערקישן סולטאַן לטובת די ציוניסטישע פּלענער. דער איינציקער פאָרשטייער פון יידישן בירגערטום, וואָס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעזאָגט קלאָר און אָפן פאַר נאַציאָנאַלע רעכט און אויטאָנאָמיע, איז געווען דער היס־טאָריקער שמעון דובנאָוו. דאָס איז אָבער געווען אַ ליטעראַרישע שטים אָן אַ סאָציאַלער באַזע, אָן אַקטיווע טרעגער פון דער אידייע, אָן אַקטיווע קעמפער פאַר איר.

די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן האָט אויך נישט נושא־חן געווען ביי די נישט־יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער צאַרישער אימפּעריע. וואָס שייך דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט זי זיך דעמאָלט כמעט נישט פאַרנומען מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און מיט דער יידישער בפרט. דער רוסישער צאַריזם האָט געדריקט און געשטיקט די ניט־רוסישע פעלקער, האָט געשטערט זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַנט־וויקלונג, האָט רוסיפיצירט און דיסקרימינירט. די גרויסע צאָל מינדערהייט־פעלקער האָבן דאָס געפילט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איר פּרעסע האָבן אָבער געשענקט זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט די דאָזיקע ענינים. דאָס האָט זיך געענדערט ערשט נאָך דעם, ווי דער בונד האָט אויף זיין פערטן צוזאַמענפאָר פאַרנומען אַ שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. עטלעכע ריכטונגען זיינען דעמאָלט געווען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און זייערע אָרגאַנען האָבן אָנגעהויבן פאָרמולירן זייער באַציאונג צו דער שטעלונג פון בונד.

ראַבאָטשאַיאַ מיסל, דער אָרגאַן פון פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ., וואָס האָט פאַרטרעטן די עקאָנאָמיסטישע ריכטונג, האָט פאַר־עפנטלעכט אַן אַרטיקל קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און מיט סימפּאַטיע פאַר די שטרעבונגען צו פולער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. די אומלע־גאַלע צייטשריפט האָט ריכטיק איבערגעגעבן דעם באַשלוס פון פערטן צו־זאַמענפאָר פון בונד. אין ווייטערדיקן נומער האָט זי אין אַרטיקל די נאַציאָ־נאַלע פראַגע אַרומגערעדט דעם ענין און זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן יעדער פאָרם פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און באַזונדערס זיך אָפּגע־שטעלט אויף דער שווערער לאַגע פון יידן און פּאָליאַקן. דער אַרטיקל האָט אויפגעוויזן פאַרוואָס די רוסישע אַרבעטער זיינען פאַראינטערעסירט, אַז אַלע פעלקער זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט און ס׳זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן אַלע עוולות לגבי זיי. דער אָרגאַן פון דער פּעטערבורגער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע זאָגט זיך אַרויס פאַר „געבן פולע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אַלע נאַציעס, וואָס לעבן אין דער געגעבענער מלוכה. זאָל יעדע נאַציע ריידן

אויף איר מוטער־שפּראַך, זאָל זי פאַרפולקאָמען איר ליטעראַטור, איר קונסט; זאָל זי עפענען אירע שולן, זאָל זי אַנטוויקלען אַלע אירע גייסטיקע כוחות אין דער פאָרם, וואָס איז פאַר איר באַקוועם. פון דעם קענען מיר בלויז געווינען"... „פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג דאַרפן קעמפן אַלע אַרבעטער אָן אונטערשיד פון רעליגיע און נישט בלויז די אַרבעטער פון די אונטערדריקטע נאַציעס. די לעצטע, וואָס ליידן שטאַרקער פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, וועלן, באַטירלעך, קעמפן קעגן איר מער ענערגיש" [31].

ב. קריטשעווסקי, דער רעדאַקטאָר פון ראַבאָטשעיע דיעלאָ און איינער פון די צוויי פאַרטרעטער פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין ביוראָ פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אַרויסגעזאָגט מער קאָנקרעט. בכלל האָט ער דעם בונד געשטעלט אַלס מוסטער פאַר דער גאַנצער רוסלענדער פאַרטיי. זיין אַרטיקל איז געווען פול מיט לויב פאַרן בונד, פון וועמען די אַנדערע טיילן פון דער פאַרטיי דאַרפן זיך לערנען ווי אַזוי צו פירן אָרגאַניזאַציאָנעלע און רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, און ער האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער און טאַקטישער איינשטעלונג פון פערטן צוזאַמענפאָר. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פאַר נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און האָט מסכים געווען מיט יענע טיילן פון דער בונדישער רעזאָלוציע, וואו עס ווערט גערעדט וועגן דעם. אָבער... מיט די אויספירן פון דער רעזאָלוציע האָט ער נישט מסכים געווען. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן, ווייל להיפך צו דער רעזאָלוציע פון פערטן צוזאַמענפאָר, קען מען נישט, לויט זיין מיינונג, אָנווענדן צו יידן דעם באַגריף פון נאַציאָנאַליטעט. ער איז געניגט צו אָנערקענען יידן ווי אַ רעליגיעזע באַזונדערקייט, אָבער נישט ווי אַ נאַציע. מיטן אָפּשאַפן דעם תחום־המושב און אַנדערע באַגרענעצונגען, וועלן יידן זיך פאַנאַנדערשפּרייטן איבער גאַנץ רוסלאַנד, די יידישע שפּראַך וועט אונטערגיין א.אז.וו.. פונדעסטוועגן האָט קריטשעווסקי זיך געשטעלט אויף דער זייט פון בונד אין אַ גאָר וויכטיקער שטרייט־פראַגע — ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איבערבויען די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי אויף פעדעראַטיווע יסודות, וואָס דער פערטער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, הגם ער האָט נישט מסכים געווען מיט אַ טייל פון דער מאָטיווירונג [32].

גאָר אַנדערש אין טאָן און אינהאַלט האָט רעאַגירט די ריכטונג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די צייטשריפטן איסקראַ און זאַריאַ. צוויי טעמים האָבן דאָ גורם געווען אַ שאַרפע קעגנערשאַפט צו דער בונדישער שטעלונג — אַ ניהיליסטיש־אַסימילאַטאָרישע באַציאונג אין דער יידן־פראַגע און אַ שטרעבונג צו באַהערשן די רוסלענדער ס.ד. אַרבעטער־פּאַרטיי און מיט איר אָנפירן אויף אַן אויטאָריטאַטיוון אופן. די איסקראַ האָט געשריבן: „דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד זאָגט אָן מיט זיך די אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַליזם אין דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון מערב־רוסלאַנד און פוילן"... „פון אונזער זייט קענען מיר בלויז האַלטן פאַר אַ גרויסן פּאָליטישן טעות

די דאָזיקע שטרעמונג, וואָס שטופּט אַריין גאַנץ קינסטלעך די יידישע אַרבע־טער־באַוועגונג אין קאַנאַל פון נאַציאָנאַליזם בעת דער עיקר שלעכטס, פון וועלכן עס שטיקט זיך די יידישע מאַסע אין רוסלאַנד, איז די רעגירונג־פּאָליטיק, וואָס פאַרהאַלט דעם פּראָצעס פון איר דערנענטערונג מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג" [33].

אין נאָענטסטן נומער פון דער צייטשריפט איז געווען אָפּגעדרוקט אַן ענטפער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. די רעדאַקציע פון איסקראַ האָט די בונדישע דערקלערונג באַגלייט מיט אירס אַן ענטפער, אין וועלכן זי האָט געזאָגט, אַז מיטן פאָדערן אויטאָנאָמיע פאַר יידן האָט דער בונד זיך דער־נענטערט צו די ציוניסטן... [34].

ברייטער האָט די איסקראַ־ריכטונג זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם ענין אין איר טעאָרעטישן זשורנאַל זאַריאַ. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן: „ביי יידן איז אייגנטלעך נישטאָ קיין נאַציאָנאַלע קולטור (אויב מ'זאָל נישט רעכענען די רעליגיע און אין פאַרבינדונג מיט איר עטלעכע מנהגים)"... יידן „האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער נאַציאָנאַלע קולטור און ליידן אומדערטרעגלעך פון דעם, וואָס די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג גיט זיי נישט קיין צוטריט צו דער רוסישער קולטור". דער בונד ווערט באַשולדיקט, אַז ער האָט אָפּ־געשוואַכט זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם [35].

אין דער פּאָלעמיק האָבן די איסקראָווצעס צוגעשריבן דער פאַרגעזעע־נער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אַזעלכע ברייטע אויפגאַבן, וואָס דער בונד האָט גאָר נישט פאַרלאַנגט. מ'האָט איר צוגעשריבן מלוכהשע און אָרטיקע אַד־מיניסטראַטיווע פונקציעס, הגם אין אָפּגעדרוקטן בונדישן באַריכט פון פערטן צוזאַמענפאָר איז געווען געזאָגט, אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלע ענינים, וואָס האָבן צו טון מיט שפּראַך, פאָלקס־בילדונג און אַנ־דערע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער קולטור. די קעגנער האָבן זיך נישט וויסנ־דיק געמאַכט און געשריבן און גערעדט, אַז דער בונד וויל שאַפן אַ מין יידי־שע מלוכה אין דער אַלגעמיינער מלוכה.

דער אָפּגעדרוקטער באַריכט פון בונד האָט וועגן דער פראַגע פון נאַ־ציאָנאַלער אויטאָנאָמיע געזאָגט: „ס'איז געווען די איינשטימיקע מיינונג פון פערטן צוזאַמענפאָר, אַז אין אַזאַ לאַנד ווי רוסלאַנד, וואו עס לעבן זייט ביי זייט אַזוי פיל נאַציאָנאַליטעטן, קען זייער פראַגע געלייזט ווערן בלויז אויף די יסודות, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויפן ברינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָנגרעס פאַר עסטרייך, וואָס איז ענלעך צו רוסלאַנד מיט דער פאַרשידנקייט פון די פעלקער". רוסלאַנד „דאַרף זיך איבערבויען אין אַ פעדעראַציע פון נאַציאָנאַליטעטן, מיט פולער אויטאָנאָמיע פאַר יעדער פון זיי אין די פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די נאַציאָנאַליטעטן (שפּראַך, בילדונג, קונסט א.אַז.וו.). דער צווייטער אופן פון לייזן דאָס פּראָבלעם, דער טעריטאָריאַלער האָט אויפן צוזאַמענפאָר נישט געהאַט קיין איין פאַרטיי־דיקער" [36].

פון זעלבן באַריכט האָט די איסקראַ אַרויסגעכאַפּט פון זאַץ די ווערטער

„פולע אויטאָנאָמיע" און פאַרשוויגן דעם ווייטערדיקן טייל, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן קולטור־אויטאָנאָמיע און אַז דער צוזאַמענפּאַר איז איינשטימיק געווען קעגן טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. נאָכן דורכפירן אַזאַ אָפּעראַציע פרעגט איסקראַ: „צי זאָל מען נישט פאָדערן אויסצוטיילן אין באַזונדערע זעלבסטפאַרוואַלטנדיקע קאָמונעס די שטעטלעך, וואָס זיינען בעיקר באַוואוינט פון יידן? ווייל אין אַלע ערטער פון ׳תחום־המושב׳ זיינען די יידן בכלל געצוווּנגען אַ מינדערהייט און כדי צו בילדן יידישע ראַיאָנען וואָלט אייגנטלעך אויסגעקומען אָפּצושניידן די שטאָטישע באַפעלקערונג פון דער דאָרפישער; אָדער אָננעמענדיק, אַז מיטן צעשטערן דעם ׳תחום־המושב׳ וועלן יידן זיך באַזעצן אין גאַנץ רוסלאַנד, צי זאָל מען נישט פאָדערן זעלבסט־פאַרוואַלטונג פאַר יעדן שטאָטישן קוואַרטאַל, וואָס איז באַוואוינט פון יידן?"[37].

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט אין אַן אויספירלעכער תשובה (איר מחבר איז געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי) אויפגעקלערט אי די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אי די פראַגע פון איבערבויען די פאַרטיי אויף פעדעראַטיווע יסודות. איינער פון די קעגנערישע הויפּט־אַרגומענטן איז געווען: „מיטן פאַרניכטן די זעלבסטהערשונג וועלן די צענטראַפוגאַלע כוחות אין דער יידישער סביבה באַקומען פולע באַוועגונג־פרייהייט, די יידן וועלן פאַרלירן זייערע אייגנאַרטיקייטן, זיי וועלן איבערנעמען די פרעמדע קולטור, פרעמדע זיטן א..אַז.וו.. און זיי וועלן זיך אויסמישן אין דער ארומיקער מאַסע פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אין צוקונפטיקן באַפרייטן רוסלאַנד וועט נישט זיין קיין נאַציאָנאַלע פראַגע בנוגע יידן. פון דאַנען דער אויספיר: אַחוץ דער פאַרניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג און נאָך דעם די פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם, קען ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן קיין שום אַנדערע אויפגאַבן נישט זיין". אויף דעם ווערט געזאָגט אין ענטפער: „דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט איז נישט קיין נייער. געווען אַ צייט ווען ער האָט געהאַט זייער אַ סך אַנהענגער צווישן דער פאַרטגעשריטענער יידישער אינטעליגענץ. דאָס איז געווען אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען די יידישע אַרבעטער־מאַסע איז נאָך געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף און די יידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אַפילו נישט חושד געווען, אַז אין פאַריאָגטן און פאַרפּאָלגטן פאָלק וועט אויפשטיין אַ קראַפט, וואָס וועט אויפהויבן די פאָן פון קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן און קעגן דער רעגירונג און מיט דעם גופא וועט זי זיך שטעלן בראש פון דער פרייהייטס־באַוועגונג פון דער יידישער נאַציע. די עמאַנציפּאַציע פון דער יידישער מאַסע, האָבן זיי דערוואַרט, וועט קומען פון דער רוסישער און פוילישער באַוועגונג. דעם בעסטן אויסוועג פאַר יידן האָבן זיי געזען אין דער אַסימילאַציע מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, אַוועקגעבנדיק זייערע בעסטע עלעמענטן אין דינסט פון דער רוסישער און פוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן שנעל זיך צו אַנטוויקלען, ווען זי האָט זיך פאַרשטאַרקט, געלאָזט טיפע וואָרצלען און באַקומען אַ באַשטימטע פיזיאָנאָמיע, דעמאָלט איז אַלץ מער געוואָרן קלאָר, אַז

זי אַליין שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ מעכטיקן באַפֿרייאונג־פֿאַקטאָר. און ווען מיט די אַלגעמיינע אָנשטרענגונגען פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿון גאַנץ רוסלאַנד וועט פֿאַלן די זעלבסטהערשונג, וועט די עמאַנציפּאַציע פֿון די יידן קומען נישט ווי אַן אַקט פֿון רחמנות צו די אונטערדריקטע און אַפילו נישט ווי אַן אַקט פֿון גערעכטיקייט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, נאָר ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער ראָל, וואָס עס שפּילט און וועט שפּילן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין דער באַפֿרייאונג־באַוועגונג, וואָס האָט אַלס נאָנטסטן ציל דאָס אַראָפּוואַרפֿן דעם זעלבסטהערשערישן רעזשים. ווי נאָר די זעלבע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אויסגעברייטערט און איז געוואָרן אַ מאַסנהאַפֿטע, האָט זי אָבער אומפֿאַרמיידלעך געדאַרפֿט ווערן נישט בלויז אַן אינטערנאַציאָנאַלע, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלע. איר אינטערנאַציאָנאַליזם באַשטייט אין דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער באַטראַכטן זיך ווי מיטגלידער פֿון איין אַלוועלטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער משפּחה; איר נאַציאָנאַליזם איז אין דעם, וואָס זיי פֿילן זיך ווי יידישע אַרבעטער, נישט קיין רוסישע אָדער פּוילישע. ווי אַרבעטער טראָגן זיי אַ טאָפּלטן יאָך — פֿון דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג און פֿון די קאַפּיטאַליסטן; ווי יידישע אַרבעטער טראָגן זיי נאָך אַ צווייטן טאָפּלטן יאָך — פֿון אויסנאַם־געזעצן און פֿון די נאַציאָנאַל־אונטערדריקערישע דערשיינונגען"... פֿאַרן פֿערטן צוזאַמענפֿאָר איז געווען קלאָר, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט רעכט צו פֿאָדערן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אַזוי גוט, „ווי יעדע אַנדערע נאַציאָנאַליטעט" [38]).

דער גרינדונג־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (1898) האָט זיך אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אַרויס־געזאָגט פֿאַרן פּרינציפּ פֿון זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פֿון פֿעלקער. דאָס אַלץ. מ'קען פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר האָט נישט אויסגעאַרבעט אַ מער דעטאַליזירט פּראָגראַם, ווען מ'נעמט אין אַכט די באַדינגונגען, ביי וועלכע יענער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען. ווען אָבער די פּראָלעטאַרישע פֿאָרשטייער פֿון יידישן פֿאָלק האָבן זיך זעלבסטבאַשטימט, האָבן געזאָגט, וואָס זיי ווילן פֿאַר זייער פֿאָלק, האָט די איסקראַ־ריכטונג געענטפֿערט: — ניין, הגם פֿון אַלע מעגלעכע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען, וואָס פֿעלקער וואָלטן געקענט פֿאַרלאַנגען, איז דאָס געווען די באַשיידנסטע. דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט זי נישט געוואָלט דערלאָזן אויספֿילן דעם פּרינ־ציפּ פֿון זעלבסטבאַשטימונג־רעכט מיט אַ קאָנקרעטן אינהאַלט...

אויסגעשפּראָכן פֿיינטלעך האָט אויך רעאַגירט די פּוילישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.). פֿון ערשטן מאָמענט אָן האָט זי געהאַלטן, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן נישט קיין רעכט אויף אַן אייגענער אָרגאַניזאַציע און ביטער באַקעמפֿט דעם בונד. זי האָט אַפֿילו זיך דערלויבט צו פֿאַרגלייכן דעם בונד מיט דעם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר מיכאַאיל מוראַוויאָוו (אונטער־דריקער פֿון פּוילישן אויפֿשטאַנד און פֿון פּוילישער קולטור, אַ רוצח וואָס האָט געהאַט דעם צונאָמען — דער תליון). פֿאָדערנדיק פֿאַר זיך דעם מאַקסי־

מום — אַלע פרייהייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פוילישער נאַציאָנאַ־
לער קולטור און די אומאָפּהענגיקייט פון פוילן, האָט די פּ.פּ.ס. אין דער
זעלבער צייט פאַר די יידישע אַרבעטער נישט געוואָלט אָנערקענען דעם
נויטיקן מינימום. דער פּ.פּ.ס. האָט מען נישט געדאַרפט דערציילן וואָס עס
מיינט נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און דאָך... איר שטעלונג איז געווען, אַז די
יידישע אַרבעטער זיינען בלויז אַ טייל פון די פּוילישע און ליטווישע און
זיי קענען האָבן בלויז אַזעלכע אויפגאַבן, וואָס עס האָבן די לעצטע.

אויף די באַשלוסן פון פערטן צוזאַמענפאָר האָט די פּ.פּ.ס. רעאַגירט אין
אירעביידע אָרגאַנען — ראַבאָטניק און פּשעדשוויט. די פּ.פּ.ס. האָט אָנגעהויבן
זיך אָפּזאָגן, דערוויילע בלויז בנוגע ליטע, פון דעם פריערדיקן נוסח, אַז דער
בונד איז אַ שוואַכע אָרגאַניזאַציע. אין איר פּרעסע לייענען מיר שוין אַזעלכע
ווערטער: „היינט — דאָס דאַרף מען מודה זיין — איז דער יידישער 'בונד'
די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע פון ליטע. צוליב דעם הערשן ביים יידישן
פּראָלעטאַריאַט רוסיפיקאַטאָרישע און צענטראַליסטיש־אַלרוסלענדישע מיי־
נונגען, וואָס זיינען אין סתירה מיט די פּאָליטישע אינטערעסן פון לאַנד.
כל־זמן אין ליטע עקזיסטירט נישט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון דער סאָ־
ציאַליסטישער באַוועגונג צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועט דער
'בונד' שפּילן אַ ראָל פון אַ זעלבשטענדיקן פאַקטאָר אויפן פּאָליטישן פעלד.
מיטן מאָמענט ווען די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער־קריסטן וועט
פאַרנעמען איר געהעריקן אָרט אין לעבן פון לאַנד, וועט די זעלבשטענדיקע
פּאָליטישע ראָל פון בונד דערפירט ווערן ביז נול און דער בונד וועט פאַרלירן
זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג". און דערביי דערלויבט זיך דער פּעפּעסישער
אָרגאַן צו זאָגן: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז איצט דעמאָראַ־
ליזירט דורך די גייסטיקע יורשים פון מוראַוויאָוון, דורך אינטעליגענטן,
וואָס זיינען אין עקאָנאָמישער הינזיכט דערצויגן געוואָרן אויף מאַרקסן און
אין פּאָליטישער הינזיכט אויף אילאָווייסקין, וועט זיך מוזן סאָלידאַריזירן
מיטן קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט און אַקטיוו אונטערשטיצן זיינע פּאָליטישע
שטרעבונגען" [39] (דמיטרי אילאָווייסקי איז געווען אַ רוסישער, נאַציאָנאַ־
ליסטיש־רעאַקציאָנערער היסטאָריקער). אין זעלבן נומער פון דעם פּעפּעסישן
חודש־זשורנאַל ווערט געזאָגט, אין שייכות מיט דער בונדישער רעזאָלוציע
וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע: „קודם כל דאַרף מען קאָנסטאַטירן דאָס
פאַרשטאַרקן זיך פון די ציוניסטישע עלעמענטן אין שויס פון בונד מיט
אַן אָפּשוואַכונג פון די צענטראַליסטיש־רוסיפיקאַטאָרישע"... צו שטעלן אין
ספק די סאָציאַליסטישע ריינקייט פון בונד, האָבן אויך די פּעפּעסישע פּובלי־
ציסטן, ענלעך ווי די פּאָלעמיסטן פון דער איסקראַ־ריכטונג, געהאַלטן פאַר
נויטיק צו שרעקן מיטן ציוניסטישן געשפּענסט... אַזוי ווייט זיינען זיי אַוועק
פון אַ זאַכלעכער אַרגומענטאַציע.

כדי קעגנצואווירקן דער השפּעה פון בונד, האָט די פּ.פּ.ס. אָנגעהויבן
אַרויסגעבן אַ צייטשריפט אין דער יידישער שפּראַך, דער אַרבייטער, וואָס
איז דערשינען נישט רעגולער און מיט לאַנגע הפסקות. אין ערשטן נומער

(דעצעמבער 1898) איז אָפּגעדרוקט אַ דערקלערונג פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון פּ.פּ.ס. וועגן יידישן אָרגאַן און זיינע אויפגאַבן. אין דער דערקלערונג איז קיין וואָרט נישטאָ וועגן יידישן פּראָבלעם. דאָס זעלבע אין די אַרטיקלען פֿון ערשטן און אויך וויטערדיקע נומערן. דאַקעגן איז כסדר באַטאָנט געוואָרן, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן בלויז די זעלבע אינטערעסן, וואָס די נישט־יידישע און אַז אין אַן אומאָפּהענגיק פּוילן וועלן יידן זיין גלייכבאַרעכטיקט. אין נומער 4, וואָס איז דערשינען אין אויגוסט 1901, איז פֿאַראַן אַן אַרטיקל מיטן נאָמען וואָס זאָלן טון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן, ווערט דאָרט געזאָגט: „די יידישע אַרבעטער פֿאָדערן דאָך דאָס אייגענע וואָס די קריסטלעכע און קענען נישט האָבן קיין שום באַזונדערע פֿאָדערונגען. דאָס היסטאָרישע שיקזאַל פֿון אונזער לאַנד האָט ענג פֿאַרבונדן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט דעם פּוילישן. די צרות, וואָס פֿאַלן אויף די פּוילישע אַרבעטער, פֿאַלן אויך אויף די יידישע, און פֿון דעם זיג פֿון די פּוילישע אַרבעטער וועלן אויך געניסן די יידישע"... אַלע די „וואָס זאָגן, אַז יידישע אַרבעטער האָבן באַזונדערע אינטערעסן, אַלע די ברענגען אַ גרויסן שאָדן דעם פּראָלעטאַריאַט".

דאָס איז נישט געווען די שטים פֿון יידישן אַרבעטער, נאָר פֿון פּעפּעסישן צ.ק., וואָס האָט דעם אַרבעטער אַרויסגעגעבן. אין יוני 1902 האָט דער זעקסטער צוזאַמענפֿאָר פֿון פּ.פּ.ס. אָנגענומען אַ לאַנגע רעזאָלוציע, וואו עס ווערן אַרויסגעזאָגט ענלעכע געדאַנקען. ס'ווערט דערקלערט, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פֿון פּוילן און ליטע מוז אויך קעמפֿן פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן, ווייל די פּוילישע רעפּובליק „וועט פֿאַרזיכערן די יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, וועט זיי געבן אַ מעגלעכקייט פֿון פֿרייער אַנטוויקלונג און פֿון אויסאיבן אַ געזונטדיקע השפּעה אויף די עפֿנטלעכע ענינים". די רעזאָלוציע זאָגט זיך אַרויס קעגן אַנטיסעמיטיזם און רופֿט דעם צ.ק. צו שאַפֿן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פֿאַר אַגיטאַציע צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט אונטער דער קאָנטראָל פֿון צ.ק. [40].

אין שייכות מיט דער דאָזיקער רעזאָלוציע האָט דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון בונד פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל פּ.פּ.ס. וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן: „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז נישט נור 'אַ טייל' פֿון דעם פּויליש־ליטווישן פּראָלעטאַריאַט. ווי דער פּראָלעטאַריאַט פֿון יעדער נאַציע, אַזוי איז אויך דער יידישער אַ זעלבשטענדיקער טייל פֿון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, אַ טייל, וועלכער האָט זיין אייגענעם היסטאָרישן אויסזען און וועלכער מוז פֿירן דעם קאַמף פֿאַרן אידעאַל פֿון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — פֿאַרן סאָציאַליזם — אויף זיין אייגענעם אופֿן. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט באַגעגנט אין זיין קלאַסן־קאַמף אַזעלכע שטערונגען, וועלכע עס באַגעגנט נישט דער פּראָלעטאַריאַט פֿון יעדער אַנדערער נאַציע. די דאָזיקע שטערונגען מוז ער אַליין אָפּרוימען פֿון זיין וועג. און אין דעם זינען האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זיינע אייגענע נאָענטסטע היסטאָרישע צילן און אויפֿגאַבן. און כדי זיי צו פֿאַרווירקלעכן, מוז דער יידישער פּראָ־

לעטאַריאַט בילדן אַ באַזונדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, אַ זעלב־שטענדיקע רעוואָלוציאָנערע קראַפט״ [41].

פריינטלעך צום בונד האָט זיך דעמאָלט באַצויגן אַ צווייטע פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פוילן און ליטע (ס.ד.ק.פּ.ל.). איר השפּעה איז געווען קלענער ווי די פּעפּעסישע. דער בונד האָט זי געשטיצט און האָט איר פּראַקטיש געהאָלפן. און דאָס איז געווען איינער פון די חטאים, וואָס פּ.פּ.ס. האָט פאַרגעוואָרפן דעם בונד. אויך די ס.ד.ק.פּ.ל. האָט זיך אָפּגערופן וועגן דער בונדישער שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 28־29 נאָוועמבער 1901, האָט פעסטגעשטעלט די באַציאונג צום בונד אין אַזאַ רעזאָלוציע: „נעמענדיק אין אַכט, אַז דער אַלגעמיין־יידישער אַרבעטער־בונד איז אין זיין טעטיקייט סאָלידאַר מיט דער ס. ד. אין דער גאַנצער רוסלענדער מלוכה און אַז ער איז די איינציקע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, האַלט אים דאָך דער צוזאַמענפאָר, הגם ער איז נישט מסכּים מיט די בליקן פון ,בונד׳ אין דער יידישער פראַגע, פאַר אַ זעלבשטענדיקע ברידערלעכע אָרגאַניזאַציע״ [42].

אין אַן אַרטיקל האָט די רעדאַקציע פון פּאַרטיי־אָרגאַן ברייטער אויפגעקלערט די שטעלונג צו דער יידן־פראַגע און צום בונד. אין תּוך איז די שטעלונג אַן אַסימילאַטאָרישע. עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז די פּוילישע און יידישע בורזשואַזיע האָט „באַנקראָטירט אויפן פּונקט פון אַסימילאַציע״, אָבער וואָס ס׳האָבן נישט געקענט דערגרייכן פריער די שליאַכטע און שפּעטער די בורזשואַזיע, וועט יאָ דערגרייכן דער פּוילישער און יידישער פּראָלעטאַריאַט. דערביי ווערט אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז „ווען דער ,בונד׳ וועקט אין די יידישע אַרבעטער דעם באַוואוסטזיין פון די קלאַסן־אינטערעסן״, „ווערן שוין די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער פאַראַלגעמיינערט״ („אוקראַיאָוויאָנע״) און דאָס מיינט פירן „אַן אַסימילאַטאָרישע טעטיקייט״, ווייל די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער ווערן אַסימילירט מיט די אינטערעסן פון די נישט־יידישע אַרבעטער. „אַז די דאָזיקע אומפאַרמיידלעכע אַסימילאַציע קומט פאָר אין יידישן זשאַרגאָן, ענדערט עס לגמרי נישט דעם ענין. דער וויכטיקסטער פאַקט, וואָס איז מכריע, איז נישט אין וועלכער שפּראַך, נאָר אויף וואָס פאַר אַ באָדן דער ,בונד׳ פירט אָן זיין אַזוי פּרוכטבאַרע טעטיקייט״. אָנווייזנדיק, אַז די אינטערעסן פון ביידע פּאַרטייען זיינען געמיינזאַמע, זאָגט די רעדאַקציע: „פון דעם דרינגט נישט, אַז די אָרגאַניזאַציע פון ,בונד׳ זאָל נישט זיין נויטיק. זיין פּרוכטבאַרע טעטיקייט אין וועקן דעם סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט איז די בעסטע לעגיטימאַציע פון זיין עקזיסטענץ און נויטווענדיקייט. אָן דעם ,בונד׳ וואָלט דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט נישט געהאַט אַזאַ ווערטפולן קאַמף־חבר, ווי ער האָט עס איצט אין יידישן פּראָלעטאַריאַט״. די רעדאַקציע גרענעצט זיך אָבער אָפּ פון דער רעזאָלוציע פון פערטן צוזאַמענפאָר פון בונד אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. נישט ווייל זי איז פּרינציפּיעל קעגן אַ „נישט־טע־

ריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע", נאָר ווייל ס'איז נישט מעגלעך דאָס צו פאַר־
ווירקלעכן. דערביי ווערט, ווי ס'האָט פריער געטון איסקראַ, אַריינגעלייגט
אַ נישט־ריכטיקער אינהאַלט אין דער אויטאָנאָמיע. ס'ווערט אויסגעטייטשט,
אַז דאָס מיינט אַ יידישע אויטאָנאָמיע אין די אַלגעמיינע ענינים פון שטאַט
און לאַנד, בעת קיינעם פון בונד איז דאָס אַפילו אויפן זינען נישט געקומען.

אַ יאָר נאָכן דערשיינען פון בונדישן באַריכט און אויך אַ לאַנגע צייט
נאָכן ענטפער פון צ.ק. פון בונד, וואָס האָט אויפגעקלערט, אַז דאָ האַנדלט
זיך בלויז וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלע ענינים, האָט פונדעסטוועגן דער אָרגאַן
פון ס.ד.ק.פּ.ל. געזאָגט: „אויף וואָסער אופן וועט די יידישע נאַציאָנאַליטעט
פירן אויטאָנאָם, למשל, די שטאַטישע פּאָליטיק, די אַדמיניסטראַטיווע, די
דירות־פּאָליטיק א.אַז.וו... פון דער שטאָט לאָדזש? אָדער אויף וואָסער אופן
וועט זיך לאָזן דורכפירן די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט
אין ענינים פון דער לאַנד־אַדמיניסטראַציע, עקאָנאָמישער קולטור, שטאַטישע
און אַלגעמיינע לאַנד־בודזשעטן, אין ענינים פון עפנטלעכער היגיענע, עפנט־
לעכע מוזעען א.אַז.וו." און לסוף ווערט דערקלערט, אַזביידע פּאַרטייען —
בונד און ס.ד.ק.פּ.ל. וועלן ווייטער בלייבן אין ברידערלעכע באַציאונגען, טראָץ
די חלוקי־דעות אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע [43]).

דער גרונט־טעות שטעקט דאָ, פאַרשטייט זיך, אין דעם גלייכצייכן צווישן
„אוקראַיִאָוויעניע" (מאַכן פאַר אַ לאַנד־זאַך) און אַסימילאַציע. דעם קאַמף
פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער, ווי
אויך פאַר אַנדערע אַלגעמיינע פאָדערונגען, קען מען מאַכן פאַר אַ לאַנד־
זאַך. דאָ קען מען אַפּווישן יעדן חילוק. מ'קען דאָס אָבער נישט טון, ווען
עס האַנדלט זיך וועגן נאַציאָנאַל־גייסטיקע, שפּראַכלעכע און קולטורעלע
ענינים. דאָ בלייבן די באַזונדערקייטן. און ס'איז דער חוב פון דער סאָציאַ־
ליסטישער באַוועגונג, וואָס דאַרף קעמפן קעגן צוואַנג און אונטערדריקונג,
צו אָנערקענען די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן אין די ראַמען פון איין לאַנד.
אין אַ בעסערן און העכערן זין איז דאָס אויך אַן „אוקראַיִאָוויעניע", אָבער
נישט קיין אַסימילאַציע.

***

ווי מען זעט, האָט די בונדישע שטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע
אָנגעטראָפן אַ קעגנערשאַפט פון כמעט אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען,
וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין דער רוסלענדישער אימפּעריע. ס'האָבן
זיך קעגנגעשטעלט אי די אַסימילאַטאָרן און צענטראַליסטן, אי די שטרעבער
צו אומאָפּהענגיקייט און די אָנהענגער פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. אַפילו
אַזעלכע, וואָס האָבן אָנערקענט די רעכט פון אַנדערע פעלקער צו נישט־
טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע (נאַציאָנאַל־קולטורעלער), האָבן עס פאַר יידן
נישט געוואָלט אָנערקענען, ווייל אין זייער דמיון זיינען יידן געווען פאַר־
משפּט אויף להבא צום נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. דער בונד האָט אָבער געהאַט

די טיפע איבערצייגונג, וואָס איז באַפעסטיקט געוואָרן דורך די דערפאַרונ־
גען אין דער געדיכטעניש פון יידישן פאָלקס־לעבן, אַז ס׳איז דער הייליקער
חוב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו קעמפן פאַר הייבן אי מאַטעריעל,
אי גייסטיק דאָס לעבן פון די פעלקער, פאַר באַזייטיקן אי די פאָליטישע, אי
די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. אין באַוואוסטזיין פון זיין היסטאָרישער
אַחריות, האָט דער בונד נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די יידן זאָלן אַרויסגע־
נומען ווערן פון דעם כלל, אומאָפּהענגיק פון די טעאָריעס און מאָטיוון, מיט
וועלכע מ׳האָט דאָס געפּרואווט באַרעכטיקן.

## 3. דער ווידעראַנאַנד צווישן אַלטן און נייעם

דער שטח, וואו דער בונד האָט געפירט זיין טעטיקייט און אויסגעאיבט זיין השפעה, זיינען געווען די אָרימע גאַסן און געסלעך פון די שטעט און שטעטלעך, אין דער סאַמע געדיכטעניש פון יידישן פאָלקס־לעבן. די בונדיסטן זיינען געקומען מיט גאַנץ נייע ווערטער, וואָס האָבן פאַר אַ סך אויערן געקלונגען מאָדנע און פרעמד. זיי זיינען געקומען מיט נייע געדאַנקען, וואָס זיינען געווען אין סתירה צו דעם, צו וואָס מ׳איז געווען צוגעוואוינט פון דור־דורות. די זעלבע ווערטער און געדאַנקען האָבן אָבער ביי די אויסגע־נוצטע און פאַרקנעכטע יידישע אַרבעטער געקלונגען, ווי אַ גוטע בשורה. מ׳האָט פאַר זיך דערזען אַ וועג אויף אַרויסצוגיין פון יאָמער־טאָל. דעריבער האָט דער בונד אַרויסגערופן אי פאַרוואונדערונג, אי באַוואונדערונג. ער האָט געוועקט אי צוטרוי, אי אומצוטרוי און איז באַלד אַרומגערינגלט גע־וואָרן אי פון ליבע, אי פון האַס. גלייכגילטיק צו אים האָט מען נישט גע־קענט זיין. די טריישאַפט צו אים און די מסירת־נפש פאַר אים פון איין זייט זיינען געווען פּנים אל פּנים מיט קעגנערשאַפט און ווידערשטאַנד פון דער צווייטער זייט. דער ווידעראַנאַנד און צוזאַמענשטויס האָבן געמוזט קומען אומפאַרמיידלעך.

מיטן אויפקום פון דער בונדישער באַוועגונג האָט זיך אין די שטעט און שטעטלעך באַוויזן אַ נייער טיפּ ייד, וואָס איז געווען לגמרי אַנדערש און ניי לויטן מהות און אויך לויטן אויסערלעכן אויסזען. אויפן גאַנצן יידישן לעבן איז געלעגן אַ רעליגיעזער חותם. די רעליגיעזע דינים און ריטואַל האָבן רעגולירט דאָס פּריוואַטע און קהלשע לעבן. פון דור־דורות האָט דאָמינירט די דעה פון די כלי־קודש, פון די פּוסקים און אויסטייטשער פון די הייליקע שריפטן. געוויס האָט מען אויך פאַר דער עפּאָכע פון בונד געקענט טרעפן דאָ און דאָרט אַ פּורץ־גדר, אָבער געווען זיינען עס ווייניקע יחידים און על פּי רוב פון די רייכערע שיכטן, צו וועלכע ס׳איז בכלל געווען אַ דרך־ארץ און מ׳האָט נישט געהאַט קיין העזה קעגן זיי אַרויסצוטרעטן. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דאָס פאַרלאָזן דעם רעליגיעזן לעבנס־שטייגער אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער.

די אויפגעקלערטע יידישע אַרבעטער האָבן אויפגעהערט טראָגן די לאַנ־גע קאַפּאָטע און דאָס „יידישע היטל". זיי האָבן אָפּגעשוירן באָרד און פּאות — און מיט דעם שוין אויסערלעך זיך אונטערגעשיידט פון טראַדי־ציאָנעל־פרומען ייד. זיי האָבן נישט אָפּגעהיט כשרות, האָבן מחלל שבת

געווען און אויפגעהערט דאַווענען. אַפילו שבת און יום־טוב האָט מען זיי שוין נישט געזען אין שוהל און בית־מדרש. חתונות — פאַרמעל נאָך כדת משה וישראל (אַזוי האָט געמוזט זיין לויטן מלוכהשן געזעץ), אָבער דאָס איבעריקע שוין נישט לויט די אַלטע מנהגים און צערעמאָניעס. אַפילו די לוויות זיינען געווען מיט אַן אַנדערן נוסח. און רייד — „זאָל גאָט שומר ומציל זיין"... דאָס זיינען שוין נישט געווען די רייכע זין און טעכטער, וואָס האָבן שטודירט אין די אוניווערזיטעטן, נאָר „עמך". און דאָס האָט נאָך מער געריצט די פאַנאַטיש־גלויביקע. אין זייערע באַגריפן האָט די רעלי־גיאָנסלאָזיקייט זיך געפּאָרט מיט עם־הארצות. ס'האָט געהייסן: די הייליקע תורה האָבן די „עם־הארצים" פאַרביטן אויף „טריף־פסולס" — די „מעשה־ביכלעך" פון דער נאָר־וואָס אויפגעקומענער יידישער ליטעראַטור און דאָס קען, חלילה, דערפירן צו שמד... און פון יידישע יום־טובים האַלטן זיי נישט, נאָר פּראַווען אייגענע, פרעמדע (ערשטער מאַי, רעוואָלוציאָנערע גע־דענק־טעג א.אַז.וו.).

מיט אַנטי־רעליגיעזער אַגיטאַציע האָט דער בונד זיך נישט פאַרנומען. אין זיין אומלעגאַלער ליטעראַטור—צייטונגען, אויפרופן, בראָשורן—פון דעם פעריאָד (ביז 1903) האָט מען אַנטי־רעליגיעזע טעמעס נישט באַהאַנדלט. מ'האָט אויך נישט איינגעאָרדנט קיין פאַרזאַמלונגען מיט אַנטי־רעליגיעזע רעדעס. אויף וויפל ס'איז אויסגעקומען צו שרייבן און ריידן וועגן רעליגיע, זיינען עס געווען אָנווייזונגען ווי אַזוי מען מיסברויכט די רעליגיע פאַר ערדישע צוועקן. מיט זייער נייער לעבנס־שטייגער, מיט זייערע טאָג־טעגלעכע ביי־שפּילן זיינען אָבער די בונדיסטן במילא געווען ווירקזאַמע אַגיטאַטאָרן קעגן די אַלט־יידישע רעליגיעזע גלויבענישן און אָבערגלויבענישן. דאָס יידישע לעבן לויט די תרי"ג מצוות איז שוין געווען אַזוי שטאַרק אין קאַליזיע מיט די אַנטוויקלונגען פון דער נייער צייט, די בענקעניש פון דעם אונטערוואַקסנ־דיקן דור צו וועלטלעכער בילדונג און נייע לעבנס־פאָרמען איז געווען אַזוי אינטענסיוו, אַז אַן ספּעציעלער אָנשטרענגונג האָבן די פריידענקערישע בונ־דיסטן גורם געווען גרויסע און טיפע ענדערונגען.

איינער פון די, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון פרום־יידישקייט צו יידישער וועלטלעכקייט, צביון, דערציילט וועגן דעם: „בעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער יידישער מיטלקלאַס אין רוסלאַנד איז אין דורכשניט דע־מאָלט געווען אויך שטאַרק רעליגיעז, האָט ער אין דעם 'בונד' אויך געזען אַ געפאַר פאַר דער רעליגיע. די 'אחדותניקעס', די 'חברים' זיינען געווען אַן אמתע גיפט פאַר דער רעליגיע, וואו זיי האָבן זיך נאָר באַוויזן. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין ספּעציעלע אַגיטאַציע קעגן דער רעליגיע, זיי האָבן נישט געמאַכט קיין ספּעציעלע מלחמות מיט גאָט, אָבער עס איז שוין גע־קומען אַזוי ווי פון זיך, אַז דער וואָס איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון 'אחדות־ניקעס' האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דער רעליגיע און מיט זיין גלויבן אין גאָט און זיין תורה. איך געדענק ווי מאָדנע מיר איז פאָרגעקומען, ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע און האָב דאָ געפונען אַזאַ ענערגישע מלחמה

מיט גאָט. פאַר די מערערע יאָרן, וואָס איך בין געווען טעטיק אין ׳בונד׳ אין רוסלאַנד, איז מיר קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו ריידן אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען וועגן רעליגיע, וועגן גאָט און זיין תורה. רעליגיאָנסלאָזיקייט האָט מען דאָרט גערעכנט פאַר אַ זאַך, וואָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, און עס איז דעריבער גאַרנישט איינגעפאַלן אָנצופירן פאַר דעם צוועק אַ ספּעציעלע אַגיטאַציע״ [44]).

און הגם קיין „ספּעציעלע אַגיטאַציע״ קעגן רעליגיע האָט דער בונד נישט געפירט, האָט ער דאָך אַרויסגערופן צו זיך פאַרביטערונג און שנאה אין די רעליגיעזע קרייזן. דער ברייטער פרומער עולם איז פשוט נישט געווען בכוח ריכטיק אָפּצושאַצן די נייע דערשיינונגען אויף דער יידישער גאַס. די שרעק פאַר די נייע פירונגען און דאָס כסדרדיקע אויפהעצן מצד די פאַנאַטיקער האָבן נישט דערלאָזט צו זען די וועלטלעכע יידן אין ריכטיקן ליכט. ס׳זיינען אַנטשטאַנען גוזמאָדיקע איבערטרייבונגען און לעגענדעס, וואָס האָבן געמאָלן די בונדישע אַפּיקורסים אין די שרעקלעכסטע פאַרבן און פאָרמען. ס׳איז געגנוג געווען, אַז אַ יונג פּאָרל זאָל חתונה האָבן אָן אַ שדכן אָדער אַז פרויען זאָלן נאָך דער חופה נישט אָפּשערן די האָר, כדי מען זאָל וועגן זיי דערציילן די ווילדסטע מעשיות. צום שאַפן די גוזמאות און לע־גענדעס האָט אָביעקטיוו צוגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט צוליב דעם דעספּאָטישן צאַרישן רעזשים געמוזט זיין אַ קאָנספּיראַטיווע; דורכשמועסן זיך, זיצונגען און פאַרזאַמלונגען זיינען געווען בסוד. אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, וואו אַלץ איז געווען אַזוי אָפן, וואו איינער האָט געוואוסט וואָס עס קאָכט זיך אין צווייטנס טעפּל, האָט די סודותדיקייט, דאָס היטן זיך פאַר די שכנים — אַפילו פאַר אייגענע טאַטע־מאַמע און ברי־דער־שוועסטער — געמוזט אַרויסרופן די ערגסטע חשדים. אויב היינטער פאַרמאַכטע לאָדנס און פאַריגלטע טירן — ווער ווייסט וואָס דאָרט טוט זיך אָפּ...

דער נאָמען בונדיסטן איז אין דער ערשטער צייט נישט געווען אָנ־גענומען. דאַקעגן זיינען געווען פאַרשפּרייט די נעמען — באַקאַנטע, ברידער און שוועסטער, חברים, גענאָסן, א.א.

„׳באַקאַנטע׳ — דערציילט אַ פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַ־וועגונג, לעאָן בערנשטיין — זיינען קודם־כל דורכגעדרונגען געוואָרן מיט אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט, מיט ברידערלעכע געפילן און ענגער פאַר־בינדונג צווישן מענטש און מענטש, וואָס איז פריער נישט געווען בנימצא. ביי דער אַרבעט, אין פאַבריק, אין וועַרקשטאַט, האָבן ׳אונזערע׳ געהאַנדלט לויטן כלל: ׳איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם׳ ״... „אַלע, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג זיינען געוואָרן ׳באַקאַנטע׳, ׳אונזערע׳. ׳מיר׳ האָט געמיינט אַ גרויסע משפּחה פון פריינט. עס איז געוואָרן אַ הייליקע פליכט צו באַדינען אַ קראַנקן חבר. ׳באַקאַנטע׳ האָבן זיך נישט אַרומגע־ריסן צווישן זיך, וואָס איז געווען אַ זייער אָפּטע דערשיינונג אין דער יידי־

שער קליינבירגערלעכער סביבה. פשוטע אַרבעטס־מענטשן האָבן זיך דער־הויבן איבער זייער פריערדיקער סביבה"[45].

די עליה פון יידישן אַרבעטס־מענטש האָבן פיל אומוויסנדיקע באַטראַכט ווי אַ ירידה. און זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט שנאה אָדער חוזק. די קעגנערישע און גרינגשעצנדיקע באַציאונג האָט מען געברענגט צום אויסדרוק אין פאַרשידענע צונעמען. אין ווילנע האָט מען די חברים גערופן — „די פילאָזאָפן", און די פרויען — „די צעבויגענע היט"; אין ביאַליסטאָק — „די קאָמונע מיט דער שיסל"; אין בריסק — „צער בעלי־חיים"[46]. אין בערדיטשעוו איז דער צונאָמען געווען — „די סטרוצקע"; אין סואוואַלק — „די עלעקטרישע", וואָס האָט געזאָלט באַטייטן, אַז די בונדיסטן גלויבן נישט אין אַ נשמה און מיינען, אַז אַ מענטש שטאַרבט נישט צוליב יציאת־נשמה, נאָר ווען עס שטעלט זיך ביי אים אָפּ דער עלעקטרישער שטראָם. אין אַ גרויסער צאָל ערטער האָט מען די מענטשן פון דער באַוועגונג גע־רופן „סטאַצעצניקעס" (שטרייקער), ניהיליסטן, קאָסמאָפּאָליטן, ציציליסטן און אַנדערע צונעמען. „אחדות", „אחדותניקעס" איז געווען אַ נאָמען, און אַ פּאַסיקער, וואָס עס האָבן באַנוצט בונדיסטן אין אַ צאָל ערטער. באַזונ־דערס פּאָפּולער איז ער געווען אין לאָדזש. דאָ איז ער געווען גאַנגבאַר אויך ביי די קעגנער און אַפילו די פּאָליציי האָט מיטן נאָמען „אחדות" באַצייכנט די בונדישע באַוועגונג.

⁂

אינסטינקטיוו האָבן די פרומע עלעמענטן דערפילט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ סכנה פאַר דעם איינגעפונדעוועטן, אַלט־פרענקישן לעבנס־שטייגער. נישט זיי האָבן געקענט זיך אויפהייבן אויף אַ הויך צו זיין טאָלעראַנט צו די, וואָס האָבן מער נישט דעם רעליגיעזן גלויבן, נישט זיי האָבן געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די צייט פון רעליגיעזן טאָטאַליזם איז פאַרביי. מחמת דעם זיינען געקומען פאַרשידענע ווילדע געגנג און עקס־צעסן אין שטרייט צווישן די חסידים פון אַלטן און די שאָפער פון נייעם. די אָרטאָדאָקסיע האָט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף דער דערציאונג פון די יידישע קינדער און יוגנט — דורך די חדרים, תלמוד־תורות און ישיבות. מיט ציין און נעגל האָט זי באַקעמפט יעדן פרואוו פון אַריינברענגען וועלט־לעכע בילדונג אין די טראַדיציאָנעלע יידישע לערן־אַנשטאַלטן. זי האָט וויטער געוואָלט אָנהאַלטן איר אַליינהערשאַפט איבער יעדן ייד — פון וויגל ביזן קבר. יעדער דורכברוך אין איר אַליינהערשאַפט האָט אַרויסגעפירט פון די כלים די אָרטאָדאָקסיע און זי איז געווען פעאיק אָפּצוטון נישט־דערלאָזבאַרע מעשים.

דאָס איז נישט געווען די איינציקע סיבה פאַרוואָס דער בונד, וואָס האָט קיין אַקטיוון קאַמף קעגן רעליגיע נישט געפירט, איז געווען פאַרוויקלט אין ביטערע צוזאַמענשטויסן מיט די שומרים פון רעליגיע, מיט די כלי־

קודש און זייערע חסידים. די צווייטע סיבה איז געווען אַ פּאָליטישע. אין צאַרישן רוסלאַנד זיינען יידן געווען אַן אונטערדריקט פֿאָלק. פון צאַרישן דעספּאָטיזם האָבן יידן פיל מער געליטן, ווי אַנדערע פעלקער. אַחוץ דער אַלגעמיינער אומפרייהייט און רעכטלאָזיקייט האָבן יידן געהאַט ספּעציעלע צרות — אַנטי־יידישע גזירות. ביי יידן האָט דעריבער נישט געקאָנט זיין קיין גוטע באַציאונג צום צאַרישן רעזשים. די צאַרישע מיניסטאָרן און טשינאָווניקעס האָט מען באַטראַכט ווי רשעים, וואָס איזדיעקעווען זיך איבער דער יידישער באַפעלקערונג. לפנים וועגן האָבן אָבער די אָפיציעלע יידישע פאָרשטייער — די קהל־לייט און כלי־קודש — אַרויסגעוויזן הכנעה־דיקייט און לאָיאַלקייט צו די אַכזריותדיקע הערשער. פיל האָבן זיך אַזוי שטאַרק איינגעלעבט אין דער ראָל פון לאָיאַלע אונטערטאַנען, אַז זיי האָבן שוין די ראָל געשפּילט באהבה. דער הנותן תשועה למלכים — די תפילה פאַרן צאַר איז געווען אַ באַשטאַנד־טייל פון דער ציבורדיקער גאָטעס־דינסט.

לחלוטין אַנדערש איז געווען דער בונד. ער האָט דערקלערט מלחמה דער צאַרישער זעלבסטהערשונג. צווישןביידע איז אָנגעגאַנגען אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. דער בונד איז געווען אומדערמידלעך אין אויפדעקן די פאַרברעכנס פון צאַריזם און מאָביליזירן די לעבעדיקע כוחות קעגן אים. טאָג־איין, טאָג־אויס האָט ער עובר געווען אויף די דראַקאָנישע געזעצן, מיט וועלכע די רעגירונג האָט באַשאָנקען רוסלאַנד. די רעגירונג האָט דערפאַר באַשטראָפט די בונדיסטן מיט טורמעס און סיביר.

אין דער פּאָליטישער איינשטעלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אויף אַזאַ אופן פאָרגעקומען אַ טיפער ריס: קנעכטישע הכנעה און נעבעכדיקייט פון איין זייט — רעוואָלוציאָנערישקייט און מוטיקייט פון דער צווייטער זייט. האָבן די לאָיאַלע און געהאַרכזאַמע באַשולדיקט די רעוואָלוציאָנערן, אַז זיי ברענגען אומגליקן אויף יידן — און די בונדיסטן זיינען קיין ענטפער נישט געבליבן שולדיק. זיי האָבן שאַרף אָנגעגריפן די, וואָס האָבן אין נאָמען פון רעליגיע גערופן צו בויגן די רוקנס פאַר דער פאַרדאָרבענער מלוכה־מאַכט. אין וואָרט און שריפט האָבן די בונדיסטן געוועקט דעם מענטשלעכן שטאָלץ און דעמאַסקירט די כלערליי אומווירדיקע מעשים פון די פּני און אָפיציעלע וואָרט־זאָגער פון קהל.

און נאָך אַ סיבה איז געווען, וואָס האָט פאַרטיפט די שפּאַלטונג און גורם געווען די שטאַרקע פאַרביטערונג צווישן די רעוואָלוציאָנערן און דעם קלע־ריקאַלן לאַגער. פון דור־דורות איז געווען איינגעשטעלט, אַז דער רב איז אַ דיין, אַ בורר און אַ פוסק אויך אין קאָנפליקטן פון וועלטלעכן כאַראַקטער. נישט בלויז וועגן רעליגיעזע דינים, אויך וועגן דיני ממונות איז געווען אָנגענומען, אַז דער רב זאָל פּסקענען. אין די ערשטע יאָרן פון דער באַ־וועגונג, ווען די ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אויף זייער רעוואָלוציאָנערן וועג, פלעגט נישט זעלטן טרעפן, אַז די באַלעבאַטים און די אַרבעטער זיינען געקומען צום רב מיט זייערע קעגנזייטיקע טענות און תביעות אין שייכות מיט דער הויך פון לוין, לענג

פון אַרבעטס־טאָג און אַנדערע פּראָפעסיאָנעל־עקאָנאָמישע ענינים. על פּי
רוב האָבן די רבנים זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים, וואָס
האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי די אַרבעטער און צוגעאײַלט ביי
זיי דעם פּראָצעס פון באַפרייען זיך פון דער רעליגיעזער השפעה. אין זיין
רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע האָט דער בונד אַרויסגעברענגט אַ גרויסע
צאָל פאַקטן פון דעם מין און זיי געהעריק באַלויכטן.

כדי קעגנצואווירקן דער סכנה, וואָס דראָט דער רעליגיעזער יידישקייט
מצד דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיינען אויך געמאַכט געוואָרן פּרואוון
צו שאַפן חברות פון גאָטס־פאַרכטיקע אַרבעטער. איינער פון די, וואָס
זיינען געווען טעטיק אויף דעם געביט, איז געווען דער באַרימטער מגיד
אליקום געציל, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן, פייערדיקן רעדנער־טאַ־
לאַנט און זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַרקן פאַנאַטיזם. אין זיינע דרשות,
דערציילט איינער פון זיינע צוהערער, לייבעטשקע בערמאַן, האָבן אַ גרויסן
אָרט „פאַרנומען סאָציאַלע פּראָבלעמען”... „ער האָט זיך אָבער נישט פאַר־
נומען בלויז מיט דרשות, ער פלעגט אויך גריינדן חברות — ספּעציעל פון
אַרבעטער און פאַר זיי, באַזונדערס שבת נאָכמיטאָג, האַלטן דרשות, לערנען
גמרא, משניות און פאַרשידענע מוסר־ספרים. אין די דאָזיקע חברות האָבן
צו יענער צייט געלערנט אַ סך קינפטיקע אַרבעטער־טוער, וועלכע האָבן
געשפּילט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַן אָנגעזעענע ראָל. איינער
פון זיי — די רעכטע האַנט פון אליקום געציל — איז געווען דער שניידער־
אַרבעטער חבר מענדל סקוטעלסקי, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער
פון די פּיאָנערן פון דער דווינסקער אַרבעטער־באַוועגונג”... „אויך פאַר
דער אַרבעטער־יוגנט — פאַר אונז, לערן־ייִנגלעך — זיינען געמאַכט גע־
וואָרן 'אָוונט־קורסן': דריי מאָל אַ וואָך פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אין
דער וויבערישער שוהל פון 'איטשע פריילעכס' בית־מדרש, לערנען עין־
יעקב און אַנדערע לימודים פון דעם מין” [47].

דער אימפּעט און די צוציאונג־קראַפט פון דער יידישער רעוואָלוציאָנע־
רער באַוועגונג זיינען געווען אַזוי גרויס און שטאַרק, אַז די באַמיאונגען
אויפצושטעלן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע וואַנט צווישן די יידישע אַרבעטער און
דעם בונד האָבן קיין הצלחה נישט געקענט האָבן. פון די רעליגיעזע חברות
האָבן אַ היפּשע צאָל געפונען זייער וועג צו דער בונדישער באַוועגונג, וואו זיי
האָבן דערזען אַ נייעם גלויבן און הויכע מענטשלעכע אידעאַלן.

* * *

מיר וועלן ברענגען אַ צאָל פאַקטן און האַנדלונגען, וואָס האָבן ביי די
אַרבעטער געמוזט אַרויסרופן אַ קעגנערשאַפט צו זייערע רבנים און האָבן
צוגעאײַלט ביי זיי די צעשיידונג מיט דער פרומער סביבה און דעם איבער־
גאַנג פון דער שוהל צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין גאַרבער־שטעטל קרינקי (גראָדנער גובערניע) איז אין 1897 פאָרגע־

קומען אַ קאָנפליקט צווישן די וואלקער־אַרבעטער און פאַבריקאַנטן. בעיקר האָט מען זיך נישט געקענט אייניקן וועגן דער וויכטיקסטער פאָדערונג פון די אַרבעטער — איינצופירן אַ 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. דערציילט וועגן דעם דער אונטערערדישער אָרגאַן פון בונד:

„נאָך סוכות האָבן די פאַבריקאַנטן געמאַכט אַן אַסיפה ביים רב. און נאָך זיין עצה האָבן זיי באַשטימט צו מאַכן קאָנטראַקטן מיט די מייסטערס אויף 3 יאָר און פון די אַרבעטער נעמען צו דער אַרבעט נאָר יענע, וועלכע זיינען ניט קיין ‚בונטאָוציקעס' און וועלכע שטימען איין צו אַרבעטן פון 6 ביז 8. אויב עס וועלן זיין וויניק אַרבעטער, האָט מען באַשטימט צו נעמען פויערים". די מייסטער און אַרבעטער האָבן ניט מסכים געווען און דער־קלערט אַ שטרייק. די באַלעבאַטים האָבן זיך געווענדט צום גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל שיקן מיליטער אין שטעטל אַריין. זיי האָבן אים געגעבן די נעמען פון די „בונטאָווטשיקעס". די פרעמדע האָט מען אַרויסגעשיקט פון שטעטל און די אָרטיקע האָט מען אַרעסטירט. מ'האָט אויך אָנגערייצט די שטרייק־ברעכערישע פויערים צו שלאָגן די שטרייקער, דערביי איז געפאַלן טויט אַ פאָטער, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין באַפאַלענעם זון. די ראָטע סאָלדאַטן, וואָס איז געקומען פון גראָדנע, איז באַפאַלן אין גאַס די אַרבעטער און געשלאָגן מכות רצח. „די סאָלדאַטן — דערציילט דער בונדישער אָר־גאַן — זיינען געקומען אין בית־המדרש, וועלכער געהערט צו די אַרבעטער, האָבן אַרויסגעוואָרפן פון דאָרטן די ספרים און געמאַכט (דעם בית־המדרש) פאַר זייער קאַזאַרמע. די אַרבעטער זיינען אַוועק אין רייכן בית־המדרש און האָבן ניט געלאָזט לייענען. דאַן איז געקומען דער איספּראַווניק מיט אַן אוריאַדניק, האָבן צעטריבן די אַרבעטער, און דער איספּראַווניק האָט אַרויס־גענומען די ספר־תורה פון אָרון קודש, זיך פריער איבערצלמענדיק"[48].

מיט דער הילף פון צאַרישן מיליטער און פויערישע שטרייק־ברעכער זיינען די יידישע אַרבעטער באַזיגט געוואָרן. זיי האָבן אַ צייט געהונגערט און לסוף געמוזט זיך אונטערגעבן — זיי זיינען אַוועק אַרבעטן 14 שעה אַ טאָג, „פון 6 ביז 8".

אין אַזעלכע פאַקטן האָבן יידישע אַרבעטער, אַפילו רעליגיעז־געשטימטע, געמוזט זען יד־אחת צווישן רב מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרן, צווישן די פרומע לייט און די צאַרישע אונטערדריקער. נאָך אַזעלכע איבערלעבונגען האָבן אין די אויערן פון יידישע אַרבעטער געמוזט קלינגען הויל און פוסט די ווערטער וועגן גאָטספאַרכטיקייט, יידישער אחדות און אַז יידן זיינען רחמנים בני רחמנים.

אָדער די מעשה, וואָס איז פאַרלאָפן אין דער שטאָט פון טעקסטיל־פאַבריקן — אין לאָדזש. דערציילט וועגן דעם די לאָדזשער אונטערערדישע צייטונג פון בונד אין אַן אַרטיקל, וואָס טראָגט דעם נאָמען: רבנים און גלחים ביים קאַפּיטאַל אין דינסט:

„אין שטרייק ביי ווישליצקין און טיקאָצינערן איז אונזער פרומער רב מייזעל אַרויסגעטרעטן אַלס אַ פאַרמיטלער צווישן די פאַבריקאַנטן און די

אַרבעטער. די לעצטע, גלויבנדיק דעם גוטן ווילן פון רב און אין זיין ניט מקבל־פּנימשאַפט, האָבן זיך מיט חשק פאַרלאָזט אויף זיין פאַרמיטלערשאַפט. זיי האָבן געהאָפּט מיט זיין הילף דורכקומען מיט זייערע באַלעבאַטים און באַקומען פון זיי אַ דערפילונג אויף זייערע גערעכטע און געזעצלעכע פאָדע־רונגען. נאַאיווע מענטשן! "... "מיינט איר דען, אַז אונזער רב מייזעל ווייסט נישט וועגן אונזער טרויעריקן לעבן? ניין, ער ווייסט גאַנץ גוט, נאָר וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן מיר ביי אים, מיר אָרימע אַרבעטער?! נאָך זיין מיינונג, איז אונז באַשערט אויף אייביק בלייבן הונגעריקע שקלאַפן. און דארום יעדע אונזער שטרעבונג צו פאַרבעסערן אונזער לעבן באַטראַכט ער אַלס אַן אָנפאַל אויף דער אמונה און ער האַלט זיך נישט אָפּ פון ווענדן זיך צו דער הילף פון פּאָליציי (ווי דאָס איז געווען נאָך דער דעמאָנסטראַ־ציע אויף דער לוויה ביי משה קאָנאָפּניצקי), וועלכע דאַרף מיט טורמעס און פויסטן איינפּעסטיקן אין אונז די אמונה צו אונזער גורל! אַרויסטרעטנדיק אַלס אַ פאַרמיטלער צווישן טיקאָצינערן און זיינע אַרבעטער, האָט דער רב נישט געזען דערשלאָגן זיך פון רייכן פאַבריקאַנט וועלכע עס איז פאַר־בעסערונגען פאַר די אַרבעטער. ניין, די אינטערעסן פון אונזערע עקספּלואַ־טאַטאָרן זיינען אים טייער און הייליק! און דאַרום האָט אונזער גאַטספאַרכ־טיקער רב געזוכט אונז איינצורײדן מיר זאָלן זיך אונטערגעבן"... "און ווען מיר האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן, האָט ער, 'דער באַשיצער פון עם ישראל', אונז געשראָקן מיט פּאָליציי און האָט טאַקע דערלאָזט מען זאָל אונז אַרויסשיקן מיטן טראַנספּאָרט" (עטאַפּ)... "נאָר מיינט נישט, ברידער, אַז אַזעלכע זיינען נור די יידישע כלי־קודש! ניין, די קריסטלעכע גייסטלעכע שטייגן אפשר אין דער הינזיכט אַ סך איבער אונזערע יידישע"[49]). (עס ווערט אויך דערציילט וועגן דער מיאוסער ראָל פון קאַטוילישן גלח שמידעל און לוטעראַנישן פּאַסטאָר גונדעלאַך, וועלכע האָבן בעתן זעלבן שטרייק ביי טיקאָצינערן אין זייערע קירכעס געדרופן די פּוילישע און דייטשע אַרבע־טער צו ווערן שטרייק־ברעכער לטובת דעם יידישן פאַבריקאַנט).

מיר זעען ווידער אַ דריי־בונד — פאַבריקאַנט, רב, פּאָליציי — מיטן צוגאָב פון קריסטלעכע שטרייק־ברעכער. דער דאָזיקער אומהייליקער דריי־בונד האָט געריסן אין די אויגן און די אַרבעטער האָבן געמאַכט די געהעריקע אויספירן.

דערציילט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון בערשטער־אַרבעטער אין מעזריטש, אַז די פאַבריקאַנטן האָבן פאַרלאַנגט פון איינעם פון זיי נישט צו באַשעפטיקן "בונטאָוושטשיקעס", וואָס זיי האָבן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. און אַזוי איז טאַקע געשען. אַלע אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט און באַשלאָסן גיין צום רב. דער רב האָט געהייסן בעטן ביי די פאַבריקאַנטן מוחל צו זיין און די 5 באַזייטיקטע אַרבעטער זאָלן אים געבן תקיעת־כף, אַז זיי וועלן זיך מער נישט בונטעווען. און די קאָרעספּאָנדענץ אין דער בערשטער־צייטונג זאָגט ווייטער: "צוזאָגן, אַז מיר וועלן זיין רואיקע, שטילע קנעכט האָבן מיר נישט געקענט. אַ שאָד וואָס מיר האָבן זיך צו שפּעט דערוואוסט, אַז אָט

דער הייליקער רבי איז געווען צוזאַמען מיט אַלע באַלעבאַטים אויף דער פאַרזאַמלונג, וואו זיי האָבן באַשלאָסן צו דריקן אונז, יידן, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך. ווען מיר וואָלטן עס פריער געוואוסט, וואָלטן מיר אויף קיין פאַל נישט געקומען אויסגיסן אונזערע הערצער פאַר אַזאַ צדיק, נאָר מיר וויסן כאָטש וואָס פאַר אַ פיינע לייט אונזערע רבנים זיינען" [50].

נישט בלויז צוליב שטעלן זיך בעת עקאָנאָמישע קאָנפליקטן אויפן צד פון די פאַבריקאַנטן קעגן די אַרבעטער זיינען די יידישע רעוואָלוציאָנערן אַרויסגעטרעטן קעגן רבנים. ווי די אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער יידישער עדה, האָבן אין אַ ריי פאַלן רבנים נישט געהאַט דעם מוט צו פאַרטיידיקן דעם כבוד און די עלעמענטאַרע רעכט פון די יידן. די בונדיסטן האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק זיך אָפּגרענעצן און טאַדלען אומווירדיקע אָדער פּחדנותדיקע האַנדלונגען.

אָט, למשל, איז אין דער שטאָט קרעמענטשוג, פּאָלטאַווער גובערניע, געשען אַזאַ זאַך: די יידן פלעגן שבת שפּאַצירן אויף דער גאַס, וואָס איז אָמבעסטן געווען צוגעפּאַסט פאַר דעם. דאָרט האָבן אויך שפּאַצירט די טשינאָווניקעס און די אָפיצירן פון גאַרניזאָן און זיי האָט זיך פאַרגלוסט צו מאַכן די גאַס יידן־ריין, כדי זיך נישט דאַרפן רייבן מיט יידישע אַרבל און קוקן אַ ייד אין פּנים אַריין. האָט די נאַטשאַלסטווע פון שטאָט צוזאַמען מיטן קאָמאַנדיר פון בריאַנסקער פּולק אַרויסגערופן צו זיך דעם רב א. א. פריידענבערג און אים געהייסן אויפהענגען אין שוהל אַ קול־קורא, אַז יידן זאָלן מער אויף דער גאַס נישט שפּאַצירן. דער רב האָט געפאָלגט און די יידן האָבן אויף די ווענט פון שוהל געלייענט, אַז זיי „באַליידיקן בכוונה די אָפיצירן און פירן זיך אויף נישט העפלעך קעגן די קריסטן אויף די גאַסן"... „זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס איז אַ הייליקע פליכט פון אונז נישט צו דערלאָזן צו סקאַנדאַלן אויף די גאַסן און אין אמתן אָפּגעבן כבוד די אָפיצירן און דעם מיליטער, וועלכע באַשיצן די שטאָט און באַזונדערס די יידן. דעריבער האָט די אויבערהערשאַפט פון אונזער שטאָט מיט מיר זיך אַן עצה געהאַלטן און האָט מיר געזאָגט, אַז צוליב דעם, אום קיין אומגליק זאָל נישט געשען, זאָל איך, דערקלערן די יידן פאָלגנדעס:

'זיי זאָלן נישט גיין עטלעכע מיט אַ מאָל אויף יעקאַטערינסקע גאַס, זיי זאָלן זיין פאָרזיכטיק, זיך נישט שטויסן אין ענגשאַפט; זיי זאָלן זיך פירן העפלעך מיט די אָפיצירן און דאַמען. איבערהויפּט זאָלן זיי בעסער שפּאַצירן אויף כערסאָנער און אַנדערע גאַסן, און זאָלן גאָר נישט גיין אויף יעקאַטערינסקע, דען די לופט איז דאָך אומעטום גלייך' ".

אַ בונדישע צייטשריפט האָט אָפּגעדרוקט דעם טעקסט פון קול־קורא און דערביי געזאָגט: „די יידישע קליינע און גרויסע בורזשואַזיע זיינען אַזוי פאַרשראָקן, זיי זיינען אַזוי נישט בכוח צו פּראָטעסטירן קעגן באַליידיקונגען, זיי האָבן אַזוי פאַרלוירן דעם געפיל פון מענטשן, אַז דאָס באַגיין זיך מיט יידן פון דער רוסישער רעגירונג און באַאַמטע וואָלט אַלץ געוואָרן אוממעגלעכער, אומדערטרעגלעכער. נור צום גליק עקזיסטירט נאָך

אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט. ער אַליין וועט אָפּשטעלן די שווינעריי און די אומפּאַרשעמטקייט פון דער רוסישער רעגירונג, נור ער אַליין וועט ווייזן, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אויך מענטשלעכע געפילן״ [51]).

ס׳זיינען געווען פאַלן, ווען די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויסגענוצט פאַר זייערע צוועקן די כלי־קודש. דער אונטערערדישער אָרגאַן פון בונד אין מינסק דערציילט:

„מיט אַ וואָך פאַר דעם ערשטן מאַי האָט דער גובערנאַטאָר גערופן אונזער קאַזיאָנעם רב און האָט אים שווער געמאַכט דאָס האַרץ, אַז אַ דע־מאָנסטראַציע וועט פאַרערגערן די יידישע לאַגע. ער האָט אים געבעטן אָנ־ווענדן זיין ווירקונג אַלס רב און אָפּהאַלטן די יידישע אַרבעטער פון אַ דע־מאָנסטראַציע. מיט אַ צעבראָכן האַרץ איז דער רב אַוועק פון דעם גובער־נאַטאָר און האָט געפּרואווט נאָך זיין שכל און זיינע שוואַכע קרעפטן צו ווירקן אויף דעם קהל. ער האָט אומעטום אָנגעקלאַפּט הודעות און אין אַלע שוהלן און בתי־מדרשים האָט ער מזהיר און מודיע געווען, אַז עס קומט אָן דער ערשטער מאַי און אַז אין דעם טאָג דאַרף מען זיך נישט צוזאַ־מענקלייבן אין די גאַסן, זינגען, שרייען און דאָס גלייכן״ [52]).

די זעלבע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק און דער זעלבער פאָלקס־פיינט־לעכער דעספּאָטיזם פון דער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט ביי איין טייל יידן גורם געווען צעשראָקנקייט און געבראָכנקייט, האָט ביי אַ צווייטן טייל אויפגעוועקט ווידערשטאַנד־קראַפט און רעוואָלוציאָנערן שטאָלץ. ווערט דער־ציילט פון ביאַליסטאָק: „דער היגער ׳מגיד׳ האָט אין איינער פון זיינע דרשות אין שוהל אָנגערופן דעם צאַר ׳מלך חסד׳. ס׳האָבן זיך דערהערט אַ באַטויבנדיקע פייפעריי און סיקען, וועגן וועלכן דער ׳מגיד׳ האָט איבער־געגעבן דער נאַטשאַלסטווע. איצט שטייען אין שוהל בעת די דרשות גאָ־ראָדאָוואָיעס, ווען מ׳האָט אָנגעזאָגט צו אַרעסטירן פאַר יעדן פּרואוו צו שטערן די רו. פאַרגאַנגענעם שבת האָט פּאָליציי אַרעסטירט אין שוהל 30 מענטשן״ [53]).

אויף דעם ווילנער מגיד האָט באַוואַכט פּאָליציי בעת זיינע דרשות. מיר לייענען וועגן דעם: דעם צווייטן טאָג סוכות האָט דער קאַזיאָנער רב געהאַלטן אַ דרשה אין שוהל. „אָנווייזנדיק אויף דער פּאָליציי, וועלכע שטייט ביי דער טיר פון שוהל, האָט דער ראַבינער באַגייסטערט אויסגערופן: איר ווייסט צוליב וואָס אָט די שטייען דאָ? איר ווייסט ווער עס איז אין דעם שולדיק? נור די... יידישע יוגנט, וועלכע איז אַראָפּ פון דרך־הישר, מישט זיך אין פרעמדע זאַכן... ביי די ווערטער האָט דער עולם אָנגעהויבן פייפן און שרייען, עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל און דער מגיד האָט געמוזט אַראָפּגיין פון בימה ניט ענדיקנדיק די דרשה״...

און אַזוי אויך אין גראָדנע: „די בתי־מדרשים זיינען געוואָרן אַן אַרענע פון פּאָליטישן קאַמף, וואו די רבנים זינגען אין איין קול מיט דער זעלבסט־הערשונג. ׳חזק ונתחזק׳״... „די גראָדנער שוהל, וואָס טראָגט אויף אירע ווענט אַלס אַ צירונג דעם ׳מי שברך׳ דער גאַנצער קייזערלעכער פאַמיליע,

האָט דעם צווייטן טאָג ראש השנה אָנגעטון אויף זיך נאָך אַ צירונג: די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זיינען דאָרט פאַרשפּרייט געוואָרן מיט אַ טאָג פאַר דעם, האָט מען אָנגעקלעפּט אויף די זיילן פון דער שוהל. אַלע האָבן זיי געלעזן. דאַן האָט דער גבאי פון שוהל געהייסן זיי אַראָפּרייסן. די אַרבעטער האָבן אָבער דערצו נישט דערלאָזט און עס איז פאָרגעקומען אַ גרויס געשלעג. פּאָליציי איז געקומען, נאָר זי האָט פּראָסט מורא געהאַט צוצוגיין צו דער מאַסע. דער פּריסטאַוו האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַרן עולם און האָט זיי אויפגעוואָרפן וואָס אין אַזאַ הייליקן טאָג פאַרנעמען זיי זיך מיט פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס" [54]).

אין שייכות מיט אַ דעמאָנסטראַציע פון בונדיסטן (19 מאַי 1902) אין שטאָטישן טעאַטער בעת דער פייערונג פון צאַרס געבורטסטאָג, האָט דער מינסקער רב אַרויסגעגעבן אַ קול־קורא און אים אויפגעהאָנגען אין די בתי־תפילות. דער אינהאַלט פון קול־קורא איז געווען אַזאַ:

„עס שוידערט די לייב הערנדיק די שרעקלעכע געשיכטע, וואָס איז געווען אין טעאַטער! ווי קומען מיר, יידן, וואָס זיינען געגליכן צו איין ווערימל — תולעת יעקב — קריכן אין אַזעלכע זאַכן! ווי קומען מיר, וואָס על פּי הדעת ועל פּי השכל זיינען מחויב תמיד מתפּלל זיין בשלומה של מלכות, און ווען ניט זי וואָלט מען אונז שוין לאַנג איינגעשלונגען לעבעדיקערהייט, אַריינגיין אין אַזעלכע הויכע דרכים און זיך מישן אין פּאָליטיקע! אָ, זעט זיך אַרום, יידישע קינדער! באַטראַכט גוט וואָס איר טוט! גאָט ווייס צו וואָס איר קענט ברענגען אונזער אומגליקלעכע נאַציע, זיך אַליין און אייערע סעמעיסטוועס! מיט איין זאַך פלעגט אונזער יידישע אומה שטאָלצירן — אַז עס איז ניטאָ ביי איר קיין מורדים במלכות... און יעצט ווילט איר אַרונטערנעמען די מעלה אויך. מיר האָפן, דאָס איר וועט דאָס אַלץ גוט באַקלערן און איר וועט ניט וועלן ריזיקירן מיט דעם גליק פון אונזער גאַנצער נאַציע, מיט אייערן אייגענעם שיקזאַל און מיט דעם שיקזאַל פון אייערע עלטערן און פון אייערע סעמעיסטוועס" [55]).

נישט אַלע רבנים האָבן אַרויסגעוויזן אייפערדיקע אַקטיווקייט לטובת די באַלעבאַטים און דער רשעותדיקער מלכות. מיט רבנים, וועלכע האָבן זיך נישט געמישט אין די ענינים, האָט דער בונד קיין קאָנפליקטן נישט געהאַט. די צאָל פון די „אַקטיוויסטן" איז אָבער געווען גענוג, אַז די יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג זאָל זיי נישט שווייגן און אָנווייזן ווי אַזוי זיי מיסברויכן זייער רעליגיעזן אַמט פאַר פּאָלקס־פיינטלעכע צוועקן. און נישט בלויז וועגן רבנים האָט זיך דאָ געהאַנדלט, נאָר אויך וועגן די רייכע שיכטן, וואָס האָבן אויסגענוצט די אמונה צו פאַרדעקן זייערע קעשענע־אינטערעסן.

אין אַן אויפרוף, וואָס דער אידישער אַרבייטער פעראיין אין ווארשא האָט אַרויסגעגעבן צו די ימים־נוראים (1895 אָדער 1896) ווערט געזאָגט וועגן יידישע באַנקירן און פאַבריקאַנטן:

„ניט וואַוועלבערג, ניט פּאָזנאַנסקי, ניט פּאָליאַקעוויטש און ניט פיינקינד וויינען ראש־השנה און יום־כפור. ניט זיי בעטן ביי גאָט אַ גוט יאָר.

זיי האָבן אַ באַזונדערן גאָט: זייער געלט, זייער קאַפּיטאַל איז זייער גאָט. צו אים בוקן זיי זיך, צו אים ברענגען זיי קרבנות פון אונזער בלוט און מאַרך און ער שיצט זיי פון אַלדאָס בייז. זיי בעטן ניט ראש־השנה און יום־כפור אַ גוט יאָר און זיי דאַרפן ניט בעטן, וואָרעם קוים האָבן זיי געלט, זיינען זיי שוין מיט אַלדאָס גוטס פאַרזיכערט. די טיראַנישע רוסישע מלוכה מעג אַרויסגעבן די גרויזאַמסטע געזעצן קעגן יידן, זיינען די לייט מיט זייער געלט פון אַלץ געוואָרנט. יידן טאָרן ניט וואוינען אין רוסלאַנד — די וואוועלבערגס, פאָזנאַנסקיס מעגן, וואו נאָר זיי ווילן. אַ ייד קאָרטשעט זיך אין דרייען און ציטערט, ווי אַ בלאַט פאַר יעדן טשינאָווניקל און מע־שענעם קנעפּל, פאַר וואוועלבערגן און פאָזנאַנסקין אָבער שטייען די גרעסטע טשינאָווניקעס אָן אַ היטל. וואוועלבערג, פאָזנאַנסקי, פּאָליאַקעוויטש, פיינ־קינד — דאָס זיינען אַלץ יידן, אָבער אין גלות זיינען אַנדערע ביי זיי. די גאַנצע רוסישע מלוכה מיט איר גרויסער אַרמיי חייל איז יעדע מינוט גרייט זיך אָנצונעמען פאַר זייערן אַ גראָשן" [56]).

וועגן אויסנוצן די רעליגיעזע השפעה לטובה די רייכע און לרעה די אָרימע זאָגט די בונדישע צייטשריפט אין מינסק:

„די בורזשואַזיע האָט פאַרקנעכטעט אויך די רעליגיע און זי גענומען צו זיך אין דינסט. דורך אירע רבנים און גלחים פּרעדיקט זי, אַז די הער־שאַפט איז איר געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין, אַז דער אַרבעטער טוט אַ פאַרברעך קעגן גאָט, ווען ער וויל אומבייטן די איצטיקע אָרדנונג. דער אַרבעטער דאַרף נישט שטרייטן פאַר אַ בעסער לעבן, — ער דאַרף נאָר אַרבעטן, הונגערן און שווייגן. און דערפאַר, אויף יענער וועלט, וועט מען אים געבן דעם לויתן מיטן שור הבר..." [57]).

די היץ פון קעגנזייטיקן קאַמף איז כסדר געשטיגן. דאָ און דאָרט איז עס דערגאַנגען צו עקסצעסן. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש ווערט דער־ציילט:

„אונזערע באַקאַנטע אַרבעטער קומט אויס צו ליידן ניט בלויז פון דעם ווילקיר פון דער פּאָליציי, נאָר אויך פון דער אומוויסנקייט און דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, איבערהויפּט פון די חסידים. מיר וועלן דאָ שוין נישט דערציילן וועגן דעם, ווי עס ווערן פאַרטריבן און פאַריאָגט די, וועלכע דערלויבן זיך אָפּצושניידן די פּאָלעס פון זייערע קאָ־פּאָטעס אָדער וועגן דעם, ווי די חסידים שלאָגן מכות אַכזריות די אַרבעטער, וועלכע דערלויבן זיך צו רויכערן שבת אָדער אַריינצוגיין אין אַ קלייט וואָס ניט איז קויפן. מיר וועלן אויך נישט ריידן וועגן דעם, וואָס די פּאָליטישע פאַרדאָרבנקייט פון די דאָזיקע פאַנאַטיקער דערלויבט זיי אָנצואווייזן דעם פּאָליציימאַן אויף די, וועלכע רויכערן שבת, ווי אויף מיטגלידער פון 'אחדות' — דאָס איז אַלץ גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער טרויעריקער געשיכטע, וואָס האָט ביי אונז פּאַסירט דעם געוועזענעם יום־כפור" [58]).

יום־כפור 1902 זיינען פאַנאַטישע חסידים באַפאַלן אַ שכנותדיקע דירה פון אחדותניקעס, צעשלאָגן די קליינע גרופּע פאַרזאַמלטע, אויפגעריסן אַ

קאַרב מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור און צוויי פון די באַפאַלענע איבער־געגעבן דער פּאָליציי. די אַרעסטירטע האָט מען אין פּאָליציי־צירקל מוראדיק געשלאָגן. אחדותניקעס האָבן נאָך דעם אָפּגעוואַרט די חסידישע מוסרים און זיי צעשלאָגן ביים אַרויסגיין פון שטיבל.

מיטן אויסנאַם פון חופּה־וקדושין און ברית־מילה, וואו דאָס נישט צופּאַסן זיך צו די רעליגיעזע דינים וואָלט אויך געברענגט אין קאָנפליקט מיט די מלוכה־געזעצן און וואָלט אוממעגלעך געמאַכט לעגאַל איינשטעלן די פאַמיליע, האָבן די סאָציאַליסטיש־געשטימטע יידישע אַרבעטער זיך באַמיט צו פירן זייער לעבן אויף אַ וועלטלעכן אופן. און דאָ זיינען זיי געקומען אין אומאויפהערלעכע צוזאַמענשטויסן מיט די, וואָס האָבן געוואָלט מיט אַלע מיטלען איינהאַלטן דעם רעליגיעזן טאָטאַליזם. פאַרביטערונג האָבן אָפּט אַרויסגערופן לוויות, וואָס די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָבן דורכגעפירט אויף זייער שטייגער. די כלי־קודש האָבן דעם בית־עולם באַטראַכט פאַר זייערס אַ ממשלה־פעלד, וואו קיינער טאָר נישט וואַגן עפּעס צו ענדערן. אין אַ צאָל שטעט זיינען לוויות, דורכגעפירט נישט לויטן אַלטן שטייגער, געוועזן ברען־שטאָף, וואָס האָט נאָך מער צעפלאַקערט דעם קאַמף צווישן אַלט־פרענקישן און מאָדערנעם עולם. צוויי ביישפּילן:

אין לאָדזש איז דעם 30 מערץ 1901 פאָרגעקומען די לוויה פון אַן אַרבעטער, אַ בונדישן טוער — משה קאָנאָפּניצקי. 2 טויזנט אַרבעטער, על פּי רוב וועבער, זיינען געווען אויף דער לוויה. קיין קדיש האָט מען נישט געזאָגט, קיין אל מלא רחמים נישט געמאַכט. אַקעגן האָט מען געהאַלטן רעדעס און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. דאָס אַליין האָט מען שוין באַטראַכט פאַר „אַ חילול השם"... אָבער צו דעם איז צוגעקומען נאָך עפּעס: אויפן וועג צום בית־עולם האָט מען די מיטה אַרויסגענומען פון אָרון און זי געטראָגן אויף די אַקסלען. אַן אומשולדיקע זאַך, וואָס טויזנטער מענטשן האָבן געזען. די חסידים האָט עס אָבער נישט געשטערט צו פאַרשפּרייטן די אומזיניקע מעשה, אַז מ'האָט דעם מת אַרויסגענומען פון אָרון און אים געפירט פאַר די הענט... נאָך דער לוויה האָבן פּאָליציי און קאָזאַקן צעטריבן די אַרבעטער, וועלכע האָבן אין געשלאָסענע רייען דע־מאָנסטרירט. פאַרן רב אליהו חיים מייזעל איז עס געווען וויניק. ער האָט וועגן דעם ענין גערופן אַן אַסיפה, וואו מ'האָט געהעצט קעגן די אחדות־לייט. אין שייכות מיט דעם האָבן די פאַנאַטיש־פרומע קרייזן זיך אָנגע־הויבן שיטן מסירות און במשך פון אַ פּאָר טעג האָט מען אין די גאַסן און היימען אַרעסטירט בערך הונדערט אחדותניקעס. אין פּאָליציי־צירקל האָט מען אַלעמען שרעקלעך געשלאָגן. אַ טייל האָט מען אַרויסגעשיקט פון שטאָט מיטן עטאַפּ [59]).

אין סואוואַלק איז אָנהויב יאַנואַר 1903 פאָרגעקומען די לוויה פון אַן אַרבעטער, וועלכער האָט געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע. „די חברים — דערציילט אַ באַריכט — האָבן קעגן דעם ווילן פון די שמשים אַליין געטראָגן דעם מת". אויפן בית־עלמין האָט מען געהאַלטן רעוואָלוציאָנערע רעדעס.

אין געשלאָסענע רייען מיטן געזאַנג פון אַרבעטער־לידער האָבן זיי צוריקוועגס דורכמאַרשירט די גאַנצע שטאָט ביז דער דירה, וואו עס האָט געוואוינט דער פאַרשטאָרבענער חבר. אין שטאָט האָט די לוויה געמאַכט אַ רושם. „אומעטום האָט מען גערעדט וועגן די ‚עלעקטרישע מענטשן' (אַזוי רופט מען דאָ די אָרגאַניזירטע אַרבעטער) מיט אַ שרעק. פאַר דער פּאָליציי איז דאָס געווען גאָר אַ נייעס. בעת דער דעמאָנסטראַציע האָט איין פּאָליציימאַן געזאָגט דעם אַנדערן: נישט וואָג זיך זיי צו רירן, דאָס זיינען דאָך די סאָציאַליסטן"[60].

ווי ווייט ס'זיינען געגאַנגען די באַמיאונגען פון די „מחזיקי־הדת" אָנצוואַרפן זייער ווילן די וועלטלעך־יידישע אַרבעטער, קען מען זען פון געוויסע שטרייקן. געווען פאַלן ווען מ'האָט געמוזט שטרייקן פאַרן רעכט צו זיצן ביי דער אַרבעט אָן היטלען... אַזוי איז געווען אין ביאַליסטאָק. דערציילט אַ באַריכט:

„אַ כאַראַקטעריסטישער שטרייק איז ביי אונז פאָרגעקומען ביי די שטעפּער. דער באַלעבאָס האָט געפאָדערט מ'זאָל טון אין יאַרמעלקעס. קעגן אים וואוינט אַ רב, ‚קען ער נישט זען' ווי די אַרבעטער זיצן אָן היטלען (דעם שוויס, וואָס גיסט זיך ביי זיי ביי דער אַרבעט, דערזעט ער נישט, ווי עס ווייזט אויס, פונדערוויטן: אַ קורצזיכטיקער רב!). די אַרבעטער האָבן צוליב דעם געשטרייקט 2 וואָכן און געזיגט"[61].

אויך אין לאָדזש איז געווען אַ שטרייק אין אַ שניידער־ווערקשטאַט צוליבן רעכט צו אַרבעטן בגילוי ראש: „דער באַלעבאָס, אַ פרומער, האָט זיך איינגעעקשנט און דערקלערט, אַז ביי אים וועט דאָס נישט זיין. ערשט נאָך עטלעכע טעג שטרייקן האָט ער געמוזט איינגיין, אַז די אַרבעטער זאָלן נישט דאַרפן טראָגן די היטלען ביי דער אַרבעט"[62].

דער אָרגאַן פון בערשטער־בונד שרייבט, אַז מ'ווייסט פון אַ סך פאַלן, ווען „די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט אַנטזאָגן די אַרבעטער, וועלכע זיינען נישט געווען פרום"[63].

ביי די יידישע אַרבעטער האָט אַלץ מער און מער זיך אויסגעוועפּט די פרומקייט און אַלץ ווייניקער און ווייניקער איז געוואָרן די צאָל פון פרומע אַרבעטער. ביי די, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז די באַציאונג צו רעליגיע געווען אַ פאַרשידנאַרטיקע: פון גלייכגילטיקייט ביז באַוואוסטזיניקער אפיקורסות.

וועגן דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יידישן אַרבעטס־מענטש שרייבט די צייטשריפט פון די וואַרשעווער בונדיסטן:

„נאָך אַ גאַנצער וואָך האָרעוואַניע מיט צעבראָכענע אברים און אַ צעבראָכן האַרץ פלעגן די יידישע אַרבעטער שבת צונויפקלייבן זיך אין זייערע שוהלעכלעך און קלויזלעך הערן דעם רבין, וועלכער פלעגט זיי פּרעדיקן פון הכנעה און אונטערטעניקייט, פון משיחן און גן־עדן און צוגעבן זיי מוט רואיק צו טראָגן דעם יאָך. די יינגערע און מער לעבעדיקע אַרבעטער פלעגן אַרויסגיין אין גאַס פאַרטאַנצן די צרות, פאַרטרינקען און פאַרזינגען..."

אָבער די יידישע אַרבעטער האָבן זיך געביטן: „פאַרוואונדערט האָבן זיך אָנפאַנגס אַלע, זעענדיק אַז דער נידערגעשלאָגענער, צעטרעטענער וואָרעם, דער ׳פאַרכאַטער זשיד׳ איז אַזוי דרייסט אַרויס אויפן שטרייט. דערשראָקן איז געוואָרן די רעגירונג, דערזעענדיק אַז אויך דער שטענדיק טרייער ׳אונטערטאַנער׳, וואָס פלעגט מאַכן אַלע שבת ׳הנותן תשועה׳ זיינע אונ־טערדריקער, פלעגט קושן די רוט, וואָס שמייסט אים, אַז אויך דער ׳בזוי׳ איז אַריין אין אַן ענערגישן קאַמף מיט זיינע באַלעבאַטים און ממילא אויך מיט איר. זי האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן אויף אַלע זייטן, כאַפט, אַרעסטירט, גיט אַרויס פאַרשידענע געזעצן, אָבער אַלץ אומזיסט! נישט דערמיט קען זי איבערשרעקן דעם יידישן אַרבעטער. נידעריק, דערשלאָגן האָט זיך גע־פילט דער ייד אַלס ייד, אַלס איינער פון אַ געדריקטער, געפאַלענער נאַציע, אָבער העלדיש, מוטיק טרעט אַרויס דער יידישער אַרבעטער אַלס אַרבע־טער, אַלס אַ מיטגליד פון אַ שטאַרקן אָרגאַניזירטן קלאַס, וועלכן עס גע־הערט די קומענדע צייט"[64]).

די רבנים האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן, אַז מיט בלויז מוסר זאָגן און גאָטספאָרכטיקע דרשות וועלן זיי מחזור־למוטב־זיין די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער. אין זייער האָפנונגסלאָזיקייט און פאַנאַטישער איבער־טרייבונג האָבן טייל רבנים אָנגעהויבן זוכן הילף ביי די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען. מיט דעם האָבן זיי נאָך פאַרגרעסערט די סכנות און ליידן פון די בונדיסטן, וואָס האָבן במילא שטאַרק געליטן פון די צאַרישע רעפּרעסיעס און שטראָפן; מיט דעם האָבן זיי אויך צוגעהאָלפן דעמאָראַליזירן די יידי־שע גאַס און האָדעוועט ביי געוויסע שיכטן דעם גייסט פון מיטאַרבעט מיט די אונטערדריקער פון יידישן פאָלק. האַלטנדיק, אַז מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע (די רעגירונג אויף דער ערד איז אַזוי ווי די רעגירונג אין הימל), האָבן זיי זייער מורא פאַר גאָט און די הכנעה צו אים אויסגעברייטערט אויף אַרומצונעמען אויך דעם צאַרישן געץ. מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס געוויסע רבנים האָבן אָפן גערופן צו מסירה, הגם מסירה בכלל איז געווען שטאַרק פאַרהאַסט ביי יידן.

אין אויגוסט 1903 איז אין קראָקע פאָרגעקומען אַ וועלט־צוזאַמענפאָר פון רבנים. ס׳זיינען אויך געווען רבנים פון רוסלאַנד. צוויי פון זיי — דער פאָלטאַווער רב ר׳ עקיבא ראַבינאָוויטש און דער גראָדנער רב ר׳ וועלוועלע מרגליות האָבן פאַרלאַנגט אָנצונעמען אַ רעזאָלוציע, אַז מ׳זאָל די רעוואָלו־ציאָנערן אויסשליסן פון כלל־ישראל און זיי אַרויסגעבן דער רעגירונג (זיי האָבן אויך געפאָדערט קעגן דער מינדסטער ענדערונג פון לערן־סיסטעם אין די חדרים און קעגן אַריינלאָזן אין די הײמען יידישע און העבּרעאישע צייטונגען). אַזוי ווייט — אַרויסגעבן די רעוואָלוציאָנערן דער רעגירונג — האָט די מערהייט פון רבנים־צוזאַמענפאָר נישט געוואָלט גיין. אַן אַלגעמיינע רע־זאָלוציע קעגן יידישע רעוואָלוציאָנערן האָט אָבער דער צוזאַמענפאָר יאָ אָנגענומען. און געטון האָט ער עס מיט התפעלות. אָט איז דער אינהאַלט פון דער רעזאָלוציע:

„מיר, רבנים, פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגע־קליבן דאָ אין קראָקע, זיינען מודיע עפנטלעך פאַר אַלע פעלקער דאָס מיר, יידן, אויך נאָך דעם ווי מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון אונזער לאַנד און פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע עקן פון דער וועלט עד היום הזה, האָבן שטענ־דיק הייליק געהאַלטן דעם חוב, דעם געבאָט פון אונזער הייליקער תורה — אָפּצוהיטן די געזעצן און די אָרדנונגען פון די מדינות, אין וועלכע מיר וואוי־נען דאָרט, וואָרעם דינא דמלכותא דינא. און עס איז אַ 'קל וחומר', אַז עס איז אַ גרויסער און מוראדיקער איסור לויט אונזער תורה פאַר יעדן ייד גרינג צו שעצן, חלילה, די ערע פון דער רעגירונג אָדער, חלילה, צו גיין יד־אחת מיט די פּושעים, וועלכע ווידערשפּעניקן קעגן די געזעצן און די אָרדנונגען פון דער רעגירונג, וועלכע באַשיצט אויך אונז. דען יעדער ייד איז מחויב מקיים צו זיין דעם פּסוק: 'ירא את ה' בני ומלך עם שונים אל תתערב' (האָב מורא פאַר גאָט, מיין זון, און פאַרן מלך, מיט איבעראַנדערשער זאָל־סטו זיך נישט מישן). מיט דער קראַפט פון אונזער הייליקער תורה פּראָטעס־טירט דער ראַבינער־קאָנגרעס אַ שטאַרקן פּראָטעסט קעגן די אַלע, וואָס זיינען עובר אויף דעם, צום גרויסן באַדויערן פון אַלע ערלעכע יידן" [65].

פון קראָקע זיינען די רבנים צוריקגעקומען מיט פּלענער צו שאַפן אַן אגודת הרבנים אין רוסלאַנד און רופן אַ רבנים־צוזאַמענפאָר אין גראָדנע. און הגם מיט זייער פאַרלאַנג אויפצופאָדערן יידן אַרויסצוגעבן די רעוואָלו־ציאָנערן האָבן די עקסטרעמסטע פאַנאַטיקער אויפן קראָקעווער צוזאַמענ־פאָר קיין הצלחה נישט געהאַט, האָט דאָס זיי נישט געשטערט אין רוסלאַנד אַרויסצולאָזן קול־קוראס מיטן זעלבן רוף.

שרייבט וועגן דעם די בונדישע אונטערערדישע פּרעסע:

„די הכנות פון דער יידישער קלעריקאַלער אַרמיי צום קאַמף מיטן 'בונד' האָט זיך אָפּן אַרויסגעוויזן אויף דעם קראָקעווער צוזאַמענפאָר פון די רבנים. שוין דאָרטן האָבן די 'באַרימטע' ר' עקיבא פון פּאָלטאַווע און ר' וועלוועלע פון גראָדנע פאַרגעלייגט צו מאַכן יד־אחת מיט דעם צאַריזם: אַרויסצוגעבן אַלע פּאָליטישע פאַרברעכער און אויסצושליסן זיי מכלל ישראל. דאָרטן איז דאָס געלונגען נישט אינגאַנצן. אָבער מיט אַן עכט־קלערי־קאַלישן פאַנאַטיזם האָט זיך דער זעלבער ר' וועלוועלע דערשלאָגן די דער־לויבעניש צו מאַכן אַן אַסיפה אין רוסלאַנד גופא"... ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא אין 3 שפּראַכן — העברעאיש, יידיש און רוסיש. „אַפילו עלטערע מענטשן זיינען געווען אומצופרידן מיט אים. דעם רבין צו הילף איז געקומען דער טאַבאַק־פאַבריקאַנט שערעשעווסקי, וועלכער האָט אויף זיין רעכנונג גע־געבן אָנקלעפּן 150 קול־קוראס אויף טאָוול און האָט דאָס פאַנאַנדערגעהאָנגען אין אַלע בתי־מדרשים. פון דעם קול־קורא הערט זיך דער ריח־ניחוח פון קנעכטשאַפט און שענדלעכסטער אונטערטעניקייט צו דער פאַרפלוכטער רו־סישער רעגירונג" [66].

די גראָדנער אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעל פלוגבלעטל קעגן פּראָיעקטירטן צוזאַמענפאָר אין גראָדנע. עס ווערט דאָרט

דערציילט, אַז תיכף נאָכן קראָקעווער צוזאַמענפאָר האָבן רבנים „אין פיל שטעט געקלעפּט ׳קול־קוראס׳, אין וועלכע זיי לייגן פאָר די עלטערן אַרויס־צוגעבן זייערע קינדער דער פּאָליציי אַזוי ווי עס האָט פאָרגעלייגט דער מאָהליוווער גובערנאַטאָר" [67]).

דער מעזריטשער רב בערישל שאַפּיראָ האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַ הודעה, וואו ער רופט איבערצוגעבן די רעוואָלוציאָנערן דער זשאַנדאַרמעריע. אין דער הודעה, וואָס מ׳האָט אויפגעהאָנגען אין די בתי־תפילות, איז געזאָגט, אַז בחורים קומען זיך צוזאַמען און מ׳לערנט „אָראָפּצוגיין פון דרך־התורה והיהדות און צו גיין אַנטקעגן פּראַוויטעלסטוואָ". לכן האָט מען געגרינדעט אַ חברה מחזיקי הדת מיטן רב בראש. די חברה וועט „אַכטונג געבן אין אַלע ערטער און אַז מען וועט טרעפן אַזעלכע אסיפות אָדער איין פאַרזאַמלונג פון בחורים וגם בתולות, וועט מען דאָס זאַיאַוועז דעם זאַנדאַרמיסקע"... „גם איז מוטל אויף יעדן מענטש, וואָס ווייסט, וואו די אַסיפות געפינען זיך, זאָל מען קומען מעלדירן להרב דפה" [68]).

דער לאָדזשער רב אליהו חיים מייזעל, וועלכער איז געשטאַנען אין אַקטיוון קאַמף מיט די בונדישע אחדותניקעס, האָט דער פּאָליציי געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו דערקענען אַ סאָציאַליסט, כדי „בלאַגאָנאַדיאָזשנע" יידן זאָלן נישט דאַרפן ליידן. אויב מען טראָגט ציצית — האָט ער איר געזאָגט — איז מען נישט קיין סאָציאַליסט. און ביי פרויען: אויב מען טראָגט אַ פאַרטוך און אויערינגלעך, בפרט אַ שייטל — איז מען נישט קיין סאָציאַליסטקע. פּאָליציי און קאָזאַקן האָבן נאָכדעם צעקנעפּלט פאַרהאַלטענע יידן און געקאָנטעוועט יענע, וועלכע האָבן נישט געטראָגן קיין ציצית.

די דאָזיקע עקסטרעם־פאַנאַטישע רבנים האָבן נישט פאַרשטאַנען די מאָראַלישע ירידה, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַזעלכע מעשים, ווי מאַכן יד־אחת מיט דער צאַרישער רשעותדיקער ממשלה. זיי האָבן אויך נישט געזען, אַז מיטן איבערציען דאָס שטריקל איילן זיי אַליין צו ביי די אַרבעטער און יוגנט דעם פּראָצעס פון איבעררייסן די לעצטע פאַרבינדונג־פעדים מיט דער שוהל און בית־המדרש און מיט אַלץ, וואָס די דאָזיקע טראַדיציאָנעלע אינסטיטוציעס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט. די יידישע אַרבעטער האָבן מער נישט געוואָלט האָבן די גייסטיקע פירערשאַפט און די אפּוטרופּסות פון די כלי־קודש.

## 4. בונד און ציוניזם: אַנדערע וועגן – אַנדערע צילן

אַ צווייטער גרויסער געזעלשאַפטלעכער כוח ביי יידן, נאָך די פרומע, זיינען געווען די ציוניסטן. דער פּאָליטישער ציוניזם איז אויפגעקומען אין איין צייט מיטן בונד, און ווי דער בונד, האָט אויך ער געהאַט זיין ערב: אין דער העברעאישער פּובליציסטיק, אין די חובבי־ציון, בני־משה, אָדעסער קאָלאָניזאַציע־קאָמיטעט און אַנדערע פּאַלעסטינאָפילישע חברות. אַ פּאַר־איינִיקטע, ציל־באַוואוסטע באַוועגונג האָט דער ציוניזם אָנגעהויבן ווערן ערשט זינט דעם קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַזעל (שווייץ), אויגוסט 1897. צו די יידישע אַרבעטער, סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן האָט דער ציוניזם נישט געקענט אַפּעלירן ווי אַן אידעאַל און האָט ביי זיי געמוזט אַרויסרופן אַ ווידערווילן ווי אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. פריער אָדער שפּעטער האָבן געמוזט קומען די צוזאַמענשטויסן צווישןביידע לאַגערן.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער פּאָליטישער ציוניזם אין די ערשטע יאָרן פון זיין אַנטוויקלונג?

זיין אָרגאַניזאַטאָר און אידעאָלאָג, פירער און פאָנען־טרעגער איז געווען דר. טעאָדאָר הערצל. ער איז געווען די צענטראַלע זייל פון דער באַוועגונג און, ווי עס האָט געזאָגט נחום סאָקאָלאָוו אין זיין שלוס־רעדע אויפן פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן, ער איז אויך געווען איר פּראָגראַם. זיין ווערק דער יודענשטאַט, אַרויס אָנדערהאַלבן יאָר נאָך פאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער פונדאַמענט פון פּאָליטישן ציוניזם.

אין דאָזיקן ווערק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַן אייגן לאַנד און פון יידישן עקזאָדוס. די טרייב־קראַפט צו דעם איז דער אַנטי־סעמיטיזם. הערצל האָט נאָך דעמאָלט אַליין נישט געוואוסט וואו איז דאָס לאַנד, וואָס דאַרף איינזאַמלען די יידן פון דער וועלט. ער מיינט, אַז עס קען זיין אַרגענטינע און אַזוי אויך פּאַלעסטינע. אַליין אַן אַסימילירטער ייד, האָט דער מחבר פון יודענשטאַט, אונטער דער ווירקונג פון די אַנטיסעמיטישע קלעפּ, געזען די יידן־פראַגע בלויז פון דער איינער זייט. ער האָט אַרויסגע־זאָגט דעם געדאַנק, אַז יידן זיינען אַ פאָלק, ווייל „דער שונא מאַכט פון אונז אַ פאָלק, אָן אונזער ווילן”. מ׳וועט כמעט נישט דאַרפן שטאַרק זיך אָנשטרענ־גען, כדי פאַנאַנדערצוּוויגן אַ באַוועגונג פאַר אַ יודענשטאַט, ווייל „דאָס טוען שוין די אַנטיסעמיטן פאַר אונז”. ער איז אַוועק אַזוי ווייט אין נוצן דעם אַרגו־מענט פון דער אַנטיסעמיטישער בייטש פאַר דער אידייע פון אַ יודענשטאַט,

אַז ער האָט זיך דערדעדט צו אַזעלכע ווערטער: „די אַלגעמיינע פֿאַרברידע־רונג איז אַפֿילו נישט קיין שיינער חלום. דער שונא איז נויטיק פֿאַר די העכסטע אָנשטרענגונגען פֿון דער פּערזענלעכקייט".

זיין פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע האָט ער געברענגט צום אויסדרוק אין אַזעלכע ווערטער: „איך האַלט די דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע און די אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק פֿאַר די פֿיינסטע פֿאָרמען פֿון אַ מלוכה"... זיין בליק אויפֿן קול־טורעלן לעבן און שאַפֿן פֿון די יידן קומט צום אויסדרוק אין זיין באַציאונג צו דער שפּראַך־פֿראַגע. ער איז קעגן יידיש און קעגן העברעאיש. ער מיינט, אַז אין יודענשטאַט דאַרף מען זיך האַלטן ביי די לאַנד־שפּראַכן, וואָס מ'וועט מיטברענגען פֿון די אַלטע היימען... „פֿון די צעדרייטע און צעקריפּלטע זשאַר־גאָנען, מיט וועלכע מיר באַדינען זיך איצט, פֿון אָט די געטאָ־שפּראַכן וועלן מיר זיך אָפּגעוואוינען. דאָס זיינען געווען די געהיימע שפּראַכן פֿון די געפֿאַנגענע"... „אייגנטלעך בלויז אין דער אמונה פֿון אונזערע עלטערן דערקענען מיר זיך, ווי קרובים" [69]).

פֿון דעם אַלעם האָט געווייעט מיט פֿרעמדקייט אין פּנים פֿון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע. ביי זיין גאַנצן דוחק האָט דער פּרומער ייד נישט געוואָלט דוחק זיין דעם קץ. מיטן אויסנאָם פֿון אַ גאָר דינעם שיכט, האָט די גרויסע מאַסע פֿרומע יידן נישט געוואָלט האָבן צו טון מיט הערצלס אידייע. און אַוודאי האָבן דאָס אָפּגעוואָרפֿן די, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פֿאַרברידערונג פֿון די פֿעלקער, צו אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויפֿלעבונג פֿון יידישן פֿאָלק, וואָס איז אַ פֿאָלק לויטן אייגענעם ווילן און נישט אַדאַנק דעם אַנטיסעמיטישן שונא — די אַלע, וועלכע האָבן באַקעמפֿט די מאָנאַר־כיסטישע און אַריסטאָקראַטישע איינריכטונגען אין זייערע לענדער, ווייל פֿון דאָרטן איז אַרויסגעקומען כל השלעכטס פֿאַר כל הפֿעלקער, בפֿרט פֿאַר יידן. צווישן די יידישע רעוואָלוציאָנערן און הערצלען איז געווען אַ תהום. בעת די ערשטע האָבן געזען זייער אויפֿגאַבע אין קעמפֿן קעגן דער יידישער רעכטלאָזיקייט און דערביי געזוכט מיטשותּפֿים אין די פּראָגרעסיווע כוחות פֿון די אַנדערע פֿעלקער, האָט דער לעצטער גערופֿן זיך אָפּצוזאָגן פֿון קאַמף און אויפֿגעוויזן, אַז די אומות־העולם דאַרפֿן אויך זיין פֿאַראינטערעסירט אין זיין פּלאַן, ווייל מיט דעם וועלן זיי פּטור ווערן פֿון די יידן [70]).

אויף וויפֿל ס'איז געווען אַ נויטווענדיקייט און ס'איז אָנגעגאַנגען אַן עמיגראַציע פֿון יידן, איז זי געגאַנגען בעיקר קיין אַמעריקע, ווי אויך אין אייניקע לענדער פֿון מערב־אייראָפּע. נישט צוליב פּראַקטישע און נישט צו־ליב גייסטיקע מאָטיוון האָט הערצלס יודענשטאַט געקענט אָפּעלירן צו די מוחות און הערצער פֿון די גרויסע יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע. גע־פֿונען אָפֿענע אויערן האָט ער ביי יענע שיכטן, וועלכע זיינען שוין פֿריער געווען פֿאַרכאַפּט פֿון דער ציון־אידייע און זיי זיינען געווען אומצופֿרידן מיט די רעזולטאַטן פֿון די אייגענע באַמיאונגען. ער האָט אויך געוואונען נייע אָנהענגער צווישן מיטל־קלאַס און בירגערלעך־אַסימילירטער אינטעליגענץ.

ווי די טעאָריע, אַזוי האָט אויך הערצלס פּראַקטיק נישט געקענט גע־

פינען קיין חן אין די אויגן פון די יידישע סאָציאַליסטן. נאָך פאַרן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז הערצל צוגעטרעטן צו רעאַליזירן זיין פּלאַן פון אַ יודענשטאַט. די רעאַליזירונג האָט ער געשטרעבט צו דערגרייכן דורך דריי מיטלען: דיפּלאָמאַטיע אין די קייזערלעכע הויפן, געלט — און אַנטיסעמיטיזם ווי אַ שטויס־קראַפט. דורך באַצאָלטע פאַרמיטלער האָט דער מחבר פון יודענשטאַט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איינפלוסרייכע מענטשן אין און אַרום איניקע קייזערלעכע הייף — פון טערקישן סולטאַן אבדול האמיד, פון דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן און אַנדערע. גלייכצייטיק האָט ער אויך איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט די פינאַנציעלע הייזער פון ראָט־שילדן און אַנדערע יידישע באַנקירן, ווי אויך מיטן וואַטיקאַן אין רוים. דאָס האָט הערצל געטון נאָך פאַרן ערשטן קאָנגרעס, דאָס זעלבע האָט ער געטון שפּעטער, שוין אין דער ראָל אַלס פּרעזידענט פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

זיין הויפּט־אַגענט איז געווען אַ געוויסער מיכאל נעוולינסקי, אַ פאַראָרימ־טער פּוילישער שלאַכטשיץ, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען אַן אַגענט פון טערקישן סולטאַן. ער האָט הערצלען אַריינגעפירט אין סולטאַנס הויף, פאַר־בונדן מיט קאַטוילישע קאַרדינאַלן און אויסגעפירט פאַר הערצלען אויך אַנ־דערע מיסיעס. בכלל איז ער געווען הערצלס בעל־יועץ אין דיפּלאָמאַטישע ענינים און באַקומען אַ געהאַלט פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. ווען אין אָנפאַנג איז נישט געלונגען צו קריגן פאַר הערצלען אַן אוידיענץ ביים סולטאַן בעת זיין ערשטער נסיעה קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט ער געבעטן ביי נעוולינסקין אויסצופועלן כאָטש אַן אָרדען, נישט ווייל ער איז, האָט ער אים געזאָגט, אַן „אָרדען־יעגער", נאָר ווייל „איך דאַרף דרינגענדיק האָבן פאַר מיינע לייט אין לאָנדאָן אַ צייכן פון סולטאַנס חסד" [71]. ער האָט זיך באַנוצט מיט נעוולינסקיס עצות און פאַרמיטלעריי, הגם ער האָט געמוזט באַמערקן די שאָטן־זייטן פון דעם. אין זיין טאָג־בוך האָט דער ציוניסטישער מנהיג פאַרצייכנט: „ווי פריער, שטיי איך נאָך אונטער דעם רושם פון זיינע (נעוולינסקיס) גרויסע גייסטיקע קוואַליטעטן. דערפאַר זע איך אָבער דאָך דייטלעך, אַז ס'איז דיפּלאָמאַטישע האַלב־וועלט — קודם־כל דער נע־בעכדיקער אַמבאַסאַדאָר פון קייסער, דעם חלוש, פון טערקיי. אָבער אויך דער דאָזיקער אַמבאַסאַדאָר און זיין אָרימער האַר זיינען פאַר מיר האַרציק־סימפּאַטישע געשטאַלטן" [72]. נעוולינסקיס טויט (1899) בעת אַ נסיעה קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין אַ ציוניסטישער מיסיע האָט הערצלען דערשיטערט [73].

די ציוניסטישע פּאָליטיק האָט פאַר זיך נישט געזען קיין אַנדערן וועג, ווי נאָר דורך „דיפּלאָמאַטישער האַלב־וועלט" און אויף דעם וועג איז זי וויטער געגאַנגען. דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט פּראָקלאַמירט אַלס זיין ציל: דער ציוניזם שטרעבט צו באַשאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך רעכטלעך געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינע. די אינסטרומענטן צו דערגרייכן דעם ציל האָבן געזאָלט זיין: פינאַנציעלע הילף פון יידישע באַנקירן פאַר טערקיי, העלפן דער טערקישער רעגירונג פּטור צו ווערן פון די אַרמענישע

בונטן — פון איין זייט און די אונטערשטיצונג פון די אייראָפּעאישע גרויס־מאַכטן — פון דער צווייטער זייט. באַלד פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אָן האָט זיך איינגעשטעלט אַ מנהג, אַז די דעלעגאַטן האָבן אַנגענומען דאַנק־און לויב־רעזאָלוציעס פּאַרן טערקישן סולטאַן און דער לעצטער האָט אָפּ־געצאָלט מיט אָרדענס פאַר הערצלען. דאָס איז פּאַרגעקומען אין דער צייט בעת טערקיי האָט פאַרבאָטן יידישע איינוואַנדערונג. אין דער הכנעה־פּאָ־ליטיק איז מען אַוועק אַזוי ווייט, אַז אויפן פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס (אויגוסט 1900 אין לאָנדאָן) האָט פּראָפעסאָר בעלקאָווסקי, אין זיין רעפעראַט וועגן דער קאָלאָניאַל־באַנק, געפּרואווט פאַרענטפערן דעם פאַרבאָט פון יידישער איינוואַנדערונג אין טערקיי, אַבי ס׳זאָל חלילה נישט פאַלן קיין שאָטן אויפן דעספּאָטישן סולטאַן און זיין קאָרומפּירטער רעגירונג. און צווישן די דעלעגאַטן האָט זיך נישט געפונען קיינער צו פּראָטעסטירן קעגן דעם איינוואַנדערונג־ פאַרבאָט און קעגן די רייד פון פאַרענטפערער [47]).

אין האַרבסט 1898 האָט דער דייטשער קייסער ווילהעלם דער צווייטער באַזוכט טערקיי. די פאָרשטייער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט זיינען ספּעציעל געפאָרן קיין טערקיי, כדי אויסצופועלן ביים דייטשן קייסער ער זאָל אינטערווענירן ביים סולטאַן לטובת דעם ציוניסטישן פּלאַן. אין ירושלים האָט הערצל געהאַלטן אַ רעדע פאַר דעם דייטשן קייסער און אים געבעטן וועגן „גנעדיקער פאַרמיטלונג" ביים סולטאַן. דער ציוניסטישער מנהיג האָט אין זיין רעדע באַצייכנט דעם דייטשן קייסער ווילהעלם דעם צווייטן אַלס „דעם אַלמעכטיקן קעניג פון שלום", הגם ער איז געווען דער סימבאָל פון פּרייסישן מיליטאַריזם. אין געשפּרעך מיטן דייטשן קייסער האָט אים הערצל אויך אַריינגעשאַצט אין נדן, אַז מיטן העלפן רעאַליזירן דעם ציוניסטישן ציל — קריגן אַ „טשאַרטער" פאַר יידן אין טערקיי, וואָס זאָל זיך געפינען אונ־טערן דייטשן פּראָטעקטאָראַט — וועט פאַרקלענערט ווערן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע השפעה צווישן די דייטשע יידן. גלייכצייטיק האָט דער ציוניסטישער מנהיג דורך דייטשע פירשטן, קרובים פון רוסישן צאַר, געמאַכט באַמיאונגען צו באַקומען פאַרבינדונגען מיטן רוסישן קייסערלעכן הויף אין פּעטערבורג.

אויף די יערלעכע ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן האָט מען, נאַטירלעך, אַ סך גערעדט וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון די יידן אויף דער וועלט, בפרט איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין די פּעסימיסטישע רעפעראַטן פון ד״ר מאַקס נאָרדוי. אָבער סיי אין זיינע רעפעראַטן, סיי אין די אָפיציעלע באַריכטן פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, ווי אויך אין די רעדעס פון די דעלעגאַטן האָט מען נישט גערעדט קאָנקרעט וועגן די גזירות און נגישות, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין אין די באַזונדערע לענדער. דאָס פאַרשוויגן די עוולות, דאָס נישט פּראָטעסטירן קעגן די גזירות און נישט פאָדערן גלייכע רעכט פאַר די יידן האָט פשוט געשטאָכן אין די אויגן בנוגע דעם צאַרישן רוסלאַנד, וואו ס׳האָט דעמאָלט געלעבט דער רוב מנין ובנין פון יידישן פאָלק. דער חשבון

איז געווען, אַז ווען מען וועט נישט רייצן די דעספּאָטישע און אַנטיסעמיטישע רעגירונג, וועט דער ציוניזם געפינען חן אין אירע אויגן.

גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַן אומווירדיקע שפּיל. די ישועה פאַר יידן האָבן זיי נישט געוואָלט מאַכן אָפּהענגיק פון סולטאַן, דעם דעספּאָט און „חלוש", און שאַרף געטאַדלט דעם ציוניסטישן סערוויליזם.

אין שייכות מיט דעם האָט געשריבן אַ פּיאָנער פון פּאָליטישן ציוניזם, אַ מיטגליד פון ערשטן אַקציאָנס־קאָמיטעט און פּרעזידיום־מיטגליד פון צווייטן קאָנגרעס, דער באַרימטער יידיש־פראַנצויזישער שרייבער בערנאַר לאַזאַר, וועלכער איז אַוועק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אַלס פּראָטעסט קעגן הערצלס טאַקטיק און פּערזענלעכער דיקטאַטור: „דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל האָט עפנטלעך, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט אָפּגעגעבן כבוד דעם סולטאַן. די פאָרשטייער, אָדער די וועלכע רופן זיך אַן פאָרשטייער פון דעם עלטסטן צווישן די אונטערדריקטע פעלקער, פון דעם פאָלק וועמענס געשיכטע מען קען שרייבן נור מיט בלוט, שיקן אַ באַגריסונג דעם ערגסטן פון אַלע מערדער"... „און אויף דעם קאָנגרעס האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וועלכער זאָל קעגן דעם פּראָטעסטירן"... „נעכטן האָבן זיי געוואָרפן דאָס יידישע פאָלק דעם אימפּעראַטאָר ווילהעלם צו די פיס, היינט הייסן זיי אים קניען און בוקן זיך פאַרן סולטאַן, מאָרגן וועלן זיי אים צווינגען צו קריכן אין בלאָטע, קושנדיק די פיס פון צאַר" [57].

צו קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם הויפּט־ציל און פּראָקלאַמירן פּאַלעסטינע פאַר די איינציקע רעטונג, האָבן הערצל און אַנדערע ציוניסטישע מנהיגים אין זייערע רעדעס אויף די קאָנגרעסן זיך באַמיט מאַכן צו קליינגעלט די גרויסע יידישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. מחמת דעם האָט מען אויך נישט דערלאָזט צו באַהאַנדלען די עקאָנאָמישע און קולטור־פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, כאָטש דאָס זיינען געווען ברענענדיקע פראַגן, וואָס האָבן געמאָנט אַן ענטפער. הערצל האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אָפּציען די מאַטעריעלע מיטלען און גייסטיקע ענערגיע פון זיין יודענשטאַט־אידייע. ער האָט אויך מורא געהאַט פאַר די חלוקי־דעות, וואָס זיינען געווען ביי די פאַרשידענע ציוניסטישע שיכטן וועגן די קאָנקרעטע פראַגן פון די יידישע ישובים: פון דער עקאָנאָמיק האָבן אַרויסגעשטאַרצט קלאַסן־היפּוכים, פון דער קולטור — דער אַנטאַגאָניזם צווישן רעליגיעזער פרומקייט און וועלטלעכער פריידענקעריי.

⁂

דאָס אַלץ האָט געמוזט שאַפן אַ תהום פון אומפאַרייניטלעכקייט צווישן די לאַגערן פון ציוניזם און סאָציאַליזם בכלל און בפרט אין רוסלאַנד, וואו צוליב די אַלגעמיינע באַדינגונגען זיינען אַלע פראַגן געשטאַנען נאָך שאַרפער. די

יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען דעמאָלט שוין געשטאַנען אין האַרטנעקיקן קאַמף מיטן צאַריזם, האָבן צום ציוניזם זיך באַצויגן קריטיש און קעגנעריש.

אויף דער אַסיפה פון די רוסלענדער דעלעגאַטן בעת דעם 5־טן ציוני־סטישן קאָנגרעס אין באַזעל, האָט זייער מנהיג דר. יעקב בערנשטיין־כהן אין דעם אָפיציעלן באַריכט וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוס־לאַנד געזאָגט: „דער ציוניזם האָט באַקומען אַ בורזשואַזנע־אָרטאָדאָקסאַלן כאַראַקטער"... „מיר האַלטן די הענט פול האַפּנונג אויפגעהויבן צו באַראָנען, פון זיי דערוואַרט מען די ישועה — דאָס איז אָבער אַ טעות! אַלס יסוד פאַר דעם ציוניזם דאַרפן מיר האָבן דאָס יידישע פאָלק, דאָס פאָלק אָבער וועלן מיר נור דעמאָלט האָבן, ווען מיר וועלן זיך באַמיען, נאָך מעגלעכקייט, אים צו העלפן אין זיין מאַטעריעלער און גייסטיקער נויט"[76].

אַ צווייטער ציוניסטישער מנהיג, לעאָ מאָצקין, האָט אויף דער זעלבער אַסיפה געזאָגט: „צוויי פּאַרטייען אין יידנטום זיינען אומצופרידן מיט דעם איצטיקן ציוניזם: 1) די יוגנט, 2) די אַרבעטער"[77].

פון צייט צו צייט זיינען אין רוסלאַנד גופא פאָרגעקומען ציוניסטישע אסיפות. און דאָ האָט זיך נאָך בולטער אָנגעזען די מחיצה צווישן טאָג־טעגלעכן יידישן לעבן און דער ציוניסטישער באַוועגונג. די ציוניסטישע אסיפות זיינען געווען לעגאַלע, מיט דער דערלויבעניש פון דער צאַרישער מאַכט. זיי זיינען געווען אויסגערייניקט אַפילו פון אַן אָנצוהערעניש אויף אַ פּראָטעסט קעגן די גזירות און רדיפות לגבי יידן. אָבער אויך אַנדערע, „כשרע" פראַגן פון יידישן לעבן האָט מען נישט באַהאַנדלט. די אָפיציעלע איינשטעלונג איז געווען קעגן פּאָליטישער טעטיקייט אין די גלות־לענדער. שטעלנדיק זיך פאַר אַ ציל די יידן צו דערהויבן צום מצב פון אַ פּאָליטיש־מלוכהשער נאַציע און געזונט מאַכן זייער ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן ווען־נישט־איז אין דער צוקונפט, האָט דער ציוניזם אָנגעהויבן מיט האַלטן דאָס פאָלק אין אַ פּאָליטיש־פּאַסיוון מעמד און מיט איגנאָרירן זיינע טאָג־טעגלעכע מאַטעריעלע און גייסטיקע נויטן. אין שייכות מיטן ציוניס־טישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען יוני 1900 אין ווילנע (געווען 168 דעלעגאַטן פון 7 גובערניעס אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד), לייענען מיר אין אַ בונדישער צייטשריפט:

„די ציוניסטישע באַוועגונג כאַראַקטעריזירט זיך מיט דעם פּאָליטישן אינדיפערענטיזם (גלייכגילטיקייט) און מיט דער שנאה צו יעדער באַוועגונג צווישן די יידן, וועלכע איז קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג"... „די צאַרישע רעגירונג האָט דאָס טאַקע דערשמעקט אין ציוניזם און זי סטאַרעט זיך טאַקע אויסצונוצן דעם ציוניזם פאַר זיך, צו פאַרדרייען דערווייל אַ קאָפּ דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט דעם ציוניזם, ער זאָל זיך נישט אָפּגעבן מיט זיינע אינטערעסן און אָפּצושלאָפן אויף אַזאַ אופן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. און צוליב דעם העלפט זי טאַקע אונטער אויף אַלערליי אופנים די ציוניסטן אין זייער אַרבעט. זי דערלויבט זיי פריי צו דרוקן און צו פאַר־שפּרייטן זייער ליטעראַטור, פריי צו אָרגאַניזירן זיך, צו מאַכן גרויסע פאַר־

זאַמלונגען און גרויסע צוזאַמענפאָרן. און דאָס, שטעלט זיך פאָר, טוט יענע רעגירונג, וועלכע פאַרשטיקט יעדן פרייען געדאַנק און יעדן פרואוו פון זעלבסט־טעטיקייט״ [78].

די גרעסטע ציוניסטישע אַסיפה איז געווען אין מינסק אין אויגוסט 1902. דאָס איז געווען אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדויערט 6 טעג. הונדערטער דעלעגאַטן זיינען געקומען, די בעסטע קעפּ פון רוסישן ציוניזם זיינען געווען פאַרזאַמלט. אויך דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע — אַ מאַניפעסטאַציע פון לאָיאַלקייט צו דער צאַרישער מאַכט איז געווען, אָבער קיין סימן פון פּראָטעסט קעגן דער יידישער רעכטלאָזיקייט און די אַנטי־יידישע באַגרענעצונגען. און אויך דאָ האָט מען נישט געזען, אַז מ׳זאָל זיך פאַרנעמען מיט דיווירקלעכע פּראָבלעמען פון די יידן אין דער רוסישער אימפּעריע. די באַריכטן פון די ערטער און די רעפעראַטן האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט דער לאַגע פון די יידן, נאָר מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים, שקלים־פאַרקויף א.ד.גל.. דאָס לעבן האָט אָבער פאָרט געמאָנט — זיינען שוין דאָס מאָל געווען אַ רעפעראַט וועגן קולטור און אַ רעפעראַט וועגן עקאָנאָמיק, ווי מ׳האָט עס שוין אויך אָנגעהויבן איינפירן אויף די ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן.

דעם רעפעראַט וועגן קולטור האָט מען באַטראַכט פאַרן הויך־פּונקט פון מינסקער צוזאַמענפאָר. געליייענט האָט אים אחד־העם. כאָטש אין מיטן זיין רעדע זיינען געווען טומלען און פּראָטעסטן בעת דער רעפערענט האָט זיין אידייע פון אַ גייסטיקן צענטער אין פּאַלעסטינע אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּאָליטישן ציוניזם, דאָך האָבן אַלע אָנערקענט, אַז דער דאָזיקער רעפעראַט איז געווען דאָס בעסטע און דערהויבנסטע פון דער אסיפה. אחד־העם האָט געזאָגט: „אונזער נאַציאָנאַלע ליטעראַטור איז נור די, וועלכע ווערט געשריבן אין העברעאיש. זשאַרגאָן איז נישט אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך״... „איך לייקן נישט אָפּ דעם נוצן פון זשאַרגאָן, אָבער איך זאָג, אַז זשאַרגאָן, וועט קיינמאָל נישט ווערן אַ נאַציאָנאַלע ליטעראַרישע שפּראַך, אין וועלכער עס וועלן שרייבן אַלע יידישע שריפטשטעלער״... „אַז דער זשאַרגאָן שטאַרבט אָפּ, איז אַ פאַקט, וואָס קיינער וועט נישט קענען אָפּלייקענען. ער שטאַרבט אויס ביי אונז, אַזוי אויך אין אַמעריקע״. ער האָט פאַרויסגעזאָגט דעם אונ־טערגאַנג פון יידיש. „אין ארץ־ישראל, האָט ער ווייטער געזאָגט, קען נור זיין אַ טייל יידן. דער גרעסטער טייל יידן וועט בלייבן אין חוץ לארץ״. מחמת דעם קען נישט ארץ־ישראל פאַרענטפערן די יידישע פראַגע — נישט פון איר פּאָליטישער און נישט פון איר מאַטעריעלער זייט. ארץ־ישראל קען בלויז פאַרענטפערן די יידישע פראַגע פון איר קולטורעלער זייט. די דאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן אין זאַל [79].

וועגן די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען האָט רעפערירט דר. ת. ד. הורוויץ, וועלכער איז געווען דערפאַר, אַז מ׳זאָל זיך יאָ פאַרנעמען מיט די ענינים. ער האָט געזאָגט: „מ׳האָט מורא ביי אונז פאַר דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט. מען מיינט, אַז דאָס וועט זיין אַ מלחמה פון די אָרימע קעגן די רייכע און

אפשר גאָר אַ מין סאָציאַליזם. און אַלע ווייסן דאָך ווי געפערלעך עס איז דער סאָציאַליזם פאַר דער ציוניסטישער אַרבעט. די מלחמה צווישן רייך און אָרים וועט אונז פאַנאַנדערטיילן, זאָגט מען, בעת דער ציוניזם דאַרף אונז צוזאַמענבינדן. די ציוניסטן זאָגן, אַז אַזוי ווי מען קען סיי־ווי ווייניק וואָס אויפטון אין דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט, וועלן מיר זיך בעסער פאַרנעמען נור מיט ריין ציוניסטישער אַרבעט. זיי זעען אָבער נישט, אַז דער גרעסטער טייל פון פאָלק שטייט נאָך אַלץ צום ציוניזם נישט צו. מען קען נישט ריידן פון אַ באַוועגונג, ווען די גרויסע מאַסע פון פאָלק געהערט נישט צו איר"...
„מען דאַרף נישט מורא האָבן ביי אונז פאַר אַ מלחמה פון איין קלאַס מיט דעם אַנדערן", ווייל ביי אונז, זאָגט ער, „זיינען קיין קלאַסן נישטאָ. מיר האָבן קיין ערד נישט, מיר האָבן נישט קיין פאַבריקאַנטן און מיר האָבן קיין אַר־בעטער נישט"... „די גרענעצן פון פאַרשידענע פרנסות זיינען ביי אונז נישט אַזוי שאַרף אָפּגעטיילט, וואו־זשע קען ביי אונז זיין אַ מלחמה צווישן די קלאַסן, ווען מיר האָבן גאָר קיין קלאַסן נישט?". ער האָט פאַרגעלייגט צו פירן אַ ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט צו באַקעמפן אָרימקייט. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, אַז קיין דעבאַטן זיינען וועגן דער פראַגע נישט פאָרגעקומען און קיין באַשלוסן האָט מען אויך נישט אָנגענומען [80].

דער כאַראַקטער פון ציוניסטישן צוזאַמענפאָר האָט אַרויסגערופן אַ שאַר־פע פאַראורטיילונג פון בונד. די בונדיסטן האָט באַזונדערס פאַרדראָסן די לאָיאַליטעט־דערקלערונגען צו דער צאַרישער רעגירונג מצד דעם פאָרזי־צער פון אָרגאַניזיר־ביוראָ און וויצע־פאָרזיצער פון צוזאַמענפאָר אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים, ווי אויך מצד דעם פאָרזיצער פון צוזאַמענפאָר דר. י. טשלענאָוו (אין דער עפנונג־רעדע האָט ער פאַרזיכערט טריישאַפט דער רעגירונג און אַז אַלץ וועט געטון ווערן אין הסכם מיטן געזעץ). אָט ווי דער בונדישער צענטראַל־אָרגאַן האָט אויף דעם רעאַגירט:

„וואָסיליעוו — דער (מינסקער) זשאַנדאַרמען פּאָלקאָווניק און די ציו־ניסטן — וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי איינע צו די אַנדערע! וואָס פאַר־איניקט דעם 'בלויען העלד', דעם שמייסער פון די יידישע אַרבעטער און די ציוניסטן, 'די באַפרייער פון יידישן פאָלק'?"... „צוליב פרנסה, צוליב ציו־ניסטישער פרנסה פאַרגעסן זיי וועגן זייער ערע, וועגן זייער בירגערלעכער ווירדע. צו וואָסיליעוון, צו איינעם פון די שענדלעכסטע צאַרישע זשאַנדאַר־מען, צו דעם גרעסטן באַליידיקער פון די יידישע אַרבעטער, ווענדן זיך די ציוניסטן מיט בקשות וועגן דערלויבן זייער אסיפה מאַכן אין מינסק!"...
„און וואָסיליעוו האָט אַ טובה געטון, ער האָט אויסגעבעטן פאַר די ציוניסטן אַ דערלויבעניש אויף זייער אַסיפה. די ציוניסטן האָבן באַדאַנקט, אַ קוש געטון די האַנט, וועלכע איז פאַרשפּריצט מיטן בלוט פון יידישן אַרבעטער און האָבן נישט פאַרמיידט מיט אַ זיסן, ליבלעכן קול צו זאָגן: 'מיר זיינען נאָך מער ווי לאָיאַל' (אַדוואָקאַט ראָזענבוים). 'מיר זיינען נאָך מער ווי לאָיאַל' — די ווערטער זיינען ווערט מען זאָל זיי אויף אייביק געדענקען"... אויף דער ציוניסטישער אַסיפה זיינען די „ניעזאַוויסימצעס" (זובאַטאָווצעס) געווען

„גוטע געסט און אײנע פון די פירער פון די 'אומאָפּהענגיקע', מאַניע װילבו־שעװיטש, איז אַפילו געשטאַנען בײם בופעט. צי קענען מיר האָבן אַ װעלכע עס איז אַכטונג צו אַזוינע אידײען־קעגנער, װעלכע האָבן אַזוינע שקלאַפישע באַגריפן װעגן די עלעמענטאַרישע ערן־פראַגן?‟ [81]).

די שאַרפקײט פון דעם אַרטיקל (װאַסיליעװו דער הענקער און די ציו־ניסטן) איז פאַרשטענדלעך, װען מען נעמט אין אַכט, אַז דער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָװניק איז געװען דער אַפּוטרופּס פון די „זובאַטאָװצעס‟ און אַז מיט דרײ חדשים פריער פאַרן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר האָט מען אין אַ מינס־קער פּאָליצײ־צירקל געשמיסן יידישע אַרבעטער, װאָס מ'האָט אַרעסטירט בעת אַ בונדישער אַנטי־צאַרישער דעמאָנסטראַציע.

אין אַ צװײטן אַרטיקל (די ציוניסטישע אַסיפה אין מינסק) װערט געזאָגט װעגן זעלבן ענין: „ס'איז זײ (די ציוניסטן) געלונגען צו דערװײזן אַלע אונזערע העכערע און נידעריקערע פּאָליצײ־לײט, אַז זײ זײנען גאָר אין גאַנצן נישט געפערלעך פאַר דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג, און מען האָט זײ גע־געבן אַפילו אין רוסלאַנד אַ פּאָליצײאישע קאָנסטיטוציע: די ציוניסטן קע־נען זיך פאַרזאַמלען, זידלען דעם 'בונד', צונעמען צו זיך, װי אַ טײערן גאַסט װאַסיליעװן, זינגען לידער, — איז דאָס נישט קײן פרײהײט?‟.

אָבער נישט בלויז צוליב דעם. אויך מחמת אַנדערע טעמים איז די ציוניסטישע באַװעגונג קריטיקירט געװאָרן. דער בונדישער אָרגאַן זאָגט אַרויס זײן מײנונג װעגן דער עקאָנאָמישער טעאָריע פון דר. ח. ד. הורװיץ אין די דאָזיקע װערטער: „די ציוניסטן, װעלכע האַלטן זיך פאַר זײער פּאָליטיק: קײנעם נישט פאַרטשעפּן און מיט אַלעמען צו זײן אין שלום, קענען נישט אָפן און קלאָר פאַרלײגן דער אַרבעטער־מאַסע צו פירן אַ שאַרפן שטרײט מיט די באַלעבאַטים. אַז אַ ציוניסט דערװעגט זיך דאָס צו זאָגן, פאַרשיט מען אים גלײך מיט באַשולדיקונגען, אַז ער איז נישט קײן ציוניסט. און װאָס טראַכטן זײ אויס? אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט קען נישט פירן קײן קאַמף, װי בײ אַלע פעלקער, אַז בײ יידן איז נישטאָ קײן קלאַסן, נישט קײן קאַפּיטאַליסטן, נישט קײן אַרבעטער, נישט קײן אונטערדריקטע, נישט קײן אונטערדריקער און דעריבער דאַרף מען מאַכן אַרטעלן, געזעל־שאַפטן, סטראַכירן זיך, אַרויספאָרן פון ראַסײ א. ד. גל‟... „װאוהין זײנען אַהינ־געקומען די פּאָזנאַנסקיס און זילבערשטײנס אין לאָדזש, די יאַנאָװסקיס אין ביאַליסטאָק, די שערעשעװסקיס אין גראָדנע און די הונדערטער, די טויזנ־טער אַנדערע יידישע קאַפּיטאַליסטן און פאַבריקאַנטן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער 'טשערטאַ', װאו אַרבעטער האַלטן אַ בלוטיקע מלחמה פאַר יעדן איבעריקן גראָשן, יעדער איבעריקער מינוט רו, אַ מלחמה, װאָס קאָסט זײ װאָכן הונגערן, יאָרן מאַטערן זיך אין טורמעס! דער זעלבער גורעװיטש (הורװיץ) האָט געדאַרפט כאָטש אויף אײן רגע, בעת ער האָט געלעזן זײן פאָרטראַג, אײנקוקן זיך אין זאַל, אין די געזיכטער פון די צוהע־רער, װי בײז זײ האָבן זיך אָנגעבלאָזן אַפילו אויף זײן אויסגעשמאָצקעטע עקאָנאָמיק, ציטערנדיק, אַז זי זאָל זײ נישט אָנטשעפּען פאַר דער קעשענע —

ער האָט זיך מער נישט ווי געדאַרפט צוקוקן צו זיי, וואָלט ער שוין פאַר־
שטאַנען, ווי אומגערעכט ער איז געווען, זאָגנדיק אַז ביי יידן איז נישטאָ
קיין קלאַסן. אמת, ביי יידן פון אַלע קלאַסן איז פאַראַן איין פונקט, וואָס
באַרירט אַלעמען גלייך — דאָס איז די פאַרפאָלגונגען פון דער רוסישער
רעגירונג, אָבער ערשטנס פילן די רייכע קלאַסן דעם יאָך גאָר נישט אַזוי
שטאַרק ווי די אָרימע און צווייטנס קען צו דער פראַגע העלפן נישט דער
ציוניזם, נאָר די אַלגעמיינע פאַראייניקטע אַרבעט פון אַלע רעוואָלוציאָנערע
קרעפטן פון רוסלאַנד, דער אַלגעמיינער שטרייט, וואָס וועט אַראָפוואַרפן
דעם יאָך פון דער זעלבסטהערשונג" [82].

וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, איז נישט געווען קיין אויספיר פון עפעס
טעאָרעטישע חקירות, נאָר אַ בילד פון דער טאָג־טעגלעכער פראַקטיק. בעת
דער ציוניסטישער עקאָנאָמיסט האָט געמאָלן אַ בילד פון אַ יידישער קלאַסן־
ניוועלירונג און אַ קלאַסנלאָזער אידיליע, זיינען די יידישע אַרבעטער גע־
שטאַנען אין ביטערן עקאָנאָמישן קאַמף נישט בלויז מיט סתם יידישע פאַ־
בריקאַנטן און אונטערנעמער, נאָר אויך בפירוש מיט ציוניסטישע באַלע־
באַטים. די כראָניק פון יענער תקופה דערציילט וועגן אַ סך אַזעלכע פאַקטן.
אַ פאָר ביישפילן בלויז:

גראָדנע. אַ שטרייק פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטס־טאָג ביז 12 שעה,
אַ לוין־הוספה און בעסערע באַדינגונגען. ווערט וועגן פאַבריקאַנט געזאָגט:
„אַ פייערדיקער ציוניסט, אַ בעל־יחסן, מבני רבנים און אַליין מיט סמיכות
אויף הוראה — באַניצט זיך דער הער יפה גאַנץ קינסטלעך מיט דעם תלמוד
ופוסקים צו באַווייזן, אַז ער האָט רעכט צו עקספּלואַטירן זיינע פועלים —
ווייסע קנעכט. אַרויסטרעטנדיק אָפן און דרשנדיק פאַר דער נויטיקייט צו
פאַרבעסערן די לאַגע פון יידישן פאָלק, באַשאַפן פאַר אים אַן אייגן לאַנד אין
ארץ־ישראל; פאַרגיסנדיק טייכן טרערן איבער דער גייסטיקער פאַראָרימקייט
פון דער יידישער נאַציע — טוט שטילערהייט דער דאָזיקער ציוניסט, דער
אוהב עמו אַזוינע מעשים, וועלכע פאַראָרימען גייסטיק זיינע הייסגעליבטע
ברידער" [83].

דווינסק. „נאָך אונזער מאַי־דעמאָנסטראַציע זיינען ביי אונז פאַרגעקומען
גרויסע אַרעסטן און 79 מאַן דערוואַרטן איצט זייער אורטייל"... „אונזער
באַוועגונג וואַקסט — דאָס מוזן מודה זיין אונזער פאָליציי און זשאַנדאַרמען,
אַזוי אויך אונזערע באַלעבאַטים. די זעלבע יידישע באַלעבאַטים, וועלכע
ליידן אַליין פון זייער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט און פאָליצייאישן וויל־
קיר, אָפטמאָל ציוניסטן, וועלכע קלאָגן וועגן דעם גורל פון דעם יידישן
פאָלק — די זעלבע יידישע באַלעבאַטים זיינען גרייט פון שרעק פאַר דער
אַרבעטער־באַוועגונג צו וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון דער רוסישער פאָ־
ליציי... נאָך אונזער מאַי־דעמאָנסטראַציע האָבן אונזערע היגע יידישע באַ־
לעבאַטים געשלאָסן אַ הערלעכן בונד מיט דער דווינסקער פאָליציי: זיי האָבן
מנדב געווען 600 רובל פון קאָראָבקע(!) פאַר דער פאָליציי, דערפאַר וואָס
זי האָט אַזוי גוט און ענערגיש איינגעשטילט די אַרבעטער־אומרוען אין

פאַרלויף פון מאַנאַט מאַי"[84]). (אין קאַראַבקע איז געזאַמלט געוואָרן דער אָפּצאָל פון יידן פאַר כשר פלייש און פון דעם געלט האָט מען עס געגעבן דער פאָליציי די מתנה אַלס באַלוינונג פאַר אַרעסטירן 79 יידישע אַרבעטער צוליב דער 1־טער מאַי דעמאָנסטראַציע...).

די ציוניסטן האָבן אין יענער צייט געוואָרפן אַ לאָזונג פון שאַפן אַרטעלן און אַנדערע מינים בשותפותדיקע „נאַציאָנאַלע" אַרבעטס־פּלעצער. אויפן 5־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (סוף דעצעמבער 1901) האָט דר. מאַקס נאָרדאַו אין זיין רעפעראַט געזען אין דעם אַזאַ ישועה, אַז ער האָט אפילו גערופן די יידישע אַרבעטער נישט צו עמיגרירן קיין אַמעריקע און ענגלאַנד, נאָר „בלייבן דאָרט, וואו ער איז". אַיי ער האָט נישט קיין אַרבעטס־פּלאַץ און אויב אַ זעלבשטענדיקער בעל־מלאכה, האָט ער נישט וואו אָפּצו־זעצן זיינע אויסאַרבעטונגען, טאָ זאָל ער „שיקן די סחורה אויף דעם וועלט־מאַרק". כדי דאָס אַדורכצופירן, „דאַרף מען נור האָבן איין אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער און סוחרים"[85]).

דער רעצעפּט פון דר. מאַקס נאָרדאַו האָט קיין רפואה צו דער קרענק פון אָרימקייט און נויט נישט געקענט זיין. דעריבער האָבן די און ענלעכע פּראָיעקטן קיין הצלחה נישט געהאַט. אָבער אַ פּאָר פּרואוון זיינען געמאַכט געוואָרן. איין פּרואוו פון דעם מין איז געווען אין לאָדזש.

„דאָס איז געווען אַ בשותפותדיקער אויפטו פון לאָדזשער רב, ציוניסטישע כלל־טוער און פאַבריקאַנטן. זיי האָבן געשאַפן אַ מעכאַנישע פאַבריק, וואו מ'האָט גענומען באַשעפטיקן בלויז יידישע אַרבעטער, נאָך דעם ווי דער רב אליהו חיים מייזעל האָט גערופן אַן אַסיפה פון פאַבריקאַנטן און גע־וואָרנט קעגן 'חורבן', וואָס די אחדות מאַכט צווישן די יידישע אַרבעטער. זיין געדאַנק איז געווען צו שאַפן אַ פאַבריק, וואָס זאָל אי לינדערן די נויט פון די אַרבעטער, אי זיי אָפּציען פון אַחדות. די ציוניסטישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך געאייניקט, אַז יעדער זאָל אַריינשטעלן אַ צאָל שטולן אין דער בשותפותדיקער פאַבריק. דאָס איז געווען אַ פאַבריק מיט אַלע פּיטשעווקעס ווי אַנדערע פאַבריקן — פאַקטיש נאָך אין אַן ערגערער פאָרם. דער אַר־בעטס־טאָג איז געווען פון 6 פרי ביז 7 און אַ האַלב אָוונט (אין אַנדערע פאַבריקן איז דער אַרבעטס־טאָג געווען מיט 2 שעה וויניקער). די לוינען זיינען געווען שרעקלעך קליינע — פון 2.50 ביז 3.50 רובל אַ וואָך (אין אַנ־דערע ערטער אין דורכשניט 4.50). פאַר יעדער קלייניקייט האָט מען געגעבן שטראָף. די אַרבעטער זיינען געוואָרן אומצופרידן און זיך געווענדט צו אַחדות וועגן אָרגאַניזירן אַ שטרייק. נאָך 8 טעג שטרייקן האָט מען גע־וואונען אַ לוין־הוספה. איינער פון די פאַבריק־פירער — דער פאַבריקאַנט דאָבראַניצקי האָט דערביי געטענהט: 'די פאַבריק איז געמאַכט געוואָרן נאָר צו געבן טרוקן ברויט די אַרבעטער, קיין פוטער קען איך נישט געבן. און ווער עס וויל פוטער קען גיין ערגעץ אַנדערש'. נאָכן שטרייק האָט מען אָנגעהויבן צונעמען נישט־יידישע אַרבעטער — 50 אין צאָל. פון גאַנצן 'נאַציאָנאַלן' עקספּערימענט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ געוויינטלעך עקספּלואַ־

טאַציע־פאַבריקל, וואו מ׳באַשעפטיקט דעם, וואָס לאָזט זיך אַממערסטן אויס־נוצן״ [86]).

דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך זיינען געווען די באַציאונגען פון ביידע באַ־וועגונגען — דער סאָציאַליסטישער און ציוניסטישער — צו דעם צאַרישן רעזשים. אויך מחמת דעם האָט געמוזט קומען צו ביטערע צוזאַמענשטויסן. אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אָדעס, פון לאַנג אָן אַ ציוניסטישער צענטער, דערציילט: „דאָ איז אין 3 שוהלן געווען אָרגאַניזירט דורך אונזער ס. ד. אָרגאַניזאַציע אַ דעמאָנסטראַציע ביים לייענען פון דעם אַלערהעכסטן מאַניפעסט פון 26 פעברואַר (1903). אַמבעסטן איז די דעמאָנסטראַציע דורכגעגאַנגען אין 2 שוהלן. אין דער ציוניסטישער שוהל, ווען דער ציוניסט הער שענקין האָט געהאַלטן ביי די באַוואוסטע ווערטער וועגן דער ׳סמוטע׳, האָט זיך געלאָזט הערן אַ שטאַרקער שניידנדער פייף און באַלד נאָך דעם האָבן זיך געלאָזט הערן געשרייען ׳נידער מיט דער זעלבסטהערשונג׳ און אַ הילכיקער ׳הורא׳ פון אַלע עקן שוהל. דאָס בורזשואַזע פובליק האָט זיך גלייך געלאָזט לויפן צו דער טיר; מען האָט אויסגעבראָכן אַ פענצטער און ביידע טירן. דאָס לייע־נען פון מאַניפעסט האָט מען געמוזט אויפהערן. די פאָליציי האָט זיך גע־וואָרפן אויף די דעמאָנסטראַנטן. איר האָבן געהאָלפן די פרומע יידן. מען האָט אַרעסטירט אַן אַרבעטער. אין אַ צווייטער שוהל (אין סטאַרא־רעזניטשער גאַס) איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע. דאָרט האָט מען פון דער אייבערשטער גאַלעריע געוואָרפן יידישע און רוסישע קאַרטלעך מיט רעוואָלוציאָנערע אויפשריפטן. מען האָט אַרעסטירט אַן אַרבעטער, נאָר די חברים האָבן אים אָפּגעשלאָגן. אין דער דריטער שוהל האָט מען פאַרשפּרייט רעוואָלוציאָנערע קאַרטלעך, מען האָט אַרעסטירט עטלעכע מענטשן״ [87]).

ציוניסטישע רעדנער און מטיפים האָבן אין די שוהלן געהאַלטן פייער־דיקע רעדעס קעגן בונד און גערופן אים צו באַקעמפן, ווי בכלל די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג. זיי האָבן דעם גורל פון יידנטום פאַרבונדן מיט דער נייטיקייט צו זיין טריי און לאָיאַל צו דער ממשלה.

דאָס האָט געמוזט אַרויסרופן די שטאַרקסטע דערווידערונג און דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד מצד דעם בונד. די בונדישע אונטערערדישע צייַ־טונגען האָבן פאַראורטיילט אָט די ציוניסטישע אויפפירונג. דער בונדישער צענטראַל־אָרגאַן האָט געשריבן: „וואָס פאַר אַ שווידערלעכער עקל דאַרף זיך ביי אונז דערוועקן, ווען עס הויבן אָן צו זינגען בקול רם שירים ושבחים דעם צאַר מיט זיינע אַלע משרתים אַזעלכע מענטשן, וועלכע די זעלבסטהער־שונג רודפט אַמהעכסטן און טרעט פשוט מיט די פיס! און אַזוי טוט שטענדיק און ביי יעדער געלעגנהייט אונזער יידישע בורזשואַזיע, וועלכע שטייגט אי־בער אַלע בורזשואַזיעס פון דער גאַנצער וועלט מיט איר פורכטזאַמקייט און שקלאַפישע געפילן. די ציוניסטן, וועלכע שטעלן זיך אויס פאַר די פאָר־שטייער פון ׳יידישן פאָלק׳ און פאַרגיסן טייכן טרערן איבער דעם יידישן גלות בכלל און די רדיפות פון דער רוסישער רעגירונג בפרט, שיקן פון באַזעלער קאָנגרעס אַ דעפעשע מיט אַ ווינטשעוואַניע דעם... רוסישן זעלבסט־

הערשער! אָן אַ שום נייטיקייט איז די יידישע בורזשואַזיע מתפלל פאַר דעם צאַר און זיינע נאָנטע דינער א.אַז.וו." [88]).

אין אַן אַרטיקל פון אַ בונדישער אויסגאַבע ווערט וועגן דעם זעלבן ענין געזאָגט: „פאַר דעם מלאך־המות פון גאַנצן יידישן פאָלק, דער צאַ־רישער זעלבסטהערשונג, וואָס האָט געמאַכט פון יידישן פאָלק אַ פאָלק פון אביונים, שנאָרערס, קראַנקע, שוואַכע, אויסגעדאַרטע מענטשן — אָט פאַר דער מוראדיקער, גזלנישער, צאַרישער זעלבסטהערשונג פאַלן די ציוניסטן כורעים און קושן און לעקן איר האַנט!"... „איר הייסט אונז פאַררוקן זיך אין אַ ווינקל מען זאָל אונז, חלילה, נישט באַמערקן און צעטרעטן; האַלטן דעם קאָפּ איינגעבויגן וואָס נידעריקער, כדי מיר זאָלן נישט שטעכן קיינעם אין די אויגן; ריידן שטילערהייט, ווי אַ בעטלער ביי דער טיר; בעטן רחמנות און חסד... אָט דאָס ריידן די ציוניסטן, די זעלבע ציוניסטן, וואָס שרייען שטענדיק וועגן נאַציאָנאַלער און פּערזענלעכער זעלבסט־ערע, וועגן נאַ־ציאָנאַלן שטאָלץ, זעלבסט־באַוואוסטזיין און נאָך אַזעלכע דיבורים און פאַלן אָן אויף 'עבדות בתוך חרות'!"... „אויב די מערב־אייראָפּעאישע יידישע בורזשואַזיע איז פּאַרזונקען אין 'עבדות בתוך חרות', זייט איר, ציוניסטישע רוסלענדער בורזשואַזיע, פּאַרזונקען אין נאָך אַ גרעסערער בלאָטע — אין 'עבדות בתוך עבדות'"... „מיר, בונדיסטן, קעמפן אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַטן־יידן. מיר בייטן נישט אויס אונזערע נאַציאָנאַלע יידישע געפילן אויף גלייכע רעכט, ווי עס האָבן געטון די מערב־אייראָפּעאישע יידן־דעמאָקראַטן מיט 50 יאָר צוריק. אונזער ציל אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז נישט אַסימי־לאַציע, נאָר פרייע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק" [89]).

***

אידעאָלאָגיש, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש האָבן בונדיזם און ציוניזם נישט געהאַט קיין בשותפותדיקע באַרירונג־פּונקטן. די באַרירונג־פּונקטן זיינען געווען בלויז אין קעגנזייטיקן קאַמף, ביים אָפּשטויסן איינער דעם אַנדערן. ס'זיינען אָבער געווען אויסנאַם־פאַלן, ווען מ'האָט געמוזט מיט ציוניסטן קאָאָ־פּערירן. אין געוויסע ערטער איז דעם בונד אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט ציוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער. אין די סאַמע ערשטע יאָרן האָט דער בונד געמאַכט אַ צווישנשייד אין עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגן. אויב די דאָזיקע אַרבעטער זיינען גרייט צו זיין לאָיאַלע מיטקעמפער אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, איז אדרבה. אָט איז אַ דערקלערונג וועגן דעם פון מינסקער בונדישן קאָמיטעט: „דער קאָמיטעט געפינט פאַר נייטיק צו דערקלערן, אַז ווי אַ קעגנער פון 'ציוניזם' וועט ער אָנווענדן, ווי ביז איצט אַזוי אויך אויף ווייטער, אַלע אָנשטענדיקע מיטלען, ווי אין דער מינדלעכער אַגיטאַציע אַזוי אויך אין דער ליטעראַטור, צו קעמפן מיט אים. נאָר צווישן די 'אַרבעטער סאָציאַל־דעמאָקראַטן' און 'אַרבעטער ציוניסטן' אויף וויפל זיי געהערן צו דער זעלבער אָרגאַניזאַציע און נעמען אַ אָנטייל אין דעם

שטרייט מיט די באַלעבאַטים, דאַרף נאָך אונזער מיינונג קיין פיינטשאַפט נישט זיין. מען דאַרף זען זיי איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון אונזערע שטרעבונגען, נאָר אין קיין פאַל נישט אַרויסטרעטן קעגן זיי מיט פיינטשאַפט און מיט גוואַלט שטערן זיי אין זייער טעטיקייט" [90]).

מיטן גאַנג פון דער צייט איז דער קאַמף צווישן דער בונדישער און ציוניסטישער באַוועגונג געוואָרן שאַרפער און פאַרביטערטער און דער בונד האָט מער נישט געקענט בלייבן אויף דער פריער פאַרנומענער פּאָזיציע. און ס'איז דערביי געווען נאָך אַ זייער וויכטיקע סיבה. אין יענער תקופה זיינען די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס געווען אַ טייל פון דער בונדישער באַוועגונג. די בעסט־אָרגאַניזירטע און צענטראַליזירטע — בערשטער־בונד און גאַרבער־בונד — זיינען אַפילו געווען אָפיציעל טיילן פון בונד, אַנדערע זיינען עס געווען פּאַקטיש. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס האָט אין די באַדינגונגען פון צאַריש־דעספּאָטישן רוסלאַנד געמוזט זיין אַן אומלעגאַלע און רעוואָלוציאָנערע, וואָלט אָן דער אָנפירונג פון בונד נישט געקענט עקזיסטירן. די בונדיסטן האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר נישט צוועקמעסיק צו האָבן ציוניסטן אַפילו אין די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. און אַזוי איז אויסגעפאַלן דער באַשלוס פון 4־טן צוזאַמענפאָר פון בונד (1901), אַז ציוניסטן קענען נישט זיין אי אין די פּאָליטישע, אי אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון דער בונדישער באַוועגונג.

די אָפּגרענעצונג איז געגאַנגען פון ביידע זייטן. די ציוניסטישע טוער האָבן קאָנצענטרירט כמעט די גאַנצע ענערגיע אַרום דעם ענד־ציל — דעם יודענשטאַט. אויפן וועג צום ציל האָבן זיי אין יענער צייט געהאַלטן פאַר נויטיק זיך אָפּצוזאָגן פון פּאָליטישן קאַמף פאַר די גלייכע רעכט פון די יידן אַלס בירגער פון זייערע לענדער; האָבן איגנאָרירט די פאָלקס־שפּראַך און קולטורעלע פאָלקס־נויטן לטובת דער אויפלעבונג פון דער אַלטער העברעאישער שפּראַך און קולטור; האָבן געקוקט קרום אויף דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אַנדערע מערב־לענדער; האָבן געלייקנט, אַז ביי יידן זיינען פאַראַן קלאַסן און זיינען אַרויסגעטרעטן קעגן קלאַסן־קאַמף, וואָס דאָס האָט געקענט זיין נאָר צום שאָדן פון די אָרימע אַרבעטנדיקע מאַסן. זיי האָבן פאַרשפּרייט אומצוטרוי און אומגלויבן אין דער מעגלעכקייט און פעאיקייט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן צו בויען זייער ווירטשאַפטלעך, קולטורעל און נאַציאָנאַל לעבן אין די ישובים בכל תפוצות ישראל.

להיפּך צו דעם איז געווען דער בונד. זיין שטרעבן צום סאָציאַליסטישן ענד־ציל איז געווען פאַרבונדן מיט אויפוועקן און אַקטיוויזירן די יידישע אַרבעטער און אָרימע מאַסן. וועקנדיק דעם מענטש אין ייד, האָט דער בונד ביי אים באַשאַפן אַ ווילן אויפהערן בלינד צו גיין אויף אויסגעטראָטענע טראַדיציאָנעלע וועגן, אַ ווילן צו באַפרייען זיך פון אָפּגעלעבטע באַגריפן, צו מאַכן אַ חשבון־הנפש און צופּאַסן דאָס יידישע לעבן צו די נייע צייטן. וואָס קלאָרער און פולער דאָס מענטשלעכע איז געוואָרן אין ייד, אַלץ קלאָרער און באַוואוסטזיניקער איז דאָס יידישע געוואָרן אין פאָלקס־מענטש. די יידישע

אַרבעטערשאַפט איז טאַקע געווען די באַזע פון בונד, אָבער אויף דעם יסוד
האָט ער געוואָלט געבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער אויף אַלע צרות און נויטן פון
רוב מנין ובנין פון יידישן פאָלק. אין ציוניזם האָט דער בונד נישט געזען
קיין לייזונג פון דער יידן־פראַגע. די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט
אַנטשידן אָפּגעוואָרפן דעם ציוניסטישן פּרינציפּ פון פאַרלייקענען די מעג־
לעכקייטן און איגנאָרירן די באַדערפענישן פון די יידן אין די אַזוי גערופענע
גלות־לענדער און אַנטקעגנגעשטעלט איר פּרינציפּ און פּראַקטיק פון קאַמף
פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

דעם אונטערשיד צווישן די ביידע ריכטונגען האָט דער אויסלענדישער
בונדישער אָרגאַן אַזוי פאָרמולירט: „די יידישע בורזשואַזיע קען נישט אַנ־
דערש, זי קען זיך נישט באַפרייען פון איר גלות־פּסיכאָלאָגיע. און דאָס דער־
פאַר, ווייל זי האָט אַ בורזשואַזנע פּסיכאָלאָגיע, ווייל ביי איר איז דער יסוד
פון יעדער ׳אָרנטלעכער׳ עקזיסטענץ — דאָס אייגנטום. זי האָט אָבער נישט
קיין נאַציאָנאַלן אייגנטום, קיין אייגענע טעריטאָריע, דעריבער איז זי צע־
שפּאָלטן אויף צווייען. סאָציאַל פילט זי זיך שטאַרק. דאָ וועט זי קיינעם
נישט אָפּטרעטן דעם וועג. דאָ קעמפט זי מיט יעדער אַנדערער בורזשואַזיע,
ווייל זי פילט אונטער זיך אַ פעסטן גרונט — דעם בייטל. פּאָליטיש אָבער
פילט זי זיך אָן כוחות, אַנטלויפט פאַר יעדן הינטל, האָט מורא פאַר יעדן
קאַמף מיט יעדער אַנדערער בורזשואַזיע, ווייל זי האָט דאָ נישט קיין פעסטן
גרונט — קיין נאַציאָנאַלן אייגנטום. זי געהערט צו אַ פּראָלעטאַרישער נאַציע,
צו אַ נאַציע־פּראָלעטאַריער! און כל־זמן זי וועט נישט האָבן קיין נאַציאָנאַלן
אייגנטום, וועט זי זיך נישט קענען באַפרייען פון איר געטאָ־פּסיכאָלאָגיע.
אַנדערש ענטפערט דער יידישער פּראָלעטאַריער, וועלכער האָט זיך אויפ־
געהויבן פון די קני, וועלכער האָט דערפילט זיין מענטשלעכע ווירדע. ער
האָט זיך באַפרייט פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע, ער האָט צעבראָכן די קייטן
פון ׳געטאָ׳, ווייל ער איז ׳פריי׳ פון יעדן אייגנטום, ווייל דער באַוואוסטזיין
פון זיין מאַכט איז נישט פאַרבונדן מיט ׳באַשטאַנד פון זיין קאַסע׳. אַזוי
ווי דאָס וואָס ער איז סאָציאַל אַ פּראָלעטאַריער, שטערט אים נישט צו קעמפן
פאַר זיין סאָציאַלע באַפרייאונג, פּונקט אַזוי שטערט אים נישט דאָס, וואָס
ער איז אויך נאַציאָנאַל אַ פּראָלעטאַריער, צו קעמפן פאַר זיין פּאָליטישער און
נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. ער הייסט נישט אַנטלויפן, ער מיידט קיינעם נישט
אויס דעם וועג. ער קעמפט און רופט צום קאַמף דאָ, וואו ער שטייט. דאָ
קעמפט ער און וועט קעמפן פאַר אַ בעסערן גורל. און אַז ער וועט אויפהערן
צו זיין סאָציאַל אַ פּראָלעטאַריער, וועט ער אויך אויפהערן צו זיין נאַציאָנאַל
אַ פּראָלעטאַריער. דעריבער פאַרענטפערט דער ׳בונד׳ די ׳יידישע פראַגע׳
נישט פון בורזשואַזנעם, טעריטאָריאַלן שטאַנדפּונקט, נאָר פון ריין־פּראָלע־
טאַרישן. זיין פּרינציפּ איז די גלייכווערטיקייט פון די נאַציעס, אומאָפּהענגיק
דערפון צי זיי האָבן אָדער האָבן נישט קיין נאַציאָנאַל אייגנטום. דעריבער
שטעלט ער אַרויס דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, און נישט
פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע" [91]).

נישט דער ענד־ציל פון ציוניזם און נישט דער וועג צו אים האָבן גע־קענט לאָקן די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטיש־געשטימטע יידישע אַר־בעטערשאַפט. טייל ציוניסטישע טוער האָבן דאָס אויך פאַרשטאַנען און גע־נומען זוכן רפואות פאַר דעם. זיי האָבן געמוזט אָנערקענען, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדנונג מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין זיין שאַרפער פאָ־לעמיק מיטן בונד, האָט דער ציוניסטישער מנהיג און טריבון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי געמוזט מודה זיין: „אין דעם מאָמענט, ווען דער ציוניזם איז אַריינגעטרעטן אין דער שאַרפער פאַזע פון דירעקטער קאָנקורענץ מיטן בונד, האָט די קאָנקרעטע ציוניסטישע באַוועגונג אומבאַדינגט געטראָגן אַן אוטאָפּישן און רעאַקציאָנערן כאַראַקטער". און ער גיט צו: „היסטאָריש האָט זי אַזוי געדאַרפט זיין און זי האָט אַנדערש נישט געקענט זיין. און דאָס אַלץ קען נישט פון קיין שום זייט דינען אַלס מאָטיוו פאַר 'פאַרוואורפן' אויף אונזער אַדרעס"... „די ציוניסטן זיינען געקומען צו דער אַרבעטער־מאַסע נישט בלויז מיט זייער אידעאַל, נאָר אויך מיט זייער דעמאָלטיקער שטימונג. מצד דעם בונד האָט די דאָזיקע שטימונג געקענט בלויז אַרויסרופן אַן אויפ־רעגונג און ווידערשטאַנד. און אַזוי איז טאַקע געוועזן"[92].

ווייט און טיף זיינעןביידע ריכטונגען געוועזן צעטיילט — און קיין בריק האָט זיי פאַרבינדן נישט געקענט...

# מקורים

1) די האָפנונג נום. 14, 25 סעפּטעמבער — 8 אָקטאָבער 1907, ווילנע. (אל. מיינט אַלעקסאַנדער, פּסעוודאָנים פון אַרקאַדי קרעמער).

2) М. А. Сильвин: В. И. Ленин в эпоху зарождения партии (Каторга и Ссылка, стр. 95-7, Москва 1934).

3) Первый Съезд РСДРП, стр. 127, Москва 1958.

4) Ф. И. Дан: Происхождение Большевизма, стр. 226-7, Нью Иорк 1946.

5) Первый съезд РСДРП, стр. 157-8, Москва 1958.

5А) П. А. Гарви: Воспоминания Социалдемократа, стр. 76, Нью-Иорк 1946.

6) פראַנץ קורסקי: געזאַמלטע שריפטן, ז. 123, ניו-יאָרק 1952.

7) Заря № 1, стр. 12, Апрѣль 1901, Stuttgart.

8) В. И. Ленин: Сочинения, том IV, стр. 428, Москва 1927.

9) Что дѣлать? Н. Ленина, стр. 21, Stuttgart 1902.

10) Докладъ о русскомъ соціальдемократич. движеніи международному соціалистич. конгрессу въ Парижѣ 1900 г. Стр. 9, Женева 1901.

11) דצ"וו, ז. 55.

12) דצ"וו, זז. 9-58.

13) М. Лядовъ: Исторія Россійской Соціалдемократической Рабочей Партіи, часть первая, стр. 88-9, С.-Петербургъ, 1906.

14) די ערשטע 2 נומערן זיינען אַרויס מימעאָגראַפירט, שפּעטער — געדרוקט. דאָס פּראָגראַם-אַרטיקל פון ערשטן נומער איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין:
Листокъ «Работника», № 9-10, Ноябрь 1898 г. стр. 49-50, Женева.

15) Отъ редакціи, Рабочее Дѣло № 1. стр. 3, 5, Апрѣль 1899 г.

16) Б. Кричевскій: Рабочее Дѣло, № 7, Августъ 1900 г. Женева.

17) וול. קאָסאָווסקי: מאַרטאָוו און די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (די צוקונפט, מערץ 1924, ניו-יאָרק).

18) Былое, № 10, Октябрь 1906.

19) В. И. Ленин: Сочинения, том II стр. 554, Москва 1926.

20) דצ"וו, ז. 573.

21) Вл. Махновецъ-Акимовъ: Первый Съѣздъ Россiйской С. Д. Р. Партiи (Минувшiе Годы, № 2, 1908, СПБ).

22) Александр Вановский: Первый С'езд РСДРП 1898. (Социалистический Вестник, № 1-2, 1950, Нью-Иорк).

23) אַרקאַדי קרעמער: די גרינדונג פון בונד (אַרקאַדי, זאַמלבוך, ז. 365, ניו-יאָרק 1942).

24) Протоколы 2-го очередного съѣзда Заграничной Лиги русской революцiонной соц.-демократiи, стр. 52.

25) Письма П. Б. Аксельрода и Ю. О. Мартова, стр. 37, Берлин 1924.

26) „דער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג" (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", זז. 2-651, ווילנע-פּאַריז 1939).

27) דזשאָן מילל: פּיאָנערן און בויער, ערשטער באַנד, ז. 216, ניו-יאָרק 1946.

28) „דער אידישער אַרבייטער" (ערשטער נומער, דעצעמבער 1896).

29) וו. מעדעם: נאַציאָנאַלע באַוועגונג און נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד (וולאַדימיר מעדעם, צום צוואַנציקסטן יאָרצייט, ז. 250 ניו-יאָרק 1943).

30) Karl Kautsky: Der Kampf der Nationalitäten und das Staatsrecht in Oesterreich (Die Neue Zeit Nr. 18, S.562, 29 Januar 1898, Stuttgart).

31) Рабочая Мысль № 13, Декабрь 1901, № 14, Январь 1902.

32) Б. Кричевскiй: По поводу IV-го съѣзда Бунда (Рабочее Дѣло 11-12 стр. 119, 23 Февраль 1902 г.)

33) Искра № 7, Августъ 1901.

34) דצ"וו נומ. 8, סעפּטעמבער 1901.

35) Заря № 4, Августъ 1902, Отдѣлъ 2, стр. 47-50.

36) Четвертый Съѣздъ Всеобщаго Еврейскаго Рабочаго Союза въ Литвѣ, Польшѣ и Россiи, стр. 11.

37) Искра № 7, Августъ 1901.

38) Къ вопросу о нацiональной автономiи и преобразованiи партiи на федеративныхъ началахъ, стр. 13-14.

39) Zgorzkniały: Przedświt № 9, str. 329, Wrzesień 1901.

(זגאָזשקניאַלי איז אַ פּסעוודאָנים פון פּעפּעסישן פירער און שרייבער לעאָן וואַשילעווסקי).

40) Przedświt № 8, str. 281-3, Sierpień 1902.

41) דיא אַרבייטער שטיממע נומ. 30, אָקטאָבער 1902.

42) Przegląd Socjaldemokratyczny № 1, str. 7, Marzec 1902 r. Zürich.

43) דצ"וו נומ. 3, יולי 1902.
44) צביון — ד"ר ב. האָפּמאַן: פּאַר פופציק יאָר, ז. 151, ניו-יאָרק, 1948.
45) לעאָן בערנשטיין: ערשטע שפּראָצונגען, ז. 25, בוענאָס איירעס 1956.
46) ב. מיכאַלעוויטש: זכרונות פון אַ יודישען סאָציאַליסט, ערשטער באַנד, ז. 3, וואַרשע 1922.
47) ל. בערמאַן (לייבעטשקע): אין לויף פון יאָרן, זז. 70-1, ניו-יאָרק 1945.
48) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 7, 9 דעצעמבער 1897.
49) דער פרייהייטס-גלאָק נומ. 1, סעפּטעמבער 1901.
50) דער וועקער נומ. 11, מערץ 1902.
51) דער אידישער אַרבייטער נומ. 6, מערץ 1899
52) דער מינסקער אַרבייטער נומ. 3, יוני 1901.
53) Послѣднія Извѣстія, 10 Апрѣля 1902, London.
54) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 35, אָקטאָבער 1903.
55) י. ש. הערץ: הירש לעקערט, ז. 68, ניו-יאָרק 1952.
56) דער אידישער אַרבייטער נומ. 2-3, פעברואַר 1897.
57) מינסקער פלוג בלעטעל נומ. 5, מערץ 1902.
58) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 31, יאַנואַר 1903.
59) י. ש. הערץ: די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, זז. 70-1, ניו-יאָרק 1958.
60) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 33, מאַי 1903.
61) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 29, סעפּטעמבער 1902.
62) י. ש. הערץ: דצ"וו, ז. 101.
63) דער וועקער נומ. 3, יאַנואַר 1900.
64) דער וואַרשאווער אַרבייטער נומ. 2, 1899.
65) דער פריינד נומ. 176, 8 (21) אויגוסט 1903, פּעטערבורג.
66) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 35, אָקטאָבער 1903.
67) פלוג-בלעטעל, הערויסגעגעבען פון גראָדנער סאָציאַלדעמאָקראַטישן קאָמיטעט פון בונד, נאָוועמבער 1903.
68) פאָרווערטס, 3 דעצעמבער 1903, ניו-יאָרק.
69) Theodor Herzl: Der Judenstaat, SS. 31, 64, 78-9, 80, 85, Berlin 1918.
70) דצ"וו ז. 57.
71) Theodor Herzls Tagebücher, erster Band S.457, Berlin 1922.
72) דצ"וו ז. 605.
73) Theodor Herzls Tagebücher, zweiter Band, S.291, Berlin 1923.
74) Stenographisches Protokoll der Verhandlungen des IV Zionisten-Congresses in London. SS.254-5, Wien 1900.
75) דער אידישער אַרבייטער נומ. 13, זז. 93-4, פעברואַר 1902, לאָנדאָן.

76) דער יוד נומ. 2, 9 יאַנואַר 1902, קראָקע.
77) דצ"ו.
78) דער אידישער אַרבייטער נומ. 11, 1901,
79) דער יוד נומ. 39, 25 סעפּטעמבער 1902, קראָקע.
80) דצ"ו נומ. 40, 1 אָקטאָבער 1902.
81) דיא אַרבייטער שטיממע נומ. 29, סעפּטעמבער 1902.
82) דצ"ו.
83) דצ"ו.
84) דצ"ו.
85) ראובן קאַמאַיקאַ: דער 5-טער ציוניסטען-קאָנגרעס אין באַזעל, זז.7-56, ווארשא 1902.
86) י. ש. הערץ: די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, ז. 106, ניו-יאָרק 1958.
87) דיא אַרבייטער שטימע נומ. 33, מאַי 1903.
88) דצ"ו נומ. 22, מערץ 1901.
89) פלוג-בלעטעל, הערויסגעגעבען פון קאָוונער סאָציאַלדעמאָקראַטישן קאָמיטעט נומ. 1, אָקטאָבער 1903.
90) דער מינסקער אַרבייטער נומ. 1, דעצעמבער 1900 (דרוק פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער-בונד אין רוסלאַנד און פוילן).
91) דער אידישער אַרבייטער נומ. 14, ז. 82, אָקטאָבער 1902, לאָנדאָן.
92) Вл. Жаботинскій: Бундъ и Сіонизмъ, стр. 16, 18, Одесса 1906.

# באַמערקונגען

## מ. דראַגאָמאַנאָוו און דער אויפרוף פון דער „גרופע סאָציאַליסטן־יידן" (צו זייט 53)

ביז היינט איז נישט אויפגעקלערט ווער ס'איז דער מחבר פון אויפרוף, וואָס אַ „גרופע סאָציאַליסטן־יידן" האָט אין יאָר 1880 אַרויסגעלאָזט, וועגן דער נייטיקייט צו פירן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידן אין יידיש. די מיינונגען זיינען געטיילט: איינציקע זאָגן, אַז דער מחבר איז געווען דער אוקראַאינישער סאָציאַליסט מיכאַאיל דראַגאָמאַנאָוו, אַנדערע מיינען, אַז ער איז עס נישט געווען אָדער אַז ער האָט דעם אויפרוף בלויז רעדאַגירט, באַאַרבעט א.אַ.וו..

אויפן סמך פון ידיעות, וואָס פּ. קורסקי האָט באַקומען פון א. ליאַכאָצקי (קוזמאַ), אַ מיטבאַטייליקטן אין אַרויסלאָזן דעם אויפרוף, קומט ער צום אויספיר, אַז דעם פּראָיעקט האָט פאַרפאַסט לייזער צוקערמאַן (אָפּגעפאָרן 1879 קיין רוסלאַנד) און דראַגאָמאַנאָוו זאָל שפּעטער האָבן באַאַרבעט דעם ערשטן טעקסט. פּ. קורסקי זאָגט וועגן דעם:

„אין דער קאָלאָניע (אין זשענעוו) איז מען אָגב געווען איבערצייגט, אַז ער (דראַגאָמאַנאָוו) גופא איז טאַקע דער מחבר פון אויפרוף און דער איניציאַטאָר פון דער גרופע"...

„נאָך דעם, וואָס ליאַכאָצקי — און אויך אַנדערע — האָבן מיר איבערגעגעבן, רעכן איך, אַז דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר פון אויפרוף האָט געמוזט זיין טאַקע לייזער צוקערמאַן, און אַז דראַגאָמאַנאָוו האָט צונויפגעשטעלט דעם טעקסט פון אויפרוף אויפן סמך פון אַ פּראָיעקט, וואָס צוקערמאַן האָט אים איבערגעגעבן פאַר זיין אָפּפאָר. ווען מען לייענט דעם אויפרוף, פילט מען, אַז דער מחבר האָט געמוזט זיין אַ ייד. דראַגאָמאַנאָוו האָט דעם אויפרוף געקענט איבערמאַכן און ער האָט אים געוויס איבערגעמאַכט און רעדאַקטירט, ער האָט געקענט דערין וואָס ענדערן, וואָס צוגעבן (ווי, למשל, די שפּעטערדיקע ציטאַטן פון דער רוסיש־יידישער פּרעסע פון 1880), ער איז אָבער זיכער נישט דער איינציקער מחבר פון אויפרוף"[1]).

אַז דראַגאָמאַנאָווס שייכות צום אויפרוף איז געווען מער ווי פון אַ רעדאַקטאָר, קען מען זיך משער זיין פון דעם, וואָס דער אויפרוף איז אַריין אין דער אויסגאַבע פון זיינע געזאַמלטע שריפטן. זיין מחבר איז ער אָבער נישט געווען, ער האָט אים מסתמא שטאַרק באַאַרבעט.

וויכטיק איז די באַמערקונג פון פּ. סטרואַווע, וועלכער האָט צונויפגע־

שטעלט דראַגאָמאַנאָווס געזאַמלטע שריפטן. דאָס איז די באַמערקונג: „אין דאָזיקן אויפרוף געהערט דראַגאָמאַנאָוון בלויז דאָס קורצע נאָכוואָרט, וואָס איז זייער וויכטיק פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דראַגאָמאַנאָווס באַציאונג צו דער יידישער פראַגע" [2]). ביים צוגרייטן די צווייטע בענדער פון דראַגאָמאַנאָווס שריפטן האָט פ. סטרואַוועט זיך באַנוצט מיט דער אינפאָרמאַציע פון מיכאַילאָ פּאַוולוק און אַנטין ליאַכאָצקי, וואָס האָבן צוזאַמען מיט דראַגאָמאַנאָוון אונטערגעשריבן דאָס נאָכוואָרט צום אויפרוף. סטרואַוועס ווערטער זיינען דעריבער פאַרלאָזלעך.

•

## יידיש אין די קרייזלעך (ז. 60)

די שפּראַך פון די אינטעליגענטן איז געווען רוסיש, פון די אַרבעטער — יידיש. אויף וועלכער שפּראַך איז געפירט געוואָרן די אויפקלערונג אין באַגינען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין פּעריאָד פון די קרייזלעך? וועגן דעם דערציילט צמח קאָפּעלזאָן אין זיינע זכרונות פון די יאָרן 90 — 1887:

„קיין שום ברעקל ביכל אויף יידיש איז דאַן נישט געווען. די לעגאַלע יידישע שפּראַך־באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. מיר, אינטעליגענטן, האָבן געלעזן נאָר רוסישע ביכער און אונזער גאַנצע יניקה, קולטורעלע און סאָציאַליסטישע בילדונג, האָבן מיר דערגרייכט דורך דער רוסישער שפּראַך. אַפילו מענדעלי מוכר־ספרים, פרץ און אַנדערע יידישע שרייבער זיינען אונז געווען כמעט אומבאַקאַנט. יידיש האָבן מיר פאַרשטאַנען און אָפט גערעדט צווישן זיך. נאָר אין אַלע אינטעליגענטע קרייזן פלעגן דיסקוסיעס, דעבאַטן פאָרקומען נאָר אויף רוסיש. די יידישע מאַסע אין רוסלאַנד האָט דאַן וויניקער פאַרשטאַנען רוסיש ווי איצט. דער ווידערשפּרוך איז געווען אַ גוואַלטיקער און פונדעסטוועגן האָבן מיר געמוזט געברויכן נאָר רוסישע ביכער, רוסישע בראָשורן, ווייל קיין אַנדערע זיינען נישט געווען"... „מיר פלעגן באַנוצן רוסישע ביכער און לערביכער, נאָר ריידן צווישן זיך און אויסטייטשן דעם טעקסט פון די ביכער פלעגן מיר כמעט אַלעמאָל אויף יידיש. ס'איז געווען אַ וואונדערבאַרער געמיש פון רוסיש און יידיש. און יידיש פלעגט פונדעסטוועגן זיין די איבערוועגנדיקע שפּראַך, וועלכע מיר פלעגן געברויכן אין די אַרבעטער־קרייזן. בלויז אין די העכערע קרייזלעך, וואו די מיטגלידער זיינען געווען בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען רוסיש, פלעגן מיר פירן אונזער לערנען אויף רוסיש. מיט דער יידישער מינדלעכער איבערזעצונג און אויסטייטשונג פלעגן מיר בייקומען דעם ווידערשפּרוך צווישן דער רוסישער שפּראַך פון די ביכער און דער יידישער שפּראַך, וועלכע איז געווען די אַלטעגלעכע שפּראַך פון דער מאַסע און פון די איינצלנע מיטגלידער פון אונזערע אַרבעטער־קרייזלעך" [3]).

אין 1889 האָט מען אין ווילנע באַקומען פון אויסלאַנד עטלעכע הונדערט

בראָשורן פון וואָס איינער לעבט אין יידיש (מחבר שמעון דיקשטיין, פּסעוו־דאָנים יאַן מלאָט. פון פויליש האָט די בראָשור איבערגעזעצט שמואל ראַ־בינאָוויטש).

אין אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן (מחבר ש. גאָזשאַנסקי און אַקצעפּטירט דורך דעם אָנפירנדיקן אינטעליגענטן־קרייז אין יאָר 1893) קומט מען צו אַזאַ אויספיר:

„די שפּראַך, אויף וועלכער עס וועלן געפירט ווערן די ׳זאַניאַטיעס׳ ביי די אינטעליגענטן, וועט זיין רוסיש און יידיש. די אַרבעטער, וואָס פאַרשטייען גוט רוסיש, וועלן זיך לערנען אויף רוסיש. בלויז אַ טייל פון די אויסגע־רעכנטע וויסנשאַפטן, וועלכע די דאָזיקע אַרבעטער (וואָס לערנען זיך אויף רוסיש) וועלן אַלס אָנפירנדיקע אַגיטאַטאָרן דאַרפן שטודירן פאַר די צוועקן פון אַגיטאַציע אָדער פאַר די שבתדיקע שמועסן, וועט מען דורכגיין אומבאַ־דינגט אויף זשאַרגאָן. די אַרבעטער, וואָס פאַרשטייען שלעכט רוסיש, וועלן אַלץ לערנען אויף זשאַרגאָן״ (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד״, היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, דריטער באַנד, ז. 647, ווילנע — פּאַריז 1939).

•

## צו די 4 רעדעס פון 1892 (ז. 63)

ווער האָט געשריבן די הקדמה צו די פיר ווילנער 1־טע מאַי־רעדעס (1892), וואָס זיינען אין 1893 געוואָרן אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישער בראָשור אין שווייץ? אין דזשאַן מיללס זכרונות ווערט געזאָגט, אַז לעוו יאָגיכעס האָט די פיר רעדעס „אָפּגעדרוקט, מיט אַ הקדמה אָנגעשריבן מיט לוקסעמבורגס הילף״ [4]).

אין אַ רעדאַקציאָנעלער באַמערקונג צו אַ בריוו, וואָס פּ. אַקסעלראָד האָט אין 1893 געשיקט צו אַ ס.ד. קרייזל אין וואַרשע, ווערט געזאָגט, אַז דער מחבר פון דער הקדמה איז ב. קריטשעווסקי [5]).

ווער איז דאָ גערעכט? אפשר ביידע? אין יענער צייט זיינען קריטשעוו־סקי און יאָגיכעס געווען פּאָליטיש נאָענט — ביידע נישט שווה־בשווה מיט פּלעכאַנאָוו און אַקסעלראָדן. מעגלעך, אַז קריטשעווסקי האָט אָנגעשריבן די הקדמה און יאָגיכעס, מיט דער הילף פון זיין פרוי ראָזע לוקסעמבורג, האָט דעם מאַנוסקריפּט רעדאַגירט אָדער דערגאַנצט.

•

## 1894 אָדער 1895? (ז. 73)

ווען איז פאָרגעקומען די ווילנער קאָנפערענץ, וואו ס׳איז צום ערשטן מאָל פעסטגעשטעלט געוואָרן די נויטיקייט צו קעמפן קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג ווי אויך די נוי־

טיקייט איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג צווישן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַ־
ציעס פון די באַזונדערע שטעט? אין 1894 אָדער אין 1895?

וועגן דעם זיינען פאַראַן סתירהדיקע ידיעות. דער ערשטער, וואָס האָט
אין דער עפנטלעכקייט דערציילט וועגן דער קאָנפערענץ, איז געווען דער
מיטבאַטייליקטער אברהם מוטניק (אין לאָנדאָנער זשורנאַל זשיזן, 1902 —
ציטירט אין דער אַרבעט פון ישעיה טרונק, זייט 77 פון דעם באַנד). לויט
אים איז עס אין 1895. מוטניק איז געווען אַ זייער פּינקטלעכער און געשריבן
האָט ער עס אַ נישט לאַנגע צייט נאָך דער קאָנפערענץ, וואָלט מען געדאַרפט
אָננעמען, אַז דאָס איז די ריכטיקע דאַטע.

אָבער... מיט 5 יאָר שפּעטער איז אין דער בונדישער טעגלעכער צייטונג
די האָפנונג (נומ. 14, 25 סעפּטעמבער — 8 אָקטאָבער 1907, ווילנע) געווען
אָפּגעדרוקט אַ רשימה פון דאַטעס אין דער געשיכטע פון בונד און דאָרט איז
וועגן דער קאָנפערענץ געזאָגט — 1894. מ׳דאַרף דאָ צוגעבן, אַז ביי דער
רשימה איז פאַראַן אַ באַמערקונג, וואָס הייסט זיך באַציען מיט פאָרזיכטיקייט
בנוגע די דאַטעס: די רעדאַקציע האָט נישט געהאַט ביי זיך אַלע נויטיקע
מאַטעריאַלן „און דעריבער זיינען אייניקע געשעענישן דורכגעלאָזן געוואָרן
און אַנדערע דאַטעס נישט גענוי באַשטימט געוואָרן". ס׳זיינען מחמת דעם
מעגלעך געוויסע טעותים.

אַ צווייטער אָנטיילנעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי, האָט אויך געשריבן,
אַז ס׳איז געווען דאָס יאָר 1895 (די צוקונפט, מערץ 1924, ניו־יאָרק).

דאָס זעלבע (1895) האָט געשריבן אַ דריטער אָנטיילנעמער — דזשאָן
מילל (די צוקונפט, אָקטאָבער 1937, אונזער צייט, דעצעמבער 1941, ניו־יאָרק).
שפּעטער, אין ערשטן באַנד פון זיינע זכרונות (פּיאָנערן און בויער, ניו־יאָרק,
1946) איז שוין דאָס יאָר אָנגעגעבן 1894.

אַ פערטער אָנטיילנעמער, לעאָן גאָלדמאַן, האָט אויך אָנגעגעבן דאָס
יאָר 1895. לויט אים איז די קאָנפערענץ פאָרגעקומען אין גאָזשאַנסקיס דירה
(רעוו. דוויזשעניע סרעדי יעווריעוו, ז. 142).

דוד קאַץ (טאַראַס), וועלכער איז אויף דער קאָנפערענץ נישט געווען,
האָט וועגן איר געהערט פון מאַקס טאָביאַש. קאַץ האָט געזאָגט: „זי איז פאָר־
געקומען אין 1894 אָדער 1895" (דאָרט ז. 143).

וועגן אַ קאָנפערענץ אין ווילנע זומער 1895 דערציילט אויך אין זיינע
זכרונות מאָריס באַק (פרייע אַרבעטער־שטימע, 24 נאָוועמבער 1944, ניו־
יאָרק).

פאַר אונז איז שווער צו זאָגן ווער איז דאָ גערעכט. און אפשר זיינען
געווען קאָנפערענצן איןביידע יאָרן?

•

## דער יידישער אַרבעטער־פאַראיין אין וואַרשע (ז. 82)

ווען איז געגרינדעט געוואָרן דער אידישער אַרבייטער פעראיין אין ווארשא, פון וועלכן ס'איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן די וואַרשעווער אָרגאַני־זאַציע פון בונד? אין 1895 אָדער 1896?

אין נומער 2־3 דער אידישער אַרבייטער (פעברואַר 1897) איז אָפּגע־דרוקט אַן אויפרוף פון יידישן אַרבעטער־פאַראיין אין שייכות מיט די ימים־נוראים (זיין מחבר איז געווען דזשאַן מילל, איבערגעזעצט אויף יידיש האָט אים אליהו ראָזענבערג). אונטערן אויפרוף געפינט זיך די דאַטע תשרי תרנ״ו, דאָס מיינט 1895. אָבער אין זעלבן נומער, אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשע, מיט דער דאַטע פון דעצעמבער 1896, ווערט דערמאָנט דער זעלבער אויפרוף, „וועלכער איז געווען אַרויסגעלאָזן צווישן ראש השנה און יום־כפור". קיין יאָר ווערט נישט אָנגעגעבן, אָבער אַזוי ווי דאָרט ווערט גערעדט וועגן פרישע ענינים פון 1896, וואָלט מען געמעגט דרינגען, אַז אויך דער אויפרוף איז פון דעם יאָר, הגם קיין זיכערקייט איז עס נישט. אויב 1896, וואָלט די דאַטע תשרי תרנ״ו געווען אַ טעות אַנשטאָט תרנ״ז.

סתירהדיקע ידיעות גיבן אויך צוויי פּיאָנערן פון דער בונדישער באַ־וועגונג אין וואַרשע. אַן אַלטער באַקאַנטער (יצחק מרדכי פּסחזאָן) זאָגט: „די גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז דערשינען אין וואַרשע אין אָנפאַנג פון 1896" (דער אידישער אַרבייטער נומ. 10, 1900). דזשאַן מילל דאַקעגן שרייבט, אַז די ווילנער „זיינען געקומען קיין וואַרשע אין 1894 — 1895 ספּעציעל אָנצופירן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידישע אַרבעטער" (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", ז. 383).

אין באַריכט פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד צום קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל (פּאַריז, 1900) ווערט געזאָגט, אַז מיטן צוועק אָנצוהייבן אַ טעטיקייט זיינען די ווילנער געקומען קיין וואַרשע אין 1895. זיי האָבן געבילדעט אַ „וואַרשעווער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַראיין" (דער אידישער אַרבייטער נומ. 10, 1900). צי דאָס מיינט די לכתחילהדיקע גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָדער דעם שפּעטערדיקן יידישן אַרבעטער־פאַראיין אין וואַרשע, איז פון דעם נישט קלאָר.

אין דריטן באַנד היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ (די יידישע סאָציאַליס־טישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", ז' 750, ווילנע—פּאַריז 1939) ווערט געזאָגט, אַז בראש פון וואַרשעווער יידישן אַרבעטער־פאַראיין איז גע־שטאַנען יצחק פּסחזאָן, וועלכער איז אויך דער מחבר פון דעם אויפרוף, וואָס דער פאַראיין האָט אַרויסגעלאָזט צו די ימים־נוראים. אַזוי איז עס נישט געווען. אָנגעפירט מיטן יידישן אַרבעטער־פאַראיין האָבן די געקומענע ווילנער יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט דזשאַן (יוסף) מילל בראש און, ווי שוין דערמאָנט, איז מילל דער מחבר פון דעם אויפרוף צו די ימים־נוראים, ווי אויך פון אַנדערע אויפרופן, וואָס דער פאַראיין האָט אַרויסגעלאָזט.

יצחק מרדכי פסחזאָן איז געשטאַנען בראש פון אַ באַזונדערער גרופּע וואַרשעווער אַרבעטער, וואָס איז שפּעטער (בעת דער גרינדונג אָנהייב 1897) אַריין אין יידישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן. ווען די יידישע פּעפּעסאָווצעס האָבן נאָכן 1־טן מאַי פון זעלבן יאָר זיך אָפּגעשפּאָלטן, איז פּסחזאָנס גרופּע פּאַרבליבן ווייטער אין דער אָרגאַניזאַציע (דער נאָמען איז געענדערט געוואָרן אויף — יידישער אַרבעטער־בונד אין וואַרשע) צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון פריערדיקן יידישן אַרבעטער־פּאַריין.

•

## דער פּערטער דעלעגאַט (ז. 91)

ווער איז געווען דער פערטער דעלעגאַט פון די יידישע אַרבעטער אויפן 4־טן קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1896 אין לאָנדאָן? אין אַרכיוו פון פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט מען געפונען דריי מאַנדאַטן אויסגעשטעלט אויף די נעמען פון פּאַוועל אַקסעלראָד (וואַרשע), וויערא זאַסוליטש (סמאָרגאָן) און ראָזאַליע פּלעכאַנאָוו (מינסק). ווער האָט פאַרטראָטן די פערטע שטאָט — ווילנע?

אין זיין אַרטיקל וועגן די פאַרטרעטער פון די יידישע אַרבעטער אויף די ערשטע קאָנגרעסן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל דערציילט א. טשעריקאָווער וועגן די פריער דערמאָנטע דריי מאַנדאַטן און שטעלט בלויז פעסט: „דער פערטער מאַנדאַט, גראָד פון ווילנע, וואו ס'איז געווען די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע, פעלט אין אַרכיוו" (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, דריטער באַנד, ז. 793, ווילנע — פּאַריז 1939).

פראַנץ קורסקי זאָגט אַרויס אַזאַ השערה: „איך בין זיך משער, אַז פּלעכאַנאָוו אַליין האָט קיין מאַנדאַט ניט געדאַרפט, וואָרעם אים און לאַווראָווין האָט דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון קאָנגרעס פאַרבעטן; דעם מאַנדאַט פון ווילנע האָט שפּעטער געקאָנט באַקומען גיכער ווי אַלץ ר. קאַלצאָוו (גינזבורג), וואָס איז דעמאָלט געווען זייער נאָענט צו פּלעכאַנאָוון". (פראַנץ קורסקי: געזאַמלטע שריפטן, ז. 77, ניו־יאָרק 1952).

די רוסישע דעלעגאַציע האָט צוגעשטעלט אַ באַריכט (זיינע מחברים זיינען געווען ג. פּלעכאַנאָוו און א. פּאָטרעסאָוו) צום סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. אין אָרט, וואו עס רעדט זיך וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז פאַראַן אַזאַ באַמערקונג: „מיר ווייזן אָן אויף דעם, אַז אונזער חבר פּלעכאַנאָוו איז אויפן לאָנדאָנער קאָנגרעס, צווישן אַנדערן, דער פאָרשטייער פון טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון איינער פון די שטעט אין מערב־רוסלאַנד". (ציטירט פון דער בראַשור, וואָס דער פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט אַרויסגעגעבן). [6]).

אַנדערע שטעט — אַחוץ ווילנע, מינסק, סמאָרגאָן און וואַרשע זיינען פון מערב־רוסלאַנד נישט געווען פאַרטרעטן. דער פאַקט, וואָס די באַמער־קונג האָט אַ שייכות צום טעקסט וועגן דער „יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג", זאָגט אַוודאי עדות, אַז געאָרגי פּלעכאַנאָוו האָט געהאַט דעם מאַנדאַט פון ווילנע און פאַרטרעטן די יידישע אַרבעטער.

אין זשורנאַל דער אידישער אַרבייטער (נומ. 2 און 3, פעברואַר 1897) ווערט דער באַריכט וועגן לאָנדאָנער קאָנגרעס פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „אונזער גענאָסע געאָרגי פּלעכאַנאָוו איז אויף דעם קאָנגרעס געווען דער באַפולמעכטיקטער פאַרשטייער פון טויזנט אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד".

ס'קען מער נישט זיין קיין ספק וועגן דעם, אַז דעם מאַנדאַט פון ווילנע האָט באַקומען געאָרגי פּלעכאַנאָוו.

אויפן לאָנדאָנער קאָנגרעס (1896) זיינען צום ערשטן מאָל געווען פאַר־טרעטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד (אויף פריער־דיקע קאָנגרעסן זיינען געווען בלויז דעלעגאַטן פון די פּוילישע סאָציאַליסטן און די רוסישע האָבן געקאָנט ריידן בלויז אין זייער אייגענעם נאָמען אָדער אַלס פאַרשטייער פון זייערע צייטונגען). די רוסלענדישע דעלעגאַציע האָט דאָס מאָל פאַרטרעטן אָרגאַניזאַציעס אין 9 שטעט: פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, ניזשני־נאָווגאָראָד, איוואַנאָווא־וואָזנאָסענסק, ווילנע, וואַרשע, מינסק, סמאָרגאָן.

די גרופּע אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ האָט די מאַנדאַטן פון די פיר יידישע אָרגאַניזאַציעס אויסגעשריבן אויף די נעמען פון ג. פּלעכאַנאָוו (געהאַט אַ מאַנדאַט אויך פון פּעטערבורג), פּ. אַקסעלראָד, (אויך פון קיעוו, לויט דעם יידישן אַרבייטער נומ. 3־2 איז דער קיעווער מאַנדאַט אויך געווען פון יידישע אַרבעטער), וויערא זאַסוליטש (אויך פון מאָסקווע) און ראָזאַליע פּלעכאַנאָוו.

די קאָרעספּאָנדענץ פון אויסלאַנד מיט די רוסישע אָרגאַניזאַציעס וועגן צושיקן מאַנדאַטן איז געגאַנגען בעיקר דורך די יידישע טוער פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. די רוסלענדער דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון געאָרגי פּלעכאַנאָוו, פּאַוועל אַקסעלראָד, וויערא זאַסוליטש, ראָזאַליע פּלעכאַנאָוו, ב. גינזבורג (קאָלצאָוו), א. העלפאַנד (פּאַרוואוס), וו. בוכהאָלץ. נישט אָפּיציעל (צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים) האָבן צו דער דעלעגאַציע געהערט א. פּאָ־טרעסאָוו און פּ. סטרואווע, וואָס זיינען פון רוסלאַנד ספּעציעל געקומען צום קאָנגרעס (די אַנדערע זיינען געווען עמיגראַנטן אין אויסלאַנד).

•

## די דאַטע פון ערשטן צוזאַמענפאָר (ז. 114)

אין פאַרשידענע אויסגאַבעס ווערט די דאַטע פון גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון בונד אָנגעגעבן: 8, 9, 10 אָקטאָבער 1897. אין דעם איז פאַראַן אַן אומ־פּינקטלעכקייט. ס'דאַרף זיין: 7, 8, 9 אָקטאָבער 1897.

דער טעות איז אַנטשטאַנען אויף אַזאַ אופן: אין די ערשטע יאָרן האָט מען זיך באַנוצט מיטן רוסישן קאַלענדאַר. לויט אים זיינען די דריי טעג פון צוזאַמענפאָר געווען 25, 26, 27 סעפטעמבער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אויפגעהערט צו באַנוצן זיך מיט דער רוסישער דאַטע און באַנוצט די דאַטע לויטן קאַלענדאַר פון נייעם סטיל. דערביי האָט מען צו־געגעבן דעם אונטערשיד פון 13 טעג. דאָ איז געמאַכט געוואָרן דער טעות: אין 20־טן יאָרהונדערט איז טאַקע דער אונטערשיד 13 טעג, אָבער אין 19־טן איז דער חילוק געווען 12 טעג.

דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דאָנערשטאָג, פרייטאָג און שבת צווישן יום־כפור און סוכות.

•

## די דעלעגאַטן אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר (ז. 113)

דעם צוזאַמענשטעל פון די דעלעגאַטן אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון בונד האָבן מיר געגעבן לויט רשימות פון דזשאָן מילל און פראַנץ קורסקי (זאַמלבוך אַרקאַדי, ניו־יאָרק 1942). ס'איז געמאַכט געוואָרן בלויז אַ קליינע ענדערונג. קורסקי גיט אָן, אַז פון וויטעבסק איז געווען דער דעלעגאַט נח אַבראַמאָוו, בעת ס'איז געווען אידל אַבראַמאָוו. דאָס האָט אונז דערקלערט אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן), וועלכער האָט אַבראַמאָוון גוט געקענט און מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט אין וויטעבסק. אויך אַבראַם גינזבורג (נאָר־מאָוו) זאָגט אין זיינע זכרונות, אַז אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר איז געווען אידל אַבראַמאָוו [7]. אויך דוד קאַץ (טאַראַס) באַשטעטיקט דאָס זעלבע [8].

אַרקאַדי קרעמער גיט אויך אָן די נעמען פון צביה הורוויטש (וואַרשע), ליזע — אַלטער דעם בערשטערס וויב (פון קאָוונע), וואָלף אַלעקסאַנדריסקי (בערשטער). ס'איז אָנגענומען, אַז אַרקאַדי קרעמער האָט דאָ געהאַט אַ טעות (ער אַליין איז נישט געווען זיכער אין זיין זכרון).

אַ צאָל שטעט, וואו ס'זיינען שוין געווען אָרגאַניזאַציעס, האָבן נישט געהאַט קיין דעלעגאַטן אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר. וועגן דעם זאָגט דזשאָן מילל: „נאָך עטלעכע שטעט האָבן געוואָלט זיין פאָרטרעטן און האָבן געהאַט אַ רעכט צו זיין פאָרטרעטן ביי דעם צוזאַמענפאָר. דאָס זיינען געווען: בריסק, גראָדנע, דענעבאָרג (דווינסק), סמאָרגאָן און נאָך עטלעכע שטעט אין ווייטערע געגנטן. שווערע פּאָליציייאישע באַדינגונגען האָבן אָבער געבראַכט דערצו, אַז די דאָזיקע שטעט זאָלן נישט קענען האָבן קיין פאָרשטייער אויף דעם גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון 'בונד'" (זאַמלבוך אַרקאַדי, ז. 163).

•

## וועגן דער ערשטער קאָנפערענץ (ז. 140)

אין בונד זיינען געווען צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. די ערשטע זיינען געווען די העכסטע אינסטאַנץ. זיי האָבן אָנגענומען באַשלוסן וועגן

די וויכטיקסטע פרינציפּיעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, האָבן באַשטימט די טאַקטיק און אויסגעוויילט דעם צענטראַל־קאָמיטעט. די דעלעגאַטן זיינען געווען דירעקטע שלוחים פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. אַנדערש די קאָנפערענצן. זיי האָבן געהאַט אַ באַראַטנדיקן כאַראַקטער. דער צ. ק. האָט זיך נישט געמוזט רעכענען מיט זייערע וואונטשן און באַשלוסן. דער צ. ק. פלעגט געוויינלעך איינלאַדן אַ צאָל טוער פון די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציעס, כדי זיך מיט זיי צו באַראַטן וועגן געוויסע פּראָבלעמען אָדער פּלענער פון טעטיקייט. דאָך האָבן די קאָנפערענצן געהאַט אַ באַדייטונג פאַר דער אַנט־וויקלונג פון דער באַוועגונג.

ס׳איז נישט באַקאַנט, ווען און וואו ס׳איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנ־פערענץ.

אין לוח פון דער בונדישער באַוועגונג, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט צום 10־יאָריקן יובילײ, ווערן דערמאָנט די קאָנפערענצן, אָבער ס׳פעלט די ערשטע. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז די צווייטע קאָנפערענץ פון בונד איז פאָרגעקומען אַפּריל 1899 אין דווינסק [9]. וועגן דער קאָנפערענץ אין דווינסק האָט דערציילט איר אָרגאַניזאַטאָר — דוד קאַץ (טאַראַס), אַז זי איז גערופן געוואָרן אין חודש יאַנואַר. ער רעכנט אויס פאָלגנדיקע אָנטיילנעמער: דוד קאַץ, צביה הורוויטש, סענדער זעלדאָוו (ניעמאַנסקי) — דער דעמאָלטיקער צ. ק.; טאַטיאַנאַ אַשמיאַנסקי (זעלדאָוו), אַלבערט זאַלקינד פון מינסק, מאַריע זשאַלודסקי פון וואַרשע [10]. (די וויטערע קאָנפערענצן זיינען געווען צאָל־רייכער).

די דריטע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 9־28 אַפּריל 1900 אין וואַרשע. נאָך דעם ווי זעלדאָוו האָט זיך באַזעצט אין פּעטערבורג, איז פאַקטיש געבליבן אין צ. ק. בלויז דוד קאַץ. ער האָט צוקאָאָפּטירט נחן (יקותיאל פּאָרטנױ), וועלכער איז נאָר־וואָס געהאַט אַנטלאָפן פון סיבירער פאַרשיקונג. די וואַרשעווער קאָנפערענץ האָט די קאָאָפּטאַציע באַשטעטיקט. שפּעטער, אין זעלבן יאָר, האָבן די צוויי מיטגלידער פון צ. ק. צוקאָאָפּטירט אַ דריטן — דר. פּ. ראָזענטאַל (אַנמאַן).

די פערטע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 28 מאַי 1901 אין ביאַ־ליסטאָק (מיט אַ טייל דעלעגאַטן פון פערטן צוזאַמענפאָר).

די 5־טע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1902 אין בערדי־טשעוו. איר באַשלוס וועגן אָרגאַניזירטער נקמה האָט אַרויסגערופן הייסע וויכוחים אין דער באַוועגונג.

ביז 1905 זיינען מער קיין קאָנפערענצן נישט פאָרגעקומען.

י. ש. ה.

# מקורים


1) פּ. קורסקי: די זשענעווער „גרופּע סאָציאַליסטן-יידן" און איר אויפרוף (די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פון „בונד", ז. 558, ווילנע-פּאַריז 1939).

2) Собраніе политическихъ сочиненій М. П. Драгоманова, стр. 320, Paris 1906.

3) די ערשטע שפּראַצונגען (אַרבעטער-לוח, זז. 6 — 65, וואַרשע 1922).

4) דזשאָן מילל: פּיאָנערן און בויער, ערשטער באַנד, ז. 98, ניו-יאָרק 1946.

5) Из Архива П. Б. Аксельрода, стр. 241, Берлин 1924.

6) Докладъ представленный делегаціей русск. соціальдемократовъ международному рабочему соціалистическому конгрессу въ Лондонѣ въ 1896 году, Женева 1896.

7) Революционное движение среди евреев, стр. 105 Москва 1930.

8) דאָרט ז. 139.

9) די האָפנונג נומ. 14, 25 סעפּטעמבער (8 אָקטאָבער) 1907, ווילנע.

10) Революционное движение среди евреев, стр. 173, Москва 1930.

# זוכצעטל

## 1. נעמען פון מענטשן

### א.



### ב.

## כ.



## ל.



## מ.

### ר.



### ש.



## 2. נעמען פון שטעט

### א.

# קאָמיטעט אַרויסצוגעבן די געשיכטע פון בונד

פּרעזידיום:

ח. ש. קאַזדאַן, פּאָרזיצער
ב. טאַבאַטשינסקי, קאַסירער
דוד מייער, סעקרעטאַר

אויספיר-ביוראָ:

ל. אָלער
גריגאָרי אַראָנסאָן
י. ש. הערץ
נ. כאַנין
ע. נאָוואָגרודסקי
פּ. שוואַרץ
דר. ע. שערער

קאָמיטעט-מיטגלידער:

פּ. אָלבערג, שטאָקהאָלם
מ. אַלעקסאַנדראָוויטש
י. אַרטוסקי, תל אביב
ש. מ. אַשרי, לאָס אַנדזשעלעס
ד. בלאַנד
מ. בערנשטיין, בוענאָס איירעס
א. גאָלדבערג
ב. גאָלדשטיין
י. גוטגאָלד
דר. פּ. גוטמאַן, מעקסיקע
ל. האָניגוויל
י. ב. האַרדמאַן-סאַלוצקי
י. האָרן, בוענאָס איירעס
ה. הימעלפאַרב
י. וואַקס, מעלבורן
ז. וואוילאַנד
א. ל. זעלמאַנאָוויטש
י. י. טרונק
ש. יעזשאָר, מעקסיקע
י. ישורין
י. כאַרלאַש
י. כהן, מעלבורן
דר. י. ליפשיץ
י. ליפשיץ, יאָהאַנעסבורג
י. לעווין-שאַצקעס
א. לערמער, מאָנטרעאַל
ט. מייזעל, מעקסיקע
מ. מענדעלסאָן
ל. נעלסאָן
א. סטאָלאַר
ל. עפּשטיין
א. ערליך
ס. ערליך
מ. ל. פּאָלין, שיקאַגאָ
י. פּאַט
ע. פּאַט
ב. צאַלעוויטש, תל אביב
ל. צוקערמאַן, מאָנטעווידעאָ
ר. צוקערמאַן
ב. צעכאַנאָווסקי, בריסל
דר. י. קיסמאַן
מ. קליגסבערג
א. קעניג, מאָנטעווידעאָ
ע. ראַבקין
ב. ראזנער, לאָנדאָן
מ. ראָזענבוים
נ. שאַפּראַן
ש. שוועבער
ל. שטערן
ב. שעפּנער

בערנאַרד גאָלדשטיין — 20 יאָר אין וואַרשעווער „בונד", 344 זייטן
טעקסט, 9 זייטן בילדער — — — — — — — — — — 4.00

די יידן אין פוילן (א. מענעס, דר. ר. מאַהלער, דר. יעקב שאַצקי,
ו. שולמאַן) 920 שפּאַלטן פון גרויסן פאָרמאַט— 5.00

אין די יאָרן פון יידישן חורבן — די שטים פון אונטערערדישן
בונד, 342 זייטן טעקסט, 6 זייטן בילדער — — — — 3.00

אַרקאַדי — 436 זייטן טעקסט, 11 זייטן בילדער — — — — — 2.00

וולאַדימיר מעדעם — 367 זייטן טעקסט, 6 זייטן בילדער — — — 2.00

שלמה מענדעלסאָן — 492 זייטן טעקסט, 5 זייטן בילדער — 3.50

ערליך־אַלטער־בוך — 472 זייטן טעקסט, 16 זייטן בילדער — 4.00

מרים ראַסקין — זלאַטקע, 336 זייטן — — — — — — — — 3.00

דורות בונדיסטן — ערשטער באַנד 480 זייטן טעקסט, 79 בילדער;
צווייטער באַנד 528 זייטן טעקסט, 177 בילדער — צוזאַמען—10.00

כמורנער־בוך — 232 זייטן טעקסט, 8 זייטן בילדער — — — 3.00

דער „בונד" אין בילדער — 192 זייטן, 500 בילדער, טעקסט —
יידיש און ענגליש — — — — — — — — — — — — 5.00

אַבראַם דער טאַטע (לייב בלעכמאַן) — בלעטער פון מיין יוגנט,
297 זייטן טעקסט, 8 זייטן בילדער — — — — — — — 3.00

◆

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן

**FARLAG UNSER TSAIT**
25 East 78th Street
New York 21, N. Y.